# אינהאַלט-פאַרצייכעניש:

זײַט

ווי מיין ערשט בוך „אין חלום און אויף דער וואָר", געדרוקט אין ניו־יאָרק אין 1944, איז אויך דאָס דאָזיקע בוך אַ פּובליציסטישע אַרבעט, וואָס האָט נישט קיין פּרעטענזיע צו זיין וויסנשאַפטלעך. איך ווייס זער וואויל, אַז מיין באַלייכטונג פון געוויסע געשיכטלעכע פאַקטן און מיין אויסלייגעכץ פון עלטערע יידישע פילאָסאָפישע און מאָראַליש־רעליגיעזע שיטות קאָנען אָפּגעפרעגט ווערן. אפילו בעת עס האַנדלט זיך וועגן געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען פון אונדזער אייגענער צייט און וועגן טענדענצן פונעם מאָדערנעם לעבן, וועלן מענטשן פון פאַרשידענע אָנזיכטן זיי אויך פאַרשידן אויסטייטשן. מכל שכן איז דאָס אומפאַרמיידלעך בעת עס רעדט זיך פון פאַרגאַנגענע עפּאָכעס, וואָס וועגן זיי האָבן מיר נישט קיין דירעקטע איינדרוקן און אויך נישט אַזויפיל מאַטעריאַל ווי פאַר דער קעגנוואַרט. דער אַמאָל, ווי דער היינט פון אַ כלל איז נישט אויסגעגאָסן פון איין גוס און איטלעכע עפּאָכע איז פול הן מיט פאַסירונגען, הן מיט געדאַנקען, וואָס ווייזן זיך אונדז אויס דיסהאַרמאָניש, סתירהדיק, וואָס פאַר אַ פאַקטן און טענדענצן דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי כאַראַקטעריסטיש פאַר אָדער הערשנדיק אין אַ געגעבענעם צייט-אָפּשניט, וועט קיין שום אָביעקטיווע געשיכטע-פאָרשונג, אויב מען זאָל בכלל אָננעמען, אַז אַזאַ עקסיסטירט, נישט קאָנען באַשטימען מיט פולער זיכערקייט.

איך האָב זיך בפירוש נישט פאַרמאָסטן צו פאָרשן די געשיכטלעכע רעאַליטעטן פאַר זיך, נאָר צווישן זיי אויסגעקליבן און אַרויסגענומען די דערשיינונגען און גייסטיקע שטרעמונגען, וואָס זענען לויט מיין מיינונג מסוגל צו באַפרוכפּערן דעם יידישן געדאַנק פון אונדזער היינטיקער צייט, דער צייט פון גרויסן יידישן בראָך און פון טיפן יידישקייט־קריזיס. דאָס באַציט זיך פונקט אַזוי צו דער פראַגע פון טעאָקראַטיע און דעמאָקראַטיע פונעם אַמאָליקן יידישן לעבן, צו דער קעגנזייטיקער ווירקונג פון יידישן פּאַטריאָטיזם און פרומקייט, פון קאַמף צווישן קנאים און פשרהניקעס, ראַציאָנאַליזם און גלויבן, ווי צו דער מחלוקת צווישן פּרושים און צדוקים אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט און צום געראַנגל צווישן טראַדיציע און השכלה, חסידות און אויפקלערונג אין דער נייער יידישער געשיכטע.

די פּובליציסטישע כוונה פון בוך האָט באַרעכטיקט, אגב, אין מיינע אויגן דאָס וואָס איך האָב אין אַ רייע פאַלן זיך נישט באַנוצט מיט די ערשטע מקורות, אָפטמאָל — מיט איבערזעצונגען אָנשטאָט דעם אָריגינאַל, צי מחמת די ערשטע קוואַלן זענען מיר נישט צוטריטלעך, צי דערפאַר, וואָס אין מאָנטעווידעאָ, וואו דאָס בוך איז געשריבן געוואָרן, איז נישט מעגלעך געווען זיי צו קריגן. איך האָב נאָר, ווי ווייט מעג-

לעד, זיך פאַרלאָזט אויף צווייטע קוואַלן, נאָר ווען די אויטאָריטעט פונעם מחבר און די קוואַליטעט פונעם ווערק האָבן מיר געגעבן אַ געוויסע גאַראַנטיע פון ערלעכקייט און געלערנטקייט.

דאָס בוך באַשטייט פון עסייען און אַרטיקלען, געשריבן אין משך פון פיר יאָר. פונדעסטוועגן גלויב איך, אַז די בוך-פאָרם פאַרבינדט די דאָזיקע איינצלנע אַרבעטן נישט בלויז אויסערלעך, נאָר אַז זיי זענען דורכגעפלאָכטן מיט געוויסע צענטראַלע אידעען. איינצלנע קאַפּיטלען פונעם בוך זענען שוין פריער געדרוקט געווען אין ייִדישע צייטשריפטן, צווישן אַנדערע — אין „שריפטן", „ייִדישע צייטונג" (בוענאָס-איירעס), „די ייִדישע וועלט" (מעקסיקע), „ייִדישער קעמפער", „די צוקונפט", „בצרון" און „דזשואיש פראָנטיער" (ניו-יאָרק).

עס איז פאַר מיר אַן אָנגענעמער חוב צו דערמאָנען און באַדאַנקען צוויי גרויסע ייִדן, פון וועמען איך האָב אַ סך געלערנט און געשעפּט פון זייערע ווערק מיט פולע הויפנס. דאָס איז ר' חיים טשערנאָוויץ (רב צעיר), וואָס זיינע מאָנומענטאַלע ווערק האָבן פאַר מיר קלאָר געמאַכט די פאַרשלענגלטע וועגן פון דער עוואָלוציע פונעם ייִדישן לעבנס-געזעץ און אַנטפּלעקט פאַר מיר דעם מאור שבתורה און אירע רייכע אוצרות, און ד"ר יעקב קלאַצקין, וועמענס שריפטן האָבן מיר געעפנט די אויגן אויף דעם חושך און גייסטיקן דלות פונעם מאָדערנעם ייִדן און אויף דער טראַגיק פונעם „טאָפּלטן גלות" פון דער נאָך-עמאַנציפּאַציע-עפּאָכע. מיין רבין און יוגנט-פריינד יעקב קלאַצקין קומט נאָך אַ באַזונדער דאַנק פאַר דער גרויסער טירחה, וואָס ער האָט זיך גענומען דורכצוקוקן דעם כתב-יד און פאַר די גוטע עצות און אָנווייזונגען, וואָס ער האָט מיר געגעבן. פאַרשטייט זיך אָבער אַליין, אַז ער טראָגט נישט קיין שום אַחריות נישט פאַרן אינהאַלט, נישט פאַר דער פאָרם פונעם בוך.

און איצט אַ וואָרט פּראָ דאָמאָ.

אַז אַ ייִד שטעלט זיך פאַרן באַלעמער זאָגן, אָדער איז אַ שרייבער ביי ייִדן, איז יעדער צוהערער אָדער לייענער באַרעכטיקט און מחויב אים צו פרעגן: ביסטו בלויז אַ נאה דורש אָדער אויך אַ נאה מקיים? און אַז אַ ייִד, ווי אני הקטן, שרייבט אַן אַ גאַנץ בוך מיט דער כוונה צו מאַכן אַ רעוויזיע אינעם געדאַנקען-גאַנג פון דער הייַנטיקער, אַזוי גערופענער וועלטלעכער ייִדישער אינטעליגענץ, איז ער שולדיק אַן אויפקלערונג דעם לייענער, צי האָט ער אַליין חרטה און תשובה געטון. ווייס איך וואויל, אַז אַ נעגאַטיווער ענטפער אויף דער שאלה, און זאָל זיין אפילו בלויז אַ טיילווייז-נעגאַטיווער, מוז אָפּשוואַכן די ווירקונג פון די אַרגומענטן און ראיות וואָס ווערן אין בוך געבראַכט. מיין איך אָבער, אַז

עס איז אַ סך גלייכער זיי אָפּשוואַכן, איידער זיי צו פאַרשוועכן, מחלל צו זיין דורך אַ צביעותדיקן שווייגן.

ווען אַ בעל־תשובה איז, מיינע ליבע פריינד, גאָר נישט קיין קליינער און לייכטער ענין, בפרט איז גאָר נישט אַזוי גרינג תשובה צו טון פאַר אַ ייִדן אין די עלטערע יאָרן און זיך אָפּזאָגן פון גויאישע רגילותן, וואָס מאַכן דאָס לעבן לייכטער און באַקוועמער און האָבן זיך פאַרוואָרצלט אין אַ משך פון אַ גאַנצן מענטשן־לעבן. נאָר רעוואָלוציאָנערע נאַטורן זענען פעאיק דורכצומאַכן דעם שווערן וועג פון אמתער און פולער תשובה. און קומען קומט זי צו זיי מיטאַמאָל. אַ נייער גייסט נידערט פלוצעם אַראָפּ אויף דעם מענטשן, אַ נייע זעל דערשפּירט ער אין זיך און ער פילט זיך ווי ניי־געבוירן. אָבער מיט די תשובה־געדאַנקען פונעם דאָזיקן בוך טראָג איך מיך שוין אַרום היפּשע יאָרן. און דערפאַר טאַקע שטעלן זיי מיט זיך פאָר מער אַן אינטעלעקטועלן פּראָצעס, ווי אַ נשמהדיקע איבער־קערעניש, הגם איך מוז זאָגן, אַז אָן שום ווירקונג אויף מיין לעבנס־שטייגער זענען זיי נישט געבליבן און אַז דאָס טראַכטן אַליין און דאָס אויסלייגן פון די טראַכטענישן אויפן פּאַפּיר, זענען פאַר מיר געווען אַ פערזענלעכע איבערלעבעניש, משמעות אָבער נישט קיין גענוג טיפע, נישט קיין גענוג ווייטיקדיקע, ווי דאָס איז נויטיק פאַר אַן אמתן און אבסאָלוטן אָפּזאָג פון אַ לאַנגער לעבנס־פאַרגאַנגענהייט.

פאַרדינט בכן דאָס בוך נישט דעם געהויבענעם נאָמען פון אַ תשובה־בוך, איז עס אָבער יאָ אַ פּרוּוו פון אַ חשבון־הנפש, אַ מין אינווענטאַר פונעם גייסטיקן האָב און גוטס פונעם אַמאָליקן ייִדישן מענטשן און פון דער אַנדערער זייט, פון די חורבות, וואָס פרעמדע מילדע ווינטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן אין אונדזער מחנה סוף אַכצנטן יאָרהונדערט און וואָס שפּעטער איז פון זיי געוואָרן אַ שטורעם־ווינט, האָבן אָנגעמאַכט אין אונדזער אַמאָל אַזוי פעסטער עדה און צעטרייסלט און צעפליקט די אַמאָל אַזוי גאַנצע, אַזוי האַרמאָנישע ייִדישע נשמה. קאָן געמאָלט זיין, אַז דער דאָזיקער חשבון הנפש זאָל ווערן פאַר אַנדערע ייִדן, זינדיקע ווי איך, אָבער מיט שוואַכערע ראַציאָנאַליסטישע נטיות און מיט שטאַרקערע עמאָציאָנעלע, אַ סטימול צו תשובה. רבנו בחיי, וואָס האָט גאַנץ גוט געוואוסט און געלערנט, אַז מויל־חרטה אָן מעשים איז קיין תשובה נישט, האָט פונדעסטוועגן אין זיין חובות הלבבות געזאָגט, אַז אַ חשבון מיטן אייגענעם געוויסן איז אַ פאַרשטופּע צו תשובה און קאָן, הייסט עס, ווערן אַ פּרוזדור צו איר. אויב דאָס זאָל זיין אַזוי, און הלוואי זאָל עס אַזוי זיין, וואָלט דאָס שוין געווען אַ שטיקל טרייסט פאַר מיר און אַ באַלוינונג פאַר מיין פּיליאַריקער אַרבעט.

פּאַריז, תמוז התש״ז. — י. עפּרויקין.

## פון וואַנען נעמען זיך ביי אונדז אַזוי פיל „פריידענקער"

אז עס האַלט ביי אונדז שוואַך מיט יידישקייט, איז קיינער נישט מחולק. די מיינונגען צעטיילן זיך ערשט, ווען מען קומט אָפּשאַצן די דאָזיקע דערשיינונג. די פרומע יידן, און יענע פון די היינט־וועלטיקע, וואָס הגם זיי אַליין זענען נישט פרום, פילן זיי אָבער, אַז די ירידה פון יידישקייט איז אַ גרויסער מאָראַלישער און נאַציאָנאַלער שאָדן, ווערן טרויעריק צוליב דעם. פאַרקערט אָבער, יידישע ראַדיקאַלן, איז לא די, וואָס זיי זעען נישט קיין אומגליק דערין, באַטראַכטן זיי גאָר דאָס פאַלן פון יידישן גלויבן און פון יידישער טראַדיציע ווי אַ פּראָגרעס. באשר בכן, דאָס איז אַ סימן, אַז ביי יידן, ווי ביי אַנדערע פעלקער, פאַרשווינדן „די נאַרישע איינרעדעניש" און דער „רעליגיעזער פאַנאַטיזם". יידן, הייסט עס, ווערן אַלץ מער געבילדעט און אויפגעקלערט.

לאָמיר קודם־כל זען, צי איז עס טאַקע אמת, אַז דאָס שטייגן פון דער צאָל נישט־גלויביקע יידן איז נישט מער ווי אַ רעזולטאַט פון אַן אַלגעמיינעם פּראָצעס, וואָס קומט פאָר ביי אַלע פעלקער, אַ פּועל־יוצא דערפון, וואָס יידן האָבן, צוזאַמען מיט דער עמאַנציפּאַציע, באַקומען אַ צוטריט צו אַלגעמיינער בילדונג און וואָס אונטער איר השפּעה באַפרייען זיי זיך אַלץ מער פון דער אמונה פון זייערע אבות.

איטלעכער פון אונדז האָט פון אייגענער דערפאַרונג געקענט קאָנסטאַטירן, אַז די צאָל נישט־גלויביקע, נישט־פרומע איז ביי אונדז לערך אַ סך גרעסער, ווי ביי די אַרומיקע פעלקער. דאָס דאָזיקע עדות־זאָגן פונעם אויג ווערט פולקאָם באַשטעטיקט דורך דאַטן און ציפערן בנוגע צו די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו דער ענין איז מער וויניקער אויסגעפאָרשט געוואָרן.

לויט די אויסרעכענונגען פון ווילליארד ל. שפּערר (ציטירט ביי ס. פעליקס מענדעלסאָן אין „קאָנגרעס וויקלי" פון 9טן סעפּטעמבער 1945), באַווייזן די פּראָבע־אַנקעטעס, דורכגעפירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַז ניינציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג גלויבן אין גאָט און אַז לערך אַ העלפט מאַניפעסטירן אַקטיוו זייער גלויבן דורך צוגעהעריקייט צו דער אָדער יענער קירך. קעגן דער שטאַרק פאַרשפּרייטער מיינונג, אַז גלויבן בכלל געפינט זיך אין אַ פּראָצעס פון אַ שטענ־

דיקער און אַן-הפסקהדיקער ירידה, ווען די ציפערן, וואָס באַציִען זיך צו די יאָרן 1926-1943. אין משך פון דעם דאָזיקן פעריאָד איז די מיטגלידערשאַפט פון די קירכעס געשטיגן כמעט אויף דריי און דרייסיק פּראָצענט, בעת דער וואוקס פון דער באַפעלקערונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז פאַר דעם באַטרעפנדיקן פעריאָד געווען גלייך צו זיבעצן פּראָצענט. און אַז דאָס איז נישט קיין צופאַל, ווייזט אַ בפירושע טענדענץ פון וואוקס, באַווייזן די דאַטעס פאַר פריערדיקע פעריאָדן. אין 1850 האָבן נאָר פופצן פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן געהערט צו די קירכעס און אין 1910 — דריי און פערציק פּראָצענט. באַמערקט מיט רעכט ד״ר ליטטעל, ציטירנדיק די דאָזיקע ציפערן, אַז אַזאַ מאַסן-צושטראָם צו דער קירך, ווי מיר זען אין אַמעריקע אין משך פון די לעצטע הונדערט יאָר, האָט גאָר ווייניק גלייכענישן אין דער געשיכטע (1).

נעמען מיר אָבער די אַמעריקאַנער יידן באַזונדער, שטעלט זיך אַרויס אַז די מיטגלידערשאַפט פון די „קאָנגרעגיישאָנס" איז אַ סך קלענער ווי ביי דער באַפעלקערונג בכלל. מען דאַרף רעכענען, אַז נישט מער ווי פינף און צוואַנציק פּראָצענט פון די אַמעריקאַנער יידן געהערן צו אַ וועלכער עס איז נישט שול (1a). נאָך שוואַרצער זעט אויס דאָס בילד, ווען מען פאַרגלייכט די אָפטקייט פון גיין אין שול און, להבדיל, אין קירך. לויט אַ שטודיע, געמאַכט פונעם פּאַרש-צענטער ביי דער דענווערער אוניווערסיטעט, שטעלט זיך אַרויס, אַז פיר און זעכציק פּראָצענט אַמעריקאַנער באַזוכן אַ געבעט-הויז נישט ווייניקער ווי איינמאָל אַ חודש, צוויי און פערציק פּראָצענט — איינמאָל אַ וואָך. ביי די קאַטאָליקן איז דער באַזוך אַ גרעסערער: איין און אַכציק און פיר און זעכציק פּראָצענט רעספּעקטיוו. די קלענסטע ציפער געפינען מיר ביי יידן: פיר און צוואַנציק פּראָצענט גייען אין שול אַריין איינמאָל אין חודש און ס״ה ניין פּראָצענט איינמאָל אין וואָך. (לויט דער סטאַטיסטיק געבראַכט פון ד״ר ליטטעל).

אין אַ סעריע מאָנאָגראַפיעס וועגן אַ טיפּישער נאָרד-אַמעריקאַנישער שטאָט, אָנגערופן פון די פאָרשער מיטן סתם-נאָמען „יאַנקי סיטי", געפינען מיר וועגן דעם פּראָבלעם פון גלויבן און נישט-גלויבן צווישן יידן און קריסטן פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע אינפאָרמאַציעס, וואָס זאָגן קלאָר עדות, אַז וואָס-וואָס, נאָר אַז נישט וויסן און אינטעליגענץ זענען די סיבה פונעם פאַלן פון גלויבן ביי יידן. קודם-כל ווערט קלאָר, אַז די אָפּגעפרעמדקייט פון רעליגיע איז ביי יידן גרעסער ווי ביי אַלע איבעריקע

אימיגראַנטן־גרופּן. דער פּראָצענט פון מיטגלידער פון דער אָרטיקער „קאָנגרעגיישאָן" איז פינף און צוואַנציק, דאָס הייסט, לערך דער דורכשניט־פּראָצענט פאַר יידן בכלל אין די פאַראייניקטע שטאַטן. שבת גייען אין שול נאָר פופצן פּראָצענט אָרטיקע יידישע תושבים. די איבעריקע, אויב זיי שמעקן אַמאָל אַריין אין שול, איז דאָס נאָר אויף ימים־נוראים. באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז די דערשיינונג, פעסטגעשטעלט פון די פאָרשער, אַז די מאָס פון נישט־פרומקייט ביי די יידן אין „יאַנקי סיטי" געפינט זיך, בכל־אופן ווי ווייט עס איז נוגע די ערשטע צוויי דורות איינגעוואַנדערטע יידן, אין אַ דירעקטער פּראָפּאָרץ צו זייער אָדער זייערע עלטערנס אַלט־איינגעזעסנקייט אין לאַנד. און היות ווי אַלט־איינגעזעסנקייט, ווי עס שטעלן פעסט די פאָרשער, מיינט בדרך כלל אויך אַ העכערן מאַטעריעלן מצב, קומט במילא אויס, אַז וואָס העכער עס איז דער „סטענדיג" פון אַ פאַמיליע, אַלץ ווייניקער יידישקייט וועט איר דאָרט געפינען. אַזוי למשל, געפינט מען צווישן יידן איינגעוואַנדערט איבעם עלטער ביז אַכצן יאָר ווייניקער פרומקייט ווי ביי די, וואָס זענען אַריינגעקומען אין לאַנד דערוואַקסענע, דאָס הייסט פון אַכצן יאָר אָן און ווייטער, צווישן דעם צווייטן דור געבוירענע אין די פאַראייניקטע שטאַטן — ווייניקער ווי צווישן דעם ערשטן. די דאָזיקע אָפּהענגיקייט פון פרומקייט און פון דער איינוואַנדערונגס־צייט איז אַ ספּעציפיש־יידישע דערשיינונג, וואָס אָדער מען באַמערקט זי גאָרנישט ביי אַנדערע עמיגראַנטן־גרופּן אָדער, אויב שוין יאָ — אין אַ נישט פאַרגלייכלעך קלענערער מאָס (2).

היות ווי איך שטעל מיר נישט פאָר, אַז אימיצער, און בפרט פון אונדזער ראַדיקאַלן לאַגער, זאָל האַלטן, אַז אמתע קולטור קען איינשטייקן נאָר ביי אַלט־איינגעזעסענע אַמעריקאַנער און נאָר ביי גבירים, גלויב איך, אַז די געבראַכטע פאַקטן און ציפערן באַווייזן בכל־אופן, אַז נישט אין בילדונג און וויסן ליגט די איינציקע און אפילו נישט די הויפּט־סיבה פונעם פאַלן פון פרומקייט ביי יידן. עס בעט זיך אויך פון זיך אַליין דער צווייטער אויספיר: די דאָזיקע ירידה איז נישט קיין רעזולטאַט פון אַן אַלגעמיינעם פּראָצעס פון אָפּשוואַכונג פון גלויבן צווישן אַלע פעלקער. איז עס טאַקע אַ סימן מובהק, אַז ביי אונדז ווירקן אָדער גאָר אַנדערע סיבות אָדער אַזוינע הוספה־דערשיינונגען, וואָס זענען ביי אַנדערע נישט פאַראַן.

און אַצינד לאָמיר אַ קוק טון צי איז בכלל ריכטיק די מיינונג, וואָס איז ביי אונדז אַזוי פאַרשפּרייט, אַז וויסן גראָבט אונטער גלויבן. צו דער עצם־פראַגע וועגן דעם קאָנפליקט צווישן וויסן און גלויבן וועלן מיר זיך נאָך אומקערן אין אַן אַנדער אָרט. דערווייל אָבער און פאַר אונדזער

פובליציסטישער טעמע, וואָס האָט מער צו טון מיט סאָציאַלער פסיכאָלאָגיע ווי מיט פילאָזאָפיע, וועט געננג זיין אָנצואווייזן אויף אייניקע אויבנאויפיקע פאַקטן און דערשיינונגען, וואָס וואַרפן זיך איטלעכן פון אונדז אין די אויגן. זען, זעען מיר, אַז ביי די אומות-העולם איז דאָס פאַרלאָזן די פראַקטיק פון קריסטלעכן גלויבן און דאָס אָפּזאָגן זיך פון גלויבן גופא, וואָס ביי זיי איז עס נישט תמיד דאָס אייגענע, דווקא נישט אַזוי צו מערקן גראָד צווישן מענטשן פון אַ ברייטן און טיפן וויסן, ווי צווישן די האַלבגעבילדעטע בורזשואַזע שיכטן און דער אינטעליגענץ וואָס פירט אַ לעבן גלייך מיט זיי אָדער שטרעבט מיט זיי זיך אויסצוגלייכן. מען הערט ביי אונדז אָפט, אַז גלויבן אין בורא־עולם, אין השארת־הנפש, אין יענער וועלט, בכלל אין אויסער און איבערנאַטירלעכע כוחות, קען נישט הויזן מיט דער נאַטור־קענטעניש. טאַקע דערום זאָגט מען, האָט דער קריזיס פון גלויבן געמוזט בולט זיך אַרויסווייזן אין זיבצנטן יאָרהונדערט, דעם „נאַטור־וויסנשאַפטלעכן יאָרהונדערט" און ער מוז פאַרשאַרפט ווערן, וואָס רייכער און ברייטער עס ווערט אונדזער וויסן פון דער נאַטור, פון אירע געזעצן און איר געזעצמעסיקייט.

וואָס וועט איר אָבער זאָגן דערצו, אַז גראָד צווישן די גרויסע נאַטור־וויסנשאַפטלער פון זיבצנטן און שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער, טרעפן מיר אַ גאָר היפּשע צאָל גלויביקע קריסטן. אָט, למשל, האָט פרענסיס בעקאָן, פאַר וועמען „די נאַטור־וויסנשאַפט איז די מוטער פון אַלע וויסנשאַפטן", גלייכצייטיק געגלויבט, אַז גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט דורך יעזוס קריסטוסן. טאַקע אים געהערט דער באַרימטער שפּרוך, אַז ווער עס שמעקט נאָר עפּעס אָפּ פונעם געטראַנק פון וויסנשאַפט, קען ווערן אַן אַטעאיסט, בעת דאָס פאַרטיפן זיך אין וויסנשאַפטן פירט צוריק צום גלויבן. אָבער וואָס דאַרפט איר נאָך מער: דווקא ניוטאָן, וואָס גראָד צום גרויסן טייל צוליב זיינע פאָרשונגען און אַנטפּלעקונגען אויפן געביט פון מאַטעמאַטיק, פיזיק און אַסטראָנאָמיע, האָט דער זיבצנטער יאָרהונדערט באַקומען דעם שם פון נאַטור־וויסנשאַפטלעכן יאָרהונדערט, אַז דווקא ער, וואָס האָט זיך געשטיצט נאָר אויף דערפאַרונג און עקספּערימענטן, איז געווען אַ גאָטגלויביקער און האָט מחבר געווען אַ ריי טעאָלאָגישע שריפטן, כדי צו באַווייזן די עקסיסטענץ פון געטלעכקייט. אַ צווייטער ענגלישער נאַטור־וויסנשאַפטלער, וועלכער געהערט צום אַכצנטן יאָרהונדערט, דזשאָזעף פּריסטלעי, דער אַנטפּלעקער פונעם זויערשטאָף, הגם ער איז געווען אַ בפירושער מאַטעריאַליסט אויפן געביט פון נאַטור־וויסנשאַפט, האָט געגלויבט אין גאָט און אין תחית־המתים. און אַפילו דאַרווין, דער גרויסער בוים,

אויף וועמען עס הענגען זיך אָן אַלע גויאישע און אַ פשיטא שוין יידישע אַטעאיסטן, האָט ער אַליין דען נישט מודה געווען, אַז אַלע זיינע טראַכטענישן און פאָרשונגען האָבן אים נישט געקענט געבן קיין תשובה אויף דער אייביקער קשיה, ווי אַזוי איז אויפגעקומען לעבן אויף דער וועלט און די ערשטע גאַטונגען אויף דער ערד. ער איז דערום געקומען צו דער אַלטער מסקנא, אַז דער מענטש מיט זיין שכל קען די לעצטע סודות און רעטענישן פון לעבן בכלל נישט דערגרונטעווען. טאַקע דערום האָט ער געמוזט זיך אָפזאָגן פון וועלכן נישט איז אורטייל וועגן ענינים, וואָס געפינען זיך מחוץ די גרענעצן פון דערפאַרונג. און זיינע תלמידים האָבן סוף־כל־סוף געמוזט אָנדערקענען, אַז אפילו די טעאָריע גופא פון זייער רבין וועגן דעם אָפשטאַם פונעם מענטשן פון נידעריקערע מינים, איז אויך נישט קיין אַבסאָלוטער אמת און שטעלט מיט זיך פאָר נישט מער ווי אַ השערה, אַ וויסנשאַפטלעכע היפּאָטעזע. און איך וועל אָנרופן נאָך אַ פּאָר נעמען, גראַד אַזוינע, וואָס זענען געוואָרן ווי אַ פאָן פאַר אַמאָליקע יידישע משכילים, וואָס האָבן דירעקט פון זיי אָדער דורך צווייטע קוואַלן געשעפּט זייער גאַנצע מאַטעריאַליסטישע תורה. איך מיין דעם באַוואוסטן זאָאָלאָג און מאַטעריאַליסט קאַרל פאָגט און לואיס ביוכנער, דעם מחבר פונעם פּאָפּולערן „קראַפט און שטאָף”. זאָגט דער ערשטער, אַז די וויסנשאַפט קען נישט דערקלערן סך־הכל איין „קלייניקייט”: ווי אַזוי קומט אַרויס פון אונדזער מאַרך־קעמערלעך דער באַוואוסטזיין. און דער צווייטער, אַז ביי די לעצטע געהיימענישן פון לעבן, בלייבט די וויסנשאַפט שטיין אָנמעכטיק און הילפלאָז (3).

עס זעט מיר אַליין אויס מאָדנע, וואָס מען דאַרף נאָך היינט ביי אונדז ברענגען הסכמות פון גדולים, כדי צו באַווייזן אַזאַ עלעמענטאַרן אמת, וואָס איז איצט שוין אַן אלף־בית, אַז מען קען נישט אָפּלייקענען דאָס גלויבן אין גאָט און אין די אייביקע גרונט־דאָגמעס פון אַלע אמונות מיט וויסנשאַפטלעכע אַרגומענטן. אלץ, וואָס מיר קענען זאָגן איז, אַז מיט דער וויסנשאַפט, מיט אירע מעטאָדן און מסקנות, גענומען פונעם אוצר פון מענטשלעכער דערפאַרונג, קען מען נישט באַווייזן דעם אָביעקטיוון אמת פון דער אמונה. אָבער, צוזאַמען מיט עמאַנועל קאַנט, זענען איצט כמעט אַלע מודה, אַז אויב, למשל, די וויסנשאַפט האָט נישט באַוויזן די אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה, האָט זי אָבער אויך, פאַרשטייט זיך אַליין, נישט באַוויזן און נישט געקענט באַווייזן דעם היפּוך: אַז מיטן אָפשטאַרבן פון מענטשלעכן קערפּער, ווערט אויך דער נפש פאַרשוואונדן אין שפּורן.

עס איז דערום אַן עם־הארצות אָדער, נאָך ערגער, אַ פּוסטע פלאַפּלעריי

פון די, וואָס האָבן עפּעס גענאַשט פון היינטצייטיקער בילדונג, צו זאָגן, אַז מען גלויבט נישט אָדער מען האָט אויפגעהערט גלויבן, ווייל מען האָט זיך, אויפן סמך פון מאָדערנע פאָרשונגען, איבערצייגט אין דער פאַלשקייט פון די גלויבנס־עיקרים. איבעריקנס, ווען יעדער פון אונדז זאָל זיך וועלן באמת אַריינטראַכטן אינעם פּראָבלעם, וועט ער לייכט איינזען, אריינקוקנדיק אין זיך אַליין און זיך צוקוקנדיק צו די, וואָס רינגלען אים אַרום, אַז דער מין אַקטיווער אַפּיקורס, וואָס האָט זיך פאַרקלערט איבער מעטאַפיזישע שאלות און וועמען עס האָבן באמת געמאַטערט די אייביקע ספקות פון אומרואיקן מענטשלעכן גייסט, איז שוין היפש לאַנג פאַרשוואונדן. נישט מיט אַפּיקורסות האָבן מיר צו טון היינט צו טאָג נאָר מיט אינדיפערענטיזם צו דעם „וואָס איז אויבן און וואָס איז אונטן, וואָס פון פאָרנט און וואָס פון הינטן". אין געוויסע שיכטן, אַ סך ברייטערע ביי אונדז ווי ביי אַנדערע פעלקער, הערשט אַ הפקרותדיקע גלייכגילטיקייט צו אַלץ, וואָס איז מחוץ דעם גדר פון די אינטערעסן און ענינים פון היינטיקן טאָג, בפרט מאַטעריעלע אינטערעסן. ווער האָט היינט צו טאָג צייט און לוסט זיך צו פאַרטיפן אין זיך אַליין, אין דער אייגענער נשמה, אַז מען ווערט צעטומלט און פאַרטויבט פונעם געדריש פון דער גרויסשטאָט, אַז מען פאַרלירט דאָס לעבן גופא אינעם יאָגעניש נאָך לעבנס־באַקוועמלעכקייטן, וואָס זענען געוואָרן פאַר אַ גרויסן טייל מענטשן דער איינציקער זינען, דער איינציקער ציל פון זייער קורצן וואַנדערונגס־וועג איבער דער ערד. ווי קלערט זיך יוחנן מלמד, ווען זיין תלמיד באַווייזט אים צום ערשטן מאָל פון זיין לעבן אַ גרויסע פאַבריק: „און ווען עס קומען אַהער, אין דעם גיהנום די גרעסטע נביאים... ישעיה, ירמיה... און ווען משה רבנו אַליין, — ווען זיי עפענען די מיילער און — זיי ווילן רעדן — צי וואָלטן זיי איבערגעשריען דאָס גיהנום? צי וואָלט זיי אימיצער פון די געפייניקטע נשמות געהערט?"

עס איז נאָר אַן איבעריקער באַווייז ווי טיף און שטאַרק עס איז איינגעוואָרצלט אין דער מענטשלעכער נשמה דאָס באַדערפעניש צו גלויבן, אַז דאָס רעליגיעזע געפיל איז פונדעסטוועגן נישט פאַרשוואונדן אַפילו אינעם דאָזיקן גיהנום. אָבער דאָס גלויבן — די צאַרטסטע בלום, וואָס דער מענטשלעכער גייסט האָט ביז איצט אויסגעכאָליעט — הויבט אָן פאַרוויאַנעט צו ווערן אינעם רויך פון די פאַבריק־קוימענס. דער קול דממה דקה, וואָס מענטשן פלעגן אַמאָל אַזוי קלאָר און דייטלעך אַרויסהערן פון דער טיפעניש פון זייער נשמה, אין זייער איינזאַמקייט און גלייכצייטיקער באַהעפטונג מיט דער נאַטור און דורך איר מיטן גאַנצן קאָסמאָס און זיין באַשאַפער, ווערט דערשטיקט אינעם הו־האַ, אין דער יאָגעניש און שטופּע־

ניש פון די מענטשן־מאַסן, די באַליבטסטע פאָרם פון „גייסטיקער" הנאה, וואָס די היינטיקע מאַסן זענען מסוגל אויפצונעמען, איך מיין די, וואָס באַזיצן די נויטיקע מיטלען דערצו, איז די נעגער־מוזיק פון דזשאַז, די שיינקייט און די טואַלעטן פון די פילם־סטאַרס און די נערוון־ און בלוט־צעטרייסלונג פון כלערליי מינים ספּאָרט און שפּיל.

נישט דאָס וויסן און דאָס פילאָזאָפירן האָט אָפּגעשוואַכט ביי געוויסע מענטשן דעם גלויבן. נישט די מאָדערנע נאַטורוויסנשאַפט האָט אים ענג געמאַכט די וועלט, נייערט די מאָדערנע ט ע כ נ י ק. נישט די גייסטיקע איבערקערענישן פון די לעצטע הונדערטער יאָרן, נאָר די „אינדוסטריעלע רעוואָלוציע", וואָס איר אָנזאָגער איז געווען די דאַמף־מאַשין.

ביי די קריסטלעכע פעלקער האָט שטאַרק געווירקט אַ צווייטער פאַקטאָר, געווירקט נישט אַזוי אַנטירעליגיעז, ווי אַנטיקירכלעך: דאָס אויפוואַכן פונעם באַוואוסטזיין אין די אונטערדריקטע מאַסן פון זייער מענטשלעכן כבוד און זייער לעכצן נאָך אַ מענטשלעך לעבן. די קריסטלעכע קירך, וואָס האָט כמעט תמיד און אומעטום סאַנקציאָנירט אין גאָטס נאָמען, אין זיין שליחות, רשעות און גזלה, האָט געמוזט אָפּשטויסן פון די פאַרטרעטער פון גלויבן און פון גלויבן גופא געוויסע שיכטן פון פאָלק, אין דער עפּאָכע פון אַלץ שאַרפער און שאַרפער געוואָרענע סאָציאַלע קאָנפליקטן. אויב די רייכע און זאַטע זענען גלייכצייטיק געווען די האַרץ־אויסדערוויילטע פון דער קירך, איר געליבטסטע און טריקסטע זין, אויב גאָטס נאָמען האָט זיך תמיד געטראָגן פון זייערע צביעותדיקע ליפּן, איז דער אַטעאיזם און מאַטעריאַליזם פון די שטיף־קינדער פון דער היינטיקער געזעלשאַפט געווען אַן אָנזאָג, הגם אַ קרענקלעך פאַרקרימטער, אויף אַ טיפערן און אמתדיקערן גלויבן, וואָס מוז ווען עס איז אָנקומען. אַ גערנגל פאַרן שטיקל טרוקן ברויט, פאַר אַ מענטשלעכער עקסיסטענץ אָן דחקות און אָן בזיונות, איז גאָר נישט קיין יאָגעניש נאָך וואוילטאָג, נאָך מאַטעריעלע אינטערעסן, ווי דאָס „אידעאַליסטישע" בירגערטום האָט געפּרואווט אויסמאָלן די באַפרייאונגס־באַוועגונג פון דער אַרבעטערשאַפט, און אַזוי אַרום זי פאַרשרייען פאַר אַ גאָטלאָז־מאַטעריאַליסטישע. ברויט און לופט, מענטשלעכקייט אין באַציאונגען צווישן מענטשן, אַכטונג צו דעם וואָס אַ מענטש איז און נישט צו דעם, וואָס ער האָט, — דאָס אַלץ איז נישט נאָר אַ מאָראַלישע קאַטעגאָריע, נאָר אויך אַ געטלעך געבאָט.

און איצט לאָמיר אָקאָרשט זען, וואָס פאַר אַ ווירקונג האָט געהאַט דער ערשטער פון די צוויי סקיצירטע פאַקטאָרן — די קאָנצענטראַציע פון גרויסע מאַסן אין די גיגאַנטישע אינדוסטריעלע צענטערס — אויף דער

פּאַרטעמפּונג פונעם רעליגיעזן געפיל אין דער יידישער סביבה. עס איז זיכער, אַז דער דאָזיקער נייער פאַקט האָט געמוזט האָבן אַ געוויסע פּעולה אויך אויף יידן. אָבער נישט ווייניקער זיכער איז עס, אַז אַ סך אַ קלענערע ווי ביי אַנדערע פעלקער. הגם גרויסע יידישע מאַסן אין מערב־אייראָפּע און אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט לעבן אין די גרויסע שטעט, זענען זיי אָבער נישט אַזוי אַריינגעצויגן געוואָרן אין זייער אינדוסטריעלן שטראָם און במילא נישט אַזוי מיטגעשלעפּט געוואָרן מיטן ראַשיקן און ניוועלירנדיקן טעמפּאָ פון דער גרויסשטאָטיקייט. יידן זענען אַ סך שפּעטער אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון דער מאָדערנער אינדוסטריע און אפילו איצט זענען זיי אין איר שוואַך באַטייליקט לערך צו זייער צאָל. עד היום לעבן נאָך יידן אויפן ברעג פון די גרויסע ווירטשאַפטלעכע שטראָמען פון די הויך־קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

וואָס איז שייך דעם סאָציאַלן פאַקטאָר, האָט זיין ווירקונג אויף דער אָפּשוואַכונג פון יידישקייט געדאַרפט זיין גאָר אַ נישטיקע. מען דאַרף דאָך נישט פאַרגעסן, אַז ערשטנס האָבן מיר קיינמאָל נישט געהאַט קיין קירך אינעם קריסטלעכן זינען פון וואָרט. מיר האָבן נישט געהאַט קיין גייסטלעכע, ווי אַן אָפּגעזונדערטע היעראַרכיע, ווי אַ מאַכט־פאַקטאָר, וואָס זאָל מיט זיין געוויכט דריקן אויפן באַלאַנס פון די קעמפנדיקע סאָציאַלע כוחות. יידישקייט ווידער, אַלס אַ ריין גייסטיקע קראַפט, איז טראַדיציאָנעל, להיפוך צום קריסטנטום, קיינמאָל נישט געווען געבונדן מיט אַ וועלכן נישט איז הערשנדיקן קלאַס. שוין מחמת דעם אַליין, וואָס אין דעם גאַנצן מיטלעלטער, בעת אַרום האָבן געהערשט די פעאָדאַלן, זענען יידן געווען אויסגעשלאָסן פונעם דאָזיקן הערשנדיקן שיכט, האָט אין דער יידישער סביבה געפעלט די אָביעקטיווע מעגלעכקייט פון אַ שותפות צווישן יידישקייט און סאָציאַלער עקספּלואַטאַציע. אפילו, אויב די יידישע תורה אַליין פאַר זיך וואָלט געקאָנט איינגיין אויף אַזאַ שותפות — אַ היפּאָטעזע, וואָס וועט זיך אַרויסווייזן פאַר לחלוטין פאַלש, ווען מיר וועלן אַנאַליזירן דעם תוך פון דער יידישער לעבנסלערע. געוויס זענען אויך ביי יידן אין אַלע צייטן געווען אָרעם און רייך. אָבער עקאָנאָמישע נישט־גלייכקייט אַליין פאַר זיך באַשאַפט נאָך נישט קיין קלאַסן־דיפערענצירונג. פונקט ווי אַ געוויסע נישט־גלייכקייט אין דער פאַרטיילונג פון קאָנסום־פּראָדוקטן אינעם סאָוויעט־פאַרבאַנד מאַכט נאָך נישט דעם דאָזיקן סאָוויעט־פאַרבאַנד פאַר אַ קלאַסן־געזעלשאַפט אינעם געוויינלעכן זינען פון וואָרט. נאָר יענע נישט־גלייכקייט פון באַזיץ, וואָס דינט ווי אַ יסוד פאַר סאָציאַל־פּאָליטישע פּריווילעגיעס, פאַר מאַכט־פּאָזיציעס ווערט אַ פאַקטאָר פון קלאַסן־הער־

שאַפט. און אַזוינס האָבן מיר יידן ביז צו דער עמאַנציפּאַציע נישט געהאַט. אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט האָבן מיר בכלל נישט געהאַט קיין חלק אין דער מאַכט. דאָס אייגענע אין דעם אָנהויב-פעריאָד פון קאַפּיטאַליזם. איז דאָך אונדזער עמאַנציפּאַציע אומעטום געקומען ערשט נאָך דעם ווי דאָס קריסטלעכע בירגערטום איז געוואָרן דער פּאָליטיש־הערשנדיקער קלאַס אין דער נייער געזעלשאַפט. דער אַנטייל פונעם יידישן בירגערטום אין דער מלוכה־פירונג איז נאָך קיין הונדערט יאָר נישט אַלט. און אפילו היינט איז זי נאָך ווייט נישט קיין פולע, קיין גלייכע. וואָרעם אפילו איצט זענען נאָך געבליבן היפּשע רעשטלעך פון דער אַלטער געטאָ־מויער.

אינעם אינווייניקסטן יידישן לעבן, פון דער אַנדערער זייט, איז דער גביר ביז צו דער עמאַנציפּאַציע קיינמאָל נישט געווען דער מושל. נישט דער גביר, נאָר דער למדן, דער ערלעכער ייד האָט ביי אונדז געגעבן דעם טאָן. און צום שבח פון אונדזערע גייסט־לעכע, אויף דער שפּראַך פון אונדזערע מאָדערנע, וואָס רעדן קריסטלעך, אפילו ווען זיי רעדן יידיש, מוז געזאָגט ווערן, אַז אַ חוץ אין איניקע טרויעריקע פאַלן, זענען יידישע רבנים נישט געגאַנגען מיטן תקיף און בדרך־כלל גענומען אונטער זייער שוץ דעם באַעולהטן און געקריוודעטן המון קעגן די קהלשע „בלוט־זויגערס" און „הויט־שינדערס".

נאָר אויב אַזוי, אויב די צוויי הויפּט־פאַקטאָרן, וואָס האָבן ביי געוויסע אייראָפּעאישן פעלקער געבראַכט צו אַ באַרג אַראָפּ פון גלויבן, האָבן ביי אונדז געדאַרפט האָבן אַ לפי־ערך גאָר קליינע פעולה, ווי־זשע קומט עס, פרעגט זיך, וואָס גראָד ביי אונדז איז פרומקייט געפאַלן נידעריקער ווי ביי אַנדערע פעלקער און אין אַ גיכערן טעמפּאָ ווי אַנדערשוואו ?

אויף דער דאָזיקער פראַגע וועלן מיר געפינען אַ לייכטע תשובה, אויב מיר וועלן אויפהערן גיין מיט דעם מעטאָד פון אַנאַלאָגיעס און באַגרייפן דעם חילוק אינעם סאַמע כאַראַקטער פון נישט־פרומקייט ביי יידן און נישט־גלויביקייט ביי גויים. דער אופן פון לעבן אין דער גרויסשטאָט איז, פאַרשטייט זיך אַליין, אויך ביי היינטיקע קריסטן נישט דער אייגענער ווי ביי זייערע עלטערן און זיידעס פון דער פאַר- און פרי־קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע, אָבער ער איז אַ המשך פון זייער לעבן. נישטאָ קיין איבערברוך, קיין תהום צווישן אַמאָל און איצט. דער קריסטלעכער מענטש איז געבליבן פונדאַמענטאַל דאָס, וואָס ער איז געווען. עס האָט זיך גאָרנישט געענדערט אָדער נאָר ווייניק געביטן זיין באַציאונג צום מהות מענטש, צו דער מענטשלעכער

פּערזענלעכקייט און צום ווערט פון מענטשלעכן לעבן, וואָס האָט ביי די קריסטלעכע פעלקער איצט, ווי אַמאָל, גאָר אַ קנאַפּע חשיבות (והא ראיה, די לייכטקייט מיט וועלכער מען גייט אויף מלחמות און ווי מען האַלט זיך כסדר אין איין גרייטן צו נייע). געבליבן איז אויך, און אפילו זיך נאָך אויסגעברייטערט, דער אַלטער אָפּגרונט צווישן אידעאַלן און רעאַלי־זאַציעס, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן קריסטנטום.

אַ ייד אָבער, וואָס פאַרלירט זיין גלויבן אַלס רעזולטאַט פון אַסימילאַ־ציע, פּלייסט ער זיך בכלל צו דענקען גויאיש. צוזאַמען מיט די עיקרים פון אונדזער אמונה, זאָגט ער זיך אָפּ, ווי ווייט דאָס הענגט אָפּ פון זיין באַוואוסטזיין, אויך פון דער יידישער מאָראַל, וואָס נאָר מעכאַניש און איבער גוואַלד קען מען זי אָפּשיידן פונעם יידישן גלויבן. דער נישט־פרו־מער ייד הערט נישט בלויז אויף צו גלויבן, ער ווערט אויך פאַרגויאישט אין זיין לעבנסקוק, אין זיין באַציאונג צום מיטמענטשן, צו זיין פאַמיליע און צו יידן אויף דער וועלט. דער קריסט, וואָס הערט למשל, אויף צו גלויבן אין דער דרייאייניקייט, בלייבט פונדאַמענטאַל דער זעלבער וואָס פריער. דער ייד, וואָס פאַרלירט זיין גלויבן, ווערט ביסלעכווייז אַן אַנדער מענטש. ער פאַרלירט דאָס אייגענע און געווינט עפּעס פרעמדס, ווי ווייט דאָס לאָזט זיך געווינען, אָדער ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ מאָראַליש־גע־שפּאָלטענער נשמה, אָדער, נאָך ערגער, ער ווערט אַמאָראַליש.

און צולעצט, דער עיקר. אַז אַ קריסט הערט אויף צו גלויבן, אָדער ריכטיקער, אַז ער ווערט אינדיפערענט צו אמונה־ענינים, בלייבט ער אָבער ביי אַלץ, וואָס איז פון קריסטנטום אַריינגעדרונגען אין לעבנס־שטייגער פון די קריסטלעכע פעלקער. צי גיט ער זיך אָפּ דערפון אַ חשבון, צי נישט, לעבט ער ווייטער מיט אַ ריי קריסטלעכע סימבאָלן און טראַדיציעס, געברויכט אויך ווייטער בילדער און שפּרוכן גענומען פון דעם ברית־חדשה, אפילו אויב ער ווייסט נישט צי שטייט דער אָדער יענער פערז ביי מתיא, ביי מאַרקוס אָדער גאָר ביי לוקאַס. זונטאָג בלייבט זיין רו־טאָג, ניי־יאָר — זיין גרויסע חגא, און דער ווייַנאַכטס־בוים פאַר־שאַפט אים און באַזונדערס זיינע קינדער פרייד און פאַרגעניגן, ווי אין די אַלטע צייטן.

דער נישט־גלויביקער ייד אָבער רייסט איבער מיטן אַמאָליקן יידישן לעבנס־שטייגער. און אַזוי ווי צו לעבן אָן שום פאָרמען, מאַכן אַלע דריי הונדערט פינף און זעכציק טעג פאַר וואָכן־טעג איז נישט מעגלעך, גייט ער אַ טריט ווייטער, נעמט איבער דעם פרעמדן אופן פון לעבן. אמת — נאָר טיילווייז

און צוביסלעך, און עס באַקומט זיך ביי אים אַ סטיללאָז לעבן, אַ געמיש פון אַ קאַפּיטשקע אייגנס און אַ היפּש ביסל פרעמדס, אַ מין פאַר־זעניש, נישט דאָס און נישט יענץ, נישט אַהער און נישט אַהין. ער בראָקט אַריין אין שמועס און שריפט זאָגעכצן פון די עוואַנגעליעס, און באַנוצט ער שוין יאָ אַמאָל בילדער און מעטאַפאָרעס פון אונדזער תנ״ך, זענען דאָס על־פי רוב יענע, וואָס האָבן געפונען חן און לייטזעליקייט אין גויאישע אויגן. דער שבת איז פאַר אים אַלטמאָדיש, רוען רוט ער זונטאָג. דער דאָזיקער רו־טאָג האָט נישט בלויז פאַר אים פאַרלוירן די הייליקייט און דעם חן פון יידישע שבתים, ער האָט אפילו נישט דאָס ביסל פּאָעזיע, וואָס קוועלט אַרויס פון קריסטלעכער טראַדיציע. מען קען לייכט א י ב ע ר ג ע מ ע ן אַ פרעמדן רו־טאָג, מען קען אָבער גאָר נישט אַזוי לייכט און אַזוי גיך — אַן אַרבעט אויף דורות! — זיך א יי נ ל ע ב ן אין אַ פרעמדער טראַדיציע, פילן אַ פרעמדע פּאָעזיע. ווייסט דער ייד נישט וואָס צו טון מיט זיין רו־טאָג, ווייסט ער נישט וואו זיך אַהינצוטון. איז טאַקע דער זונטאָג פאַר אַ סך היינטיקע יידן דער ערגסטער טאָג אין וואָך, ווייל אַ גאַנץ־וואָך איז מען פאַרטון און פאַרשמייעט, מען האָט נישט קיין צייט צו טראַכטן. אָבער אַז צייט האָט מען און די נשמה איז שוין כמעט ווי אויסגעליידיקט, נאָר עפּעס ציטערט נאָך דאָרט, אַ וווייטער אָפּקלאַנג פון אַמאָליקע יאָרן, זוכט מען צו דערשטיקן אָט די לעצטע צאַפּלעניש אין אַ זונטאָגדיקן גערויש, אַן אַנדערן ווי דער וואָכעדיקער, אָבער אַלץ נישט מער ווי אַ גערויש. קומט טאַקע אויס ווי עס האָט אַמאָל געזאָגט אַ באַוואוסטער רעפאָרם־ראַבינער, וואָס איך געדענק איצט נישט זיין נאָמען. ביי זיך אין דייטשלאַנד איז ער געווען דערפאַר, יידן זאָלן פאַר־בייטן שבת דורך זונטאָג. געקומען קיין אַמעריקע און זיך צוגעקוקט צום דאָרטיקן יידישן לעבן האָט ער נישט געוואוסט מער וואָס אויסצוקלייבן: צי דעם שבת וואָס יידן פאַרשאַכערן, צי דעם זונטאָג, וואָס זיי פאַרשפּילן אין קאָרטן. און אַזאַ פּנים האָבן אויך די גויאישע הגאות, וואָס דער היינטיקער ייד פּראַוועט מיט אַזאַ פּאַראַד, אָפטמאָל אפילו מיט מער גלאַנץ און פּאָמפּע ווי זיינע קריסטלעכע שכנים. אָבער אַז אַך און ווייי צו אים און צו זיינע סילוועסטער־נעכט און קאַרנאַוואַלן. תשעה־באב האָט אַמאָל פאַרשאַפט דעם יידן מער פרייד, פרייד אין טרויער, פול מיט נשמה־ציטער און מיט האַרציקער טרייסט, אַ טרויער דורכגעוועבט מיט שטראַלן פון האָפענונג אויף גאולה, אויף אויסלייזונג פונעם יידישן מענטשן און פונעם יידישן פאָלק.

ביינציק פּראָצענט אַמעריקאַנער קריסטן, האָבן מיר אויבן ציטירט, זענען גלויביקע. ווייס איך נישט ווי גרויס איז דער פּראָצענט יידן, וואָס זאָגן, אַז זיי גלויבן אין גאָט. אָבער די ביינציק פּראָצענט זענען קריסטן און לעבן ווי קריסטן. נאָר אויב אפילו עס זענען דאָ ביינציק פּראָצענט יידן, וואָס גלויבן אין גאָט, איז וויפיל פון זיי זענען יידן? ווייסן מיר דאָך, אַז גלויבן אין גאָט איז נאָך כלל וכלל נישט קיין יידישקייט. ווייל עס איז ווייניק צו ג ל ו י ב ן אין יידישקייט, מען דאַרף לעבן אין איר און מיט איר, מען דאַרף ז י י ן אַ ייד. און אפילו די פינף און צוואנציק פּראָצענט יידן, וואָס זענען „צוגעשריבן" ערגעץ צו אַ „קאָנגרעגיישן", וויפיל פון זיי ז ע נ ע ן יידן, פירן זיך אויף ווי יידן און לעבן ווי יידן?

אָט איצט זעט איר זי שוין, די יידישע אפּיקורסות. זי איז נישט קיין קינד פונעם פרייען געדאַנק, ווי זי שטעלט זיך אַליין אַרויס, נאָר אַ ממזר פון דער יידישער אסימילאַציע, פון נאָכמאַכן, נאָכמאַלפּעווען, נאָכטאַנצן פרעמדע, פון מעכאַניש איבערנעמען אַנדערע מנהגים, אָבער נישט איבער־נעמענדיק דאָס ביסל האַרץ, וואָס יעדעס פאָלק לייגט אַריין אין ז י י ן שלשלת הקבלה, אין זיין קייט פון טראַדיציעס.

בראשית איז געווען נישט דאָס פרייע דענקען, נאָר דאָס באַפרייען זיך פון איטלעכן דענקען בכלל. אָט ווי יענער „פריי־דענקער", וואָס דערציילט די אויספאָרשער פון „יאַנקי־סיטי" די ביאָגראַפיע פון זיין „אַטעאיזם". אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט אַרבעטן שבת צוליב פרנסה. דערנאָך איז געקומען דאָס חזיר־עסן. האָט ער זיך דאָס ערשטע און דאָס צווייטע מאָל געוואָרגן מיטן ביסן און נישט געקענט אַראָפּשלינגען. עס האָט אים נעבעך געאיבלט. דאָס דריטע מאָל — מיט מזל אַראָפּגעשלונגען, אָבער אַ גאַנצן טאָג געווען קראַנק. ערשט מיט גרויס מאַטערניש און מי, — חברה זאָל פון אים נישט חוזק מאַכן — האָט ער זיך צוגעוואוינט און איצט האַלט ער זיך גאָר גרויס, וואָס פאַר אַ בריה ער איז, פונקט ווי יענער טאַטע פון דער באַוואוסטער מעשה, וואָס האָט זיך באַרימט פאַר משה מענדעלסאָן מיט די גרויסע פּעולות פון זיין זון אין פילאָסאָפיע: והא ראיה, ער האָט אויפגעהערט צו לייגן תפילין. אַן אַנדער ייד פון „יאַנקי סיטי", אויף צו דערקלערן זיין נישט־פרומקייט, ברענגט אַרויס דעם ריכטיקן טעם, ווען ער זאָגט, אַז ווען מען פירט זיך ווי די קריסטן פירן זיך, איז דאָס לעבן לייכטער. און אַ דריטער, משמעות, שוין גאָר אַ געבילדעטער, וואָס גייט אָפט אין די „מואוויס" (קינאָס) און קען די ביאָגראַפיעס פון אַלע באַקסערס און פילם־

סטאָרס, העראַקלעריט וויִ אַ גרויסער אויטאָריטעט אין דער דאָזיקער מאַ-
טעריע, אַז „יידישקייט איז אַלטמאָדיש און זינלאָז" (4).

אָנגעהויבן האָבן כמעט אַלע דערפון, וואָס זיי זענען אַנטלאָפן פון
יידישע מצוות, מנהגים און יידישן צבור. און דערנאָך האָט מען אין אַ שיי-
נעם פרימאָרגן זיך אויפגעכאַפּט נישט־גלויביקע. וואָרעם אַ קיימא לן האָבן
מיר, אַז ווער עס וואַרפט אַוועק דאָס יידישע פאָלק, דער קערט זיך אום
מיטן רוקן אויך צום יידישן גאָט. ווייל קיין אַנדער פאָלק האָט ער
נישט געהאַט און וועט מסתמא שוין נישט האָבן. האָבן דאָך ביידע גע-
שלאָסן אַ בונד אויף אייביקער אייביקייט.

אָט פאַרוואָס עס זענען אויס קאָמיש־פּרוכטלאָז די פּרואוון, וואָס ווערן
געמאַכט צו „שטאַרקן" יידישקייט דערמיט, וואָס מען וועט מאָדערני-
זירן דעם אַלטן יידישן גאָט און אים צופּוצן אַזוי, אַז ער זאָל ווערן „אַפּ-
טו־דעיט". פּונקט אַזוי ווי דעם יידישן אָלרייטניק איז אַ גרויסע נפקא
מינה, וועלכע איז די נאַטור פון גאָט: צי איז ער אימאַנענט, ווי
שפּינאָזאַ וויל האָבן, אָדער טראַנסצעדענט, ווי אונדזערע עלטערן האָבן
בתמימות געגלויבט, צי איז ער איינס מיט דער נאַטור אָדער
אויסער דער נאַטור. און פּראָפעסאָר קאַפּלאַן, אָפּטמאָל קען זיך
דוכטן גאָר אַן אונדזעריקער, — אַ יידישער ייד, הגם נאָך
אָפטער — אַזאַ ווייטער און פרעמדער, מיינט ער דען באמת,
אַז זיין עולם, אָפּגעפרעמדט פון רעאַלער אַקטיווער יידישקייט,
וואָס איבערגעבליבן איז אים סך הכל אַ סמוטנע בענקשאַפט נאָך איר,
צי מיינט ער, אַז דער דאָזיקער יידישער „בעביט" וועט יאָ מושוה ווערן
מיט אַן אימאַנענטן גאָט, וואָס פרעג אים בחרם וואָס דאָס מיינט, אָבער
אַז זיין וויסנשאַפטלעכער געוויסן וועט אים נישט לאָזן שלום מאַכן מיטן
גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב?

זאָגט פּראָפעסאָר קאַפּלאַן לערך אַזוי: גאָט, ווי אַ „העכסט ווערט",
איז נישט קעגן דער וויסנשאַפט (אמת וישר, קען אַ פּוסט וואָרט זיין קעגן
אַן עפּעס?). נאָר אַ גאָט, וואָס מישט זיך אין דער הנהגה פון דער וועלט,
וואָס אַנטפּלעקט די מענטשן תורה, קען נישט געבראַכט ווערן אין הסכם
מיטן מאָדערנעם וויסן. דער יידישער גלויבן, זאָגט ער ווייטער, האָט זיך
געקענט האַלטן אין זיין טראַדיציאָנעלער פאָרם אַזוי לאַנג, כל־זמן אויך
די אַרומיקע פעלקער האָבן געגלויבט אין אַ יענער וועלט. און ווייל דער
ייד האָט געגלויבט אין אַן עולם־הבא, האָבן אים נישט געשראָקן די רדי-
פות, האָבן אים נישט געאַרט די פאַראַכטונג פון די אַרומיקע און דער
אסטראַציזם אין וועלכן זיי האָבן אים געהאַלטן. ביי היינטיקן שטאַנד פון

אונדזער וויסן קען זיך אָבער דער גלויבן אין איבערנאַטירלעכע כוחות, אין אַ יענער וועלט מער זיך נישט לייגן אויפן שכל (אַזוי ווי ווען נישט איז פריער האָט אַ וועלכער נישט איז גלויבן זיך יאָ „געלייגט אויפן שכל". עס איז נאָר אַ חידוש ווי אַזוי עס קען ביי דעם אייגענעם שטאַנד פון וויסן זיך יאָ האַלטן ביי הונדערטער מיליאָנען דער גלויבן, אַז אַ מענטש איז געווען גאָטס זון און אַז אַ בתולה האָט געקענט געבוירן אַ קינד). בכן איז דאָ נאָר איין עצה אויף צו ראַטעווען יידישקייט און דעם קיום פון יידישן פאָלק. דאָס איז — צו רעאינטעפּרעטירן אָדער איבערטייטשן דאָס יידישקייט אויף אַ נייעם שטייגער. אונדזער צוקונפט הענגט, לויט פּראָפעסאָר קאַפּלאַן, אָפּ דערפון, צי וועט אונדז געלינגען צו פאָרמולירן אַ נייע אידעאָלאָגיע פון יידישקייט. אויב נישט, האַלט עס שמאָל מיט אונדז (5).

וויל איך מיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין קיין פילאָזאָפישן וויכוח מיט פּראָפעסאָר קאַפּלאַן וועגן זיין גאָט־קאָנצעפּציע. פאַר אונדזער טעמע: „פון וואַנען נעמען זיך ביי אונדז אַזוי פיל פריידענקער?", וועט גענוג זיין צו זאָגן אָט וואָס.

עס איז היסטאָריש און פּסיכאָלאָגיש פאַלש, אַז דער אַמאָליקער ייד האָט געקענט אַריבערטראָגן אַלע נגישות, חרפּות און בזיונות פון די גויים, נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז דער רבונו של עולם וועט אים אויף יענער וועלט פאַר אַלץ פאַרגיטיקן און אַז דאָרט וואַרט אויף אים דער שור־הבר און דער לויתן. נישט דער יידישער עולם־הבא האָט אים געצויגן צו זיך און געהאַלטן פעסט צוגעבונדן צו יידישקייט, נאָר דער יידישער עולם־הזה איז פאַר אים געווען פול מיט טיפן זינען, פול מיט חן און צויבער. אַזוי האָבן געקוקט יידן, אַזוי האָבן פאַרשטאַנען אונדזער לעבן די אַלטע יידישע חכמים. אָבער אויך אין דער נייער צייט, אינעם סאַמען בלי פון דער השכלה, האָט זיך געפונען אַ יידישער חכם מיט אַ ליכטיקן קאָפּ, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט נאַרן און פאַרבלענדן פון דער „השכלה בת השמים". איך מיין שמואל דוד לוצאַטו (שד"ל), איינער פון די ווייניקע גרויסע יידן, וואָס האָבן פאַראייניקט דאָס גאַנצע וויסן פון זיין צייט מיט אַ הייס יידיש האַרץ, וואָס האָט געקלאַפּט אין אוניסאָן מיט די הערצער פון יידן פון אַלע דורות. דער אַמאָליקער ייד, האָט ער געזאָגט, האָט געהאַט די טיפע איבערצייגונג, אַז די גויים בלאָנדזשען אין דער פינצטערניש און דערפאַר האָט אים נישט געאַרט זייער אָפּשפּאָטן און אָפּלאַכן פון אים (6).

און באמת, האָט טאַקע דער ייד ביז גאָר נישט לאַנג געוואוסט, אַז זיין

לעבנסוועג, הגם איין גאָט ווייס ווי שווער און ביטער ער איז און ווי פול ער איז מיט שטרויכלונגען, איז דער איינציק ריכטיקער און דער איינציקער גליק־פאַרשאַפנדיקער, גליק דווקא אויף דער וועלט, ווייל פאַר אים זענען דאָס גליק און די עלעקטרישע ליכט נאָך נישט געווען קיין סיגאָנים, ווייל פאַר אים איז גייסטיקע שלמות און נשמה־האַרמאָניע געשטאַנען טויזנט מאָל העכער פון אַלע תענוגים. און אויב הייַנטיקע יידן שלעפן זיך נאָך אין זייערע השגות וועגן גליק, ווי אין אַ סך אַנדערע ענינים, נאָך די אומות העולם און נעמען איבער זייערע באַגריפן, צאָלן זיי און וועלן דערפאַר צאָלן אַ ביטערן און פינצטערן פרייז.

אויב הייַנטיקע יידן אַנטלויפן פון יידישקייט, איז דאָס בכן נישט דערפאַר, ווייל זיי גלויבן נישט מער, ווי פראָפעסאָר קאַפּלאַן מיינט, אין דער תורה מן השמים. תורה, פון הימל געגעבן און וואָס זאָל בלייבן אַ הימלישע, וואָלט זיי גראָד נישט געאַרט און נישט באַלעסטיקט. וואָס עס שמעקט זיי אָבער גריילעך נישט, איז וואָס עס שטייט אויף אַן אַנדער אָרט געשריבן וועגן דער תורה, אז לא בשמים היא. די יידישקייט, וואָס לערנט דעם מענטשן ווי זיך צו פירן אויף דער וועלט, דאָ אויף דער ערד, — אָט די דאָזיקע יידישקייט געפעלט זיי נישט. וועגן יענער וועלט וואָלטן זיי מיט זיך געלאָזט רעדן, און מען וואָלט מיט זיי לייכט געקאָנט דורכקומען. נמאס געוואָרן איז זיי די בידנע יידישע עולם־הזה אָדער ווי איינער פון זיי, הייַנריך הייַנע, האָט נאָך געטענהט מער ווי מיט הונדערט און צוואַנציק יאָר צוריק, רעדנדיק וועגן די רעפאָרמערס פון זיין צייט, די עלטער־עלטער־זיידעס פון די הייַנטיקע אַמעריקאַנער אָלרייטניקעס, אַז געוויסע יידן האָבן מער נישט קיין כוח צו טראָגן אַ באָרד, צו פאַסטן און צו ליידן (7).

אַ נייע „יידנטום־אידעאָלאָגיע", אַ נייער פירוש אויפן יידישן גאָט און אויף דער יידישער תורה, וועט קיין איינאיינציקן יידן נישט אויפהאַלטן ביי יידישקייט און קיין איינעם פון דער גרויסער מחנה דעזערטירערס נישט ברענגען צוריק צו אונדז. נאָר אַ פולבלוטיקע יידישקייט מיט איר גאַנצער אמונה און מיט איר אויסגעהאַלטענעם לעבנס־סטיל, דורכגעזאַפט מיט זינען און מיט הייליקייט, נאָר זי וועט זיין בכוח צו מאַכן אירע פאַרבלאָנדזשעטע קינדער פאַר „בנים שבים לגבולם", צו פאַרזאַמלען אַרום זיך די אַוועקגעגאַנגענע, וואָס האָבן על־פי טעות געמיינט, אַז נאָכמאַכן אַ לעבן און „מאַכן אַ לעבן" קען פאַרבייטן דאָס לעבן גופא. און פונקט אַזוי ווי איעם בראשית פון דער כפירה ביי יידן איז געווען

דאָס אַנטלויפן פון יידישן פאָלקס־לעבן, פונקט אַזוי וועט דאָס צוריק־קערן זיך צו יידן זיין דער וועג צוריק צו יידישקייט. ווער עס וועט צו־ריקקומען צום יידישן פאָלק וועט אויך ווידער געפינען, פריער צי שפּעטער, דורך מאַטערניש און פּיק, זיין פאַרלוירענעם גלויבן אין יידישן גאָט.

---

## רעפערענצן:


(1) Franklin H. Littel. Thoughts about the Future of Christianity and Judaism. The Reconstructionist, vol. XIII, N° 5.

(1a) Maurice J. Karpf. Jewish Community Organization in the United States, New York 1938, pp. 52-54.

(2) Yankee City Series. Volume III. The Social Systems of American Ethnic Groups by W. Lloyd Warner and Leo Srole. Yale University Press 1945, pp. 195-205.

(3) Karl Vorlaender. Geschichte der Philosophie. Leipzig 1927. B. II, SS. 56, 59, 195. B. III, SS. 130, 131, 137, 138.

(4) זע דעם ציטירטן דריטן באַנד פון „יאנקי סיטי", ז"ז 205, 204, 198.

(5) היות ווי איך האָב דאָ נישט דעם ענגלישן אָריגינאַל פון פּראָפ' קאַפּלאַנס הויפּטווערק „יידישקייט ווי אַ ציוויליזאַציע", ציטיר איך לויט דער שפּאַנישער איבערזעצונג, דערשינען אין בוענאָס איירעס, ז"ז 276, 14-15, 8-9. פאַרגלייך אויך זיין בוך:
Judaism in Transition. New York, 1941, p. 102.

(6) שמואל דוד לוצאטו. מחקרי היהדות, כרך ראשון, חלק שני. וורשה תרע"ג. ע' 15.

(7) Dr. Hugo Bieber, Heinrich Heine, Confessio Judaica. Berlin 1925, S. 13.

# א וואָרט וועגן דער באַגרענעצטקייט און אומזיכערקייט פון מענטשלעכן וויסן

די באַגרענעצטקייט פון אונדזער וויסן איז אַ דבר ידוע. און די גרענעץ־ליניע איז אָנגעצייכנט גראָד דאָרט, וואו דער מענטשלעכער גייסט ברענט פון גרעסטן דורשט צו דערקענען און דערגיין דעם אמת. אונדזער וויסן בלייבט שטיין ביי די פאַרשלאָסענע טויערן פון די אייביקע שאלות, וואָס מאַטערן דאָס שוואַכע הילפלאָזע באַשעפעניש וואָס הייסט מענטש: ביים סוד פון לעבן און טויט, פונעם אָנהויב און דעם סוף פון קאָסמאָס, אָדער זיין אָן־אָנהויב און אָן־סוף.

עס איז אומפאַרמיידלעך, אַז די אומאַכטיקייט פון אונדזער וויסן זאָל זיך אַרויסשטעלן גראָד דאָרט, וואו מיר וואָלטן געוואָלט, אַז עס זאָל באַווייזן וואָס עס קאָן, וואו מיר וואָלטן געדאַרפט מער ווי אַנדערש־וואו האָבן זיין אָנשפּאַר און זיין הילף. אָבער וואָס קאָן מען פאַרלאַנגען פון א וויסן, וואָס איז געבויט אויף דערפאַרונג, בעת אונדזער דערפאַרונג גופא איז אַזוי נישטיק אין צייט, געמאָסטן סך־הכל אין טויזנטער יאָרן, און אין רוים, וואָס נעמט אַרום אין אַ פולער מאָס נאָר דעם ערדקוגל, אַן אומענדלעך קליינעם טייל פונעם קאָסמאָס. און אַז דער שכל וויל ממלא זיין די גוואַלטיקע בלויזן, וואָס די דערפאַרונג לאָזט איבער, ברענגט ער אַרויס, און קען נישט אַרויסברענגען, מער ווי המצאות, סברות און היפּאָטעזן, וואָס הייבט לייגן זיי זיך אויפן שכל, מאָרגן ווערן זיי אָפּגעלייקנט אָדער דורך נייע עקספּערימענטן און דערפאַרונגען, אָדער דורך אַ טיפערער לאָגיק, דורך אַ טיפערן פאַרשטאַנד. הכלל, נישט דער עמפּיריזם, וואָס זעט דעם מקור פון אונדזער דערקענטעניש אין אונדזער דערפאַרונג, נישט דער ראַציאָנאַליזם, וואָס פאַרלאָזט זיך אויף אונדזער שכל, קענען אונדז נישט באַפרייען פונעם ענגען שטייגל, וואו אונדזער וויסן איז איינגעשפּאַרט.

אין צייטן פון גרויסע דערפינדונגען און גענאַלע אַנטפּלעקונגען, קען זיך דוכטן, אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד צעברעכט אַלע גרענעצן, אַז אָט־אָט וועלן מער פאַר אים נישט עקסיסטירן קיין באַהעלטענישן, און פאַלן וועט דער לעצטער שלייער, וואָס דעקט צו דעם סוד פון באַשאַף. און פול מיט גאווה זוערט דער מענטש. הויך און מוטיק קלינגט זיין הללויה פאַר זיין אייגענעם זשעני, פאַר זיין גבורה, פאַר זיין גדלות. אַזוי איז געווען

בעת ניקאָלאַי קאָפּערניקוס האָט געמאַכט אַש און שטויב פון דער פּטאָלעמעאישער קאָסמאָגראַפיע און אַנטפּלעקט די באַוועגונג פון דער ערד אַרום דער זון, אַזוי איז געווען ווען ניוטאָן האָט אויסגעפונען דאָס גראַוויטעט־געזעץ. און אַזוי, און נאָך מער, גרויסן מיר זיך מיטן טעכנישן פּראָגרעס פון אונדזער דור, מיט די גוואַלטיקע וויסנשאַפטלעכע דערפינדונגען און זייער אַנווענדונג אין לעבן. עפּעס אַ קלייניקייט: דער מענטש האָט דאָך שוין באַזיגט די לופט און ער קען זיך שוין אויפהויבן אין דער סטראַטאָספערע. אַלץ מער איז ער גובר דעם רוים. גלויבן מיר דאָך, אַז קיין מהלך עקסיסטירט נישט מער פאַר אונדז און עס וועט לאַנג נישט געדויערן ווען מען וועט געמיטלעך קענען עסן אָנבייסן אין פּאַריז און דעם זעלבן טאָג פּונקט אַזוי געמיטלעך מאָלצייטן אין ניו־יאָרק.

שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז וואָס מער עס מערן זיך די דערפינדונגען און וואָס גרעסער עס איז אונדזער וויסן אין פאַרגלייך מיט די פריערדיקע דורות, אַלץ קלאָרער ווערן פאַר יעדן דענקענדיקן מענטשן צוויי וויכטיקע זאַכן: ראשית, אַז די נאַטור־געזעצן, וואָס מען האָט אויפגעשטעלט אויפן סמך פון דערפאַרונג, זענען כלל וכלל נישט אַבסאָלוט, נישט אייביק און במילא נישט זיכער. והשנית, אַז מיט יעדן סכום פון נייעם וויסן, וואָס מיר אַנטפּלעקן, דעקן זיך אויף אַלץ גרעסערע בלויזן, פאַרגרעסערט זיך אַלץ מער אונדזער איגנאָראַנץ אין פאַרגלייך מיט דער גרעסערער פּאַנאָראַמע פון דעם אוניווערס, וואָס עס עפנט זיך פאַר אונדז. און מיר טאַפּן אין דער פינצטער, נאָך בלינדער ווי פריער.

נאָך ניוטאָן אין זיבצנטן יאָרהונדערט האָט זיך געקענט דוכטן, אַז ענדלעך האָבן מיר אויסגעפונען די לעצטע געזעצן פון פיזיק. איז אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אויפגעקומען אַלבערט איינשטיין און די היינטיקע וויסנשאַפט הויבט שוין אָן צו צווייפלען אין דער אייביקייט פון די פיזיקאַלישע געזעצן. נאָך דעם ווי מען איז דערגאַנגען, אַז דער אַטאָם איז נישט אומטיילבאַר, ווי די קלאַסישע פיזיק האָט זיך דאָס פאָרגעשטעלט, האָט מען זיך אויך דערוואוסט, אַז די באַוועגונגען פון די עלעקטראָנען קומען נישט פאָר לויט די ניוטאָנישע געזעצן, אַזוי אַרום אַז עס איז נישט מעגלעך פאָראויס צו זאָגן, וואָס פאַר אַ פּאָזיציע אַ באַשטימטער עלעקטראָן וועט פאַרנעמען אין אַ געוויסן מאָמענט. ווי לאַנג נאָך איז עס, אַז מען האָט געהאַלטן מאַסע און ענערגיע פאַר צוויי אין גרונט פאַרשידענע פּרינציפּן. איז געקומען אַלבערט איינשטיין און פאָרמולירט מאַטעמאַטיש די פאַרוואַנדלונג פון מאַסע אין ענערגיע. צעטרייסלט איז אויך געוואָרן דאָס געזעץ פון דער ביז איצטיקער כעמישער וויסנשאַפט, אַז מאַטעריע

גייט קיינמאָל נישט פאַרלוירן. נאָר אויב, ווי מיר ווייסן שוין איצט, עס קען ווערן פון אַ יש אַן אין, איז פאַרוואָס האָט נישט געקענט געמאָלט זיין, אַז עס זאָל ווערן פון אַן אין אַ יש (חידוש העולם)? וויפיל האָט מען נאָך אין מיינע יאָרן, געדענק איך, געלאַכט פונעם ווינער פילאָסאָף ערנסט מאך, וואָס האָט געהאַט די העזה אָפּצופרעגן די אַקסיאָמע אַז „פון גאָרנישט קען גאָרנישט נישט אַרויסקומען". דערמאָנט מען זיך איצט אין אַ פאַרגעסענעם געדאַנק, וואָס דער ענגלישער פילאָסאָף דייוויד יום האָט שוין אין אָנהויב פון אַכצנטן יאָרהונדערט פאָרמולירט. אַלץ, זאָגט ער, וואָס מיר שטעלן אַוועק ווי אַ געזעץ, דאָס הייסט ווי אַ נויטווענדיקע באַציאונג צווישן סיבה און פעולה, איז געבויט אויף דער דערפאַרונג, וואָס מיר האָבן ביז איצט אָנגעקליבן. אָבער מען קען בשום אופן נישט מאַכן פון דער דאָזיקער דערפאַרונג פון דער פאַרגאַנגענהייט מסקנות פאַר דער צוקונפט, פאַר דער אייביקייט. שפּינט מען אָבער ווייטער דעם דאָזיקן געדאַנק פון יום, לאָזט מען צו אויף אַ רגע, אַז לעתיד לבוא קענען פאָרקומען געשעענישן און דערשיינונגען, וואָס זענען מחוץ לדרך הטבע, לויט דעם ווי מיר קענען זי היינט, איז פון וואַנען איז געדרונגען, אַז ניסים האָבן נישט געקענט געשען אין די ווייטע פאָרגעשיכטלעכע צייטן, פאַרדעקט פאַר אונדז מיט אַ געדיכטן נעפּל, הגם מיר קענען זיי מיט אונדזער היינטיקן שכל, מיט אונדזער איצטיקער דערפאַרונג נישט משיג זיין. און עס קומט אויס מאָדנע, אַז גראָד אין אונדזער עפּאָכע ווען דער געוועגלעכער מענטש וואַרפט אָפּ אין נאָמען פון דער נאַטור יעדע מעגלעכקייט פון וואונדער, אַז גראָד אין אונדזער היינטיקער צייט איז אויפגעקומען דער גרעסטער סקעפּטיציזם בנוגע צו כּל־ערליי געזעצן, פעסטגעשטעלט פון די סאַמע עקזאַקטע וויסנשאַפטן. הויבט מען דאָך שוין אָן צו צווייפלען אין דער אַבסאָלוטקייט אַפילו פון דער טראַדיציאָנעלער מאַטעמאַטיק. זאָגט דערצו פראַנץ ווערפעל, און איך קאָן אים דאָס גאָר נאָכזאָגן, אַז ער נעמט זיך נישט אונטער צו דערקלערן, אַז די דאָזיקע ספיקות זענען באַרעכטיקט. צו האָבן אַ זעלבסטשטענדיקע מיינונג, דאַרף מען זיין אַ ספּעציאַליסט אין די אַלע וויסנשאַפט־געביטן. פאַרלאָז איך מיך אויף די גרויסע אָנדערקענטע בר סמכאס, וואָרעם אויב זיי ווייסן אויך נישט, מוז מען דאָך ווערן אַ כופר אין דער וויסנשאַפט בכלל.

און אַצינד, אַז מען גייט אַ טראַכט, ווי ווייט עס איז פון דער סטראַטאָספערע, צו וועלכער מיר האָבן זיך שוין דערהויבן, און אַפילו פון דער לבנה, וואָס מען האָפט בקרוב צו דערלאַנגען, ביז צו די וועלטן אָן אַ צאָל, וואָס נאָר טעאָרעטיש ווייסן מיר, אַז זיי עקסיסטירן. „מיט איין בליק אין דעם נאַכט־הימל זאַפּן אונדזערע אויגן איין

מיליאָנען פון ליכט-יאָרן". וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די שטרעקעס, וואָס מיר שניידן איצט דורך אין דער לופט אין שעהן אָדער טעג מיט אַזאַ דלות, אַנטקעגן די דאָזיקע שטרעקעס, וועלכע מען מעסט מיט ליכט-יאָרן? און וואָס העלפט עס אונדז, וואָס מיר קענען די דאָזיקע ליכט-יאָרן אויס-דריקן אין צאָלן, אַז די צאָלן גופא געבן אונדז נישט קיין שום רעאַלן באַגריף וועגן העם מהלך, וויל ער שטייגט איבער אַלע אונדזערע השגות. גענוג צו זאָגן, אַז דאָס ליכט מאַכט דורך קרוב צו דרייהונדערט טויזנט קילאָמעטער אין איין סעקונדע.

ביי אַ פרעציזער מאָס צו מעסטן קאָסמישע גרויסן און דיסטאַנצן, וואָלט אונדזער ערד פאַרנומען אינעם אוניווערס אומענדלעך ווייניקער אָרט וויפיל עס פאַרנעמט אַ מוראַשניק אויף אונדזער ערדקוגל. און איצט שטעלט זיך פאַר, אַז די מוראַשקעס האָבן אויך זייערע דענקער און פילאָסאָפן (און פאַרוואָס נישט, אויב מען גלויבט נישט, אַז גאָט האָט איינגעטיילט שכל נאָך דער קרוין פון באַשאַף, דעם מענטשן?), פונקט ווי זיי האָבן אַזעלכע אויסגעצייכנטע רעגירער, אַרכיטעקטן און בוי-מייסטערס. מיינט איר נישט, אַז די מוראַשקעס-דענקער וואָלטן נישט געמאַכט קיין גרעסערן טעות, ווי מיר מאַכן דאָס אַליין, אויב זיי וואָלטן געקלערט, אַז אויפן סמך פון זייער דערפאַרונג אינעם מוראַשקע-קיניגרייך קען מען זיך אויספורעמען אַ זיכערע און אַ פעסטע „וועלט-אַנשויאונג".

מיר האָבן פריער געשמועסט וועגן די הויכע הימלען און ווייטע שטערן. האָט אימיצער, וועגן מורא פאַר קאָפ-שווינדל, נישט קיין חשק זיך אויפ-צוהייבן אַזוי הויך, טאָ זאָל ער זיך אַראָפּלאָזן בידעריקער און אַ קוק טון טאַקע אויף זיך אַליין און אויף וואָס עס רינגלט אים אַרום. וועלן מיר דעמאָלט זען, אַז אפילו אויף דעם קליינעם שטח, אויף וועלכן אונדזער דער-פאַרונג פאַרשפרייט זיך שוין יאָ, בלייבט דער עיקר אַ סוד פאַר אונדז, אַ סוד וואָס מיר קענען נישט דורכדרינגען, נישט מיט אונדזערע חושים, נישט מיט אונדזער שכל. האָט די וויסנשאַפט אויפן סמך פון באַאָבאַכטונגען און עקספערימענטן אויפגעשטעלט געוויסע כללים און אַרויסגעפונען געוויסע געזעצמעסיקייטן אינעם לעבן, לאָמיר זאָגן פון פלאַנצן און פון בעלי-חיים, צווישן די לעצטע — אויך פונעם מענטשן. ווייסן מיר, למשל, ווי אַזוי עס פונקציאָנירט אונדזער קערפער, ווי עס שלאָגט דאָס האַרץ, ווי עס ציר-קולירט דאָס בלוט, פונקט אַזוי ווי מיר ווייסן ווי אַזוי עס אַרבעט דער מעכאַניזם פון אַ זייגער צי פון אַ קלאַוויר. בעת אָבער ביי די לעצטע ווייסן מיר אויך דעם פאַרוואָס און דעם וועגן וואָס פון זייער פונקציאָנירונג, בלייבט דאָס אַ מיסטעריע בנוגע צו אונדז אַליין און דעם טייל פון דער

וועלט, וואָס מיר האָבן שוין יאָ אויסגעפאָרשט. סיידן מיר זאָלן זאָגן, ווי דאָס האָט טאַקע אימיצער פון די אַטעאיסטן אַמאָל געזאָגט, אַז די וועלט איז אַ זייגער, וואָס גייט פון זיך אַליין אָדער אַ מעכאַניש קלאַוויר, וואָס שפילט אויטאָמאַטיש. אָבער אַזאַ מיינונג, אַז עס איז פאַראַן אַ ווירקונג אָן אַ סיבה ראשונה, וואָלט געווען נאָך מער אין סתירה מיט אונדזער פאַרשטאַנד, ווי דאָס גלויבן אין אַן אויבערשטן ווערק־מייסטער, וואָס האָט באַשאַפן די וועלט מיט אַ פּלאַן און טוט נישט אָפּ פון איר זיין השגחה. און לאָמיר גיין ווייטער. קענען מיר שוין היינט צו טאָג דעם בוי און די פונקציאָנירונג פון אונדזער קערפּער, אָבער מיר ווייסן נאָך עד היום נישט, וואָס איז דאָס אַזוינס דער מענטשלעכער גייסט און וואו ליגט ער ערגעץ אינעם מענטשן. מיר ווייסן אַקוראַט וואו עס געפינען זיך די לונגען, די לעבער, דאָס האַרץ. אָבער וואו באַהאַלט זיך ערגעץ די נשמה, פון וואַנען קומט אַרויס אונדזער דענקען, פון וואַנען שטאַמען אונדזערע עלעמענטאַרע געפילן, ווי ליבע, שנאה און די מער קאָמפּליצירטע, סימפּאַטיע און אַנטיפּאַטיע, פריינדשאַפט, געטריישאַפט, באַרעמהאַרציקייט, אכזריות וכדומה, — אָט די אַלע „קלייניקייטן" הויבן מיר נישט אָן צו וויסן. אמת, מען האָט געפּרואווט שאַפן אַ וויסנשאַפט, די „פיזיאָלאָגישע פּסיכאָלאָגיע", וואָס איר נאָמען גופא זאָגט עדות אויף איר טענדענץ. האָט זיך דערפון אויסגעלאָזט אַ בוידעם. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז הגם מען קען אין געוויסע פאַלן באַווייזן, אַז עס איז דאָ אַ צוזאַמענהאַנג צווישן פיזיאָלאָגישע און פּסיכישע צושטאַנדן, הייסט דאָס נאָך כלל נישט, אַז די לעצטע זענען אָפּהענגיק פון די ערשטע און אוודאי און אוודאי נישט, אַז נאָר פון זיי.

קען מען זיך טאַקע מיט רעכט פרעגן: ווער איז גערעכט, דער וויסנשאַפטלעכער גאון גאַליליי, צי דער אומבאַקאַנטער יוחנן מלמד, וואָס אויב יצחק לייבוש פרץ וואָלט אים נישט אויסגעפונען און אָפּגעמאָלט, וואָלט קיין ילוד אשה פון זיין סאַמער עקסיסטענץ נישט געוואוסט, יוחנן דער מלמד, וואָס האָט וויסנשאַפט אַפילו פון דערווייטנס נישט געשמעקט און גאָרנישט געוואָלט שמעקן, נישט קיין פילאָסאָף און נישט קיין בן־פילאָסאָף? האָט גאַליליי געזאָגט, אַז די וועלט איז אַן אָפן בוך, וואָס יעדער קען לייענען אויב ער קען נאָר דעם מאַטעמאַטישן אלף־בית: קרייזן, דרייעקן און אַנדערע געאָמעטרישע פיגורן. נאָר בלינדע דאַרפן האָבן אַ פירער אין אַן אָפענעם גלאַטן לאַנד. קומט יוחנן מלמד און האָט די עצה אָפּצופרעגן דעם וועלט־גאון. און אָט וואָס ער זאָגט יוחנן מלמד: „די וועלט איז גרויס אָן אַ שיעור, טאַקע אין סוף, און אונדזער מוח איז אַזוי קליין, אַזוי פיצל, אַז מיר זעען אויס ווי אַ מענטש, וואָס גייט אַרום

אין אַ פינצטערער נאַכט, אין אַ ווידטער פינצטערער מדבר, מיט אַ גראַשנ־דיק ליכטל אין דער האַנט, וואָס לייכט קוים ד' על ד'.

און איך האָב שטאַרק מורא, אַז גערעכט איז דווקא יוחנן מלמד. אַ ראיה האָט איר, אַז דער גרויסער גאַליליי, וואָס האָט געלייקנט אין אויטאָריטעטן און גאוהדיק דערקלערט, אַז דער זעעוודיקער מענטש דאַרף נישט קיין פירער, איז טאַקע אַליין געשטרויכלט געוואָרן אין אַ שווערן מאָמענט אין זיין לעבן. כדי נישט צו ליידן פון דער אינקוויזיציע, האָט ער „געלייקנט שטיין און ביין" און זיך אָפּגעזאָגט פון זיין וויסנשאַפט־לעכן גלויבן. צי מיינט איר נישט, אַז יוחנן מלמד, ווי יצחק לייבוש פּרץ מאָלט אים, וואָלט בעסער און מוטיקער אויסגעהאַלטן די פּראָבע און וואָלט פאַר זיין אמונה וועגן מקיים געווען דעם יהרג ועל יעבור, הגם ער איז געווען אַזאַ „שרעקעוודיקער", אַז ער פלעגט זיך קיינמאָל נישט איינשטעלן צו טון אַ טריט אַליין, אָן זיינע שטענדיקע באַגלייטער און פירער, דעם גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב און דער תורה, וואָס ער האָט געגעבן זיין פאָלק ישראל.

# די מענטשלעכע באַדערפעניש אין אמונה

די נישטיקייט פון אונדזער וויסן אַנטקעגן דער גראַנדיעזער מיסטעריע פונעם קאָסמאָס און די באַגרענעצקייט פון אונדזערע דערקענטעניש־כלים, די חושים און דער שכל, וואָלטן אַליין פאַר זיך נישט געבוירן דעם גלויבן. אַלס פּועל־יוצא פון אַ דער אומפאַרמיידלעכער מענטשלעכער איגנאָראַנץ, קען אויפקומען אַגנאָסטיציזם פון האַקלעי־סטיל אָדער פּראָסט סקעפּטיציזם און יאוש אינעם מענטשן, פאַרנייַנונג פון זיין שליחות אויף דער וועלט און במילא אויך פון דער גאַנצער מאָראַל און פון די יסודות פונעם געזעלשאַפטלעכן סדר. כדי עס זאָל געבוירן ווערן און זיך אַנטוויקלען דער גלויבן, ווי אַ שעפערישער כוח, איז נויטיק געווען, חוץ אָט דעם נעגאַטיוון מאָמענט, אַ צווייטער — אַ פּאָזיטיווער, אַ באַדערפעניש פונעם מענטשלעכן גייסט צו גלויבן אין כוחות אָדער אין אַ כוח, וואָס ער קען זיי נישט משיג זיין מיט זיינע חושים און נישט תופס זיין מיט זיין שכל, אַ קראַפט וואָס איז אויסער און איבער אים, אויסער און איבער דער נאַטור, ווי ער קען זי באַנעמען. דער מענטש קען נישט מושווה ווערן מיטן געדאַנק, אַז אויב די וועלט איז פאַר אים אַ פאַרזיגלט בוך, איז ער במילא פאַרמשפּט אַלע זיינע יאָרן צו בלאָנקזשען אין איר ווי אין אַ פינצטערן מדבר. איז ער אַליין בלינד, דאַרף ער לכל־הפחות האָבן די טרייסט, אַז ערגעץ איז יאָ פאַראַן אַ זעעוודיק אויג. זעט אים דאָס לעבן און דער סדר־העולם אויס אומפאַרשטענדלעך פאַר זיין אייגענעם שכל, מוז זיין אַ העכערער מכוון און אַ טיפערע כוונה. קען ער אַליין נישט דערגרונטעווען דעם זינען און דעם צוועק פון דער הויה, מוז זיין אַן עצם, וואָס אים איז העכער תכלית פון דער בריאה באַוואוסט, וואָס פאַר אים איז זי נישט קיין בלינדער צופאַל, נייערט אַ פּראָדוקט פון אַ העכסטן ווילן. און דער דאָזיקער עצם קען נישט זיין קיין אַנדערער ווי טאַקע דער, וואָס האָט די וועלט באַשאַפן, דער בורא עולם.

עס איז כלל נישט וויכטיק, צי האָט תמיד דער מענטש, פּונקט אַזוי געפילט און אַקוראַט אַזוי פאָרמולירט זיינע געפילן. זיכער איז נאָר, אַז קלאָר צי פאַרנעפּלט, האָט דאָס דאָזיקע געפיל פון אייביק אָן געוירן אינעם מענטשלעכן מין, בכל־אופן זינט יענעם טאָג, וואָס זיין עקסיסטענץ איז אונדז באַוואוסט. זעען מיר טאַקע, אַז די געשיכטע און עטנאָגראַפיע

דערציילן. אונדז פון מענטשלעכע עדהס און שבטים, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין וויסנשאַפט, וואו דאָס וויסן פונעם מענטשן איז געווען באַגרענעצט אויף די ווינציקע אָביעקטן און דערשיינונגען, וואָס ער קען באַנעמען מיט זיינע חושים. אָבער עס איז נישט געווען און עס איז נישטאָ קיין איין מענטשלעכע חברה, וואָס זאָל נישט האָבן קיין אמונה, און זאָל זיין אַ סאַמע פּרימיטיווע (האָנרי בערגסאָן), איז איך דער ווייטער און סודותפולער אינדיע אויפגעשטאַנען, ווי מען רעכנט, אין זעקסטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג, אַ גרויסער גאון, סידאַטאַ גאַטאַמאַ, וואָס האָט געוואָלט באַגרינדן אַ נייעם וועלט־באַנעם און אַ נייע עטיק, אָן שום צומיש פון מעטאַפיזיק און גלויבן. האָט ער אַליין נישט געגלויבט אין קיין שום געטער און דאָס פאָלק גערופן זיי צו פאַרלאָזן. און צי איז עס נישט קיין איראָניע, נישט פון דער געשיכטע, ווי מען זאָגט געווענלעך, נייערט פון דער מענטשלעכער נאַטור, אַ שפּיצל, וואָס זי האָט אים אָפּגעטון, אַז פון אים אַליין איז געוואָרן בודאַ, אַ גאָט, וואָס הונדערטער מיליאָנען מענטשן גלויבן אין אים. האָט דער פראַנצויזישער קאָנווענט, געטראָגן אויף די כוואַליעס פון דער גרויסער רעוואָלוציע, פייערלעך פּראָקלאָמירט אין 1793, אַז מהיום והלאה ווערט דער קולט פון פאַרשטאַנד אָנדערקענט ווי די נאַציאָנאַלע רעליגיע פון פראַנקרייך. איז ווער, חוץ ספּעציאַליסטן־היסטאָריקער, דערמאָנען זיך נאָך וועגן דעם הייַנט צו טאָג? נישטאָ קיין איין געבעט־הויז אין פראַנקרייך פאַרן גאָט־שכל און צענדליגער מיליאָנען גייען אין קלויסטער אויסצוגיסן זייער ביטער האַרץ פאַר זייער גאָט, דעם קריסטלעכן גאָט. פינף יאָר לערך נאָכן קאָנווענט איז אין אייגענעם פראַנקרייך געבוירן געוואָרן אָגיוסט קאָנט, דער וועמען עס איז באַשערט געווען צו ווערן דער פילאָסאָף פון פּאָזיטיוויזם. ער האָט געפּרואווט באַגרינדן אַ נייעם גלויבן אָן אַ גאָט. מענטשן האָבן געדאַרפט פאַרגעטערן דאָס „גרויסע וועזן" (לע גראַנד עטר) די מענטשהייט גופא, צו אים זיך בוקן און אים דינען. אָגיוסט קאָנט אַליין ווערט דער כהן־גדול פון דער נייער רעליגיע, און די גלחים האָבן געדאַרפט אין זיינע טעמפּלען פאַרביטן ווערן דורך פילאָסאָפן, פּאָעטן און וויסנשאַפטלער. ער האָט איינגעפירט אין זיין קולט דאָס גאַנצע קאַטוילישע קלאָפּערגעצייג. אַפילו אַ נייעם פּאָזיטיוויסטישן לוח האָט ער צוזאַמענגעשטעלט, וואו אָנשטאָט די קריסטלעכע הייליקע, האָבן געשיינט די נעמען פון די „וואוילטעטער פון דער מענטשהייט". נייע פּיר און אַכציק חגאות האָט ער איינגעפירט, אַלע צום אָנדענק פון גרויסע מענער און געשעענישן. פון דער אַ דאָזיקער אַוואַנטורע האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך, פּונקט ווי פון דעם „קולט פון שכל",

פּראָקלאַמירט פונעם קאָנווענט. אָבער דער פּרואוו אַליין איז סימפּטאָמאַטיש. די מאָטיוון, וואָס האָבן געפירט דערצו, חזרן זיך נאָך היינט איבער און ברענגען אַרויס גאַרנישט אַזוינע אומשולדיקע פּעולות ווי אין סוף אַכצנטן, אָנהויב נײַנצנטן יאָרהונדערט. משמעות, אַז נישט נאָר די נאַטור פאַרטראָגט נישט קיין פּוסטקייט, נאָר אויך די מענטשלעכע נאַטור קאָן זי נישט איבערטראָגן. און פאַרטרייבט מען גאָט דעם באַשאַפער, קומט אויף זײַן אָרט דער שטן. איז נישטאָ מער גאָט דער באַרעמהאַרציקער, זעצט מען אויף זײַן טראָן דעם מולך, גראָבט מען אויס פון זייערע קברים, ווענוס און דיאַניס, דערמאָנט מען זיך אין די רוימישע אימפּעראַטאָרס, וואָס זענען גלײַכצײַטיק „געווען" געטער, בלעטערט מען אויף די געשיכטע פון די אורמענטשן, וואָס האָבן געוואָלט בויען אַ טורעם „וואָס זײַנע שפּיצן זאָלן דערגרייכן ביז צו די הימלען" און מען מאַכט זיך נישט ווייסנדיק פונעם ביטערן סוף, וואָס עס האָבן געכאַפּט די אַרכיטעקטן פון דעם דאָזיקן בבל־טורעם. שטורעמט מען און צעטרייסלט מען כלומרשט דעם כסא־הכבוד פון הימל און מען בויט אויס דאָ אויף דער ערד במות און טראָגט פאַר אָפּגעטער, מענטשן אָדער טויטע אָביעקטן: פירער, הערשער, דעספּאָטן, גאָלד, מאַשינען, תענוגים. גראָד היינט צו טאָג האַלט מען אין אויפשטעלן אַ נײַעם טראָן, וואָס ווערט זיך מסתמא דערהויבן איבער אַלע אַנדערע ביז איצט געוועזענע, דעם טראָן פאַר דעם נײַעם אַטאָמישן אָפּגאָט. מוז מען זיך נישט ווילנדיק פרעגן, וועלכער טיפּ מענטש איז געווען פרייער און דערהויבענער: דער וואָס האָט טריי געדינט גאָט דעם באַשאַפער אָדער דער וואָס איז איצט פאַרשקלאַפט צו מענטשן און זאַכן? איז טאַקע דער אַלטער, קראַנקער היינע גערעכט געווען. ער האָט געזאָגט: „אונדזערע עלטערן זענען געווען ערלעכע, מוטיקע לײַט. זיי זענען געשטאַנען הכנעהדיק פאַר גאָט, אָבער פעסט און האַרטנעקיג קעגן די ערדישע הערשערס. איך אָבער האָב זיך אַנטקעגנגעשטעלט חוצפּהדיק קעגן הימל און מיט הכנעה געקראָכן אויף אַלע פיר פאַרן מענטשן. ליג איך טאַקע איצט אויף דער ערד ווי אַ צעטרעטענער וואָרעם" (1).

אָבער די דאָזיקע געצקעס, טײַוואָלים און שטנס זענען נישט מער ווי שאָטנס, וואָס אָט באַווײַזן זיי זיך, אָט פאַרשווינדן זיי. דאָס אומגליק איז נאָר וואָס זיי גייען נישט אַוועק אָן אַ שפּור. צי זעען מיר דען נישט היינט בחוש די בלוטיקע סימנים פון דער פאַרגעטערונג פון בלוט, מלוכה, פירער וכדומה? אָבער צו מעשה ידי אדם בוקט זיך אַמאָל דער מענטש נאָר אין צײַטן פון בלבול־המוחות און נשמה־ירידות. דער דורשט פונעם

מענטשן נאָך אַ פאָטער אין הימל, אַ גערעכטן און באַרעמהאַרציקן, אַן אַלמעכטיקן און אַלצוויסנדיקן, קען נישט געשטילט ווערן דורך נאַרקאָ-טישע געטראַנקען. פאַרשטייט זיך, ווען מענטשן וואָלטן אַלע מאָל געווען גליקלעך און נישט געוואוסט פונעם געפיל פון מורא, פון שרעק, וואָלטן זיי, ווי שפינאָזאַ זאָגט, נישט געדאַרפט אָנקומען צו אָבערגלויבנס (2). (פאַרגעסט נישט, אַז פאַר אים איז איטלעכע רעליגיע אַן אבערגלויבן). אָבער היות ווי דאָס פולע גליק איז קיינמאָל נישט געווען און וועט נישט זיין דער גורל פונעם מענטשן אויף דער ערד, און היות ווי די מורא זיך צו פילן איינזאַם און אַליין, עפעס אַ קליין פינטעלע אין דער קאָסמי-שער פאַנאָראַמע, מיט דעם גראָשענעם ליכטל פון יוחנן מלמד, וואָס לייכט ד על ד, איז אייביק, וועט דער מענטש אייביק זוכן אַ טרייסט און אַן אָנהאַלט אין עם גלויבן.

# ווײסן און גלויבן — צוויי ספערעס

ווייסן מיר, אַז די וואָרצלען פון גלויבן הויבן זיך אָן דאָרט, וואו דאָס מענטשלעכע וויסן ענדיקט זיך מיט דעם גרויסן פרעגצייכן: פון וואַנעט און וואוהין? פונדעסטוועגן וואָלט דאָס געווען אַ צו פּשוטע סכעמאַטיזירונג צו זאָגן, אַז וויסן און גלויבן זענען צוויי גראָדע ליניעס, וואָס לויפן פּאַראַלעל און במילא באַגעגענען זיי זיך קיינמאָל נישט. זייערע וועגן קרייצן זיך אָפט און איינער דרינגט אַריין אינעם צווייטנס פעלד. פונקט ווי דאָס וויסן ווייזט אָפט אַרויס די פריערדיגע אָפּצולייקענען די פּאָסטולאַטן פון דער אמונה, אַקוראַט אַזוי פלעגט אַמאָליקע צייטן, און צום טייל נאָך איצט, דער גלויבן האַלטן מלחמה מיטן וויסן, בעת ער האָט זיך דערפילט אין אַ סכנה צוליב די אָדער יענע וויסנשאַפטלעכע מסקנות. די צוזאַמענשטויסן צווישן וויסן און גלויבן וואָלטן נישט פאָרגעקומען, ווען די אמונה וואָלט געבליבן נאָר ביי אירע וואָרצלען, ווען זי וואָלט נאָר פּראָקלאַמירט דעם געטלעכקייט־פּרינציפּ און נישט געשטרעבט און נישט געמוזט שטרעבן דערצו, צו געבן דעם מענטשן איר אייגענע דערקלערונג פון די פענאָמענען פון דער נאַטור און פונעם מענטשלעכן לעבן. אין דעם מאָמענט אָבער ווען רעליגיע דרינגט אַריין אינעם דאָזיקן געביט, טרעפט זי זיך מיט דער וויסנשאַפט און עס הויבט זיך אָן דער קאַמף צווישן זיי, אַ קאַמף, וואָס איז נאָך ביז איצט נישט פאַרענדיקט.

פרעגט זיך, צי זענען טאַקע די דאָזיקע צוזאַמענשטויסן אומפאַרמיידלעך, צי קען מען נישט אָנצייכענען אַ באַזונדערן וואוקס־רוים פאַרן עץ־הדעת און פאַרן בוים פון גלויבן, פונקט ווי מיר געפינען דאָס בעת עס רעדט זיך וועגן די וואָרצלען גופא פון די דאָזיקע צוויי דערקענטעניש־פּרינציפּן. מיט אַנדערע ווערטער, צי קען מען נישט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז וויסן און גלויבן זענען „צוויי ספערעס", ווי דאָס זאָגט דער טיטל, פאַרשטייט זיך נאָר אין אַ בילדלעכער פאָרם, אָדער, ווי מען וואָלט דאָס געדאַרפט אויסדרוקן אויף אַ מער פּרעציזן אופן, צוויי באַזונדערע אופנים פון דערקענטעניש, פון באַנעמען די וועלט.

אַ רמז אויף אַזוי אַוועקצושטעלן דאָס פּראָבלעם געפינען מיר ביי דעם גרויסן יידישן דענקער ר' יהודה הלוי. אַזוי ווי די דאָזיקע אידעע איז ביי אים אַריינגעקוועטשט נאָר אין אַ פּאָר זאַצן (כוזרי, מאמר רביעי, י"ג),

קען מען קיין פולע פרעציזקייט נישט דערוואַרטן. פונדעסטוועגן איז ביי אים קלאָר פאָרמולירט דער געדאַנק, אַז וויסן און גלויבן זענען גרינטלעך פאַרשידן, שוין מחמת דער פאַרשידנקייט פון זייערע צילן גופא. די פּי־לאָסאָפן, זאָגט ער, ווילן נאָר איינס — דערגיין דעם אמת. דעם אייגענעם צוגאַנג האָבן זיי, ווען זיי פאָרשן דעם מהות פון גאָט, און דאָס אינטערע־סירט זיי אַקוראַט אַזוי ווי דער אמת וועגן דער ערד, וועגן די כוכבים און מזלות. דער מאמין אָבער זוכט אין זיין גלויבן אין גאָט נישט דעם אָביעקטיוון אמת, נייערט דעם נוצן פאַרן מענטשן. היות ווי ר׳ יהודה הלוי ג״כ לכתחילה אָפּ די בכורה דעם גלויבן, אַנטוויקלט ער נישט ווייטער זיין געדאַנק און מיר ווייסן נישט, צי איז געווען זיין כוונה אַרויסצו־ברענגען נאָר דעם פּרימאַט פון גלויבן, אָדער אויך, אַז צווישן גלויבן און פילאָסאָפירן בכלל מוז נישט דווקא זיין אַ גרונט־קעגנזאַץ.

שפּעטער, אין דרייצנטן יאָרהונדערט, איז דער רשב״א (ר׳ שלמה בן אדרת פון באַרצעלאָנע), וואָס איז געווען נישט בלויז אַ גאון בישראל, נאָר אויך אַ געבילדעטער מענטש לויט ד׳ השגות פון זיין צייט, צוריק־געקומען צום געדאַנק פון פאַרשידנקייט פון פילאָסאָפישן וויסן און רע־ליגיעזן גלויבן, און דערקלערט, אַז מען קען זיי נישט צונויפמישן אינאיינעם (3).

אַ סך מער ווי די יידישע רעליגיעזע פילאָסאָפיע, האָט זיך מיט דעם קאָנפליקט צווישן וויסן און גלויבן אָפּגעגעבן די קריסטלעכע טעאָלאָגיע, בפרט איר גלענצנדסטער און טיפסטער פאַרטרעטער, טהאָמאַס פון אַק־ווינאָ, וואָס ווערט נאָך עד־היום אָנגענומען פאַרן אָפיציעלן וואָרט־זאָגער פון דער קאַטוילישער פילאָסאָפישער דאָקטרין. ער פאַרנייגט נישט דעם „נאַטירלעכן שכל״ אָבער דאָרט, וואו דאָס „נאַטירלעכע ליכט״ קען מער נישט דעם מענטשן לייכטן, קומט אים צו הילף די אַנטפּלעקונג, דער געטלעכער אמת. דער דאָזיקער אמת איז נישט קעגן, נאָר איבער דעם שכל (4).

די ציטירטע יידישע און קריסטלעכע דענקער אָנדערקענען אַלע די פאַרשידנקייט פון דער פילאָסאָפישער און רעליגיעזער תפיסה. אָבער גלייכצייטיק באַזירן זיי זיך אויף דער אַבסאָלוטער אָדער טיילווייזער קעגנזאַצלעכקייט פון אָט די צוויי וועלט־באַנעמען. ווען מיר פּרוּאוון זען, צי איז טאַקע נישט מעגלעך צו פאָרמולירן די פראַגע אַנדערש ווי אַ דילעמע, ווי אַן „אָדער־אָדער״, צי קען מען נישט אויף זיין אָרט אַוועק־שטעלן אַ „סיי און סיי״.

מוז קודם־כל געזאָגט ווערן, אַז מיט פאַרשידענע אופנים פון תופס זיין

זאַכן און דערשיינונגען טרעפן מיר זיך נישט בלויז אויף דעם געביט, וואָס אינטערעסירט אונדז היינט, נאָר אויך ביי אַ רייע אַנדערע מענטש־לעכע רעאַקציעס, וואָס הגם זיי קענען אָפטמאָל זיך אויסווייזן ווי סתירה־דיק, זענען זיי אַלע באַרעכטיקט און איטלעכע פון זיי האָט איר באַשטימטן אָרט אין דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיע פונעם מענטשלעכן גייסט. נעמט למשל, ווי פאַרשידן עס גייט צו צום מענטשלעכן קערפּער דער אַנאַטאָם, דער פיזיאָלאָג און דער עסטעט. שטעלט זיך פאָר, אימיצער וואָס האָט ליב אַ פרוי און האַלט ביים באַוואונדערן די האַרמאָניע פון אירע ליניעס, דעם חן, וואָס איז אויסגעגאָסן אויף איר פּנים, דעם כּישוף פון אירע אויגן, דעם באַצויבערנדיקן אויסדרוק פון איר בליק. און אָט קומען צו גיין אַ בקי אין אַנאַטאָמיע, אָדער אַ ראַדיאָלאָג, און ווילן דעם דאָזיקן ביז משוגעת פאַרליבטן בחור ווייזן אַן אַנאַטאָמישן אַטלאַס אָדער אַ ראַ־דיאָ־פאָטאָגראַפיע, וואָס וועלן אָפּשפּיגלען אַזאַ נישט עסטעטיש בילד פון דער פאַרגעטערטער פרוי. אָדער לאָמיר זאָגן, עס וועט אימיצער אין דעם מאָמענט אונטערקומען און האַלטן אַ לעקציע וועגן פיזיאָלאָגיע. לאָמיר, צוליב בולטקייט פונעם משל, זיך פאָרשטעלן, אַז דער פאַרליבטער איז נאָך אַ פּאָעט אויך צו אַלע צרות. ווער וועט זיין גערעכט, דער פאַר־ליבטער פּאָעט, צי די קאַלטבלוטיקע געלערנטע? קלאָר, אַז אַלע. ווארעם אַלע דריי אויפפאַסונגען פון דער פרוי זענען ריכטיקע. עס איז אָבער יאָ פאַראַן אַ חילוק, וואָס באַשטייט דערין, אַז אינעם געגעבענעם פאַל איז דער אמת פונעם פאַרליבטן, אָדער לאָמיר זאָגן, דער פּאָעטישער אמת, דער ריכטיקסטער, און ער שטייגט איבער אַלע אַנדערע, מחמת אין דער מינוט און ביי די דאָזיקע אומשטאַנדן ענטפערט דער עסטעטישער און עמאָציאָנעלער אמת אויף אַ טיפער נשמהדיקער באַדערפעניש, בעת אַלע אַנדערע אופנים פון זען און באַנעמען די פרוי, וואָס זענען בדרך כּלל גוואַלטיק וויכטיק פאַר דער מענטשהייט, באַדאַרף אונדזער פאַרליבטער, דער באַשטימטער יחיד און אין דעם געגעבענעם מאָמענט, אויף טויזנט כּפּרות. נאָך מער. די לעקציעס וועגן אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע וועלן אין זיינע אויערן קלינגען ווי אַ פאַרשוועכונג, ווייל זיי קענען אים נאָך פאַר־מיאוסן אַ געשטאַלט, וואָס ער האָט אַ טיפע באַדערפעניש זי צו ליבן און צו פאַרגעטערן.

אָדער לאָמיר נעמען אַן אַנדערן משל, וואָס איז אָפט ציטירט געוואָרן, צווישן אַנדערע אויך פון אונדזער ד״ר חיים זשיטלאָווסקי ע״ה (5). שטעלט אייך פאָר, עס זיצט אַ מענטש אין אַ קאָנצערט־זאַל און איז אינגאַנצן פאַרכאַפּט פון, לאָמיר זאָגן, בעטהאָווענס „ניינטע סימפאָניע״, פאַרכאַפּט

אַזוי, ווי עס טרעפט מיט עכט מוזיקאַלישע מענטשן, אַז אַ ציטער דריגגט דורך זיין גאַנצן עצם, ענלעך צו דעם נשמה־צאַפּל, וואָס אמתע חסידישע דבקות רופט אַרויס ביי אַ פרומען יידן. וועט קומען אַ פיזיקער און וועט אים עפענען די אויגן, אַז אייגנטלעך נעמט זיך זיין התפעלות פון אַן אי־לוזיע פון זיין הער־סיסטעם און אַז אין דער אמתן זענען דאָס נישט מער ווי וויבראַציעס פון די לופט־כוואַליעס, וואָס זענען אַליין פאַר זיך קלאַנג־לאָז. בין איך זיכער, אַז דער מוזיק־ליבהאָבער וועט אָפּשיקן דעם געלערנטן פיזיקער צו אַלדע רוחות און וועט זיין פולקאָם גערעכט. הגם ער וועט אפשר דערמיט אַרויסווייזן אַ נישט אַכטונג צו איר מאַיעסטעט דער פיזיק און צו איר געטרייען דינער.

לאָמיר זאָגן, אַז דאַרווין איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט, אַז דער מענטש שטאַמט אָפּ פון נידעריקערע מינים. הייסט עס, אַז מיר און די שימפּאַנזעס אָדער גאָרילעס האָבן שותּפותדיקע אבות, וואָס זענען, איך ווייס נישט, און דאַרווין אַליין האָט דאָס אויך נישט געוואוסט, מיט וויפל הונדערטער טויזנטער אָדער מיליאָנען יאָרן צוריק, באַפּוצט מיט אַ לאַנגען וויידל, אַרומגעלאָפן אין די וועלדער, צי געקראָכן אויף די ביימער אויף אַלע פיר. נו, נעמען מיר אָן, אַז דאָס איז אַן אַבסאָלוטער וויסנשאַפט־לעכער אמת (דאָס איז נישט דער פאַל, אָבער לאָמיר דאָס היפּאָטעטיש צולאָזן). קענט איר זיך אויסמאָלן, ווי נמאס און מאוס וואָלטן אַלע אַרומיקע אונדז געוואָרן און יעדער פון אונדז זיך אַליין, ווען מיר זאָלן נישט בלויז דאָס וויסן, נאָר בפירוש זיך דאָס פאָרשטעלן און תמיד פילן, אַז מיר זענען אַ המשך פון דער אור־חיה, פונקט ווי די שימפּאַנזע אָדער אַן אַנדער מין מאַלפּע פון דעם מאַלפּן־קיניגרייך.

פיר יאָרהונדערטער זענען שוין אַוועק זינט קאָפּערניקוס האָט באַוויזן, אַז נישט די זון נאָר די ערד דרייט זיך. קומט אויס, אַז מיר אַלע וואָס רעדן וועגן זון־אויפגאַנג און זון־אונטערגאַנג זענען וויסטע עם־הארצים. און די פּאָעטן, וואָס באַזינגען און מאָלן אונדז אין אַלע פאַרבן און גע־שטאַלטן די דאָזיקע הימל־דערשיינונג, וואָס געהערט צו דעם שענסטן וואָס דעם מענטשן איז באַשערט צו זען, וועט אויסקומען, אַז זיי זענען פּראָסטע משוגעים און אַז מען וואָלט געדאַרפט פאַרברענען זייערע לידער און פּראָזע ווי אַנטי־וויסנשאַפטלעכע און שעדלעכע. האַלטן זיי דאָך אויף ביז היינט צו טאָג די שוין לאַנג באַנקראָטירטע פּטאָלאָמעאישע אַס־טראָנאָמיע!

פון די משלים, וואָס זייער איינציקע כוונה איז, פאַרשטייט זיך, געווען נאָר בולט צו מאַכן מיין געדאַנק, הגם זיי אַליין דריקן אים נישט פּרעציז

אויס, גיי איך איבער צו איניקע טעאָרעטישע הסברות. און איך וועל נעמען דאָס פּראָבלעם פון בחירה און נויטווענדיקייט, פרייען ווילן און דעטער־מיניזם. איז ידוע, אַז אַ גרויסע צאָל פילאָסאָפן, ווי שפּינאָזאַ למשל, האַלטן, אַז אַלע אונדזערע מעשים זענען באַדינגט דורך סיבות, וואָס דער מענטש איז אויף זיי קיין בעל־הבית נישט און במילא באַזיצט ער נישט קיין פרייען ווילן (6). אמת, מיר איז נישט באַוואוסט אַז אימיצער אַ געלערנטער זאָל נישט בלויז בדרך כלל, נאָר טאַקע אין אַ קאָנקרעטן פאַל האָבן באַוויזן די גאַנצע קייט פון סיבות, וואָס האָבן געבראַכט פלוני און אלמוני צו האַנדלען און זיך אויפצופירן אַזוי און אַזוי, און נישט אַנדערש. נאָך מער, איך בין זיכער, אַז ווען אַ גרויסער געלערנטער זאָל נעמען אַ קינד פון אַ וויגעלע, פון עלטערן, וואָס ער קען זייער גאַנצע ביאָגראַפיע מיט אַלע פּרטים, זיך צוקוקן צו אים און פון זיין געבוירן־טאָג אָן פאַרשן און נאָטירן אַלע זיינע באַוועגונגען ביז צו זיין לעצטן לעבנס־טאָג, וועט ער דאָך נישט זיין בכוח קאָנקרעט אויפצואווייזן די סיבות, וואָס האָבן הע מענטשן געמאַכט אַזוי ווי ער איז געווען, און נישט אַנדערש, אין זיין געשמאַק, אין זיין טעמפּעראַמענט, מאָראַל און הנהגה. נאָר נישט דאָס בין איך אויסן. איך וויל דאָ, כדי לייכטער מסביר צו זיין דעם ענין, אַקצעפּטירן אויף דערווייל, אַז וויסנשאַפטלעך שטייט דער דעטערמיניזם פעסט ווי אַ פעלדז און אַז דער פרייער ווילן איז נישט מער ווי אַן אילוזיע, ווי שפּינאָזאַ האָט דאָס אונדז אַזוי בילדלעך געלערנט מיט זיין באַרימטן משל, מיטן שטיין, וואָס קייקלט זיך צוליב אַ שטויס, וואָס ער האָט געקריגן. ווען, זאָגט שפּינאָזאַ, האָט שטיין וואָלט געקענט דענקען, וואָלט ער זיכער געמיינט, אַז ער קייקלט זיך, ווייל אים געפעלט זיך צו באַוועגן און נישט ווייל מען האָט אים אַ שטויס געטאָן (7).

ווייסט קיינער פון אונדז נישט וואָס דער שטיין וואָלט זיך געקלערט, ווען ער וואָלט געווען דענק־פעאיק. מאָלט זיך אָבער אויס, וואָס וואָלט געוואָרן פון אונדזער גאַנצן לעבן, ווען מיר וואָלטן נישט נאָר געהערט, אַז עס איז פאַראַן אַ וויסנשאַפטלעכע דעה וועגן דער אַבסאָלוטער נויטווענדי־קייט פון אַלע אונדזערע אַקטן, נאָר זי געפילט און געלעבט מיט איר. מיט אַזאַ דורכגעפילטן און דורכגעלעבטן פאַטאַליזם, וואָלט אונדז קיין אַנדער עצה נישט געבליבן, ווי אָדער צו ליגן גאַנצע טעג אויפן קאַנאַפּע און שפּייען צום באַלקן, אויב מען האָט וואָס צו עסן און צו טרינקען, אָדער זיך דאָס לעבן נעמען. קען גרייכלעך געמאָלט זיין, אַז דער הכל צפוי והרשות נתונה פון ר׳ עקיבא (אבות, פרק ג׳, ט״ו) איז לאָגיש נישט זער

אויסגעהאַלטן. וויבאַלד אַלץ איז פון גאָט פאָראויסגעזען, זענען אונדזערע מעשים פון פאָראויס באַשטימט און מיר האָבן במילא קיין פרייע ברירה נישט. אָבער, יאָ לאָגיש, נישט לאָגיש, נאָר אָט צוליב דער דאָזיקער אומלאָגישקייט פאַרלירן מיר נישט אונדזער גלויבן און האַלטן גלייכצייטיק אויף אונדזער אַקטיוון ווילן. און מעג די וויסנשאַפט וויסן נאָר סיבות און פעולות, נאָר אַ „מוז", דער מענטש באַדאַרף גלויבן אין רצון און תכלית, אין אַ „זאָל". וואָרעם וואַרפט ער דאָס אַלץ אַוועק, וואָס בלייבט מיט זיין נשמה און וואָס וועט געשען מיט זיין מאָראַלישן באַוואוסטזיין? לאָזט ער זיך טאַקע נישט איינרעדן און פאַרפירן און האַלט פעסט ביי זיין גלויבן, כל־זמן, פאַרשטייט זיך, ער פילט אַ באַדערפעניש צו גלויבן.

דאָס אייגענע איז ריכטיק, הגם דאָס קען אויבנאויפיק זיך אויסווייזן נישט אַזוי קלאָר, אויך בנוגע צו דער מיינונג פון געוויסע פילאָזאָפן מכוח השארת־הנפש. איז אַ טייל פון זיי דערקלערן בכלל דעם דאָזיקן גלויבן ווי אַ פוסטע באָבע־מעשה. אַנדערע ווידער האָבן געמאַכט אַ ווערבאַלע, און נישט מער ווי אַ ווערבאַלע, פשרה מיטן טראַדיציאָנעלן גלויבן און געזאָגט, אַז עס איז יאָ פאַראַן השארת־הנפש. נאָר וואָס דען? — דער טייל פונעם שכל, וואָס האָט דערגרייכט זיין רעאַליזאַציעביים לעבן פונעם מענטשן, וועט נאָך זיין טויט זיך פאַראייניקן מיטן אַקטיוון שכל, מיטן וועלט־גייסט. וויל איך שוין נישט רעדן וועגן דעם, אַז מיר קומט אויס, אַז אפילו דאָס גלויבן אין קערפּערלעכער תחית־המתים, אַריינגענומען דאָס דערקייקלען זיך אונטער דער ערד ביז ארץ־ישראל, אַז משיח וועט קומען, זעט אויס נישט ווייניקער נישט־וויסנשאַפטלעך, ווי די דאָזיקע אויסטערלישע אַריסטאָטעליש־מיימוניסטישע השערה. דער חילוק איז נאָר, וואָס דער גלויבן אין השארת־הנפש איז אַ פרוכטבאַרע אידעע, ווייל זי גיט מיר האָפענונג און טרייסט און ווייל זי ענטפערט אויף אַ טיף איינגעוואָרצלטע מעטאַפיזישע באַדערפעניש אין אַ המשך פון מיין איך, פון מיין פערזענלעכקייט, בעת דער פילפול מכוח דער צונויפשמעלצונג פון מיין שכל, פינקטלעכער נאָר פון דעם טייל זיינעם, וואָס איז אַרויס מן הכוח אל הפועל, מיט אַ וועלט־גייסט, מוז פאַר מיר בלייבן נישט מער ווי אַ פוסטע וואָרט.

און איצט וועלן מיר איבערגיין פונעם מענטשלעכן יחיד, פון איטלעכן פון אונדז, צום קאָסמאָס און צו דעם אָרט גופא, וואָס דער מענטש פאַרנעמט אין אים. איז נישט פאַראַן קיין וועלט־פּלאַן, איז די וועלט אַ בלינדער מעכאַניזם, וואָס פונקציאָנירט, מען ווייסט נישט צוליב וואָס, און ווער האָט אים אָנגעדרייט, איז פאַראַן נאָר אַ „ווי" אָבער נישט

קיין „צוליב וואָס”, איז נישטאָ קיין תכלית נאָר אַ סיבה, אָדער די סיבה און דער תכלית (די קאוזא און ראַציאָ) זענען היינו הך, קען מען, פאַרשטייט זיך, פיזיאָלאָגיש לעבן, עסן און טרינקען אויך אין אַזאַ וועלט. קומען אָבער ביי איטלעכן מענטשן אויף מאָמענטן, ווען דאָס לעבן מוז נמאס ווערן, פאַרלירן זיין חן און זיין זינען, אויב דער באַשאַף האָט נישט קיין זינען און קיין צוועק, און דער מענטש אַליין שוין אַוודאי און אַוודאי נישט.

די נאַטור־פילאָזאָפן פאַרזשומען אונדז די אויערן, אַז דער מענטש איז נישט מער ווי אַ שפּרענקעלע אינעם אוניווערס, וואָס פון קאָסמישע דיסטאַנצן וואָלט מען אים מיט קיין שום פאַרגרעסערונג־אַפּאַראַט, ווי שטאַרק ער זאָל נישט זיין, אַפילו נישט באַמערקט. אַ וואָרעם אויף דער ערד איז אַ גיגאַנט קעגן דעם מענטשן אינעם קאָסמאָס. איז לאָמיר אויף אַ ווײַלע (אָבער טאַקע נאָר אויף אַ ווײַלע) פאַרגעסן, וואָס די תורה זאָגט אונדז, אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן פון בורא־עולם אין זיין געשטאַלט און גלייכעניש. אָבער צי איז דאָס לעבן גופא מעגלעך, אויב מען זאָל זיך באמת זיך אויסמאָלן און באמת טאַקע פילן, אַז מיר זענען קלענער און נידעריקער, צי פונקט אַזוי גרויס, הויך און חשובדיק ווי דער וואָרעם? קענען מיר משווה ווערן מיט דעם געדאַנק, אַז דער מענטש, לויטן טרעפלעכן אויסדרוק פון זשאַק מאַריטען, איז נישט קיין פערזענלעכקייט, די גרויסע מעטאַפיזישע מיסטעריע, נייערט בלויז אַן אינדיווידואום, אַן אַטאָם צווישן אַטאָמען? (8). בלייבן מיר טאַקע, אין אונדזער פילן און באַוואוסטזיין, ווי פאַר קאָפּערניקוס' צייטן, די קרוין פון דער בריאה, איר זינען און איר תכלית.

האָבן יידן טויזנטער יאָרן געגלויבט, אַז די תורה איז זיי געגעבן געוואָרן מן־השמים, דורך משה רבנו אויפן באַרג סיני. זענען געקומען די ביבל־קריטיקער, מיט שפינאָזאַ אַלס ערשטן (אויב מען זאָל פאַרשווייגן, אַז ער אַליין האָט זיך צום טייל סומך געווען אויף אברהם אבן עזרא) און אָנגעהויבן זיך גריבלען אין דער כראָנאָלאָגיע פון תנ״ך, ווי מען איז זיך נוהג מיט אַ ליאַדע וואָכעדיקן ליטעראַריש־היסטאָרישן חבור, און אויסגעפונען, אַז די דיזיקע כראָנאָלאָגיע שטימט נישט מיט דער מסורה און אַז פאַרשידענע טיילן פון דער תורה זענען געשריבן אָדער רעדאַקטירט געוואָרן אין פאַרשידענע שפּעטערדיקע צייטן. בין איך נישט קיין מומחה צו זאָגן, צי זענען די ביבל־קריטיקער וויסנשאַפטלעך גערעכט צי נישט. איך שטעל מיר אָבער אַן אַנדער פראַגע, טאַקע די אייגענע ווי אויבן ביי דער לעקציע פון פיזיאָלאָגיע: וואו שטעקט מער ל ע ב ע ד י ק ע ר אמת, צי אין דער תורה, צי אין

דער ביבל־וויסנשאַפט ? האָט די תורה באַגייסטערט און באַגייסטערט עד־היום הונדערטער טויזנטער מענטשן, האָט זי זיי געוועקט צו גרויסע מעשים, צו קרבנות נישט בלויז אין נאָמען פון גאָט, נאָר אויך צוליב מענטשלעכקייט און פרייהייט. און וויפיל האָבן געהערט פון וועלהויזען, קיטעל, דעליטש וכדומה, פון זייערע גויאישע תלמידים און יידישע נאָכפאָלגער ? האָט די תורה און דער גלויבן אין איר געטלעכן אָפּ־שטאַם אויפגעהאַלטן דורות ערלעכע יידן, טייערע יידישע נשמות. האָט די ביבל־קריטיק געעפנט מיר און טויזנט פּחדנים און דעזער־טירערס, זיי זאָלן קענען מיט אַ „רואיקן געוויסן" פאַרלאָזן אונדזער מחנה און אַנטלויפן, ווי עס פלעגט נאָר אָנקומען אַ סכנה. און ווי אָפט קומט זי אויף און ווערט זי נאָך אויפקומען די דאָזיקע סכנה.

אחד העם דערציילט ערגעץ וועגן אַ פּרומען איטאַליענישן גלח, וועל־כער איז גלייכצייטיק געווען אַן אויסגעצייכנטער אַסטראָנאָם. אויף דער פראַגע, וואָס מען פלעגט אים שטעלן, ווי אַזוי קען ער פאַראייניקן אַזוינע צוויי סתירהדיקע פונקציעס, פלעגט ער ענטפערן : אַז איך פאַרנעם זיך מיט אַסטראָנאָמיע, פאַרגעס איך אין מיין גלחות, און אַז איך שטיי פאַרן אַלטאַר, פאַרגעס איך אין מיין אַסטראָנאָמיע. דער דאָ־זיקער ענטפער איז נישט בלויז אַ וויץ, נאָר אויך אַ טיפער אמת, נישט בלויז פאַר דעם דאָזיקן גלח, נאָר אויך פאַר אַ גרויסער מאַסע מענטשן, וואָס האָבן געגעסן און געניסן פריי פונעם מאָדערנעם וויסן און זענען דאָך געבליבן טריי דעם גלויבן פון זייערע עלטערן און עלטערנס על־טערן. אָט זעען מיר, אַז די קאַטוילישע קירך האָט שלום געמאַכט מיטן קאָפּערניקוס׳ לערע, און שוין אין יאָר 1757 זענען זיינע ביכער אַראָפּגענומען געוואָרן פון וואַטיקאַן־אינדעקס, בעת קאָפּער־ניקוס האָט זיך באַוויזן, האָט מען געמיינט, אַז זיין לערע וועט דעם גלויבן דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ, פון וועלכער ער וועט שוין קיין לעבעדיקער נישט אויפשטיין. איז דער מענטש געבליבן די קרוין פון באַשאַף און לעבט בשלום מיט דער נייער אַסטראָנאָמיע. נאָך אָט דער אויפטרייס־לונג האָט דער גלויבן קיין מורא נישט צו האָבן פאַר קיין שום ווי־סנשאַפטלעכע דערפינדונגען, ווייל ווי גרויס און ווי רייך זיי זאָלן נישט זיין, וועלן זיי נישט קענען אָפּווישן און אַפילו נישט אָפּשוואַכן דעם מע־טאַפיזישן דורשט פונעם מענטש צו גלויבן.

פאַרשטייט זיך, די דאָזיקע „מעטאַפיזישע באַדערפעניש" איז נישט אין אַלע צייטן און נישט אומעטום גלייך שטאַרק. פאַראַן מענטשן, און זייער צאָל ווערט בכלל איצט גרעסער, בפרט ביי יידן צוליב סיבות פון

וועלכע איך האָב גערעדט בפרטיות אויבן, וואָס ביי זיי איז די דאָזיקע באַדערפעניש אָפּגעשוואַכט אָדער גאָר אַטראָפּירט געוואָרן. זיך באַרימען חערמיט און זיך גרויס האַלטן, איז כ'לעבן נישטאָ מיט וואָס. דאָס איז אַ גייסטיקער דעפעקט פונעם מענטשן, אַקוראַט אַזוי ווי סריסות איז אַ פיזיאָלאָגישער מום. דער חילוק איז נאָר, וואָס קיין איין סריס, וועלכער קען נישט באַגרייפן, וואָס הייסט ליבע און געשלעכטלעכע אימפּולסן, איינע פון די פונדאַמענטאַלסטע און ווירקזאַמסטע אינעם לעבן פון מענטשן, איז נאָך קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו מאַכן פון סריסות אַ געהויבענע מעלה און זי אויפצובויען צו אַ סיסטעם, בעת מענטשן, וואָס זיי זענען פרעמד די אינטואיציע און דער עקסטאַז פון גלויבן, ווילן דווקא די גאַנצע וועלט מאַכן פאַר בעלי־מומים, פאַר קאַליקעס. פאַראַן מענטשן, וואָס זענען פאַרבן־בלינד אָדער קלאַנגען־טעמפּיק, האָבן זיי נישט קיין אויג פאַר די שענסטע מאָלערייען און די געניאַלסטע סימפאָניע ווערט אין זייערע אויערן פאַרוואַנדלט אין אַ קאַקאָפאָניע. דאַרף מען אָט די בעלי־מומים היילן אויב עס לאָזט זיך און בכל אופן אָפּהיטן די נאָר־מאַלע מענטשן, מיט אַ געזונטן אויג און געהער, זיי נישט נאָכצומאַכן.

איז פאַראַן אויף דעם אַ שיינער משל פון בעל־שם־טוב הקדוש. עס איז אַמאָל געווען, דערציילט ער, אַ גרויסער מייסטער, וואָס זיין שפּילן האָט פאַרמאָגט אַן אַ שיעור האַרציקייט און מתיקות. שפּילט דער דאָזיקער מייסטער אַמאָל פאַר אַן עולם, און זיין שפּילן האָט זיי אַריינגעבראַכט אין אַזאַ עקסטאַז, אַז די פיס האָבן זיך נישט ווילנדיק געהויבן צום טאַנץ. קומט בעת מעשה פאַרביי אַ טויבער און הויבט נישט אָן צו באַגרייפן, וואָס דאָ טוט זיך. עס איז געווען נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז דער התלהבותדיקער עולם מיט זיינע טענץ און עקסטאַטישע העוויות, האָבן אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי משוגעים.

ווילט זיך טאַקע צום סוף געבן אַן עצה־טובה זיך אַליין און אַלע גוטע פריינד: געדענקט די מעשה מיטן טויבן. ווען עס זיין אַ סגולה אויף געהיילט צו ווערן, אויב מען איז שוין טויבלעך, און נישט טויב צו ווערן, חלילה, אויב מען איז נאָך הערעוודיק.

## רעפערענצן צו די קאַפּיטלען:

אַ וואָרט וועגן דער באַגרענעצקייט און אומזיכערקייט פון מענטשלעכן
וויסן;

די מענטשלעכע באַדערפעניש אין אמונה;

וויסן און גלויבן — צוויי ספערעס.

(1) Hugo Bieber. Heinrich Heine, Confessio Judaica. Berlin 1925, S. 187 (Brief an Maximilian Heine).

(2) Spinoza. Der Theologisch-politische Traktat, Vorrede.

(3) ציטירט לויט צינבערג, געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן, באַנד 3, ז' 90.

(4) Karl Vorlaender. Geschichte der Philosophie. Leipzig 1927, Band I, SS. 276-8.

(5) חיים זשיטלאָווסקי: ספּינאָזיזם און קריטיציזם אינעם שפּינאָזאַ-בוך אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר יעקב שאַצקי ניו-יאָרק 1932.

(6) Spinoza. Die Ethik. Reclam-Ausgabe, zweiter Teil, 35. Lehrsatz, Anmerkung. Dritter Teil, 2. Lehrsatz, Anmerkung. Lehrsatz, Anmerkung. Dritter Teil, 2 Lhersatz, Anmerkung.

(7) פון שפינאָזאס אַ בריוו אָן אַ דאטע צו אַן אומבאקאנטן פריינד, ציטירט לויט:

B. von Spinozas saemmtliche Werke, aus dem Lateinischen von Berthold Auerbach. Fuenfter Band. Stuttgart 1841, SS. 364-5.

(8) Jacques Maritain. Principes d'une politique humaniste. N. Y. 1945, pp. 19-20.

# דאָס פילאָסאָפישע העכסטע וועזן
# און דער פּערזענלעכער לעבעדיקער גאָט

דער בעסטער באַווייז פֿאַר דער עכטקייט פֿון דער גאָט־אידעע און פֿון איר טיפֿער איינגעוואָרצלטקייט אין דער מענטשלעכער נשמה, איז די גרויסע צאָל פֿאַלסיפֿיקאַציעס און סוראָגאַטן פֿונעם אמתן גלויבן, וואָס זענען אין פֿאַרשידענע צייטן און לענדער צוגעטראַכט און געמאַכט געוואָרן. וויל איך דאָ רעדן היינטיקס מאָל פֿון איינעם פֿון די דאָזיקע סוראָגאַטן, אַזוינעם, וואָס געפֿינט גראָד אין אונדזער עפּאָכע אַ גרויסן אָפּזאָץ, הגם אין אַ קליינעם קרייז, אינעם קרייז פֿון די, וואָס געלערזאַמקייט און חקירה איז זייער ספּעציאַליטעט, אָדער פֿאַך. איך מיין דעם פילאָסאָפישן גאָט, דאָס „העכסטע וועזן", וואָס געוויסע ראַבייס האָבן געהאַט דעם באַדויערלעכן „מוט" אים אַריינצוברענגען אַזש אינעם יידישן סידור אַריין.

מען קען זיין אַן אַפּיקורס גמור, נישט האַלטן פֿון קיין שום אמונה און גלויבן נאָר דערין, וואָס מען קען באַנעמען מיט די חושים, אָדער באַווייזן מיטן שכל, ווי יענער ייד פֿון „יאַנקי־סיטי", וואָס האָט דעם אויספֿאָרשער, וועלכער האָט אים געפֿרעגט, צי גלויבט ער אין אַן עולם־הבא, געענטפֿערט: „אויב איר קענט מיר דאָס באַווייזן, וועל איך גלויבן" (1). דאָס איז פּשוט, אַפֿילו פּרימיטיוו, אויב איר ווילט. עס האָט אָבער די מעלה פֿון קלאָרקייט און אויסגעהאַלטנקייט. זעט איר אָבער, אַ גרויסע עוולה און נישט בלויז אַ לעכטערונג פֿון גאָטס נאָמען, בייערט אויך אַ פֿאַרשוועכונג פֿון מענטשלעכע געפֿילן, איז עס ווען מען נעמט דעם גלויבן אין גאָט און מען מאַכט דערפֿון אַן ענין פֿון שכלדיקע ספּעקולאַציעס און פּלפּולים, וואָס קענען נישט באַפֿרידיקן דעם שכל און אַ פּשיטאַ שוין נישט געבן קיין אויסוועג פֿאַר די עמאָציעס און געפֿילן, וואָס די אמונה באַפֿרידיקט און רופֿט זיי גלייכצייטיק אַרויס. דער, וואָס טוט דאָס, איז בפֿירוש עובר אויפֿן „זאָלסט נישט אַרויפֿברענגען דעם נאָמען יהוה, דיין גאָט צום פֿאַלש".

מיט דעם גאָט פֿון ברוך שפּינאָזאַ, וואָס פֿון זיינע קוואַלן, אגב, שעפּן אַלע היינטיקע יידישע חקרנים, דעם גאָט־נאַטור, קענען זיך אפֿשר צופֿרידנשטעלן די, וואָס נישט האָבנדיק קיין גאָט אין האַרצן באַגניגן זיי זיך מיטן וואָרט גאָט. אָבער וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט דאָס אינהאַלטלאָז און

נשמה־פוסט וואָרט מיטן יידישן גאָט, מיטן גאָט פון אונדזער געשיכטע, פון אונדזער תורה און מוסר־ספרים, מיטן לעבעדיקן גאָט פון אַ יוחנן וואַסער־טרעגער, אָדער אַ טוביה דער מילכיקער? נעמט מען אָן די קאָנצעפּציע פון אַ גאָט אָן אַ ווילן, אָן העכסטע מידות, צו וועלכע מיר פלייסן זיך צו דערנענטערן, אַ גאָט־נאַטור, וואָס ווירקט לויט מעכאַנישע געזעצן, דאַרפן מיר זיך נישט בלויז אָפּזאָגן פון דער תורה, פון די נביאים און פון די אַלע אַנדערע ספרים, געהייליקט דורכן פאָלק און פון אים צוריק פאַרהייליקט. דאָס איז נישט גענוג. מען וועט מוזן אַרויסוואַרפן ווי אַלטע שמות, אַלע מדרשים און אגדות, די גאַנצע מיטלעלטערלעכע יידישע פּאָעזיע, די פּיוטים, סליחות און קינות, סיידן מען זאָל איין זיי אַריינטייטשן אַן אַבסטראַקטן שכלדיקן גאָט, וואָס האָט זיך זייערע מחברים נישט געחלומט און וואָס וואָלט גאָרנישט נישט געזאָגט דער נשמה פון דעם מתפלל, פון דעם זאָגער, אָדער לייענער.

אויב דער מענטש באַדאַרף אַ גאָט, איז דאָס אַ גאָט־פּערזענלעכקייט, מיט אַ העכסטן שכל און ווילן, וואָס פירט די וועלט און האָט השגחה איבער איר, און נישט נאָר אַ השגחה כללית, ווי די צדוקים־אַריסטאָקראַטן און געוויסע פילאָסאָפן האָבן עס געוואָלט האָבן, נאָר דוקא אויך אַ השגחה פּרטית איבער איטלעכן פון אונדז. אויב צמאה נפשי לה׳, דאַרשט מיין נשמה צו גאָט, דאַרף ער מיך הערן, דאַרף ער זיין קרוב לכל קוראיו און אויף מיין רוף צו אים דאַרף איך קענען דערהערן אַן אָפּרוף. דאָס דאַרף זיין אַ גאָט, וואָס פאַרשטייט אונדזער שפּראַך, פאַר וועלכן דער מענטש זאָל קענען אויסגיסן זיין ביטער האַרץ (לפני ה׳ ישפוך שיחו), וואָס מען זאָל קענען מיט אים זיך אויסטענהן, אַפילו אויף מאַמע־לשון, ווי דאָס האָט געטון ר׳ לוי יצחק פון בערדיטשעוו. די שכלדיקע ליבע צו גאָט־נאַטור, די אַמאָר דעי אינטעלעקטואַליס פון ברוך שפּינאָזאַ איז אַן ענין, וואָס יחידים־פילאָסאָפן קענען אפשר משיג זיין. אָבער וואָס גיכער פאַר אַלץ איז דאָס אַפילו פאַר זיי אַליין נישט מער ווי אַ לאָגישע סוגיא. דאָס פאָלק, איטלעכער פון די הונדערטער מיליאָנען מענטשן אויפן ערד־קוגל, באַדאַרף אַ גאָט, וואָס דו זאָלסט אים קענען ליבן — בכל לבבך, בכל נפשך ובכל מאדך, מיטן גאַנצן האַרצן, מיטן גאַנצן זעל און מיט דער גאַנצער קראַפט.

אַ גאָט־נאַטור, אַ העכסטער עצם אָן אַטריבוטן, אַזוינער, וואָס מען קען אים אַפילו מיט גייסטיקע אויגן נישט זען, גיט נישט דעם מענטשן קיין ליכט און וואַרעמקייט. ווילט זיך מיר דאָ ציטירן איינעם פון די גרעסטע און סאַמע מאַגישע גייסטיק־פאַרוואָגלטע יידישן וואַנדערער, היינריך

הײנע. אמת, ער איז נישט געװען קײן פילאָסאָף, אָבער דאָס מאַכט נישט אויס. װאָרעם זענען דען אַלע, װאָס קרימען מיט דער נאָז, אַז מען דערמאָנט זײ גאָטס נאָמען, פילאָסאָפן? אָבער אײן מעלה האָט הײנע זיכער געהאַט: אַ לעבעדיקן שפּרודלדיקן געדאַנק און װערטער, װאָס, אָט לײכטן זײ אויף װי בליצן, אָט שטעכן זײ דורך װי שפּיזן און טוען בלוטיק װײ, אים אַלײן און אונדז אַלעמען. שרײבט ער צו הײנריך לאַובען דעם 25סטן יאַנואַר 1850 פון זײן פּאַריזער גסיסה־בעט: „איך האָב, כדי דיר די זאַך צו מאַכן מיט אײן װאָרט דײטלעך, דעם העגעליאַנישן גאָט, אָדער, ריכטיקער די העגעליאַנישע גאָטלאָזיקײט, פאַרלאָזט, און אויף זײן אָרט װידער אַרויסגענומען דעם עיקר פון אַ רעאַלן פּערזענלעכן גאָט, װאָס געפינט זיך אויסער פון דער נאַטור און אויסער דעם מענטשן. די דאָזיקע דאָגמע לאָזט זיך פונקט אַזוי דורכפירן װי דער העגעליאַנישער סיסטעם" (2). און אין זײן נאָכװאָרט צום ראָמאַנצעראָ: „איך האָב זיך צוריקגעקערט צו גאָט, װי דער פאַרלוירענער זון, נאָך דעם װי איך האָב אַ לאַנגע צײט געפּאַשעט חזירים בײ די העגעליאַנער. האָט מיך מײן עלנט און מײן נויט געטריבן צוריק? אפשר אַ װײניקער אומגליקלעכער גרונד. די בענקשאַפט צום הימל האָט מיך פאַרכאַפּט און האָט מיך געטריבן אַלץ װײטער און װײטער, דורך װעלדער און תהומען, איבער די שװינדלדיקע בערגשטעגעלעך פון דער דיאַלעקטיק. אויף מײן װעג האָב איך געפונען דעם גאָט פון די פּאַנטעאיסטן, אָבער איך האָב אים נישט געקענט געברויכן. אָט דאָס אָרעמע פאַרחלומטע װעזן איז פאַרװעבט און פאַרװאַקסן מיט דער װעלט, אַזוי װי אין אַ תּפיסה פאַרשלאָסן, און ער געװעצט װילנלאָז און מאַכטלאָז. כדי צו האָבן אַ װילן, מוז מען זײן אַ פּערזאָן . . . באַגערט מען אַ גאָט, װאָס זאָל קענען העלפן — און דאָס איז דאָך דער עיקר — מוז מען אָננעמען אויך זײן פּערזענלעכקײט, זײן אויסערװעלטלעכקײט און זײנע הײליקע אַטריבוטן, זײן גוטסקײט, זײן חכמה, זײן גערעכטיקײט און אַלץ אָן אַ גרענעץ און אָן אַ מאָס . . ." קען גרײלעך געמאָלט זײן, אַז עלנט און פּײן האָבן הײנריך הײנען געבראַכט צום גאָט פון זײנע אבות, אָבער צי זענען זײ דען נישט אונדזערע שטענדיקע לעבנס-באַגלײטערס?

גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זײן געשטאַלט און גלײכעניש און אין אים אַרײנגעהויכט אַ הויך פון זײן כבוד, פון זײן גלאָריע. אָבער פאַר קײן גאָט אים, דעם מענטשן, נישט געמאַכט, דערפאַר אָבער אים געגעבן רשות צו באַגרײפן מענטשלען זײן באַשאַפער. דערצײלט אַ פרעכטיקע אגדה, אַז נאָך דעם װי דער ערשטער מענטש האָט אַ נאָמען געגעבן אַלע

באשעפעניש, האט אים הקב״ה געפרעגט: „ואני מה שמי?״ — ווי איז מיין אייגענער נאמען? און גאט האט אנגערופן דעם נאמען אדוני, וואס אדם האט אים געגעבן און געזאגט: „אני הוא שמי שקרא לי אדם״ — איך בין דער, מיט וואסער נאמען דער מענטש האט מיך באצייכנט. זאגט אויף דעם דער מהר״ל מפראג, אז דער בורא־עולם באווייזט זיך פאר דער וועלט אונטערן נאמען און אונטער די באגריפן, מיט וועלכע דער מענטש טוט אים באקליידן . . . און ווערט נתגלה אין דער גע־שטאלט, אין וועלכער דער מענטש איז אים משיג״ (3).

איך ווייס וואויל, אז ווען מען זאל דעם דאזיקן געדאנק דערפירן ביז צום סוף, קען מען קומען צום גלויבן אין א קערפערלעכן גאט, און אז מען קען מיך שרעקן מיטן ספעקטער פון אנטראפאמארפיזם. איז מיין ענט־פער אויף דעם, אז ראשית ווערט יעדער געדאנק, ווען מען איז אים מגזם, אן אבסורד; והשנית ווען מען דענקט וועגן דעם בורא עולם דארף מען זיך האלטן ביי דעם, וואס אונדזערע חכמים האבן אונדז גע־לערנט און ביי דעם, וואס גלויביקע יידן האבן אנגענומען, ווייל קיין בע־סערער און זיכערער אנהאלט — פונקט ווי קבלת־אבות איז אין עניינים פון אמונה נישטא. יידן האבן אנגענומען די י״ג עיקרים פון רבנו משה בן־מימון און זיי גלויבן באמונה שלמה, אז דער בורא יתברך שמו איז נישט קיין גוף און נישט קיין געשטאלט, און אז מען קען אים נישט קערפערלעך משיג זיין. זיכער איז דער דאזיקער גלויבן העכער און נישט אין פארגלייך אידעאלער ווי די קערפערלעכע פארשטעלונגען פון גאט. אבער איך מוז זיך מודה זיין, אז איך זע נישט קיין גרויסע סכנה, וואס קינדער און פשוטע פאלקס־מענטשן, ווען זיי ווענדן זיך צו גאט, שטעלן זיי זיך אים פאר בילדלעך. איז דאך אויך דער פאלקלאריסטישער טייל פון תלמוד פול מיט אזוינע פארשטעלונגען און מעטאפארעס. נאר דער רמב״ם, וואס הגם ער איז געווען א גדול בישראל, איז ער אבער נישט פריי געווען פון א גוזמאדיקער איבערשאצונג פונעם שכל און דעריבער אפט מאל אריינגעפאלן אין א טרוקענעם ראציאנאליזם, האט געקענט זאגן: „זאלסט־זשע וויסן, אז אויב דו גלויבסט אין הגשמה אדער ווען דו שרייבסט צו דעם כביכול איינעם פון די גשמיותדיקע אטריבוטן, דער־בייזערסט און דערצארנסט דו שרעקלעך דעם אויבערשטן, דו ווערסט אויך פארערכנט פאר א שונא, פיינט און באליידיקער, וואס עס איז נאך א פיל ערגערע מדרגה ווי א געצן־דינער. אויב דו טראכסט, אז דער, וואס גלויבט אין הגשמה, קען זיך פארטיידיקן דערמיט, וואס ער איז דערצויגן געווארן אין דעם דאזיקן גייסט, אדער דערמיט, וואס ער איז

גייסטיק באַגרענעצט און קען נישט תופס זיין אַזאַ אַבסטראַקטן ענין, אויב אַזוי דאַרפסט דו האָך אויך געפינען אַ פאַרענטפערונג פאַר דעם געצן־דינער... (מורה נבוכים, חלק ראשון, פרק ל״ו) (4).

און הגם דער רמב״ם האָט נישט בלויז אַרויסגעזאָגט אַזאַ מיינונג אין אַ פילאָסאָפישן ספר, נייערט אויך אַזוי געלערנט להלכה, און אין זיין משנה תורה (הלכות תשובה, פרק שלישי, ז׳), צווישן די פינף מינים (די, וואָס לייקענען אין גאָט, די, וואָס גלויבן אין פילגעטעריי וכדומה), אַריינגערעכנט אויך די, וואָס גלויבן, אַז גאָט האָט אַ געשטאַלט און אַ גוף, פונדעסטוועגן האָבן נישט די חכמים פון זיין צייט, מיטן ראב״ד בראש, און נישט די שפּעטערדיקע און אוודאי נישט דאָס פאָלק אָנגענומען דעם דאָזיקן עקסטרעמען אויספיר פון זיינע עיקרים. זאָגט דער בעל־עקירה (הרב ר׳ יצחק ב״ר משה עראמה), אַז ער זעט נישט קיין אומגליק דערין, וואָס דער המון נעמט אָן ווערטלעך די בילדלעכע אַטריבוטן פון גאָט, וואָס געפינען זיך אין דער תורה און אין תלמוד, אַבי זיי דערנענטערן זיך אַזוי אַרום צו דער אמונה אין חער השגחה (5). און אין אַן עפּאָכע, אַ נענטערע צו אונדז, האָט זיך געפונען אַ גרויסער ייד און אַ טיפער דענקער, מלא וגדוש הן מיט יידיש וויסן, הן מיט דער גויאישער פילאָסאָפיע און ער האָט גענומען אין שוץ, קעגן דער גרויסער אויטאָריטעט פון רמב״ם, די פאָלקס־פאַרשטעלונגען און דעם גלויבן פון די זקנים בנוגע צו דער געטלעכקייט. זעט אויך ער קיין גרויסן חטא נישט און קיין סכנה נישט פאַרן שלום פון דער וועלט אין געוויסע הגשמות און אין נאַאיווען פאָלקס־גלויבן (6).

איך האָב דאָ אָנגערירט אַ טעמע, וואָס פאַרדינט גרינטלעכער און בריי־טער באַהאַנדלט צו ווערן. פאַר אונדזער היינטיקן ענין וועט אָבער גענוג זיין צו זאָגן, אַז קיינער פון אונדזערע חכמים, אַפילו די גרעסטע ראַציאָנאַליסטן צווישן זיי, און ווי ווייט זיי זענען נישט געגאַנגען אין דער אַב־סטראַקטקייט פון דעם גאָט־באַגריף און במילא פאַרניינט אַלע קערפּערלעכע און בילדלעכע אַטריבוטן פון גאָט, האָט אָבער קיינער פון זיי אַפילו אין דער מחשבה נישט פאַרלייקנט די גייסטיקע מידות, וואָס אונדזער אמונה שרייבט צו דעם בורא־עולם. פאַר זיי, ווי פאַרן פאָלק, איז גאָט געבליבן די העכסטע שלמות, דער העכסטער שכל און דער מנהיג־העולם. נאָר איינצלנע יידישע געלערנטע, יענע, וואָס האָבן זיך פון פאָלק דערווייטערט און אַרויסגעקוקט אין דרויסן, האָבן געפּרואווט און פּרוואוון נאָך איצט אונטערטעניק צו מאַכן אונדזער אמונה צו פרעמדע ספּעקולאַטיווע סיס־טעמען און צו דרויסנדיקע השגות. און דער רעזולטאַט באַקומט זיך.

כמעט אלע מאל דער אייגענער ווי דער, וואס האט פאסירט מיט דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה. אז עס איז געקומען צום פסוק: נעשו אדם בצלמנו כדמותנו (האט גאט געזאגט: לאמיר מאכן מענטשן אין אונדזער געשטאלט לויט אונדזער גלייכעניש), האבן זיי זיך דערשראקן פאר דעם דאזיקן פסוק און האבן אים איבערגעזעצט דורך די פולקאם זינלאזע און פוסטע פראזע: „און גאט האט געזאגט: איך וועל מאכן דעם מענטש אין א געשטאלט און א גלייכעניש". האבן זיי טאקע אזוי ארום פארמיטן די סכנה פון קערפערלעכקייט, אבער גלייכצייטיק ארויסגעווארפן איינעם פון די העכסטע און נאבלסטע געדאנקען, צו וועלכע די מענטשהייט האט זיך ווען עס איז דערהויבן, איינעם פון די זאצן, וואס שוין זינט טויזנטער יארן באפרוכפערט ער דעם יידישן און נישט-יידישן געדאנק. וועגן למה יאמרו הגוים, וואלטן די „זיבציק", ווען זייער תרגום וואלט חלילה פארביטן דעם אריגינאל, אפגענומען טאקע ביי די גויים גופא דאס שטארקסטע מאראליש-רעליגיעזע געווער, מיט וועלכן די בעסטע פון זיי איז געלונגען, הגם מיט א פארשפעטיקונג פון טויזנטער יארן און נאך א לאנגען און שווערן קאמף, איינצופלאנצן אין באוואוסטזיין פון די פעלקער דעם געדאנק, אז אויב דער מענטש, יעדער מענטש, איז באשאפן געווארן בצלם-אלוקים, האט ער דאס רעכט אויף גלייכקייט און מעג פארלאנגען מען זאל אים שאצן און אכטן, און במילא האט קיינער קיין רעכט נישט אים צו עקספלואטירן און אונטערדריקן.

לוינט טאקע פאר אונדזערע הייַנטיקע פילאסאפן און חקרנים, וואס האלטן נאר אין איין איבערזעצן דעם יידישן גאט און זיין תורה אויף פרעמדע לשונות אדער — אין איבערגיסן פרעמדע השגות אין כלומרשט יידישע פארעמס, זיך צו פארטראכטן וועגן מוסר-השכל פון דער דאזיקער געשיכטע.

---

ר ע פ ע ר ע נ צ ן :

(1) Yankee City Series. Volume 3. The Sosial Systems of American Ethnic groups by W. LLoyd Warner and Leo Srole 1945, p. 198.

(2) Dr. Hugo Bieber, Heinrich Heine, Confessio Judaica, Berlin 1925, S. 188.

(3) ציטירט לויט י. צינבערג. די געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן, **פינפטער באַנד**, ניו־יאָרק 1943, ז' 106.

(4) די יידישע איבערזעצונג ווערט דאָ געבראַכט לויט דער יידישער אויס־גאַבע פון מורה־נבוכים פון פארלאג חכמת ישראל, וואַרשע תרצ"ו (**איבערזעצער** יעקב לאנדא).

(5) ציטירט לויט אייזיק הירש ווייס: „דור דור ודורשיו", **חלק חמישי**, ניו־יורק־ברלין תרפ"ד, ע' 235.

(6) שמואל דוד לוצאַטו: „מחקרי היהדות", כרך ראשון, **חלק שני**, וורשה תרע"ג, ע' 243.

# עפּעס וועגן וויסן, גלויבן און כאַראַקטער

דער וויכוח וועגן וויסן און גלויבן, וואָס דאַטירט פון אַלטע צייטן, איז בדרך־כלל געפירט געוואָרן מיט לאָגישע באַווייזן און אַרגומענטן. די שאלה איז געווען, וועלכער פון די צוויי אופנים פון באַנעמען די וועלט האָט מער איבערצייגונגס־כוח. דאָ וועט געמאַכט ווערן אַ פּרואוו, גייענדיק אין די טריט פון די יידישע חכמים, וואָס האָבן זיך מיט דעם דאָזיקן פּראָבלעם פאַרנומען, אים אַוועקצושטעלן אין אַן אַנדער פלאַך, דהיינו זיך צו פרעגן, וועלכע פון די צוויי מאַניפעסטאַציעס פונעם מענטשלעכן גייסט האָבן מער ווירקונג אויפן מענטשן, אויף זיין כאַראַקטער, אויף זיין הנהגה און וועלכע פון זיי איז מער עלול אים צו ברענגען גליק און פרידן. דוכט זיך מיר, אַז אין אַ פּראָבלעם, וואו עס קען בכלל נישט זיין קיין רייד וועגן דערלאַנגען דעם אָביעקטיוון אמת, איז דאָס ריכטיקסטע און דאָס פרוכטבאַרסטע גראָד אַזוי און נישט אַנדערש די פראַגע אַוועקצושטעלן.

אַז דאָס וויסנשאַפטלעכע פאָרשן און זיינע רעזולטאַטן האָבן געהאַט און האָבן עד־היום אַ גרויסע פעולה אויפן לעבן פון מענטשן און פון די מענטשלעכע געזעלשאַפטן, קען מען לייקענען נאָר ווען מען דענקט אין אַבסטראַקטע און במילא אומפאַרמיידלעך איינזייטיקע פאָרמולעס. צוליבן וויסן, זענען גרעסער געוואָרן די באַקוועמלעכקייטן פון לעבן, איז געהויבן געוואָרן דאָס געזונט פונעם מענטשן, געמינערט זיינע פיזישע ליידן, געפאַלן די קינדער־שטאַרבלעכקייט און אַנדערע. דאָס זענען פאַקטן, וואָס לאָזן זיך נישט באַשטרייטן. צי מיינט אָבער דער מאַטעריעלער און בפרט דער טעכנישער פּראָגרעס אויך אַ גייסטיקע באַוועגונג פאָראויס, צי ברענגען זיי מיט זיך אויך מער גליק פאַר די מענטשן, דאָס, זעט איר, איז שוין גאָרנישט אַזוי קלאָר, הגם דער שכל איז מחייב, אַז אַ העכערער לעבנס־סטאַנדאַרט וואָלט געדאַרפט מעגלעך מאַכן, מענטשן זאָלן אויך גייסטיק מער געניסן און זיך פילן גליקלעך. משמעות אָבער, אַז אַחוץ די מאַטעריעלע לעבנס־באַדינגונגען, גייען אינעם מענטשלעכן גליק אויך אַריין אַנדערע באַשטאַנד־טיילן, וואָס שוואַכן אָפּ אָדער אַנולירן אַמאָל אינגאַנצן די רעזולטאַטן פון אַ העכערן לעבנס־מצב. דער באַוואוסטער אַמעריקאַנער פסיכיאַטאָר, הענרי ס. לינק, שטעלט, למשל, פעסט אויפן

סמך פון אַ סטאַטיסטישער פאָרשונג, דורכגעפירט דורך דער ניו־יאָרקער שטאַט־פאַרוואַלטונג, צווישן איבער פופצן טויזנט אַרבעטסלאָזע, אַז די גלויביקע האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר העכערע, פולערע פערזענלעכקייטן ווי די נישט־גלויביקע. פון דער אַנדער זייט ווייזט ער אויך אָן אויפן וואוקס פון מענטאַלע שלאַפקייטן גראָד אין אונדזערע צייטן, מיטן פראָגרעס פון וויסן און מאַטעריעלן וואוילשטאַנד (1). טאַקע אָט די שרייענדיקע סתירה צווישן פראָגרעס פון וויסנשאַפט און דעם שפלען מצב פון מאָראַל ביי די קריסטלעכע פעלקער, האָט ביי גאָר גרויסע און טיפע דענקערס אַרויסגערופן אַן עקסטרעמע רעאַקציע קעגן וויסנשאַפט בכלל. זשאַן זשאַק רוסאָ האָט מיט כמעט צוויי הונדערט יאָר צוריק שאַרף פאָרמולירט דעם שטאַנדפונקט, אַז וואָס מער די קונסט און וויסנשאַפט האָבן זיך פערפעקציאָנירט, איז אַלץ מער קאַליע געוואָרן די מענטשלעכע נשמה (2), און ער איז נישט געבליבן איינער אַליין ביי דער דאָזיקער מיינונג. געניג אָנצואווייזן אויף אַזאַ גאון ווי ליעאָ טאָלסטאָי, וואָס האָט אַרויסגעוויזן פונקט אַזאַ נעגאַטיווע באַציאונג צו דער וויסנשאַפט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין זיין צייט האָט דער פראָגרעס פון דער טעכניק און דער מעדיצין בלי שום ספק מיטגעהאָלפן צום שטייגן פון וואוילזיין און געזונט פון דער באַפעלקערונג אין די ציוויליזירטע לענדער. ווען, זאָגט טאָלסטאָי, די וויסנשאַפט וואָלט אונדז געגעבן אמתע רעליגיעזע, מאָראַלישע און געזעלשאַפטלעכע שפייז, ווען זי וואָלט געהויבן די מענטשן מאָראַליש, וואָלטן נישט געהערשט די געשלעכטלעכע אויסגעלאַסנקייט און די שיכרות צווישן די מאַסן, וואָלט מען געדאַרפט אויף כפרות די מעדיצין מיט אירע מיטלען קעגן די ווענערישע קראַנקייטן און אַלקאָהאָליזם, וואָס מיט זיי היילט מען אויס גאָר אַ קליינע צאָל חולאים. ווען די טעכניק וואָלט געדינט נישט בלויז אויף צו העכערן די פראָדוקציע לטובת די קאַפיטאַליסטן, נייערט צו שטייגערן דעם מצב פון די אַרבעטנדיקע, וואָלטן שווינדזוכט און אַנדערע קרענק נישט באַקומען אַזאַ פאַרשפרייטונג. מיליאָנען מענטשן ווערן אין דער הייַנטיקער עפּאָכע געהרגט אַלע צוואַנציק יאָר אויף די שלאַכט־פעלדער, דוקא צוליב דעם פראָגרעס פון דער וויסנשאַפט, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט די פערפעקציאָנירונג פון די אויסראָטונגס־כלי־זין. בכן, וואָס פאַר אַ ווערט האָט קעגן דעם פאַקט דאָס, וואָס די אייגענע וויסנשאַפט ראַטעוועט צענדליגער, צי אפילו, אויב מען זאָל זאָגן, הונדערטער טויזנטער לעבנס?(3).

עס איז קלאָר, אַז הן רוסאָ און הן טאָלסטאָי, פונקט ווי

זייערע פּילצאָליקע חסידים, זענען באַגאַנגען אַ לאָגישן פעלער. אויב זיי האָבן געמיינט, אַז דער נידעריקער שטאַנד פון מאָראַל ביי די אומות־העולם איז אַ רעזולטאַט פון דער וויסנשאַפט, בעת די טיפע סיבות פון דעם טרויעריקן מצב ליגן אין די פעלקער גופא — אין זייערע באַגריפן וועגן טהרה און טומאה, וועגן די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש. אויך די קריסטלעכע רעליגיע און די קירך האָבן דאָ נישט קיין קליינע שולד, ווייל זיי האָבן מיט די דאָזיקע באַגריפן בפועל שלום געמאַכט, הגם מן השפה ולחוץ פון צייט צו צייט קעגן זיי פּראָטעסטירט. ריכטיק איז בכל־אופן, אַז די וויסנשאַפט האָט זיך אַרויסגעוויזן הילפסלאָז קעגן די נידעריקע אינסטינקטן און די תאוות פון די מענטשן. און דאָס איז מיין טעמע היינט. וויכטיק איז מיר דאָ קלאָר צו מאַכן אייך ענין: אַז אַזוי צי אַזוי, זענען לחלוטין נישט באַגרינדעט די פּרעטענזיעס פון געוויסע געלערנטע, אַז די וויסנשאַפט, און נאָר זי אַליין, קען פאַרשאַפן גליק דעם מענטשן, אַז זי איז בכוח אים צו געבן דאָס מאַקסימום פון אינערלעכן פרידן און באַפרידיקונג און גלייכצייטיק מאַכן דעם מענטשן בעסער, איידעלער און דערהויבענער. וועט דאָ געניג זיין נאָר פאַרבייגייענדיק אָנצואווייזן אויף אַן אַנדערע אויסדרוק־פאָרם פונעם מענטשלעכן גייסט, וואָס פאַרשאַפט דעם מענטשן, אַפילו דעם פּרי־מיטיוון, און זאָל זיין אויף אַ פּרימיטיוון אופן, נחת און פרייד, נישט פאַרגלייכלעך אינטענסיווערע ווי דאָס וויסן און אירע מאַטעריעלע רע־זולטאַטן. איך מיין — די קונסט אין אַלע אירע אויסדרוקן — אין וואָרט, קלאַנג, בילד און אַזוי ווייטער.

אָבער באַזונדערס אויפגעבלאָזן זענען אויס די פּרעטענזיעס פון דער וויסנשאַפט אויף דער העגעמאָניע, ווען מען שטעלט זי זייט ביי זייט, אָדער אַנטקעגן דעם גלויבן, וואָס זיין השפעה אויפן מענטשן שטייגט איבער אפילו די רייכסטע מעגלעכקייטן פון דער קונסט.

די קראַפט און דער ווערט פון אַ גייסטיקן פאַקטאָר קענען און דאַרפן געמאָסטן ווערן קודם־כל מיט זיין פעאיקייט צו באַהערשן דעם מענטשן, צו ווערן ביי אים „איינגעבאַקן אין האַרצן", אים צו פאַרכאַפן, מיט דער טרייקייט און איבערגעגעבנקייט, וואָס דער מענטש ווייזט אַרויס צו דעם אָדער יענעם גייסטיקן קנין און מיט זיין גרייטקייט אים צו פאַרטיידיקן מיט אַלע זיינע כוחות און ברענגען פאַר אים קרבנות, ביז צום לעצטן קרבן, דאָס טייערסטע, וואָס דער מענטש פאַרמאָגט — זיין אייגן לעבן.

קען די וויסנשאַפט אויסהאַלטן אָט דעם עקזאַמען? משמעות, אַז אַפילו די וויסנשאַפטלערס און די ראַציאָנאַליסטן גיבן זיך אָפּ אַ חשבון, וואָס

פֿאַר אַ באַווייז־קראַפֿט עס באַזיצט אָט דער אַרגומענט. האָט מען טאַקע אין פֿאַרשידענע צייטן געפּרוּווט אַרומרינגלען די וויסנשאַפֿט מיטן אָרעאָל פֿון מאַרטירערטום, איר אָנטאָן די קרוין פֿון קדושה. אָבער די אַלע פּרוּוון האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר נישט געלונגענע און האָבן געפּלאַצט ווי זייפֿן־בלאָזן ווי נאָר מען האָט זיך צו זיי צוגערירט מיט אַן אָביעקטיוון אַנאַליז. די געשיכטע קען אויפֿווייזן נאָר אויף געציילטע פֿאַלן ווען מענטשן האָבן זיך מקריב געווען פֿאַר אַ וויסנשאַפֿטלעכן אמת, ווי, למשל, דזשאָרדאַנאָ ברונאָ, פֿאַרברענט אין רוים דורך דער אינקוויזיציע אין יאָר 1600. מען האָט געפּרוּווט, און מען טוט דאָס נאָך פֿון צייט צו צייט אויך איצט, אַרויסשטעלן סאָקראַטעסן ווי אַ קרבן פֿון זיינע וויסנשאַפֿטלעכע איבערצייגונגען און צו פֿאַרשרייבן זיין העלדישן טויט אויף דער קרעדיט-קאָנטע פֿון דער וויסנשאַפֿט. ווייסן מיר אָבער, אַז סאָקראַטעס איז בכלל נישט געווען קיין אַפּיקורס נישט אינעם היינטיקן און נישט אינעם דעמאָלטיקן זינען. נישט צוליב אַפּיקורסות און גאָט־לעסטערונג האָט ער געמוזט אויסטרינקען דעם בעכער סם. אדרבה, ער איז גאָר געווען אַ טיף־רעליגיעזע נאַטור. הערן פֿלעגט ער די שטים פֿון אַ בת־קול און אַזאַ פּיין געהער איז ביי מענטשן אָן גלויבן נישט מעגלעך. עס איז ריכטיק, אַז ער האָט נישט געגלויבט אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע און אין אירע דערציילונגען וועגן די „שיינע מעשים" פֿון די געטער אויפֿן אָלימפּ, זייערע זנות־אַרגיעס און נאָך אַזוינע „העלדישקייטן". זיין גלויבן איז געווען ריינער און נענטער צום מאָנאָטעאיזם און געגאַנגען איז ער מיט אַזאַ אינעווייניקסטער רואיקייט אַקעגן דעם טויט נישט אינעם נאָמען פֿון וויסנשאַפֿטלעכע אמתן, נייערט כדי צו הייליקן אַ העכערן גלויבן. אינעם באַשולדיקונגס־אַקט קעגן אים, וואַרפֿט מען אים טאַקע פֿאַר וואָס ער לייקנט אין די געטער, אָנגענומענע פֿון דער מלוכה, און אָנדערקענט אַנדערע געטלעכקייטן(4). האָט דאָך סאָקראַטעס געהאַט דעם מוט צו מאַכן דעם באַרימטן אַרויסרוף צו די אַטענער בירגער: „איך וועל גיכער הערן און פֿאָלגן גאָט איידער אייך". נישט קעגן געטלעכן געזעץ איז ער אויפֿגעשטאַנען, נייערט קעגן די מענטשלעך — אוממענטשלעכע געזעצן פֿון דער דעמאָלטיקער אַטענער „דעמאָקראַטיע".

דער דוחק אין „העלדן פֿון דער וויסנשאַפֿט" איז, ווייזט אויס, אַזוי גרויס, אַז מען האָט באַשאַפֿן אַ לעגענדע, אין פֿולן קאָנטראַסט מיט די היסטאָריש באַגלויביקטע פֿאַקטן, אַרום דעם נאָמען גאַליליי. הגם ער איז געווען אַ גאון פֿון וויסן, איז ער אָבער, ווי אַ סך פֿון זיינע פֿריערדיקע און שפּעטערדיקע קאָלעגן, געווען, זאָל ער מיר מוחל זיין, אַ גרויסער

פּחדן. און אַז די אינקוויזיציע האָט פון אים פאַרלאַנגט, ער זאָל זיך אָפּ־זאָגן פון קאָפּערניקוס׳ לערע, אַז די זון שטייט אויף אַן אָרט און די ערד דרייט זיך, אַ לערע וואָס ער אַליין האָט פריער פאַרטיידיקט, האָט ער זיך נישט לאַנג געלאָזט בעטן, אַזוי אַז די אינקוויזיציע האָט אַפילו נישט געדאַרפט אָנקומען צו איר געוועגלעכן פייניקונגס־מעטאָד. די מעשה, אַז ער זאָל האָבן אויסגעשריגן נאָכן משפט „און דאָך באַוועגט זי זיך”, איז נישט מער ווי אַ מעשה, אַ פאַלס־פיצירטער דימענט אין דער פאַנ־טאַזיע־קרוין, וואָס מען האָט געוואָלט אָנטון אויף דער וויסנשאַפט.

אָט האָט איר אַ פילאָסאָף, און זיכער איינעם פון די גרעסטע אין דער געשיכטע פונעם געדאַנק — דעקאַרט. האָט ער לכתחילה פאַרברענט איינעם פון זיינע חיבורים מחמת דער מורא, אַז ער קען אַרויסרופן רדיפות קעגן אים. און מען וואָלט נאָך געקענט אויסרעכענען אַ גאַנצן מנין פון קאַרפּן־קעפּ פון דער וויסנשאַפט און פון דער פילאָסאָפיע, וואָס נישט בלויז זענען זיי קיין העלדן נישט געווען, נאָר זיי זענען אַפילו געווען ווייט פון פשוטער ערלעכקייט און מיטלמעסיקער מאָראַלישער ריינקייט. האָט לייבניץ מיט אַלע תחבולות, כשרע און נישט שטרענג־כשרע, געזוכט צו קריגן חנעם טיטל באַראָן און אַרויסגעוויזן גאָר שפּלע צביעות און פּחדנות אין זיין שמאָפּל־באַציאונג דער באַהאַלטענער און דער ווּפּנטלעכער, צו שפּינאָזאַ, מחמת מורא, אַז זיין שייכות צום פאַרשריענעם אפּיקורס זאָל אים נישט ברענגען קיין שאָדן אין זיין קאַריערע. און קאַנט, דער גרויסער קאַנט, האָט אין יאָר 1758, נאָך חנעם ווי די חיילות פון דער רוסישער צאַרין יעליזאַוועטאַ האָבן איינגענו־מען קעניגסבערג, איר דערלאַנגט אַ בקשה, געשריבן אין אַן אונטערטעניקן טאָן, פול מיט צביעות און חניפה, זי זאָל אים באַשטימען פאַר אַ פּראָפעסאָר אין דער דאָרטיקער אוניווערסיטעט. אויב אַזוי האָט זיך געקענט אויפפירן דער באַשאַפער פונעם „קאַטעגאָרישן אימפּעראַ־טיוו”, זאָלן אַנדערע בלייבן געפּלעפט פאַר דער „דייטשער רעטעניש”, זאָלן אַנדערע זיך וואונדערן, ווי אַזוי האָט דאָס לאַנד פון „דיכטער און דענקער” זיך געקענט דערקייקלען ביז מיידאַנעק און טרעבלינקע, ביז די גאַז־קאַמערן. משמעות, אַז דענקען און וויסן זענען נאָר אַ קנאַפּע תרופה קעגן שפלות און פאַרברעכן. הגם וויסן און געוויסן גראַמען זיך אַמאָל, פאָרן זיי זיך אָבער זעלטן.

נאָר אם בארזים נפלה שלהבת, אויב די וויסנשאַפט איז נישט בכוח צו שיצן און צו שטאַרקן אירע „כהנים גדולים”, ווי־זשע קען מען פון איר פאַרלאַנגען כוח אויף משפיע צו זיין אויף די פשוטע מענטשן, זיי

באַגייסטערן, אויפֿמונטערן, דערהויבן צו גרויסע מעשׂים? זעען מיר טאָקע, אַז טויזנטער און הונדערטער טויזנטער האָבן פֿרייוויליק אויסגעקליבן דעם טויט, איידער צו בלייבן לעבן אָן זייער אמונה. און טויזנטער און טויזנטער זענען געגאַנגען אַקעגן דעם טויט אין נאָמען פֿון סאָציאַל־עטישע און נאַציאָנאַלע אידעאַלן, אין נאָמען פֿון יושר און גערעכטיקייט, אין נאָמען פֿון פֿרייהייט (און אויך דאָ האָבן מיר אין תּוך צו טון מיט רעליגיעזע עמאָציעס, הגם נישט אַלע מאָל זענען זיי דורכזיכטיק. נאָר נישט דאָ איז דאָס אָרט דאָס צו באַווייזן). שטייט אויף אין זיבעטן יאָרהונדערט אויפֿן אַראַבישן האַלב־אינדזל אַ פּראָסטער קעמל־טרייבער, אַן אַנאַלפֿאַבעט, און באַגרינדעט אַ רעליגיע, וואָס באַגייסטערט היינט כּמעט דריי הונדערט מיליאָן מענטשן. און אַזוי גרויס איז געווען זיין כּוח פֿון אינספּיראַציע און אַזוי טיף זיין ווירקונג אויף מענטשן, אַז ער איז געוואָרן נישט נאָר „גאָטס נביא", נאָר אויך דער באַגרינדער פֿון איינער פֿון די גרעסטע וועלט־אימפּעריעס, גרעסער פֿון דער רוימישער, יענער וואָס האָט הונדערט יאָר נאָך מחמדס טויט זיך אויסגעשפּרייט פֿונעם ביסקייאישן ים־אויסגוס ביז צו אינדאָסטאַן און די גרענעצן פֿון כינע.



אויך אונדזערע יידישע אויפֿגעקלערטע האָבן געחלשט צו געפֿינען צווישן אונדז מאַרטירערס פֿון „פֿרייען געדאַנק". געזוכט, גענישטערט און אַרויסגעבראַכט סך־הכּל צוויי: אוריאל אַקאָסטאַ און בענעדיקטוס שפּינאָזאַ און זיי פּראָקלאַמירט פֿאַר „קדושים". שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז דאָ איז די פֿאַלסיפֿיקאַציע נישט געווען קיין קלענערע ווי אין די אויבן־ציטירטע גויאישע העלדן־לעגענדעס. אוריאל אַקאָסטאַ האָט זיך עפּנטלעך אין דער אַמסטערדאַמער שול געשלאָגן על חטא בפני כּל עם ועדה און חוזר בתשובה געווען. דערמיט איז דער קאָנפֿליקט צווישן אים און דער גאָטפֿאַרכטיקער אַמסטערדאַמער קהילה געווען אויסגעשעפּט. און אויב שפּעטער האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן, איז דאָס געווען נישט דערפֿאַר ווייל דאָס לעבן אָן פֿרייהייט פֿון געדאַנק האָט פֿאַר אים פֿאַרלוירן דעם חן, נייערט ווייל ער, וואָס הגם ער איז איבערגעגאַנגען צו יידישקייט, איז ער געבליבן אין זיין אינערן תּוך אַ האַלבער קריסט, האָט נישט געקענט אַריבערטראָגן די חרפּה פֿון די מלקות. בכן איז ער געפֿאַלן אַ קרבן נישט אויפֿן מזבח פֿון פֿרייען געדאַנק, נייערט פֿון דער פּוסטער גאווה פֿונעם שפּאַניש־פּאָרטוגעזיי ; הידאַלגאָ, וואָס האָט נישט

געקענט באַגרייפן, אַז הכנעה און עניוות קענען גאָר אַמאָל באַטייטן דערהויבונג פונעם מענטשן און התרוממות הנפש. און עס איז נישט מער ווי אַ סימן, אין וואָס פאַר אַ פאַלשע פרעמדע דרכים יידן האָבן פאַר־בלאָנדזשעט, אויב די קריסטלעכע (נישט אין רעליגיעזן, נאָר אין קולטור־פילאָסאָפישן זינען) דראַמע פון קאַרל גוצקאָוו, וואָס שטעלט פאָר דעם דאָזיקן נישט־ייד און נישט־קריסט ווי אַ מאַרטירער, האָט אַזוי אויסגענומען ביים יידישן טעאַטער־עולם און איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף אונדזערע יידישע שפּראַכן. דאָס וואָלט נישט פּאַסירט, ווען אונדזער געדאַנק וואָלט באמת געווען אַ פרייער און נישט פאַר־שקלאַפט ביי פרעמדע השגות און פאָראורטיילן. איז אפשר טאַקע לעו־סינג געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז נישט איטלעכער, וואָס שפּאָט אָפּ פון זיינע קייטן איז באמת פריי. ווארעם טאַקע ווי אָפּט, לאַכנדיק פון די קייטן, וואָס מיט זיי האָבן מיר אַליין, פאָלגנדיק דעם געבאָט פון אונדזער גורל, זיך געשמידט, לאָזן מיר זיך פרייוויליק אָנטון נייע, וואָס דריקן אונדז נאָך מער און נאָך שטאַרקער ווי די אַלטע.

און אַצינד וועגן בענעדיקטוס שפּינאָזא. ביי אים איז שוין אפילו נישטאָ קיין אויסערלעכער סימן פון מאַרטירערטום. נישט ער איז געווען און נישט ער איז גרייט געווען צו ווערן אַ מאַרטירער און האָט פאָר־זיכטיק אויסגעמיטן אַלץ, וואָס וואָלט געקענט ברענגען צו רדיפות קעגן אים. געמיטלעך, הגם באַשיידן, האָט ער געלעבט אין רואיקן האָלענדישן שטעטל ריינסבורג און שפּעטער אין פאָרבערג און האַג. פון רדיפות אָפּגערעדט, האָט ער אויך קיין דחקות נישט געליטן. זיינע נייע קריסטלעכע פריינד האָבן געזאָרגט פאַר זיין אויסקומעניש. מיטן שלייפן אָפּטישע גלעזער (די העלדן־לעגענדע האָט אים דוקא געוואָלט מאַכן פאַר אַ פּראָסטן אַרבעטער, אַ דימענטן־שלייפער) האָט ער זיך פאַרנומען נישט צוליב פרנסה, נאָר פאַר וויסנשאַפטלעכע צוועקן. אויך אָט דער נישט־ייד און נישט־קריסט איז געווען נישט קיין נרדף און נישט קיין קדוש. שפּינאָזאַס ביאָגראַף פּראָפ׳ פריידענטאַל, הגם זיינער אַ הייסער חסיד, האָט אָבער נישט געקענט פאַרמאַכן די אויגן אויף די פלעקן אין זיין הנהגה און איז מודה, אַז עס איז אַ פאָראורטייל אים צו באַטראַכטן ווי אַ הייליקן (5). אמת, ער איז מוסיף, אַז קיין הייליקע זענען בכלל נישט פאַראַן אויף דער ערד. נאָר קעגן אָט דער מיינונג קענען זיך אַנטקעגנשטעלן נישט ווייניק עדות פון אונדזער געשיכטע.

עס האָבן אונדז חלילה נישט געפעלט אמתע מאַרטירער און קדושים. נישט געווען און נישט פאַראַן קיין איין פאָלק אויף דער וועלט,

קיין איינציקע אמונה אָדער אידעאַל, וואָס זאָל זיך קענען גלייכן מיט אונדזז אין דער לערכדיקער צאָל פון העלדן און הייליקע און אין זייער גרויסקייט. נאָר גוים אַלעמאָל, און געוויסע יידן, היינט צו טאָג, האָבן פיינט, אַז מען דערמאָנט זיי דעם יידישן מאַר־טיראָלאָג. די ערשטע, ווייל דאָ אַנטפּלעקט זיך זייער בידער־ריקייט; די צווייטע — זייער אייגענע מוטלאָזיקייט. טויזנטער אנוסים האָבן אפילו אין דער צייט פון בענעדיקטוס שפּינאָזאָס לעבן זיך געלאָזט פאַרברענען אויפן איבערישן האַלב־אינדזל אויף די שייטער־הויפנס פון דער אינקוויזיציע, און גאַנצע קהילות האָבן זיך געלאָזט אויסשלאַכטן און דערטרינקען טאַקע אין זיינע צייטן פון כמעלס רוצחים, בעת מיט איין וואָרט וואָלטן זיי געקענט ראַטעווען זייער לעבן. גראָד אין די צייטן ווען דער שונא האָט זיך פאַרמאָסטן אומצוברענגען אונדזער אומה און צו פאַרטיליקן דעם בית־יעקב, האָט זיך אַרויסגעוויזן, וואָס פאַר אַ קנה רצון עס איז דאָס וויסן און וואָס פאַר אַ פעלדזן־פעסטונג עס איז אונדזער גלויבן. אין אַזוינע צייטן, און די וואָס מיר לעבן איצט איבער איז איינע פון זיי, באַווייזט זיך דער טיפער חילוק צווישן די עמאָציעס, וואָס גלויבן רופט אַרויס און שטאַרקט און דער ביז גאָר שוואַכער פעולה, וואָס דאָס וויסן האָט אויפן מענטשן. פאַרן גלויבן איז דער ייד זיך מקריב, ווייל אָן אים איז דאָס לעבן סיי ווי קיין לעבן נישט. קענטענישן קען מען באַוואונדערן, מען קען פון זיי אַ נוץ האָבן, אָבער ליידן צוליב זיי, ווער וועט גרייט זיין דאָס אַריבערצוטראָגן? האָט טאַקע ר' יהודה הלוי געשטעלט דעם תמים, דעם מאמין, העכער פונעם פילאָסאָף, פונקט, זאָגט ער, ווי דער אמתער פאָעט שטייט מיט טויזנט קעפ העכער פון געלערנטן אין קונסט פון שירה, הגם דער לעצטער מעג וויסן אַלע כללים מיט אַלע זייערע פּיטשעווקעס ווי אַזוי אַ שיר דאַרף געבויט ווערן (פאַרגלייך: כוזרי, מאמר חמישי, ט"ז). אַז דער מלך פון די כוזרים פרעגט, ווי קומט עס, אַז ביי יידן זענען פאַרלוירן געגאַנגען די ווערק, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט וויסנשאַפטלעכע עניינים, און עס זענען איבערגעבליבן נאָר די הייליקע ספרים, גיט דער חבר אַ תשובה, וואו לעבנס־חכמה און מענטשן־קענטעניש געפינען זיך פאַראייניקט אין איין זאַץ אין אַ מאָס, וואָס איר וועט זעלטן טרעפן אין די גרויסע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור. מיט וויסנשאַפט, זאָגט ער, גיבן זיך אָפּ נאָר יחידים, אַן אַסטראָנאָם, אַ דאָקטאָר, אַן אַנאַטאָם. צוזאַמען מיט די געלערנטע פאַרשווינדט אויך זייער חכמה. די הייליקע ספרים אָבער, וואָס דער המון באַדאַרף זיי צו האָבן, וואָס ער

האַלט זיי טייער און קען זיי אויף אויסווייניק, זיי זענען פון אים אָפּגע־היט געוואָרן און זענען פאַרבליבן לדורות (כוזרי. מאמר רביעי, ל"א). ווי קען מען, זאָגט ער אין אַן אַנדער אָרט, (דאָרט, מאמר ראשון, י"ג) זיך פאַרלאָזן אויף פילאָזאָפישע אמתן און האָבן פאַרטרויען אין זיי, אַז די פּי־לאָזאָפן אַליין קענען זיך נישט אייניקן אין עיקר־פראַגן, מחמת קיינער פון זיי קען זיין אמת נישט באַווייזן מיט אָביעקטיווע ראיות. און פון אַכטצנטן יאָרהונדערט ענטפערט אים אַן עכאָ פון זיינעם אַן אַנטיפּאָד, שלמה מיימון, איינער פון אונדזערע גרעסטע און שאַרפסטע אַפּיקורסים. דערציילט ער פון זיך אַליין, אַז אין משך פון זיין לעבן איז ער געווען אַן אָנהענגער פון אַלע פילאָסאָפישע סיסטעמען, אַריסטאָטעליעס, שפּינאָזאַ, לייבניץ און אַנדערע, ביז ער איז צום סוף געוואָרן אַ סקעפּטיקער (6). אָבער דער אייגענער מיימון, דוכט זיך, אַ כופר בעיקר — האָט דעם גלויבן פון זיינע עלטערן נישט געביטן, הגם ער איז כמעט גרייט געווען דאָס צו טון. נאָר פון כמעט ביזן טון איז אַ גרויסער מהלך.

דאַרף אונדז נישט וואונדערן, אַז די אָפּאָזיציע פון יידישע חכמים צום ראַציאָנאַליזם, אָפּילו דעם, וואָס האָט געוואָלט שלום מאַכן צווישן שכל און אמונה, איז תמיד געשטיגן אין קראַפט און אין אימפּעט אין נסיון־טעג פאַר יידן, דאָס הייסט אין צייטן פון פייער־פּרואוון פאַר פעסטקייט און זיכערקייט פון די אָדער יענע גייסטיקע פאַקטאָרן אינעם לעבן פון מענטשן. דורכן ביישפּיל, ווי אַזוי יידן האָבן אין דייטשלאַנד, ווען די צלם־טרעגערס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויף צו פאַרוויסטן און פאַרטיליקן יידישע קהילות, זיך מוסר־נפש געווען, גאַנצע עדהס, מיט זעלטענע איינ־צעלנע אויסנאַמען, על קידוש־השם, און ווי די יידן אין שפּאַניע אין דער צייט פון די גזירות פון יאָר 1391 זענען אויף דער פאָדערונג פון „טויט אָדער שמד" געגאַנגען צום שמד אין די צענדלינגער טויזנטער, און גראָד די רייכע און די געבילדעטע, האָט געמוזט קלאָר ווערן פאַר יעדן דענקענ־דיקן יידישן מוח און פאַר יעדן וואַרעם יידיש האַרץ, אַז אין דער תמימות־דיקער פרומקייט פון די יידן פון די רהיין־פּראָווינצן איז פאַרבאָרגן געווען מער מענטשלעכער מוט און גייסטיקע גבורה ווי צווישן די אויפגעקלערטע און געלערנטע ספרדים. פונקט אַזוי זענען נישט בייגעשטאַנען דעם אַ סך קלענערן נסיון, ריכטיקער דעם יצר־הרע פון וואוילטאָג און באַקוועמלעכ־קייט, די אויפגעקלערטע יידן אין דייטשלאַנד אין די צייטן פון משה מענ־דעלסאָן און נאָך אים.

עס איז דערום קיין חידוש נישט, וואָס עס האָבן זיך געפונען יידישע חכמים, און גאָר גרויסע, וואָס זיך צוקוקנדיק צום בראָך, וואָס אויפקלע־

רונג און בילדונג האָבן אָנגעמאַכט אין אונדזערע רייען, זענען זיי געקומען צום עקסטרעם פון פאַרלייקענען יעדן ווערט פון וויסן און אַפילו אים דערקלערט פאַר שעדלעך. ווי למשל דער רשב״א, וואָס האָט אויסגערופן אַ פאַרווער צו לערנען „חכמה יונית״ פאַרן פינף און צוואַנציק יעריקן עלטער אָדער דער רא״ש, וואָס האָט געדאַנקט דעם רבונו של עולם דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געלערנט די גויאישע חכמות (7).

היינטיקע צייטן ווערט, פאַרשטייט זיך, קיינעם נישט איינפאַלן אַריינצולייגן אין חרם די וויסנשאַפט. אָבער איר אָנווייזן איר ריכטיקן אָרט, איז איצט אפשר נויטיקער מער ווי ווען נישט איז. נישט בלויז מוז מען קאַטעגאָריש אָפּוואַרפן די בכורה פון וויסן איבער אַלע איבעריקע מאַניפעסטאַציעס פונעם מענטשלעכן גייסט, נאָר אַפילו די פּרעטענזיע, וואָס עס שטעלן אַרויס היינטיקע ראַציאָנאַליסטן, און איך איין כאָר מיט זיי עם־הארצים פון כלערליי שאַטירונגען, אַז די וויסנשאַפט מוז זיין אַ בעל־הבית פאַר זיך און אָפּהיטן איר „אויטאָנאָמיע״, איז אויך אַ בפירוש שעדלעכע, אַן אַנטי־מאָראַלישע. די וויסנשאַפט, וואָס וויל אָראָפּוואַרפן די „קייטן״ פון מאָראַל, וואָלט פונקט אַזוי געדאַרפט פאַרווערט ווערן, ווי עס ווערט פאַרווערט פאָרנאָגראַפיע, און מעג זי האָבן אַ הויכן קינסטלערישן ווערט. וואָרעם אַ וויסנשאַפט אָן אַ קאָנטראָל, אָן אַ מאָראַלישן צוים, מוז אונטערגראָבן דעם סאַמע יסוד פון אונדזער עטיק, באַזירט אויף דער רעליגיעזער אַקסיאָמע וועגן דעם אַבסאָלוטן ווערט פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט. דערציילט אַ באַוואוסטער דייטשער דאָקטאָר, ראָבערט לייבראַנד, אַז אין יאָר 1941 האָבן די דייטשן געעפנט אין דאַכאַו אַ פאָרש־אינסטיטוט, וואו מען האָט עקספּערימענטירט מיט חיהלעך. האָט מען אָבער די לעצטע פאַרביטן מיט מענטשן, פאַרשטייט זיך אָנגעהעריקע פון די אונטערדריקטע פעלקער און נידעריקערע ראַסן, צוליבן פּראָטעסט וואָס די חברה צער־בעלי־חיים האָבן אויפגעהויבן קעגן די יסורים, וואָס מען טוט אָן די קעץ און די קראַליקעס. אָדער לייענט די באַשרייבונג, וואָס איז נישט לאַנג צוריק געווען געדרוקט אין די רוסישע צייטונגען פון אַ באַזוך, וואָס דוד זאַסלאַווסקי האָט געמאַכט אין אַ פאַבריק ביי דאַנציק, וואו פעטס פון מענטשלעכע קערפּערס פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין זייף און מענטשלעכע הויט — אין לעדער פאַר שיך, דאַמען־טאַשן און געלט־בייטעלעך. אַ גענויע סטאַטיסטיק פון דער פּראָדוקציע האָט זיך געפירט אין דער דאָזיקער פאַבריק, וואָס מען האָט געקרוינט מיטן נאָמען: אינסטיטוט. פון דייטשע אוניווערסיטעטן פלעגן געלערנטע אַהין עולה־רגל זיין, כדי זיך צו באַקענען מיט די רעזולטאַטן פון די פאָרשונגען. און אַז

מען האָט געכאַפּט די מיטאַרבעטער פון דער דאָזיקער „אַקאַדעמיע", האָבן זיי מיטן גרעסטן גלייכגילט און וויסנשאַפטלעכער פּרעציזקייט דערציילט וועגן זייער אַרבעט, אָן שום סימן פון חרטה, און זיך כמעט באַרימט מיט זייערע אויפטועןץ.

אַט אַזוי זעט אויס דער אָפּגרונט וואו די אויטאָנאָמע וויסנשאַפט קען פאַרזינקען, און לאָז מען אונדז נישט איינשלעפערן דערמיט, אַז נאָר די דייטשן זענען פעאיק אויף אַזאַ חיהשקייט. אַז זיי זענען נישט איינזאַם אויף דער וועלט, וועט נאָך מסתמא די אַטאָמישע באָמבע באַווייזן.

און מעג מען פאַרשרייען ווי אַבסקוראַנטן די פרומע יידן פון אַמאָ־ליקע דורות, וואָס האָבן מיט ביטול און מיט נאָך מער חשד געקוקט אויף דער השכלה בת השמים. מיט אַ געזונטן חוש האָבן זיי געשפּירט, אַז וויסן, וואָס פירט אַוועק פון גלויבן, וועט דעם יידן ביז צום הימל נישט דערהויבן און גיכער אים אַראָפּשליידערן אין שאול תחתיה אַריין.


ר ע פ ע ר ע נ צ ן:

(1) Henry C. Link. The Return to Religion, pocket book edition, New-York 1945, pp. 11-13.

(2) J. J. Rousseau. Discours sur les sciences et les arts, première partie.

(3) L. N. Tolstoï : 1) Tchto takoie iskusstwo ; 2) Predislowie k statie sowremenaia nauka.

ציטירט לויט דער אויסגאַבע פון טאָלסטאָיס ווערק פון 1898, ז"ז 3-502, 7-366, 3-362.

(4) Erich Frank. Philosophical Understanding and Religious Truth. Oxford University Press. New-York 1945, pp. 33,48-9.

(5) J. Freudenthal. Spinoza, sein Leben und seine Lehre. Band I. Stuttgart 1904, SS. 177-80, 201.

(6) שלמה מימונס לעבנסגעשיכטע, איבערגעזעצט פון א. י. גאָלדשמידט, ווילנע 1927, צווייטער טייל, ז' 458.

(7) ד"ר שמעון ברנפלד. דעת אלהים, ורשה תרפ"ב, ע' 249.

# יידישער אינטעלעקטואַליזם און מענטשן-גלייכקייט

דער אינטעלעקטואַליזם, ווי באַלד ער שאַצט דעם שכל און דאָס וויסן ווי די העכסטע מדרגה פונעם מענטשלעכן גייסט, מוז בטבע זיין אַריסטאָקראַטיש און קוקן אויפן ווייסנשאַפטלער און אויפן דענקער ווי אויף „דאָס אויבערשטע פון שטויסל". איך פאַרמעסט זיך דאָ נישט צו באַטראַכטן דאָס פּראָבלעם פון אינטעלעקטואַליזם און דעמאָקראַטיע אין זיין גאַנצן פאַרנעם, און וועל זיך באַגרענעצן נאָר מיט אַ כאַראַקטעריסטיק פונעם יידישן אינטעלעקטואַליזם אין זיין באַציאונג צום פאָלק, און אויך דאָס נישט מיט דער כוונה אויסצושעפּן די טעמע, זי איז צו ברייט פאַר אַ פּובליציסטישער אַרבעט, נייערט כדי אַרויסצוברענגען די מער כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן, וואָס האָבן, ווי מיר זעט אויס, אַ באַטייטע שייכות מיט אַקטועלע טענדענצן אינעם יידישן לעבן. וואָרעם דער אינטעלעקטואַליזם, ווי אַ שאַצונגס־מאָס פון מענטשלעכע ווערטן, איז אויך אין אונדזערע צייטן היפּש פאַרשפּרייט, דער עיקר צווישן דער אַסימילירטער יידישער אינטעליגענץ, אָבער צום אומגליק אויך צווישן אַנזעעוודיקע שיכטן פון אונדזער פאָלק. די יידישע טאַטעס און מאַמעס, וואָס זענען גרייט „דאָס לעצטע העמד צו פאַרזעצן", אַבי זייער בן זאָל קענען גיין אין אַ קאָלעדזש, אין אוניווערזיטעט, מעגן טאַקע נישט וויסן, וואָס עס מיינט אינטעלעקטואַליזם, ווי אַ געדאַנקען־שיטה, אָבער זיי האַנדלען אינעם גייסט פון דער דאָזיקער שיטה.

פאַרוואָס די אַסימילירטע יידישע אינטעליגענץ (און די היינטיקע יידישע אינטעליגענץ קען אַלס גאַנצע, מיט געוויסע אויסנאַמען, באַטראַכט ווערן ווי אַסימילירט, מער צי ווייניקער אַסימילירט) איז ראַציאָנאַליסטיש, אינטעלעקטואַליסטיש, נעמט זיך קודם־כל דערפון, וואָס זי איז, לויט איר גאַנצער פאָרמאַציע אַנטי־היסטאָריש, ווייל אַנטי־טראַדיציאָנעל. פאַרניינען די פאַרגאַנגענהייט, די טראַדיציע אַלס אַ כח, וואָס ווירקט אומבאַוואוסט אויף אונדזער דענקען און פירונג, פאַרלייקענען דעם עמאָציאָנעלן ווערט פון אַן אייגענער געירשנטער שפּראַך, קען מען נאָר אין נאָמען פון שכל און פון זיין פּרעטענזיע צו קענען אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי, פון בראשית. פאַראַן אַ צווייטע סיבה, וואָס נעמט זיך פון דעם אייגענעם מקור. גראָד אין די לעצטע צענדליגער־

יאָרן שטויסט די אַסימילאַציע די יידישע אינטעליגענץ צו פאַרגעטערן דעם אינטעלעקט. צוליבן אַנטיסעמיטיזם, קוקט זי אויף זיך אויך אויפן אַרום אין אַ קרומען שפּיגל. איר נישט געזונטע רעאַקציע אויפן אַנטיסעמיטיזם דריקט זיך אויס אַפּט דערין, וואָס זי פאַרלייקנט אַ פריי־ערי און אַגולנע יעדן געדאַנק, וואָס איז ווען נישט איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון אַן אַנטיסעמיט, מעג ער אַליין פאַר זיך זיין ריכטיק. פאַר־לייקנט דער אַנטיסעמיטיזם, בפרט אין זיין נאַציסטישן נוסח, דעם אינ־טעלעקט אין נאָמען פון די „געזונטע אינסטינקטן", הויבט דער יידי־שער אינטעליגענט אויף דעם שכל לעילא ולעילא. די נאַציס זענען אָנ־געפאַלן אויף די אינטעלעקטועלן, זיי באַשולדיקט אין כאַראַקטער־לאָזיקייט און קליינלעכקייט, און מיט רעכט באַשולדיקט, ווי עס באַ־ווייזט טאַקע דער פאַקט גופא, מיט וואָס פאַר אַ לייכטקייט כמעט די גאַנצע דייטשע אינטעליגענץ איז אַריבערגעלאָפן צום נאַציזם, ווי באַלד ער איז געקומען צו דער מאַכט. רעאַגירט די יידישע אינטעליגענץ מיט אַ הללויה פאַרן אינטעלעקט און זיינע טרעגער, און זעצט זיי ביידן אַוועק אויף דער מזרח־וואַנט. אַזוי אַרום ווערט ביי אונדז יעדער אַנטי־אינטעלעקטואַליזם אידענטיפיצירט מיט נאַציזם. פאַרגעסט מען אָבער, אַז די נאַציס האָבן געוואָלט דערנידעריקן דעם אינטעלעקט אין נאָמען פון דער „שטים פון בלוט", פון חיהשע און פאַרברעכערישע תאוות. מיט אַנדערע ווערטער — פאַרשטויסן אַ געוויסע פאָרם פון גייסטיקייט דורך אומגייסט, דעם מענטשלעכן גייסט דורך חיה־אינסטינקטן. קען מען אָבער זיין קעגן איינזייטיקן אינטעלעקטואַליזם דווקא צוליב קעגנזאַצלע־כע מאָטיוון, כדי גובר צו זיין די אינסטינקטן, דעם יצר־הרע דורכן יצר־טוב, דורך פעסטקייט פון ווילן און כאַראַקטער, דורך שלימות פון מידות און אויפפירונג, און אַנערקענען די דאָזיקע גייסטיקע אייגנ־שאַפטן ווי העכערע פאַרן שכל. נאָר וואָס גייט דאָס אָן דעם יידישן אינטעליגענט, אַז קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם איז געוואָרן זיין איינצי־קער אויסקוק, ממש אַ פּסיכאָז. איך וועל אייך דאָ ברענגען אַ כאַראַקטע־ריסטישן ביישפּיל. אין פראַנקרייך לעבט אַ דענקער פון יידישן אָפּ־שטאַם, אַ בריליאַנטענער שרייבער, זשיליען בענדאַ, אַ קעמפער פון דער ערשטער ליניע קעגן ראַסיזם און, פאַרשטייט זיך, אַ פולקאָם־אַסימילירטער ייד, אַ שונא פון דער נאַציאָנאַלער יידישער באַוועגונג אין אַלע אירע פאָרמען און ניואַנסן. האָט ער אָנגעשריבן אַ שאַרפן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דער „בגידה פון דער אינטעליגענץ", קעגן דער פעלשונג, וואָס זי האָט געפעלשט אין איר מיסיע אויף דער

וועלט. וועט איר זעלטן טרעפן אַזאַ ביטערע און בייסנדיקע קריטיק פון דער מאָדערנער אינטעליגענץ. דאָס שטערט אָבער נישט, אַז זיין גאַנץ בוך זאָל זיין אַ הימען פאַר דעם אינטעלעקטואַליזם. די נישט געטריישאַפט פון דער אינטעליגענץ צו די העכסטע מענטשלעכע אידעאַלן זענען פאַר אים נישט מער ווי אַ צופאַל און כלל נישט קיין אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון דער איבערשאַצונג פון פאַרשטאַנד איבער אַלע אַנדערע מאַניפעסטאַציעס פונעם מענטשלעכן גייסט. זעצט זשיליען בענדאַ אויבן אויפן סאַמע טראָן די וויסנשאַפטלער, דענקער און פילאָסאָפן און רעדט מיט אַ ביטול־איראָניע וועגן פּאָעטן און קינסטלער, וואָס קענען זיך אַפילו נישט פאַרמעסטן מיטן מלך אינעם קיניגרייך פון גייסט, דעם שכל, ווייל סך־הכל דריקן זיי אויס ,,נאָר” געפילן און עמאָציעס. זייענדיק קאָנסעקווענט־שכלדיק, דאַרף זשיליען בענדאַ אויך פאַרניינען די גלייכקייט פון די מענטשן, וואָרעם נישט אַלע מענטשן זענען גלייך באַשאָנקען מיט פאַרשטאַנד. ער וואָלט געמוזט קומען צום אייגענעם אויספיר ווי ערנסט רענאַן, וועלכן ער ציטירט טאַקע און וועלכער זאָגט: ,,אין דער ווירקלעכקייט איז מען מער אָדער ווייניקער מענטש, מער אָדער ווייניקער גאָטס באַשעפעניש. איך זע נישט קיין גרונד, פאַרוואָס אַ ווילדער פּאַפּואַס זאָל זיין אומשטערבלעך” (1). מיר וועלן זיך נאָך טרעפן מיט אָט דעם געדאַנק ביי אַ רייע יידישע ראַציאָנאַליסטן און דאָ קומען מיר שוין צום צענטראַל־פונקט. די גלייכקייט פון אַלע אָנגעהעריקע צום מענטשלעכן מין, וואָס ליגט אין יסוד פון דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם, קען נישט שכלדיק באַוויזן ווערן און מוז אָנגענומען ווערן נאָר ווי אַ רעליגיעז־עטישער אמת, באַגרינדעט אינעם גלויבן, אַז איין גאָט האָט אונדז אַלעמען באַשאַפן און אין איין געשטאַלט, אין זיין געשטאַלט.



שוין ביים ערשטן באַדייטנדיקן יידישן ראַציאָנאַליסט, ביים רמב”ם, געפינען מיר אויסגעדריקט אין אַ בולטער פאָרם דעם קאָנפליקט צווישן אינטעלעקטואַליזם און דעמאָקראַטיע. אמת, דאָס פּראָבלעם פון דעמאָקראַטיע אין היינטיקן פּאָליטישן און סאָציאַלן זינען האָט זיך דעמאָלט אין דער וועלט בכלל נישט געשטעלט, אָבער דעמאָקראַטיע אויף יענער וועלט איז געווען ביי אונדז אַ מושכל ראשון — כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא. גייסטיקע גלייכקייט איז צווישן יידן געווען אַן אַקסיאָמע. געוויס זענען געווען און וועלן תמיד זיין ביי אונדז ווי

ביי אַנדערע פעלקער פאַרשידענע מדרגות פון גייסטיקער אַנטוויקלונג. אָבער יידישקייט האָט זיך שטענדיק באַזירט אויף שלימות פון מידות און מעשים־טובים. דערגרייכן די דאָזיקע שלימות קען איטלעכער, ווי באַלד דער ווילן פונעם מענטשן איז פריי. איז געקומען דער רמב״ם און האָט אָפּגעלייקנט די פּרינציפּיעלע הנחה פון גייסטיקער גלייכקייט. אַזוי ווי פון יידישע קוואַלן האָט ער די פאַרשידנקייט פון אינטעלעקט, אַלס יסוד פון נישט־גלייכקייט, נישט געקענט שעפּן, האָט ער זי איבערגענומען פאַרטיקערהייט פון אַריסטאָטעלעסן. צווישן די צוויי הויפּט־באַשטאַנד־טיילן פונעם מענטשלעכן גייסט — דאָס דענקען און דעם ווילן — גיט אַריסטאָטעלעס אָפּ די בכורה דעם ערשטן. די דענק־טוגנד שטייט פאַר אים העכער פון כאַראַקטער־טוגענד. במילא האָט ער אָנגענומען, להיפּוך צו דער פּלאַטאָנישער פילאָזאָפיע, אַז נישט די נשמה בכלל איז אומשטערבלעך, נייערט נאָר דער טייל פונעם גייסט, וואָס מיר רופן שכל. און אַלס לאָגישער פועל־יוצא פון אָט דער קאָנצעפּציע באַקומט זיך ביי אַריסטאָטעלעסן די מסקנא, אַז עס זענען נישטאָ קיין גלייכע עטישע אמתן און מאָסן. עטיש איז דאָס גוטס, וואָס דער מענטש קען דערגרייכן לויט זיינע פעאיקייטן און מעגלעכקייטן. בכן איז די עטיק אַ פאַרשידענע — לויטן געשלעכט, פאָלק, קלאַס און פּראָפעסיע (2). נישט אומזיסט איז ער געווען איינער פון די היציקסטע פאַרטיידיקער פון שקלאַפעריי און האָט געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויך אויף פרייע מענטשן, וויבאַלד זיי פאַרנעמען זיך מיט אַרבעט, ווי בעלי־מלאכות, פויערים וכדומה, און זיי געשטעלט כמעט אויף איין מדרגה מיט שקלאַפן.

גייענדיק אין די טריט פון אַריסטאָטעלעסן, האַלט דער רמב״ם, אַז די השגחה באַהעפט זיך נישט מיט אַלע מענטשן גלייך. די השגחה פאַרשפּרייט זיך נישט אויף אַלע בעלי־חי, נייערט נאָר אויפן מענטשן, ווייל נאָר דער מענטש איז פון גאָט באַשאָנקען מיט שכל. במילא איז זי אויך נישט גלייך בנוגע צו אַלע מענטשן, און איר מאָס הענגט אָפּ פון דער שכל־מדרגה, וואָס דער אָדער יענער מענטש האָט דערגרייכט. די אומוויסנדיקע, וואָס אין זייערע אויגן זענען זיי גלייך צו נאַראָנים, די וואָס האָבן נישט דערגרייכט צו שכלדיקער גאָט־דערקענטעניש, זענען געגליכן צו בהמות (נמשלו כבהמות נדמו). כדי זיי זאָלן נישט פאַרפירן אַנדערע, איז אַפילו אַ מצווה זיי צו פאַרטיליקן (מורה נבוכים, חלק שלישי, פּרק י״ז, י״ח, נ״א). אין זיין הקדמה צום פּירוש אויף משניות, סדר זרעים, געפינט זיך אַ ווייטערדיקע מער קאָנקרעטע אַנטוויקלונג פון דעם דאָזיקן געדאַנק. אין הסכם מיט דער גריכישער פילאָסאָפיע און מיט דער אַריס־

טאַטעלישער עטיק, און אין פולער סתירה צו די יידישקייט־השגות, דערקלערט דער רמב״ם, אַז די איינציקע אויפגאַבע פון המון, פון פשוטן בשר־ודם, וואָס בלויז ז׳ באַרעכטיקט זיין לעבן אויף דער וועלט, איז ראשית: באַשיצן דעם „אדם־בפועל״, דעם מושלם אין אַלע חכמות, זאָרגן וועגן די הצטרכותן פונעם אויסדערוויילטן, בכדי יענער זאָל רו־איק און אומגעשטערט זיך פאַרנעמען מיט חקירה און פילאָסאָפישע אמתן. והשנית: אים, דעם מושלם, דעם „אדם בפועל״ אונטערהאַלטן און פאַר־ווײַלן, ער זאָל זיך נישט פילן עלנט און פאַרלאָזן.

און פונקט ווי אויף דער וועלט זענען די מענטשן פרינציפיעל נישט גלייך גייסטיק, מוז דאָס אייגענע געשען מיט זייערע נשמות נאָכן טויט פונעם קערפּער. נישט אַלע נשמות זענען גלייך. און השארת הנפש, אומ־שטערבלעכקייט, וועלן געניסן נאָר די, וואָס ביים לעבן האָט זיך ביי זיי די פּאָטענציעלע פעאיקייט צו דענקען אַנטוויקלט אין אַן אַקטיווע (בפועל) און טאַקע נאָר אָט דער טייל פונעם שכל, וואָס איז אין אַ רעאַליטעט פאַרוואַנדלט געוואָרן, וועט זיך פאַראייניקן מיטן שכל הפועל, מיטן אוני־ווערסאַלן געטלעכן גייסט פון דער וועלט (3).

דעם רמב״מס תלמידים און חסידים זענען נאָך געווען קאַטעגאָרישער און עקסטרעמער ווי ער גופא אין זייער איבערצייגונג, אַז די קרוין פון באַשאַף איז נישט דער מין מענטש בכלל, נייערט נאָר די אויסדערוויילטע, די דענקערס און פילאָסאָפן. אַזוי למשל, יעקב אנאטאלי, דער איידעם פון ר׳ שמואל אבן־תיבון, דער איבערזעצער פון מורה נבוכים, טיילט איין די מענטשן אין שיכטן: צו דעם נידעריקסטן געהערן די, וואָס זאָרגן פאַר און פּראָדוצירן די נייטיקע אָביעקטן פאַרן לעבן, דאָס הייסט די ערד־אַרבעטער, בעלי־מלאכות, סוחרים וכדומה; צו דעם דאָזיקן שיכט געהערט די מער־הייט. דער צווייטער שיכט, קלענער אין צאָל, באַשטייט פון די, וואָס באַ־זאָרגן די געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן, היטן די אָרדענונג און פירן אָן מיט דער מלוכה (באַאַמטע און רעגירונגס־לייט). דער שפּיץ פון דער מענטשלעכער חברה, די אויסדערוויילטע מינדערהייט, זענען די דענקער און פילאָסאָפן. די שליחות אויף דער וועלט פון די ערשטע צוויי גרופּן באַשטייט דערין צוצוגרייטן די באַדינגונגען, וואָס די דריטע, די אויסדערוויילטע, באַדאַרף נויטיק פאַר איר שאַפונג. דעם אַזוי ליכטיק־קלאָרן און דערהויבענעם געדאַנק פונעם נביא „וישפוך רוחו על כל בשר״ און גאָט וועט פאַרשפּרייטן זיין גייסט איבער יעדן באַשעפעניש — טייטשט ער אויס אַזוי, אַז ער זאָל האָבן געמיינט נאָר יעדע פאַרשטענ־

דיקע באַשעפעניש, ווייל עס קען דאָך לויט אים נישט געמאָלט זיין, אַז גאָט זאָל זיין גייסט אויסשפרייטן אויף די פאַרגרעבטע נאַראָנים (4).

די געדאַנקען פון רמב״ם וועגן דער בכורה פון דערקענטעניש פון גאָט איבער דער ליבע צו אים, וועגן דעם יתרון פון אינטעלעקט איבער די מידות פונעם מענטשן און זיינע מעשים־טובים און אַלס אַן אויספיר דערפון — זיין גייסטיקער אַריסטאָקראַטיזם, האָט אַרויסגערופן מצד דעם רוב יידישע חכמים פון זיין דור און פון די שפעטערדיקע צייטן נאָך אַ שאַרפערן און פאַרביטערטערן פראָטעסט, ווי זיין אַלגעמיינע פילאָסאָפיע וועגן מהות פון גאָט, וועגן זיין נאַטור. האָט דאָך דער רמב״ם מיט זיין טעאָריע געשפאָלטן די כנסת־ישראל, וועלכע איז תמיד באַטראַכט געוואָרן ווי אַן איינהייטלעכע ממלכת כהנים וגוי קדוש אויף צוויי: אַ שכלדיקע מינדערהייט און אַ בהמה־גלייכע מערהייט. מיט אַ זיכערן היסטאָרישן חוש האָבן אונדזערע חכמים דערשפירט, אַז דאָ ווערן אָנגערירט די סאַמע יסודות פונעם יידישן לעבן־באַנעם און צעטרייסלט די פונדאַמענטן פון אונדזער נאַציאָנאַלן קיום. זאָגט חסדאי קרשקש אין זיין „אור ה׳״, אַז לויט די דאָזיקע דעות (פון רמב״ם) דאַרפן די צדיקים און קדושים, וואָס האָבן זיך מוסר־נפש געווען פאַר גאָטס נאָמען וועגן, נישט האָפן אויף השארת־הנפש, אויף אומשטערבלעכקייט, אויב זיי האָבן זייער שכל נישט געשאַרפט און זיך נישט פאַרנומען מיט פילאָסאָפישער חקירה. נידער־טרעכטיקע מענטשן אָבער, מוסרים און מלשינים, וויבאַלד זיי האָבן דערגרייכט פילאָסאָפישע בילדונג און דערוואָרבן אויף אַזאַ אופן דעם „שכל הנקנה״, זיי מוזן אומפאַרמיידלעך אומשטערבלעך בלייבן (5). אפילו זיין גרויסע תורה־אויטאָריטעט און זיין טרייקייט צו דער יידישער מסורה, אָפט אין סתירה מיט זיינע פילאָסאָפישע קאָנצעפּציעס, האָבן דעם רמב״ם נישט געקענט שיצן קעגן די שאַרפע פיילן פון זיינע מתנגדים. מען האָט באַשיימפערלעך געזען, אַז די אַטמאָספער, וואָס האָט זיך באַשאַפן אַרום דעם רמב״ם איז נאָך געווען סכנותדיקער ווי זיין לערע גופא. ווי געפערלעך עס איז געווען דער סם פון אינטעלעקטואַליזם, האָט באַוויזן דער פאַקט, אַז גראָד די יידישע הויף־יידן, די „חצרנים״, ווי מען האָט זיי גערופן, די יידישע באַנקירן און גבירים פון יענער צייט, זענען געווען צווישן די וואַרעמסטע חסידים פון רמב״מס לערע. אין אַ בריוו פון איינעם אַ פרנס פון דער קהלה אין בורגאָס, יוסף הלוי (יוסף בן טודרוס) ווערט טאַקע אָנגעוויזן אויפן פאַקט, אַז אין די רייען פון די ראַציאָנאַליסטן געפינט זיך די „בת העשירים״, די רייכע, וואָס זענען פעט געוואָרן פון דעם שוויס פון די אָרעמע...״ (6). פונקט אַזוי זענען די דאָזיקע הויף־

און געלט־ייִדן געווען די הויפּט־פירער פון די מימוניסטן נאָכן רמב״מס פּטירה. אויך אין שפּעטערדיקע צייטן, אומעטום וואו עס זענען אויפגעקומענע גבירים און משכילים ביי ייִדן, האָבן זיי זיך אָנגעלענט אין דעם מורה, כדי צו געפינען אַ באַרעכטיקונג אויף צו געניסן פריי פון זייער עשירות און נישט זיין געהאַמעוועט דורך די תרי״ג מצוות, וואָס דאָס פאָלק האָט געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס און וועלכע דער רמב״ם אַליין האָט דוקא געהאַלטן טייער. אַזוי איז געווען אין די צייטן פון דער השכלה. אַזוי קומט עס נאָך פאַר היינט צו טאָג, ווען אַלע וואָס זוכן אַ גרינגע ייִדישקייט, הענגען זיך אָן אין רמב״מס רייטוואָגן. און אַ מאָדנע זאַך: גרינגע ייִדישקייט זוכן גראָד די, וואָס האָבן אַ לייכט לעבן, די פּריווילעגירטע פון׳ם געזעלשאַפט־סדר. און טאַקע מיט רעכט האָט שלמה דוד לוצאַטו דערקלערט, אַז די דאָזיקע אידעען פון רמב״ם זענען די ערשטע פאַרדאַרבעניש, וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט (7). האָט זיך פון גרויס פאַרביטערונג ביי שד״ל אַרויסגעריסן דער שאַרפער אויסגעשריי — „הרמב״ם היה בעוכרינו״, דער רמב״ם איז געווען אַן אומגליק פאַר אונדז. דאָס איז נישט געמיינט געוואָרן ווי אַן אויסדרוק פון ספקות אין זיינע ערלעכע כונות, נאָר ווי אַ קאָנסטאַטירונג פון דער פאַרדאָרבנקייט, וואָס די אוראייניקלעך פון רמב״ם, די יורשים פון זיין אינטעלעקטואַליזם, האָבן אַריינגעטראָגן אין דער ייִדישער מחנה אין שד״לס צייט און אַקוראַט אַזוי אין אונדזערע צייטן.

זעקס יאָרהונדערטער שיידן אָפּ די עפּאָכע פון ר׳ משה בן מימון פון קאָרדאָווע ביז דער צייט פון מאָזעס מענדעלסאָן פון דעסוי, פון׳עם צווייטן ביז צום „דריטן״ משה, ווי די משכילים פלעגן ליב האָבן זיך אויסצודריקן. אַ געוואַלדיקער מהלך אין צייט, און נאָך אַ גרעסערער אין די לעבנס־באַדינגונגען פון דער אַרומיקער וועלט. צווישן דיביידע תקופות ליגט דער אייראָפּעאישער רענעסאַנס, דער הומאַניזם, דער וויסנשאַפטלעכער זיבעצנטער יאָרהונדערט און דער „אויפגעקלערטער״ אַכטצנטער, וואָס אויף זיין הינטערגרונט איז אויסגעוואַקסן און האָט זיך פונאַנדערגעבליט די ייִדישע השכלה־באַוועגונג. די מחלוקת אַרום דעם מורה־נבוכים איז צו יענער צייט שוין לאַנג געווען פאַרענדיקט מיט דעם פולן נצחון פון דער רבנות, טריי דעם ייִדישן טראַדיציאָנעלן באַנעם, וואָס שטעלט דעם טראָפּ אויף די מצוות מעשיות און שאַצט גאָר גרינג דעם ווערט פון פילאָסאָפישע שפּעקולאַציעס. פון דער אַנדער זייט, האָבן די אומרואיקע ייִדישע גייסטער, וואָס האָבן געגאַרט אַריינצודרינגען אין די

סודות פון דער „מעשה מרכבה" און אַראָפּצורייסן דעם שלייער פון דער וועלט־מיסטעריע, זייער דורשט געשטילט נישט אינעם ברונעם פון קאַלטן וויסן, נייערט אין די שפּרודלדיקע וואַרעמע שטראָמען פון דער קבלה.

ערשט אויף משה מענדעלסאָן און אויף זיינע תלמידים איז אויסגעפאַלן דער גורל אָפּצופרישן אויף דאָס ניי דעם יידישן אינטעלעקטואַליזם, און דאָס מאָל צוליב גינציקע אויסערלעכע באַדינגונגען, אָנצושטעקן מיט אים גרעסערע קרייזן פון דער יידישער אינטעליגענץ און פון דעם נייעם יידישן בירגערלעכן קלאַס. אָבער אויך דאָס מאָל איז דאָס פאָלק אין זיינע געדיכטע שיכטן נישט געריהרט געוואָרן. ווי ווייט עס זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען די וועגן פון פאָלק, וואָס איז געזעסן אין מזרח און פון די קליינצאָליקע גרופּן אין מערב, באַווייזט דער פאַקט, אַז כמעט אין דער אייגענער עפּאָכע איז אין די לענדער פון די יידישע מאַסן־קיבוצים געגאַנגען מחיל אל חיל, פון נצחון צו נצחון דער חסידיזם, אַ באַוועגונג און אַ וועלט־באַנעם, דורכגעדרונגען און פאַרכאַפּט פון אַ בפירושן אַנטי־ראַציאָנאַליסטישן, אַנטי־אינטעלעקטואַליסטישן פּאַטאָס.

נישט געקוקט אויף די געוואַלטיקע אונטערשידן צווישן דעם מיימוניזם און דער השכלה, איז דער אינטעלעקטואַליזם געווען אַ פאַרבינדונגס־גליד צווישן זיי, הגם דער אינטעלעקטואַליזם גופא איז ביי זיי געווען פאַרשידן ניואַנסירט. די ביטול־באַציאונג צום המון וואָס „בלאָנדזשעט אין דער פינצטערניש", צו זיינע גלויבנס (אָבערגלויבנס), צו זיינע מנהגים און לעבנס־שטייגער איז אין דער השכלה־עפּאָכע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַראַכטונג. דעם רמב"מס לערע איז דורכן השכלה־דור רעאינטערפּרעטירט געוואָרן און דערפירט געוואָרן ביז צו אירע לעצטע קאָנסעקווענצן. איינער פון די גרעסטע מענדעלסאָנס מיטצייטלער, פילאָסאָפיש אַ פיל טיפערער ווי ער אַליין, הגם אָן השפּעה צוליב זיינע אומגליקלעכע פּערזענלעכע לעבנס־באַדינגונגען, איך מיין שלמה מיימון, שרייבט צו דעם רמב"ם געדאַנקען, וואָס זענען אויפגעקומען ערשט אין דער השכלה־עפּאָכע. ער לויבט און בענטשט אים דערפאַר, וואָס ער האָט אונדז „ליכטיק געמאַכט אין די אויגן" אין דעם לאַנגען גלות, בעת וועלכן דאָס יידישע פאָלק איז פון זיין אומוויסנקייט געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט פאַר די אַרומיקע פעלקער („חרפה לשכנינו לעג וקלס לסביבותינו") (8).

די דאָזיקע פאַראַכטונג צום פאָלק און צו אַלץ, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט זיין לעבנס־באַנעם און לעבנס־שטייגער האָט אומפאַרמיידלעך

זיך געמוזט דערקייקלען ביז צו אַ פֿאַרביסענעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט באַרעכטיקט די רדיפות און די גזירות פֿון די גויאישע רשעים אויף ייִדן, ווייל ייִדן אַליין זענען שולדיק אין זייער איינגעשפּאַרטקייט בישט צו וועלן אָננעמען די זיטן, די שפּראַך און דאָס פּירעכץ פֿון די פֿרעמדע פֿעלקער. דאָס איז געווען דער לייט־מאָטיוו פֿון דער השכלה־שיטה. נפתלי הערץ וויזעל, איינער פֿון די קאָריפֿעען פֿון דער מענדעלסאָן־השכלה, זינגט לויב־געזאַנגען, אין שיר און פּראָזע, דעם דעספּאָט יאָזעף דעם צווייטן פֿון עסטרייך פֿאַר זיין גוטער כונה צו באַפֿרייען דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿון דער באַרישקייט־פֿינצטערניש („מחשך הכלות”), דעם אייגענעם „אויפֿגעקלערטן מושל”, וואָס האָט געעפֿנט שולן פֿאַר די זין פֿון די ייִדישע גבירים, וואָס האָט אָבער אויך פֿאַרשטאָפּט אַ רייי פּרנסה־ און חיונה־קוואַלן פֿאַר דער ייִדישער אָרעמקייט. אַ מיטצייטלער פֿון וויזעלן, אַ צווייטער זייל פֿון דעם השכלה־געבוי, הערץ האָמבערג, האָט שוין נאָך דעם ווי יאָזעף דער צווייטער האָט אַרויסגעגעבן זיין באַוואוסטע „ייִדן־אָרדענונג” און דערמיט אַרויסגעוואָרפֿן ממש אויף דער גאַס הונדערטער טויזנט גאַליציאַנער ייִדן, פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אויפֿרוף צו די רבנים פֿול מיט שבחים פֿאַרן דאָזיקן „מלך חסד”. דערקלערנדיק פֿאַרוואָס ער ווענדט זיך צו די מנהיגים און נישט צום המון גופֿא, גערבריכט ער וועגן פֿאָלק אַזוינע אויסדרוקן, וואָס וועלן בלייבן אַן אייביקע חרפּה נישט בלויז פֿאַר אים אַליין, נאָר פֿאַר דער גאַנצער מענדעלסאָנישער שול. דער המון, זאָגט ער, „באַשטייט פֿון מענטשן, וואָס זענען נישט ווערט, מען זאָל אויף זיי פּטרן אפֿילו אַ מינדסטע רגע”. און עס האָט שוין דערויף פֿון לאַנג געזאָגט אַ געוויסער חכם: „ווער עס וויל איבערצייגן נאַראָנים און וויס מאַכן די הויט פֿון אַ נעגער, דער פּטרט זיין מי אומזיסט”. און אַז הן נפתלי הערץ וויזעל, הן הערץ האָמבערג, ווי אַלע זייערע חברים, האָבן געהאַסט די פֿאָלקס־שפּראַך, איז קלאָר פֿון זיך אַליין. צוליבן „זשאַרגאָן”, קלאָגט זיך וויזעל, זענען מיר געוואָרן צו געלעכטער, צו שאַנד און צו שפּאָט צווישן די פֿעלקער, נישט מיר רעדן, נאָר מיר שטאַמלען. כבֿוד־פּהניקעס זענען ייִדן געוואָרן („בית ישראל ערלי־שפּה”) (9).

די דאָזיקע באַציִאונג צום פֿאָלק וועט אונדז נישט וואונדערן, ווען מיר וועלן זיך דערמאָנען, אַז פּונקט ווי אין רמב”מס צייטן, האָבן אויך משה מענדעלסאָן און זיינע תּלמידים רעקרוטירט זייערע חסידים און נאָכלויפֿערס, דער עיקר צווישן ייִדישע באַנקירן, סוחרים און הויף־מענטשן און צווישן די ווייניקע ייִדישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן געלעבט פֿון

זיי, ווי זייערער אָנגעשטעלטע, ווי לערער און דערציערס פון די גבירישע בנים. דאָס אייגענע זעען מיר אויך שפּעטער אין מזרח, אין רוסלאַנד, וואו די השכלה איז אויך אַריינגעדרונגען נאָר אין די קרייזן פונעם אויפגעקומענעם יידישן בירגערטום, דער „קופּעץ" און דער „פּאָדריאַטשיק", מיט הנם חילוק, וואָס צום גליק איז דאָרט דאָס פאָלק נישט באַשטאַנען נאָר, אָדער דער עיקר פון אַזוינע פּאַרשוינען. הויף־ליווערענטן, באַנקירן, שטייער־פּאַכטערס, וואָס האָבן ממש געזויגט דאָס בלוט פון פאָלק, פון יידישן און פון אָרומיקן, וואָס זייער נאָמען איז געווען ביי אַלעמען אַ קללה, זענען געוואָרן די הויפּט־טוער און שטיצער פון דער „אויפקלערונג". פּונקט ווי זייערע פאַרלויפער אין דייטשלאַנד און עסטרייך, האָבן אויך זיי געלעקט די הענט פון די הערשערס, אין דעם פאַל די רוסישע קיסרים, די הענט, וואָס האָבן אַזוי ווייטיקדיק געשמיסן דאָס יידישע פאָלק, נאָך מיט מער אכזריות ווי אַלע אַנדערע פעלקער, וואָס האָבן געלעבט אונטער דעם סצעפּטער פון די ראָמאַנאָווס. אפילו אַזאַ מעסיקער משכיל ווי יצחק בער לעווינזאָן (ריב"ל) האָט אויך געשאָטן מיט תהלות ותשבחות פאַרן בלוט־זויגער ניקאָליי דעם ערשטן, וואָס האָט כלומרשט ווי אַ „דערבאַרעמדיקער פאָטער" (אב חומל), נישט אויפגעהערט צו טון טובות יידן און זיי צו מאַכן פאַר מענטשן (10). און געזאָגט געוואָרן איז דאָס אין אַ צייט, ווען דאָס פאָלק האָט געזיפצט אונטער דער גזירה פון דעם דאָזיקן מלך חסד, וואָס ער האָט גוזר געווען אַפּצורייסן יידישע קינדער פון זייערע טאַטע מאַמעס, כדי זיי צו מאַכן פאַר אייביקע סאָלדאַטן. נאָר אויב דער ריב"ל האָט לכל הפחות מיטגעפילט מיטן פאָלק אין זיין צרה, האָבן זיך אָבער געפונען רוסיש־יידישע משכילים, וואָס האָבן אפילו באַגריסט די רעקרוטשינע, דאָס געיעג אויף יידישע קינדער, וואָס מען פלעגט זיי אויף זייער גאַנץ לעבן מאַכן פאַר שקלאַפן („קאַנטאָניסטן") און מיט געוואַלד זיי געפירט צו שמד. די „אויפגעקלערטע" האָבן אין דער מיליטערישער פליכט פאַר יידן געזען אַן „אתחלתא דגאולה", אַן אָנהויב פון אויסלייזונג פון יידישן „אומווירדן", פון יידישער אָפּגעזונדערטקייט פון די אַרומיקע פעלקער, און אַן אָנזאָג, אַ מין אַדערויף אויף גלייכבאַרעכטיקונג.

אין דער השכלה האָט זיך אַנטפּלעקט דער גרויסער שקר פונעם יידישן אינטעלעקטואַליזם, זיין טיפער אַנטי־יידישער כאַראַקטער און במילא זיין אַנטי־פאָלקישקייט אָדער אַנטי־דעמאָקראַטישקייט, ווי איר ווילט. אָבער נישט איר, דער השכלה, איז באַשערט געווען צו ווערן דער וועגווייזער פון פאָלק. אין דער אמתער יידישער געשיכטע, וואָס דאַרף נאָך

געשריבן ווערן, נישט לויט פרעמדע מוסטערן און מיטן מעטאָד פון פאַלשע אַנאַלאָגיעס, וועט משה מענדעלסאָן דעם טיטל „דריטער משה" אויף זיכער נישט באַקומען. דער גרויסער ייד פון אכצנטן יאָרהונדערט, דער וואָס האָט אויף לאַנגע דורות אויסגעשליפן דעם יידישן געדאַנק און אויסגעפורעמט דעם יידישן כאַראַקטער, איז געווען דער הייליקער און געטלעכער מאַן, דער דאָרפס-מענטש פון צווישן די קאַרפּאַטן-בערג, ר' ישראל בעל־שם־טוב, פאַרשריען פאַר אַן עם-הארץ דורך די משכילים, פאַר אַ רמאי, פאַר אַ שווינדלער, פונקט ווי מען איז זיך אַזוי באַגאַנגען שפּעטער מיט זיינע תלמידים (11).

אַ טעות האָבן די, וואָס באַטראַכטן די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג ווי אַ יורש פון דער השכלה, אויף דעם סמך, וואָס דער יידישער סאָציאַליזם האָט, אין געוויסע טענדענצן זיינע, איבערגענומען, ווי זיין אייגענע פילאָסאָפיע, אַ ראַציאָנאַליסטישע שיטה. אויך ביי די פעלקער איז דאָס געווען נישט מער ווי איינע פון די „פאַלשע אידעען-אַסאָציאַציעס", וואָס מיר באַגעגענען אָפט אין דער געשיכטע פון סאָציאַלע באַוועגונגען. און ביי אונדז איז דאָס אוודאי געווען בלויז אַזאַ מין אַסאָציאַציע, וואָס האָט געהאַט אירע פּסיכאָלאָגישע סיבות. זעען מיר טאַקע, אַז די וויכטיקע יידישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן זיך בכלל אָנגעגעבן מיט קולטור־פילאָסאָפישע פּראָבלעמען, ווי א. ד. גאָרדאָן, ד"ר חיים זשיטלאָווסקי און אייניקע, וואָס לעבן נאָך היינט צווישן אונדז, זענען גראָד נישט געווען קיין מאַטעריאַליסטן און נישט קיין ראַציאָנאַליסטן. האָט איינער מרביץ געווען אין אויפגעריכטן ארץ־ישראל די לערע וועגן אַרבעט ווי אַ גלויבן, און דער צווייטער איז אינעם אַמעריקאַנער גלות געווען דער ערשטער צווישן די ראַדיקאַלע יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָט זיך אונטערגעשטעלט פּאַראויסצוזאָגן די „נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידער־געבורט פון דער יידישער רעליגיע".

ערגעץ־וואו און ווען נישט איז, איך ווייס נישט, און קיינער ווייסט נישט, ווען און אין וועלכן געאָגראַפישן פּונקט, הגם איך האָף, אַז במהרה בימינו און אין אַלע תפוצות־ישראל, וועלן זיך צונויפגיסן די יידישע פאָלקסטימלעכע שטראָמען פון די לעצטע צוויי הונדערט יאָר, די חסידות און דער יידישער סאָציאַליזם. די אייניקלעך, די יורשים פון אונדזערע חכמים און צדיקים און די היינט־וועלטיקע זוכער פון יושר און סאָציאַלער גערעכטיקייט מוזן און וועלן זיך טרעפן און זיך דערלאַנגען די הענט. דער דאָזיקער צוזאַמענטרעף וועט נישט בלויז זיין אַ היסטאָרישע דאַטע צוליב זיין וויכטיקייט, ער וועט אויך זיין היסטאָריש

דערפאַר, ווייל ער וועט אַראָפּוואַרפן פון זיין טראָן די אַנטי־היסטאָריש־קייט, וואָס אויב אַמאָל האָבן ביי אונדז דורך איר געטרייזט יחידים, איז זי געוואָרן די זינד און די קללה פון אַ גאַנצער עפּאָכע, דער נייער עפּאָכע פון אונדזער געשיכטע.

---

רעפערענצן:

(1) Julien Benda. La trahison des clercs. Paris 1927, p. 100.

(2) Karl Vorlaender. Geschichte der Philosophie. Band I., Leipzig 1927, SS. 143, 146-47.

(3) מורה נבוכים, חלק ראשון, פרק ע'. פאַרגלייך אויך דעם פירוש אויף דעם דאָזיקן פרק פון שלמה מיימון (גבעת המורה) און זיין נאָך קלאָרערע אינטערפּרעטאַציע פון רמב"ם געדאַנק אין שלמה מיימונס לעבנסגעשיכטע. יידיש פון א. י. גאָלדשמידט, 2טער טייל, ווילנע 1927, ז"ז 3-382.

(4) אין זיין ספר מלמד התלמידים. ציטירט לויט י. צינבערג, באַנד 2, ז"ז 8-236.

(5) ציטירט לויט י. צינבערג, באַנד 3, ז' 282.

(6) דאָרט, באַנד 2, ז' 163.

(7) שמואל דוד לוצאטו, מחקרי היהדות, כרך ראשון, חלק שני, ורשה תרע"ג, ע"ע 164, 168.

(8) זע די הקדמה צו זיין פירוש גבעת המורה. ציטירט לויט דער אויס־גאַבע פון מורה נבוכים מיטן דאָזיקן פירוש פון יאָר תקפ"ה (1828), געדרוקט אין זולצבאַך.

(9) י. צינבערג, באַנד 7א, ז"ז 9-86, 138.

(10) בית יהודה, פרק קנא. ציטירט לויט דער פערטער אויסגאַבע, וואַרשע תרס"א, ז"ז 6-145.

(11) עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אין א דרייבענדיקן ווערק איבער די געשיכטע פון יידישקייט און אירע סעקטעס האָט יאָסט אָפּגעגעבן דער חסידות, וואָס זיינע ידיעות וועגן איר האָט ער דער עיקר געשעפּט ביי דעם באַוואוסטן אין יענער צייט גאַליצישן משכיל יוסף פערל (דער מחבר פון דער אַנטי־חסי־דישער סאַטירע „מגלה טמירין"), געצווילטע זייטלעך. עס איז איבעריק צו זאָגן,

אַז ער האָט אין דער דאָזיקער באַוועגונג פון גייסטיקער באַנייאונג דערזען נאָר דעם צדיקים־קולט, מופתים, פדיונות און נאַרישקייטן. פאַרגלייך :

J. M. Jost. Geschichte des Judentums und seiner Sekten, dritte Abteilung. Leipzig 1859, SS. 185-94.

# פאַרוואָס אַמאָליקע יידן האָבן געקוקט קרום אויף פילאָסאָפיע

מען האָט שוין אַ סך מאָל אָנגעוויזן, הן פון דער יידישער הן פון דער קריסטלעכער זייט, ווי ווייניק אינטערעס יידישקייט האָט אַרויסגעוויזן פאַר וויסנשאַפט, בפרט פאַר פילאָסאָפיע. פונקט אַזוי ווי יידן אין אַלטערטום האָבן גאָרנישט אָדער גאָר קנאַפּ מחדש געווען אויף אַ רייע געביטן, ווי למשל עסטעטיק — אַ העלעניש געביט, מלחמה־קונסט — אַ רוימישער ענין, אַקוראַט זענען זייערע אויפטוען גאָרנישט קיין דערהויבענע אויפן פעלד פון וויסן. ווי עס שטרייכט אונטער מיט רעכט, און צו דער ריכטיקער צייט, העברי מאלטער, האָבן יידן אויף זייער אייגענעם באָדן קיין פילאָסאָפן נישט אַרויסגעבראַכט. די לערך ווייניקע יידישע מחברים, וואָס זענען באַוואוסט געוואָרן ווי פילאָסאָפן, זענען אינספּירירט געוואָרן פון פרעמדן געדאַנק (1). יידישקייט האָט פון איר אויפקום אָן און עד היום הזה, דאָרט וואו מיר זעען זי נאָך אין איר אָריגינעלער און נישט אין אַ פאַרדאָרבענער פאָרם, געזוכט דעם תכלית פונעם מענטשן און דעם זינען פון זיין עקסיסטענץ נישט אין וויסן, נישט אין שאַרפן דעם שכל, נייערט אין גלויבן, אַזוינעם, וואָס פירט צו שלימות דורך מעשים. שוין אינעם ערשטן מאָנאָלאָג פון גאָט צו דער קרויך פון זיין באַשאַף, דעם מענטשן, האָט ער אים געוואָרנט און פאַרזאָגט נישט צוצורירן זיך און נישט צו געניסן פון עץ־הדעת. און אַז דער מענטש און זיין עזר כנגדו האָבן נישט געפאָלגט, וואָרעם נישט פאָלגן איז זייער טבע, האָט גאָט פאַרשאָלטן די פרוי מיט דער אייביקער קללה פון געבורטס־ווייען, און דעם מאַן, ער זאָל עסן זיין ברויט מיטן שווייס פון זיין פנים.

הויבט די תורה אָן די ביאָגראַפיע פון קאָסמאָס מיטן בראשית און זאָגט קיין איין וואָרט נישט אויף צו פאַרענטפערן די קלאָץ־קשיא, וואָס פילאָסאָפן און יעדעס פיצל קינד שטעלן: וואָס איז געווען פריער און ווער האָט גאָט אַליין באַשאַפן? קלאָר, אַז דערמיט האָט זי, די תורה, געוואָלט זאָגן, אַז גאָט איז אַ מושכל ראשון, אַ באַגריף, וואָס איז אַ פּריאָרי געגעבן, אַז יעדע חקירה אָדער איינציק וואָרט אַפילו וועגן דעם איז איבעריק, ווייל אויב עס וואָלט קיין גאָט נישט געווען, וואָלט די וועלט קיין וועלט נישט געווען און איר גאַנצער זיין קיין זינען נישט געהאַט.

פאַרנעמט זיך טאַקע די תורה ווייניקער פון אַלץ מיט קאָסמאָלאָגיע און

גיט זיך אָפּ מיט געזעצן וועגן ריינקייט און טומאה, וועגן דעם יתום און דער אלמנה, דעם אביון, דעם גר, וואָס זיצט אין „דיינע טויערן" און אין מיטן דערינען פלעכט זי איין אויף אַזאַ וואונדערלעכן און וואונדערבאַרן אופן די געשיכטע פונעם פאָלק ישראל און פון דעם בונד, וואָס ער האָט מיט גאָט געשלאָסן, דערציילט זיינע עליות און ירידות, דעקט אויף זיינע גוטע מעשים און דעקט נישט צו זיינע זינד. פונקט אַזוי אין שפּעטערדיקע צייטן האָבן אונדזערע נביאים און חכמים גאָר קנאַפּ זיך געקימערט, זיך געגריבלט אין דעם סוד וועגן דעם מהות, וועגן דער נאַטור פון גאָט און געגאַרט נאָר צו וויסן זיין ווילן. וואָס זיי האָבן געזוכט איז געווען דער וועג צו אים, כדי זיין ווילן צו דערפילן, מיט אים זיך צו באַהעפטן און דורך ריינקייט און הייליקייט זיך צו אים דערנענטערן. ווי די גמרא האָט אַזוי פּרעכטיק אויסגעטייטשט דעם ואנוהו: „הוי דומה לו, מה הוא חנון ורחום אף אתה הווה חנון ורחום" (שבת, קל"ג, ב').

און טאָמער האָט זיך שלמה המלך, זאַט אין יאָרן און תענוגים, פאַרגלוסט פילאָסאָפירן און במילא אָנגעהויבן צווייפלען, צווייפלען אינעם פרייען ווילן, אין שכר ועונש, אין דער דערהויבנקייט פונעם מענטשן איבער די איבעריקע גאָטס באַשעפענישן (ומותר האדם מן הבהמה אין), האָבן אונדזערע חכמים געוואָלט דן זיין לגניזה זיין קהלת (שבת ל', ב). און אויב אין זיין אָנהויב און אויפן סוף וואָלטן נישט געווען איינגעוועבט דברי־תורה ויראת שמים, וואָלט ער קיין אָרט נישט געפונען צווישן די הייליקע שריפטן און זיין זכר וואָלט מסתמא פאַרלוירן געגאַנגען, ווי עס האָט פּאַסירט מיט אַ סך אַנדערע פילאָסאָפישע ספרים, געשריבן פון ידישע געלערנטע אין שפּעטערדיקע צייטן. און אַז איוב, לויט אַ יש אומרים, — אַ פרעמדער, האָט אין גרויסער נויט און געבראָכנקייט פון געמיט געגעבן פרייהייט זיין טיפן יאוש, זיך געקלאָגט פאַר גאָט, ווי שלעכט ער פירט זיין וועלטל און מיט העזה אים שוין געשטעלט אויף אַ פאַרדעקטן אופן די האַרבע שאלה, וואָס דורך אַנדערע איז זי פאָרמולירט געוואָרן אינעם זאַץ „צדיק ורע לו, רשע וטוב לו", האָבן די חכמים טאָקע געמורמלט און נאָך ווי געמורמלט. און אויב דער ספר פון גרעסטן סקעפּטיציזם און טיפסטן יאוש האָט פונדעסטוועגן זוכה געווען אַריינגענומען צו ווערן צווישן די כתבי הקודש, איז עס מסתמא געשען נאָר דערפאַר, ווייל אונדזערע חכמים, אַליין אַבסאָלוטע גלויביקער, האָבן וואויל געוואוסט, אַז ווי דאָס גלויבן, אַזוי איז אויך דער צווייפל איינגעוואָרצלט אינעם מענטשן.

און קאַנאַניזירנדיק דעם צווייפל, האָבן זיי אים דערמיט געוואָלט צוימען, אַוועקנעמען זיין סם.

נאָר נישט קהלת, נישט איוב זענען נישט קיין פילאָסאָפישע ספרים נישט אינעם גריכישן, נישט אינעם מיטלעלטערלעכן און נישט אין היינטיקן זינען פונעם וואָרט. ביידע זענען זיי פּאָעטישע שאַפונגען וואו דאָס מענטשלעכע געמיט קומט צום אויסדרוק, באַצירט מיט פילאָסאָפישע רעיונות און אַפאָריזמען. און עס איז זיכער נישט קיין צופאַל, וואָס דער ערשטער און איינציק־באַטייטנדיקער יידישער פילאָסאָף אין אַלטערטום, פילאָן אָדער ידידיה האלכסנדרוני, האָט געלעבט נישט אינעם יידישן צענטער, אין ארץ־ישראל, נייערט אויף דער פעריפעריע פונעם יידישן לעבן און געדאַנק, צווישן די העלעניזירטע יידן פון מצרים. ער איז געווען דער פאָרגייער פון די שפּעטערדיקע יידישע ראַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן איטלעכער אויף זיין שטייגער און לויטן גייסט פון זיין צייט, געזוכט דעם סינטעז צווישן „יידישקייט און מענטשלעכקייט". און ווי פאַר אַ סך פון די דאָזיקע זוכערס, זענען, אפשר, אויך פאַר אים די קוואַלן פון יידישער תורה און חכמה געווען פאַרשלאָסן אין אָריגינאַל, וויל געשטיצט האָט ער זיך אין זיין פילאָסאָפישן פּרוש אויף דער תורה, אויף דער גריכישער איבערזעצונג, דער סעפּטואגינטא, וואָס עס ווערט וועגן איר געזאָגט, אַז דער טאָג, ווען זי איז געמאַכט געוואָרן, איז געווען פאַר יידן אַזוי שווער ווי דער טאָג, ווען עס איז געמאַכט געוואָרן דער עגל, וויל די תורה קען גאָרנישט איבערגעזעצט ווערן ווי עס באַדאַרף צו זיין (מסכת סופרים, פרק א׳, ה״ז). האָט ער געוואָלט האָבן, און דער עיקר ווייזן דער וועלט, אַ שיינע, געלויטערטע יידישקייט פון ריינעם גינגאָלד. כדי נושא חן זיין ביי די געצנדינער פון זיין צייט, האָט ער אַוועקגעשטעלט אין שאָטן די אמתע שיינקייטן פון דער תורה, די געשיכטעס און לעגענדעס פון אַ פאָלק פון פאַסטוכער, וואָס וואַנדערן מיט זייערע געצעלטן און זוכן פאַשע פאַר זייערע שאָף און געטלעכקייט פאַר זייער דורשטיקער נשמה, פון דעם פאָלק וואָס זיפצט אין מצרים אונטערן יאָך פון זיינע אונטערדריקער און קרעכצט אונטער דער שווערער לאַסט פון שקלאַפן־אַרבעט, פון דעם פאָלק, וואָס דורך גאָטס ניסים און אונטער דער פירונג פון זיין שליח, דעם באַפרייער און געטלעכן געזעץ־געבער, גייט ער אַרויס מעבדות לחירות. זענען אונטער פילאָנס האַנט די סיפורים פון דער תורה אויסגעפוצט און צוגעפוצט געוואָרן, אויסגעליידיקט פון דער אייביקער שיינקייט פון פאָלקס־עפּאָס און באַקומען האָבן זיך, נאָך דער דאָזיקער

אָפּעראַציע, קאַלטע און טרוקענע פילאָסאָפישע אַלעגאָריעס. וואָלטן ייִדן געפּאָלגט פילאָנען און נאָכגעגאַנגען נאָך אים, וואָלטן פון ייִדישן געדע־כעניש אויסגעמעקט געוואָרן די געשטאַלטן פון אונדזערע אבות און אמהות און ייִדישע טעכטער וואָלטן אין די שבתדיקע בין־השמשותן נישט אויסגעגאָסן זייער געבראָכן געמיט פאַר גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב. בעטן וואָלטן זיי געדאַרפט צו קאַלטע און אַבסטראַקטע געדאַנקען פון אַ פּלאַטאָן אָדער פון די סטאָאיקער.

צום גליק אָבער איז פילאָן געשטאַנען אַליין און געבליבן איינזאַם און פאַרגעסן צווישן ייִדן. נישט איבערגעלאָזט האָט ער קיין טיפע שפּורן אינעם ייִדישן פאָלקס־געדאַנק און אין דער ייִדישער חכמה. אַפילו די שפּעטערדיקע ייִדישע געלערנטע פונעם שפּאַניש־אַראַבישן פּעריאָד, וואָס האָבן זיך יאָ פאַרנומען מיט פילאָסאָפיע, האָבן גאָר קנאַפּ געוואוסט פון פילאָנס ווערק, וואָס זענען פאַר זיי געבליבן פאַרחתמעט קודם־כל צוליב דער גריכישער שפּראַך, וואָס זיי האָבן נישט געקענט און קיין העברעאישע איבערזעצונג איז נישט געווען בנמצא. מסתמא דערפאַר ווייל ייִדן האָבן זיך מיט די דאָזיקע ווערק נישט פאַראינטערעסירט און זיי נישט באַ־דאַרפט. אָט זעט איר, גראָד די קריסטלעכע קירך־פאַטערס האָבן מיט גרויס התמדה שטודירט פילאָנס ווערק און אין זיין „לאָגאָס", דאָס „וואָרט" אַלס פאַרמיטלער צווישן גאָט און זיין באַשאַף, „גאָטס בכור", געפונען אַ סמך פאַרן גלויבן אין גאָטס זון. און די קריסטלעכע טראַדי־ציע האָט אַריינגענומען פילאָן אינעם היכל פון די פאַראויסזאָגערס פון קריסטנטום (2). ביי אונדז אָבער האָבן ערשט די משכילים פון דער נייער עפּאָכע, אַן איבעריקער סימן פון זייער אָפּגעפרעמדטקייט פון ייִדישקייט, זיך אָנגעכאַפּט אין זיינע חבורים ווי אין אַן אבן־טוב, ווי בכלל אין אַלץ, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויף די זייט־וועגן פונעם ייִדישן דרך־המלך.

און אין דער אייגענער צייט, ווען פילאָן איז געזעסן אין דער מיליאָנען־שטאָט אלכסנדריה און פילאָסאָפירט וועגן דער נאַטור פון גאָט, זענען אונדזערע חכמים אין ארץ־ישראל געווען אַריינגעטון בראשם ורובם אין גאָר אַן אַנדער מין עובדא. זיי האָבן געפּיילט און געשליפן ייִדישע מצוות און מידות־טובות, אַרומגעצוימט די תורה מיט סיגים און גדרים און אויסגעפורעמט אַ ייִדישן לעבנס־שטייגער, וואָס אין זיינע גרונט־שטריכן איז ער נאָך לעבעדיק ביז צום היינטיקן טאָג אין ייִדישע קהילות איבער דער גאָרער וועלט. דעם תכלית פונעם מענטשן האָבן זיי געזען נישט אין חקירה, נייערט אין לערנען די תורה לשם מעשים, און טון גוטס און דינען

גאָט דעם באַשעפער. וואָרעם על שלשה דברים העולם עומד, על התורה, על העבודה ועל גמילות חסדים, האָט געזאָגט שמעון הצדיק (אבות, פרק א, ב׳). און ר׳ אליעזר בן עזריה האָט אין איין זאַץ אויסגעדריקט אַן אידעע, וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַלע פּרוואוון אין אַ געשיכטע פון טויזנטער יאָרן פון אַלע פעלקער און בפרט טאַקע אין אונדזערער אייגענער געשיכטע. און געזאָגט האָט ער: דער וואָס האָט מער חכמה ווי מעשים, צו וואָס איז ער געגליכן? צו אַ בוים מיט אַ סך צווייגן און ווייניק וואָרצלען. קומט דער ווינט, רייסט ער אויס דעם בוים און וואַרפט אים אום . . . אָבער דער, וואָס זיינע מעשים זענען מער ווי זיין חכמה, צו וואָס איז ער געגליכן? צו אַ בוים וואָס האָט ווייניק צווייגן אָבער אַ סך וואָרצלען, וואָס אַלע ווינטן פון דער וועלט, וויפל זיי זאָלן נישט בלאָזן אויף אים, קענען זיי אים פון אָרט נישט רירן . . . (אבות פרק ג, י״ז).

דער קוק פון אונדזערע חכמים אויף חכמת יונית, וואָס אין שפּעטער־דיקע יאָרן האָט איינער פון אונדזערע טיפסטע דענקער און גרעסטע דיכטער, ר׳ יהודה הלוי, אויף איר געזאָגט, אַז זי האָט נישט קיין פרוכטן נאָר בלומען, איז נישט געווען, ווי די משכילים האָבן עס שפּעטער מיט אַ געמישטן געפיל פון בושה און רחמנות אויף די, וואָס „זיצן אין דער פינצטערניש״ אויסגעטייטשט, אומוויסנקייט, אָדער בלינדער פאַנאַטיזם. פאַרקערט איז אָט די באַציאונג צום וויסן און פילאָסאָפישן געדאַנק תמיד געווען אַ גוט־דורכגעטראַכטע און טיף דורכגעפילטע לעבנס־חכמה, וואָס האָט אַריינגעדרונגען טיפער אינעם מענטשן, ווי די פילאָסאָפיע פון יענער צייט, און האָט באַגריפן, אַז נאָר אינעם גלויבן קען דער מענטש געפינען זיין גליק, אַז נאָר דער גלויבן לאָזט אים נישט פאַלן אונטער דער שווערער לאַסט פון צרות און נסיונות, וואָס זענען דער חלק פונעם מענטשן אויף דער ערד. קיין חידוש נישט, וואָס נישט בלויז האָבן זיי נישט געהאַט דעם מינדסטן חשק זיך צו פאַרנעמען מיט חקירות, נאָר זיי האָבן אויף זיי געקוקט ווי אויף אַן אומגליק. זאָגט די משנה (חגיגה, פרק ב, א׳), אַז ווער עס קוקט אַריין אין פיר זאַכן, איז גלייכער, אַז ער וואָלט גאָר אויף דער וועלט נישט געקומען: וואָס איז אויבן, וואָס איז אונטן, וואָס איז פאָרנט, וואָס איז הינטן. קלערן און גריבלען זיך אין ענינים, וואָס זענען מחוץ פון דער טבע, אין מעטאַפיזיק, איז געפערלעך פאַר דער גייסטיקער האַרמאָניע פונעם מענטשן, זייעט ספיקות אין זיין געמיט, שטערט זיין רו און ברענגט אים צו שלעכטע מידות און מעשים. איז טאַקע נאָר איינער פון די פיר חכמים, וואָס זענען

אַרייַן אין פּרדס, אין גאָרטן פון די סודות פון לעבן און וועלט, דער גרויסער ר׳ עקיבאַ, אַרויס בשלום, גאַנץ אין קערפּער און אין גייסט.

ווי קליין עס איז געווען דער אינטערעס צווישן יידן פאַר פילאָסאָפיע, האָבן מיר אַ ראיה, וואָס ערשט ניין הונדערט יאָר לערך נאָך פילאָן, אפילו אויב מען זאָל אים צורעכענען צו דער געשיכטע פונעם יידישן געדאַנק, באַוויזט זיך אַ צווייטער יידישער דענקער, ר׳ סעדיה גאון. אָבער אין אונטערשיד פון פילאָן, האָט ער נישט געזוכט צוצופּאַסן די תורה צו אַ וועלכער נישט איז פרעמדער פילאָסאָפישער שיטה. פאַר אים איז קבלת אבות אַ באַזונדערער קוואַל פון דערקענטעניש (הקדמה צום ספר אמונות ודעות, ציטירט לויט דער מיניאַטור־אויסגאַבע פון ב. כהן, ברלין, תרפ״ח, ע׳ 7). דער אמת פון דער תורה איז פאַר אים אַן אַבסאָלוטע זיכערקייט און מיר מוזן גלויבן אין איר, צי ווערט דאָס אָדער יענץ באַשטעטיקט דורך חקירה צי נישט. איינער פון די שפּעטערדיקע יידישע חכמים, דער רשב״א, האָט דעם אייגענעם געדאַנק אויסגעדרוקט אין אַ מער קאַטעגאָרישער פאָרם בעת ער האָט געזאָגט, אַז אויב די פאָרשונג ברענגט אַ באַווייז קעגן דער מסורה, דאַרף מען אָננעמען, אַז די ערשטע האָט אַ טעות, וועלכער וועט זיך נאָך אַמאָל אויפדעקן. בכן, איז די חקירה אין הסכם מיט דער קבלה, איז מה טוב, און טאָמער נישט, שטייט אונדזער טראַדיציע העכער פון חעם, וואָס דער שכל זאָגט אונדז.

ר׳ סעדיה גאון איז אַזוי אַרום נישט געווען קיין וועלטלעכער נאָר אַ ריין רעליגיעזער פילאָסאָף און געשריבן האָט ער זיין ספר כדי צו שטאַרקן די אמונה און די טראַדיציע קעגן די אָנגריפן פון די קאַראַאימער און פון איינצלנע אפיקורסים, וואָס האָבן זיך באַוויזן צווישן יידן אין זיין צייט (3). אגב איז אינטערעסאַנט, אַז עס איז נישט איבערגעבליבן קיין זכר פון די לעצטע, פון זייער וואָרט און שריפט, און אַז די איינציקע שפּורן, וואָס מיר טרעפן יאָ, געפינען זיך אין די אומדירעקטע רמזים אויף זייער לערע, ביי די יידישע חכמים, וואָס זייער ווערק האָט דאָס פאָלק יאָ אָפּגעהיט.

דער ערשטער באַדייטנדיקער יידישער פילאָסאָף, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט חקירה פון אירעטוועגן גופא און וועלכן מען וואָלט געקענט באַצייכענען אין אַ געוויסער מאָס ווי אַ וועלטלעכן דענקער, איז אויפגעקומען ערשט אין עלפטן יאָרהונדערט, ר׳ שלמה אבן־גבירול. און עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז זיין פילאָסאָפיש ווערק „מקור חיים״ האָט ביי יידן געהאַט דעם אייגענעם מזל ווי די שריפטן פון פילאָן. ווי יענע, האָט אויך דער „מקור חיים״ נישט איבערגעלאָזט קיין סימנים אין דער גע־

שיכטע פון יידישן געדאַנק. עס איז אין אים געווען אַזוי ווייניק יידישלע־כעס אין פאָרם און אין אינהאַלט, אַז אין משך פון יאָרהונדערטער האָט מען דעם מחבר געהאַלטן פאַר אַ קריסטלעכן אָדער אַראַבישן דענקער און אַפילו זיין נאָמען אַראַביזירט (אוויסעבראל אָדער אוויסעמבראָן). ערשט על־פי צופאַל האָט דער געלערנטער שלמה מונק אין 1846 געפונען אויסצוגן פונעם ווערק אין אַ העברעאישן כתב־יד און אַזוי אַרום האָט מען זיך דערוואוסט אַז זיין מחבר איז געווען ר' שלמה אבן־גבירול. נישט צופעליק איז דאָס דאָזיקע ווערק פאַרגעסן געוואָרן. יידן האָבן נישט פאַרדייעט קיין פילאָסאָפיע, וואָס איז אָפּגעריסן פון תורה, פון יידישן געזעץ און יידישן לעבנס־וועג. און מעג ד"ר קלויזנער זיך ברוגזן אויף דורות יידן און אויף יידישע חכמים, הלמאַי זיי האָבן נישט אַריינגענומען אינעם אוצר פון יידישער וואויל-געלערנטקייט די „דריי גרויסע יידישע פילאָסאָפן, פילאָן, אבן גבירול און שפּינאָזאַ", הגם די גאַנצע וועלט האָט זייער גרויסקייט אָנערקענט (4). קיין גרעסערן שבח אונדזערע אַמאָ־ליקע חכמים האָט ער נישט געקענט אָפּגעבן. משמעות, זיי האָבן געהאַט אייגענע קריטעריעס, אויסגעפּרואווט אין די קעלערן פון דער אינקווי־זיציע און אויף אירע שייטער־הויפנס. און וואָס פאַר אַ ווערט האָבן פי־לאָסאָפישע חקירות און וויסנשאַפטלעכע סברות אַקעגן דעם דאָזיקן שטאַרקן און הייליקן אַרגומענט. און ווייל זיי האָבן געטראַכט אַליין, מיט זייער אייגענעם מאַרך און געפילט מיט זייער אייגענעם האַרץ, איז פאַר זיי נישט געווען, ווי פאַר אַ סך פון אונדזערע היינטיקע, קיין באַווייז פון גרויסקייט און חכמה, וואָס דער אָדער יענער יידישער שרייבער אָדער דענקער איז עולה לגדולה געוואָרן ביי די אומות העולם. סמיכה האָט מען דעמאָלט געדאַרפט קריגן, נישט ווי היינט, אין דער פרעמד, נייערט ביי זיך אין דער היים, ביי יידן גופא. און איך האָב מורא צו זאָגן, אַז אַפילו די נייע פולע העברעאישע איבערזעצונג פון „מקור חיים", וואָס האָט דערזען די ליכטיקע וועלט אין דער הייליקער שטאָט ירושלים אינעם יאָר ה'תרפ"ו לבריאת העולם, וועט נישט אַריינברענגען דאָס דאָזיקע ווערק צוריק אינעם יידישן אוצר. דורך דעם וועט ער קיין יידישער ספר נישט ווערן, נישט מער ווי אַ העברעאישע איבערזעצונג פון, לאָמיר זאָגן, קאַנט, העגעל, אָדער ניטשע. וואָרעם אַמאָליקע יידן האָבן געהאַט אַ געזונטן חוש פאַר ספרים. האָבן זיי נישט געוואָלט וויסן פון פילאָן און שפּינאָזאַ, דער פאַנטעאיסט, איז זיי געבליבן פרעמד, פונקט ווי זיי האָבן פאַרגעסן חעם „מקור חיים" פחן ר' שלמה אבן גבירול, טאַקע מחמת זיינע פאַנטעאיסטישע טענדענצן, אָבער אים גופא יאָ אַריינגענומען

צווישן זייערע גרויסע, צוליב זיין פּאָעטיש־רעליגיעזן פּיוט, דעם „כתר־מלכות", וואָס יידן זאָגן מיט אַ נשמה־ציטער און אין העכסטן עקסטאַז יום־כּיפּור אויף דער נאַכט, אין דער הייליקער יידישער נאַכט, בעת די אייגענע יידן, נישט צונויפגערעדטער־הייט, האָבן דן געווען צום פאַרגעסן דעם „מקור־חיים".

אַ צווייט ווערק, דער „מורה נבוכים", וואָלט געהאַט דעם אייגענעם מזל ביי יידן, ווען אויף אים וואָלט מען נישט געקענט אָנווענדן דעם אייגענעם זכות, וואָס אויף קהלת, ווייל אויך אין אים זענען איינגעוועבט דברי־תורה ויראת שמים, און ווען דעם רמב"ם וואָלטן נישט בייגעשטאַנען זיין גרויסע יידישע חכמה און וואויל־געלערנטקייט און זיין לעבנס־ווערק, די משנה־תורה. אָן דעם דאָזיקן זכות וואָלט דער „מורה" נישט גע־קענט איבערלעבן די אָפּאָזיציע, וואָס ער האָט אַרויסגערופן ביי אַ סך מיטצייטלער פון רמב"ם און ביי שפּעטערדיקע יידישע חכמים. ראַציאָ־נאַליזם פּאָרט זיך שלעכט מיט גלויבן, און אַ פּשיטא שוין מיטן גלויבן פון אַ פאָלק, וואָס זיין גאַנצער קיום איז איראַציאָנעל, אַ טיפע און אומ־ענדלעכע מיסטעריע.

נישט קיין גלייכעניש מיט פילאָן, שפּינאָזאַ און דעם „מקור חיים", האָט דער „מורה" בלי ספק געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפן יידישן דענקען און אין אים איבערגעלאָזט טיפע שפּורן. ער האָט געוועקט יידישע מוחות און אויפגערודערט יידישע געמיטער. און פונדעסטוועגן איז אויך זיין השפעה געווען אַ באַגרענעצטע און קורצדויערנדיקע. און אַזוי איז געווען און וועט תמיד זיין דער גורל ביי יידן פון אַלע ווערק און מענטשן, וואָס פאַרבינדן יידישקייט מיט דעם אָדער יענעם פילאָסאָפישן סיסטעם, צי איז דאָס פּלאַטאָן ביי פילאָן, אָדער דער בעאָפּלאַטאָנישער פּלאָטין ביים רלב"ג, אָדער אַריסטאָטעלעס ביים רמב"ם. זוכן אַ סינטעז צווישן יידישקייט, ווי אַן אייביקע לערע און לעבנס־וועג, און צווישן אַבסטראַקטע אידעען, וואָס זענען בטבע פאַרבייגייענדיק און בייטן זיך לויט צייט און אומשטאַנדן, הייסט זיך יאָגן נאָך אַ שאָטן. און וויפל האָבן מיר שוין געזען די דאָזיקע שאָטנס קומען און פאַרשווינדן, ממש אַ גאַנצער „קאַראַהאָד פון שאָטנס", לויטן טיפן אויסדרוק פון איינעם פון די ווייניקע אָריגינעלע יידישע דענקער, וואָס זענען אויפגעקומען צווישן די היינ־טיקע מערב־יידן, פראַנץ ראָזנצוויג. איז בלי־ספק האַרטוויג הירש־פעלד גערעכט, ווען ער זאָגט אין דער הקדמה צו דער ענגלישער אי־בערזעצונג פון כוזרי, אַז די ראָלע פון „מורה נבוכים", ווי אַ פירער, האָט זיך געמוזט ענדיקן אין דעם מאָמענט, ווען די אַריסטאָטעלישע פי־

לאָסאָפיע האָט פאַרלוירן איר שליטה אויף די גייסטער, דאָס הייסט לערד אין זעכצנטן יאָרהונדערט (5).

פאַרקערט אָבער, האָט אַן אַנדער יידיש ספר, דער „כוזרי" פון ר' יהודה הלוי, וואָס געהערט צו דער זעלביקער עפּאָכע, געדינט און דינט עד־היום פאַר אַ קוואַל פון אינספּיראַציע, הגם, און אפשר גראַד דערפאַר, וואָס זיין מחבר איז געווען ווייניקער באַהאַוונט אין דער פילאָסאָפיע פון זיין צייט און נישט געהאַט אַזאַ שאַרפן מוח ווי דער רמב"ם. נאָר פאַר אים, וואָס האָט אַזוי טיף אַריינגעקוקט אין דער יידישער נשמה און אין היסטאָרישן גורל פון זיין פאָלק, איז געווען קלאָר, אַז עס איז נישטאָ און קען נישט זיין קיין שותפות און אפילו נישט קיין שייכות „צווישן דעם גאָט פון אברהם און דעם גאָט פון אַריסטאָטעלעס" (ספר הכוזרי, מאמר רביעי, ט"ז).

עס איז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען מיין כוונה צו געבן דאָ אַן איבערבליק איבער דער געשיכטע פון יידישן פילאָסאָפישן געדאַנק. איך האָב נאָר געוואָלט ברענגען אייניקע געשיכטלעכע משלים, כדי אונטערצושטרייכן און אָפּצופרישן אין זכרון אַ פּאָר אַלטע געדאַנקען, וואָס ווייזן מיר אויס צו זיין ווידער אַקטועל גראַד אין אונדזער צייט, וואָס איז נישט בלויז די צייט פון דער גרעסטער תוכחה, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אונדזער קאָפּ, נאָר אויך די עפּאָכע פון דער גרעסטער גייסטיקער פאַרלוירנקייט און בלאָנדזשענישן. און קומען קום איך צו פאַלגנדיקן אויספיר:

בעת אונדזער פאָלק איז נאָך געווען יונג און איז נאָך געזעסן אין זיין אייגן לאַנד, האָט עס שוין דעמאָלט געשפּירט מיט אַ זעלטענער געטלעכער אינטואיציע, וואָס פאַר אַ שוואַכער פונדאַמענט עס וואָלטן געווען פאַר זיין לעבן און פאַרן לעבן פון די בני־ישראל די שפּעקולאַציעס פון באַגרענעצטן מענטשלעכן געדאַנק. אַוודאי און אַוודאי האָט דאָס פאָלק זיי געמוזט אָוועקוואַרפן אין די שפּעטערדיקע יאָרן פול מיט שטרויכלונגען און נסיונות. אַן אַלט פאָלק מיט אַ רייכער היסטאָרישער דערפאַרונג, זאָט אין יאָרן און אין לעבנס־חכמה, ווי אַזוי האָט עס געקענט האָבן פאַרטרויען און זיך פאַרלאָזן אויף חקירות, וואָס אָט פאַרכאַפּן זיי אַלע מוחות ביז קאָפּ־שווינדל און אָט פאַרגעסט מען זיי, ווי זיי וואָלטן גאָר קיינמאָל אויף דער וועלט נישט געווען. ליידנדיק אין זיין אייגן פלייש פון די רשעות פון פעלקער, וואָס האָבן זיך געגרויסט מיט זייערע דענקער און פילאָסאָפן, וואָס האָט עס זיך געמוזט קלערן ביי זיך וועגן דעם ווערט און וועגן דער פעולה, וואָס דאָס פילאָסאָפירן האָט געהאָט אויף זייער פירעכץ, דער פרייער, הער „אויטאָנאָמער" געדאַנק, וואָס האָט געהאָט די

פרעטענזיע צו קיניגן איבערן מעטמשלעכן גייסט און איבער דעם לעבן פון פעלקער, האט נישט אפגעהיט דעם מענטשן פון צו זינקען אין תהום פון שלעכטס און זינד, און די פעלקער — זיך נישט אויסצושלאכטן איינער דעם צווייטן. פרעגט זיך, צי האבן די „נאאיווע און פינצטערע" מאסן נישט ארויסגעוויזן א געזונטן חוש, געקוקט ווייט און געזען טיף, ווען זיי האבן, אנשטאט דער פילאסאפיע, זיך פעסט געהאלטן ביי זייער אמונה און נאר אין איר געזוכט טרייסט און אייביק גליק?


**רעפערענצן:**

(1) Hendy Malter. Saadia Gaon. Philadelphia 1921, pp. 174-75.

(2) Hermann Cohen. Die Religion der Vernunft. Leipzig 1919, S. 281.

(3) פרטים וועגן יידישע אפיקורסים אין דער תקופה פון ר' סעדיה גאון. זע ביי
M. Ventura. La Philosophie de Saadia Gaon, Paris 1934, pp. 36-49.

(4) ד"ר יוסף קלוזנר. פילוסופים והוגי דעות. כרך ראשון, ירושלים תרצ"ד, ע"ע 8, 90-91, 170-171.

(5) Kitab Al Khazari by Judah Halevi. New-York 1927, pp. 26, 29.

# ווי זעט אויס אַ הימל־רעליגיע, אַז זי נידערט אַראָפּ אויף דער ערד

### א. צי איז דאָס נאָר אַ רעליגיעז פּראָבלעם ?

אין יידישע ראַדיקאַלע קרייזן איז שטאַרק פאַרשפּרייט דער טעות, אַז אַזוינע פראַגן, ווי דער מהות און די גלויבן־דאָגמעס פון דער אָדער יענער רעליגיע האָבן נישט קיין שום אינטערעס פאַר בישט־גלויביקע, אָדער אינדיפערענטע צו רעליגיעזע פּראָבלעמען. דאָס איז, קלערט מען זיך, אַן „עסק" פאַר טעאָלאָגן, וואָס גייט אונדז נישט אָן. מוז איך דאָ מאַכן אַ שטיקל הקדמה אויף צו באַווייזן אַן אַלף־בית־אמת, אַז פראַגן פון רעליגיע זענען גלייכצייטיק אויך אַלגעמיינע קולטור־פּראָבלעמען און רירן אָן, אויף אַ דירעקטן און אומדירעקטן אופן, דאָס גאַנצע סאָציאַלע לעבן.

אַז די יידישע אמונה איז ענג פאַרבונדן מיטן יידישן לעבן, איז שוין מער אָדער ווייניקער אָנדערקענט. דאָס קריסטנטום, וואָס איז בלויז אַ רעליגיע, איז אַ סך ווייניקער מיטן לעבן צונויפגעפלאָכטן. דאָס מיינט אָבער כלל נישט, אַז עס האָט קיין שום איינפלוס נישט אויף אַנדערע אַספּעקטן, חוץ דעם ריין־רעליגיעזן. אַזוי למשל, איז די ווירקונג פון דער קריסטלעכער לערע וועגן דעם „אָריגינעלן חטא", געווען גאָר גרויס הן אויף קריסטן־דענקער, צי זענען זיי געווען פרום צי נישט, הן, און דאָס איז פיל וויכטיקער, אויפן סאָציאַלן און פּאָליטישן לעבן פון די פעלקער. די אָפּגעזונדערטקייט צווישן דער קריסטלעכער הימלישער רעליגיע און דעם ערדישן לעבן, וואָס האָט אויפגעשטעלט אַ מחיצה צווישן זיי, אויב זי נישט פאַרוואַנדלט אין אַ תהום, האָט מעגלעך געמאַכט דעם פּערמאַנענטן דואַליזם פון ווירקלעכקייט און אידעאַל, וואָס מיט אים האָט נשמהדיק שלום געמאַכט די אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע.

אָדער נעמט למשל דעם באַגריף פון מלכות שמים, אויך אַ שותּפותער באַגריף פון יידישקייט און קריסטענטום, דאָס הייסט אַזוינער, וואָס קומט פון דער ערשטער אַרויס און פון צווייטן איבערגענומען געוואָרן. ווי פאַרשידן אָבער ווערט דער דאָזיקער באַגריף ביי אונדז און ביי זיי פאַרשטאַנען, ווי הערמאַן כהן האָט דאָס אַזוי פיין און טיף אַנאַליזירט (1).

איך דעם קריסטלעכן געבעט „פּאָטער אונדזער" ווערט די מלכות שמים אַזוי פאַרנעפּלט, אַז זי קען און ווערט פאַרשטאַנען ווי דער שאָטן־קיניגרייך פון „יענער וועלט". אָבער אין אונדזער קדיש, להבדיל, לאָזט דער טעקסט נישט איבער קיין שום ספק, אַז מיר זענען מתפּלל פאַר דער גיכער אָנקונפט פון דער דאָזיקער מלכות אויף אונדזער ערד (וימליך מלכותה בחייכון וביומיכון ובחיי דכל בית ישראל בעגלא ובזמן קרוב... זאָל גאָט זיין קיניגרייך לאָזן געוועלטיקן ביי אייער לעבן און אין אייערע טעג און ביים לעבן פון גאַנצן הויז ישראל, באַלד און אין נאָענטער צייט), און נאָך עפּעס וויכטיקערעס. די קריסטלעכע מלכות שמים האָט זיך פאַרוואַנדלט אינעם באַוואוסטזיין פון די קריסטלעכע פעלקער אין אַ פּאַסיוון, איינשלעפערנדיקן זיסן חלום. ביי יידן אָבער איז זי געבליבן אַן אַקטיוו שטרעבן, אַ שווערער געראַנגל פאַר איר פאַרווירקלעכונג, אַ געראַנגל בכל עת ובכל שעה. דעריבער איז זי אַ יאָך (עול מלכות שמים), וואָס דער ייד איז מתכוון צו איר, און זיך מכין צו איר. און ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען אויפן ערשטן בליק, איז די קריסטלעכע השגה וועגן גאָטס קיניגרייך אַריינגעדרונגען אפילו אין אַזאַ, דוכט זיך, אַנטי־קריסטלעכער באַוועגונג, ווי דער מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם, וועדליג דעם פּנים, וואָס ער האָט באַקומען ביי די קריסטלעכע פעלקער. אמת, דער סאָציאַליסטישער משיח דאַרף נישט אַראָפּקומען פון הימל, אָבער דאָך פון אויבן, פון דער מלוכה, און ווי אַ רעזולטאַט פון מאַטעריעלע פּראָדוקציע־פּראָצעסן, וואָס געפינען זיך, פּונקט ווי דער הימלישער קיניגרייך, מחוץ פונעם מענטשן, פונעם יחיד און זיין ווילן. וואָלט טאַקע דער סאָציאַליזם מסתמא גאָר אַנדערש אויסגעזען, ווען מען וואָלט געזוכט אים צו פאַרווירקלעכן נישט בלויז מיטן שם המפורש פון טעכנישן פּראָגרעס און פון דער מלוכה־מאַכט, נייערט דורך אַ קאַמף פון איטלעכן מענטשן פאַר זיין מאָראַלישע שלמות און דורך זיין גרייטקייט צו טראָגן אויף זיך דעם שווערן „יאָך פון גאָטס קיניגרייך".

די השפּעה פון דער קריסטלעכער רעליגיע איז אויך אַריינגעדרונגען אין דער קונסט. די כאָראַל־מוזיק פון דער מיטלעלטערלעכער קירך, וואָס דער גרויסער פאַרדינסט זי צו האָבן אויסגעבויט און אַנטוויקלט, ווערט צוגעשריבן דעם פּויפּס גריגאָרי דעם גרויסן (סוף זעקסטן יאָרהונדערט), איז מיט דער צייט געוואָרן דער יסוד פון דער אייראָפּעאישער מוזיק בכלל. די ראָלע פון די קירך־בנינים אין דער אויסבילדונג און געשיכטע פון די פאַרשידענע סטילן אין דער אַרכיטעקטור איז גענוג באַקאַנט. איז דאָך די אַרכיטעקטור, לויט דעם פיינעם וואָרט פון וויקטאָר הוגאָ,

דער „גרויסער כתב פון דער מענטשלעכער ראַסע . . . איטלעכער רע־ליגיעזער סימבאָל . . . איטלעכער מענטשלעכער געדאַנק האָט זיין זייט און זיין מאָנומענט אינעם דאָזיקן גרויסן בוך". פונקט אַזוי זענען אויך די מיטלעלטערלעכע און רענעסאַנס־סקולפּטור און מאָלעריי געווען ענג פאַרבונדן מיט דער קריסטלעכער רעליגיע און מיט דער קירך. זייערע הויפּט־טעמען זענען געווען מאָטיוון פון די עוואַנגעליעס, בפרט ישו און זיין מוטער מרים, צום טייל יידישע ביבלישע העלדן, קריסטלעך אינ־טערפּרעטירט. דער אַנהייב גופא פון דער מיטלעלטערלעכער מאָלעריי זענען געווען די אילוסטראַציעס (אילומינאַציעס) פון די הייליקע שריפטן. די ערשטע באַקאַנטע אייראָפּעאישע פאָלקס־לידער זענען געווען אויף רעליגיעזע מאָטיוון. די „מינען־זינגערס" פון דרייצנטן יאָרהונדערט האָבן באַזונגען, נישט אַזוי די ליבע צו דער פרוי, ווי מען וואָלט גע־דאַרפט דרינגען פונעם בוכשטאַבלעכן טייטש פונעם וואָרט „מינען", ווי ליבע צו גאָט, צו זיין זון און צו זיין הייליקער מוטער (1). די דראַמע איז ביי די קריסטן, לויטן מאָדעל פון דער גריכישער דראַמע, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן קולט פון די געטער, אויך געבוירן געוואָרן אין דער קירך, אין דער פאָרם פון די „מיסטעריעס" און „פּאַסיאָנס־שפּילן", וואָס האָבן געדאַרפט בילדלעך אילוסטרירן די לערע, דאָס לעבן און ליידן פון ישו. מיט געוויסן רעכט האָט מען געקענט זאָגן אַז דאַנטעס „געט־לעכע קאָמעדיע" קען דינען ווי אַ קינסטלערישער פּירוש צו דער טעאָ־לאָגיע פון טאָמאַס פון אַקווינאַ (2). די באַהויפּטונג, אַז דאָס וויגל פון דער איי־ראָפּעאישער קונסט אין אַלע אירע פאָרמען, איז געשטאַנען אין דער קירך, קען זיין אַ שטיקל, אָבער נישט קיין גרויסע בילדלעכע גוזמא. אַז רע־ליגיעזע מאָטיוון האָבן פאַרנומען אַ גאָר חשובן אָרט אין דער קונסט פון דער רענעסאַנס־תקופה, דאַרף מען לאַנג נישט באַווייזן. גענוג אָנצורופן די נעמען פון אַזעלכע גאָניאַלע מייסטערס ווי מיקעל אַנדזשעלא און סאַנציא ראַפאַעלי. זאָל דאָ נאָר אָנגעוויזן ווערן, אַז הגם די רעליגיע האָט גאָר אַ סך פאַרלוירן פון איר השפעה מיטן אָנקום פון דער נייער צייט, וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז רעליגיעזע מאָטיוון זענען פאַרשוואונדן פון קונסט און ליטעראַטור. אַ סימן האָט איר: דאָסטאָיעווסקי און טאָלסטאָי אין רוסלאַנד, פּאָל קלאָדעל אין פראַנקרייך, טשעסטער־טאָן אין ענגלאַנד און אַזוי ווייטער.

פאַראַן אָבער נאָך עפּעס, וואָס איז אפשר וויכטיקער ווי דער איינ־פלוס פון דער רעליגיע אויף דער קונסט. דאָס איז דאָס אַריינדרינגען פונעם קריסטנטום אין דעם לעבנס־שטייגער פון די פעלקער אין איי־

ראַפּע און אין אַמעריקע. איז טאַקע קריסטנטום אין זיין יסוד נישט שטייגערישקייט, אין קעגנזאַץ צו יידישקייט. אָבער אויך דאָ דאַרף מען נישט מגזם־זיין און זאָגן, אַז די קירך האָט בכלל נישט געהאַט קיין השפּעה אויפן לעבנס־שטייגער פון אירע „שעפעלעך". וויל איך שוין נישט רעדן פון יענע קאַטוילישע לענדער און אַפילו נישט פון דעם פּראָטעסטאַנטישן ענגלאַנד, וואו די פולע סעפּאַראַציע פון קירך און מלוכה זענען פאַרמעל, און נאָך וויי־ניקער פּאַקטיש, נישט דורכגעפירט געוואָרן. אַפילו אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז די ווירקונג פון רעליגיע אויפן לעבנס־שטייגער אַ סך גרעסער ווי מען מיינט. נאָר וועגן דעם ווערט גערעדט אויף אַן אַנדער אָרט. לאָמיר דאָ בעמען, פּאַר אַ משל, אַזאַ לאַנד ווי די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס פון זייער געבוירן אָן זע־נען זיי אויפגעבויט געוועזן אויפן פּרינציפּ פון פולער סעפּאַראַציע פון מלוכה און קירך, שול און רעליגיע. פונדעסטוועגן איז שוין אין דער ערשטער פּראָקלאַמאַציע פון דזשאַרדזש וואַשינגטאָן נאָך דער אומאָפּ־הענגיקייטס־דעקלאַראַציע אַרויסגעזאָגט געוואָרן די „האָפענונג און די זיכערקייט, אַז איטלעכער אָפיצער און סאָלדאַט וועט זיך פליסן צו לעבן און צו האַנדלען אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ קריסטלעכן סאָלדאַט, וואָס האָט צו פאַרטיידיקן די טייערסטע רעכט און פרייהייטן פון אונ־דזער לאַנד". דאָס העכסטע געריכט פון די פאַראייניקטע שטאַטן (סופּ־רים־קאָרט) האָט איינעם סכסוך צווישן דער הייליקער דריי־אייניקייטס־קירך און דער מלוכה, זיך אַרויסגעזאָגט אין דעם זינען, אַז די שטאַטן זענען אַ קריסטלעך לאַנד. דאָס פענסילוואַנער אויבערשטע געריכט האָט דאָס אייגענע פאָרמולירט אויף אַ מער פּרעציזן אופן, דערקלערנדיק, אַז קריסטנטום איז תמיד געווען און געבליבן אַ טייל פונעם געברויך־רעכט פונעם דאָזיקן שטאַט, קריסטנטום נישט אין דעם זינען פון אַ באַשטימ־טער קריסטלעכער סעקטע, נייערט ווי אַ רעליגיע בכלל, מיט געוויסן־פרייהייט פאַר אַלעמען (3).

מעג דאָס טאַקע גרייזלעך נישט געפעלן די אַמעריקאַנער בירגער, די נישט־קריסטן, בפרט די יידן, פונקט ווי עס געפעלט זיי נישט דער פאַקט, וואָס די פאַראייניקטע שטאַטן ווערן פונעם רוב פון איר אייגענער באַ־פעלקערונג און פון דער גאַנצער וועלט באַטראַכט ווי אַן אַנגלאָ־זאַק־סיש לאַנד. קען מען באַוואונדערן דעם מוט פון אַ לואיס אדאמיק, וועל־כער דערקלערט אַן אָפענעם קאַמף דער דאָזיקער מאָסן־פאַרשטעלונג און וויל, אַז די געשיכטע פון די שטאַטן זאָל פון דאַסניי איבערגעשריבן ווערן, ווי אַ געשיכטע פון אַלע צושטייערן, וואָס די פאַרשידענע איינגעוואַנדערטע

פֿעלקער האָבן געגעבן צו דער אַנטוויקלונג פֿונעם לאַנד (4). אָבער נישט לואיס אדאמיק און נישט די איבעריקע פּרעדיקער פֿון „קולטורעלן פּלוראַליזם", ווי סימפּאַטיש זיי און זייערע אידעען זאָלן נישט זיין, קענען נישט ענדערן דעם פֿאַקט, אַז דער אַנגלאָ־זאַקסישער פּראָטעסטאַנטישער שטעמפּל איז טיף אַריינגעקריצט אינעם לעבן פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן און אינעם באַוואוסטזיין פֿון אירע איינוואוינערס, צי זענען זיי אַליין אַנגלאָ־זאַקסן און פּראָטעסטאַנטן, צי נישט.

די פֿאָרמעלע סעפּאַראַציע פֿון קירך און מלוכה אין די שטאַטן האָט נישט געשטערט, אַז רעליגיעזע מאָטיוון זאָלן האָבן אָפּט געווירקט און ווירקן נאָך עד־היום, אויף געזעצגעבערישע אַקטן, ווי דאָס איז געווען למשל מיט דעם „פּראָהיבישן געזעץ", אָדער מיטן פֿאַרווער פֿון לערנען אין די שולן פֿון געוויסע שטאַטן דאַרווינס טעאָריע וועגן דער עוואָלוציע פֿונעם מענטשלעכן מין. אַז די גרויסע קריסטלעכע חגאות זענען אויך אין אַמעריקע ציווילע רו־ און פֿייער־טעג, איז דאָך אָפּגערעדט. אין פֿיל וועלטלעכע אַמעריקאַנישע „פּאַבליק־סקולס" הויבט זיך דער טעגלעכער לימוד אָן מיטן לייענען שטיקלעך פֿונעם אַלטן און נייעם טעסטאַמענט. דער גאַנצער קלאַס זאָגט דעם „פֿאַטער־נאָסטער", דאָס געבעט פֿון ישו. אַ ייִדישער תּלמיד פֿון אַ „פּאַבליק־סקול", וועמען די אויספֿאָרשערס פֿון „יאַנקי־סיטי" האָבן אויסגעפֿרעגט מכוח אָט דעם געבעט, האָט גע־ענטפֿערט, אַז, פֿאַרשטייט זיך, ער זאָגט עס צוזאַמען מיטן גאַנצן קלאַס. ווייל, זאָגט ער, „ווען דו ביסט אין רוים, טו ווי די רוימער טוען" (5). אין די טעקסט־ביכער פֿון אַמעריקאַנישן מלוכה־סדר האַלט מען פֿאַר בויטיק צו דערציילן, ווי דאָס וואָלט געווען גאָר וויכטיק, און דאָס איז עס טאַקע, אַז די סעסיעס הן פֿון רעפּרעזענטאַנטן־הויז, הן פֿון סענאַט, הייבן זיך אָן מיט אַ געבעט, געזאָגט פֿון דעם „טשעפּליין" פֿון איטלעכער פֿון די צוויי הייזער (6). און קיין איין דעפּוטאַט, קיין איין סענאַטאָר, און אַ ייִדן מסתמא נאָך ווייניקער ווי יעדן אַנדערן, וועט נישט איינפֿאַלן צו פּראָטעס־טירן קעגן דער תּפֿילה אין נאָמען פֿון „סעפּאַראַציע פֿון קירך און מלוכה". טאָמער האָט זיך אַמאָל (אַמאָליקע צייטן האָט אַלץ געקענט פּאַ־סירן) געפֿונען אַ נאַאיווער ייִד, וואָס האָט די דאָזיקע יורידיש־קאָנסטי־טוציאָנעלע פֿאָרמולע אָנגענומען פֿאַר אַ ריכטיקער מטבע, האָט ער גע־כאַפּט שוין איינמאָל אַ פּסק. איך מיין דאָ, מרדכי עמאַנועל נח, באַקאַנט צוליב זיין פּלאַן צו גרינדן אַ ייִדישע טעריטאָריע („אַראַראַט") אין נאָרד־אַמעריקע, וועלכער האָט אָנהויב ניינצנטן יאָרהונדערט פֿאַרנומען אין טוניס דעם פּאָסטן פֿון אַן אַמעריקאַנער קאָנסול. אויפֿן פּראָטעסט פֿון

ענגלאַנד, אַז די שטאַטן, ווי אַ קריסטלעכע מלוכה, האָבן נישט געהאַט דאָס רעכט צו פאַרקויפן שיפן צו אַ מוסולמענישן הערשער, האָט נאָך פראָסט דערקלערט, אַז די שטאַטן זענען גאָרנישט קיין קריסטלעכע מלוכה. און פון פאָרמעלן שטאַנדפּונקט איז ער געווען הונדערט־פּראָ־צענטיק גערעכט. ווייל איך אייך לאַנג נישט ברייען און דערציילן די גאַנצע מעשה. בקיצור וועל איך אייך נאָר זאָגן, אַז זיין דערקלערונג האָט אַרויסגערופן אין אַמעריקע אַ כוואַליע פון פּראָטעסטן און דער סוף איז געווען, אַז די רעגירונג האָט נאָך אָפּגערופן פון זיין אַמט. זיין דער־קלערונג האָט שאָקירט דעם עולם, וואָס אונטער זיין באַוואוסטזיין לעבט די פאָרשטעלונג, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן זענען אַ פּראָטעסטאַנטישע מדינה, און אַז דער פּראָטעסטאַנטיזם און דער „אַלטער שטאַם" גיבן דעם טאָן און פירן דאָס רעדל.

מיט דעם געזאָגטן איז כלל נישט געמיינט, אַז די היינטיקע אייראָ־פּעאיש־אַמעריקאַנישע קולטור איז באמת קריסטלעך. יעקב קלאַצקין, און אַלע אַנדערע יידישע און קריסטלעכע געלערנטע, וואָס האַלטן זיך ביי דער אייגענער מיינונג, מעג טויזנט מאָל גערעכט זיין (באמת איז ער גערעכט, ווי מיר וועלן דאָס ווייטער זען, נאָר צום טייל) ווען ער זאָגט, אַז זי איז אין תוך רוימיש־גריכיש און וואָס איר ווילט, אָבער בכל־אופן נישט קריסטלעך, און אַז אויב עס זענען ווען נישט איז געווען אמתע קריסטן אויף דער וועלט, זענען דאָס געווען די ערשטע יידן־קריסטן (7). זיכער ליגט צווישן דעם פּרימיטיוון קריסטנטום און דער היינטיקער קריסטלעכער ציוויליזאַציע אַ גאָר היפּשער מהלך. אָבער נישט דאָס קריסטנטום ווי עס וואָלט באַדאַרפט זיין, ווען עס זאָל בלייבן טריי זיין אָפּשטאַם, אינטערעסירט אונדז דאָ, נייערט דאָס קריסטנטום ווי עס איז, ווי עס זעט אויס בפועל אינעם לעבן פון די איצטיקע פעלקער.

די כוונה פון דעם עסיי איז זיכער נישט עפּעס מחדש צו זיין אין אַ סוגיא, וואו עס איז שוין, דוכט זיך, אַלץ געזאָגט געוואָרן. זיין מיין איז אַרויסצוברענגען און צו אילוסטרירן מיט פאַקטן דעם פּשוטן גע־דאַנק, אַז די קריסטלעכע רעליגיע ווי זי זעט איצט אויס, צונויפגע־שטוקעוועט פון דער לערע פון ישו און פון דער אַנדערער זייט פון אַ היפּשער פּאַרציע גריכיש־רוימישע השגות און אידעען, איז עד־היום אַ ווירקעוודיקער פאַקטאָר אינעם לעבן פון די פעלקער און אַז במילא האָט זי אַן אַלגעמיינעם קולטורעלן און סאָציאַלן אינטערעס, נישט בלויז אַ רעליגיעז־דאָגמאַטישן. עס איז דערום קלאָר, אַז עס איז לחלוטין נישט מעגלעך צו האָבן אַ ריכטיקע השגה וועגן דער היינטיקער ציווי־

**ליזאַציע און צו באַשטימען אונדזער אָרט צווישן די פעלקער, אויב מען זאָל פּראָסט לאָזן אין אַ זייט די טיפע פּרינציפּיעלע אונטערשידן צווישן יידישן און קריסטלעכן וועלט־באַנעם, וואָס ליגן אינעם פונדאַמענט גופא פון די צוויי אמונות.**

ב. דער מעטאָד פון פאַרגלייכן טעקסט

דער פשוטסטער אופן צו כאַראַקטעריזירן דאָס קריסטנטום, און אים צו אונטערשיידן פון יידישקייט, איז דער, וואָס ווערט על־פי רוב באַנוצט און וואָס באַשטייט אין פאַרגלייכן יידישע און קריסטלעכע אויטאָריטאַטיווע טעקסטן. מיט דער הילף פון אָט דעם מעטאָד האָט מען טאַקע ביי אונדז יידן די לעצטע צייטן אויפגעבויט די טעאָריע וועגן דער בשותפותדיקער יידיש־קריסטלעכער ציוויליזאַציע. עס איז אָבער אַן אַלטע מעשה, אַז אויפן סמך פון איינצלנע מאמרים קענט איר באַווייזן, וואָס איר ווילט אויף דער וועלט. אַז מען האָט צו טון מיט אַזוינע וועלט־געשיכטלעכע פענאָמענען, ווי יידישקייט און קריסטנטום, וואָס האָבן דורכגעמאַכט, איינע — אַן אַריבער דריי טויזנט־יעריקע, די צווייטע — קרוב צו אַ צוויי טויזנט־יעריקע אַנטוויקלונג, טאָר מען זיי נישט תופס זיין ווי אַבסטראַקטע געדאַנקען־סכעמעס, איין מאָל פאַר אלעמאָל פאַרשריבן און פאַרזיגלט אין אַלטע ספרים. אַזוי למשל איז מען בדרך כלל, רעדנדיק וועגן קריסטנטום, זיך סומך אויף דעם ברית חדשה און מען לאָזט גאָר אָפּט אַרויס פון אויג די מיטלעלטערלעכע און מאָדערנע קריסטלעכע טעאָלאָגישע ליטעראַטור. פאַרלאָזט מען זיך אָבער בלויז אויף ציטאַטן פון די עוואַנגעליעס, דעמאָלט קען מען טאַקע קומען צום אויספיר, אַז דאָס קריסטנטום איז נישט מער ווי אַ געלויטערטע פאָרם פון יידישקייט. מיט איבער הונדערט יאָר צוריק האָט דער פראַנצויזיש־יידישער דענקער יוסף סאַלוואַדאָר שוין באַוויזן, אַז אין דער באַרימטער באַרג־דרשה וועט מען נישט געפינען קיין איין מוסר־סענטענץ, וואָס זאָל נישט געהערן נישט בלויז לויט איר תוך, נאָר אויך לויט איר פאָרם און רעדאַקציע, צו פריערדיקע יידישע מאָראַל־לערערס. און ער באַווייזט עס מיט ציטאַטן אין אַ גאַנצן קאַפּיטל, וואָס גייט זיך אָפּ מיט דער עטישער לערע פון ישו (8).

וויל איך דאָ נאָר ברענגען אַ פּאָר משלים, ווי מען קען אויפן סמך פון איינצלנע טעקסטן פון תנ״ך און, להבדיל, פון די עוואַנגעליעס, לייכט

באװײַזן, אַז די צװײ לערעס זענען כמעט אײנע און דאָס זעלבע. עס קען זיך גאָר אַמאָל אױסװײַזן, אַז עפּעס איז דאָ פאַרגעקומען אַ צופעליקער טעות, אַן אומגליקלעכע שלעכט־פאַרשטײעניש, װאָס דאָס קריסטנטום האָט זיך נישט בלױז סעפּאַרירט פון ידישקײט, נאָר אַפילו געװאָרן איר פאַרביטערטער שונא עד־היום הזה. נעמט די ליבע צום צװײטן, װאָס װערט באַטראַכט װי דער סאַמע יסוד פון דער קריסטלעכער עטיק, װעט איר זען, אַז ישו אַלײן פאַררופט זיך בפירוש אױפן ואהבת לרעך כמוך פון דער תורה. איי װאָס, די מסדרים פון דעם ברית חדשה האָבן אים אױסגעבעסערט און אים געלאָזט זאָגן, אַז אין דער תורה שטײט, אַז דײַן שונא זאָלסטו אָבער יאָ פײַנט האָבן (פאַרגלײַך מתיא 5: 43־44, װאָס ציטירט פאַלש ויקרא י״ט: י״ז, י״ח), איז דאָס נישט די אײנציקע פעלשונג, װאָס די רעדאַקטאָרן פון די עװאַנגעליעס פונעם צװײטן יאָר־הונדערט האָבן געטון פעלשן. אָדער נעמט דעם באַרימטן, אפשר דעם סאַמע באַװאוסטן זאַץ פון דער באַרג־דרשה: „װער עס שלאָגט דיך אױף דער רעכטער באַק, שטעל אים אונטער אױך די אַנדערע" (מתיא 5: 39). געפינט איר דעם אײגענעם געדאַנק װעגן זיך נישט אַנטקעגנ־שטעלן קעגן שלעכטס, אױסגעדריקט מיט אַנדערע װערטער אין איכה (ג: ל'): „ער זאָל געבן די באַק צו זײַן שלעגער, ער זאָל זיך זעטן מיט שאַנד". און צום סוף — נאָך אַ טעקסט, װאָס װערט אָנגענומען פאַר פונדאַמענטאַל פאַר דער באַציאונג פון ישו און פון קריסטנטום צום פּראָבלעם מענטש־געזעץ, מענטש־מצװות מעשיות: „און ער האָט צו זײ געזאָגט: דער שבת איז באַשאַפן געװאָרן פאַרן מענטשן און נישט דער מענטש פאַרן שבת" (מאַרקוס 2: 27). איז אָט האָט איר אַ נישט װײניקער אָפט ציטירטן פּאַראַלעלן תלמודישן טעקסט: רבי יוחנן בן יוסף אומר כי קודש הוא לכם, היא מסורה בידכם ולא אתם מסורים בידה (יומא פ״ה, ב').

פון די דאָזיקע משלים, װאָס זײער צאָל װאָלט געקענט פאַרלענגערט און פאַרלענגערט װערן, זעט מען, צו װאָס פאַר אַ רעזולטאַט, ריכטיקער — רעזולטאַטלאָזיקײט, מען קומט מיט דעם מעטאָד פון טעקסטן־פאַרגלײַ־כונגען. די סאַמע קעגנזאַצלעכע לערעס קענען זיך אױסװײַזן װי אַב־סאָלוט אידענטיש, און פאַרקערט די גלײַכע לערעס — אין פולער סתירה מיט אַנאַנדער, אױב מען זאָל משפטן לױט אײנצלנע מאמרים, װי װיכ־טיק און װי כאַראַקטעריסטיש זײ זאָלן נישט זײַן. נישט דער אָדער יע־נער מאמר איז דעציזידנדיק, נײַערט דאָס אָרט, װאָס עס פאַרנעמט אינעם גאַנצן סיסטעם, די פּראָפּאָרץ צװישן פאַרשידענע געדאַנקען; נישט דער

איזאָלירטער מיין פון אַ געוויסן געדאַנק, נייערט זיין רעלאַטיווע חשיבות אין פאַרגלייך מיט אַנדערע אידעען, וואָס אַלע צוזאַמען שטעלן זיי צונויף אַ גלויבן, אַ שיטה וכדומה. וועלן מיר טאַקע שפּעטער, ביי אַ גענויערן אַנאַליז, זען, ווי אַנדערש, ווי פאַרשידן עס קלינגען די אויבן־ציטירטע, לויטן אויסזען, גלייכע יידישע און קריסטלעכע טעקסטן, איינגעפאַסט אין דער אַלגעמיינער ראַם פון די ביידע לערעס.

בלייבנדיק דערווייל נאָר ביי דער מעטאָדאָלאָגיע, וועל איך נאָך אָנווייזן, אַז נאָך וויכטיקער ווי דאָס פאַרגלייכן די יידישע און קריסטלעכע לערעס און זאָל זיין מיט דעם ריכטיקן מעטאָד און בעמענדיק זיי נישט פראַגמענטאַריש נאָר ווי גאַנצע סיסטעמען, איז אויפצושטעלן אַ פאַראַלעל צווישן יידישן און קריסטלעכן לעבן, פשוטער געזאָגט — צווישן לעבעדיקע יידן און גויים. וואָרעם באמת קען מען נאָר דעם טייל פון אַ לערע באַטראַכטן ווי גילטיק, וואָס איז נישט געבליבן קיין טויטער אות, נייערט משפּיע געווען אויפן לעבן. וועל איך מיר דערלויבן דאָ צו באַנוצן אַ בילדלעכן אויסדרוק פונעם דאָזיקן געדאַנק, וואָס געפינט זיך טאַקע ביי די עוואַנגעליסטן גופא. זאָגט ישו אין דער באַרג־דרשה: „היט אייך פאַר פאַלשע נביאים, וואָס קומען צו אייך אין שאָפענע קליידער, אָבער אינעווייניק זענען זיי פאַרצוקנדיקע וועלף. לויט זייערע פירות נאָך וועט איר זיי דערקענען. זאַמלט מען דען ווייַנטרויבן פון דערנער, אָדער פייגן פון שטעכל־ביימער? אַזוי טראָגט אויך יעדער גוטער בוים גוטע פירות, אָבער דער פאַרדאָרבענער בוים טראָגט שלעכטע פירות... דעריבער וועט איר זיי דערקענען לויט זייערע פירות נאָך” (מתיא 7: 15־17, 20). וועט, גלויב איך, נישט זיין קיין פאַרברעך און אפילו נישט קיין עוולה, אויב מיר וועלן די קריסטלעכע לערע משפּטן נישט לויט דעם, וואָס זי האָט געזאָגט און געלערנט, נאָר טאַקע וועדליק די פרוכטן, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אויף איר בוים, לויט דער הנהגה פון אירע גלויביקע און נאָכפאָלגער. איי וואָס, די דאָזיקע פירות זענען אָפט, צו אָפט, פאַרפוילט, און פאַר אונדז יידן האָבן זיי אַלעמאָל געהאַט אַ ביטערן טעם, איז דאָס בכל־אופן נישט אונדזער שולד. און אפשר וועלן מיר זיך גאָר דעמאָלט זאָגן, וואָס פאַר אַ קלוגער און ווייטזעעוודיקער איז געווען דער יידישער דור פון פאַרן חורבן, וואָס, אַרומגערינגלט פון שונאים, געצוויגן אונטער דעם שווערן רוימישן יאָך, דורשטיק נאָך אויסלייזונג און ארויסקוקנדיק אויפן אויסלייזער, האָט ער זיך פונדעסטוועגן נישט געלאָזט פאַרבלענדן און פאַרפירן פון דערהויבענע רייד, גלענצנדיקע משלים און פראַכטפולע בילדער, וואָס מיט זיי איז אַזוי רייך די באַרג־

דרשה, און נישט געוואָלט אָנדערקענען ישון ווי דעם גאָט־געזאַלבטן, נישט געוואָלט גלויבן אין זיין בשורה, אַז דאָס מלכות שמים איז נאָענט.

### ג. דאָגמעס און ריטואַל אין קריסטנטום

עס איז שטאַרק פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז די קריסטלעכע רעליגיע באַשטייט בלויז פון דאָגמעס, פון גלויבנס־עיקרים און האָט נישט קיין שום סיסטעם פון מעשים, און אַז טאַקע דערמיט אונטערשיידט זי זיך פון יידישקייט. זאָגט מען אָבער מעשים בעת עס איז די רייד וועגן אַ רעליגיע, איז קלאָר, אַז דער ריטואַל מוז אַריינגענומען ווערן אין חשבון, וואָרעם פון וואָס באַשטייט ער דען, אויב נישט פון אַ רייע צערעמאָניעס־מעשים. במילא איז אָט דער געדאַנק, פאָרמולירט אין אַזאַ אַלגעמיינער פאָרם, בפירוש נישט ריכטיק און איז נאָר אַ באַווייז, ווי שטאַרק עס איז דער יצר־הרע צו סימפּליפיצירן קאָמפּליצירטע דערשיינונגען דערמיט, וואָס מען קוועטשט זיי אַריין אין ריין־לאָגישע סכעמעס, כדי אַזוי אַרום פטור צו ווערן פון דער נויטווענדיקייט און דער טרחה פון אַ קאָנקרעטן אַנאַליז פון דער געגעבענער דערשיינונג. די אַבסאָלוטע, גראַדליניקע טיילונג פון גלויבן און מעשים איז נישט ריכטיק אפילו בנוגע צו יידישקייט, וואו עס איז אויך נישט מעגלעך, ווי מיר וועלן דאָס זען אויף אַן אַנדער אָרט, אָפּצושיידן די מעשים, די מצוות, וואָס זענען אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן, פונעם גלויבן אין דעם באַשאַפער פון דער וועלט, וואָס ער איז זייער מקור און וועלכע מיר דאַרפן אָפּהיטן, כדי זיין ווילן צו דערפילן. דאָ וועט דערוויל גענוג זיין צו זאָגן, אַז די קריסטלעכע רעליגיע האָט, פונקט ווי יעדע אַנדערע, אויב נישט נאָך מער, סימבאָלן און סימבאָלישע אַקטן, וואָס איטלעכער פרומער קריסט האַלט טייער די ערשטע, און היט אָפּ די צווייטע. די קריסטלעכע קירך האָט אַ ביז אין אַלע פרטים דורכגעשטודירטן און אויסגעאַרבעטן צערעמאָניאַל פון געבעטן און גאָט־דינען, אירע חגאות און הייליקע טעג, פונקט ווי אירע תעניתים. זי האָט אַ שלל פון רעליגיעזע פאַרשריפטן און „סאַקראַמענטן", ווי טבילה, אויכאַריסטיע און אַזוי ווייטער. פאַרגליכן מיט דער פשטות און „וואָכעדיקייט" פון יידישע תפילות אין שול, האָט, להבדיל, דער קריסטלעכער גאָט־דינסט אין קירך נישט לערך מער צערעמאָניאַלקייט און פייערלעכקייט. נישט אומזיסט זענען די ערשטע רעפאָרמער, וואָס האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעשמעקט מיט אַ פרעמדן געשמאַק, מיט אַזאַ פאַרביטערטקייט אָנגעפאַלן

אויף דער „נישט עסטעטישקייט" פונעם ייִדישן סדר התפילות, אויף דער „אומאָרדענונג", וואָס הערשט אין אונדזערע בתי־מדרשים בעתן דאַווע־נען וכדומה.

די טעותדיקע פאַרשטעלונג וועגן קריסטנטום, נאָר ווי אַ גלויבן, נעמט זיך, ווי מיר דוכט, ווידער אַמאָל טאַקע דערפון, וואָס מען באַזירט זיך אויף די טעקסטן פונעם נייעם טעסטאַמענט, דער עיקר אויף די געדאַנ־קען פונעם אייגנטלעכן באַגרינדער פון קריסטנטום — פּאַולוס. רעדן טאַקע די טעקסטן אין דעם פּרט קלאָר לטובת דער דאָזיקער טעזע. אָט האָט איר אייניקע שטעלן, וואָס איך ברענג אומישנע כדי צו ווייזן, ווי ווייט דאָס רעאַלע קריסטנטום איז אַוועק פון זיי און זיי אין דער ווירק־לעכקייט פאַרוואַנדלט פּונקט אין דעם היפּך פון זייער פּרימיטיווער כוונה. זאָגט ישו: „און בעת איר זענט מתפּלל, זאָלט איר נישט זיין ווי די חונפים, וואָרעם זיי האָבן ליב צו שטיין און מתפּלל זיין אין די שולן און אויף די עק־גאַסן, כדי זיי זאָלן געזען ווערן פון מענטשן... דו אָבער, בעת דו ביסט מתפּלל, גיי אַריין אין דיין אינעווייניקסטן חדר, פאַרשליס די טיר און זיי מתפּלל פאַר דיין פאָטער, וואָס זעט אין פאַרבאָרגעניש..." (מתיא 6 : 5־6). איז טאַקע כדאי צו דערמאָנען, ווי דער באַשיידענער „אינעווייניקסטער חדר" איז „ווי דורך אַ כישוף" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די פּראַכטיקע לוקסוס־פּאַלאַצן פון די קירכעס, אין די גאָטישע קאַ־טעדראַלן, שענער פון אַלע בנינים און העכער פון זיי, מיט שפּיצן און טורעמס, וואָס שפּאַרן אָן אין די הימלען, און די תפילות ביחידות, הינ־טער פאַרשלאָסענע טירן — אין גרויסע עפנטלעכע פּאַראַדן, וואו רייכע פּרויען בלישטשען אין די שענסטע טואַלעטן, און די גלחים אויסגעפּוצט אין גאָלד און זילבער. ביי אַ קאַטוילישער מעסע, למשל, ביי פייערלעכע געלעגנהייטן, האָט דער זייטיקער דאָס געפיל, ווי ער וואָלט צוזען אַ ספּעקטאַקל־גאַלאַ אין דער אָפּערע פון אַ וועלט־שטאָט. און פון דער אַנ־דערער זייט, גיט אַ קוק אויף די אייניקלעך פון די „חונפים", געמיינט די פּרושים, וואָס האָבן דורות־לאַנג אַזוי פּראָסט, אינטים און האַרציק מתפּלל געווען צום גאָט פון ישראל אין נידעריקע הילצערנע בתי־מדרשים און שולן, אָן שום באַפּוצונג און באַצירונג. מוזיק, פּאָמפּע און פּאַראַד האָט מען ערשט דערזען ביי אונדז אין די „סינאַגאָגעס", געבויט פון היינט־מאָדישע ייִדישע גבירים, לויט אַ פרעמדן געשמאַק.

מען באַזירט זיך אָפט אויף פּאַולוס, באשר־בכן ער האָט בפירוש דער־קלערט, אַז דער עיקר איז דער גלויבן. זאָגט ער טאַקע, אַז „אַ מענטש

ווערט גערעכטפאַרטיקט דורך אמונה, אָן די מעשים פון דער תורה" (רוימער 3 : 28). אבער, אַן אַנדער אַפּאָסטאָל, יעקב, זאָגט דעם היפוך דערפון. עס איז, פאַרשטייט זיך, נישט וויכטיק, צי שטאַמט טאַקע דער בריוו, וואָס ווערט אים צוגעשריבן אין נייעם טעסטאַמענט, פון אים אַליין און צי איז דער מחבר געווען ישוס, ברודער. בכל־אופן זענען די צוויי טענדענצן, וואָס האָבן זיך געראַנגלט אין פרימיטיוון קריסטנטום, די ייִדיש־קריסטלעכע און די פּויליסטישע, בלי ספק אויטענטיש. זאָגט דער אַפּאָסטאָל יעקב : „...אויב זי (די אמונה) האָט נישט קיין מעשים, איז זי טויט פון זיך גופא"; און ווייטער : „...אַ מענטש ווערט גערעכטפאַרטיקט דורך מעשים און נישט נאָר דורך אמונה" (דער בריוו פון יעקבן 2 : 17, 24). אָבער עס איז קלאָר, אַז נישט יעקב פון די געטרייע ייִדן־קריסטן, נייערט פּאַולוס איז געבליבן כאַראַקטעריסטיש פאַרן קריסטלעכן גלויבן און פאַר דער קירך. דאַרף מען אָבער, כדי אָפּצושאַצן דעם דויערנדיקן און רעאַלן ווערט פון פּאַולוס' שפּרוך נישט אַרויסלאָזן פון אויג צוויי וויכטיקע מאָמענטן. ראשית, אַז קריסטוס, וואָס צום טייל לכל הפּחות געפינט זיך נאָך פּאַולוס אונטער דעם איינפלוס פון זיין וואָרט, הגם, פון דער אַנדערער זייט האָט ער דאָס דאָזיקע וואָרט אָפּט פאַרלייקנט, טרעט אַרויף אויף דער געשיכטלעכער אַרענע נאָר ווי אַ משיח, ווי דער אָנזאָגער פון אַ נייער וועלט, וואָס דאַרף אָנקומען. גאָטס זון איז ישו ערשט געוואָרן מסתמא נישט פריער ווי אין צווייטן יאָרהונדערט. ער קומט נישט צו באַגרינדן אַ נייע אמונה און אַ פּשיטא שוין נישט קיין נייע קירך. „פון דעמאָלט אָן, שטייט ביי מתיא (4 : 17), האָט ישו אָנגעהויבן צו דרשענען און צו זאָגן : טוט תשובה, וואָרעם דאָס מלכות שמים איז נאָענט". במילא האָט ישו זיך געקענט גאַנץ־גוט באַגיין, נאָר מיטן פּראָקלאַמירן דעם גלויבן אין דער נאָענטקייט פון גאָטס קיניגרייך און אין זיין משיחישער מיסיע און בלויז רופן די מענטשן זיך צו גרייטן, צו רייניקן זייערע הערצער. נישט קיין נייע תורה האָט ער געבראַכט, נאָר אַ נייע האַרץ האָט ער געוואָלט אַריינזעצן אין די מענטשן. ער האָט דערום געקענט רואיק זאָגן : „מיינט נישט, אַז איך בין געקומען מבטל צו זיין די תורה אָדער די נביאים. איך בין נישט געקומען מבטל־זיין, נייערט מקיים־זיין. וואָרעם פאַרוואָר, איך זאָג אייך, ביז הימל און ערד וועלן פאַרגיין, וועט קיין איין יוד אָדער שטריכל פון דער תורה נישט פאַרגייען ביז אַלץ וועט מקוים ווערן. דעריבער ווער עס וועט עובר־זיין אויף איינע פון די דאָזיקע מינדסטע מצוות, און וועט לערנען אַזוי מענטשן, וועט גערופן ווערן דער מינדסטער אין דעם

מלכות־שמים, ווער אָבער עס וועט זיי טון און לערנען, וועט גערופן ווערן גרויס אין דעם מלכות־שמים״ (מתיא 5 : 17־19).

נאָך ישוס טויט, ווען מען האָט דוכט זיך, שוין געקענט זען, אַז ער האָט דאָס מלכות־שמים נישט אַראָפּגעבראַכט און איז אַליין אומגעקומען, האָט זיך פאַרשפּרייט די בשורה, אַז ער האָט זיך צו זיינע תּלמידים „אַנטפּלעקט אַ לעבעדיקער דורך אַ סך צייכנס, בעת ער האָט זיך צו זיי באַוויזן אין משך פון פערציק טעג און האָט צו זיי גערעדט בנוגע דעם מלכות פון גאָט״ (די מעשים פון די שליחים 1: 3). און דער גלויבן האָט אָנגעהויבן וואַקסן, אַז ישו וועט אויפשטיין תּחית־המתים און דערפירן זיין שליחות ביז צום סוף. כּל־זמן עס האָט געהערשט אָט דער דאָזיקער גלויבן און כּל־זמן די גלויביקע האָבן זיך ווערבירט אויסשליסלעך צווישן יידן, האָט קיין באַדערפעניש אין נייע מעשים, אין אַ נייעם מצוות־סיסטעם נישט געקענט קומען.

דאָס געזאָגטע באַציט זיך בלויז צו איין זייט פון ישוס לערע און צו דער שטעלונג פון דער פּרימיטיווער יידיש־קריסטלעכער קהלה אין ארץ־ישראל און דריקט אויס נאָר איין טענדענץ, משמעות די הערשנדיקע צווישן די ערשטע יידן־קריסטן. פּאַראַלעל אָבער דערמיט, זעט מען שוין ביי ישון גופא און אין זיין אַרום אַ צווייטע שטרעמונג, די וואָס האָט דורך פּאַולוסן באַקומען די אויבערהאַנט, זיך נישט צו באַגרענעצן מיט תּשובה און צוגרייטונגען צו דעם מלכות־שמים, נאָר טאַקע שוין איצט, אינעם דערווייליקן ערדישן קיניגרייך, דורכצופירן ענדערונגען און רעפאָרמען, איינצופירן נייע עשהס און לאַ־תעשהס. הערן זיך שוין דעמאָלט אַנדערע טענער וועגן פאַרבייטן איין סאָרט מצוות מיט אַנדערע, איין קולט מיט אַ צווייטן. דערציילן די עוואַנגעליסטן, מען וואָלט געקענט מיינען ווי מסיחים־לפי־תּומם, אָבער עס איז קלאָר, אַז נישט אָן אַ כּוונה, די מעשה ווי ישו איז געגאַנגען שבת איבער פעלדער מיט זיינע תּלמידים און די לעצטע, זייענדיק הונגעריק, האָבן אָנגעהויבן רייסן זאַנגען און עסן. אויפן פאָרוואורף, וואָס די פּרושים האָבן זיי געמאַכט, ענטפערט ישו מיט דעם באַרימטן: „דער בן־אדם איז האַר פון דעם שבת״ (מתיא 12: 1־8; מאַרקוס 2: 23־28). דאָ האָט איר שוין נישט מער דעם אויבנציטירטן אַבסטראַקטן און בלויז פּרינציפּיעלן געדאַנק, וואָס מיר געפינען אויך אין יידישע מקורות, אַז דער שבת איז פאַרן מענטש און נישט דער מענטש פאַרן שבת. דאָ ווערט שוין פּראָקלאַמירט דאָס רעכט פון ישו, דעם בן־אדם, צו ענדערן לויט זיין געשמאַק גאָטס געזעץ, וואָס איז געווען גלייך דעם פאָלקס־געזעץ, — די תּורה. ישו, אַהער דער רעדאַקטאָר פון

דער עוואַנגעליע, פאַררופט זיך, ווי דאָס האָבן געטון אין אַלע שפעטער־דיקע דורות אַלע וואָס האָבן זיך געוואָלט אָפזונדערן פון פאָלק דורכן פאַרלייקענען זיין געזעץ, אויף די נביאים („וואָרעם גוטסקייט האָב איך באַגערט, און נישט שלאַכט־אָפּפער, און דערקענונג פון גאָט איידער ברואַנד־אָפּפער" הושע ו׳ : ו׳). אָבער להיפוך צו די נביאים באַנוגנט זיך נישט ישו מיטן אַרויסברענגען עטישע אידעען, נייערט ער נעמט זיך דעם רשות אַליין צו פסקענען למעשה — אין קעגנזאַץ צום יידישן דין און יידישן מנהג, ווי למשל, אַז „עסן מיט אומגעוואַשענע הענט איז נישט מטמא דעם מענטשן" (מתיא 15 : 20). די דאָזיקע איינצלנע פאַלן פון אָפּ־טרעטן פון דער תורה און פון אירע געבאָטן געפינען זיך געדאַנקלעך פאַראייניקט און סינטעזירט אין דעם קלאַסישן מאמר־הכולל: „נייערט נייעם וויין מוז מען גיסן אין נייע לאָגלען" (לוקאַס 5 : 38). דאָ הערט איר שוין אַ קלאָרע אָנצוהערעניש, אַז ישו קומט נישט בלויז מיט אַ נייעם עטיש־רעליגיעזן אינהאַלט, נייערט אויך מיט נייע מעשים און נייע פאָרמען.

מיר ווייסן אַזוי ווייניק וועגן דער רעאַלער פערזאָן פון ישון און וואָס ער האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים, אַז אַלע די סאַמע קעגנזאַצלעכע היפּאָטעזן און סברות זענען גלייך באַגלויביקט און באַרעכטיקט. דעם ריינעם היסטאָרישן אמת וועלן מיר מסתמא שוין קיינמאָל נישט דערגיין. פאַרלאָזן מיר זיך אויף די עוואַנגעליסטן, ווייל קיין אַנדערע קוואַלן זענען כמעט נישטאָ, און אויב אַזוי מוז מען אייבזען, אַז די זוימען פון קריסטנטום האָט שוין געזייט ישו אַליין. דער פרואוו אים פאָרצו־שטעלן ווי אַ טראַדיציאָנעלן יידן, ווי אַ יידישן רבי, איז היסטאָריש פאַלש און ווערט געמאַכט לויט דעם כאַראַקטערי־זירטן מעטאָד פון פאַרגלייכן איינצלנע טעקסטן פון ישוס שפּרוכן, אָדער פון אַזוינע, וואָס זענען אים שפּעטער צוגעשריבן געוואָרן, מיט געוויסע פסוקים פון דער תורה אָדער פון די נביאים, גלייכצייטיק מיט דער פּראַקטישער נעגאַציע פון געוויסע יידישע דינים, הויבן שוין אָן ביי ישוס לעבן זיך אויסצושיילן עקוויוואַלענטן פאַר דעם אָפּגעשאַפענעם, נייע ריטן, וואָס זענען ביי יידן אָדער בכלל געווען אומ־באַקאַנט, אָדער זיי האָבן ביי די קריסטן־יידן געקריגן אַן אַנדערן מיין אָדער פאַרנומען אַ מער צענטראַלן אָרט. אַזוי איז געשען, למשל, מיט די סעודות־בציבור וכדומה, וואָס זענען ביי זיי מיסטיש־געצנדינעריש באַפאַרבט געוואָרן (9).

אין וואָס ווייטער עס האָט זיך גערוקט די צייט, און וואָס נעפלדיקער־

עס זענען געוואָרן די האַפענונגען אויף דער נאָענטקייט פון דעם מלכות־שמים און אויף ישוס תחית־המתים, וואָס שטייפער עס איז געוואָרן די יידישע עקשנות נישט צו אָנדערקענען ווי אַ משיחן אימיצן, וואָס האָט דאָס יידישע פאָלק גופא נישט באַפרייט און באַפרייען אפילו נישט געוואָלט, אַלץ שטאַרקער זענען אין דער קריסטלעך־יידישער סעקטע געוואָרן די סעפּאַראַטיסטישע טענדענצן, און בולטער איז געוואָרן די אַנטוויקלונג פון נייע רעליגיעזע סימבאָלן און אַקטן, וואָס האָבן געדאַרפט אָדער לעבן בשכנות מיט די אַלטע יידישע, אָדער זיי גאָר פאַרבייטן. אַווענד־פונקט אין דער געשיכטע פון קריסטנטום זענען געווען פּאַולוס׳ מיסיאָנערישע נסיעות צו די געצנדינערס, דער קאָנטאַקט מיט די געצנדינערס ברענגט אַריין הן נייע גלויבנס־עלעמענטן, גענומען פון די גריכישע און מצרישע מיטן, הן נייע מנהגים, איבערגענומען פון זייער קולט. און אַלץ טיפער ווערט די אָפּפרעמדונג פון יידישן געזעץ, ביז עס דערגייט צו איינעם פון די פונדאַמענטן פון יידישקייט — צו דער מילה, דעם צייכן אין לייב פון אָנגעהערן צום ברית־אברהם. „וואָרעם נישט דער איז אַ ייד, וואָס איז עס לפנים, אויך מילה איז נישט דאָס, וואָס איז אויסערלעך אין פליש, נייערט דער איז אַ ייד, וואָס איז עס אינעווייניק, און מילה איז דאָס פון דעם האַרץ, אין דעם גייסט און נישט אין דעם אות...״ (רוימער 2 : 28־29).

ישו האָט געזייט, פּאַולוס האָט געשניטן. און אין יענעם וועלט־דראַמאַטישן וויכוח, וואָס פּאַולוס און בר־נבא האָבן געהאַט אין ירושלים מיט די שליחים און מיט די זקנים, צי זאָל מען פאָדערן ביי די געצנדינערס, וואָס דער „הייליקער גייסט״ האָט אויף זיי אַראָפּגענידערט און זיי האָבן דערקענט דאָס „אמתע ליכט״, זיי זאָלן זיך מל זיין, איז דער גורל געוואָרפן געוואָרן. דאָס קריסטנטום הערט אויף צו זיין בלויז אַ גלויבנס־דאָגמע. עס ווערט פון אים אַ פולע רעליגיע מיט אירע אייגענע סימבאָלן און טראַדיציעס, מיט אייגענע אַקטן און צערעמאָניעס. דער אויסקריסטאַליזירונגס־פּראָצעס פון דער נייער קירך האָט זיך פאַרענדיקט שפּעטער, אין דער ערשטער העלפט פון צווייטן יאָרהונדערט. די וועגן פון יידישקייט און קריסטנטום האָבן זיך געשיידט, כדי קיינמאָל מער זיך נישט צונויפצוקומען.

## ד. „מיין קיניגרייך איז נישט פון דער וועלט“

דער פונדאמענטאַלער חילוק צווישן יידישקייט און קריסטנטום איז נישט געלעגן, אינעם מאָמענט, ווען זייערע וועגן האָבן זיך געשידן, און נאָך ווייניקער — אינעם פראָצעס פון זייער ביידנס אַנטוויקלונג, גראָד אין זייערע גלויבנס־עיקרים, הגם דער מהלך צווישן זיי איז געווען גרויס גענוג, און נישט אינעם קעגנזאַץ פון גלויבן און מעשים אינעם קולט, נייערט אויף א שטח, וואָס האָט געהאַט און האָט עד־היום אַ מער דעצידירנדיקן באַטייט, וואָס נעמט אַרום, מען קען דאָס זאָגן אָן אַ גוזמא, דעם גאַנצן מענטשן, אין זיין אייגנשאַפט ווי אַ סאָציאַלער בעל־חי. נאָך ערגער ווי דאָס, וואָס דאָס קריסטנטום האָט פאַראומרייניקט דעם יידישן מאָנאָטעאיזם דערמיט, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דער געצנדינערייי שותפים צו גאָט דעם איינאיינציקן און אַ פאַרמיטלער צווישן אים און דעם מענטשן, איז געווען דאָס, וואָס עס האָט געשפּאָלטן דעם יידישן מאָניזם, די איינהייטלעכקייט פון גלויבן, מוסר און געזעץ, יחיד און צבור, און איינגעפירט צוויי רשויות: גלויבן און עטיק — איינער, דאָס סאָציאַלע לעבן — אַ צווייטער. די ערשטע סימנים פון דער דאָזיקער שפּאַלטונג, ווי בכלל די קערנדלעך פונעם שפּעטערדיקן קריסטנטום, געפינען מיר שוין ביי ישו גופא, הגם אין זיין אייגענער לערע האָבן זיי נאָך נישט פאַרנומען דאָס צענטראַלע אָרט, וואָס איז זיי באַשערט געווען צו פאַרנעמען אין משך פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. ווען קריסטוס האָט געזאָגט פּילאַטוסן : „מיין קיניגרייך איז נישט פון דער וועלט“ (יוחנן 18 : 36), האָט ער שוין געוויזן דעם וועג, ריכטיקער — די צוויי וועגן פאַר זיינע גלויביקע פון קומענדיקע דורות. איין וועג, וואָס דער יחיד דאַרף אויף אים טרעטן און וואָס פירט אים צום הימלישן קיניגרייך, אַ צווייטער, וואָס דער מענטש, אָרגאַניזירט אין דער חברה, דאַרף אויף אים גיין אויף דער זינדיקער ערד. פאַר קריסטוסן און פאַרן קריסטנטום עקסיסטירט בלויז דער „איך“ און זיי ווילן נישט וויסן פון דעם „מיר“. צו אָט דעם „מיר“, צו דער געזעלשאַפט אָרגאַניזירט אין דער מלוכה, בלייבט קריסטוס אינדיפערענט. ער מישט זיך נישט אין דער סאָציאַלער און פּאָליטישער פירונג פון דער מדינה. האָבן די בעסטע זין פון יידישן פאָלק פון יענער צייט, די קנאים, דאָס הייפל רעוואָלוציאָנערן, די איינציקע אויף דער וועלט אין יענער צייט, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט און געוואָרפן אַן אַרויסרוף דער גוואַלטיקער און דער אומבאַשטרייטבאַרער מאַכט פון דער רוימישער אימפּעריע, גערופן דאָס פאָלק

צום בונט און ווידערשטאַנד, צו בויקאָטירן די שטייער־פּאַכטערס (מוכסים), די יידישע קנעכט פונעם מאַכטיקן רוים, און נישט צו צאָלן קיין שטייערן. חברט זיך ישו דוקא מיט די מוכסים, וואָס זענען געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן געגלויבט אין אים. און אַז מען ווייזט אים דאָס שטייער־געלט, אַ דינר, לאָזט ער אַרויס דעם באַפליגלטן גורלפולן שפּרוך : „ . . . גיט דעריבער דעם קיסר וואָס עס איז דעם קיסרס, און צו גאָט, וואָס איז גאָטס" (מתיא 22 : 21).

יוסף קלויזנער, וואָס האָט בלי־ספק אָנגעשריבן איינע פון די גרינטלעכסטע ווערק וועגן ישו, האָט אָבער נישט געקענט גובר זיין געוויסע „שוואַכקייטן" פאַר אים, פאַרבונדן מיט זיין אַלגעמיינער נטיה צו באַטראַכטן פאַר „יידישע" רעוואָלוציאָנערן אַ סך פון יענע יידן, וואָס האָבן פאַרלאָזן דעם שויס פון יידישקייט און פאַרבלאָנדזשעט אויף פרעמדע וועגן. אָט לייכט אים יאָ אויף דער געדאַנק, אַז דער שפּרוך וועגן קיסר און גאָט איז אַ קאַפּיטולאַציע פאַר דעם מלכות פון בייז. עס לויטעט נישט מלחמה צו האַלטן קעגן דער פּאָליטישער אונטערדריקונג פון רוים און פאַר פאָלקס־פרייהייט. וואָס מאַכט עס אויס, וואָס מען צאָלט יאָ שטייערן דעם קיסר, אַבי מען לעבט אין פרידן מיטן אייביקן גאָט. קומט אָבער יוסף קלויזנער אין אַן אַנדער אָרט און דערקלערט ישוס ענטפער פילאָטוסן נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ „גראָטעסק". אי ער האָט זיך נישט געבונטעוועט קעגן קיסר, אי ער האָט כלומרשט דערמיט מרמז געווען, אַז פאַר אים איז דער קיסר־געצנדינער די אַנטיטעזע פון גאָט (10). דער דאָזיקער אמת איז משמעות אַזוי טיף פאַרבאָרגן, אַז קיינער, חוץ יוסף קלויזנערן, האָט אים ביז איצט נישט אויפגעדעקט, נישט די גלויביקע קריסטן אַליין, וואָס האָבן תמיד גאָר געשמאַק געדינט דעם קיסר, נישט ווייניקער געטריי ווי גאָט אַליין, און נישט די וועלטלעכע דענקערס און היסטאָריקער פון קריסטנטום, וואָס זענען אויפגעקומען אין שפּעטערדיקע צייטן. ערנעסט רענאַן, און זאָל זיין, אַז זיין בוך וועגן ישוען, ווי עס זאָגן ספּעציאַליסטן, איז נישט קיין וויסנשאַפטלעך ווערק, האָט אָבער מיט אַ באמת קינסטלערישער אינטואיציע טיפער און ריכטיקער באַגריפן דעם גרויסן היסטאָרישן מיין פון ישוס ענטפער. זעט דערין ערנעסט רענאַן אַ „טיף וואָרט, וואָס האָט באַשטימט די צוקונפט פון קריסטנטום, אַ וואָרט פון גלענצנדיקן ספּיריטואַליזם און פון וואונדערבאַרער ריכטיקייט, וואָס האָט באַגרינדעט די סעפּאַראַציע פון גייסטיקן און וועלטלעכן און געלייגט דעם יסוד פון אמתן ליבעראַליזם און אמתער ציוויליזאַציע" (11). מען מעג, פאַרשטייט

זיך, נישט מסכּים זיין מיט ערנעסט רענאַנס מיינונג, אַז אמתער ליבעראַליזם און ציוויליזאַציע קענען בליען נאָר דאָרט און דעמאָלט, וואו און ווען דאָס „גייסטיקע" און דאָס „וועלטלעכע" זענען געשידן, אָבער אַז דער זוימען פון דער דאָזיקער שיידונג האָט זיך געפונען אין ישוס ענטפער, דעריין קען קיין שום ספק נישט זיין. די קאָנסעקווענצן אָבער דערפון, וואָס דאָס קריסטנטום האָט צעריסן דעם יידישן בונד צווישן ביידע, גייען דורך ווי אַ רויטער פאָדעם אין דער גאַנצער געשיכטע פון די קריסטלעכע פעלקער. און מער ווי אימיצער אַנדערש שפּירן מיר די דאָזיקע קאָנסעקווענצן אין אונדזער לייב און נשמה.

וואָרעם אַז מען האַלט זיך ביים כּלל פון „נישט אינטערוועניץ", וועדליק דער היינטיקער פּאָליטישער טערמינאָלאָגיע, אין דער מלוכה־פירונג, הייסט עס במילא, אַז מען סאַנקציאָנירט דעם עקסיסטירנדיקן סדר, דעם וואָס איז געבויט אויף רשעות, אויף גזילה, אויף אונטערדריקונג פון יחידים דורך יחידים און פון פעלקער דורך פעלקער. פּרואווט מען נישט אויסצובעסערן די הערשנדיקע אָרדענונג מיט ערדישע מיטלען, לויט די באַגרענעצטע מענטשלעכע מעגלעכקייטן, קען מען זיך דערלויבן דעם נישט שווערן און נישט טייערן לוקסוס אויסצובויען די אידעאַלסטע, די דערהויבנסטע וועלטער־לופט־פּאַלאַצן. אָט אָ דאָ עפנט זיך דער אָפּגרונט צווישן אידעאַל און ווירקלעכקייט, וואָס שפּעטערדיקע דורות קריסטן האָבן נישט בלויז נישט פאַרשאָטן, נאָר אדרבא אים נאָך ברייטער און טיפער געמאַכט, דער תהום צווישן קירך און לעבן, צווישן הייליקייט און וואָכעדיקס, צווישן זונטאָג און די טעג פון אַ גאַנצער וואָך. כאַפּן נאָך טאַקע עד־היום פרומע קריסטן און גאָרנישט פרומע יידן געוואַלדיקע התפּעלות פון דער באַרג־דרשה, פון ישוס דערהויבענע און פיין־געשליפענע משלים. די פּראָזאַאישע וואָכעדיקע חוקים ומשפּטים פון אונדזער תורה מעגן זיך טאַקע שעמעוודיק אין אַ ווינקל באַהאַלטן, טאַקע ממש אַ פאַרגלייך ווי צווישן הימל און ערד. פּונקט ווי יענע זענען הויך און לויטער, אָט אַזוי טראָגט פון יידישקייט מיט ערד־גערוך און ערד־שוואַרצקייט. האָט ישו איינמאָל מיט זיינעליידן און זיין טויט אויסגעלייזט די מענטשן פון זייערע זינד, זענען זיינע עקזאַלטירטע מאָראַלישע שפּרוכן מכפּר טאָג־איין טאָג־אויס אויף די נייע חטאים און פאַרדעקן זיי מיט אַ טלית שכּולה תכלת. כּדי צו רעדן מיט דער שפּראַך פון די עוואַנגעליסטן, איז די קריסטלעכע מאָראַל געוואָרן דער שאָפּן־פעלץ, וואָס דעקט צו דעם וואָלף און וואַרעמט אים נאָך דערצו. און אחרי ככלות הכּל, איז דער מענטש סיי־ווי־סיי אוממעכטיק אַנטקעגן דעם אייביקן

קעגנזאַץ פון לייב און גייסט, סיי ווי קען ער זיך קיינמאָל נישט אָפּטרייסלען פונעם „אָריגינעלן חטא". בלייבט פאַר די זינדיקע מענטשן נאָר די טרייסט פון אמונה און די רואיקייט פון געוויסן, וואָס שטעלן זיי צו די שפע פון מאָראַלישע סענטענצן און דאָס הייפל נזירים, וואָס האָבן פאַרלאָזט די זינדיקע וועלט און דינען גאָט פאַר אונדז אַלעמען. שוין דער ערשטער מענטש האָט זינט זיין „פאַלן" אונדז אַלעמען באַלאָדן מיט זינד. פון דער דאָזיקער לאַסט זיך צו באַפרייען, איז נישטאָ קיין עצה און קיין תרופה. „אַ געפאַנגענער קען זיך אַליין פון תפיסה נישט באַפרייען". בלייבט נאָר די „גנאָד", וואָס קען אים אויסלייזן. און גנאָד און כפרות פאַר אַלע זינד האָט די אַפּאָסטאָלישע קירך אָנגעזאַמלט פולע שפּייכלערס. מען דאַרף נאָר קענען געפינען חן און לייטזעליקייט אין די אויגן פון די פאַרמיטלערס צווישן דעם קוואַל פון חסד און דעם זינדיקן מענטשן.

די ליבע צום מיטמענטשן איז מענטשלעך. און מענטשלעכקייט איז גאָר אַ הויכע מדרגה, ווייל די חיה אין אונדז יאָגט אונדז תמיד אין תהום אַריין. דערום זאָגט אונדז די תורה אָן אויף דעם. איז אָבער פאַראַן נאָך אַ „העכערע" מדרגה, אַ מלאכישע, אַ הימלישע. ליב האָבן דעם שונא און בעטן פאַר די וואָס רודפן אייך (מתיא 5 : 44). מאַכט דערפון ישו דעם ראש פנה פון זיין לערע. איז דער ואהבת לרעך כמוך געשטאַנען שוין פריער אין אונדזער תורה. אָבער גיט אַ קוק, אין וואָס פאַר אַ מענטשלעך־ערדישער ראַם איז דער דאָזיקער כלל געווען איינגעפאַסט. דער צווייטער פסוק הויבט זיך אָן: „את חוקותי תשמרו" (ויקרא י"ט : י"ט). און אַ רייע פריערדיקע פסוקים, טאַקע אין דער אייגענער פרשה, רעדן וועגן פשוטע מענטשלעכע דינים און פאַרגעסן נישט אַזאַ „קלייניקייט" ווי „זאָלסט נישט לאָזן איבערנעכטיקן דעם לוין פון אַ געדונגענעם ביי דיר ביז אינדערפרי" (דאָרט, י"ג). הלל הזקן האָט טאַקע פאַר ישון געזאָגט דעם גר, וואָס האָט געוואָלט אויסלערנען די תורה על רגל אחת, כמעט (אָבער טאַקע נאָר כמעט) דאָס אייגענע וואָס „יענער מאַן" וועגן דעם עיקר פון אַלע עיקרים: מה דעלך סני לחברך לא תעביד, וואָס דיר איז נישט ליב טו נישט דעם אַנדערן. אָבער ווידער אַמאָל מוסיף געווען אַ פּיצעלע הוספה: ואידך פירושה הוא זיל גמור (שבת ל"א, א). אין דעם „גמור", אינעם גיין ווייטער און ענדיקן ביזן סוף, בלייבט די ליבע אַליין נאָר אַן אָנהויב, וואָס בלייבט הענגען אין דער לופטן, אויב עס קומט נישט דער המשך. אָט פאַרוואָס איר געפינט נישט צווישן די שבע מצוות בני נח, דאָס הייסט די מצוות, וואָס זענען אַ חוב פאַר אַלע מענטשן, די מצווה פון ליבע צום צווייטן. און איר געפינט דאָרט גראָד פונדאַמענטאַלע אָבער

קאַנקרעטע געבאָטן קעגן שפיכת דמים, גזילה וכדומה. משמעות, אַז אָפּהיטן די דאָזיקע געבאָטן איז פאַר די אומות העולם געווען א סך שווערער, ווי דעקלאַמירן אויף דער טעמע פון ליבע צום נאָענטן.

גיט אַ ברייתא אַ טשעקאַוון פאַל מיט אַ שווער־וואַגיקן ומחסר השכל. צוויי זענען געגאַנגען אין וועג און איינער האָט געהאַט אַ קרוג וואַסער גענוג נאָר אויף צו שטילן דעם דורשט פון איינעם. טרינקען זיי ביידע צו ביסלעך, שטאַרבן זיי ביידע. טרינקט איינער, וועט ער ראַטעווען זיין לעבן. איז וועגן דעם געווען אַ שקלא וטריא, ביז עס איז געקומען רבי עקיבא און געלערנט, און דער דין איז מיט אים, אַז ווײַבאַלד עס שטייט וחי אחיך עמך, כדי דיין ברודער זאָל קענען לעבן ביי דיר (ויקרא כ״ה: ל״ו), מיינט עס, אַז דיין לעבן איז פריער פאַרן לעבן פון דיין ברודער (בבא מציעא ס״ב, א). ישו וואָלט זיכער געזאָגט, אַז דער וואָס באַזיצט דעם קרוג וואַסער דאַרף אים אָפּגעבן דעם צווייטן. און דער דאָזיקער צווייטער, ווען ער וואָלט געווען אַ קריסט, ווי וואָלט ער זיך געפירט, איז נישט שווער צו טרעפן, אויב עס רעדט זיך וועגן אַן אַמאָליקן און הייַנטיקן דורשניטלעכן קריסט: ער וואָלט יענעם דערהרגעט און צוגענומען דאָס וואַסער פאַר זיך (12).

אויך דער יידישער פרינציפ פון צדק, גערעכטיקייט, איז אַ מענטשלעכער, וואָס די מענטשלעכע טבע איז מסוגל צו פאַרווירקלעכן. אמת, אויך דאָס איז גאָרנישט לייכט, וואָרעם דערצו מוז דער מענטש נישט בלויז האָבן אַ גוטן און שטאַרקן ווילן, נייערט אויך אַ לאַנגע, טאָג־טעגלעכע פּראַקטיק פון גוזעץ און פון גוטע מידות. גערעכטיקייט אָבער האָט אַ מאָס און אַ גרענעץ, מאַכט אַ חילוק צווישן דעם שולדיקן און דעם אומשולדיקן. ליבע, פאַרקערט, איז ברייט ווי דער הימל און וואַסערדיק ווי דער ים. נעמט זי אַרום אַלעמען און איז גלייך פאַר אַלעמען. די אייגענע ליבע פאַרן בלוט־דורשטיקן וואָלף און פאַר דעם שוצלאָזן שעפעלע, פאַרן רוצח און פאַר זיין קרבן. אין דעם בריטישן ראַדיאָ האָט איר געקענט הערן בשעת דער מלחמה לאַקריץ־זיסע תפילות פאַר די פיינט. און די אייגענע בריטן האָבן פאַרקלאַפּט טיר און טויער פאַר זייערע אומגליקלעכע קרבנות און אַזוי אַרום אומדירעקט געהאָלפן די מערדערס אויסצופירן זייערע טייוולאָנישע פלענער. האָט אַן ענגלישער מאַיאָר פאַרטיידיקט די מערדערס פון בערגען־בעלזען און מיט שוים אויף די ליפן געוואָרפן שמוץ אויף דעם „אָפּפאַל פון די געטאָס". און דער פויפּס בכבודו ובעצמו בעט רחמים, אין נאָמען פון קריסטן־ליבע, פאַר די פירער־רוצחים, וואָס מען משפט איצט אין נירענבערג און אין אַנדערע מקומות.

אָט אַזוי איז די גלייכע ליבע צום פיינט און צום פריינד

אַ בפועל נישט גלייכע שוין אין ישוס לערע, און אין לעבן איז זי קאָרעגירט געוואָרן אויף אַזאַ אופן: „האָב ליב דעם, וואָס רודפט, אויב ער איז שטאַרק און מאַכטיק, און האָב פיינט דעם גערודפטן, ווייל ער איז שוואַך און שוצלאָז". איז מיר טאַקע טויזנט מאָל נענטער דער „מאַסקאָוויטיש-מאָנגאָלישער אַנטיקריסט", וואָס האָט זיך באַזעצט אין מאָסקווער קרעמל און פאַרטריבן פון מזרח-וואַנט, הגם נישט אַרויסגעטריבן, דאָס „לעמעלע". לכל-הפחות איז דאָרט קלאָר און דייטלעך פּראָקלאַמירט געוואָרן, אַז עס איז נישטאָ קיין איין געזעץ פאַר די מערדער־ס און די געמאָרדעטע. איז מיר אָט דער צוגאַנג נענטער, ווייל איך דערמאָן זיך דעם מדרש, וואָס זאָגט, אַז גאָט האָט געוואָלט באַשאַפן די וועלט נאָר אויף דעם מדת הרחמים, אָבער זעענדיק, אַז די זינד און די זינדער וואָלט זיך דעמאָלט געמערט, האָט ער מוסיף געווען דעם מדת הדין (מדרש רבה, בראשית, י״ב). היינט עס, אַז מיט רחמים אַליין וואָלט די וועלט בכל-אופן נישט געקענט עקסיסטירן. איז טאַקע דער געצן-דינער קאָנפוציוס אונדז פאַרשטענד-לעכער, ווי דער יידישער „רבי" פון נצרת. ווייל קאָנפוציוס האָט גע-זאָגט: „באַצאָלט גוטס פאַר גוטס און פאַר שלעכטס — מיט גערעכטי-קייט".

האָבן מיר געזען, ווי עס זעען אויס די צוויי רשויות, דאָס הימלישע קיניגרייך און דער עמק הבכא. איז שוין צייט נענטער אַ קוק צו טון אויפן קריסטלעכן מלכות אויף דער וועלט.

## ה. דאָס קריסטלעכע מלכות אויף דער וועלט

אַז די „נייטראַליטעט" פון קריסטנטום בנוגע צום סאָציאַלן לעבן האָט, ווי איטלעכע נייטראַליטעט אין אַ נישט גלייכן געראַנגל צווישן שטאַרקן און שוואַכן, געמוזט בפועל פירן דערצו, אַז דאָס קריסטנטום זאָל זיך כמעט שטענדיק שטעלן אויפן צד פונעם מאַכטיקערן, איז געווען קלאָר, אַז מען זאָל עס דאַרפן טעאָרעטיש באַווייזן. וואָס עס וועט אָבער יאָ נוצ-לעך זיין, דאָס איז צו ברענגען אילוסטראַציעס הן פון די קריסטלעכע שריפטן און הן פון די געשיכטלעכע געשעענישן, וואָס וועלן דעם דאָזיקן געדאַנק באַשטעטיקן. און לאָמיר קודם-כל נעמען צוויי פּראָבלעמען, וואָס האָבן געשפּילט אַן ערשט-ראַנגיקע ראָלע אינעם לעבן פון די אַנטיקע פעלקער: די באַציאונג צו שקלאַפעריי און צו דער מלוכה. די דאָזיקע באַ-

ציאונג איז כלל בישום, ווי מען קען מיינען פון אויבנאויף, אַז עניין פון דער פאַרגאַנגענהייט און אַ טעמע פאַר געשיכטע־שרייבערס. אַ געשיכטלעכער אַנאַליז פון איין זייט, און אַ בליק אויף דער היינטיקער צייט, פון דער צווייטער, וועלן באַשיימפערלעך באַווייזן אַז די דאָזיקע באַציאונג צו שקלאַפעריי אין אַלטערטום האָט זיך אויך אָפּגעשפיגלט אין דער שטעלונג פון דער קירך אין אַלע צייטן בנוגע אַלע אַנדערע פאָרמען פון עקספּלואַטאַציע פונעם מענטשן דורכן מענטשן, צי איז דאָס געווען דאָס פּריצישע לייב־אייגנטום איבערן פויער אין מיטלעלטער און נאָך ביזן היינטיקן יאָרהונדערט אַריין, צי די אונטערדריקונג פון דעם אַרבעטספאָלק דורך די היינט־צייטיקע קאַפּיטאַליסטן.

די וואָס פאַרנעמען זיך מיטן פאָרשן דעם איינפלוס פון דער געצנדינעריי אויף דער קריסטלעכער לערע, קאָנצענטרירן בדרך־כלל זייער אויפמערקזאַמקייט אויף דאָגמאַטישע מאָטיוון און אויף קולט־מאָמענטן, ווי למשל די אַנדערקענונג פון דער געטלעכער נאַטור ביי אַ מענטשן, די השפּעה פון דער גריכיש־מצרישער מיסטיק און מיטאָלאָגיע אויף די פּרימיטיווע קריסטלעכע ריטן וכדומה. איך רעכן אָבער, אַז אינעם ליכט פון אונדזער צייט, איז אַ סך וויכטיקער עפּעס אַנדערש, דהיינו — די געצנדינערישע שפּורן אין דעם קריסטלעכן סאָציאַלן אויסקוק. זעען מיר, אַז שוין דער באַגרינדער פון דער קריסטלעכער קירך, דער שליח פּאולוס, האָט בנוגע צו דעם וויכטיקסטן סאָציאַלן פּראָבלעם פון דעם אַלטערטום, דער שקלאַפעריי, שלום געמאַכט מיט דער גריכיש־רוימישער האַלטונג. אין דער געצנדינערישער וועלט האָט כידוע זיך נישט געפונען קיין איין דענקער אָדער געזעצגעבער, וואָס זאָל זיך כאָטש פאַרקלערן וועגן דעם דאָזיקן אומגערעכטן צושטאַנד. דער גרויסער פּלאַטאָן, וואָס האָט אויסגעאַרבעט אַ מלוכה־אידעאַל, געבויט אויף קאָמוניזם, האָט די וואוילטאַטן פונעם יושרדיקן סאָציאַלן סדר פאַרשפּרייט נאָר אויף די בירגער. קנעכט האָבן אויך אין דער קאָמוניסטישער רעפּובליק געדאַרפט בלייבן קנעכט. און נישט קיין אַנדערער ווי אַריסטאָטעל האָט שוין מיט איבער דריי טויזנט יאָר צוריק אויפגעשטעלט דעם כלל, וואָס אַפילו אין מאָדערנע צייטן, איז געהויבן פון מאַקיאַוועלי און געענדיקט מיט די ענגלישע ליבעראַליסטן, געפינט ער נאָך אָנדערקענונג, דהיינו, אַז דאָס גוטס איז נישט קיין אַבסאָלוטער, נייערט אַ רעלאַטיווער באַגריף און איז פאַרשידן לויט געשלעכט, ראַסע, פאָלק, סאָציאַלער לאַגע וכדומה. שקלאַפן געהערן, לויט אים, פּונקט ווי די „נידעריקע ראַסן" ביי די נאַציס, צו דער אייגענער קאַטעגאָריע פון „זאַכן", ווי היימישע בהמות אָדער אַר־

בעטס־אינסטרומענטן. קלאָר, אַז די שקלאַפן קענען קיין שום רעכט נישט באַזיצן. איז דאָס אָבער פאַר אים נאָך ווייניק: האָבן זיי אויך קיין נשמה נישט און קענען נישט, ווי מיר ווייסן שוין, פרעטענדירן אויף השארת הנפש.

נישטאָ, דוכט זיך, קיין אידעאָלאָגיע, וואָס זאָל זיין דער פולער היפוך פון דער קריסטלעכער, ווי די דאָזיקע פרינציפיעלע, לכתחילהדיקע טיילונג פון מענטשן לויט שטאַנד און באַזיץ. איז טאַקע דאָס קריסטנטום אידעאָלאָגיש געבליבן געטריי דעם יידישן קוק אויף אַלע מענטשן ווי אויף גלייכע, דעם קוק וואָס איר געפינט אים אַזוי פיין אויסגעדריקט אין דער משנה, וואָס זאָגט, אַז גאָט האָט געגעבן אַלע מענטשן נאָר איינציקן פאָטער, אדם הראשון, כדי קיינער זאָל זיך נישט קאָנען באַרימען מיט אַ באַזונדערן אָפשטאַם און אַ באַזונדערן יחוס (סנהדרין, פרק רביעי, ה׳). נאָכמער ווי אין אַלע איבעריקע ענינים, איז אויך דאָ דאָס קריסטנטום אַוועק ווייטער פון אונדז און, ווי עס קען זיך דוכטן, זיך אויפגעהויבן העכער פון דער יידישקייט. ער האָט אַפילו אָפגעוואָרפן דעם באַפרוכפערנדיקן און סטימולירנדיקן פרינציפ פון גייסטיקער פאַרשידנקייט צווישן אומות און לשונות און דורך דעם מויל פון פאולוס דערקלערט, אַז עס איז נישטאָ קיין חילוק צווישן ייד און גריך (רוימער 10 : 12). אָבער דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן, כל־זמן מען האָט ביים גלויבן. צום רעכט, צו לעבנס־נאָרמען האָט עס קיין שייכות נישט. דאָ בלייבט דאָס קריסטנטום שטיין אויפן באָדן פונעם געצנדינערישן געזעץ, וואָס ער פרוווט אפילו נישט אים צו ענדערן, אַ פשיטא שוין נישט אים בטל צו מאַכן, ווי ער האָט דאָס אָן שום צערעמאָניעס געטאָן מיטן יידישן געזעץ. און אַז עס קומט אַזאַ באַוואוסטער קאַטוילישער דענקער (און, פאַרשטייט זיך, אַן אַנטיסעמיט דערצו), ווי היללעיר בעללאק און, פאַרשעמט דורך דער קריסטלעכער שטעלונג צו שקלאַפעריי, זאָגט ער אונדז, אַז הגם דאָס קריסטנטום האָט אנדערקענט דעם אינסטיטוט פון שקלאַפן, האָט אָבער דער גייסט פון דער קירך בהדרגה אויסגעווירקט אַ פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע (13), איז דאָס נישט מער ווי אַ פרומער וואונטש פון אַ קאַטאָליק פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אַריבערגעטראָגן אין די ערשטע יאָרהונדערטער. בעללאק האָט אין אויג געוויסע, אַגב גאָר גרינגע, פאַרבעסערונגען, איינגעפירט דורך די ערשטע קריסטלעכע אימפעראַטאָרס. אָבער ער ברענגט נישט קיין שום באַווייז, אַז אפילו דאָס זאָל האָבן געשען אונטער דער דירעקטער אָדער אומדירעקטער השפעה פון דער קירך.

איך ווייס, אַז מען קען אָפּפרעגן די באַהויפּטונג, אַז די פּאַקטישע אַקצעפּטירונג פון דער שקלאַפעריי דורכן קריסטנטום, ווי אַ רעכט־אינסטיטוציע, איז פון אים איבערגענומען געוואָרן פון די געצנדינער. מען קען זיך באַרופן אויף דעם, אַז אויך די אַמאָליקע יידן זענען נישט פריי געווען פון דער דאָזיקער שאַנד פון יענער צייט. ווייסן מיר וואויל, אַז אויך יידן זענען אין אַלטערטום געווען ווייט פון פולער שלימות וועדליק אונדזערע היינטיקע השגות. אָבער, געמאָסטן מיט דער מאָס פון יענער צייט, און יעדע אַנדערע מאָס וואָלט געווען אַ פאַלשע, זענען יידן בנוגע צו עבדות, ווי בכלל צו סאָציאַלע ענינים, געווען ווייט פון די געצנדינערס, ווי מזרח פון מערב. נאָך אַ גרינטלעכן און בפרטיותדיקן אַנאַליז פון דער יידישער געזעצגעבונג, קומט רב צעיר צו דער מסקנא, אַז די תורה האָט נאָר טאָלערירט דעם פאַקט פון שקלאַפעריי, ווי אַן אומפאַרמיידלעכקייט פון דעם אַלגעמיינעם לעבנס־סדר פון יענער צייט. זי האָט עס אָבער באַטראַכט ווי אַן אַנטי־מאָראַלישע אינסטיטוציע (14). מיט דריי יאָרהונדערטער פאַר אַריסטאָטעלן, דאָס הייסט בכלל גענומען, אין אַ ווילדערער צייט ווי זיינער, האָט געלעבט ירמיה הנביא. און אָט וואָס ער האָט געזאָגט: „וויי דעם, וואָס בויט זיך הויז מיט אומערלעכקייט, און זיינע אויבערשטובן מיט אומרעכט. וואָס אַרבעט מיט זיין חבר אומזיסט און גיט אים נישט זיין לוין” (ירמיה כ״ב: י״ג). און אָט האָט איר די פּראַכטפולע פסוקים פון איוב, וואָס אויך די היינטיקע ציוויליזאַציע וואָלט מיט נוצן זיך געדאַרפט צו זיי צוהערן: „אויב איך פלעג פאַראַכטן דאָס רעכט פון מיין קנעכט און מיין דינסט אין זייער קריג מיט מיר, וואָס וואָלט איך דען געטון, אַז גאָט זאָל אויפשטיין? און אַז ער וואָלט געמאָנט, וואָס וואָלט איך אים געענטפערט? האָט נישט דער, וואָס האָט מיך אין מוטערלייב באַשאַפן, אים באַשאַפן? און דער אייגענער אים אין טראַכט געפורעמט? (איוב ל״א: י״ג — ט״ו). וואָלט אָבער דאָס אַליין פאַר זיך נישט געווען איבערצייגנדיק און וואָלט, פאַרקערט, געקענט אַרויסרופן דעם איינדרוק, אַז אויך יידישקייט האָט צוגעלאָזט אַ תהום צווישן מאָראַלישע געבאָטן און רעכט־נאָרמען. זעען מיר אָבער, אַז אין פולן הסכם מיט דער דאָזיקער מאָראַל, האָט די תורה, אויף וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט, באַגרענעצט די רעכט פון דעם האַר איבער זיין שקלאַף. נישט אַריינגייענדיק אין פּרטים, וועט גענוג זיין צו דערמאָנען די וויכטיקסטע פון די דאָזיקע באַגרענעצונגען — די שמיטה, אמת גילטיק נאָר פאַרן עבד עברי. נאָך אַ גאַנצע ריי וויכטיקע תקנות לטובת די שקלאַפן זענען איינגעפירט געוואָרן שפּעטער דורך די חכמי־התלמוד (15). אַזוי, אַז די חכמים האָבן

געקאָנט זאָגן, אַז „כל הקונה עבד עברי כקונה אדון לעצמו" (קידושין, כ' א). וויבאַלד ביי יידן זענען געווען איינגעפירט באַגרענעצונגען פון דעם הערשאַפטס־רעכט פון דעם האַר איבער זיין קנעכט, הייסט דאָס במילא, אַז דער לעצטער איז געווען אַ סוביעקט פון געוויסע רעכטן און נישט קיין חפץ, קיין טויטער אינסטרומענט, ווי ביי די געצנדינערס. אָבער נישט בלויז דער עבד עברי, אפילו דער עבד כנעני האָט, לויט דער תורה, נישט פאַרלוירן זיין פערזענלעכקייט, זיין מענטשלעכע איינגנשאַפט. חוץ בנוגע צו שמיטה, איז, לויטן געזעץ, כמעט נישט געווען קיין חילוק צווישן קנעכט, אייגענע און פרעמדע. דאָס יידישע געזעץ האָט, בדרך־כלל פאַר־מולירט, געגעבן חעם האַר געוויסע רעכט אויף דער אַרבעט פונעם קנעכט און אויך די דאָזיקע רעכט זענען נישט געווען קיין אַבסאָלוטע, אָבער נישט אויף זיין פערזאָן. אפילו דער עבד כנעני איז נישט בלויז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מענטש, נאָר אויך אָנדערקענט געוואָרן ווי אַ בירגער, און לאָמיך זאָגן — פון אַ צווייטער מדרגה, אָבער דאָך ווי אַ בירגער. וואָרעם אויך דער עבד כנעני, וויבאַלד ער האָט געדינט ביי אַ יידן, האָט ער זיך שוין געפונען אין דער בחינה פון אַ גר און געמוזט מקיים־זיין די יידישע גרונט־מצוות, ווי מילה, שבת, פסח און אַזוי ווייטער. דאַרף מען נישט באַזונדערס אונטערשטרייכן, אַז, אין הסכם מיטן טעאָ־קראַטישן כאַראַקטער פון דער יידישער מלוכה, האָט טייל־אָנגעהעריקייט צו יידישקייט במילא באַטייט טיילווייזע יידישע בירגערשאַפט. דאַרף מען אָבער יאָ מוסיף זיין, אַז נאָך עד־היום, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָבן נאָך דערווייל די קאָלאָניאַלע, האַלב־פאַרשקלאַפטע פעלקער, מיט קליינע אויסנאַמען אין דער פראַנצויזישער קאָלאָניאַלער אימפּעריע, בכלל קיין שום בירגער־רעכט נישט און געהערן נישט צו דער פעלקער־משפחה.

און כדי עס זאָל נישט בלייבן קיין שום ספק, אַז די געבראַכטע רעלי־גיעז־מאָראַלישע געבאָטן און רעליגיעז־רעכטלעכע נאָרמען זענען נישט געבליבן קיין פוסטער קלאַנג, נאָר האָבן בפירוש משפיע געווען אויפן לעבן, וויל איך נאָר דערמאָנען דאָס רעלאַטיווע אָרט, וואָס שקלאַפן האָבן פאַרנומען אין אַלטערטום ביי אַנדערע פעלקער און ביי יידן. דיווירטשאַפט פון די גריכן און די רוימער און דער וואוילזיין פון זייערע בירגער זענען געווען געבויט אויף שקלאַפן־אַרבעט, בעת ביי יידן האָט זי פאַרנומען אַ גאָר־קנאַפן אָרט אין דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיע פון לאַנד. אין די גריכישע שטעט איז די צאָל שקלאַפן געווען פון פיר ביז פינף מאָל גרעסער, ווי די פרייע מענטשן. אין רוים, רעכנט מען, האָבן די שקלאַפן אויסגעמאַכט

צוויי דריטל, אויב נישט מער, פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. וועגן דער צאָל שקלאַפן ביי יידן האָט מען אַ מער וויניקער גענויע פאָרשטעלונג אין דער צייט פון דער שיבת גולי בבל: זיבן טויזנט דרייהונדערט זיבן און דרייסיק קנעכט זענען צוריקגעקומען פון בבל מיט זייערע יידישע הערן. אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון עפּעס מער ווי צוויי און פערציק טויזנט עולי הגולה מאַכט דאָס אויס סך הכל איין קנעכט אויף פינף־זעקס נפשות. דאַרף מען נאָך מוסיף זיין, אַז אין טיפּן אַלטוערטום פיגורירן יידן נישט ווי שקלאַפן־הענדלער. די דאָזיקע אידעלע מלאכה איז געווען אַ ספּעציאַליטעט פון די כנענים און גריכן.

היוצא מדברינו: אויב דאָס קריסטנטום האָט סאַנקציאָנירט דעם אינסטיטוט פון שקלאַפעריי צווישן די געצן־דינערס, וואו עס האָט געפירט זיין פּראָפּאַגאַנדע פאַרן נייעם גלויבן, האָט עס די דאָזיקע סאַנקציע נישט געקענט געפינען אין יידישע קוואַלן, נייערט עס האָט דעם אינסטיטוט אַריבערגענומען, ווי ער שטייט און גייט, פון די געצן־דינערס, וואָרעם עס האָט גאָרנישט געטראַכט ערנצט צו צעטרייסלען זייער ווירטשאַפטלעכן און סאָציאַלן סדר.

און אַז מיר קענען שוין דעם דאָזיקן פאַקט, וועט אונדז קלאָר ווערן, אַז די מיינונגען פון די אַפּאָסטאָלן וועגן קנעכט זענען נישט געווען גלאַט רייד אין דער וועלט אַריין, נייערט דער אויסדרוק פון זייער אויטענטישער, דורכגעטראַכטער שטעלונג. זאָגט פּאולוס: „קנעכט, זייט געהאָרכזאַם צו אייערע לייבלעכע הערן מיט מורא און ציטערניש, אין איינפאַכקייט פון אייער האַרץ, ווי צו משיחן; נישט מיט דינען לפּנים, ווי די וואָס ווילן געפעלן ווערן מענטשן, נייערט ווי קנעכט פון משיחן, וואָס טוען פון האַרצן דעם רצון פון גאָט, צו טון דעם דינסט מיט חשק ווי פאַר דעם האַר, און נישט פאַרן מענטשן, ווייל איר ווייסט, אַז פאַר דעם גוטס וואָס איטלעכער טוט, וועט אים דער האַר פאַרגעלטן, סיי ער איז פאַרקנעכט, אָדער פריי״ (עפעזער 6 : 5־8). דאָ האָט איר שוין דעם מאָטיוו, וואָס חזרט זיך איבער אין דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע פון אַלע צייטן און ביז צום היינטיקן טאָג, דהיינו, אַז די אָרעמקייט און די ליידן אויף דער וועלט האָבן בכלל נישט קיין גרויסן באַטייט, ווי באַלד דער עיקר איז דאָך די באַלוינונג אויף יענער וועלט, וואָס דער מענטש וועט באַקומען פון גאָט פאַר זיינע מעשים, — אַ מאָטיוו, וואָס האָט אַזוי לאַנג אויפגעהאַלטן און געהאַמעוועט די באַפרייאונגס־שטרעבונגען פון דעם אונטערדריקטן רוב פון די קריסטלעכע פעלקער. און טאָמער וואָלט מען לויט די אָקאָרשט ציטירטע סטראָפן געקענט מיינען, אַז עס רעדט זיך

דאָ נאָר וועגן שקלאַפן, וואָס זענען פאַרקנעכט צו געצן־דינערס, וועט איר ווייטער זען, אַז אַפילו דער חילוק צווישן אייגענע און פרעמדע קנעכט, וואָס מיר האָבן אויבן געטראָפן ביי יידן, עקסיסטירט נישט פאַר פּאַולוסן. לייענט אדרבא: „אַלע וואָס שטייען אונטער דעם יאָך אַלס קנעכט, זאָלן זייערע האַרן ראוי פון יעדן כבוד, כדי דער נאָמען פון גאָט און די לערנונג זאָלן נישט געלעסטערט ווערן. און די וואָס האָבן גלויביקע האַרן, זאָלן זיי נישט האַלטן וויניקער בכבוד צוליב דעם, וואָס זיי זענען ברידער, נייערט זאָלן זיי דינען נאָך בעסער, וואָרעם זיי זענען מאמינים און באַליבט, און מחמת זיי באַמיען זיך צו טון גוטס" (ערשטער בריוו צו טימאטעאוס 6 : 1־2).

די דאָזיקע אידעען פון פּאַולוסן האָבן אויף קיין איין האָר נישט פאַרלוירן זייער גילטיקייט אין שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער. מען האָט געוואָלט זען אין דעם הייליקן אויגוסטין דעם אויסנאַם צווישן די קריסטלעכע טעאָלאָגן, יענעם, וואָס האָט בפועל געוואָלט אַראָפּברענגען דאָס מלכות שמים אויף דער ערד. אפילו וועלס, וואָס האָט בכלל אַ דורכדרינגענדיק קריטיש אויג פאַרן קאַטאָליציזם, זאָגט אויך, אַז די אייראָפּעאישע געשיכטע פון פינפטן ביז צום פופצנטן יאָרהונדערט איז די געשיכטע פונעם דורכפאַל פון הייליקן אויגוסטינס פּרואוו צו גרינדן אויף דער וועלט אַ געטלעכע און יושרדיקע געזעלשאַפט (16). מיר וועלן נאָך שפּעטער זען, אַז די מיינונג, דאָס די לערע פון הייליקן אויגוסטין איז אַ שאַרפער אָפּנויג פון דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע, פאַר און נאָך אים, איז זער שוואַך באַגרינדעט. בלייבנדיק דערווייל ביים ענין שקלאַפעריי, דאַרף מען אָנווייזן, אַז הגם עס איז פאַראַן, אינעם צוגאַנג צום פּראָבלעם, אַ געוויסער פּסיכאָלאָגישער און אידעאָלאָגישער חילוק צווישן אים און דעם שליח פּאַולוס, קומען זיי אָבער ביידע צו דער אייגענער מסקנא, אַז די דאָזיקע אינסטיטוציע איז אין פּרינציפּ אַ באַרעכטיקטע און פון גאָט געוואָלטע. מער נישט וואָס דען, אויגוסטין איז ווייט דערפון זי צו אידעאַליזירן, ווי דאָס טוט פּאַולוס. גאָט, זאָגט ער, האָט דעם מענטשן געגעבן רשות צו „געוועלטיקן איבער די פיש אין ים, און איבער די פויגל פון הימל, און איבער די בהמות און איבער דער גאַנצער ערד, און איבער אַלע שרצים וואָס קריכן אויף דער ערד" (בראשית א : כ"ו), אָבער נישט צו הערשן איבער זיינע מיטמענטשן. דער דאָזיקער נאַטירלעכער סדר איז געשטערט געוואָרן ערשט דורך דער קללה, וואָס נח האָט מיט איר פאַרשאָלטן זיין ייִנגערן זון חם, אַז „אַ קנעכט פון קנעכט זאָל ער זיין ביי זיינע ברידער". קנעכטשאַפט איז בכן אַ רע־

זאָלטאָט פֿון זינד, אַ שטראָף פֿאַר איר. אָבער היות ווי די דאָזיקע שטראָף איז אַ פֿאַרדינטע, ווי איטלעכע שטראָף, וואָס גאָט שיקט אַראָפּ אויף מענטשן, איז בכן אַ פֿאַרברעכן זיך צו בונטעווען קעגן דער אָרדענונג, וואָס גאָט האָט איינגעשטעלט, און דער קנעכט איז מחויב צו געהאַרכן און צו פֿאָלגן זיין האַר (17). דאָ האָט איר פּונקט דעם אייגענעם רעאַלן פּועל־יוצא ווי ביי פּאַולוסן, הגם עס איז קלאָר, אַז אויגוסטין מאַכט דעם דאָזיקן אויספֿיר מיט אַ געבראָכן געמיט. פּסיכאָלאָגיש גענומען, דערנענטערט ער זיך צום אַמאָליקן יידישן קוק אויף שקלאַפֿעריי, ווי ער איז אויסגעדריקט אין דער תורה, אָבער בעת ביי אונדז יידן האָט דער דאָזיקער קוק געפֿירט צו אַ פּראַקטישער געזעצגעבונג אויף צו באַגרענעצן די שקלאַפֿעריי, איז ער ביי אויגוסטין געבליבן נישט מער ווי אַ בלויזער געדאַנק.

זעען מיר טאַקע, אַז כל־זמן די שקלאַפֿעריי האָט עקסיסטירט, און מען פֿאַרגעסט אָפּט אַז, נאָך אין יאָר 1857 האָט דאָס אויבערשטע געריכט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן איינעם באַרימטן פּראָצעס פֿונעם נעגער דרעד סטאָק געפּסקנט, אַז בנוגע צו די רעכט פֿונעם בעל־הבית דאַרף דער נעגער באַטראַכט ווערן ווי אַ חפֿץ (18), אַז ערשט אין יאָר 1865 איז די שקלאַפֿעריי רעכטלעך און ענדגילטיק בטל געוואָרן אין די שטאַטן, האָט די קירך זי געשטיצט מיט איר גאַנצער אויטאָריטעט. קיין חידוש נישט, אַז דער נעגער־שריפֿטשטעלער דיו בוא, אָנווייזנדיק, אַז אין אַמעריקע זענען הן די קאַטוילישע הן די פּראָטעסטאַנטישע קירכן געווען הייסע פֿאַרטיידיקער פֿון שקלאַפֿעריי, דערמאָנט זיך, און מיט אים מסתמא נישט ווייניק פֿאַרביקע מענטשן אויף דער וועלט, וואָס קרעכצן אונטער דעם ווייסן יאָך, דעם באַרימטן באָלשעוויסטישן לאָזונג „רעליגיע איז אָפּיום פֿאַרן פֿאָלק" (19). איז טאַקע דער דאָזיקער סלאָגאַן אַליין פֿאַר זיך פֿאַלש. אָבער עס איז קיין וואונדער נישט, אַז די אונטערדריקטע און פֿאַרשקלאַפֿטע פֿעלקער, וואָס האָבן געזען די רעליגיע אַזוי ווי די קריסטלעכע קירך האָט זי פֿאַרקערפּערט, רעאַגירן אויף אַזאַ אופֿן קעגן רעליגיע בכלל. האָט דאָך די קריסטלעכע רעליגיע אין מיטלעלטער נישט בלויז סאַנקציאָנירט שקלאַפֿעריי ביי יחידים, נאָר טאַקע אַליין גופֿא, די הייליקע, איז זי געווען אַ שקלאַפֿן־באַזיצערקע.

און אַז די שקלאַפֿעריי האָט אָפּגעטרעטן איר אָרט אַלס הערשנדיקע פֿאָרם פֿון עקספּלואַטאַציע, צום לייב־אייגנטום פֿון די פּויערים, זעען מיר ווידער די קירך, ווי זי שטייט אויף דער וואַך פֿון די אינטערעסן פֿון די עקספּלואַטאַטאָרס קעגן די עקספּלואַטירטע. אַפֿילו אַזאַ טיפֿער

קריסטלעכער דענקער, ווי טהאָמאַס פון אַקווינאָ, האָט געהאַלטן, אַז דאָס לייב־אייגנטום איז אַ נאַטירלעכע, דאָס הייסט אַ פון גאָט געהייליקטע אינ־סטיטוציע און בכן טאָר מען זי נישט טשעפּען. אין עלפטן יאָרהונדערט, ווען די גייסטיקע הערשאַפט פון דער קירך איז אין אייראָפּע געווען אומבאַגרענעצט, האָבן נאָך קרוב צו אַכציק פּראָצענט פון דער באַפעלקע־רונג געהערט צו די נישט־פרייע מענטשן. דער אייגענער לאָרד, וואָס הייבט האָט ער געצאַפּט דאָס בלוט פון זיינע פּויערים־קנעכט, געצאַפּט אין ווירטשאַפטלעכן זינען, אָבער גאָר אָפט אויך אין פיזישן, דער פּריץ, וואָס הייבט האָט ער געהרגעט אַ פּויער, האָט זיך מאָרגן, ווי גאָרנישט וואָלט געשען, זיך געלאָזט מיטן צלם קיין ירושלים צו באַפרייען דעם קבר פון זיין משיח. און די קירך האָט אים באַגלייט מיט אירע ברכות. און ווי האָט דאָס געקענט אַנדערש זיין, אַז די קירך גופא איז געווען אַ שותף צו גנבה און גזלה, וואָס האָבן געהערשט אין דער קריסטלעכער פעאָדאַלער געזעלשאַפט. איז דאָך די קירך אַליין געווען דעמאָלט דער גרעסטער לענד־לאָרד און געהאַט אַ גרעסערן לאַנד־באַזיץ ווי אַ וועל־כער נישט איז איינצלנער פּריץ (20). אַ גרויסע צאָל צווישן די פעאָדאַלע לאָרדן זענען חוץ־לזה גלייכצייטיק געווען די האַרן פון דער קירך. אין דער קנאות, מיט וועלכער די קירך האָט גערודפט אין צוועלפטן יאָר־הונדערט די סעקטע פון די וואַלדענזער, האָט געהאַט נישט קיין קליי־נעם חלק, און אפשר טאַקע דעם גרעסטן, נישט אַזוי די דאָגמאַטישע דיפערענצן, ווי די סאָציאַלע טענדענצן פון דער סעקטע, געווענדעט קעגן דער פעאָדאַלער אָרדענונג און קעגן די אייגנטום־אַפּעטיטן פון דער קירך גופא.

מיליאָנען קריסטן קענען אויף אויסנווייניק און זאָגן נאָך דעם באַ־רימטן ישוס שפּרוך: „עס איז גרינגער פאַר אַ קעמל דורכצוגיין אַ לעכל פון אַ נאָדל, איידער פאַר אַן עושר אַריינצוקומען אין מלכות פון גאָט״ (מתיא 19: 24). ווייסן מיר נישט אַקוראַט, ווי עס פירט זיך אינעם קריסטלעכן מלכות־שמים. אָבער וואָס מיר ווייסן יאָ, דאָס איז, אַז זיין מלכות אויף דער ערד האָט אין משך פון גאַנצן מיטלעלטער גע־הערט, און וואָס עס איז ריכטיק פאַר דער דאָזיקער עפּאָכע, איז נאָך אַזיך איצט בדרך־כלל גילטיק, נאָר צו די רייכע און איבערגעזעטיקטע. זיי זענען געווען הן די הערשער אין דער מדינה, הן די מושלים בכיפה אין דער קירך גופא. און ווידער אַמאָל סמאַקעווען מיליאָנען קריסטן און האָבן נאָך דערביי שטאַרק הנאה פונעם אַנטיסעמיטישן ביי־געריך, וואָס טראָגט פון דאָרט, די לעגענדע, ווי אַזוי ישו האָט געמאַכט דעם

ערשטן פּאָגראָם אויף יידישע „רמאים” און „בלוט־זויגערס”, בעת ער
האָט איבערגעקערט אינעם אויסערן פאָר־הויף פון בית־המקדש די טיש־
לעך פון חלפנים און די בענק פון די טויבן־פאַרקויפערס. און ער האָט
צו זיי געזאָגט: „עס שטייט געשריבן, מיין הויז זאָל גערופן ווערן אַ
הויז פון תפילה, איר האָט עס אָבער געמאַכט אַ הייל פון רויבער”
(מתיא 21 : 13). האָט זשאַקע ישו אויסגערייניקט דעם פאָרהויף פון בית־
המקדש פון די גראָשן־געשעפטן. דערפאַר אָבער האָבן זיינע נאָכפאָל־
גערס אַוועקגעזעצט דאָס גאָלדענע קאַלב אויפן טראָן אין די סאַמע
הייליקסטע ערטער פון יעזוס' קירך. די קאָרופּציע האָט אָפט פאַרכאַפּט
אַזש דעם טראָן פון גאָטס שטעלפאַרטרעטער אויף דער ערד, דעם טראָן
פונעם „הייליקן פּעטער”. פּאַקטיש איז יעדע גלחישע שטעלע אין מיטל־
עלטער געווען אַן אָביעקט פון מסחר, אָנגעהויבן פונעם דאָרפישן מעמד
און געענדיקט מיטן עפּיסקאָפּ. בלויז פון די סאַמע גרויסע סקאַנדאַלן
פון קאָרופּציע אין הויכע ערטער זענען געבליבן סימנים אין דער געּ
שיכטע.

ביז איצט איז געווען די רייד וועגן דער קאַטוילישער קירך, ווייל מיר
האַלטן דערווייל ביי דער עפּאָכע, ווען די קירך אין מערב־אייראָפּע איז
נאָך געווען איינהייטלעך. מוז אָבער געזאָגט ווערן, אַז אויך שפּעטער זע־
נען די טענדענצן און פירעכצן, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַרן קאַ־
טאָליציזם, געווען און געבליבן דעטערמינירנדיק פאַרן קריסטנטום
בכלל. קודם־כל מאַכן די קאַטאָליקן אויס אַ העלפט פון די קריסטן אויף
דער וועלט. און אַז מען וויל באַלייכטן די פּרינציפּן פון אַ סיסטעם, זיין
אידעע, מוז מען אים נעמען אין זיין ריינער געשטאַלט. דער פּראָטעס־
טאַנטיזם, אין זיינע הויפּט־שטרעמונגען, איז סוף־כל־סוף נישט מער ווי
אַ פאַרוואַסערטער קאַטאָליציזם. נישט דאָס איז וויכטיק, וואָס דער פּראָ־
טעסטאַנטיזם האָט איבערגענומען די קריסטלעכע גלויבנס־עיקרים, ווי
דאָס גלויבן אין ישו'ן ווי גאָטס זון, די דריי־איינקייט וכדומה. נאָך וויכ־
טיקער איז, וואָס ער האָט אויפגעהיט, הגם מיט געוויסע מאָדיפיקאַציעס,
די יסודות פונעם קריסטלעכן וועלט־באַנעם, אַזוי ווי ער איז אויסגעדריקט
אינעם ברית־חדשה און אין די שפּרוכן און שריפטן פון די שפּעטערדיקע
טעאָלאָגן. האַלט זיך אויך דער פּראָטעסטאַנטיזם ביי דעם עיקר פון דער
„אָריגינעלער זינד”. און פאַר אונדזער ענין מוז באַזונדער אונטערגע־
שטראָכן ווערן, אַז מאַרטין לוטער האָט, נאָך שאַרפער ווי דער קאַטאָ־
ליציזם, אַקצענטירט דעם פּרינציפּ פון שתי רשויות: דעם פּערזענלעכן
גלויבן און דאָס סאָציאַלע לעבן. געהערט דאָך אים די באַרימטע מימרא:

„זאָל קיינער נישט מיינען, אַז ער קען ענדערן די וועלט. זי איז אַלע מאָל שלעכט געווען". דער קריסטלעכער באַגריף פון „דערלייזונג" איז פאַר מאַרטין לוטערן געווען אַן ענין פאַר יעדן יחיד. קריסטוס האָט געזאָרגט פאַר דער נשמה פונעם יחיד, אָבער נישט פאַר דער געזעלשאַפט. מענטשן דאַרפן נישט קלערן וועגן ענדערן דאָס סאָציאַלע לעבן, וואָרעם דאָס איז גאָטס זאַך. מען קען רואיק זאָגן, אַז אויך היינט צו טאָג ליידט דער פראָטעסטאַנטיזם, אַלס גאַנצער, פונעם אייגענעם קאָנפליקט צווישן גלויבן און לעבן, וואָס זיינע קערנדלעך געפינען זיך שוין ביי די ערשטע באַגרינדער פון קריסטנטום. אַז דאָס איז גילטיק עד־היום, האָט איר אַ רייע באַגלויביקטע עדות פונעם פראָטעסטאַנטישן לאַגער גופא. אָט למשל וועל איך דאָ אָנרופן פיער וואַן פאַסען, אַליין אַ פראָטעסטאַנט, און דוקא אַן ערלעכער און מוטיקער פראָטעסטאַנט. זאָגט ער וועגן דער היינטיקער פראָטעסטאַנטישער קירך, אַז זי איז געבליבן געטריי דער טראַדיציאָנעלער נעגאַציע פון די ענינים פון דער וועלט און, ווי דער קאַטאָליציזם, בלייבט אויך די פראָטעסטאַנטישע קירך אין איר הייליקער באַהעלטעניש, ווייט פון די אַלע סאָציאַלע און פּאָליטישע פראָבלעמען, וואָס זענען דער קירך בכלל נישט נוגע (21).

ווי מאַרטין לוטער האָט געדרשנט, אַזוי האָט ער אויך מקיים געווען. בעת אין זיינע יאָרן זענען אויסגעבראָכן פּויערים־בונטן, אינספּירירט גלייכצייטיק פון רעליגיעז־באַנייערישע און סאָציאַל־באַפרייערישע אידעען, האָט ער קעגן זיי אָנגענומען אַ ביטער־קעגנערישע פּאָזיציע. אַז די אויפשטאַנדלערס האָבן געפאָדערט די פאַרטיילונג פון די מאַיאָנטקעס פון דער קירך און פון די פריצים, האָט ער דערקלערט, אַז די רעגירונג דאַרף אָן שום רחמנות אונטערדריקן דעם בונט דורך פייער און בלוט. דאָס שטרעבן פון די פּויערים זיך צו באַפרייען פון לייב־אייגנשאַפט, האָט ער געזאָגט, איז אַנטי־קריסטלעך, ווייל דאָס וואָלט געהייסן צעשטערן אַ געטלעכע אינסטיטוציע. אויב די אויפשטאַנדלערס וואָלטן מנצח געווען, וואָלט דאָס באַטייט, אַז „גאָט איז אַ ליגנער". איז טאַקע ה. דזשיי וועלס לחלוטין גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז פון דעם מאָמענט אָן איז די רעפאָרמאַציע, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ פאָלקס־באַוועגונג, געוואָרן אַ רעפאָרמאַציע לויט די פירשטן (22).

פאַר פּאַולוסן איז די שקלאַפעריי געווען אַ געטלעכע אינסטיטוציע, פאַר מאַרטין לוטערן — דאָס לייב־אייגנטום, און פאַר דער היינטיקער קירך — דאָס קאַפּיטאַליסטישע פּריוואַט־אייגנטום. אין דער באַרעכטיקונג פון פּריוואַט־אייגנטום איז דער פראָטעסטאַנטיזם, ווי ריינהאָלד ניבור האָט

דאָס קלאָר באַוויזן און פֿאָרמולירט, געגאַנגען אַ סך ווייטער פֿונעם קאַטאָליציזם. פֿאַר אַ רייע פֿון די קירך־פֿאָטערס און פֿאַר קריסטלעכע טעאָלאָגן ביז צום שפּעטן מיטלעלטער איז דער פּריוואַטער באַזיץ פֿון נכסים געווען אַן אומפֿאַרמיידלעכער בייז, געקומען ווי אַ רעזולטאַט פֿון זינד. אָבער דער אָרטאָדאָקסאַלער פּראָטעסטאַנטיזם, בפֿרט קאַלווין, האָט שוין דעם דאָזיקן דואַליזם אַוועקגעוואָרפֿן. פֿאַר קאַלוויניען איז רייכטום אַ ברכה פֿון גאָט און נישט אַ רעזולטאַט פֿון רויב און אָפּנאַרעריי, אַפֿילו נישט קיין צופֿאַל. אויב גאָט האָט באַשאָנקען מיט רייכקייט דעם און נישט יענעם, איז דאָס כּדי אים צו געבן די געלעגנהייט צו טון גוטס דורך צדקה. „אָט אַזוי, זאָגט ריינהאָלד ניבור, האָט דער קאַלוויניזם געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿאַר דעם בורזשואַזן און פּלוטאָקראַטישן אידעאַליזם, וואָס ביי אים ווערט די פֿילאַנטראָפּיע צו אַ פּאָרוועגטל אויף צו פֿאַרשטעלן אומגערעכטיקייט" (23). קיין חידוש נישט, אַז בעת עס איז אויפֿגעקומען די מאָדערנע באַפֿרייאונגס־באַוועגונג פֿון דעם אַרבעטס־פֿאָלק, האָבן די קירכן, אַלע קירכן מיט גאָר קליינע אויסנאַמען, זיך געשטעלט בפֿירוש פֿיינטלעך קעגן איר, און תמיד — צוליב די אייגענע רעליגיעזע מאָטיוון. דער פּויפּס לעאָן דער 13טער האָט כמעט אויפֿן שוועל פֿון אונדזער יאָרהונדערט אין זיין באַרימט־געוואָרענער ענציקליקע „רערום נאָוואַרום", וואָס מען האָט שפּעטער באַצייכנט ווי די „סאָציאַלע מאַגנאַ קאַרטאַ פֿונעם קאַטאָליציזם" און דעם פּויפּס אַליין פֿאַרשריען שיר נישט פֿאַר אַ סאָציאַליסט, פֿאַרן „פּויפּס פֿון די אַרבעטער", דאָרט בפֿירוש דערקלערט, אַז דאָס פּריוואַט־אייגנטום שטאַמט פֿון גאָטס ווילן. ער האָט נאָר אַפּעלירט צו די קריסטלעכע געפֿילן פֿון די בעלי הבתים, זיי זאָלן אַרויסווייזן אַ מענטשלעכע באַציאונג צו זייערע אַרבעטער. פֿאַר פּיוס דעם 11טן איז קריסטלעכער סאָציאַליזם אַ תּרתּי דסתרי. נאָך היינט צו טאָג הערט איר דעם זעלבן ניגון פֿון דעם ענגלישן קאַטוילישן שרייבער בעללאָק. דאָס פּריוואַטע אייגנטום איז פֿאַר אים אַ תּנאַי פֿון פּערזענלעכער פֿרייהייט, און סאָציאַליזם — די פֿאַרשקלאַפֿונג פֿון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט (24). און פֿאַרן קאַטוילישן פּאָעט־דענקער פּראַנץ ווערפֿעל (זיין יידישער אָפּשטאַם האָט דאָ גאָרנישט נישט וואָס צו זאָגן) איז דער סאָציאַליזם אַפּיקורסות פֿון רעליגיעזן שטאַנדפּונקט געזען. פּונקט, זאָגט ער, ווי מיך הויט געהערט צו מיר, הגם נישט איך האָב זי געמאַכט, אַקוראַט אַזוי איז הייליק מיין אייגנטומס־רעכט אויף אַלץ, וואָס איך באַזיץ, מעג דאָס נישט זיין קיין פּראָדוקט פֿון מיין אַרבעט. דער לאָזונג „ווער עס אַרבעט נישט, זאָל נישט עסן", איז אין זיינע אויגן אַ

סאַדיסטישער און רעדוצירט די מעטאַפיזישע חשיבות פון לעבן צו עקאָנאָמישער ווערטלאָזיקייט (25). הערביי האָט דער קאַטויליש־גאָטפּאָרטטיקער פראַנץ ווערפעל משמעות פאַרגעסן, אַז נישט קיין אַנדערער ווי דער אַפּאָסטאָל פּאַולוס איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פּראָקלאַמירט: „אויב אימיצער וויל נישט אַרבעטן, זאָל ער אויך נישט עסן“. (טעסאַלאָניער ב, 3: 10). דאָ האָט איר אַ גלענצנדיקע אילוסטראַציע, ווי די קריסטלעכע הימל־גייסטיקייט, אָפּגעזונדערט פון דער ערדישער מאַטעריע, זינדיקט קעגן דעם לעבעדיקן מענטשן, קעגן די עלעמענטאַרסטע תנאים פון מענטשלעכער עקסיסטענץ און קעגן זיין באמת געטלעכן שטרעבן צו גערעכטיקייט. כל די רשעות פון דער וועלט קענען זיך אַזוי טיף און באַקוועם איינגראָבן אין דעם זיכערן שוץ־גרוב פון דער נאַקעטער גייסטלעכקייט.

געוויס זענען פאַראַן אויסנאַמען אין דער קריסטלעכער קירך. זיי זענען פאַראַן קודם־כל צווישן דעם פשוטן גלויביקן עולם, אָבער אויך — צווישן די באַטייטנדיקע פיגורן פון דער קירך, אַזעלכע וואָס ווילן באמת ובלב תמים אַריינברענגען אַ ביסל זונטאָגדיקייט אין דער קריסטלעכער וואָך, באַשיינען דאָס לעבן מיט אַ שיין פון הייליקייט. גענוג צו דערמאָנען ריינאָלד ניבור אין אַמעריקע, דעם דעקאַן פון קענטערבורידי דזשאָנסאָן און דעם פאַרשטאָרבענעם וויליאַם טעמפּעל, דעם אַרציבישאָף פון קענטערבורי — אין ענגלאַנד, זשאַק מאַריטען — אין פראַנקרייך (26), קאַרל באַרט — אין שווייץ און אַזעלכע רעליגיעזע דענקערס צווישן די רוסן ווי וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו, ניקאָליי בערדיאַעוו און נאָך אַנדערע. אָבער דאָס זענען איינזאַמע „ווייסע ראָבן“ און עס איז זיי נישט געגעבן צו ענדערן דאָס פנים פון קריסטנטום, דעם היסטאָרישן אודאי נישט, אָבער אויך נישט דעם מאָדערנעם. זאָל, זאָגט האַראָלד דזשיי לאַסקי, אַ גלח אָדער אַ פּאַסטאָר אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן, וואָס דרשנט וועגן אַ סינטעז פון רעליגיע און סאָציאַליזם, נעמען די זאַך ערנצט, פּראַקטיש און זיך שאַרף אַנטקעגנשטעלן דעם איצטיקן קאַפּיטאַליסטישן סדר, אַנטקעגן דעם פאַרגעטערטן „אַמעריקאַנער לעבנס־אופן“ פאַרבונדן מיט דעם הייליקן פּרינציפּ פון „פרייער אונטערנעמונג“, וועט זיך אַזעלכער לאַנג נישט האַלטן (27). מען וועט אים זיכער נישט מוחל זיין דאָס, וואָס מען איז מוחל אימיצן, וואָס רעדט בלויז טעאָרעטיש און גלאַנצנדיק די אויגן צום הימל וועגן דער אומיושרדיקייט פונעם עקסיסטירנדיקן סאָציאַלן סדר.

פונקט אַזוי ווי די קירך האָט שלום געמאַכט מיט יעדן סאָציאַלן סדר

און מיט די וואָס פּראָפּיטירן דורך אים, אַקוראַט אַזוי האָט זי פון אָנהויב אָן געבענטשט יעדן פּאָליטישן רעזשים. וואָס דעספּאָטישער ער איז געווען — אַלץ בעסער, אַבי נאָר ער האָט איר אַליין, דער קירך, געגעבן געניג פרייהייט און מאַכט איבער אירע „שעפּעלעך". דאָס איבעריקע איז איר נישט נוגע, וואָרעם פּאָליטיק איז נישט איר זאַך, זי איז פּאָליטיש, פּונקט ווי סאָציאַל, „נייטראַל". די דאָזיקע נייטראַליטעטס־פּאָזיציע האָט שוין פאַרנומען ישו אַליין אין זיין ציטירטן שפּרוך וועגן גאָט און צעזאַר. אין זיין דראַמאַטישן דיאַלאָג מיט פּילאַטוס זאָגט ער צו אים: „דו וואָלסט נישט געהאַט קיין מאַכט איבער מיר, ווען זי וואָלט דיר נישט געגעבן געוואָרן פון אויבן" (יוחנן 19 : 11). דאָ האָט איר שוין נישט פּשוט דאָס אונטערגעבן זיך דער מאַכט און אירע געזעצן, ווי יידן, למשל, האָבן דאָס געמוזט טון לעבנדיק אין גלות אונטער אַ פרעמדער הערשאַפט, נייערט אַ הכנעה פאַר דער מאַכט, ווייל זי קומט פון אויבן, איר רעליגיעזע אָנדערקענונג, ווייל זי אַליין איז פון געטלעכן אָפּשטאַם. אָט דעם מאָטיוו, ווי אַלע אַנדערע גרונט־מאָטיוון פון קריסטנטום, האָט ברייטער און קלאָרער פאָרמולירט פּאַולוס: „זאָל יעדע נשמה זיין אונטערטעניק דער אויבערשטער מאַכט. וואָרעם עס איז נישט דאָ קיין מאַכט, וואָס איז נישט פון גאָט . . . דערום, דער וואָס שטעלט זיך קעגן דער מאַכט, ווידערשפּעניקט דעם באַפעל פון גאָט, און די וואָס ווידערשפּעניקן וועלן ברענגען אויף זיך שטראָף" (רוימער 13 : 1־2). און שמעון־פּעטרוס דערלאַנגט אים די רעפּליקע: „זייט אונטערטעניק יעדער מענטשלעכער פאַראָרדענונג פאַר דעם האַרס וועגן, סיי דעם מלך ווי אַ העכסטן, אָדער די שטאַטהאַלטערס, וואָס זענען פון אים געשיקט געוואָרן צו באַשטראָפן די, וואָס טוען שלעכטס און צו לויבן די, וואָס טוען גוטס" (ערשטער בריוו פון פּעטרוס 2 : 13־14).

עס האָט זיך געקענט דוכטן, אַז דער הייליקער אויגוסטין, דער גרעסטער קריסטלעכער דענקער פון אַלע צייטן, האָט אַריינגעטראָגן אַ געוויסן דיסאָנאַנס אינעם דאָזיקן כאָר, וואָס גלאָריפיצירט די מאַכטהאָבערס פון דער וועלט, פון וואַנען זייער מאַכט זאָל נישט שטאַמען און מיט וואָס פאַר אַ מיטלען זיי זאָלן נישט האָבן דערלאַנגט צו איר. עס איז אמת, אַז פּונקט ווי אין דער פראַגע פון שקלאַפעריי, האָט אויגוסטין אויך דאָ געהאַט אַ ריינערן, אידעאָלאָגיש מער דערהויבענעם צוגאַנג. אויב דעם מענטשן איז אין דער מחשבה פון דעם בורא עולם נישט געגעבן געוואָרן, לויט אויגוסטין, ווי מיר האָבן שוין אויבן געזען, צו געוועלטיקן איבער אַנדערע מענטשן, האָט די מלוכה, וועלכע איז דאָך אין תוך

די פאַרקערפּערונג פון הערשאַפט איבער מענטשן, בכלל נישט קיין רע־ליגיעזע באַרעכטיקונג. נישט אומזיסט שטרייכט אויגוסטין אַזוי שטאַרק אונטער די דערציילונג פון חומש, אַז דער ערשטער גרינדער פון אַ שטאָט (סיטי) איז געווען דער ברודער־מערדער קין. אַ מלוכה אָן גע־רעכטיקייט, און אַלס אַזוינע באַטראַכט אויגוסטין די רוימישע אימפּע־ריע און די איבעריקע קיניגרייכן פון אַלטערטום, איז לויט אים נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ גרויסע אָרגאַניזירטע מערדער־באַנדע. אמת, זי ווערט רעגירט דורך געוויסע געזעצן. אָבער די גנבים־באַנדעס האָבן אויך געוויסע כללים, וואָס רעגולירן די באַציאונגען פון די איינצלנע מיט־גלידער און דעם סדר פון זייער געזעלשאַפט. אויגוסטינס אידעאַל איז די „ציוויטאַם דעאי". אָבער, פּונקט ווי שקלאַפערײַ, איז אויך די מלוכה־גוואַלט אַ רעזולטאַט פון זינד און במילא וועט זי אַזוי לאַנג הערשן, ביז די זינד וועט נישט פאַרשווינדן פון דער וועלט, ערשט אינעם טאָג פון דעם לעצטן „יום־הדין". ביז דעמאָלט, ביז דאָס מלכות־שמים וועט נישט אַראָפּניזערן אויף דער ערד, מוז מען שלום מאַכן מיטן צייטווייליקן ערדישן מלכות, בתנאי ער זאָל נישט שטערן די בירגער צו דינען גאָט דעם איינאיינציקן, אַ תנאי, וואָס אַן אָפּקלאַנג פון אים וועלן מיר נאָך שפּעטער הערן ביי קאַלווינען. דער דואַליזם צווישן דעם ערדישן און הימלישן קיניגרייך ציט זיך ווי אַ רויטער שנור אינעם הויפּט־ווערק פון אויגוסטין, אָבער אויך ביי אים הערט דער דאָזיקער דואַליזם אויף, ווי נאָר עס קומט צו דער פּראַקטישער הנהגה. אויך ער באַטראַכט דאָס ווי אַ חוב פון איטלעך־גלויביקן זיך אונטערצואוואַרפן מיטן גוטן ווילן אַלע געזעצן און באַפעלן פון דער מאַכט אין איר קאָמפּעטענץ־געביט, דאָס הייסט אין אַלץ, וואָס איז נוגע שלום און אָרדענונג פון דעם מענטשנס קורצן שטאַרבלעכן לעבן, מיט אַנדערע ווערטער — אין אַלע ענינים פון דער וועלט (28).

דאָס דאָזיקע אונטערגעבן זיך צו דער מאַכט און איר פאַרהייליקונג זענען געבליבן אַ כאַראַקטעריסטישער גרונטשטריך פון קאַטאָליציזם, און נישט בלויז פון דער רוימיש־קאַטוילישער קירך, נייערט אויך פון דער גריכיש־קאַטוילישער, ביזאַנטישער קירך פון די סלאַווישע לענדער, בפרט פונעם גרעסטן צווישן זיי — רוסלאַנד. דאָרט האָט זיך די דאָזיקע טענדענץ באַזונדערס געשטאַרקט זינט פּעטער דער גרויסער האָט בטל געמאַכט דעם פּאַטריאַרכאַט און איינגעפירט דעם הייליקן סינאָד אונטער דער אָנפירונג און השגחה פון אַ רעגירונגס־ביוראָקראַט — דעם אויבער־פּראָקוראָר. קיין וואונדער נישט, אַז די פּראַוואָסלאַווע קירך איז געוואָרן

אַ פּשוט וועדקציייג אין די הענט פון צאַריזם און דאָס זי האָט געשטיצט זיין דעספּאָטיזם, ווי גרויזאַם ער זאָל נישט האָבן געווען און ווי שרעקלעך דאָס פאָלק האָט פון אים נישט געליטן. און בעת די פּראַוואָסלאַוונע קירך האָט יאָרן נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע, איינגעזען, אַז כלו כל הקצין אוו אַז די האָפענונג אויף אַ קאָנטער-רעוואָלוציע איז פאַרשוואונדן און אַז עס איז במילא נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי שלום צו מאַכן, מיט פאַרביסענע ציין, מיטן סאָוויעט-רעזשים, האָט זי קיין אַנדער תירוץ אויף אירע אַמאָליקע חטאים און קיין אַנדערע פאַרענטפערונג פאַר איר איצטיקער תשובה נישט געפונען, ווי די טראַדיציאָנעלע נייטראַלקייט פון דער קירך בנוגע צו פּאָליטישע רעזשימען. און די מחברים פון דעם מעמאָראַנדום צו דער סאָוויעט-רעגירונג האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרגעסן צו ציטירן דעם באַרימטן ישו-שפּרוך וועגן צעזאַר, וואָס מיר האָבן דאָ שוין אַ פּאָר מאָל געבראַכט (29). דער פּראָטעסטאַנטיזם פון זיין זייט האָט בפירוש געזען אין דער מלוכה אַ רעליגיעזע אינסטיטוציע. אין דער „אויגסבורגער קאָנפעסיע” ווערט די מלוכה דערקלערט, צו גלייך מיט דער קירך, פאַר אַ ברכה פון זיין ליבן נאָמען. צוביידן בכן דאַרף מען זיך באַציען מיט ערפורכט. און קאַלווין איז געגאַנגען נאָך ווייטער. די מלוכה איז פאַר אים העכער איבערהאַר איבער דער קירך, און, פאַרקערט, קען די קירך נישט פּרעטענדירן צו האָבן אַ וועלכע נישט איז שליטה אויף דער מלוכה. זיך בונטעווען קעגן דער רעגירונג, הייסט זינ־דיקן קעגן גאָט. ווייל אַפילו אויב ער האָט אין דעם אָדער אין יענעם לאַנד אַוועקגעזעצט אַ רשע אויפן טראָן, האָט ער עס זיכער געטון מיט דער כונה צו באַשטראָפן די בירגערס פאַר זייערע שווערע זינד. אין איין איינציקן פאַל, און דאָס איז נישט ווייניקער כאַראַקטעריסטיש ווי זייער גאַנצע לערע וועגן מלוכה און קירך, דאַרף דער מענטש, לויט קאַלווינען, זיך אַנטקעגנשטעלן דעם מושל — אויב ער איז אַן אַפּיקורס. טשעפּעט ער נישט די אמונה, האָט ער, קומט אויס, אַ פרייע האַנט פאַר גזילה און רציחה און פאַר אַלע רשעות, וואָס זיין האַרץ גלוסט. אַזאַ איז געווען די שטעלונג פון גאַנצן פּראָטעסטאַנטיזם, מיטן אויסנאַם פון קליינע סעקטעס, ווי למשל די דייטשע אַנאַבאַפּטיסטן, די מענאָניטן וכדומה, וואָס זייער איינפלוס איז געווען באַגרענעצט אויף אַ גאָר קליינער צאָל סעק־טאַנטן.

אין ניינצנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט אין געוויסע מאָמענטן זיך געקענט דוכטן, אַז די קירך, בפרט די קאַטוילישע, טרעט אָפּ פון עם אַלטן וועג און וויל ווערן אַקטיוו אינעם סאָציאַל-פּאָליטישן לעבן. דאָס

איז געווען דעמאָלט, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן פֿאָרמירן אין אַ רייע אייראָפּעאישע לענדער קאַטוילישע פּאַרטייען, די „קריסטלעך־סאָציאַלע" אין עסטרייך, דער „צענטער" אין דייטשלאַנד, די „קאַטוילישע פּאַרטיי" אין בעלגיע, די „פּאָפּולאַרי" אין איטאַליע און אַזוי ווייטער. פֿאַר אונדזער טעמע איז נישט וויכטיק, וואָס דאָס פּראָגראַם פֿון די דאָזיקע פּאַרטייען איז על־פּי רוב געווען אין סאָציאַלן זינען רעאַקציאָנער און אין פּאָליטישן, אַנטי־דעמאָקראַטיש. אָבער דער פֿאַקט גופֿא, וואָס דער קאַטאָליציזם, ווי מען האָט געקענט מיינען אויבנאויפֿיק, האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון נייטראַליטעט, וואָלט געקענט אויסזען ווי אַ נעגאַציע פֿונעם טראַדיציאָנעלן פּרינציפּ פֿון צוויי באַזונדערע ספֿערן. אָבער דאָס האָט נאָר אַזוי אויסגעזען. די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג האָט באַוויזן, אַז די דאָזיקע פּאַרטייען זענען געשאַפֿן געוואָרן נישט אַזוי מיט דער כוונה צו ווירקן אויף דעם סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן אין אַ באַשטימטן גייסט, נייערט מיטן צוועק צו דינען ווי אַ שטאַרקע שטיץ פֿאַר דער קירך אין איר קאַמף פֿאַר מאַכט און אויטאָריטעט אין איר באַגרענעצטן געביט פֿון אמונה־ענינים. והראיה, אַז ווי נאָר זיי האָבן דעם דאָזיקן צוועק נישט געקענט דינען אָדער גאָר אים שאָדן ברענגען, האָט דער וואַטיקאַן אַליין זיי באַפֿוילן זיך פֿונאַנדערצוגיין. אַז מוסאָליני איז געקומען צו דער מאַכט און זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד פֿון דאָן שטורצא און פֿון זיין פּאַרטיי די „פּאָפּולאַרי", אַ קאַטוילישע פּאַרטיי, מער־ווייניקער דעמאָקראַטיש מיט אַ פּראָגראַם פֿון אַגראַר־רעפֿאָרמען, האָט ער, משמעות אַ גוטער קענער פֿונעם גייסט פֿון קאַטאָליציזם, תיכף באַגריפֿן, אַז אַנשטאָט ער זאָל נעמען אויף זיך אַליין דעם אָדיום פֿון אַ מלחמה מיט אַ קאַטוילישער פּאַרטיי, וועט דאָס דער פּויפּס מאַכן גרינגלעכער און לייכטער און אַליין דערלאַנגען דער דאָזיקער פּאַרטיי דעם גנאָד־קלאַפּ. און אַזוי האָט טאַקע דער פּויפּס געטון, ווי נאָר מוסאָליני האָט אים צוגעזאָגט געוויסע הנחות אויף אָפּצודאַנקען פֿאַר דער טובה, ווי דהיינו: ווידער דערלויבן אויפֿצוהענגען דעם צלם אויפֿן קאָליזיי און אין די מלוכה־שולן און איינצופֿירן אין די לעצטע דעם לימוד פֿון קאַטעכיזיס. דער פּויפּס האָט געגעבן צו פֿאַרשטיין דעם גלח דאָן שטורצא, אַז צווישן זיין גלחות און פּאַרטיי־לידערשאַפֿט ליגט אַן אומפֿאַרמיידלעכער קאָנפֿליקט. און דאָן שטורצא איז נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה ווי זיך צוריקצוציען פֿון פּאָליטישער עסקנות, און דער קאַטוילישער מאַסע — צו פֿאַרבייסן די ציין און צו שווייגן (30).

פּונקט אַזאַ מעשה איז זיך פֿאַרלאָפֿן מיטן דייטשן „צענטער", וועל־

כער האָט זיך אַליין אויפגעליזט שוין אין יולי 1933 „אין הסכם מיטן רייכסקאַנצלער היטלער״. באַמערקט וועגן דעם אויסגעצייכנט דזאָרדזש סעלדעס, דער מחבר פון אַן אויספירלעך בוך וועגן דער געשיכטע און דער איצטיקער סיטואַציע פונעם וואַטיקאַן : „די קאָמוניסטישע און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען איז היטלער בייגעקומען מיט פייער און שווערד, די הוגענבורג־נאַציאָנאַליסטן — מיט אינטריגעס, די קאַטאָליקן — דורך אַ הסכם מיטן וואַטיקאַן״. און דער מקח, וואָס היטלער האָט געדאַרפט באַצאָלן, איז געווען לערך דער אייגענער ווי ביי מוסאָליני : אָבליגאַטאָרישער לימוד פון קאַטעכיזיס אין די פאָלקס־שולן און קאָנצעסיעס פאַר רעליגיעזע אַסאָציאַציעס בתנאי, ווי עס איז געזאָגט אין קאָנקאָרדאַט, וואָס ער האָט געשלאָסן מיטן וואַטיקאַן, זיי זאָלן בלייבן רואיק אין זייער ווינקל און זיך נישט מישן אין פּאָליטיק. דער דעמאָלטיקער קאַרדינאַל פּאַטשעלי, דער איצטיקער פּיוס דער 12טער, האָט אין אַ ספּעציעלער דעקלאַראַציע זיך געמוזט פאַרענטפערן פאַרן דאָזיקן אַקט פון פאַרלאָזן זיינע „שעפעלעך״ אין דייטשלאַנד, דערקלערנדיק, אַז ער איז געווען לטובת די אינטערעסן פון דער רעליגיע און דער קירך. און דער מינכענער קאַרדינאַל פאולהאַבער, וואָס די פּרעסע פון די דעמאָקראַטישע לענדער האָט אים געמאַכט אַ רעקלאַמע פון אַ ליבעראַל, האָט אין אַ רעדע אויפן קאַטוילישן קאָנגרעס אין דייטשלאַנד זיך דערקלערט פאַר אַן אָנהענגער פון היטלערס טאָטאַליטאַרער מלוכה. דער אַפּאָסטאָל פּעטער האָט דריי מאָל פאַרלייקנט זיין משיח איידער דער האָן האָט געקרייט. אַזוי גיך איז דער, וואָס זיצט אויף זיין טראָן אין רוים, נישט געגאַנגען. אָבער צוויי מאָל אין אַ קורצער צייט האָט ער זיין מיסיע אויף דער ערד פאַרלייקנט און, לויט זיין אייגענעם אויסדרוק „פאַרהאַנדלט מיטן טייוול״, כדי צו ראַטעווען „קריסטלעכע נשמות״, ריכטיקער — אויפצוהיטן די מאַכט־פּאָזיציע פון דער קירך. און איינער פון די דאָזיקע טייוואָלים, מוסאָליני, איז שפּעטער פון פּיוס דעם 12טן אָנגערופן געוואָרן „דער מאַן, וואָס די השגחה אַליין האָט אים געשיקט״.

די קאַטוילישע קרייזן האָבן פאַראיבל, אַז מען ווייזט זיי אָן אויף די דאָזיקע שוואַרצע פלעקן, וואָס די פריינדשאַפט מיט היטלערן און מוסאָליני האָט איבערגעלאָזט אויף דער קירך. זיי וואָלטן גרייליך וועלן אויסמעקן זיי, קיין זכר זאָל נישט בלייבן. און שטעלט זיך פאַר, אַז עס געפינען זיך אויך יידן פון אַ געוויסן סאָרט, וואָס העלפן זיי לשמה אין דער דאָזיקער פעלשונג פון געשיכטע. מען קען זיך גאָרנישט אָנלויבן פונעם היינטיקן פּויפּס, באשר בכן עפּעס מער ווי טויזנט יידן, מסתמא

גרויסע בעלי־מזלות, וואָס האָבן געקענט געפינען פּראָטעקציעס אָדער אַנדערע מיטלען זיך צו באַהאַלטן אין דער וואַטיקאַן־שטאָט, האָבן זיך אין זייער זכות געראַטעוועט. מען פאַרגעסט אָבער, אַז דער פּויפּס, ווען ער וואָלט געוועז דאָס, וואָס ער פּרעטענדירט צו זיין — דער שטעלפאַרטרעטער פון דעם משיח אויף דער ערד, וואָלט ער געקענט ראַטעווען הונדערטער טויזנטער, אויב נישט מיליאָנען, אומשולדיקע לעבנס, בפרט יידישע. וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די טויזנט יידן און די פּאָר טויזנט יידישע קינדער געראַטעוועטע אין קלויסטערס, צום טייל מיט דער פרומער כוונה אויף שמד, אַנטקעגן די מאַסן־שחיטות, וואָס דער פּויפּס האָט צוגעלאָזט און מיט זיין עפנטלעכן שווייגן סאַנקציאָנירט. ווי מייראָן טיילאָר, פּרעזידענט רוזוועלטס פּערזענלעכער פאַרטרעטער ביים פּויפּס, האָט איבערגעגעבן, האָט דער לעצטער שוין אין יאָר 1942 געוואוסט, וואָס מען טוט מיט יידן אין פּוילן. האָט ער זיך געווענדעט עפנטלעך, און ער וואָלט דעם וועג ביים גוטן ווילן געפונען, צו פּאָליאַקן, גאַליצישע אוקראַינער, ליטווינער און דייטשע קאַטאָליקן, זיי צו דערמאָנען די עשרת הדברות און אפשר גאָר וואָרענען מיט אַזוינע סאַנקציעס, ווי עקסקאָמוניקאַציע, פאַר וועלכע גלויביקע און אָבערגלויביקע קאַטאָליקן האָבן דאָך נאָך אַ ביסל מורא. און שוין לאחר המעשה, נאָכן קריג, ווייסט איר כאָטש פון איין פאַל, די קירך זאָל אַריינלייגן אין חרם פאַר העלפן מאָרדן יידן, דאָרט וואו די האַנט פון דער וועלטלעכער מאַכט האָט נישט דערלאַנגט? דעם סלאָוואַקישן רוצח טיסאָ, וואָס נישט ווייניק בלוט ליגט אויף זיינע הענט, האָט ער דערהויבן צום ראַנג פון אַן עפּיסקאָפּ. און אויב דער פּויפּס האָט געגעבן שוץ אַ געוויסע צאָל יידן, האָבן אָבער זייערע דירעקטע און אומדירעקטע מערדערס אויך געפונען אַזיל אין וואַטיקאַן. קלינגט עס, ווי אַ חוזקדיקע און ביטערע איראָניע, ווען מען דערהויבט ביי אונדז יידן דעם קריסט און מען וואַרפט אַרויף אַלע זינד אויפן אַנטי־קריסט, בעת אין דער אמתן האָבן זיי אַ באַזונדערע עקסיסטענץ בלויז אין דער קריסטלעכער פאַנטאַזיע, וואָרעם אין דער רעאַליטעט לעבן זיי צוזאַמען, כמעט פון אָנהייב אָן, ווי צוויי טייבעלעך. ווען די קירך, זאָגט פּראָפ׳ הערפאָרד, אַליין אַ קריסט, וואָלט מיט מענטשן, וואָס האָבן זיך שלעכט געפירט קעגן מיטמענטשן, זיך אַזוי באַנומען, ווי זי האָט דאָס געטון מיט אפיקורסים, וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט קעגן גלויבן אָדער קעגן איר גופא, וואָלט די געשיכטע פון קריסטנטום גאָר אַנדערש אויסגעזען. קיין קריסט איז נאָך נישט פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטער־הויפן פאַר אַ שלעכטער לעבנס־פירונג (31). אָבער וויפיל האָבן

דאָרט זייער לעבן פאַרלוירן פאַר דער העזה צו צווייפלען אין זייער אויטאָריטעט פון דער קירך און פון אירע מושלים, ווייסן מיר אַלע.

אַט אַזוי זעען מיר ווי דער קאַטאָליציזם, אין אַ גרויסער מאָס — דאָס קריסטנטום בכלל, לעבט זיך איין מיט יעדן פּאָליטישן סדר, בלייבנדיק געטריי דער חלוקה צווישן גלויבן און סאָציאַלן לעבן, דעם פּרינציפּ, וואָס דער „גרויסער" פּויפּס לעאָן דער 13טער האָט אַזוי קלאָר פאָרמולירט, ווי אַ פאַרביסענער שונא פון קריסטנטום וואָלט עס נישט געקענט טון בעסער. „גאָט דער אַלמעכטיקער, זאָגט ער אין איינע פון זיינע ענציקליקעס, האָט פאַרטיילט די זאָרג וועגן דער מענטשלעכער ראַסע צווישן צוויי מאַכטן, די גייסטיקע און די וועלטלעכע (בירגערלעכע). די איינע איז אַ ממונה אויף דעם געטלעכן, די אַנדערע — אויף מענטשלעכע עקסיסטענצן. איטלעכע מאַכט איז אויף איר אופן די העכסטע".

און אויב איך וואָלט צום סוף געוואָלט דורך איין פאַקט וואַרפן אַ העל ליכט אויפן קריסטנטום, ווי אַ לעבנס־באַנעם, און גלייכצייטיק אויפן פונדאַמענטאַלן חילוק צווישן אים און יידישקייט, וואָלט איך אָנגעוויזן אַט אויף וואָס. דאָס קריסטנטום האָט קיינמאָל נישט געפרואווט באַשאַפן זיין אייגענעם רעכט־סיסטעם, אין פולן הסכם מיט ישוס סענטענץ: משפט נישט כדי מען זאָל אייך נישט משפטן (מתיא 7. 1, לוקא 6 : 37). (דאָס קאַנאָנישע רעכט האָט, מיטן אויסנאַם פון חתונה און גט־דינים און פון איניקע געזעצן צום שוץ פון יתומים און אַלמנות, פאַר וועלכע די קירך האָט טראַדיציאָנעל געהאַט אַ ספּעציעלן אינטערעס, זיך באַגרענעצט אויף נאָרמען, וואָס האָבן געדאַרפט רעגולירן די אינעווייניקסטע באַציאונגען אין דער קירך־אָרגאַניזאַציע גופא, און אויף באַגרענעצונגען קעגן יידן).

יוליאַן דער אַפּטריניקער, זאָגט די לעגענדע, האָט פאַר זיין טויט אויסגעשריען: „דו האָסט מיך באַזיגט, מאַן פון גליל". איז דאָס טאַקע אַ פיינע לעגענדע. באמת איז אָבער וועלס גערעכט, אַז אין קריסטנטום פון יענער צייט האָט זיך מער געשפּירט דער גייסט פון רוימישן אימפּעראַטאָר, קאָנסטאַנטין דעם גרויסן ווי פון יעזוסן (32). נאָר מילא, וועלס, וועט מען זאָגן, איז אַ הערעטיק, בכן נישט קיין באַגלויביקער עדות, בעת עס רעדט זיך וועגן קריסטנטום. וועט אָבער זיכער קיינער נישט חושד זיין אין אפּיקורסות דעם טרייען דינער פון דער קירך, פּילקינגטאָן, דעם ענגלישן איבערזעצער פון די „קאָנפעסיעס" פון הייליקן אויגוסטין. הגם ער האַלט, אַז די געשיכטע פון קריסטנטום איז

אַ שטענדיקער און פעסטער בייקומען פונעם פּאַגאַניזם, מוז ער פונדעסט־וועגן מודה זיין, אַז דאָס קריסטנטום האָט אין זיך תמיד אַריינגעזויגן געצנדינערישע עלעמענטן, אין געוויסע פּעריאָדן — אין אַ גאָר היפּשער מאָס (33). איז טאַקע באמת רוים אַרויס דער זיגער און באַצאָלט סך־הכל מיט ווערבאַלע דאָגמאַטישע קאָנצעסיעס, כדי צו ראַטעווען דאָס וויכ־טיקסטע: זיין רעכט־ און רעגירונגס־סיסטעם. ביידע געבויט אויף מאַכט און גוואַלט. דאָס דאָזיקע רעכט, האָט זיך אין מיטלעלטער פאַרשפּרייט כמעט איבער גאַנץ אייראָפּע און זיין גייסט לעבט נאָך עד־היום צווישן די קריסטלעכע פעלקער פון דער וועלט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די געזעץ־ביכער זענען אינצווישן געענדערט געוואָרן. און כל־זמן דער דאָזיקער גייסט וועט נישט פאַרשווינדן, וועט קיין גערעכטיקייט אויף דער וועלט נישט זיין, נישט צווישן מענטשן און נישט צווישן פעלקער. און אויב, ווי מיר גלויבן זינט ישעיה הנביאס צייטן אָן, די מענטשהייט וועט זיך „באחרית הימים” באַפרייען פון שלעכטס, וועט די ישועה דאַרפן קומען נישט פון ישוס קירך, נאָר פון ערגעץ אנדערש.

---


רעפערענצן:

(1) Hermann Cohen. Die Religion der Vernunft, Leipzig 1919, SS. 364-5, 456.

(1a) J. O'Sullivan, J. F. Burns. Medieval Europe. New York 1943, pp. 332, 338-9, 341, 342, 344, 348, 349.

(2) Karl Vorlaender. Geschichte der Philosophie. Leipzig 1927. B. I., S. 283.

(3) C. H. Moehlman. School and Church, N. Y. 1944, pp. 55, 56.

(4) Louis Adamic. A Nation of Nations. N. Y. 1945, pp. 5, 6, 7.

(5) Yankee City Series. Volume III. N. Y. 1945, pp. 140-41.

(6) R. L. Ashley. Principles and Policies of American Government, N. Y. 1941, p. 159.

(7) Jacob Klatzkin. Hermann Cohen. Berlin 1921, S. 108.

(8) Joseph Salvador. Jesus Christ et sa doctrine. Paris 1838. Tome premier, p. 355.

(9) Joseph Klausner. From Jesus to Paul, N. Y. 1943, pp. 114-15.

(10) Dr. J. Klausner. Jesus von Nazareth. Zweite Auflage. Berlin 1934, SS. 437, 519.

(11) Ernest Renan. Vie de Jesus. Paris 1863, p. 348.

(12) אחד העם האָט די אייגענע ברייתא ציטירט אויך כדי צו אילוסטרירן דעם חלוק צווישן קריסטלעכער און יידישער עטיק. אָבער הן זיין אויסקוק און הן די באַלייכטונג זענען אַנדערע. פאַרגלייך אחד העם, על שתי הסעיפים, על פרשת דרכים, חלק רביעי. ברלין תרע״ג.

(13) Hillaire Bellok. The Crisis of our Civilization. London 1937, p. 51.

(14) חיים טשרנוביץ. תולדות ההלכה, חלק שלישי. ניו-יורק תש״ג, ע׳ 318. פאַר ווייטערדיקע רעפערענצן, וואָס ווערן דאָ געמאַכט אין טעקסט, זע ע״ע 316-17, 323-24.

(15) אייזיק הירש וויס. דור דור ודורשיו, חלק שני. ברלין תרפ״ד, ע״ע 25-6.

(16) H. G. Wells. Crux Ansata. N. Y. 1944, p. 20.

(17) Saint. Augustine. The City of God, XIX, XV, XVI. Ed. Everyman's Library.

(18) Firmin Roz. Histoire des Etats Unis, 1930, pp. 217-18.

(19) W. E. B. Du Bois. Colour and Democracy. N. Y. 1945, p. 136.

(20) J. O'Sullivan, op. cit. p. 477.

פאַר ווייטערדיקע רעפערענצן מכח דער מיטלעלטערלעכער קירך, אייגנטום און פויערים זע דאָרט גופא ז״ז 558-9, 483-5.

(21) Pierr Van Paasen. The Forgotten Ally. N. Y. 1943, pp. 35-6.

(22) H. G. Wells. The Outline of History. London 1937, p. 788.

(23) Reinhold Niebuhr. The Childern of Light and the Childern of Darkness. New York 1945, pp. 92-5.

(24) Hillaire Bellok, op. cit. pp. 170-71.

(25) Franz Werfel. Between Heaven and Earth. N. Y. 1944, pp. 162-3.

(26) זשאַק מאַריטען איז איינער פון די ווינציקע קאַטוילישע דענקער,

וואָס זעט דעם גרעסטן חטא פון דער היינטיקער ציוויליזאַציע אין דער צעשיידונג צווישן געטלעכע און וועלטלעכע ענינים און ער געפינט זי אויך אין דער קריסטלעכער מאָראַל. זע צווישן אַנדערע פון זיינע שריפטן: Jasques Maritain. Le Crépuscule de la civilisation. Montréal 1941, pp. 45-6.

(27) Harold J. Laski. Faith, Reason and Civilization. N. Y. 1944, pp. 82-3.

(28) City of God XV, V; IV, IV; XVII.

(29) Paul B. Anderson. L'Eglise et la Nation en U.R.S.S. Paris 1946, Calman-Levy, pp. 112, 115-16.

(30) Georges Seldes. The Vatican. N. Y. 1943, pp. 326, 332.

פאַר ווייטערדיקע רעפערענצן וועגן די באַציאונגען צווישן וואַטיקאַן און די קאַטוילישע פּאַרטייען זע ז״ז 385, 342, 340, 321.

(31) R. Travers Herford. Les Pharisiens. Paris 1928, pp. 152, 288.

(32) H. G. Wells, Crux Ansata, p. 10.

(33) The Confessions of St. Augustine, Translators preface. N. Y. 1943, p. XV.

# ייִדישקייט — דער געהייליקטער לעבנס־וועג

## א. — שבת און וואָך

ייִדישקייט ווייסט נישט פון דעם תהום צווישן קערפּער און גייסט, גוף און נשמה, וואָס איז טיף פאַראַנקערט, הן אין די קריסטלעכע גלויבנס־עיקרים, הן אין דעם וועלט־באַנעם און אין דער הנהגה פון קריסטלעכע פעלקער. דאָס הייסט נישט, פאַרשטייט זיך, אַז ייִדישקייט פאַר־מאַכט די אויגן אויף קאָנפליקטן צווישן חומר און רוח. אדרבא, דער קאַמף צווישן יצר־הטוב און יצר־הרע פאַרנעמט אַ צענטראַלן אָרט אין ייִדישן רעליגיעזן געדאַנק. אָבער קיין אייביקער, אומפאַרמיידלעכער דואַליזם ווערט דערפון נישט געבוירן. דעם דאָזיקן געראַנגל קען און מוז דער מענטש געווינען און דווקא מיט אייגענע אָנשטרענגונגען. איטלעכער פאַר זיך און אַלע ייִדן צוזאַמען, ביחידות און בציבור, קענען גובר זיין די מיאוסע תאוות דורך אמונה, מצוות און מעשים, וואָס דערנענטערן דעם מענטשן צו שלימות, הגם די פולע שלימות איז דעם מענטשן נישט באַשערט און נאָר דער בורא עולם אַליין באַזיצט זי. אַנשטאָט צו אַנט־לויפן פון לעבן אין היילן און קלויסטערס, ווי דאָס טוען די קריסט־לעכע הייליקע (ביי ייִדן איז די נזירות שוין לאַנג פאַרשוואונדן), קלאָ־מערט זיך דער ייִד אין לעבן גופא און מיט זיין גאַנצער קראַפט זוכט ער עס צו הייליקן. איז טאַקע זיין שבת הייליק, אָבער אויך די וואָך איז נישט וואָכעדיק. וואָך און שבת, זאָגט הער בעל שם־טוב, זענען ענג פאַרבונדן צווישן זיך. די וואָכנטעג שעפּן יניקה פון דעם הייליקן יום השבת.

זענען די קריסטלעכע חגאות בעיקר ריין רעליגיעזע, פאַרבונדן מיט די לעבנס־געשעענישן פון דעם באַגרינדער פון דער רעליגיע (זיין געבוירן, זיינע ליידן, זיין אויפגאַנג צום הימל, זיין אויפשטיין צו תחית־המתים), זענען כמעט אַלע ייִדישע יום־טובים און תעניתים במשך פון דער צייט געוואָרן געשיכטלעכע, אַן אָנדענק אויף געשעענישן אין ייִדישן נאַציאָנאַלן לעבן. צום טייל זענען זיי פריער געווען פאַרבונדן מיטן וואָכעדיקן לעבן פון ייִדן אויף זייער לאַנד. אָבער אויך אָט די נאַטור־און געשיכטע־יום־טובים זענען ווידעראַמאָל כמעט אַלע באַשיינט גע־

וואָרן פון דער טראַדיציע מיט אַ רעליגיעזן זינען און אַרומגערינגלט געוואָרן מיט גאָטס וואונדער און נסים, וואָס ער האָט דערוויזן זיין פאָלק ישראל. אַזוי־אַרום איז אויך דאָ דאָס וואָכעדיקע, דאָס נאַציאָנאַלע, צו־זאַמענגעשמאָלצן געוואָרן מיט דעם הייליקן, רעליגיעזן, בעת ביי די קריסטלעכע פעלקער זענען נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע חגאות אַלעמאָל באַזונדער.

דער ייד דינט זיין בורא אַלע טעג און אַלע שעהן פון זיין לעבן, וואו ער זאָל נישט שטיין און גיין „זיך לייגנדיק און אויפשטייענדיק". איז דער בית־המדרש אַ הייליק אָרט, אָבער אויך די וואָכעדיקייט פונעם יידישן טיש, די באַפרידיקונג פון חומר־באַדערפענישן, ווערן געהייליקט דורך ברכות און בענטשן. זאָגט דער בעל שם־טוב, אַז אפילו מיט אכילה ושתיה קען מען אויך דינען גאָט, וואָרעם, אַז דער מענטש איז זאַט, קען ער זיך ערשט רעכט דערהויבן צו דער מדרגה פון געטלעכקייט. אָט אַזוי ווערט דער חומר, די קליפה, אַ שטול פאַר דער קדושה און שפּאַרט אָן ביז צו דער הויך פון רוחניות. אין יעדן חומר, זאָגט דער מגיד, געפינען זיך אויך געטלעכע פונקען, און דער מענטש איז דערצו באַרופן צו באַפרייען די דאָזיקע פונקען פון דער קליפה (1).

און פאַרקערט, טראָגט דער ייד אַריין וואָכעדיקייט אין דער סאַמע הייליקייט. אונדזער בית־התפילה האָט לכתחילה גאָר געהייסן בית־עם, פאָלקס־הויז, שפּעטער — בית־הכנסת, פאַרזאַמלונגס־הויז, און דער־נאָך גאָר אָפּט זיך פאַראייניקט מיט דעם בית־המדרש — לערן־הויז, שטודיר־הויז. רופן מיר אויך אויף יידיש „גאָטס הויז" די „שול" (אינטערעסאַנט, אַז נישט קיין אַנדערער, ווי הערמאַן כהן האָט אויף דעם דאָזיקן ספּעציפיש־יידישן מערמין שוין אָנגעוויזן (2). איי וואָס די מערב־יידן געפעלט בעסער און ס'קלינגט אין זייערע אויערן שענער דאָס וואָרט טעמפּל, האָבן זיי מסתמא גאָר פאַרגעסן, אַז ביי די געצנדינער האָט טעמפּל געמיינט דאָס הויז, וואו ס'האָבן זיך געפונען די בילדער און סטאַטועס פון זייערע געטער. פונקט אַזוי האָבן זיי גאָר נישט באַמערקט, אַז איר וועט נישט געפינען ביי קיין אומה ולשון, אַז אין אַ געבעט־הויז זאָל זיצן אַ טריבונאַל, וואָס משפּט „וועלטלע־כע" ענינים, ווי אַמאָל דער בית־דין ביי יידן, אַז עס זאָלן דאָרט שטיין אַלמערס מיט ספרים, מיט שאלות ותשובות וועגן ציוויל־און שטראָף־רעכט.

וואָלט ערגעץ אַנדערש־וואו גאָר מעגלעך געווען, מען זאָל איבעררייסן די תפילות, ווי מען טוט עס ביי אונדז שוין פון לאַנגע צייטן, כדי צו

לייענען פאַרן עולם אַ פרשה, וואָס אָדער זי באַשטייט אינגאַנצן אָדער צום גרויסן טייל פון נאַציאָנאַלער געשיכטע אָדער פון געזעצן און דינים? זיצן פרומע יידן, יראי שמים, אין גאָטס־הויז און פאַרוואַנדלען דאָס אין אַן אַקאַדעמיע, אין אַ יורידישן פאַקולטעט, און דווקא דערמיט דינען זיי גאָט. נאָך מער, דאָס שטודירן די תורה איז אַ העכערע מדרגה, ווי תפילה טון צו גאָט. והראיה, אַ בית־הכנסת קען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ בית־המדרש, פאַרקערט, אָבער נישט (מגילה כ"ו, ב. כ"ז, א.). דאָס קען נאָר מיינען, אַז תורה לערנען איז אַ העכערע מדרגה פון תפילות, איז טאַקע דער בית־המדרש געבליבן עד היום אַ בית־עם, הגם ער טראָגט מער נישט דעם דאָזיקן נאָמען.

בין־השמשות זענען יידן דאָרט געזעסן און זיך דערציילט וואונדער־מעשיות און אפילו זיך דערלויבט שמועסן וועגן פּאָליטיק (די באַרימטע „חכמי ליעזשאַנקע"), און נישט געזען דערין קיין שום חילול־הקודש. איז אַ ייד, אַן אָרעמאַן, געקומען אין שטאָט, איז דער בית־המדרש געווען פאַר אים אַ הכנסת־אורחים און אפילו אַ רעסטאָראַציע. יידן חסידים, וואָס האָבן גאָר נישט געזען קיין „חלול השם" אָנצורופן „גאָטס הויז" מיט דעם פּראָסט־וואָכעדיקן נאָמען „דאָס שטיבל", פלעגן אין אַ יומא־דפגרא אַמאָל כאַפּן אַ טראָפּן משקה אין בית־המדרש גופא און אים, ווי די משכילים פלעגן שרייען, „פאַרוואַנדלען אין אַ שענק". זיי האָבן נאָר פאַרגעסן, די משכילים, איין חילוק: אַרויסגייענדיק פון דער דאָזיקער „שענק" האָבן יידן נאָך קיינמאָל ביי קיינעם, נישט ביי יידן, נישט ביי גוים, קיין שויבן נישט געבראָכן. אָבער אַז „אַ גוי גייט פון שענקל אַרויס..." ווייסט איר דאָך מסתמא וואָס עס פּאַסירט מיט אונדז יידן, אַזוי, אַז איך דאַרף אייך דעם סוף פון דעם פאָלקס־ליד נישט ציטירן.

פאַרשטייען מיר וואויל און פילן זיי מיט פון גאַנצן האַרצן, די רע־פאָרמערס, וואָס זענען אַזוי אויפגעבראַכט געווען פון די „אומאָרדענונגען" אין יידישע בתי־מדרשים, און פאַרוואָס זיי האָבן אויסגעבויט פאַר זיך סינאַגאָגעס, וואו אַלץ איז סטאַטקאָווּנע, וואו אַ בעל שם־טוב מיט זיין פּויערישער סערמעגע און גאַרטל, וואָלט מען אפילו אויפן שוועל נישט אַרויפגעלאָזט, וואו אַלץ איז ריין און פיין, ציירלעך־מאַניִרלעך, אַז מען שמועסט — סאַמע הייליקייט, קיין סימן פון וואָכעדיקייט. זענען זיי אָבער אַזוי פּוסט און קאַלט און עס שמעקט פון דער ווייטנס מיט ווייַרויך . . .

אין אַ לעבנס־נוסח, וואו שבת און וואָך, מענטשלעכקייט און געט־לעכקייט זענען געפלאָכטן און געבונדן, איז נישטאָ קיין אָרט פאַר צוויי

רשויות, פאַרן גלויבן, וואָס איז נוגע נ אָ ר די באַציאונגען צווישן דעם מענטשן און דעם באַשאַפער פון איין זייט, און צווישן דעם מענטשן און זיינע מיט־מענטשן, פון דער צווייטער זייט. זענען די לעצטע פונקט אַזוי וויכטיק ווי די ערשטע, אַ סברא — אפילו נאָך חשובער. יום־כפור איז מכפר אויף עבירות בין אדם למקום און איז נישט מכפר אויף עבי־רות בין אדם לחברו (יומא פרק ח׳, משנה ט׳). זיי מוחל און בעט אַליין איבער יענעם וועמען דו האָסט באַעולהט.

איז אָרעמקייט ביי די געצן־דינער, ביי די גריכן און די רוימערס געווען אַ חרפה, און די אָרעמלייט האָט מען באַטראַכט און באַהאַנדלט כמעט ווי פאַרברעכער, איז דער אביון ביי די קריסטן געשטאַנען גאָר לעילא ולעילא, ווי דער ערשטער קאַנדידאַט אַריינצוקומען אין מלכות שמים, האָט יידישקייט אָבער געקוקט אויף אָרעמקייט ווי אויף אַן אומגליק, ווי אויף אַ וואונד אויפן געזעלשאַפטלעכן קערפער, וואָס דאַרף געהיילט ווערן מיט סאָציאַלער טעראַפיע, פונקט ווי די חולאתן פון גוף — דורך דער מעדיצין. אונדזערע חכמים האָבן אפילו געהאַלטן, אַז די מצוה פון צדקה איז שקולה כנגד כל המצוות (בבא בתרא, ט׳, א׳).

האָבן די געצנדינער בכלל נישט געוואוסט, וואָס הייסט געבן נדבות, און די קריסטן האָבן עס באַטראַכט ווי אַן אויסדרוק פון ליבע צו גאָט און צום נאָענטן (קאַריטאַס, שאַריטע, טשעריטי) און אין זייערע דעפי־ניציעס באַצייכנט דעם דאָזיקן אַקט ווי אַ ג ו ט ע טאַט (בלאַגאָ־טוואָריטעלנאָסט, וואוילטאַט, ביענפעזאַנס, בענעפיסענסיאַ און אַזוי ווײַ־טער), איז אָבער יידישע צדקה מקדמונים געווען אַן אַקט פון גערעכטי־קייט, ווי עס זאָגט איר נאָמען גופא. מען מעג יענעם ליב האָבן אָדער נישט. די רעליגיע קען געבאָטן די ליבע צום צווייטן, אָבער צווינגען צו אַ געפיל איז נישט מעגלעך, און קאָנטראָלירן אים — אוודאי און אוודאי נישט. אָן גערעכטיקייט קען אָבער די וועלט נישט באַשטיין. בכן איז גערעכטיקייט אַ ח ו ב. און וויבאַלד זי איז אַ חוב, מוז זי געזעצלעך נאָרמירט ווערן (לקט, שכחה, פאה און אַזוי ווייטער).

אָבער דער אונטערשיד צווישן דער קריסטלעכער וואוילטעטיקייט און דער יידישער צדקה גייט נאָך ווייטער און טיפער, ווי אַ רייע יידישע געלערנטע, בפרט הערמאַן כהן, האָבן שוין דאָס אָנגעוויזן (3). שוין אין יענע ווייטע און טונקעלע צייטן האָט אונדזער תורה זיך דערהויבן צו אַ מדרגה, וואָס ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט האָבן די קריסטלעכע פעלקער געמאַכט די ערשטע וואַקלדיקע טריט אין איר ריכטונג. אַזוינע אינסטיטוציעס ווי מעשר, שמיטה און יובל וואָלטן

נישט געקענט אויפקומען, ווען דאָס יידישע געזעץ וואָלט נישט געהאַט דעם מוט אָנצורירן דאָס אַבסאָלוטע רעכט פונעם יחיד אויף זיין אייגנס, ווען עס וואָלט נישט געבויט געווען אויפן געדאַנק, אַז דאָס דאָזיקע רעכט קען און מוז באַגרענעצט ווערן לטובת די מיטמענטשן. און מען דאַרף נישט מיינען, אַז דאָס זענען מאָדערנע אידעען, וואָס מען האָט זיי מיט געוואַלט אַריינגעטייטשט אין דער תורה. שוין אין אַלטערטום האָט מען איבער די דאָזיקע זינען אינטערפּרעטירט אירע סאָציאַלע געזעצן. והראיה, פילאָן, וואָס אין זיין פירוש אויף דער תורה דערקלערט ער דעם יובל־געזעץ דערמיט, וואָס דער מענטש קען נישט באַזיצן קיין אומבאַגרענעצט רעכט אויף די רייכטימער, וואָס די ערד ברענגט אַרויס אַ דאַנק דער נאַטור (ס3). אַז דער באַוואוסטער אַגראַר־רעפאָרמער הענרי דזשאָרדזש האָט לערך די אייגענע געדאַנקען, און זיך שטיצנדיק אויפן כי לי הארץ פון דער תורה, אַנטוויקלט אויף אַ מאָדערנעם אופן אין זיין באַרימטן בוך „פּראָגרעס און אָרעמקייט" האָט דאָס געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אין דער וועלט. און אַז מען פאַרגעסט נישט, אַז געשען איז דאָס אין 1879, ווערט מען ממש נשתומם, אויף וואָס פאַר אַ צייט־מהלך יידישקייט איז פאַראויסגעגאַנגען פאַר דער היינטיקער ציוויליזאַציע. פּונקט אַזוי איז אין אונדזער תורה, מיט טויזנטער יאָרן פאַר די קריסטלעכע פעלקער, פּראָקלאַמירט געוואָרן די גלייכקייט פון די מענטשן פאַרן געזעץ, וואָס האָט באַקומען איר בולטסטן אויסדרוק אין דער גילטיקייט פון דער אַבסאָלוטער שבת־רו פאַר אַלעמען גלייך, פאַרן האַר ווי פאַרן קנעכט און דער דינסט. מיר זעען בכן, אַז להיפוך צום קריסטנטום, וואָס האָט די סאָציאַלע פראַגע באַטראַכט ווי עפּעס, וואָס גייט אים נישט אָן, האָט יידישקייט פונעם ערשטן טאָג פון איר אויפקומען זיך אַקטיוו געמישט אין דעם סאָציאַלן סדר און גענומען אויף זיך די שוץ פון דעם שוואַכן אַנטקעגן דעם שטאַרקן, הגם עס איז קלאָר, אַז אין יענער צייט האָט דער געדאַנק גופא וועגן אַפּווישן אינגאַנצן סאָציאַלע דיפערענצן צווישן מענטשן נישט געקענט רעאַליזירט ווערן און געמוזט בלייבן אַן ענין פון קליינע גרופן און סעקטעס און פון צוקונפטס־וויזיעס.

ווען מען האָט ביי אונדז אַמאָל אויף אימיצן געזאָגט, אַז ער איז אַן ערלעכער ייד, האָט עס געמיינט אי פרום פאַר גאָט, אי ערלעך פאַר לייטן, געפינט איר אין קיין שפּראַך נישט, אַז איין וואָרט, ווי אונדזער „ערלעך", זאָל אויסדריקן גלייכצייטיק ביידע באַגריפן, פּשוט דערפאַר, ווייל ביי אונדז זענען ביידע איינס, און ביי זיי צוויי פאַרשידענע רשויות, אויב נישט טעאָרעטיש, איז בפועל.

די העכסטע מדרגה איז ביי קריסטן דער הייליקער. ביי אונדז — דער צדיק, דער גערעכטער מאַן. אמת, היינט זאָגט מען שוין ביי אונדז אויך „אַ רעליגיעזער ייד". אָבער ווען און דורך וועמען איז אָט די באַצייכע־נונג ביי אונדז איינגעפירט געוואָרן? דעמאָלט, ווען יידן האָבן אָנגעהויבן זיך צוצוקוקן צו אַנדערע און אינאיינעם מיט זייערע מנהגים אַריבערגע־נומען אויך זייערע באַגריפן. כל־זמן יידן זענען געווען ערלעך, במילא פרום, האָבן זיי נישט געוואוסט פון אַ וואָרט, וואָס הייסט רעליגיע. משה מענדעל־סאָן האָט שוין אָנגעוויזן, אַז אויף העברעאיש איז נישטאָ קיין עקוויוואַ־לענט פאַרן וואָרט רעליגיע (4). ערשט יידן, וואָס האָבן יידישקייט פאַר־לאָזט, לאָזן דאָס דאָזיקע וואָרט פון מויל נישט אַרויס. דת איז נישט גלויבן, נישט רעליגיע, נאָר געזעץ, באַפעל, מנהג. און אַז די „זיבציק" האָבן געזוכט אַ גריכיש וואָרט פאַר תורה, האָבן זיי געקענט געפינען אַן אַדעק־וואַטן טערמין נאָר אין „נאָמאָס", וואָס מיינט אויף גריכיש געזעץ, הגם נישט דאָס לאַטייניש לעקס און נישט דאָס גריכישע נאָמאָס זענען נישט גלייך צו אונדזער באַגריף תורה, וואָס מיינט די לערנונג פון לעבנספי־רונג און נעמט במילא אַרום אויך די נאָרמען, וואָס ביי אַנדערע פעלקער האָבן זיי געהייסן געזעצן. אפילו דער פרימיטיווער עטימאָלאָגישער מיין פון אמונה איז אויך נישט רעליגיע, נייערט פעסטקייט, ערלעכקייט, טריי־שאַפט, במילא פאַרטרויען אין גאָט. ערשט מאַרטין לוטער האָט אין זיין דייטשער ביבל־איבערזעצונג געמאַכט דערפון גלויבן, און יידן זאָגן אים נאָך. נישט דער איינציקער פאַל, איבעריקנס, וואָס אַ פרעמדע און בלאַסע קאָפּיע פון זייער אַן אייגענעם אָריגינאַל איז ביי יידן בילכער און גע־הויבענער ווי דער אָריגינאַל גופא.

יידישקייט, להיפוך צום קריסטנטום, האָט אַן אייגענעם רעכטס־סיס־טעם. און נאָך עפּעס, דאָס דאָזיקע סיסטעם איז תמיד געווען און געבליבן אַן אָריגינעלס, אַן אייגנס. דאָס יידישע רעכט האָט עוואָלוציאָנירט, במילא זיך געענדערט אין די אָדער יענע פרטים, אָפטמאָל אויך — אונטערן איינ־פלוס פון די אַרומיקע פעלקער. אָבער יידן האָבן קיינמאָל נישט איבער־גענומען, נישט געליען ביי פרעמדע זייערע רעכט־קאָנצעפּציעס און נישט זייער יוריספּרודענץ, זייערע חוקים ומשפטים ווי אַ גאַנצעס. פאַרקערט, זענען מיר, אַז די אייראָפּעאישע פעלקער האָבן אין מיטלעלטער פראָסט־פשוט אַריבערגענומען, מיט די אָדער יענע קליינע מאָדיפיקאַציעס, דאָס גרייטע רוימישע רעכט.

זינט דאָס יידישע פאָלק געדענקט זיך, האָט עס געהאַט, ביז צום „דריטן חורבן", זיין אייגן רעכט, וואָס מיט אים איז געווען פאַר־

בונדן זיין סאַמע עקסיסטענץ. אַ געוויסע ענלעכקייט מיט יידישקייט שטעלט מיט זיך פאַר דער איסלאַם, ווייל דער קאָראַן איז אויך נישט קיין ריין־רעליגיעז בוך ווי דער ברית־חדשה, ווייל אויך ער איז כולל אין זיך, אינאיינעם מיט גלויבנס-עיקרים, געזעצן און מנהגים. און מיט רעכט זאָגט דער באַוואוסטער אַראַביסט פיליפ היטטי, אַז „די רעליגיע פון קאָראַן דערנענטערט זיך מער צו דער תנ״ך־יידישקייט ווי צום קריסטנטום פון נייעם טעסטאַמענט״ (5).

און איז עס אַ בלויזער צופאַל, אַז פון צוויי יידישע „טעכטער־רעליגיעס״, ווי מען רופט זיי אָן מיט אומרעכט, שדכנען זיך געוויסע יידן דווקא צו דער פרעמדסטער און צו דער היפש־אַלטער טאָכטער, צום קריסטנטום? אין פריוואַט-לעבן וואָלט מען אין אַזאַ פאַל זיכער חושד געווען אַז עס רעדט זיך נישט וועגן אַ ליבע־שידוך. איז טאַקע, משמעות, אויך דער יידיש-קריסטלעכער פלירט נישט פריי פון געוויסע פניות. צו אַלט און צו ווייט איז די קרובהשאַפט צווישן זיי, צו ברייט — דער תהום, מען זאָל אים קענען פאַרשיטן מיט לאַקריץ־זיסע רייד, געזאָגט על פי רוב אָן טיפער אמונה אין קיין איינעם פון די צוויי גלויבנס.

ב. — יידישקייט פון גאַלן גלויבן און קולט

ביי אַזאַ אָרגאַנישער צונויפגעבונדנקייט פון הייליקייט און וואָכעדיקייט, אמונה און רעכט, געטלעכן געבאָט און מענטשלעכן געזעץ, פון תורה מן השמים און פאָלקס־מנהגים, פאַרקרפערט אין איין יידישן לעבנס־נוסח, קען יעדער פרואוו זיי פונאַנדערצוטיילן, איבערצורייסן די אָרגאַנישע גאַנצקייט, געמאַכט ווערן נאָר מיט געוואַלט.

איטלעכע אָפעראַציע פון אַזאַ מין, באַהאַלט אין זיך די לעבנס־געפאַר פאַר דער גאַנצער יידישקייט און במילא פאַרן פאָלק, וואָס דורך איר, און נאָר דורך איר, באַקומט זי אויסדרוק און לעבן. פונדעסטוועגן חזרן זיך איבער פון צייט צו צייט די פרואוון צו צעשיידן די פאַרשידענע עלעמענטן פון יידישקייט. און גאָר אָפט זענען די דאָזיקע פרואוון דיקטירט נישט פון אינערלעכע, נייערט פון אויסערלעכע מאָטיוון.

שוין אין משה מענדעלסאָנס אויגן איז דער יידישער דת אין גלות רעדוצירט געוואָרן צו די מצוות בין אדם למקום. אַלע סאָציאַלע באַציאונגען צווישן יידן און יידן, זייער גאַנץ לעבן, חוץ דעם קולט, קענען, לויט משה מענדעלסאָן, דאָרט וואו יידן ווערן, אָדער האָפן צו ווערן, גלייכע בירגער

מיט די תושבים פון לאַנד, נאָרמירט און רעגולירט ווערן נאָר דורך די מדינה־געזעצן, און זייערע מנהגים — דורך דער לאַנד־קולטור.

יידישקייט ווערט בכן אין פּרינציפּ אַ רעליגיע, ווי קריסטנטום, און באַקומט די אייגענע גרונט־כאַראַקטעריסטיק פון גלויבן לחוד און לעבן לחוד, נאָר אויב עס בלייבט נאָר דער אונטערשיד אין גלויבן־דאָגמעס און אין קולט, דעמאָלט זענען יידן באמת נאָר אַ רעליגיעזע עדה, איינע צווישן אַ רייע אַנדערע. קיין זאַך אָבער באַווייזט נישט אַזוי בולט דעם תהום צווישן אַ לאַנגער יידישער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג און דעם עמאַנציפּאַציע־עפּיזאָד, ווי דער דאָזיקער צוגאַנג פון זיין אָנזאָגער, משה מענדעלסאָן, צום פּראָבלעם פון יידישער רעכטגילטיקייט. ביז אים וועט איר נישט טרעפן קיין יידישן חכם, קיין איינציקע יידישע קהלה, וואָס זאָל נישט באַטראַכטן די נאָרמעס פון יידישן דין ווי אַ חוב און די באַציאונגען צווישן ייד און ייד. אַזוי, למשל, באַשליסט דער גרויסער צוזאַמענפאָר פון פראַנצויזישע רבנים אָנהייב 12טן יאָרהונדערט, וואָס נישט קיין קלענערער ווי רבנו יעקב תם איז געווען זייער יושב ראש, אַז אַ ייד, וואָס לאָדט אַ צווייטן יידן צו אַ קריסטלעכן געריכט, דאַרף אַריינגעלייגט ווערן אין חרם (6). און דאָס איז נאָר איינער פון די אומצאָליקע משלים, וואָס מען האָט געקענט ברענגען.

דעם פיל־ציטירטן מאמר וועגן דינא דמלכותא, אויף וועלכן די יידישע אַסימילאַציע האָט געבויט תלי תלים פון פרעמדע הלכות, טייטשט רש״י (בבא בתרא, נ״ד, ב׳), אַז דערמיט איז דער עיקר געמיינט, אַז יידן דאַרפן דערפילן זייערע בירגער־פליכטן צום לאַנד, ווי צאָלן שטייערן, און בכלל מקיים זיין „די באַפעלן פון מלך״ (היינט וואָלט מען געזאָגט פון דער מלוכה), וואָס זענען נויטווענדיק פאַרן תיקון פון די בני מדינה. בכן רעדט זיך דאָ נישט וועגן רעכטלעכע באַציאונגען צווישן יידן גופא. בן ציון כץ, זיכער אַ גרויסער מומחה אין דער מאַטעריע, באַווייזט, אַז די שאלות ותשובות פון די יידישע גדולים אין פוילן אין 16טן יאָרהונדערט, ווי דער רמ״א, ר׳ מרדכי יפה און אַזוי ווייטער, זענען דורכגעדרונגען מיטן אייגענעם חילוק צווישן עפנטלעכן רעכט, וואו דאָס מלוכה־געזעץ איז אַ געזעץ, און דעם פּריוואַטן רעכט, וואו דער יידישער דין בלייבט די איינציקע אויטאָריטעט (6a). ר׳ מרדכי יפה, דער „בעל הלבושים״, דערקלערנדיק פאַר אַן „איסור גמור״ זיך צו לאָדן אין קריסטלעכע טריבונאַלן, זאָגט, אַז אויב יידן זאָלן אַזוי האַנדלען, היינט צו וואָס דאַרפן מיר אונדזערע הייליקע ספרים, וואָרעם אויב אַזוי וואָלטן חס־ושלום בטל געוואָרן „כל דיני תורה בישראל״ (7).

דער דאָזיקער פּאַרוועג, שוין פריער פּיקסירט אין חושן המשפט (הלכות דיינים, כ״ו), זיך צו לאָדן אין די טריבונאַלן פון די עכו״ם און ביי זייערע ריכטערס, איז געבליבן אין קראַפט ביי אַלע יידן ביז צו דער עמאַנציפּאַציע, און אפילו נאָך איר — ביים רוב יידן פון די גרויסע יידישע קיבוצים פון מזרח־אייראָפּע.

די היינטיקע אַסימילאַטאָרן און רעפאָרם־ראַביים, די יורשים פון משה מענדעלסאָן, מאַכן קולות און זענען גוואַלדיק אויפגעבראַכט אויף די נאַציאָנאַלע יידן, און בפרט אויף ציוניסטן, פאַר זייער טענדענץ צו סעקולאַריזירן דאָס יידישע פאָלק און מאַכן פון אים אַ וועלטלעך פאָלק, ככל הגויים. ליגט אין דער דאָזיקער טענה אַ טייל אמת. בכל־אופן, ווי ווייט עס רעדט זיך וועגן באַשטימטע גיואַנסן פונעם מאָדערנעם יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק. אָבער טויזנט מאָל ריכטיקער וועט זיין צו זאָגן, אַז גראָד זיי, וואָס אידענטיפיצירן יידישקייט מיט רעליגיע, האָבן געטון און טוען מער ווי ווער נישט איז צו דערפירן צו סעקולאַריזאַציע פונעם יידישן לעבן.

אַ יידיש גלויבן, צונויפגעפאָרט מיט אַ פרעמד לעבן, מיינט נישט בלויז סעפּאַרירן גלויבן פון לעבן, נאָר אויך זיי אַנטקעגנשטעלן ווי קעגנזאַצן. און עס איז נישטאָ קיין ספק, ווער עס וועט גובר זיין. במילא מוז דער אָביעקטיווער רעזולטאַט זיין, אַז דער יידישער גלויבן זאָל פאַראומרייניקט ווערן דורך פרעמדע עלעמענטן און, אַ שוואַכער און צעקאַליעטשעטער, וואָלט ער פאַרדוקט געוואָרן ערגעץ אין אַ ווינקל, ביז עס וועט אים אויסגיין דאָס ביסל חיות. אָבער אַזאַ סעפּאַראַציע מיינט אויך — מאַכן יידן גלייך צו אַלע פעלקער, קעגן וואָס די רעפאָרמערס פּראָטעסטירן מיט אַזאַ היץ.

נאָר ביי יענע פעלקער איז די פאָרמעלע אָפּטיילונג פון קירך און מלוכה געווען מעגלעך און לייכט דורכצופירן, ווייל די קריסטלעכע רעליגיע איז קיינמאָל נישט געווען אָרגאַניש פאַרבונדן מיטן לעבן בכלל, מיטן סאָציאַלן און מלוכה־סדר בפרט. במילא איז דער קאַמף פון דער קריסטלעכער קירך קעגן וועלטלעכקייט נישט געווען קיין פּרינציפּיעלער, נאָר אַן אָפּאָרטוניסטישער. דערפאַר זעען מיר טאַקע, אַז דאָרט וואו די קירך האָט די סעפּאַראַציע געהאַלטן פאַר אוממ־פאַרמיידלעך אָדער גאָר פאַר גינציק, האָט זי שלום געמאַכט מיט דער אָפּזונדערונג, ווי דאָס איז געשען אין פראַנקרייך אייניקע יאָר נאָך דעם סעפּאַראַציע־געזעץ פון וואַלדעק רוסאָ, אָדער אפילו זי פאַרטיידיקט, ווי דאָס איז דער פאַל אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו די קאַטאָליקן זענען

אַ מינדערהייט, און במילא וואָלט זיי געקאָנט שאַדן אַן ענגער צוזאַמענ־בונד צווישן מלוכה און קירך.

אָבער, צי מיט, צי אָן דער מלוכה, דאָס קריסטנטום וועט זיך זיין שטעטל באַשטיין, ווייל עס איז אַ מסתפק במועט. מער ווי אַן אָפּגעזונ־דערט ווינקל אין לעבן פאַרלאַנגט עס גאָרנישט. קען עס דאָס מאַזיקע ווינקל מאַכן באַקוועמער און פעסטער מיט דער הילף פון דער מלוכה, איז מה טוב. אלא נישט, איז אויך רעכט. און די ייִדן און ייִדישע שטרעמונגען, וואָס באַגנוגענען זיך אויך נאָר מיט אַזאַ ווינקל פאַר ייִדישקייט, מאַכן פון איר, בשוגג אָדער במזיד, אַ שלעכטע קאָפּיע פון דער קריסטלעכער קירך. לאַנג קען זיך אָבער אַזאַ קאָפּיע נישט האַלטן. דאָס פרעמדע לעבן און די בכורה, וואָס מענטשן האָבן בטבע ליב אָפּצוגעבן דעם אָריגינאַל, וואָלט פריער־שפּעטער געמוזט דערפירן צו דעם פולן אונטערגאַנג פון ייִדישקייט, אויב אין פאָלק וואָלטן נישט געוואַקסן די כוחות פון קיום און ווידערשטאַנד, וואָס דורך געהיימע קאַנאַלן דרינגען זיי אַריין אפילו אין אַסימילירטע הייזער און ביז צו די רעפאָרם־טעמפּלען.

דאָס געזאָגטע וועגן דער ייִדישקייט, ווי די אַסימילאַציע פאַרשטייט זי, וועט, גלויב איך, זיין גענוג. ייִדישע אַסימילאַטאָרן לייענען נישט קיין ייִדיש, און מיינע רייד וועלן נישט אָנשפּאַרן צו זיי, און אויב יאָ — וועלן זיי שלעכט פאַרשטאַנען אָדער אויסגעטייטש ווערן. פאַרקערט אָבער לוינט זיך יאָ צו רעדן באַריכות, ווען מען ווענדט זיך צו אונדזער מחנה, צו די פרומע און צו די אַזוי גערופענע וועלטלעך־נאַציאָנאַלע ייִדן.

עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז די סכּנה פון סעקולאַריזאַציע, דאָס הייסט פון פאַרקריסטלעכן די ייִדישקייט, קומט נאָר פון דער אַסימי־לאַציע און דער רעפאָרם, פון איין זייט, און פונעם וועלטלעכן ייִדישן נאַ־ציאָנאַליזם אין זיין ציוניסטישער אָדער סאָציאַליסטישער געשטאַלט, פון דער אַנדערער זייט. אויך די ייִדישע אָרטאָדאָקסיע און אירע עקסטרעמע שטרעמונגען אַרבעט מיט אַלע כוחות, הגם אומבאַוואוסטזיניק, אין דער אייגענער ריכטונג.

זאָגט דען נישט ר׳ שמשון רפאל הירש ז״ל דאָס אייגענע, וואָס אַזאַ כופר גמור ווי ברוך שפּינאָזאַ, אָדער ווי דער משכיל משה מענדעלסאָן, אַז אין גלות איז די געריכטלעכע אויטאָריטעט („געוואַלט״) ביי ייִדן צום גרעסטן טייל פאַרשוואונדן, און אַז ייִדן מוזן אין אַלע בירגערלעכע ענינים גע־האָרכן די געריכטן פון לאַנד. וואָס-זשע בלייבט איבער, ווי אַן אינהאַלט פון ייִדישקייט און פונעם ייִדישן קהילה־לעבן? קען ער טאַקע קאָנקרעט

בלויז אָנווייזן אויף ריין־ריטועלע פונקציעס פון דער יידישער געמיינדע, ווי השגחה אויף כשרות, מקוה, בית־הקברות און אַזוי ווייטער.

למען האמת דאַרף מען זאָגן, אַז ער שטעלט מעלאַנכאָליש און באַשיידן די פראַגע. צי וואָלט נישט גלייכער געווען, אַז יידן זאָלן אויך זייערע בירגערלעכע סכסוכים פרידלעך רעגולירן אין דער געמיינדע, ווי דאָס טוען אָנגעהעריקע פון איין פאַמיליע, אַנשטאָט צו גיין צום געריכט (8). אָבער ווי ווייט איז אָט דער זייל פון דער מערב־אָרטאָדאָקסיע פונעם ציטירטן „אי־סור גמור" פון אַ ר' יוסף קאַרו אָדער אַ ר' מרדכי יפה. דער חילוק צווישן זיי איז נישט בלויז אין דער פּראַקטיק. ער איז אַ פונדאַמענטאַלער, אַ פּרינ־ציפּיעלער. פאַר ר' שמשון רפאל הירש זענען די מלוכה און אירע געזעצן נישט בלויז אַ פאַקט, און פאַר יידן — אַ נויטווענדיקייט מיטן דאָזיקן פאַקט זיך צו רעכענען, דאָרט וואו עס איז אַ מוז, נייערט עפּעס מער — אַ מאָראַלישע, אַפילו אַ רעליגיעזע קאַטעגאָריע. „עס איז, זאָגט ער, דערום פאַר ישראל אַ רעליגיעזער חוב, נישט ווייניקער הייליק ווי אַלע אַנדערע פון גאָט געבאָטענע פליכטן, נישט בלויז צו דערפילן אין איטלעך לאַנד וואו ער לעבט, אַלע התחייבותן, וועלכע דאָס לאַנד־געזעץ פאָדערט בפי־רוש, נייערט בכלל מיט זיין דענקען („געזינונג"), מיט וואָרט און מאַט צו טון אַלץ, וואָס קען דינען צום וואוילזיין פונעם לאַנד (9).

דאָ האָט איר איינע פון די פאַלן, וואו די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסיע גייט זיך צונויף מיט דער עקסטרעם־רעפאָרמיסטישער אַסימילאַציע אין הוראַ־פאַטריאָטיזם, וואָסביידע פירן זיי צו דער פאַרלייקענונג פון יידישן פאָלקסטום, פון יידישער קולטור און פון יידישן לעבנס־שטייגער.

זיכער זענען כשרות און שבת עיקרים פון יידישקייט און פון יידישן לעבן. ווער אָבער עס קאָנצענטרירט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און די גאַנצע ענערגיע בלויז אויף די דאָזיקע עיקרים און פאַרוואַרלאָזט אַלע אַנדערע, דער פאַרוואַנדלט זיי גופא, וואָס זענען יידישע געהייליקטע לעבנס־אינסטיטוציעס, אין אַ ריינעם קולט־ענין און סעפּאַרירט זיי פון דער יידישער לעבנס־גאַנצקייט.

אויב אַ ייד, וואָס היט שבת און כשרות, אָבער ער איז גלייכ־ציַיטיק אַ וואוכערער און אַ מיאוסער עקספּלואַטאַטאָר פון אָרעמעלייט, איז פונדעסטוועגן אַ גאַנצער בן־בית ביי פרומע יידן און ביי עקסטרעם־אָרטאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציעס און איז בפרט אַן אָנגעלייגטער גאַסט, אויב מען זעט פון אים פון צייט צו צייט אַ היפּשע נדבה (איך רעד אויפן סמך פון מיר פּערזענלעך באַקאַנטע פאַקטן), איז דאָס אַ טרויעריקער סימן אויך פאַר דער פרומער יידישקייט, וואָס רופט זיך אַליין טראַדיציאָנעל און טוט

בפירוש פעלשן אינעם טראַדיציאָנעלן יידישן גייסט. וואָס טויג עס, אַז דאָס מויל איז כשר, אויב די נשמה איז טריף. זענען טאַקע די מצוות בין אָדם למקום און בין אדם לחברו צוויי באַזונדערע קאַטעגאָריעס, אָבער אין דער יידישער טראַדיציע זענען זיי איינע פון די אַנדערע קיינמאָל נישט געווען אָפּגעריסן. ווער עס רייסט איבער דעם בונד צווישן זיי אין געדאַנק און הנהגה, ווער עס דערלאָזט אפילו בלויז שטילשווייגנדיק אַזאַ צעשיי־דונג, דורך אַ טאָלעראַנטער באַציאונג צו אַן אַנטי־עטישער הנהגה און צו דער פערזאָן, וואָס באַגייט עבירות אַנטקעגן זיינע מיטמענטשן, דער מאַכט במילא פון יידישקייט אַ גלויבן און אַ קולט־ענין, דער פאַרקריסטלט זי.

עס איז פון מיר ווייט דער געדאַנק צו גענעראַליזירן די דאָזיקע פאַקטן און דערשיינונגען און רעדן לשון־הרע בכלל אויף פרומע יידן, אין וועלכע איך זע דעם געזונטן טייל פון אונדזער פאָלק. איך גלויב באמונה שלימה, אַז זיי וועלן בייקומען די דאָזיקע שטרויכלונגען. אָבער אויפמערקזאַם מאַכן אויף דעם מעג מען און דאַרף מען און דאָס רעכט דערצו האָט יעדער ייד, וואָס דאגהט פאַרן קיום פון יידישקייט און פאַרן יידישן פאָלק. און כדי צו פאַרענדיקן דערמיט, וויל איך נאָך אָנווייזן, אַז אין יענע קרייזן גופא, וואָס מיר רופן געוויינלעך מיטן פרעמדן נאָמען אָרטאָדאָקסיע, הערט זיך פון צייט צו צייט אַ וואָרענונג קעגן דער סכנה פון צעברעכן די גאַנצ־קייט פון יידישקייט.

אָט וואָס עס זאָגט, למשל, ד״ר יוסף וואָהלגעמוט, אַ פאַרטרעטער פון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע אין דייטשלאַנד פון פאַרן חורבן, טאַקע מכוח די כלומרשט פרומע יידן, וואָס פירן זיך אויף נישט מאָראַליש: „זייער „פרומקייט” האָט טאַקע נאָר גענומען אַ טייל פון דער רעליגיע”. אין דער יידישער רעליגיע „איז נישט געמאָלט קיין פרומקייט אָן מוסר, ווייל די געזעצן פון מוסר זענען פונקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע געזעצן אַ חלק פונעם רעליגיע־געזעץ...” (10).

נאָך שטאַרקער איז מיט אַ קלאָרקייט, וואָס לאָזט נישט איבער קיין אָרט פאַר קיין שום טעותים און צוויידייטיקייטן, רעדט וועגן דעם ד״ר נתן בירנבוים ז״ל, וואָס טאַקע מחמת ער האָט געזוכט אַ פולע און גאַנצע יידישקייט, האָט ער צו די עלטערע יאָרן זיך צוריקגעקערט צו אירע טראַ־דיציאָנעלע פאָרמען צו דער תורה־יידישקייט. ער, וואָס האָט געלעבט הין צווישן מזרח־ און הין צווישן מערב־יידן, האָט גוט געזען, הגם, ווי ווייט איך געדענק, דאָס עפנטלעך נישט געזאָגט, ווי גרויס עס איז די דאָ־זיקע סכנה צווישן דער יידישער אָרטאָדאָקסיע אין מערב. און, ווערליק זיין שטייגער, האָט ער שאַרף געפאָדערט, אַז מיט דער מאָס פון חטא און

מעשים טובים זאָל אַלץ געמאָסטן ווערן אין יידישן לעבן און יידישער הנהגה, אַפילו אַזוינע „וואָכעדיקע" זאַכן, ווי די וואוינשאָפט פון יידן (גרויסע שטעט אָדער אויפן לאַנד, נאָענט צו דער נאַטור און צו גאָט), יידישע פּרנסות (מסחר און אַרבעט), קליידונג, יידישע אָדער גויאישע, שפּראַך, אַן אייגענע אָדער פרעמדע וכדומה (11).

דאָ האָט איר אַ קאָנקרעטן אויסדרוק פאַרן עכט־יידישן געדאַנק, אַז אַלץ אינעם לעבן פונעם יידן דאַרף דערהויבן ווערן צו דער מדרגה פון הייליקייט, וויבאַלד דער צוועק פון אַלע מצוות איז דאָס לעבן צו הייליקן.

נעמט אַן אַנדער געביט, די יידישע דערציאונג. האָט די יידישע אָרטאָדאָקסיע אין מערב־אייראָפּע און אין אַמעריקע זיך באַנוגנט ביז דער לעצטער צייט, מיט אייניקע אויסנאַמען, מיט תלמוד־תורות, דאָס הייסט מיט יידישקייט־שולן אַנשטאָט יידישע שולן. גיט מען דעם יידישן קינד ברעקלעך און פּיצלעך פון יידישן קולט, אַ מין קאַטעכיזיס, להבדיל, און גלייכצייטיק לאָזט מען אים קריגן זיין גאַנצע דערציאונג אין אַלגעמיינע שולן, וואָס זענען קריסטלעך לויט זייער גייסט און סביבה. אַפילו אויב מען לערנט דאָרט נישט קיין רעליגיע. בלייבט דער תורה-לימוד נישט מער ווי חלשות־טראָפּנס, וואָס קענען נישט דערקוויקן אַ קינדס נשמה, פאַרסמט פון דער קריסטלעכער לופט פון דער אַלגעמיינער שול און פון אירע לימודים.

ווילט זיך פאַרגלייכן די שטעלונג פון געוויסע היינטיקע יידישע אָרטאָדאָקסן דערמיט, וואָס ר׳ פּנחס קאָרעצער, אָדער ר׳ פּנחס דער גדול, ווי זיינע חסידים האָבן אים גערופן, האָט געקלערט טאָקע וועגן אָט דעם ענין. די תורה, פלעגט ער זאָגן, איז אַלץ, און אַלץ איז די תורה. עס איז נישט דאָ קיין איינציקע זאַך אויף דער וועלט, וואָס אין איר זאָל זיך נישט אַנטפּלעקן גאָטס תורה. און ווער עס זאָגט: „די תורה איז אַ זאַך פאַר זיך און די עולמשע קענטעניש אַ זאַך פאַר זיך, דער איז אַן אַפּיקורס" (12). און דער פרומער ייד, וואָס שיקט זיין קינד אין אַ קריסטלעכער שול, באשר בכן, תורה איז איינס, און דרך־ארץ איז עפּעס אַנדערש, דער גייט, און מעג ער דערפון זיך קיין חשבון נישט אָפּגעבן, אין די וועגן פון סעקולאַריזאַציע פון יידישקייט, אין די וועגן פון אַ י. ל. גאָרדאָן, וואָס האָט אויך געדרשנט: „היה יהודי באהליך ואדם בצאתך", זיי אַ ייד אין דיין געצעלט און אַ לייט צווישן לייטן.

אַ צווייטע, און אַ סך ערנצטערע סכנה, לויערט אויף דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט און זוכט זי צו פאַרפירן אויפן וועג פון סעקולאַריזאַציע. און דאָס איז די טענדענץ צו פאַרגליווערן, צו קריסטאַליזירן יידיש־

קייט אויף אַ געוויסן פונקט, וואָס זי האָט דערגרייכט אין איר אַנטוויקלונג.
די ענדערונגען אינעם יידשן לעבן פון די לעצטע לערך הונדערט און פופ־
ציק יאָר, אַלע נייע שאַפונגען פונעם יידישן גייסט און פונעם יידישן ווילן
אין משך פונעם דאָזיקן פעריאָד ווערן פרינציפיעל אָפּגעוואָרפן, ווי נישט־
יידיש אָדער אַנטי־יידיש.

דאָס דאָזיקע אַלגעמיינע פאַרלייקענען פון אַלץ, וואָס איז יידיש־שאַפע־
ריש אָבער ניי, מוז פירן צו אַ קאָנפליקט צווישן טראַדיציע און עוואָלוציע.
בלייבט די פרומע יידישקייט שטיין אויף אַן אָרט, און דאָס יידיש לעבן
און שאַפן פליסן כסדר, און קענען נישט אַנדערש, אויב זיי זאָלן נישט
אָפּשטאַרבן. הויבן זיך אָן בילדן צוויי באַזונדערע שטראָמען, וואָס אַלץ
מער און מער ברייטערט זיך אויס דער מהלך צווישן זיי. איך האָף, אַז מען
וועט מיך נישט פאַלש פאַרשטיין. דאָס געזאָגטע האָט לחלוטין נישט צו
טון מיט דער טענה פון די רעפאָרמערס וועגן דער נויטיקייט, אַז יידישקייט
זאָל זיך צופּאַסן צום „גייסט און די פאָדערונגען פון דער צייט”. וואָס איך
מיין דאָ, איז נישט די מעכאַנישע צופּאַסונג צו אַ פרעמדער סביבה, ניי־
ערט — צו דער אינעווייניקסטער יידישער אַנטוויקלונג. אויב יידישקייט
וועט נישט גיין טריט ביי טריט מיט די יידישע שאַפונגס־ און לעבנס־
פּראָצעסן, וועט אויך זי פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ רעליגע, אין אַ גאָלער
רעליגיע.

אָט האָבן מיר געהאַט, און נאָך גאָר נישט לאַנג צוריק פאַרלוירן, צוויי
יידישע גאונים: חיים נחמן ביאַליק און יצחק לייבוש פרץ. וויל איך נישט
זאָגן, אַז אַלץ, וואָס זיי האָבן געשאַפן, פאַרדינט פאַרהייליקט צו ווערן,
אַריינגעשטעלט צו ווערן אינעם יידישקייט־היכל. אָבער עס קען נישט זיין
קיין שום ספק, אַז ביי בײדע זענען פאַראַן לרוב עכטע יידישע פערל,
אמתע „מינדלעכע לערע” פון אונדזערע הייַנטיקע צייטן. עקסיסטירן זיי
אָבער נישט פאַר דער עקסטרעמער אָרטאָדאָקסיע. נאָך מער, זיי זענען גאָר
דוכט זיך, (איך וועל זיין צופרידן, אויב איך האָב אַ טעות) בײדע פאַר־
רעכנט ווי טריף־פסול עד היום הזה. לערנט מען פראַגמענטן פון זייערע
שאַפונגען, וואָס פאַרדינען בלי ספק געלערנט צו ווערן, אין די תל־
מוד־תורות און ישיבות פון אונדזערע חרדים? און אויב נישט, טאָ פאַרוואָס?
שוין־זשע דערפאַר, וואָס מען קען ביי זיי געפינען רעשטלעך פון אַפּיקור־
סות, אַ ירושה פון אַ געוויסער עפּאָכע פון יידישער געשיכטע, וואָס איז
משמעות געווען אַן אומפאַרמיידלעכקייט, צום גליק נאָר אַ פאַרבייגייענ־
דיקע ? האָבן אַמאָליקע יידן געוואוסט צו מאַכן אַ חילוק צווישן ווערק פון
די זעלביקע חכמים, אַוועקגעוואָרפן די קליפּה און אויפגעהיט דעם תוך

(זע דעם פאַל פון „מקור חיים״ און „כתר מלכות״ פון ר׳ שלמה אבן-גבירול). זענען זיי, ווייזט אויס, געווען לעבעדיקער און רירעוודיקער, ווי זייערע היינטיקע יורשים.

אָנגעהויבן פון דער צווייטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט, זענען ביי יידן אויפגעקומען צוויי גרויסע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען — ציוניזם און סאָציאַליזם, די ערשטע — אַ ריין יידישע, אַרויסגעקוועלט פון יידישער געשיכטע און פון יידישער מאַטעריעלער און גייסטיקער נויט, די צווייטע — אַריבערגענומען פון דער פרעמד, הגם אויך זי האָט, באַוואוסט צי אומבאַוואוסט, געצויגן יניקה נישט בלויז פון היינטיקע יידישע צרות, נייערט אויך פון אַלטע גייסטיקע יידישע קוואַלן. און הגם געקומען פון דרויסן, איז אויך דער סאָציאַליזם געוואָרן אַ טייל פון דער היינטיקער לעבעדיקער יידישקייט און אַ קאָנטיקער גייסטיקער כוח אינעם לעבן פון די אָהעמע יידישע מאַסן. און אַ קימאַ־לן האָבן מיר, אַז יידישע חכמים האָבן קיינמאָל נישט אָפּגעוואָרפן אַ וועלכע נישט איז אידעע נאָר דערפאַר, וואָס זי איז געקומען פון דרויסן. אַ סכנה פאַר יידישקייט שטייט אויף נאָר דעמאָלט, ווען דאָס פרעמדע ווערט פּראָסט נאָכגעמאַכט דווקא דערפאַר, ווייל עס איז פרעמד און במילא העכער און שענער פאַר אונדזער אייגנס, אָדער ווען דאָס פרעמדע ווערט מעכאַניש צוגעטשעפּעט צו יידישקייט. פאַרדייעט זי אָבער דעם פרעמדן שטאָף און אַסימילירט אים כימיש, קען דאָס פרעמדע ווערן אַ ברכה פאַר אונדז.

פרעגט זיך, וואָס פאַר אַ שטעלונג האָט די יידישע אָרטאָדאָקסיע, נישט גערעדט פון יחידים און קליינע גרופּקעס, גענומען צום סאָציאַליזם, ווי אַן אידעע, און צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צווישן יידן, ווי אַ געזעלשאַפטלעכן פאַקטאָר ? וואָלט שוין געווען געזונטער פאַר יידישקייט, פון אַ טיפערן פרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט, ווען זי נעמט אַ נעגאַטיווע שטעלונג, איידער דאָס איצטיקע פאַרשווייגן, אָדער „נייטראַליטעט״, וואָס ברענגט אונדז אין זכרון די געפערלעכע סטראָפּע פון גאָט און צעזאַר, אַ סטראָפּע פון אַ בוך, וואָס יידן האָבן אַלעמאָל באַטראַכט, און מיט רעכט, ווי אַ בפירוש אַנטי-יידיש. און צי וואָלט נישט כדאי געווען אַ קלער צו טון, צי קענען נישט געוויסע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־יום-טובים און סימבאָלן, אָנגענומען פון אַ גרויסן טייל יידן, אויף דעם אָדער יענעם פאַסיקן אופן און אין דער ריכטיקער מאָס, געיידישט ווערן ?

נאָר לאָמיר זאָגן, אַז דער פרעמדער אָפּשטאַם פון סאָציאַליזם איז געווען אַזאַ פּגימה, וואָס לאָזט זי נישט מתקן זיין. (דער פאַקט, וואָס סאָציאַליזם איז ביי יידן, ווי ביי אַלע פעלקער, געגאַנגען אָפּט צוזאַמען מיט

אַפּיקורסות, וואָלט געווען נאָר אַ פּסיכאָלאָגישע דערקלערונג פאַר דער שטעלונג פון פרומע יידן אָבער נישט קיין באַרעכטיקונג). נו, און וואָס הערט זיך מיטן ציוניזם? אַז ער איז יידיש מבטן ולידה, איז קלאָר פאַר יעדן בר־דעת. נאָר מיט פאַרדרייטע פּלפּולים, וואָס מיט זייער הילף קען מען אַפּילו באַווייזן, אַז צוויי מאָל צוויי איז נישט פיר, נאָר אַ לאָפּעטע, האָט מען געקענט קומען דערצו, אַז וועלן האָבן לופט צו אָטעמען און אַ באָדן אונטער די פיס הייסט וועלן זיין ככל הגויים, באשר בכן גוים האָבן ביידע אַלעמאָל געהאַט און באַדאַרפן עס אויך האָבן.

געפינען זיך נאָך עד־היום פרומע יידן, הגם, צום גליק, ווערט זייער צאָל אַלץ קלענער, וואָס קוקן קרום אויף דער ציוניסטישער באַוועגונג. פאַרשטיי איך גאַנץ גוט, אַז מען קען האָבן טענות קעגן געוויסע אַזוי־גערופענע וועלטלעכע אויסערלעכע מאַניפעסטאַציעס פונעם ציוניזם, ריכ־טיקער — פון געוויסע טיילן פון דער דאָזיקער גרויסער פאָלקס־באַוועגונג. אָבער ווי קען מען עס נישט פאַרשטיין (דוכט זיך, אַז הרב קוק ז״ל האָט דאָס שוין געזאָגט און דער דאָזיקער געדאַנק קומט צו מיר פון אים), אַז אויף די דאָזיקע עבירות איז מכפּר די גרויסע מצוה, וואָס דער ציוניזם טוט שוין דערמיט אַליין, וואָס ער באַזעצט ארץ־ישראל מיט יידן, אפילו אויב מען זאָל נישט זאָגן, אַז זי איז שקולה כנגד כל המצוות שבתורה, ווי אונדזערע חכמים האָבן עס געוואָלט האָבן.

אָבער נישט בלויז צוליב דעם קען מען דעם ציוניזם אַ סך מוחל זיין, בייערט אויך צוליב אַן אַנדער גרויסער מצוה, וואָס אויב זי שטייט נישט ערגעץ באַזונדערס געשריבן, איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל מיט איר איז פול די גאַנצע תורה שבכתב און תורה שבעל־פה. איך מיין די ציוניסטישע טאַט, וואָס שאַפט דעם מאַטעריעלן יסוד פאַרן יידישן קיום און במילא פאַר יידישקייט. דעם דאָזיקן גרויסן פאַקט קענען נישט שטעלן אין שאָטן קיין שום אמתע, און אוודאי שוין נישט אויסגעטראַכטע, חטאים און עבירות בין אדם למקום, וואָס ציונים־יחידים אָדער געוויסע גרופן באַגייען, און אַ פשיטא שוין נישט אפיקורסישע געדאַנקען און טע־אָריעס, וואָס הייגט דרשנט מען זיי און מאָרגן וועלן די בעלי־דרשהס אַליין זיי פאַרגעסן.

וואָס גיכער און וואָס מער יידן עס וועלן, טאַקע צוליב די „אַפּיקור־סישע" חלוצים, זיך באַזעצן אין אונדזער לאַנד, אַלץ מער יידישקייט וועט געראַטעוועט ווערן פון ירידה און אונטערגאַנג. און דאָס ריינע, ערלעכע חלוצישע לעבן, דער הויכער מצב פון חברישקייט, וואָס די חלוצים האָבן זיך צו אים דערהויבן, האָט דאָך אויך עפּעס אַ ווערט, נישט בלויז פאַרן

יידישן מענטשן, נאָר אויך פאַר יידישקייט, פאַר יידישער פרומקייט. ווען עוואַנגעלישע מיסיאָנערן פאַרמסרן אונדזערע חלוצים ווי „הערע־טיקער", ווי „גאָטלאָזע באָלשעוויקעס", פאַרשטיי איך דאָס וואויל. פון זייער הימלישן גאָט זענען טאַקע אונדזערע חלוצים אַ מהלך ווייט, אָבער צום גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב זענען זיי גאָר נאָענט. און די דאָזיקע נאָענטקייט שפירט מען אין אַלץ, וואָס זיי טוען, אין אַלץ, מיט וואָס און דורך וואָס זיי לעבן.

איז עס טאַקע אַ פרייד צו זען, אַז פרומע יידן האָבן זיך פאַר דער אַפיקורסות נישט אָפגעשראָקן און האָבן אַליין צוגעלייגט אַ האַנט צום ישוב ארץ־ישראל און אַפילו קיין מורא נישט געהאַט זיך צו זעצן ביי איין טיש מיט די „אַפיקורסים" און צו אַרבעטן מיט זיי פריינדלעך און ברידערלעך, ווייל אַלע יידן זענען ברידער, און ווער עס לייקנט דערין, לייקנט ער אין דער סאַמער יידישקייט.

האָבן די דאָזיקע פרומע יידן נישט בלויז אַ גרויסן פאַרדינסט פאַרן ציוניזם און פאַרן ישוב אין ארץ־ישראל, נייערט נאָך אַ העכערן: זיי האָבן רעהאַביליטירט די טראַדיציאָנעלע יידישקייט, ווי אַ תורת חיים. מיט זייערע מעשים האָבן זיי באַוויזן, אַז יידישקייט האָט נאָך אין זיך גענוג לעבעדיקע זאַפטן, וואָס וועלן זי אויפהיטן אַזוי ווי זי איז אַלעמאָל געווען, ווי אַ געהייליקטער לעבנס־וועג, און זי נישט לאָזן פאַרבלאָנדזשען און פאַרלוירן גיין אויף די פרעמדע וועגן פון אַ רעליגיע צווישן רעליגיעס.

דער ציוניזם איז אָבער נישט בלויז אַ געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע באַוועגונג פון אַ באַשטימטער ריכטונג. ער איז געוואָרן אַ פאָלקס־ענין אינעם סאַמע עכטן זינען פון דעם וואָרט. מאַכט נישט אויס, וואָס נישט אַלע יידן זענען ציוניסטן. עס זענען ביי אונדז תמיד געווען אינדיפערענטע מאַסן און געוויסע מינדערהייטן, וואָס זענען נישט מיטגעגאַנגען מיט די אַק־טיוו־שאַפערישע עלעמענטן פון פאָלק. האָט די דאָזיקע באַוועגונג אירע געשיכטלעכע דאַטעס, ווי ד"ר טעאָדאָר הערצלס יאָרצייט, דער אָנדענק־טאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע וכדומה, אירע סימבאָלן — די בלוי־ווייסע פאָן, און איר געזאַנג — די התקוה. זענען אין די לעצטע צענדלינגער יאָרן אין ארץ־ישראל אויפגעקומען נייע יום־טובים און מנהגים, אָדער אַלטע, וואָס זענען אַרויס פון געברויך, זענען ווידער באַנייט און אָפּ־געפרישט געוואָרן. אונדזער אַלטע שפּראַך, דאָס הייליקע לשון פון תורה און תפילות, האָט אויפגעלעבט ווי אַ וואָכעדיקע שפּראַך פון טאָג־טעג־לעכן געברויך.

האָט די רעליגיעזע יידישקייט באַוויזן אַ גענוג האַרציקן צוגאַנג צו די

אַלע פּאַקטן און דערשיינונגען פון דעם נייעם יידישן לעבן, האָט זי גע־מאַכט נשמהדיקע הכנות אויף צוצוגרייטן דעם באָדן, אַז די נייע דאַטעס, סימבלאָן און מנהגים זאָלן אין אַ שפּעטערדיקן מאָמענט (איך וויים וואויל, אַז מיטאַמאָל טוט זיך עס נישט און אַז עס פאָדערט זיך אַ געוויסע צייט־לעכע דיסטאַנץ, כדי דאָס וואָכעדיקע זאָל קענען געהייליקט ווערן), אַרונ־טערגענומען ווערן „אונטער די פליגלען פון דער שכינה", פונקט ווי דאָס איז געשען מיט אַמאָליקע יידישע נאַציאָנאַלע געדענק־טעג און יידישע פאָלקס־מנהגים? וואָלט דען שוין נישט צייט געווען, ווידער צונויפצו־שמעלצן די באַגריפן פון „הייליקן לאַנד" מיטן יידישן פאָטערלאַנד, פון דער „הייליקער שפּראַך" מיט דער יידישער נאַציאָנאַלער שפּראַך, כדי נישט צו דערלאָזן ביי אונדז צו אַ סעפּאַראַציע, ווי ביי גויים, פון וואָכע־דיק־נאַציאָנאַלן און הייליק־רעליגיעזן ?

ווי האָט די יידישע אָרטאָדאָקסיע רעאַגירט אויף דער לעצטער און דער גרעסטער יידישער קאַטאַסטראָפע פון אַלע דורות? געוויס האָבן פרומע יידן, נישט וויניקער און אפשר נאָך מער ווי אַנדערע, געטון, וואָס זיי האָבן געקענט אויף צו העלפן די קרבנות. זיי האָבן חוץ לזה געזאָרגט, אַז די לעבנגעבליבענע זאָלן האָבן כשר עסן, סידורים, מחזו־רים, ספרים און אַזוי ווייטער. איז זיכער אַ גרויסע מצוה און אַ וויכ־טיקע נאַציאָנאַלע טאַט צו זאָרגן דערפאַר. אָבער נישט אין דעם באַשטייט מיין פראַגע. וואָס איך וויל זאָגן, איז: ווי האָט די אָרטאָדאָקסיע רעאַגירט נשמהדיק, אמונהדיק? די מסעי הצלב, די גזירת ת"ח ות"ט האָבן אונדז איבערגעלאָזט האַרציקע און טרויעריקע סליחות, קינות און תחינות, וואָס האָבן פאַראייביקט יידישע פּיין און ליידן און זיי געהייליקט פאַר אַלע דורות. קלערט מען אין אונדזערע פרומע קרייזן אויך אונדזער הייגטיקן טראַגישן אומגליק צו פאַרהייליקן און צו פאַראייביקן אין דער פאָרם, וואָס נאָר אמת גלויביקע קענען איר סוד ? און אויב מען קלערט יאָ, פאַרוואָס ווייסט מען נישט דערפון ? האָבן דען נישט אַלע יידן אַ רעכט וועגן דעם צו וויסן, איז דאָס נישט זיי אַלעמען נוגע ?

האָט אַ גרויסער יידישער וועלטלעכער דיכטער, ה. לייוויק, באַזונגען דעם „נס פון געטאָ" און גראָד האָט ער פאַר זיין הויפּט־העלד גענומען אַ טראַדיציאָנעלן יידן און זיין רעליגיעזע רעאַקציע אויף דעם יידישן ווי־דערשטאַנד. אָבער צי זענען דען אויסגעטריקנט די קוואַלן פון יידישער רעליגיעזער פּאָעזיע, צי האָבן טאַקע באמת אונדזערע האַרציקע אַלטע פּיטנים מער קיין יורשים נישט צווישן די היינטיקע פרומע יידן? און אויב אַזוי, צי איז נישט אַ סברה אַז זייערע יורשים זענען אַ ח. נ. ביאַליק, אַ י. ל.

פּרץ און די נאָך לעבעדיקע יידישע „וועלטלעכע" דיכטער און אַז בכן דאַרפֿן זיי פֿון דער יידישקייט אַדאָפּטירט ווערן? זענען דען דער גרעסטער יידישער פּיין און די גבורה־קדושה פֿון היינטיקע יידן נישט ראוי פֿאַר־הייליקט צו ווערן נאָר דערפֿאַר, ווייל אַ נייער דור, נייע מענטשן זענען געשטאַנען אין צענטער? איז דער קאָמוניסט לעוואַרטאָווסקי, וואָס האָט זיך אַליין איבערגעגעבן די דייטשן, כדי צו ראַטעווען אַן עדה יידן, דער פּועלי־ציוניסט אַנילעוויטש און דער בונדיסט קלעפּפּיש, וואָס זענען גע־שטאַנען בראש פֿונעם געטאָ־אויפֿשטאַנד, נישט קיין יידישע קדושים בלויז דערפֿאַר, ווייל זיי האָבן בעת זייער קורצן לעבן, אַזוי טראַגיש פֿאַרשני־טענעם, נישט אָפּגעהיט אַלע ועשה'ן און לאו'ן? בין איך בטוח, אַז די יידישע געשיכטע וועט אַנדערש, ברייטער און טיפֿער קוקן אויף דעם און וועט זייער אָנדענק האַלטן נישט בלויז טייער, נייערט אויך הייליק.

אָט האָט איר אַ צווייטן פֿאַקט, וואָס פּאַסט זיך אַריין אין דעם אייגע־נעם געדאַנקען־גאַנג. בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און בעת די דייטשן האָבן פֿאַרמאַטערט מיליאָנען יידן מיט כל עינוים קשים און זיי אומגעבראַכט פֿון דער וועלט, האָבן זיך אין נייטראַלע לענדער געפֿונען יידן־אויסוואורפֿן, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט דייטשע סחורות און, ווי מען זאָגט, זיך אָנגעשטאָפּט די קעשענעס מיט גאָלד. האָבן די אַליאירטע רעגירט אויף זייער אופֿן און זיי אַריינגעשטעלט אין די שוואַרצע ליס־טעס. האָבן וועלטלעכע יידישע חברות רעאַגירט אויף זייער שטייגער, צום באַדויערן, אויך נישט אַלעמאָל און אומעטום, און אויסגעשלאָסן די יידישע שותּפֿים פֿון די דייטשע רוצחים פֿון צווישן זייערע מיטגלידער. פֿרעגט זיך אָבער, פֿאַרוואָס האָבן יידישע רבנים נישט רעאַגירט אויף דעם רעליגיעז, דהיינו דורך חרם, דורך קבורת חמור פֿאַר די, וואָס זענען אין צווישן געשטאָרבן? האָב איך דעם איינדרוק פֿון די תשובות, וואָס איך האָב אויף אָט דער פֿראַגע מיינער באַקומען פֿון פֿרומע יידן און יודעי תורה, אַז, ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיי זיך וועגן דעם דאָזיקן ענין נישט גענוג פֿאַרטראַכט און אַז, פֿון דער אַנדערער זייט, האָבן זיי אומקלאָרע ספֿקות, צי קען מען אין די דאָזיקע פֿאַלן אָנווענדן אַזעלכע שטרענגע סאַנקציעס.

פֿאַרשטייט זיך, אַז נישט אין דער גמרא, נישט ביי די ראשונים און אחרונים קען מען געפֿינען אַ בפֿירושן דין אָדער רמז אויף אונדזער ענין. פּשוט דערפֿאַר, ווייל דאָס איז אַ נייע דערשיינונג פֿון אונדזער „פּראָג־רעס", וואָס מען האָט פֿון איר אַמאָל ביי יידן נישט געוואוסט. אָבער אין איין זאַך בין איך אַבסאָלוט זיכער, אַז מען וועט אומעטום געפֿינען גענוג

אָנהאַלט אין אונדזערע אַמאָליקע ספרים פאַר דער סאַמע שטרענגער רעליגיעזער רעאַקציע קעגן דעם דאָזיקן חילול-השם.

אָט האָבן דאָ נישט לאַנג צוריק יידישע רבנים אין ניו-יאָרק אַריינגע־לייגט אין חרם פּראָפעסאָר קאַפּלאַן פאַר זיין נייעם „געבעט-בוך“, וואָס ער האָט על פי טעות אָנגערופן סידור. ווייס איך נישט, צי איז געווען טאַק־טיש-ריכטיק און צוועקמעסיק דאָס צו טון, אָדער נישט. דאָס איז אַן ענין, וואָס אויף צו אָריענטירן זיך אין אים דאַרף מען קענען אַלע פּרטים און דערצו נאָך האָבן אַ ספּעציעלע קאָמפּעטענץ. אָבער אין פּרינציפּ פאַרשטיי איך און באַרעכטיק די מאָטיוון פון די דאָזיקע פרומע רבנים. פרעג איך זיך נאָר: רבונו של עולם, איז דען אַ חטא קעגן פאָלק, אַ חילול פון דיין נאָמען, וואָס איז במילא גלייכצייטיק אַ חילול-השם, ווייניקער וואָגיק, ווי די פאַרשוועכונג פון הייליקע תפילות?

די איינצלנע פּראָבלעמען און פראַגן, וואָס זענען אויבן געשטעלט געוואָרן, קענען פאָרמולירט ווערן אין איין גורל-פראַגע פאַר דער צו־קונפט פון יידישקייט: איז איר נאָך געבליבן כחות בלויז אויף זיך צו האַלטן, בלייבנדיק שטיין אויף אַן אָרט, אָדער וועט זי געפינען גענוג פרישע ענערגיע אויך אויף זיך צו באַוועגן, אויף צו גיין פאָראויס? וועט זי געפינען מוט און קראַפט זיך צו אַנטוויקלען צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלקס-לעבן, אים צו דערהויבן און צו הייליקן אין זיין אינטעגראַלקייט און פאַרשידנאַרטיקייט, אָדער זי וועט זיך אַנטשליסן צו וועגעטירן ערגעץ אין אירע אייגענע אָפּגעזונדערטע ד אמות?

ווילט זיך גלויבן, אַז עס וועט פאַרשווינדן די איצטיקע לעטאַרגיע, וואָס האָט אַרומגענומען געוויסע פרומע קרייזן און דער פאַרגליווערונגס־צושטאַנד אין וועלכן זיי געפינען זיך. טרייסטנדיקע סימנים אויף דעם האָבן מיר: דער שטייגנדיקער אינטערעס צום ישוב ארץ-ישראל און אַקטיוויטעט מצד יענע פרומע קרייזן, וואָס זענען ביז איצט געווען ווייט־לעך, אויב נישט ווייט, פון דער גרעסטער יידישער טאַט פון אַלע יידישע דורות; דאָס טייער האַלטן דאָס יידישע פאָלקס-לשון, וואָס גראָד צווישן די פרומע האָט עס געפונען זיין זיכערסטע היים, הגם זיי ווילן נישט הערן, און נישט אַן גרונד, פונעם וועלטלעכן יידישיזם; די אויפלעבונג פון פרומקייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און די גרינדונג פון אינטעגראַלע יידישע אָרטאָדאָקסישע שולן, — דאָס אַלץ איז אַ גוטער אָנזאָג, אַז עס וועלן „באַנייט ווערן אונדזערע טעג ווי אַמאָל“, אַז די היסטאָרישע יידיש־קייט וועט ווידער אָנקניפּן אירע המשך-פעדים און געפינען אַ נשמה־

דיקע האַרמאָניע מיט אונדזער צייט, ווי זי האָט עס געפונען אין פריער־דיקע צייטן.

ג. — יידישקייט ווי אַ הוילע עטיק

פאַראַן אַ צווייטער פרואוו, דאָס מאָל — אַ נאַציאָנאַל־משכילישער, אַרויסצונעמען פון דער אָרגאַנישער יידישקייט איין גליד און אים צו דערקלערן פאַר דאָס גאַנצע. אחד העם איז בלי ספק געווען דער טיפסטער צווישן די נאַציאָנאַלע, ציוניסטישע דענקערס און שרייבערס פון זיין צייט, וועלכע איז נאָך, אין אַ גרויסער מאָס, אויך אונדזער צייט. אחד העמען האָט דער פּאָליטישער ציוניזם, ווי אַן ענטפער אויף דער אַזוי גערופענער שאלת היהדות, נישט באַפרידיקט. אָבער אויך דער יידישער נאַציאָנאַליזם, די „לאומיות" גיט נישט, ווי ער האָט עס, איינער פון די וויכטיקע אין יענער צייט, מיט אַ קלאָר אויג געזען, קיין תשובה דעם יחיד ווי אַזוי צו לעבן ווי אַ ייד. מיט שפּראַך־ און געשיכטע־למוד קען מען דאָס לעבן פון אַ מענטשן נישט אויספילן. זוכט ער אַ תרופה און געפינט זי אין דעם „מוסר היהדות", אין דער נאַציאָנאַלער עטיק.

נאָר דאָ הויבן זיך ערשט אָן די שוועריקייטן: וואָס איז אַזוינס דער יידישער „מוסר הלאומי", פון וואָס אַקוראַט באַשטייט ער, און וואָס פאָדערט ער פון די יידישע מענטשן? און אחד העמס עצה איז, צו גרינדן בכל תפוצות־ישראל חברות צו פאָרשן און צו שטודירן די דאָזיקע האַרבע סוגיא. אודאי, זאָגט ער, מוז אַזאַ יידישע באַוועגונג קומען פון אויבן, אָבער ביסלעכווייז וועט זי זיך פאַרשפּרייטן אין פאָלק (13). און עס איז אחד העמען גאָרנישט אַרויסגעקומען אויפן געדאַנק, אַז אַזאַ „באַוועגונג", הגם זי הייסט נישט אַזוי, ווייל דאָס וואָרט גופא איז יידן נישט געווען באַוואוסט, עקסיסטירט שוין פון גאָר אַלטע צייטן און זי איז דווקא פאַר־שפּרייט „אונטן" און נישט „אויבן". און הייסן, הייסט זי פּראָסט־פּשוט — יידישקייט. איר אינהאַלט זענען אונדזערע אַלטע באַקאַנטע, די תרי"ג מצוות. משמעות, אַז יידן האָבן גאָר נישט געהאַט קיין באַדער־פעניש און קיין חשק צו וואַרטן, ביז עס וועלן זיך גרינדן יידישע עטישע חברות און ביז זיי וועלן דורך פאָרשן און שטודירן דערקריכן צו אַ ריכ־טיקער דעפיניציע פונעם „מוסר הלאומי".

אויף אחד העמס משל קענט איר זען, ווי שווער די השכלה־ירושה דריקט נאָך אויפן מאָדערנעם יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק, ווי זי פענטע-

וועט אים און לאָזט אים נישט אַרויס אויף דער פריי. פונקט ווי די עטישע, די נביאישע יידישקייט וואָלט עקסיסטירט ווי עפּעס באַזונדערס, אָפּגעטיילט פון דער יידישער גאַנצקייט.

איז עס נישט קיין סוד, אַז די גאַנצע מעשה מיט דער נביאות, ווי אַ יידישקייט פון הוילע רוחניות, פון גאָלער עטיק, איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה, צוגעטראַכט פון יענע, וואָס האָבן געזוכט פאַר זיך אַ גרינגע יידישקייט, וואָס מען זאָל זי קענען טראָגן באַהאַלטן אין אַ וועסטל־קעשענע, אַזוי, אַז זי זאָל זיך נישט אָנזען פאַר דרויסנדיקע און אַליין זאָל מען זי אויך כמעט נישט פילן.

קיינמאָל האָבן די נביאים נישט געקלערט, זיך צו באַגנוגענען בלויז מיט עטישע פאַרשריפטן, הגם זיי האָבן ת־ייד אונטערגעשטראָכן זייער חשיבות. זיי האָבן אָבער אויך גלייכצייטיק נישט אויפגעהערט אָנצוזאָגן דעם פאָלק, אָפּצוהיטן די מצוות פון דער תורה. זאָגט ירמיה (י״ז: כ״א־כ״ג) אָן, נישט צו טראָגן, חלילה, קיין משא אום שבת און נישט צו טון קיין מלאכה. און אויף די, וואָס זענען איינגעשפּאַרט און געדענקען נישט, זאָגט ער, אַז זיי „נעמען נישט קיין מוסר״. זאָגט אָן גאָט דעם פאָלק דורך זיין נביא, דעם פּאַסטוך עמוס, וואָס אונדזערע משכילים קוקן אויף אים ווי אויף איינעם פון די נביאים, וואָס האָבן בולטער ווי אַנדערע אויסגעדריקט דעם אוניווערסאַלן אינהאַלט פון „יידנטום״, אַז ער וועט נישט פאַרגעסן יהודה, „פאַרוואָס זיי האָבן פאַרלאָזן די תורה פון גאָט און דינע געזעצן נישט געהיט״ (עמוס ב: ד). און צענדלינגער אַזעלכע פסוקים קענט איר ביי די נביאים טרעפן.

דער משכילישער פרואוו צו פאַבריצירן אַ קאָנפליקט צווישן דער נביאיש־עטישער און פרושישער „פאָרמאַליסטישער״ יידישקייט, באַווייזט נאָר, אַז די משכילים, בלאָנדזשענדיק צווישן צוויי ציוויליזאַציעס, דער יידישער און דער מאָדערנער גויאישער, האָבן דאָך געהאַט אַ באַדערפעניש צו געפינען אַן אָנהאַלט אין דער אַמאָליקער יידישקייט און געזוכט די אילוזיע פון אַזאַ אָנשפּאַר אין דער נביאות. איז עס אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז אַפילו קריסטלעכע געלערנטע, די בעסערע צווישן זיי, פאַרשטייט זיך, במילא די ווייניקע, ווייזן אַרויס מער פאַרשטענדעניש, ווי אונדזערע משכילים און רעפאָרמערס, פאַר דער טראַדיציאָנעלער און נאָך עד־היום לעבעדיקער יידישקייט פון די פרושים. אָט למשל, ד״ר הערפאָרד, אַ למדן, וואָס קאָן יידישקייט, נישט נאָר די תנ״כישע נאָר אויך די נאָך־תנ״כישע, פון ערשטע קוואַלן. איז אָט וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן פרישות: „קיין זאַך איז נישט אַזוי ווייט פון אמת, ווי די

מיינונג, אַז די פּרושים האָבן פאַרוואַנדלט דעם גלויבן פון די נביאים אין אַ שטייפן, טרוקענעם פאָרמאַליזם. דער אמת איז, אַז די פרושים האָבן אי־בערגענומען די לערע פון די נביאים און פון איר געמאַכט אַ כוח, וואָס האָט געווירקט אויפן לעבן פון פאָלק אַזוי און אין אַזאַ פאָרנעם, וואָס די נביאים גופא וואָלטן נישט געווען אומשטאַנד צו דערגרייכן. און ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען, איז עס קרוב לאמת צו זאָגן, אַז ווען נישט די פרושים און זייערע אויפטוען, וואָלט מען פון די נביאים אפילו נישט געהערט. (דאָס מיינט, מסתמה, אין שפּעטערדיקע דורות. י.ע.) בכל־אופן איז זיכער, אַז די פרושים האָבן באַוואוסטזיניק און קלאָר זיך סומך געווען דווקא אויף די נביאים". און ד"ר הערפאָרד ציטירט דאָ אַקוראַט צום פונקט דעם באַוואוסטן מאמר חז"ל, אַז זינט דאָס בית־המקדש איז חרוב געוואָרן איז די נבואה אָפּגענומען געוואָרן פון די נביאים און איבערגעגעבן געוואָרן צו די חכמים (בבא בתרא י"ב, א). און אַזוי ווי ער וואָלט בפירוש געצילט אין די יידישע רעפאָרמערס, זאָגט ער מיט אַ קלאָרקייט, וואָס קלאָרער קען נישט זיין: „עס איז נישט באַרעכטיקט אַוועקצושטעלן די פרושים אין אַ וועלכער נישט איז אָפּאָזיציע צו די נביאים. באמת איז פרישות די פראַקטיש אָנגעווענדטע נביאות..." (פון מיר אונטערגעשטראָכן י. ע.). און אין אַן אַנדער אָרט: „וואָס די פרושים האָבן געטון, איז זיכער איינער פון די וויכטיקסטע פּרוּוון, וואָס זיינען ווען נישט איז אין דער געשיכטע געמאַכט געוואָרן, צו ברענגען די מעשים פון די מענטשן אין ענגן צוזאַמענהאַנג מיט זייער געפיל פון פליכט און מיט זייער גלויבן אין גאָט" (14).

דער ערשטער יידישער נאַציאָנאַלער דענקער, און נאָך עד־היום איי־נער פון די געציילטע צווישן זיי, וואָס האָט אויפגעדעקט די פוסטקייט און גלייכצייטיק די אַנטיפאָלקישקייט פון די דרשות וועגן רוח היהדות, מוסר היהדות וכדומה, איז געווען יעקב קלאַצקין. וואַרפט ער טאַקע אָפּ מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און טיפקייט פון זיין יידישן אני מאמין אַלע פרוּוון צו פאַרבייטן דאָס קערנדיקע און לעבעדיקע יידישע זיין, מיטן הוילן און לייכטוואַגיקן יידישן באַוואוסטזיין. אַזוי אַרום האָט מען געוואָלט צונויפשטיקעווען אַ באַקוועמע יידישקייט. איז באַקוועם קען אַזאַ יידישקייט טאַקע זיין, אָבער קיין לאַנגער קיום וואָלט איר נישט באַשערט געווען. מוסר אין געדאַנקען, ווי מאָנאָטעאיזם, משיחיזם וכדומה, זענען בטבע אוניווערסאַל און במילא קענען זיי נישט דינען ווי אַ מחיצה צווישן יידן און די פעלקער (15).

מיט פיר יאָרצענדלינג נאָך דעם ציטירטן אַרטיקל פון אחד העם,

הערט איר אַן אָפּקלאַנג פון זיינע געדאַנקען, הגם שטאַרק מאָדיפיצירט, פון אַן אַמעריקאַנער יידישן שרייבער — וואַלדאָ פראַנק. אויך פאַר אים איז יידישקייט בלויז אַן עטישע לערע, מער נישט, וואָס דען — צוגעשניטן לויטן היינטיקן סאָציאַליסטישן מאָדעל. און דאָס וואָרט יידישע מיסיע באַווייזט זיך ווידער, ווי אומעטום און אַלע מאָל, וואו און ווען די לעבעדיקע יידישקייט, וואָס האָט אין דער גאַנצער געשיכטע פון אונדזער פאָלק באמת אויסגעפירט אַ שווערע און ביטערע שליחות אויף דער וועלט, פאַרשווינדט. און באַשטיין, באַשטייט די דאָזיקע מיסיע, לויט וואַלדאָ פראַנק, דערין, צו פאַרשפרייטן צווישן די אומות־העולם די נביאישע עטיק, וואָס איז ביי אים אידענטיש מיטן מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם (איך פיל, אַז פאַר אַ יידישן לייענער, בפרט פאַר אַ ראַדיקאַלן, מוז מען מוסיף זיין, אַז מיין נעגאַטיווע שטעלונג באַציט זיך דאָ נישט צום מאַרקסיזם בכלל און אַ פשיטא שוין נישט צום סאָציאַליזם, נייערט בלויז צו דעם נישט ערנצטן שפיל, צום „סאַלאָן־סאָציאַליזם״, וואָס איז נישט מער ווי אַ פוסט וואָרט, וואָס האָט נאָר איין עובדה — צו פאַרבייטן די גרויסע לעבנס־רעאַליטעט, וואָס הייסט יידישקייט, וואָס נעמט אַריין אין זיך במילא די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין ארץ־ישראל און אין גלות).

פאַר וואַלדאָ פראַנק אָטעמט די פולע יידישקייט, אַזוי ווי זי האָט געלעבט ביז צו דער אויסראָטונג אין מזרח־איראָפּע, „מיט אַ מיטעלעלטערלעכער לופט״. דאָס אינערטע ייד־זיין פונעם אַמעריקאַנער אָלרייטניק, זיין שמאָל און פוסט בירגערלעך לעבן און זיין ענגער לעבנס־אויסקוק באַפרידיקן אים אויך נישט. און מען דאַרף זאָגן, אַז דאָ שטייט ער מיט טויזנט קעפּ העכער פאַר נישט איין מנין ראַבייס, וואָס זיי האָבן גראָד שלום געמאַכט מיט דעם ייִדיש־אַמעריקאַנישן בעל־הביתל און אָנשטאָט אים צו הויבן, נידערן זיי אַראָפּ צו אים. אָבער אויב נישט די מזרח־ און נישט די מערב־יידן פערזאָניפיצירן נישט דעם יידישן גייסט, בלייבט וואַלדאָ פראַנק נאָר צו האָפן אויף אַ נייע יידישע סאָציאַליסטישע קהלה, וואָס וועט באַשטיין פון אַ מינדערהייט. און זאָל זי זיין קליין אין צאָל, איז דאָס גאָר נישט וויכטיק.

און פון זיין קוק־ווינקל איז וואַלדאָ פראַנק גערעכט. פאַר אַ פאָלק האָבן צאָלן אַ גאָר גרויסע באַדייטונג, פאַר אַ סעקטע, פאַר אַ קלייזל, שפּילן זיי קיין ראָלע נישט. איז ער אַ מסתפק במועט: טויזנט יידן זענען פאַר אים די והותר. אויב זיי זענען פאַראייניקט אין אַ גייסטיקער קערפּערשאַפט, וועלן זיי פאַרשטעלן מיט זיך די לייזונג פונעם יידן־פּראָבלעם, פונעם גייסטיקן יידישן קיום (16).

און צום שבח פון וואָלדאָ פראַנק דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אַ חוץ וואָס ער שטייט מאָראַליש העכער פאַר דעם דורכשניטלעכן גאַנץ־ אָדער האַלב־ אַסימילירטן אַמעריקאַניש־יידישן פירער, האָט ער נאָך אַ מעלה, וואָס ער איז אויך לאָגיש־קאָנסעקווענט אין זיין דענקען. רייסט מען אַרויס אַ שטיק אָדער אַפילו נאָר אַ שטיקל פון יידישקייט, מוז מען פאַרלירן אָדער פאַרלאָזן דאָס פאָלק, וואָס האָט פון איר געמאַכט אַ גאַנצע און טאָג־טעגלעכע רעאַליטעט. און עס בלייבט נישט עפּעס אַנדערש, ווי זיך אָנצו־לענען אויף אַ רעשטל פון יידן, אויף אַ שארית.

אָבער נישט קיין שארית־ישראל וואָלט עס געווען, ווי וואָלדאָ פראַנק מיינט. דער לעבעדיקער ישראל וואָלט ביי אָט דער אָפּעראַציע אונטער־געגאַנגען. עס וואָלט געווען גלאָט אַזוי אַ רעשטל, גאָט אַליין ווייסט פון וואָס, עפּעס שטיקלעך־ברעקלעך, וואָס וואָלטן הענגען אין דער לופטן און צו קיינעם נישט געהערט, אַ „נשמה, וואָס גייט אַרום נאַקעט" אין אַ פּוסטן רוים.

נישט בלויז אַ גאַנץ פאָלק קען נישט לעבן נאָר מיט אַן אידעע, יחידים — אויך נישט. אַ הוילער געדאַנק וועט תמיד בלייבן נאָר אַן עניין פון אָנגענעמע און אינטערעסאַנטע סאַלאָן־שמועסן, אָדער אַ טעמע פאַר פאַר־זאַמלונגען. דאָס לעבן אָנפילן דערמיט, קען מען נישט.

ד. — יידישקייט אָן אמונה און אָן הייליקייט

אַן אַנדער פּרוואו צו שפּאַלטן יידישקייט אויף שטיקער און צו פאַר־בייטן די גאַנצקייט מיט אַ טייל, ווערט געמאַכט פאַר אונדזערע אויגן און גראַד אין אַ היפּכדיקער ריכטונג. ווי דאָס האָט געטון די אַסימילאַציע, וואָס האָט געוואָלט אויסשיידן די אמונה, בלייבן נאָר ביים יידישן גלויבן און פירן אַ גויאיש לעבן, די נייע פאָלקיסטישע ריכטונג, ווי מען רופט זי אָפּטמאָל אָן, הגם צום אויטענטישן יידישן פאָלקיזם איז זי נישט דער־גאַנגען, נעמט זי אָן דאָס יידיש לעבן, גלויבט אָבער, אַז מען קען עס ממשיך זיין אויך אָן אמונה.

עס קומט אָן שווער אָנצורופן נעמען פאַר אַ טענדענץ, וואָס איז דער־ווייל נישט מער ווי אַ שטימונג, וואָס האָט זיך נאָך נישט אויסגעפאָר־מירט, זיך נאָך נישט קריסטאַליזירט אין אַ באַשטימטן געדאַנקען־סיסטעם. נאָך שווערער איז דאָס, ווייל איטלעכער פון די געציילטע יידישע שריי־בער, וואָס דריקן די דאָזיקע שטימונג אויס, האָט זיך זיינע אייגענע

מיינונגען און קיינער פון זיי, מיטן אויסנאַם אפשר פון א. גאָלאָמב, האָט נאָך נישט געפּרוּווט סיסטעמאַטיש אויסצולייגן זיין שיטה. בכל־אופן איז קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַן איבעררייס מיט די איינגעחזרטע משכיליש־נאַציאָנאַלע אָדער אויפקלערעריש־סאָציאַליסטישע גירסאָס.

וועט זיין טריוויאַל צו זאָגן, אַז דאָס זוכן אַליין פון נייע דרכים איז שוין צו באַגריסן. דאָ רעדט זיך נישט וועגן מאַכן קאָמפּלימענטן חברים און פריינד, בפרט אַז איך אַליין שטיי נאָך אויך דאָרט, וואו זיי שטייען. מיין פאַרשטאַנד אָבער זאָגט מיר, אַז די דאָזיקע פּאָזיציע איז נישט קיין פעסטע, און אַז אויף לאַנג זיך צו האַלטן אויף איר, פאָדערט זיך אַזאַ מין עקווילבריסטיק־קונץ, וואָס לאו כל אדם קען דאָס באַווייזן. ווייל איך דאָ פּרוּוון אַנאַליזירן, צי איז נישט אַמאָל קאַליע דער פונדאַמענט גופא, אויף וועלכן עס האַלטן זיך די זוכער פון ידישקייט אַן אַ ידישן גאָט, אַזוי ווי יידן האָבן אין אים געגלויבט.

אינעם רייכן ידישן ספרים־אַלמער, אינעם אַלטן און אין דעם נייעם, אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן, קען מען געפינען אַן אסמכתא פאַר איטלעכן געדאַנק. בפרט אויב מען שטעלט זיך צופרידן מיט אַן אסמכתא בעלמא, פאַרשפּאָרט מען ווייטער צו זוכן און זיך צו גריבלען. איז מיר שוין אויסגעקומען צו זאָגן איין מאָל און נאָך אַמאָל און איך מוז עס דאָ אויך איבערחזרן: איינצלנע ציטאַטן, אָפּגעריסענע פסוקים און מאמרי חז"ל באַווייזן גאָרנישט. פאַרלאָזלעך זענען נאָר יענע וואָס דריקן אויס אַ מאָטיוו, וואָס קומט ווידער און ווידער פאָר, און אויך נאָר דעמאָלט, ווען ער האָט געשלאָגן וואָרצלען אינעם פאָלקס־באַוואוסט־זיין, משפיע געווען אויף ידישער אויפפירונג, און אַזוי אַרום געוואָרן צו אַ ווירקלעכקייט.

לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף אייניקע פון די שריפטלעכע באַווייזן, אויף וועלכע מען איז זיך אָפּט סומך, כדי אַרויסצוברענגען דעם געדאַנק וועגן ידישקייט בלויז ווי אַ לעבנס־נוסח, ווי אַ שטייגער. אָט איז דער באַרימטער דרש, וואָס טייטשט אויס דעם פּסוק „ואותי עזבו ואת תורתי לא שמרו" (ירמיה, ט"ז: י"א) אין דעם זינען, וואָס הלוואי וואָלטן זיי נאָר מיך פאַרלאָזט און מיין תורה געהיט (הלואי אותי עזבו ואת תורתי שמרו. ירושלמי, חגיגא פ"א, ה"ז). איז אָבער פאַר יעדן בר־דעת קלאָר, אַז דער פשט פון דעם דאָזיקן מאמר קען נישט זיין קיין אַנדערער, ווי דער, וואָס דער תלמוד גופא האָט אים געגעבן, נישט אַז מען קען בכלל פאַרלאָזן גאָט און פונדעסטוועגן היטן זיין תורה, נייערט, אַז „דאָס ליכט פון דער תורה" מוז מחזיר למוטב זיין אויך יענע, וואָס היטן זי אַן גלויבן.

הגם די אָרגאַנישע גאַנצקייט איז פאַר יידישקייט בלי ספק כאַראַקטעריסטיש, הייסט עס אָבער כלל נישט, אַז אין דער דאָזיקער איינהייט גייען נישט אַריין פאַרשידענע עלעמענטן, וואָס אָפט ראַנגלען זיי זיך אַפילו צווישן זיך. עס איז ריכטיק, אַז בדרך כלל ווערט אין דער תורה, אין תלמוד און אין די ספרים פון די שפּעטערדיקע חכמים געשטעלט מער דער טראָפּ אויף די לעבנס־פאָרמען, ווי אויף די גלויבנס־עיקרים. פונדעסטוועגן וועט איר אין דער תורה כמעט תמיד געפינען דעם אנכי ד׳ אלהיך אָדער אני ד׳, ווי אַן אַריינפיר אָדער ווי אַ סיום־זאַץ צו די חוקים ומשפטים. די דאָזיקע געזעצן און דינים דאַרף דער ייד היטן, ווייל גאָט האָט זיי געגעבן און זיי צו היטן פאַרזאָגט.

מען באַרופט זיך אויף דער לערך ברייטער פרייהייט פון געדאַנק, וואָס יידישקייט דערלויבט בנוגע צו די אמונה־עיקרים. איז דאָס טאַקע אמת. דאָס קריסטנטום, וואָס איז בלויז אַ רעליגיע, קען זיך אַזאַ פרייהייט נישט דערלויבן. די מינדסטע חילוקי־דעות אין דאָגמעס פירט צו אַ שפּאַלטונג אין דער קירך און צו דער בילדונג פון באַזונדערע סעקטעס. שטעלט יידישקייט דעם טראָפּ אויף לעבנס־נאָרמען און מעשים, איז פאַר איר די פרייהייט פון געדאַנק און די פאַרשידנקייט אין דער אויסטייטשונג פון די עיקרים נישט קיין לעבנס־סכנה. האָט דער רמב״ם אויפגעשטעלט דרייצן עיקרים, ר׳ חסדאי קרשקש — זעקס און ר׳ יוסף אלבו — דריי. דער לעצטער האָט אפילו געהאַלטן, אַז הגם יעדער ייד איז מחויב צו גלויבן אין חידוש העולם, אינעם באַשאַף פון אַ יש מאין, און ער זינדיקט אויב ער גלויבט נישט דערין, פונדעסטוועגן איז נישט קיין מין, קיין כופר דער, וואָס גלויבט אין דער פאַר־עקסיסטענץ פון אַ חומר הקדמון, פון וועלכער דער בורא האָט מיט זיין רצון באַשאַפן די ברואים (ספר העיקרים, מאמר ראשון, פרק א׳). אָדער אָט האָבן מקובלים פון 13טן יאָרהונדערט און שפּעטערדיקע געהאַלטן, אַז צווישן דעם באַשאַפער, דעם אין סוף, און דעם מאַטעריעלן באַשאַף איז געווען אַ מיטל־רינג: די צען ספירות, ווי גאָטס עמאַנאַציע. שמעקט דאָס שטאַרק מיט פילאָנס פילאָזאָפיע. פונדעסטוועגן איז די קבלה נישט דערקלערט געוואָרן ווי אַן אפיקורסות, חלילה, הגם קעגנער צווישן די רבנים האָט זי געפונען נישט ווייניק.

ר׳ יוסף אלבו, דער ליבעראַלסטער אינעם ענין פון עיקרים, האָט זיך, ווי געזאָגט, באַגנוגנט נאָר מיט דריי, אָבער פון די דאָזיקע דריי אבות, ווי ער רופט זיי, קומען אַרויס אומפאַרמיידלעך אַלע איבעריקע אני מאמינס און זיי אַלע שטייען אויף פאַר אים פעלדזן־פעסט. די אבות זענען: די מציי־

אות פון גאָט, תורה מן השמים, שכר ועונש, דאָס הייסט במילא אויך די השגחה (עיקרים, מאמר ראשון ג׳, י׳). אויך פאַר אים איז די אמונה די איינציקע סיבה, דער איינציקער קוואַל פון גליק. און די שלימות פון דעם מענטשן קען דערגרייכט ווערן נאָר דורך מעשים טובים, וואָס ער טוט פון ליבשאַפט צו גאָט און כדי זיין ווילן צו דערפילן. די טאַט אַליין, אָן דער כונה צו טון גאָטס רצון, איז ווי אַ גוף אָן אַ נשמה. און כדי קלאָר ארויס־צוברענגען זיין געדאַנק, בארופט זיך ר׳ יוסף אלבו אויפן סוף פון קהלת „את אלהים ירא ואת מצוותיו שמור כי זה כל האדם". די מצוות זענען דאָ, ווי אומעטום, געבונדן מיט יראת שמים (ספר העקרים, מאמר ג׳, ה׳).

ר׳ משה חיים לוצאַטו האָט שוין אָנגעוויזן (17), ווי אין צוויי פסוקים פון דער תורה (דברים י׳: י״ב, י״ג) איז אויסגעדריקט די אָרגאַנישקייט און נישט צעטיילבאַרקייט פון גלויבן און מצוות. שטייט דאָרט געשריבן: „און אַצינד, ישראל, וואָס פאַרלאַנגט יהוה, דיין גאָט פון דיר? נאָר בלויז מורא צו האָבן פאַר יהוה דיין גאָט צו גיין אין אַלע זיינע וועגן און אים ליב צו האָבן, און צו דינען יהוה דיין גאָט מיט דיין גאַנצן האַרצן, און מיט דיין גאַנצער זעל, צו היטן דאָס געבאָט פון גאָט און זיינע געזעצן, וואָס איך באַפעל דיר היינט פון דיין טובה וועגן". אָן יראת שמים און אָן אהבת ה׳ זענען נישטאָ קיין מצוות און קיין חוקים, במילא — קיין ייִדי־שער לעבנס־נוסח. און אויב אַ ייִדישער לעבנס־שטייגער האָט זיך גע־קענט טויזנטער יאָרן האַלטן אין אַ פרעמדער און פיינטלעכער וועלט, איז דאָס בלויז דערפאַר, וואָס ער איז ג ע ה יי ל י ק ט געוואָרן דורך דער אמונה.

איר וועט דערום נישט געפינען קיין ייִדישן חכם, וואָס זאָל בכלל אַוועקנעמען פון ייִדישקייט איר אמונה־יסוד. צי איז זי געבויט אויף דרייצן עיקרים, אָדער אויף זעקס, אָדער אויף דריי, אָדער גאָר אויף איי־נעם, אויפן וצדיק באמונתו יחיה פון חבקוק, — אָן אמונה איז קיין ייִדיש־קייט נישטאָ, אָדער ווי רב צעיר האָט דאָס ביי אַן אַנדער געלעגנהייט גלענצנדיק פאָרמולירט, קען מען ייִדישקייט אויף אַ נול, אויף אַ גאָרנישט, בכל אופן נישט בויען (18).

דער אר״י הקדוש האָט טאַקע געזאָגט, אַז אַלע תרי״ג מצוות זענען עיקרים. אָבער דערמיט, פאַרשטייט זיך, נישט געמיינט צו זאָגן, אַז מעשים אָן גלויבן זענען גענוג. מצוה מיינט אין ייִדישן שפּראַך־געברויך, גלייכצייטיק גאָטס געבאָט און אַ גוטע טאַט. שיידן זיי איינע פון די אַנדערע, אין איין זינען צי אין אַ צווייטן, קען מען נאָר מיט געקינצלטע מיטלען. האָבן טאַקע ייִדן זיי קיינמאָל נישט אָפּגעשיידט

איינס פון צווייטן. דער דאָזיקער פאַקט איז די סאַמע אויטאָריטאַטיווע און באַגלויביקסטע פון אַלע ציטאַטן, וואָס ווערן געבראַכט.

די פּראָבעס אָפּצוגטן דאָס געטלעכע פון דעם מענטשלעכן געזעץ זענען געמאַכט געוואָרן ערשט אין דער לעצטער, און גראָד נישט דער גלענצנדסטער, עפּאָכע פון דער יידישער געשיכטע. און די ביז איצטיקע עקספּערימענטן, וואָרעם מער ווי עקספּערימענטן זענען דאָס נישט געווען, האָבן געגעבן גראָד טרויעריקע רעזולטאַטן.

ווילן די איינע אָננעמען די הלכה, אָבער די אגדה איז פאַר זיי לאו דוקא. און זיי פאַרגעסן, משמעות, אַז הן ביי די חכמי התלמוד, און הן ביי די שפּעטערדיקע חכמים, נישט אויסגעשלאָסן דעם ראַציאָנאַליזירנדיקן רמב״ם, איז די אגדה געשאַצט געוואָרן פּונקט אַזוי הויך ווי די הלכה. יידן, לערנענדיק און לייענענדיק תורה, זאָגן זייביידע בנשימה אחת און מאַכן גאָר קיין חילוק נישט צווישן דער און יענער, ווייל ביידע זענען דברי אלהים חיים. אין תלמוד בבלי, וואָס ער ווערט דאָך פאַררעכנט פאַר דער פעסטונג פון דער טרוקענער הלכה, פאַרנעמט אויך די אגדה לערך אַ דריט־חלק. און ביידע זענען אַזוי צונויפגעבונדן, אַז עפּ״י רוב איז גאָרנישט מעגלעך זיי פונאַנדערצוטיילן. אַז עס האָבן זיך געפונען צווישן יידישע חכמים אַזוינע, ווי געוויסע גאונים למשל, וואָס האָבן די אגדה געשטעלט אויף אַ נידעריקערע מדרגה, האָבן זיי בלויז געוואָלט אָפּפרעגן איר חשיבות ווי אַ מקור פאַר הלכה, אָבער בשום אופן נישט איר אייגענעם ווערט, איר אייגענע הייליקייט, אויף איר באַזונדער פעלד. אָבער אפילו אַז די באַגרענעצונג פון דער אגדה האָט זיך ביים פאָלק נישט אָנגענומען. מיט ליבע און פרייד האָט עס זיך צו איר באַצויגן, און אַזוי איז עס געקומען דערצו, אַז נישט ווייניק דינים און מנהגים, אַרויסגעשטאַמט פון דער הגדה, האָבן זיך אין פאָלק איינגעוואָרצלט (19).

קומען אַנדערע און זאָגן, דעם גלויבן האָבן מיר פאַרלוירן. מילא, וועלן מיר זיך באַגיין אָן אים. דערפאַר אָבער קענען מיר און ווילן מיר האַלטן טייער און אָפּהיטן די יידישע טראַדיציעס. און זיי זעען גאָרנישט, ווי אין איינעם דערמיט וואַרפן זיי אָפּ די געזונטסטע, די פּרוכטבאַרסטע און די טייערסטע פון אַלע יידישע טראַדיציעס, זייער נשמה גופא, דהיינו זייער הייליקייט, וואָס נעמט זיך פון זייער אויסערמענטשלעכקייט, פון זייער געטלעכן מקור.

קומען צום סוף די דריטע און זאָגן: דער עיקר איז דער יידישער לעבנס־שטייגער, אים דאַרפן מיר האַלטן, לויט אים מוזן מיר זיך פירן. איז דאָס אַ ריכטיקער און געזונטער געדאַנק, בפרט אין אונדזערע צייטן

און פאַר די ראַדיקאַלע קרייזן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון מצוות מעשיות, איז אַ סימן פון געוויסן־פרייהייט און נישט, ווי עס איז אין דער אמתן, אַ צייכן פון הפקרות. פרעגט זיך אָבער, איז דער בית־המדרש נישט קיין טייל, און גאָר אַן אָנזעעוודיקער און חשובער טייל, פונעם יידישן לעבנס־שטייגער? זענען די תפילות נישט פונקט אַזאַ וויכטיקער עלעמענט פון אונדזער שטייגערישקייט?

אַז שבת געהערט צום יידישן לעבנס־שטייגער, איז לית מאן דפליג. וויל מען אין די ראַדיקאַלע היימען באַנייען דעם קבלת שבת. נאָר וואָס איז שבת, אויב ער איז נישט הייליק, אויב ער איז נישט מער ווי אַ רו־טאָג, אָנשטאָט דעם גויאישן זונטאָג, אָבער פּרינציפּיעל דאָס אייגענע ווי ער, אויב עס איז נישט דער שבת קודש לד׳. ווי וועט איר מקבל שבת זיין אָן דעם לכה דודי פונעם צפתער מקובל פון זעכצנטן יאָרהונדערט, שלמה אלקביץ, וואָס האָט אין אים אַריינגעלייגט די גאַנצע דבקות פון אַ מיסטישער, ליבנדיקער און גלויביקער נשמה?

מען וויל אָפּפרישן דעם מנהג פון מלוה־מלכה־זיין. איז דאָס טאַקע גאָר פיין. נאָר צי וועט דאָס נישט זיין בלויז אַ קליפה אָן אַ תוך, אַ שאָ־לעכץ אָן אַ קערן, אַ פּוסטע צערעמאָניע, אָן דעם טראַדיציאָנעלן באַגריף פון שבת מלכתא? ווי ווילט איר אַרויסבאַגלייטן די מלכה, אַז זי איז גאָר קיין מלכה נישט, אַז זי איז גאָר נישטאָ, וואָרעם, צוזאַמען מיטן מלך, איז זי פאַרשוואונדן אין אָפּגרונט פון סקעפּסיס און רעליגיעזער אינדי־פערענץ. אָט דער עקספּערימענט פון אָפּהיטן דעם גוף פון יידישקייט, פאַרלאָזנדיק איר נשמה, וואָלט זיך געמוזט ענדיקן פונקט אַזוי קאַ־טאַסטראָפאַל, ווי יענער פון דער אַסימילאַציע, וואָס האָט געוואָלט ראַ־טעווען די הוילע יידישקייט־נשמה, צעשיידט מיטן יידישן פאָלקס־גוף.

אין דער ט ע אָ ר י ע פון שטייגערישקייט, אָבער נישט, פאַר־שטייט זיך, אין יידישן שטייגער־לעבן גופא, שטעקט נאָך אַ סכנה, וואָס איך וואָלט אָנגערופן די סכנה פון י י ד י ש ן פּ ר אָ ו ו י נ צ י אַ ל י ז ם. דער יידישער שטייגער איז פאַרשידן לויט לענדער און לויטן אָפּשטאָם פון יידישע קהלות. פאַר מיר פערזענלעך, למשל, ווערט דער יידישער לעבנס־שטייגער אידענטיפיצירט מיט דעם אופן, ווי יידן האָבן געלעבט און זיך געפירט אין מיין ליטווישן געבוירן־שטעטל. מיט אים זענען פאַרבונדן מיינע זיסע קינדער־זכרונות און פאַר קיין רייכקייט אויף דער וועלט, וואָלט איך אָט דעם שטייגער ג ע ד אַ נ ק ל ע ך און ג ע־פ י ל מ ע ס י ק נישט פאַרביטן אויף עפּעס אַנדערש. איז אַזאַ באַצי־אונג ס ע נ ט י מ ע נ ט אַ ל אַבסאָלוט באַרעכטיקט, נאַטירלעך, און

אַזוי באַדאַרף עס צו זיין. אָבער מאַכן פון דעם דאָזיקן סענטימענט אַ יידישקייט־בנין פאַרן כלל־ישראל, וואָלט געהייסן אַנטוויקלען צווישן אונדז לאַנד־ און צייט־יידישקייטן, בעת מיר האָבן די פּרעטענזיע צו זיין אַ ג אַ נ צ ע א י מ פּ ע ר י ע (שרעקט זיך נישט, — אָן אַן אַרמעע און אָן אַ פּלאַט, סך־הכל—אַן אומשולדיקע און וואָפנלאָזע ממלכת כהנים), און מיר זענען טאַקע אַ וו ע ל ט ־ פ אָ ל ק.

ווילט איר דאָס דאָזיקע פאָלק צעשפּליטערן אויף שבטים און שבטים־לעך ? אויב אַזוי, וואָס־זשע וועט ווערן פון אונדז און וואָס וועט ווערן פון אונדזער המשך, דאָס הייסט פון אונדזער היסטאָרישער פּערזענלעכ־קייט, און קיין אַנדער פּערזענלעכקייט האָט דאָך אַ פאָלק נישט, וואָרעם נאָר דער געשיכטלעכער זכרון מאַכט אַ פאָלק פאַר אַ באַזונדערע אינדי־ווידואַליטעט, פאַר אַ באַזונדערן איך ? וואָס וועט אַריבערוועגן : די היינטיקע שטייגערישקייט, מיט אַלע אירע פאַרשידנקייטן, אָדער די פונ־דאַמענטאַלע איינהייט פון געשיכטע, גלויבן און ר ע אַ ל י ז י ר ט ע ל ע ב נ ס ־ פּ ר י נ צ י פּ ן, אומטיילבאַר צוזאַמענגעבונדן, — דאָס איז די גורל־פראַגע פון אונדזער קיום און פון אונדזער צוקונפט, ווי איין גרויס וועלט־פאָלק. בין איך בטוח, אַלע שטייגערישקייט־חסידים ווילן אויך דאָס גאַנצע פאָלק. נאָר אויב אַזוי, איך בעט אייך, וואו וועט איר אַהינטון די ספרדים מיט זייער שטייגער און לשון, די אמעריקאַנער יידן מיט זייער באַזונדערן, הגם געמישטן שטייגער ? וועט דאָך קיינער נישט קלערן באמת זיי אַלעמען אַרויסצוואַרפן פונעם יידישן כלל. און אחרון, אַחרון חביב, האָט איר דעם ארץ־ישראל־ישוב, וואָס האַלט אין אויס־פאָרמירן אַ יידישן שטייגער, אַ סינטעז פון אַמאָליקן און היינטיקן, און וואָס גראָד אָט דעם נוסח איז מסתמא באַשערט מיט דער צייט צו ווערן דער מאָדעל פון אַ נייעם און דוקא אַן אַלגעמיין־יידישן לעבנס־סטיל.

זענען אַלע יידישע לעבנס־שטייגערס גאָר אַ דבר גדול. אָבער ווייסט איר פאַרוואָס ? מחמת ביי זייער גאַנצער פאַרשידנאַרטיקייט, מאַ־ניפעסטירט זיך אין זיי אונטער אַלערליי פאָרמען דאָס עיקרדיקע, דאָס שותפותע פאַר אַלע יידן — דער געהייליקטער יידישער לעבנס־וועג. און טאַקע צוליב דעם איז אונדז איטלעכער יידישער (בתנאי ער זאָל זיין יידיש) לעבנס־שטייגער טייער און יעדער טרייער ייד דאַרף אים אָפּהיטן און זאָרגן פאַר זיין קיום, פון איטלעכן באַזונדער, כל־זמן, אין דער פרעמד, אין גלות, קען די פאַרשידנאַרטיקייט פון יידישן לעבן נישט אָפּגעווישט ווערן.

איטלעכער יידישער שטייגער איז, ווייל ער איז יידיש, במילא אַ

מחיצה קעגן דער סטרא־אחרא פון אַסימילאַציע. נעמט אונדזער יידיש לשון. מיליאָנען יידן פון פאַרשיידענע לענדער רעדן אויף אים, דורות יידן האָבן אויף אים געשאַפן. און הגם אויך ער נעמט אַרום נאָר אַ טייל יידן און ער בלייבט בכן אַ יידישע פּראָווינץ־שפּראַך, איז אָבער זיין פּראָווינץ אַזוי גרויס און פאַרשפּרייט איבער דעם ערד־קוגל, אַז זי איז געוואָרן אַ מין קיניגרייך, הגם צו דער יידישער „אימפּעריע" און צו אונדזער „אימפּעריאַלן" לשון, דעם הייליקן לשון, דערגרייכט ער נישט. איז אונדז יידיש טייער און דאַרף טייער זיין אַ ל ע יידן, און אויב חלילה יידיש זאָל ווען נישט איז אונטערגיין, בעת מיר זיצן נאָך אין גלות, וואָלט דאָס געווען פאַר אונדז אַ נאַציאָנאַלער אומגליק. אָבער אויב יידיש קען נאָך געראַטעוועט ווערן פון אונטערגאַנג, קען דאָס געשען נאָר אין זכות פון יידישקייט. און עס קען גריילעך געמאָלט זיין, אַז מיר וואָלטן איצט נישט געהאַלטן אַזוי שמאָל מיט יידיש, ווען די יידישע ליטעראַטור וואָלט נישט פּראָדוצירט אַזוי פיל ביכער און אַזוי ווייניק ספרים, ווען זי וואָלט געוואָרן אַ יידישע ליטעראַטור אין דעם דערהויבענעם און כלל־יידישן זינען, כלל־יידיש אין צייט און רוים, וועגן וואָס עס האָט אַמאָל געחלומט אונדזער י. ל. פּרץ.

וויל איך אייך דאָ ברענגען אַ יידיש לידל, וואָס מען פלעגט לערנען אין די פרומע בית־יעקב־שולן אין פּוילן :

יידיש לשון, האַרציק לשון  
פון מיליאָנען ברידער.  
רב לוי יצחק האָט מיט דיר  
געשאַפן פרומע לידער . . .  
ס'האָט רב נחמן מעשהלעך  
אויף יידיש אונדז געגעבן.  
יידיש לשון, מאַמע לשון,  
פרייד פון אונדזער לעבן . . . (20).

אָבער ווי גוט און וואויל וואָלט געווען צו יידיש, ווען דאָס דאָזיקע לידל וואָלט, חוץ רב לוי יצחק און רב נחמן בראַצלאַווער, געקענט אָנרופן כאָטש נאָך אַ מנין גרויסע יידישע שרייבער און דיכטער. וויל איך נישט אינגאַנצן אַרויפוואַרפן די שולד, וואָס זיי פעלן דאָרט, נאָר אויף זיי. דער שר השכחה האָט דאָ אָפּגעטון אַ שפּיצל אויך דעם מחבר פון דעם ציטירטן לידל. אָבער אויך יענע האָבן נישט ווייניק געזינדיקט קעגן יידישקייט און במילא אויך קעגן יידיש לשון.

זיכער זענען די טעאָריעס וועגן הלכה־יידישקייט, טראַדיציע־יידישקייט, שטייגער־יידישקייט אַ גרויסער שריט פאָראויס, בפרט אויב מען בלייבט נישט שטיין ביים דרשהנען אַליין. אָבער ווייסט איר פאַרוואָס? צוליבן אַלטן מאמר, וואָס זאָגט, אַז מתוך שלא לשמה בא לשמה. אויב דאָס וואָלט געווען נישט מער ווי אַן עטאַפּ אויפן וועג צוריק צו יידישקייט, נאָר אַ לעצטע סטאַציע, וואָלט זי, די דאָזיקע סטאַציע, געמוזט ווערן אַ „פּוס־טע קרעטשמע". ווייס איך אַליין, עם לבן גרתי, ווי שווער און שטיינער־דיק עס איז דער וועג צוריק צו יידישקייט, אויב מען האָט זי פאַרלאָזן אין די יונגע יאָרן, און דעם וועג אויף צוריק דאַרף מען דורכמאַכן אין די עלטערע, ווען די כחות זענען שוואַכע און דער טריט נישט קיין זיכערער. ווייס איך בפרט, ווי שווער עס איז צו קריגן צוריק דעם „טאַלאַנט פון גלויבן" און קלער אַפילו נישט אימיצן מוסר צו זאָגן. אויף דעם דאַרף מען אַליין זיין אַ הונדערט פּראָצענטיקער נאה מקיים. אָבער, בלייבנדיק דערווייל ביי די געדאַנקען אַליין, וויל איך זאָגן, אַז נישט אויף אונדז, דעם הייפל יידישע אינטעליגענטן, שטייט די יידישקייט. בכן, די וואָס ווילן באמת ובלב תמים זיך אומקערן צו איר, איז, דוכט מיר, דאָס ערשטע, וואָס מען דאַרף טון, אויפהערן זיך צו חכמענען און צו זוכן דוקא נייעס און עפּעס נאָך נישט געוועזנס. וואָס פאַר אַ טעם האָט עס, צו זוכן מיט אַ חלב־ליכטל און אַפילו מיט אַן עלעקטרישן לאָמפּ בייטאָג, ווען אַרום שיינט די גרויסע הערלעכע זון. דאַרף מען אָננעמען קודם־כל די יידישקייט, אַזוי ווי זי האָט זיך אָרגאַניש און געשיכטלעך אַנטוויקלט. אויף צו קומען צוריק צו אַ היים, וואָס מען האָט פאַרלאָזן, און נישט אַלעמאָל איידל באַהאַנדלט און אָפּט גאָר גרינג־געשעצט, מוז מען זי נעמען און ליב האָבן ווי זי איז, ווי מען האָט ליב אַ מאַמע, ווייל זי איז אַ מאַמע. און אַז מען וועט שוין זיין אין דער היים, ווידער אינעווייניק און זיך פילן דאָרט היימיש, דעמאָלט וועט מען זען. דעמאָלט וועט די אַלטע מאַמע אויסהערן געדולדיק, מיט איר יאָרן־לאַנגער פּקחות, אַלע טענות פון אירע קלוגע, אָבער אויך קאַפּריזנע זין.

---

**רעפערענצן:**

(1) די שפּרוכן פון בעש"ט און פון דעם מעזריטשער מגיד ווערן געבראַכט לויט י. צינבערג, געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן, באַנד 7ב, ז"ז 59, 75.

(2) Hermann Cohen. Die Religion der Vernunft aus den Quellen des Judentums. Leipzig 1919, S. 454.

(3) Ibid SS. 176-78.

(3a) Die Werke Philos von Alexandria, herausgegeben von Prof. Leopold Cohn. Zweiter Teil, Breslau 1910. Ueber die Tungenden §§ 90, 91, 93, 94, 100.

(4) Moses Mendelsohns Schriften. Leipzig 1880, SS. 475-76.

(5) Philip K. Hitti. Los Arabes. Buenos-Aires 1944, p. 46.

(6) S. W. Baron. The Jewish Community. Vol. I, N. Y. 1942, p. 212.

(6a) B. Katz. Iewrieski Sud i « Responsi ». Istoria Iewreiew w Rosii. Moskwa 1915, pp. 219-20.

(7) ש. א. הורודצקי, לקורות הרבנות, ורשה תרע"א, עמוד 167.

(7a) הגם אין שפּאַניע האָבן יידן געהאַט אַ סך א נענטערן קאָנטאַקט מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, ווי אין פּוילן, זענען פונדעסטוועגן די דאָרטיקע יידישע קהלות און די הכמי ספרד, צווישן זיי דער רשב"א און דער ריב"ש, געווען נישט וויניקער שטרענג אינעם פאַרבאָט זיך צו ווענדן צום קריסטלעכן געריכט. דער רשב"א האָט אין דרייצענטן יאָרהונדערט אין שפּאַניע, ווי דער רמ"א — אין זעכצענטן יאָרהונדערט אין פּוילן, אויך געמאַכט אַ חילוק צווישן דינא דמלכותא, דעם קיניגס געזעץ, ד.ה. דעם פונדאַמענטאַלן מדינה־געזעץ, אָבליגאַטאָריש פאַר יידן, און דעם דינא דאומתא, וואָס איז לאו דינא לנו, ד.ה. אַז די געזעצן פונעם לאַנד־פאָלק זענען פאַר אונדז נישט קיין חוב. זע:

A. A. Neuman. The Jewish in Spain. Vol. I. N. Y. 1942, pp. 13-14, 150-51.

פאַרגלייך אויך:

Kisch, Guido, Relations between Jewish and Christian Courts in the Middle Ages, Louis Ginzberg Jubilee Volume, N. Y. 1945.

(8) חורב Samson Raphael Hirsch, sechste Auflage, Frankfurt am Main 1925, SS. 399-400.

(9) Dort, S. 406.

(10) יובילעאום־בוך צום 60סטן געבורטסטאָג פון ד"ר נתן בירנבוים, וואַרשע 1925, ז' 140.

(11) Dr. Natham Biernbaum. Gottes Volk. Wien-Berlin 1918, S. 36.

(12) ד"ר ש. א. האראדעצקי. חסידיזם, בערלין תרפ"ד, ז' 96.

(13) אחד העם. המוסר הלאומי, על פרשת דרכים, חלק שני, ברלין תרפ"א.

(14) R. Travers Herford. The Law and Pharisaism. Judaism and Christianity. Volume III. London 1938, pp. 108-9, 111, 121.

פארגלייך אויך זיין הויפטווערק וועגן די פרושים, וואס איך ציטיר דא לויט דער פראנצויזישער אויסגאבע פון פאיא :

Les Pharisiens. Paris 1928, pp. 164-67.

(15) Jacob Klatzkin. Krisis und Entscheidung im Judentum. Zweite Auflage, Berlin 1921, SS. 10-12.

(16) Waldo Frank. The Jew in our Day. N. Y. 1944, pp. 48, 53-4, 58, 65, 72

(17) מסילת ישרים, חברו רבנו משה חיים לוצאטו, הקדמה און פרק א', ציטירט לויט דער אויסגאבע פון בודאפעסט 1906, ז"ז 16, 8-7.

(18) רב צעיר. סידור תפילה של תועים ומתעים, בצרון, תשרי תש"ו.

(19) זע וועגן דעם ביי ר' חיים טשרנוביץ, תולדות הפוסקים, חלק ראשון, ניו-יארק תש"ו, ע"ע 29, 24.

(20) ציטירט לויטן ארטיקל דערציאונג ביי יידן ; אלגעמיינע ענציקלא־פעדיע, יידן ג'.

# טראַדיציע, צייכנס און סימבאָלן

## א. טראַדיציע און רעוואָלוציע

טראַדיציע, וואָס מיינט נישט עפּעס אַנדערש, ווי די ירושה וואָס דער לעבעדיקער דור האָט איבערגענומען פון פריערדיקע דורות, האָט צוויי שונאים: דער איינער איז די רעוואָלוציע, דער צווייטער איז הפקרות. טרעפט זיך אָבער אַמאָל, אַז די הפקרות דעקט זיך צו מיט רעוואָלוציאָנערע פראַזעס און אַז אין דער רעוואָלוציע גנבענען זיך אַריין הפקרות־מאָטיוון. פונדעסטוועגן דאַרף דאָס אונדז נישט שטערן צו מאַכן אַ קלאָרן חילוק צווישן אָט די צוויי פיינט פון טראַדיציע. און מיר וועלן דעמאָלט זען, אַז די סכנה פאַר דער טראַדיציע מצד דער רעוואָלוציע איז נישט מער ווי אַ פאַרבייגייענדיקע. רעוואָלוציע איז נישט בכלל, אין פּרינציפּ קעגן טראַדיציע. איז דאָך דער מיין פון איטלעכער רעוואָלוציע אַריינצוברענגען נייע אידעען און גלויבנס אָדער איינצופירן אַ נייעם געזעלשאַפטלעכן אָדער מלוכהשן סדר, במילא שטרעבט זי אַליין צו סטאַביליזירן נייע ווערטן און אינסטיטוציעס און אַזוי אַרום זיי צו פאַרוואַנדלען ווידעראַמאָל אין אַ טראַדיציע פאַר די דורות, וואָס קומען. בכן קענען מיר מיט פולן רעכט זאָגן, אַז רעוואָלוציע איז בלויז קעגן באַשטימטע טראַדיציעס, וועלכע זי וויל בייקומען און פאַרבייטן מיט נייע. קען זי שוין במילא נישט זיין פיינטלעך צום פּרינציפּ פון טראַדיציע. נאָך מער, די געשיכטע פון אַלע געוועזענע רעוואָלוציעס, סאָציאַלע צי פּאָליטישע, און פון אַלע ביז איצטיקע רעוואָלוציאָנערע אידעען־שטראָמען באַווייזט אונדז, אַז אַפילו זייער ברען קעגן איינצלנע טראַדיציעס איז אויך נישט מער ווי אַ צייטווייליקער, אַז ביסלעכוויז ווערט ער אָפּגעקילט. און אחרי ככלות הכול, אין דעם מאָמענט ווען די רעוואָלוציע פילט, אַז אירע געוואונענע פּאָזיציעס שטייען מער נישט אין סכנה, מאַכט זי שלום מיט דער פאַרגאַנגענהייט. אַזוי איז געווען מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך לכתחילה געהאַט פאַרמאָסטן אַרויסצוטרייבן רעליגיע, צו אינטערנאַציאָנאַליזירן אירע אידעאַלן און איר נייעם מלוכה־סיסטעם, און וועלכע האָט דערנאָך זיך ווידער איינגעלעבט מיט דער רעליגיע און אַרויסגערופן צום לעבן אַ פראַנצויזישן פּאַטריאָטיזם, אַן אינטענסיווערן און ענטוזיאַסטישערן, ווי דער פאַר־רע־

וואָלוציאָנערער. אַזוי לערך איז אויך געווען דער גורל פון דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָט אויך זי זיך לכתחילה געלאָזט אויף אַן אומ־ברחמנותדיקער מלחמה קעגן גלויבן, דעם „אָפּיום פאַרן פאָלק". זי האָט דערקלערט אַ קאַמף קעגן פאָלקס־מנהגים און פּראָקלאַמירט דעם אָנהויב פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער תקופה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. לעבט אָבער אויך דער ראַטן־פאַרבאַנד גאָר גיך איבער זיין טערמידאָר, הגם נישט אין זינען פון סאָציאַלער און פּאָליטישער רעאַקציע. די אַנאַלאָגיע צווישן דער רוסישער און פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס לעאָן טראָצקי האָט צוגעטראַכט, עקסיסטירט נישט באמת. עס זענען אָבער יאָ פאַראַן געוויסע שותפותע קולטור־פּסיכאָלאָגישע שטריכן אין דער געשיכטע פון ביידע רעוואָלוציעס, בפרט בנוגע צו דעם פּראָבלעם, וואָס אינטערעסירט אונדז דאָ — דעם צוזאַמענהאַנג צווישן רעוואָלוציע און טראַדיציע. דעם רעוואָ־לוציאָנערן סאָוויעטישן קאַמף קעגן רעליגיע קען מען שוין פאַקטיש היינט באַטראַכטן פאַר פאַרענדיקט. נאָך מער — דער ראַטן־פאַרבאַנד גייט שוין איצט אויף אַ וועג, וואָס זיין צווייטער און נאָענטער עטאַפּ וועט זיין אַ סך נענטער צו רעליגיע און קירך, ווי אין די ליבעראַל־קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס האָבן איינגעפירט ביי זיך סעפּאַראַציע פון קירך און מלוכה. דער שלום פון ראַטן־פאַרבאַנד מיט רעליגיע ווייזט אויס צו זיין נישט דער רואיקער פרידן פון געגנטע און צעשיידטע, וואָס הערן אויף זיך צו קריגן, נאָר אַ מין דויערנדיקע פריינדשאַפט מיט דער קירך, ווי אַן אַקטיוון שותף אין דעם נייעם סאָציאַלן און מלוכהשן סדר. די פאָלקס־מנהגים קומען צו זיך. זונטאָג איז ווידער געוואָרן, אויב איך האָב נישט קיין טעות, דער אָפיציעלער רו־טאָג. פּאַסכאַ און ראָזשדעסטווא (קריסטמעס) האָבן צו־ריק באַקומען זייער אַמאָליקן גלאַנץ פון גרויסע חגא־טעג. די פאַמיליע, דאָס „רעשטל פון דער עפּאָכע פון פּריוואַט־אייגנטום", איז היינט צו טאָג פעסט און הייליק אין ראַטן־פאַרבאַנד, הלוואי אויף אַ סך קאַפּיטאַליסטישע לענדער געזאָגט געוואָרן. דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער אימפּעט איז אפשר נישט אינגאַנצן פאַרשוואונדן, אָבער זיין טעמפּאָ איז שוואַכער און לאַנגזאַמער געוואָרן מיטן נצחון פון דער סטאַלין־ליניע פון „סאָציאַליזם אין איין לאַנד".

און אַנדערש האָט עס נישט געקענט זיין, וויבאַלד עס איז נישט פאַראַן קיין פּרינציפּיעלע סתירה צווישן רעוואָלוציע און טראַדיציע, וויבאַלד ביידע שטייען אויפן באָדן פון המשך אין מענטשלעכן לעבן. ביידע, איינע באַ־וואוסטזיניק, די צווייטע הגם אין געוויסע מאָמענטן גיט זי, די רעוואָלו־ציע, זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג דערפון, זענען דורכגעדרונגען מיט אייבי־

קייט־אידעען, זעט זיי די טראַדיציע אינעם עבר, זוכט זיי די רעוואָלוציע אין דער צוקונפט.ביידע אָבער ענטפערן אויף די מעטאַפיזישע באַדערפענישן פונעם מענטשן צו פאַרלענגערן זיין קורצן לעבנס־שפאַן דורך באַהעפטונג מיט דורות, די טראַדיציע — מיט די פאַרגאַנגענע, די רעוואָלוציע — מיט די קומענדיקע. מוז פריער־שפעטער קומען אַ מאָמענט, ווען דער נעכטן און דער מאָרגן טרעפן זיך צוזאַמען אין דעם היינט, כדי צו פאַרוואַנדלען דעם הרף־עין פונעם יחידס לעבן אין דער אומענדלעך־לאַנגער צייט פון דעם כלל־לעבן, אין אַ המשך פון אַמאָליקע פאַרגאַנגענע צייטן און אַ התחלה פאַר די נייע קומענדיקע. פאַלט אַוועק די צייטלעכע באַגרענעצט־קייט פונעם מענטשנס לעבן און די אייביקייט פאַרנעמט איר אָרט.

אָט דער דאָזיקער המשך־ און אייביקייטס־געפיל, איראַציאָנעל, מעטאַ־פיזיש, ווייל מיטן שכל מוזן מיר גאָרנישט קומען צו אים, איז דאָס, וואָס טיילט בעיקר אָפּ דעם מין פון גאָטס באַשאַף, וואָס הייסט מענטש, פון די איבעריקע בעלי־חיים. אויך זיי זענען געלאָדן פון געבורט אָן מיט אַ געוויסער ירושה. די דאָזיקע ירושה אָבער איז בלויז אַ ביאָלאָגישע. זיי פאַרדאַנקען די, וואָס האָבן זיי אויף דער וועלט געבראַכט, נאָר זייער נאַקעטע עקסיסטענץ און געוויסע געירשנטע אינסטינקטן. במילא איז זייער לעבן תמיד אָן אָנהויב און אָן סוף. יעדער אינדיווידיאום אָדער גרופּע הייבן אָן זייער לעבן און פאַרענדיקן עס. דער קרייז־לויף איז דער אייגענער פאַר אַלע עקסיסטענצן. דער פראָלאָג און דער עפּילאָג פון לעבן שפּילן זיך ביידע אָפּ אין משך פון זייער קורצן קיום. זיי האָבן נישט קיין געשיכטע, במילא אויך נישט קיין טראַדיציע, נישטאָ קיין נעכטן, נישטאָ קיין מאָרגן, פאַראַן נאָר אַ היינט.

פרואווט זיך אָבער כאָטש אויף איין רגע פאָרשטעלן דאָס מענטשלעכע לעבן אָן טראַדיציע, אָן דער ירושה פון פריערדיקע דורות. דאָס אַנטקעגנ־שטעלן טראַדיציע און פּראָגרעס (הייסט דאָך ביי אונדז אַ „פּראָגרעסיסט״ דער וואָס „האַלט נישט״ פון „אַלטמאָדישע״ זאַכן) איז נישט מער ווי עם־הארצות, אָדער פּשוט — אַ נאַרישקייט. קיין שום פּראָגרעס, קיין שום ווייטער גיין קען נישט געמאָלט זיין אָן ירושה. ווען עס זאָל אַמאָל אויפֿ־שטיין אַ דור, וואָס זאָל באמת וועלן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם „יאָך פון ירושה״, וואָלט ער זיך געמוזט אומקערן צום צושטאַנד פון דעם פאַר־היסטאָרישן הייל־מענטשן, פון די טראָגלאָדיטן, און צוריקגיין צו דעם דזשונגל. עלעקטריש ליכט איז אַ ירושה, פּונקט ווי באַנען, עראָפּלאַנען, ווי בכלל אַלע גיטער פון אונדזער ציוויליזאַציע. דער דור, וואָס וואָלט זיך באמת אָפּגעזאָגט פון גייסטיקער ירושה, וואָלט געדאַרפט זיך שאַפן אַ נייע

שפּראַך, אַ נייע וויסנשאַפט, אַ נייע קונסט, מיט איין וואָרט — אָנהייבן פון בראשית. נאָר די ירושה, מאַטעריעלע און גייסטיקע, מאַכט בכלל מעגלעך דעם פּראָגרעס פון מענטשלעכן מין.

איר געדענקט מסתמא די שיינע תלמודישע לעגענדע: חוני המעגל שפּאַצירט אַמאָל אָדער רייט אויף אַן אייזל פּאַזע אַ גאָרטן און זעט ווי אַן אַלטער מאַן שטייט, באַדעקט מיט שוויס, און פלאַנצט אַ בוים, אַ באָקסער־בוים, וואָס וועט ערשט אין זיבעציק יאָר אַרום טראָגן פרוכט. אויף חוני המעגלס פראַגע, פאַר וועמען פלאַנצט ער דעם בוים, וויבאַלד ער וועט פון זיינע פּרות נישט געניסן, ענטפערט אים יענער: מיין זיידע האָט פאַר מיר געפלאַנצט, טו איך פלאַנצן פאַר מיינע אייניקלעך. און ווייל דער חכם האָט זיך מיט גרינגשעצונג באַצויגן צו די האָפענונגען פון דעם אַלטן פלאַנצער, איז ער בענש געוואָרן מיט אַ שלאָף, וואָס האָט טאַקע געדויערט זיבעציק יאָר. און אַ שטראָף וואָלטן אויך געדאַרפט באַקומען אַלע די, וואָס פאַרגעסן, וואָס די זיידעס האָבן פאַר זיי געטון. ווער עס פאַרגעסט דאָס, וועט אויך לייכט פאַרגעסן זיין חוב פאַר זיינע אייניקלעך. די וועלט וואָלט שטיין געבליבן און גיך ווי אַ שאָטן וואָלט דער מענטש פאַרשוואונדן, אָן אַ שפור און אָן אַ זכר.

עס איז טשעקאַווע, ווי אַ מאָדערנער שריפטשטעלער און גראָד אַ רעוואָלוציאָנערער, קען זיך דוכטן אַזאַ ווייטער פון חוני המעגלס לאַנד, צייט און גייסט, אַנאַטאָל פראַנס, קומט צום אייגענעם געדאַנק פון זיידעס און אייניקלעך און אויך אים פירט אַרויף אויף דעם. דאָזיקן געדאַנק אַ בוים. דאָס מאָל איז עס נישט קיין באָקסער־בוים, וואָס דער מענטש געניסט פון זיינע פרוכטן, נייערט אַ דעמב, וואָס זיין שאָטן פאַרשאַפט דעם מענטשן רו און פרישקייט. זאָגט צו אים דער דעמב־בוים כהאי לישנא: דערמאָן זיך אין דיינע עלטערן און עלטערנס עלטערן, וואָס, ווי דו איצט, זענען זיי אין מיין שאָטן געזעסן און מיר זייערע ליידן און פריידן פאַרטרויט. אַז דו וועסט זיך אין זיי דערמאָנען, וועסט דו, עפּעמערע באַשעפעניש, וואָס דו ביסט, דורכלעבן און איבערלעבן יאָרהונדערטער אין די ווינציקע יאָרן, וואָס זענען דיר באַשערט. און וויסן זאָלסט דו, זאָגט ווייטער דער דעמב־בוים, אַז זיי אַלע האָבן געאַרבעט און געליטן פאַר דיר, געוואַרט און געהאָפט אויף דיר (1).

פון דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין, אַז דורות און דורות האָבן מיטן שוויס פון זייער פּנים געפּראַצעוועט פאַר יעדן איינעם פון אונדז, געליטן פאַר און געבענקט נאָך די וואָס וועלן פון זייער זרע אַרויסקומען, פון אָט דעם באַוואוסטזיין, וואָס איז די בריק צווישן דעם, וואָס איז געווען, וואָס איז און

וואָס וועט זיין, שטאַמט אַרויס דאָס דאַנקבאַרקייט־געפיל, וואָס אַלע מענטשן פילן פאַר די פאַרגאַנגענע דורות, אַ געפיל, וואָס ביי געוויסע פעלקער, ווי למשל אין אַלטן מצרים און אין מאָדערנעם יאַפּאַן, איז ער איבערגעגאַנגען אין אַ פאַרגעטערונג, געוואָרן אַ קולט, אָבער וואָס אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, געפינט איר אים ביי אַלע פעלקער פון דער וועלט, אַמאָ־ליקע און הייַנטיקע, ביי טראַדיציאָנאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן צוגלייך. לילי אַבענג, אַן אויסגעצייכנטע קענערין פון יאַפּאַנישן לעבן, זאָגט, אויפן גרונט פון איר דערפאַרונג אין יאַפּאַן, אַז אַפילו אַ יאַפּאַנישער קאָמוניסט וואָלט בלייך געוואָרן פון שרעק, ווען ער זאָל חלילה אַמאָל פאַרגעסן צו באַפּוצן מיט בלומען זיין פאָטערס קבר (2). איר ווייסט נישט זען, אַז ביי צי־וויליזירטע מענטשן זאָל מען מתים אַוועקוואַרפן ווי אַ פגר. בית־עולמס געהערן צו די הייליקסטע פלעצער (דער „הייליקער אָרט”, דאָס „הייליקע פעלד” וכו’) און ביי די גוים — צו די שענסטע. די קבורה איז ביי אַלע קולטור־פעלקער באַגלייט מיט צערעמאָניעס. צי זענען די צערעמאָניעס רעליגיעזע אָדער וועלטלעכע, צי זאָגט מען אַ מעסע, אָדער, להבדיל, ביי אונדז — קדיש, צי זינגט מען גאָר, ווי עס פירט זיך ביי געוויסע לינקע, דעם אינטערנאַציאָנאַל, איז דאָס אַלץ אַן אויסדרוק פון דעם מעטאַפיזישן, טיף־רעליגיעזן אייביקייטס־דורשט פון דעם מענטשן, וואָס קען נישט מושוה ווערן מיטן געדאַנק פון טויט, ווי אַ סוף, און ער באַהעפט דארום די לעבעדיקע מיט די געשטאָרבענע דורך אַ געפיל פון אַכפּערקייט און דאַנקבאַרקייט, אין דעם ציטער פון אומשטערבלעכקייט. אויב מען האָט אין דער הויפּטשטאָט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין מאָסקווע, אין איר האַרץ גופא, אויפן היסטאָרישן רויטן פּלאַץ, אויסגעבויט אַ פּראַכטיקן מאַוזאָליי פאַר לענינען, זיין קערפּער באַלזאַמירט, און אויב מיליאָנען מענטשן גייען דאָרט פאַרביי מיט אָפּגעדעקטע קעפּ און פאַרבויגן זיך אין ערפורכט, איז דאָס נאָר אַן איבעריקער באַווייז, אַז קיין שום רעוואָלוציע קען נישט בייקומען די באַדערפעניש נאָך אייביקייט און קען במילא נישט אָפּווישן די שפּורן פון טראַדיציע און די עיקרדיקע טראַדיציאָנעלע גלויבנס.

די גלאָריפיצירונג פון דער פאַרגאַנגענהייט איז פּונקט אַזאַ טיף־איינגע־וואָרצלטע באַדערפעניש אין מענטשן, ווי די עקזאַלטירונג פון דער צו־קונפט. און ווידעראַמאָל באַגעגענען זיך דאָ טראַדיציע און רעוואָלוציע. דער גרויער הייַנט וועט תמיד אויסזען וואָכעדיק. ער ווערט אָבער באַגאָסן מיט ליכט, ווערט דערהויבן אין דער שיין פון דער פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט. נאָר אין זיי קען די מענטשלעכע פאַנטאַזיע פריי זיך פונאַנדער־שפּילן און געשטילט ווערן דער דורשט פונעם מענטשן נאָך שיינקייט און

גראַנדיעזקייט. וועבט די פֿאָלקס־לעגענדע אויס די פּרעכטיקסטע געוועבן פֿון אַמאָליקע העלדן. און עס איז נאַריש צו מיינען, אַז מען דאַרף און אַז מען קען די דאָזיקע לעגענדעס פֿאַרטרייבן דורך פֿאַרשפּרייטן אויטענטישע היסטאָרישע פֿאַקטן. אָט איז איינע פֿון די הערלעכסטע פֿיגורן פֿון דער ידישער, און נישט בלויז ידישער געשיכטע — דוד המלך, וואָס פֿון זיינע לענדן וועט אַמאָל געבוירן ווערן דער ידישער משיח. דער קאַמף פֿון דעם קליינעם פּאַסטוך ביי די שאָף, וואָס גלויבן איז געווען זיין איינציקער וואָפֿן, קעגן דעם ריז גלית, באַוואָפֿנט און באַפּאַנצערט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, איז שוין זינט טויזנטער יאָרן געווען און וועט אייביק בלייבן דער דערהויבענער סימבאָל, וואָס האָט גערופֿן און וועט רופֿן און אויפֿמונטערן צו ווידער־שטאַנד און קאַמף די שוואַכע און אונטערדריקטע מענטשן פֿון אַלע ציטן און לענדער קעגן די מאַכטיקע הערשער פֿון דער וועלט. הויך און אייביק וועט שאַלן דאָס עכאָ פֿון דודס אַרויסרוף צום פּלישתי: „דו קומסט צו מיר מיט אַ שווערד און מיט אַ שפּיז און מיט אַ פּיקע, און איך קום צו דיר אין דעם נאָמען פֿון יהוה פֿון צבאות, דעם גאָט פֿון די רייען פֿון ישראל וואָס דו האָסט געלעסטערט“. בלויז אָט דער איינציקער זאַך, גראַנדיעז אין זיין פּשטות, האָט דוד המלך ראוי געמאַכט צו ווערן דער זינגער פֿון די היי־ליקע תהילים־געזאַנגען. זענען אויפֿגעשטאַנען ביי אונדז אַפּיקורסים און מיט אַ געלעכטער געטייטלט אויפֿן פֿלעק אין דער ליכטיקער פֿיגור פֿון דעם ידישן העלד און הייליקן, אויף דער מעשה בת־שבע. האָבן אונדזערע הייליקע שריפֿטן קיינמאָל קיין סוד נישט געמאַכט, אַז די מעשה בת־שבע איז טאַקע גאָרנישט קיין שיינע. נתן דער נביא האָט מיט דוד המלך גע־רעדט אַזעלכע האַרבע דבורים, וואָס קיין מושל אויף דער וועלט וואָלט זיי נישט פֿאַרטראָגן. און דער פּסוק זאָגט פּשוט און קורץ, אָבער גענוג שאַרף: „און די זאַך וואָס דוד המלך האָט געטון איז געווען שלעכט אין די אויגן פֿון גאָט“. האָט אָבער דאָס פֿאָלק געוואָלט די מעשה בת־שבע פֿאַרגעסן און אָפּווישן. און איינגעקריצט איז געבליבן אין זיין זכרון דאָס פּאַסטוכל דוד, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט גליתן. דוד המלך, וואָס האָט מנצח געווען די פּלשתים, פֿאַרזאַמלט די ידישע שבטים, און איינגענומען די שטאָט ירושלים און זי אויפֿגעבויט, ווי די ידישע הויפּט־שטאָט און ווי די הייליקע שטאָט. דוד המלך דער משורר פֿונעם זיסן האַרציקן תהילים — דעם באַליבטסטן ספֿר פֿון אַלע ידדן און פֿון אַלע מענטשן מיט אַ געבראָכן געמיט, וועלכע באַדאַרפֿן און זוכן טרייסט און באַלזאַם פֿאַר זייערע ווייטיקן און פֿאַר זייערע וואונדן.

דאָ זעט איר דעם שאַפֿונגס־כוח און די פּרוכפּערקייט פֿון דער טראַ־

דיציע. און קיין רעוואָלוציע אויף דער וועלט האָט זיך נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן דעם דאָזיקן כּוח און אַ פּשיטא שוין נישט אים בײַקומען. — אַ רעוואָלוציאָנערער שטורעם האָט זיך דורכגעטראָגן איבער פראַנקרײַך און פונדעסטוועגן איז די צניעותדיקע בתולה זשאַן ד'אַרק, וואָס לויט דער פאָלקס־לעגענדע, פלעגט מיט איר אַ בת־קול רעדן ווי אַ מענטש רעדט צו אַ מענטשן, די, וואָס די אייגענע קירך, וואָס האָט זי פאַרברענט, האָט זי שפּעטער אַרײַנגענומען אינעם שויס פון אירע הייליקע, איז זי אויך נאָך דער רעוואָלוציע געבליבן די סימבאָלישע פיגור פאַרן פראַנצויזישן פּאַטריאָטיזם. אויך די רוסישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אָנגעהויבן מיט דער פאַרלייקענונג פון דער רוסישער געשיכטלעכער טראַדיציע, פונעם פעאָדאַלן צאַריסטישן רוסלאַנד. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט בכלל בטל געמאַכט דעם לימוד פון געשיכטע אין די סאָוויעטישע שולן. די סאָוויעטישע געשיכטע־שרײַבערס, מיטן באַרימטן פּראָפעסאָר פּאָקראָווסקי בראָש, האָבן דעם דאָזיקן לימוד דערקלערט פאַר אַ בורזשואַזן „שפּיצל" און אָנשטאָט אים אײַנגעפירט נאָר דאָס לערנען פון דער עפּאָכע פונעם אור־קאָמוניזם און פון דעם סאָוועטישן פּעריאָד. און אַלץ, וואָס איז צווישן זיי ביידן — איז טריף. האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און מען איז צוריקגעקומען צו די גרויסע פיגורן פון דער רוסישער פאַרגאַנגענהייט און זיי אַרונטערגענומען אונטער די סאָוויעטישע פליגלען. אויף די צאַרן, וואָס האָבן געשפּילט אַ באַזונדערס וויכטיקע ראָלע אין „צונויפזאַמלען די רוסישע לענדער", און וואָס זייער אָנדענק איז אײַנגעקריצט געווען טיף אין פאָלקס־זכרון, האָט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע געזוכט אַ זכות, כּדי זיי צו כשרן. און אַז מען זוכט געפינט מען, כּידוע. אַפילו איוואַן דער גרויזאַמער, האָט זיך דערדינט אַרײַנגענומען צו ווערן אינעם היכל פון סאָוויעטישער קונסט און ליטעראַטור, נישט געקוקט אויף זײַן באַרימטער אכזריות און דער שרעק, וואָס ער האָט אָנגעוואָרפן בײַ זײַן לעבן אויפן רוסישן פאָלק. האָט מען זיך דערמאָנט אין זײַנע פאַרדינסטן, אין זײַנע נצחונות איבער די טאָטערן בײַ קאַזאַן און אַסטראַכאַן, און אַז ער איז געווען יענער, וואָס האָט געמאַכט די וואָלגאַ פאַר דעם „רוסישן טײַך". געפונען האָט מען אויף אים אַפילו אַ „רעוואָלוציאָנערן זכות", דאָס וואָס ער האָט געקעמפט קעגן די באָיאַרעס, זײַנע שונאים, און מקרב געווען זייערע קעגנער, דעם שטאָטישן האַנדלס־קלאַס, וועלכער איז געווען אַן אָנזאָג אויף דעם אַרײַנדרינגען פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע אין „מאָסקאָוויע". און אַז פּעטער דער גרויסער, וועלכער איז אויך ווייט געווען פון אַ צדיק און זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום גרויזאַמקייטן, כּדי דורכצופירן זײַן דעס־

פאַטישן רעזשים פון פאָלקס־אונטערדריקונג, איז קאַנאָניזירט געוואָרן ווי אַ סאָוויעטישער העלד, אַפילו נאָך פאַר דער איצטיקער „פאַטערלענדישער מלחמה”, איז געגנוג באַוואוסט. דער אויפברויז פון פּאַטריאָטישע געפילן אין משך פון דעם לעצטן קריג האָט ווידער אויפגעלעבט אין ראַטן־רוסלאַנד דעם אַלטן פּאַטריאָטישן סטיל און די אַמאָליקע פּראַזעאָלאָגיע, וואָס מען האָט געהאַט פאַרטריבן פון געברויך אין די ערשטע אָקטאָבער־רעוואָלוציע־יאָרן. צוזאַמען מיט זיי זענען אויפגעשטאַנען תחית־המתים די העלדן פון פאַר־רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד, וואָס זייער נאָמען האָט פריער נישט געטאָרט דערמאָנט ווערן. ווידער ווערן פאַרגעטערט די העראָען פון די רוסישע לעגענדעס (די בילינע), די רוסישע „באָגאַטירן”. אַנשטאָט צו שפייען אויפן קריסטנטום מיט דער פלינקייט און גראַציעזקייט פון אַ דעמיאַן ביעדני, דעם אָפיציעלן פּאָעט פון דער רעוואָלוציאָנערער אָנהויב־תקופה, הייבט מען אָן אָנצודערקענען די ציוויליזאַטאָרישע ראָלע פון דער קריסטלעכער רעליגיע אין דער געשיכטע פון רוסישן פאָלק און מען דערקלערט ווי אַ גרויסן פּראָגרעס זיין אָפּזאָגן זיך פון געצנדינערײַ. דער צאַר אַלעקסאַנדער 1, דער באַגרינדער פון דער „הייליקער אַליאַנץ” ווערט ווידער אַרויסגעשטעלט ווי דער „באַפרייער פון פאָטערלאַנד” אין זיין מלחמה קעגן נאַפּאָלעאָן (3), און אַ ארדן אויפן נאָמען פון פעלדמאַרשאַל סואוואָראָוו איז איינגעפירט געוואָרן. יענעם סואוואָראָוו, וואָס האָט אונטערדריקט דעם רעוואָלוציאָנערן פּויערים־בונט פון פּוגאַטשאָוו, וועלכער האָט זיין לעבן געענדיקט אויף דער תליה, דעם ליבלינג פון דעם רוסישן רעוואָלוציאָנערן ליד. איז ער געבליבן דער רעוואָלוציאָנערער העלד, אָבער צוגלייך מיט אים איז אויך זיין הענקער באַשיינט געוואָרן מיט אַ נייער גלאָריע. ווייס איך נישט, ווי וועט מען צורעכטמאַכן די געשיכטע פון איוואַן דעם גרויזאַמען, פון פעטער דעם גרויסן, פון פעלדמאַרשאַל סואוואָראָוו אין די לערן־ביכער פון די סאָוויעטישע פאָלקסשולן, אַזוי אַז דער היסטאָרישער אמת זאָל זיך נישט געפינען אין קיין צו שרייענדיקער סתירה מיט דעם היינטיקן בילד, וואָס ווערט פון די דאָזיקע פּערזענלעכקייטן געמאָלן. נאָר אויב מען וועט אין די פאָלקס־ביכער פאַרטושן די שאָטן־פלעקן און פאַרקערט באַפּאַרבן העל די ליכטיקע מאָמענטן, וועט דאָס מיך נישט וואונדערן, וואָרעם דער לעגענדאַרער אמת איז אַ נויטווענדיקייט פאַרן לעבעדיקן היינט, איז מסוגל אים צו באַפרוכפּערן און באַפליגלען, בעת דער אָביעקטיווער געשיכטלעכער אמת איז אַן ענין פון אַ טויטער פאַרגליווערטער פאַרגאַנגענהייט און אינטערעסירט בלויז די ספּעציאַליסטן, וואָס גריבלען זיך אין איר.

איך האָב זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף די דאָזיקע אילוסטראַציעס, גענומען פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, און וואָלט געקאָנט ברענגען אַ צאָל פון אַלע אַנדערע, קודם־כל דערפאַר, ווייל די דאָזיקע רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען פאַר אונדזערע אויגן און ווייל זי איז די טיפסטע פון אַלע ביז איצטיקע רעוואָלוציעס. אָבער אויך דערפאַר, ווייל, גראָד אין איר נאָמען און זיך אָנשפאַרנדיק אויף אירע ברייטע פּלייצעס, פאַרשפּרייטן געוויסע יידישע ראַדיקאַלן כפירה אין טראַדיציע, אין יידישער טראַדיציע, פאַרשטייט זיך. וואָרעם פון אַ סואווראַוו־אָרדן האָט זיך דערווייל קיינער פון זיי נישט אָפּגעזאָגט. אויב אויך די רוסישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט געמוזט דערשפּירן די גרויסע קראַפט פון דער טראַדיציע און זיך אומקערן צו איר, ווי צו אַ קוואַל פון רעוואָלוציאָנערער אינספּיראַציע, האָט איר דאָ דעם בעסטן סימן, ווי שטאַרק די דאָזיקע קראַפט איז, און אַ קלאָרע ראיה, אַז אַפילו אַ רעוואָלוציאָנערער דור קען לאַנג נישט אויסהאַלטן אָן דעם חיות, וואָס שטאַמט פון די פריערדיקע דורות, אָן זייער עמאַציאָנעלער ירושה. אויך אַט דער דור קען זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס צו פאַרטאַכלעווען די רייכקייטן פון דער פאַרגאַנגענהייט, זיך אָפּזאָגן פון אירע טאַטן און העלדן. זוכט ער זיי צוצופּאַסן צום נייעם אינהאַלט, גיסט ער אַריין פרישן ווײַן אין די אַלטע לאָגלען, אָבער די לאָגלען גופא היט ער אָפּ.

דאָס ברענגען אין האַרמאָניע נייע אידעען מיט אַלטע פאָרמען איז דווקא נישט פון די לייכטסטע זאַכן. נישט ווייניק שוועריקייטן ליגן אויפן וועג און נישט ווייניק סכנות לויערן אין אַלערליי באַהעלטענישן. די ערשטע סכנה איז דער קאָנסערוואַטיזם, וואָס גאָר אומזיסט מישט מען אים ביי אונדז אָפּט צונויף מיט טראַדיציע. קאָנסערוואַטיזם מיינט, אַז קולטור איז אַ פאַרטיקע פּרוכט, בעת אין דער אמתן איז זי אַ געוויקס. און גראָד די טראַדיציע מאַכט זי פאַר אַזאַ געוויקס, אָדער אויב איר ווילט, פאַר אַ פליסנדיקן שטראָם. קאָנסערוואַטיזם וויל אָט דעם שטראָם אָפּשטעלן און פאַרגליווערן. די תרופה קעגן אַזאַ קריסטאַליזירונג פון קולטור איז די עוואָלוציע פון אידעען, גלויבנס, מנהגים און אינסטיטוציעס. און דאָרט וואו די נאַטירלעכע עוואָלוציע ווערט פאַרהאַלטן, צי מיט גוואַלט, צי מיט עקשנות, מישט זיך אומפאַרמיידלעך אַריין די רעוואָלוציע. דאָס רעכט צו ברעכן די אָדער יענע טראַדיציע, האָט די רעוואָלוציע, אָבער טאַקע נאָר זי, ווייל זי רעדט און ווירקט אין נאָמען פון דער זעלביקער אייביקייט ווי די טראַדיציע, נאָר מיט דעם בליק געווענדעט צו דער צוקונפט. און ווייל זי האָט דאָס רעכט דערצו, איז די סכנה פאַר דער טראַדיציע פון איר זייט

נישט קיין געפערלעכע און נישט קיין דויערנדיקע. ווייל זי קומט נישט בלויז צו צעשטערן נאָר אויך צו בויען, וועט זי סוף־כל־סוף אָפּרוימען יענע טראַדיציעס, וואָס האָבן מער קיין חיות נישט, וואָס האַלטן זיך על־פּי אינערציע, זי וועט אָבער אָפּהיטן יענע וואָס האָבן נאָך לעבנס־זאַפט, וואָס קענען נאָך באַפרוכפּערן דאָס לעבן און דעם געדאַנק. דער אויסגלייך צווישן רעוואָלוציע און טראַדיציע איז נישט פון די לייכטע זאַכן, אָבער קיין אַנדער עצה איז נישטאָ, סיידן אונדזער קולטור זאָל בלייבן פאַר־גליווערט, אָדער פאַרזונקען אין אַנאַרכיע און הפקרות. צום גליק ווערט דער אויסוואַל נישט געמאַכט פון יחידים און לויט קאַפּריזן. ער קען נישט פאָרקומען אָן דעם בפירושן אָדער שטילשווייגנדיקן הסכם פון פאָלק. זיין חוש פאַרפירט אים אמת יאָ אַמאָל, אָבער זעלטן, און נישט אויף לאַנג.

ב. טראַדיציע און הפקרות

הפקרות איז אַ געפערלעכער און שטענדיקער שונא פון טראַדיציע, אַ בלינדער און איינגעשפּאַרטער. און מען דאַרף נישט מיינען, אַז הפקרות איז פאַרשפּרייט נאָר צווישן גראָבע יונגען און עם־הארצים. פרידריך ניטשע, דער געדאַנקען־רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר די עקסטרעמסטע קאָנסעקווענצן און זיך פאַרמאָסטן איבערצוקערן די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע מאָראַל מיטן קאָפּ אַראָפּ, האָט פונדעסטוועגן מיט אַ פייַנער און בייסיקער איראָניע כאַראַקטעריזירט די „האַלב־וועלט" פון גייסט, די היינטיקע געבילדעטע, וואָס אַ פּאָפּולערע בראָשור און די צייטונג זע־נען זייער אויטאָריטעט און זייער איינציקער חכמה־קוואַל. זיי ליידן פון דער היינטיקער צייט שטאַרק פאַרשפּרייטער קרענק — דעם מאַנגל פון געפיל פון ווערפורכט און הכנעה פאַר זאַכן און ווערק, ווי למשל דער תנ"ך, באַ־לויכטן פון געטלעכער הייליקייט. זיי באַגרייפן גאָרנישט, אַז נישט אַלץ קען מען אָנרירן מיט נישט געוואַשענע הענט און, אַז עס זענען פאַראַן פאַלן ווען מען דאַרף מקיים זיין דעם פסוק „של נעליך מעל רגליך" (4).

שטורעמט די רעוואָלוציע קעגן די אָדער יענע טראַדיציעס אין נאָמען פון נייע גלויבנס און אידעאַלן, פון אַ בעסערער, איידעלער צוקונפט, איז די הפקרות קעגן יעדער מסורה אין נאָמען פונעם היינט און זיינע באַקוועמ־לעכקייטן. פאַרן הפקר־מענטש עקסיסטירט נאָר דער היינט, ווייל ער לעבט נאָר מיטן היינט. וויל ער, אַז מען זאָל אים לאָזן צורו און נישט דרייען דעם קאָפּ מיט אַלטע „שמאַטעס", פונקט ווי ער איז מוחל במחילה גמורה

אַלע נייע צוקונפט־חלומות. אים פעלט דאָס פּיעטעט־געפיל, הן פאַר די
און הן פאַר יענע, ווייל ער איז בעצם די פאַרקערפּערונג פון אַנטי־קולטור.
איר מעגט נישט גלויבן אין אַנטי־קריסט. אָבער, אַז אַנטי־קולטור איז
פאַראַן, און נאָך ווי פאַראַן, דערין דאַרפט איר נישט גלויבן, ווייל איר באַ־
געגנט זי אויף איטלעכן טריט און שריט.

און די צרה איז, וואָס די דאָזיקע הפקרות דעקט זיך אָפּט צו ביי אונדז
יידן, און מסתמא אויך ביי נישט־יידן, נאָר זיי וועלן שוין זייער שטעטל
אַליין באַשטיין, מיטן פיינעם טלית פון פּראָגרעס, פון סאָציאַלן ראַדיקאַ־
ליזם, און זי שפּאַרט זיך אָן אויף זיין מאַיעסטעט, דעם שכל. גריבלט מען זיך
אין דער אַלטער געשיכטע און, אַז מען אַנטפּלעקט, אַז דעם אָדער יענעם
יידישן דין אָדער מנהג האָבן יידן מיט טויזנטער אָדער הונדערטער יאָרן
צוריק איבערגענומען פון אַנדערע פעלקער, אָדער גאָר אַז אין זייער יסוד
זענען געלעגן אַלט־צייטיקע ווילדע אָבערגלויבענישן, אָדער, לסוף — אַז
אויב עס איז אַמאָל יאָ געווען אַ שכלדיקע סיבה, וואָס האָט דעם מנהג
אַרויסגערופן, עקסיסטירט זי היינטיקן טאָג מער נישט, ווערט מען מלא־
שמחה און מען איז בטוח, אַז דערמיט האָט מען דערלאַנגט אַ טויט־קלאַפּ
דער באַטרעפנדיקער טראַדיציע און אינאיינעם דערמיט דער טראַדיציע
בכלל. אונדזערע געבילדעטע ראַציאָנאַליסטן זענען אָבער משמעות גאָר־
נישט חושד, אַז טראַדיציע האָט איר אייגן לעבן און איר אייגענע איבער־
צייגונגס־קראַפט, פּונקט ווי „דאָס האַרץ״, לויטן באַרימטן וואָרט פון פּאַס־
קאַל, „האָט זיין פאַרשטאַנד, וואָס דער פאַרשטאַנד קען נישט״, הגם דער כישוף
פון טראַדיציע ליגט נישט אין די שכלדיקע אָדער נאַטירלעכע טעמים, וואָס האָבן
אַזאַ אָדער אַזאַ טראַדיציע אויף דער וועלט געבראַכט, נאָר אין איר געשיכט־
לעכן דויער און אין דעם פאַקט, וואָס זי האָט זיך ביים פאָלק אָנגענומען
און ביי אים אויסגענומען. וואָס לענגער אַ טראַדיציע האָט אויסגעהאַלטן
די לעבנס־פּראָבע, וואָס מער נסיונות זי איז בייגעשטאַנען, אַלץ מער
לעבנס־אמת באַזיצט זי. וואָס מער דורות האָבן זי איבערגעגעבן איינער
צום צווייטן, אַלץ טיפער איז זי איינגעבאַקן אין האַרצן פון היינט־לעבע־
דיקן דור. מיט די יאָרן און מיט די דורות פאַרגרעסערט זיך איר וואָג און
וואַקסט איר קראַפט. קען מען באַשטרייטן דעם ווערט פון קבלת־אבות ווי
אַן אָביעקטיוון באַווייז פאַר געוויסע גלויבנס און געשיכטלעכע געשעענישן,
ווי ר׳ יהודה הלוי פּרואווט עס צו טון (זע דעם כוזרי, מאמר ראשון, מ״ד־
מ״ח). אָבער אַז די מסורה איז די שטאַרקסטע ראיה, וואָס מען קען נאָר
ברענגען פאַרן סוביעקטיוון אמת פון אַ גלויבן, דערין קען קיין ספק נישט
זיין. גלויבן יידן אין תורה מן השמים שוין טויזנטער יאָרן, איז דאָס אַליין

דער בעסטער סימן, אַז פאַר יידן איז דאָס געווען און געבליבן דער אמת. האָט אַ יידישער חכם, יעקב בר ששת, שוין לערך מיט זיבן הונדערט יאָר צוריק אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק וועגן טראַדיציע, וואָס וועט נאָך היינט צו טאָג קלינגען פאַר אַ סך פון אונדזערע געבילדעטע ווי אַן אַנטפּלעקונג. „איך וואָלט", שרייבט ער, „זער הויך געשעצט די תפילות אויך דעמאָלט ווען זיי זאָלן זיין בלויז אַ הסכם־זאַך, וואָס איז צו אונדז איבערגעגאַנגען אַלס מסורה פון אונדזערע אבות. וואָרעם די מסורת־אבות, דאָס וואָס איז געוואָרן אָנגענומען דורכן ווילן און הסכם פונעם גאַנצן קיבוץ — אין דעם שטעקט די מאָראַלישע קראַפט פון יעדער אומה און דער יחיד, וואָס איז מורד אין דער מסורה פון דעם קיבוץ, וואָס זונדערט זיך אָפּ פון דעם לעבנס־שטייגער פונעם פאָלק און וואַרפט אָפּ פון זיך די טראַדיציעס, וועלכע ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך מיט זיין מוטערס מילך — דער מאַכט חרוב מיט אייגענע הענט זיין גייסטיקע וועלט" (5).

גצוויסע געלערנטע זאָגן, אַז עס איז אַ סברה, אַז מילה האָבן יידן איבערגענומען פון אַנדערע אַנטיקע פעלקער, בפרט מסתמא פון די מצרים. אַנדערע ווידער זאָגן, מיט נישט קיין מער וואָגיקער באַגרינדונג, אַז מילה איז אַן איבערגלויביקערישער מנהג, וואָס האָט פאַרביטן די פריערדיקע ווילדע מענטשלעכע קרבנות. געהערן אָט די היפּאָטעזן צו די פּילצאָליקע סברות פון געלערנטע און געשיכטע־שרייבער, וואָס הגם זיי מעגן נישט אָנהויבן צו וויסן, וואָס עס טוט זיך ביי זיי אונטער דער נאָז, ווילן זיי, מיר זאָלן גלויבן, אַז זיי וויסן אַקוראַט אַלץ, וואָס עס איז געשען מיט טויזנטער יאָרן צוריק. און עס איז ממש רעוואָלטירנדיק צוצוזען די לייכטקייט, מיט וועלכער יידישע מחברים רעדן וועגן דעם, פּונקט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ קאַלענדער געאָמעטרישער טעאָרעמע, אָדער פון אַ סוגיא אין דער טויטער אַלטערטום־געשיכטע, און נישט פון דעם לעבעדיקסטן און הייליקסטן יידישן סימבאָל, דעם סימן פון צוגעהעריקייט צום ברית־אברהם, במילא צום יידישן פאָלק. רעד איך שוין נישט פון אַמאָליקע צייטן. אָבער נאָך היינט, פאַר אונדזערע אויגן, זענען הונדערטער טויזנטער יידן פאַרלענדט געוואָרן, ווייל זיי האָבן דעם צייכן פון זייער יידישן אָפּשטאַם געהאַט אויסגעקריצט אין זייער לייב. וואָלט מען לכל־הפחות, אויב מען האָט נישט גענוג טרערן צו וויינען איבער זיי, געדאַרפט האָבן כאָטש אַ קאַפּעטשקע נשמה און ווילן זיך צו באַהעפטן מיט זייער יידישן גורל, גענוג פיעטעט, גענוג יראת־הכבוד זיך נישט צו חקרענען און שפּינען לופט־סברות אַרום דער דאָזיקער יידישער הייליקייט. האָט

דאָך אַפילו דער טרוקענער און געניאַלער שכל פון דעם ערשטן און גרעסטן יידישן אַפיקורס פון דער נייער צייט, ברוך שפּינאָזאַ, אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָ שטייען מיר פאַר אייגער פון די גרויסע מיסטעריעס פונעם יידישן קיום. די מילה אַליין, זאָגט ער, וואָלט געקענט אויפהאַלטן דאָס יידישע פאָלק און אים נישט לאָזן אונטערגיין צווישן די פעלקער (6).

גייט אַן אַ שקלא וטריא צווישן די אַרכעאָלאָגן וועגן כותל־המערבי. קענען זיי זיך נישט איניקן צווישן זיך, צי האָט די וואַנט בכלל געהערט צום בנין גופא פון בית־המקדש. אַנדערע זענען מחולק, וועלכע שטיינער געהערן צו דער צייט ווען דער בית־המקדש איז געשטאַנען, און וועלכע צו דער אַראַבישער עפּאָכע. וואָסערע פון די דאָזיקע אַרכעאָלאָגישע השערות זאָל נישט זיין די ריכטיקע, קען דאָס נישט האָבן דעם קנאַפּסטן ווערט אַנטקעגן דעם פאַקט, אַז שוין זייט לאַנגע, לאַנגע יאָרהונדערטער זענען יידן מתפלל ביים כותל־המערבי, וויינען אויפן חורבן בית־המקדש און אויפן צעזייטן און צעשפּרייטן בית־ישראל. ווער זענען באַגלויביקטערע עדות אויפן לעבעדיקן אמת, די הייסע יידישע טרערן אָדער די קאַלטע אַרכעאָלאָגישע גריבלעניש? און צי ווערט אַ ייד, וואָס ווערט צוקומען צום קבר רחל זיך נישט דערמאָנען מיט אַ ציטער אין „רחל מבכה על בניה...", אין די פּערלען פון די יידישע תפילות און פאָלקס־לעגענדעס וועגן אונדזערער האַרציקער געטרייער מוטער רחל, הגם ווידעראַמאָל האַלטן די אַרכעאָלאָגן, אַז דאָס אָרט פון מוטער רחלס אוהל שטימט נישט מיט דער טאָפּאָגראַפיע פון דער תורה.

פאַראַן אַן אַנדערע מחלוקה, וועגן דעם אָפּשטאַם פון כל־נדרי. די פאָלקס־לעגענדע פאַרבינדט דעם דאָזיקן טעקסט, איינעם פון אונדזערע פאַרהייליקסטע, און זיין ניגון מיט די שפּאַנישע אנוסים. ווי עס ווייזט אויס, שטימט דאָס נישט מיט דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט. אָבער דערפאַר שטימט זי גריילעך מיט אַ דערהויבענער נשמה־רעאַליטעט, אַרויסגערופן דורך דעם רירנדיקן בילד פון די אנוסים, וואָס זאַמלען זיך צונויף אין די קעלערס אין דער הייליקער יום־כיפור־נאַכט און זענען זיך מתיר די נדרים, וואָס די אינקוויזיציע האָט ביי זיי מיט פייער און שווערד אַרויסגעריסן. האָבן זיך געפונען ביי אונדז „קלוגע" יידן, און האָבן זיי געמעגט טראָגן דעם טיטל ראַבינער אָדער ראַבאַי, זענען זיי דאָך געווען ווילדע קולטורלאָזע נפשות, און זיי האָבן בכלל געוואָלט אויסמעקן דעם כל־נדרי. באשר בכן, גויים וועלן אונדז חושד זיין, אַז אונדזער וואָרט צו אַ גוי איז קיין וואָרט נישט און אַז יידן זענען פּטור אים צו האַלטן. פרעגט זיך באמת, ווער האָט מער קולטור, די דאָזיקע ראַבינערס, וואָס זענען גע־

גאַנגען אין אוניווערסיטעטן, אָדער דער פאַרגרעבטער פישער, דער ישובניק פון י. ל. פרצעס מעשהלע „ניסים אויפן ים״, וואָס האָט זיין לעבן ריזיקירט אַבי צו כל־נדרי אין שטאָט צו קומען און, צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה, זאָגן דעם אַלטן ניגון, זיך צוהערן צו די אַלטע ווערטער, וואָס זייער טייטש אַפילו איז פאַר אים פאַרהוילט געווען ?

דער שופר איז ביי ייִדן אַ געהייליקטער סימבאָל. ווען ער האָט האָבן דעם זכות אָנצוזאָגן די בשורה וועגן דעם אָנקומען פון אונדזער אויסלייזער. און ווילט איר זען וואָס הייסט הפקרות, הערט זיך צו צום שמועס פון דעם אַפיקורס שלמה מיימון מיטן אַלטאָנער רב ר׳ רפאל הכהן. ווען דער גרייז-גרויער רב זעט, אַז זיין מוסר־זאָגן העלפט נישט און אַז שלמה מיימון האַלט זיך ביי דאָס זייניקע, וויל ער אים מרמז זיין אויף די קאָנסעקווענצן פון זיין שלעכטער און נישט ייִדישער אויפפירונג און פרעגט אים, ווייזנדיק אויפן שופר : „ווייסט איר, וואָס דאָס איז ? „איך ווייס, דערציילט שלמה מיימון אַליין, האָב איך אים דערויף געענטפערט מיט עזות, — דאָס איז אַ האָרן פון אַ באָק״. דערהערנדיק די דאָזיקע חוצפהדיקע רייד איז דער רב געפאַלן אויף זיין שטול...״ (7). אַז קיין ענטפער מיט לאָגיק איז דאָ נישט מעגלעך געווען, וועט קלאָר זיין יעדן מענטשן, וואָס האָט בכלל אַן ערפורכט-געפיל פאַר טייערע סימבאָלן און צייכנס. שטעלט זיך פאָר, אַז אימיצער וועט חוזק מאַכן ביי אַ פּראָלעטאַרישער חגא אָדער מאַניפעסטאַציע פון דער רויטער פאָן און וועט אין סטיל פון שלמה מיימון זיך אַ זאָג טון : אַ פאָן ? — איך ווייס וואָס דאָס איז — אַ שטעקן מיט אַ רויטער שמאַטע. אַז דאָס איז דער אָביעקטיווער פאַקט, דער גוף פון דער רויטער פאָן, איז לית מאן דפליג. האָט אָבער די רויטע פאָן, ווי איטלעכער סימבאָל, אַ נשמה. און די נשמה פון דער רויטער פאָן איז דער קאַמף פון אַרבעטער און יושר־זוכנדיקע מענטשן פאַר אַ בעסערן און גערעכטערן סאָציאַלן סדר. אין אָט דער דאָזיקער פאָן האָבן מענטשן אַריינגעהויכט זייער גייסט, צוליב איר אויסגעהויכט זייער נשמה. און צי איז מען אַליין אײנגאַנצן מיט די, וואָס האָבן פאַרן דאָזיקן סימבאָל זייער לעבן אָפּגעגעבן, צי נישט, איז מען אָבער מחויב פאַר זיי דעם קאָפּ אין ערפורכט צו בויגן. איז עס טאַקע אַן אמתער ווייטיק אין האַרצן און אַ חרפה דערצו, ווען מען לייענט, ווי איינער פון די דייטשע ראַבינערס האָט אויפן צוזאַמענפאָר פון רעפאָרמערס אין ברונשווייג אין יאָר 1844 פאָרגעלייגט מען זאָל פאַרבייטן דעם שופר מיט אַ טראָמפייט און בלאָזן אין אים אויף נאָטן. מיט וואָס איז דער דאָזיקער ראַבינער מער מענטש פון יענעם אַמעריקאַנער טוריסט, דעם קאָלבעס־מאַכער פון טשיקאַגאָ, פון וועלכן מען

דערציילט, אַז בעת מען האָט אים געוויזן דעם היסטאָרישן מוזעאום, דעם לוּאווער אין פּאַריז, האָט ער געקוועטשט מיט די פּלייצעס און נישט געקענט פאַרשטיין אין וואָס די מענטשן „קאָכן זיך אַזוי. ביי אונדז אין טשיקאַגאָ האָבן מיר גרעסערע בילדינגס". איז טאַקע אַ טראָמפּייט און מיט נאָטן דערצו אַ פּולקאָמערער אינסטרומענט ווי דער פּרימיטיווער שופר און מעג אַפילו מער „ווערט זיין", אין דאָלאַרס באַרעכנט, קען ער אפשר אַרויסגעבן שענערע קלאַנגען, אָבער קיינמאָל וועט ער ביי אונדז נישט אַרויסרופן אַזוינע עמאָציעס ווי דער שופר, דער אַלטער און הייליקער יידישער סימבאָל.

ווען איר לייענט אָדער איר הערט ווי געבילדעטע יידן באַווייזן אייך, אַז מיר דאַרפן זיך אָפּזאָגן פון יידישע דינים, מנהגים און צייכנס, ווייל זיי זענען פאַרעלטערט אָדער זייער טעם איז נישט שכלדיק באַגרינדעט, הויבט איר באמת אָן צו צווייפלען, צי זענען מיר ווען נישט איז געווען אַן „עם חכם ונבון", אויב אין אונדזער מחנה קען זיך פּרוכפּערן אַזויפיל פלאַכקעפּיקייט און נאַרישקייט. הויבט איר אָן מקנא צו זיין די גויאישע פעלקער, וואָס זיי נויטיקן זיך אַ סך ווייניקער ווי מיר אין טראַדיציעס און סימבאָלן, ווייל זייער קיום איז אַזוי פעסט איינגעוואָרצלט אין זייער באָדן און זייער לעבן פאַרשנורעוועט און פאַרפאַנצערט מיט אַ פעסטן וואָפן־גאַרטל, און פונדעסטוועגן איז נאָך פאַראַן ביי זיי פאַרשטענדעניש פאַר „אַלטמאָדישע" טראַדיציעס, וואָס האָבן מער „קיין טעם און קיין ריח" נישט. מיר האָבן ביי אונדז אַ גאַנצע ליטעראַטור פון די רעפאָרמערס אויף צו באַווייזן, אַז דער איסור פון גלוי הראש, בפרט ביים דאַווענען, האָט נישט קיין יסוד אין תלמוד, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ מנהג, וואָס ארץ־ישראל־יידן האָבן פון אים נישט געוואוסט און אַז צו אונדז איז ער ערשט געקומען פון בבל (8). ווילט זיך דאָ, ווי אַ פאַראַלעל צו אָט דער חקירה, אַגב אַ פּוסטער, וואָרעם, אַז אַ דין שטייט יאָ אין תלמוד און אַפילו אין דער תורה שרעקט עס אָפּ די רעפאָרמערס ? — דערציילן אַ מעשה שהיה, וואָס איז זיך פאַרלאָפן נישט לאַנג צוריק אין דעם ענגלישן אונטער־הויז, אין דעם „האוז אָוו קאָממאָנס". פאַראַן דאָרט אַן אַלטער מנהג, אַז ביי געוויסע פראַגן, וואָס ווערן געשטעלט פון אַ פאַרלאַמענטס־מיטגליד, מוז ער בלייבן זיצנדיק און מיט אַ באַדעקטן קאָפּ. האָט זיך געטראָפן אַן אומגליק און אַ דעפּוטאַט האָט זיין הוט פאַרגעסן, אָדער פאַרלוירן, און געוואָלט אינטערפּעלירן באַדעקנדיק דעם קאָפּ מיט אַ צייטונגס־פּאַפּיר. האָט דער ספּיקער, דער פאָרזיצער פון הויז, געפּסקנט, אַז פּאַפּיר איז נישט קיין הוט און אים טאַקע דאָס וואָרט נישט געגעבן, והעט

דאס, פארשטייט זיך, פאר אונדזערע אויפגעקלערטע זיין א טעמע פאר איראניע און געלעכטער, הגם זיכער בין איך נישט, ווארעם הפקרות גייט אן צווישן יידן, אבער פארן ענגלישן פארלאמענט האט מען ביי אונדז גראד אפשיי. ווי בכלל פאר גויאישע מנהגים. אויב אזוי איז כדאי צו ברענגען נאך א פאר טשעקאווע ענגלישע משלים, אין וועלכע עס באווייזט זיך דער זינען פון דעם דאזיקן פאלק פאר טראדיציעס. די ענגלישע רעגירונג הייסט, כידוע, „די רעגירונג פון זיין מאיעסטעט", דער ענגלישער פלאט — „זיין מאיעסטעטס פלאט". פארן נאמען פון יעדער ענגלישער שיף ווערן געקרוינט די דריי אותיות ה. מ. ש. (היס מעדזשעסטיס שיפ). דער ענגלישער קיניג אין זיין טראן-רעדע אין פארלאמענט צייכנט אן דאס פראגראם פון „זיין רעגירונג". ווייסט אבער די גאנצע וועלט און דאס ענגלישן פאלק אוודאי און אוודאי, אז די ארמעע און דער פלאט זענען נישט זיינע, נאר א פאלקס-אייגנטום, און אז די טראן-רעדע פון קיניג איז אויך נישט זיינע, נאר יענע, וואס דער ערשטער מיניסטער גרייט פאר אים און, צום סוף, אז די ענגלישע רעגירונג איז לחלוטין נישט דעם קיניגס און נישט ער האט א דעה אויף איר צוזאמענשטעל און אויף איר פראגראם, ווארעם ביידע הענגען אפ נאר פונעם ווילן פון די פאלקס-פארטרעטער. און פונדעסטוועגן האלטן די ענגלענדער טייער דעם סימבאל פון ענגלאנדס סטאבילקייט און אייניקייט, וואס האט איר נישט געשטערט דורכצומאכן, אונטער דער מאנארכיע, אזא ווייטן וועג, ווי פון דער פעאדאלער הערשאפט ביז צו א לייבאר-רעגירונג — נאך דער צווייטער וועלט-מלחמה.

די צוגעבונדנקייט צו צייכנס און סימבאלן וועלן בילדלעך נאך קלארער אילוסטרירן דורך אייניקע פאקטן, וואס באווייזן ווי איינגעווארצלט זיי זענען אינעם ענגלישן מלוכה-שטייגער. איידער דער קיניג קומט איז דעם קאמאנס-הויז אויף צו עפענען די סעסיע, קומט זיין שליח, א צערעמאניע-מייסטער (דער אזוי-גערופענער „בלעק-ראד") און זיך מאכנדיק, ווי ער וואלט די טיר געפונען פארמאכט, קלאפט ער א פאר מאל ביז מען עפנט אים די אפענע טיר. די דאזיקע יארהונדערטער-אלטע צערעמאניע האט שוין לאנג פארלוירן יעדן גרונט און טעם, ווייל זי שטאמט פון די צייטן פון געראנגל צווישן קיניג און פארלאמענט. ווערט זי אבער אפגעהיט, ווי א זכרון פון דעם דאזיקן קאמף און ווי א סימבאל פון דער אומאפהענגיקייט פון דער פאלקס-פארטרעטונג אנטקעגן דער קרוין. אט אזוינע „נארישע" אדער „קאמישע" מנהגים געפינט איר לרוב אין ענגלישן פארלאמענט. ווען א פארלאמענט-מיטגליד געפינט, אז עס איז

נישט ליכטיק גענוג, ווענדט ער זיך צום פּאַרזיצער מיט דער טראַדיציאָנעלער פראַזע: „מיסטער ספּיקער, איך בעט לייכטערס”, הגם שוין זינט אַ היפּשע צאָל יאָרן באַנוצט מען מער דאָרט נישט, פאַרשטייט זיך, קיין חלבנע ליכט, נייערט עלעקטרישע באַלייכטונג. איז דאָס נישט משוגע, קענען די ענגלישע פּאַרלאַמענטאַריער נישט רעדן אַ „מענטשלעכן” דאָס הייסט אונדזער לשון? זינט דער צייט פון די היסטאָרישע קאָנפליקטן צווישן דער קרוין און דער סיטי פון לאָנדאָן איז געבליבן אַ מנהג, אַז די זעלנער, וואָס דאַרפן דורכגיין די סיטי אויף צו האַלטן וואַך ביים קיניגלעכן פּאַלאַץ, טאָרן זייערע באַיאָנעטן נישט טראָגן אָפן, נייערט זיי האַלטן אין שיידל. ווידעראַמאָל נישט מער ווי אַ סימבאָל פון דער פרייהייטן פון דער סיטי. און עס ווערט גאָר נישט במאס די ענגלענדער טאָג־איין טאָג־אויס דעם דאָזיקן צייכן איבערצוחזרן. אָט איז אַן אַנדערע אַלטע צערעמאָניע, וואָס האָט די אייגענע סימבאָלישע באַדייטונג, די אַזוי גערופענע „האַלב־וועג־צערעמאָניע”. בעת דער קיניג פאָרט צו דער סען־פּולס קאַטעדראַל דורך דער סיטי, מוז ער בלייבן שטיין דאָרט, וואו אַמאָל איז געשטאַנען דאָס טויער פון דער שטאָט און באַקומען די דערלויבעניש פון דעם לאָרד מעיאָר אַריבערצוטרעטן דעם גבול פון זיין שטאָט. די דאָזיקע צערעמאָניע, וואָס איז שוין אַלט מער ווי זיבן הונדערט יאָר, זאַמלט נאָך היינט צונויף טויזנטער לאָנדאָנער בירגער, וואָס באַציען זיך צו איר מיטן גרעסטן ערנצט, ווייל זי פאַרבילדלעכט זייערע פרייהייטן, זייער לאָקאַלע זעלבסט־פאַרוואַלטונג הגם עס איז מער נישטאָ קיין טויער, וואָס פאַרמאַכט דעם אַריינגאַנג צו דער סיטי, נישט קיינער דאַרף האָבן אַ דערלויבעניש דאָרט אַריינצוקומען און נישט דער איצטיקער קיניג פון ענגלאַנד האָט די אָפּזיכט צו אַטאַקירן די פרייהייטן פון דער שטאָט. מיט איין וואָרט: ווידער אַ „זינלאָזער” ריטואַל.

אָט די אַלע צערעמאָניעס און די גאַנצע סימבאָליסטיק, וואָס מען קען געפינען ביי אַלע פעלקער, וועלכע האָבן אַ געשיכטע, קענען אויסזען פּוסט און קאָמיש אין די אויגן פון אַ פרעמדן. אַלע מנהגים און זיטן, אַלע הייליקייטן האָבן יאָ אַ טיפן זינען פאַר יענע, וואָס ביי זיי שטאַמען זיי אַרויס פון זייער אייגענער פאַרגאַנגענהייט, פון זייער נאַציאָנאַלער געשיכטע. און אויב עס געפינען זיך יידן, וואָס יידישע קליידונג, יידישע ריטועלע און אַנדערע מנהגים „שאָקירן” זיי אַזוי, איז דאָס בלויז אַ סימן, אַז זיי האָבן פאַרלוירן דעם אינטימען קאָנטאַקט מיט דער יידישער פאַרגאַנגענהייט און מיטן יידישן לעבן. במילא זענען אָט די אַלע סימבאָלן און מנהגים פרעמד פאַר זיי. און וויבאַלד פרעמד — זינלאָז און נאַריש.

### ג. יידישע און פרעמדע טראַדיציעס

די אָפּגעפּרעמדקייט פון יידישן לעבן, דאָס דערווייטערן זיך פון יידי־שער פאַרגאַנגענהייט, זענען די איינציקע מאָטיוון וואָס ווירקן הינטער דעם פאַרהאַנג פון די טויזנט און איין ראַציאָנאַליסטישע אַרגומענטן, וואָס יידישע ראַדיקאַלן וועלן אייך ברענגען אויף צו באַרעכטיקן, פאַרוואָס זיי היטן נישט אָפּ יידישע טראַדיציעס. מיר „האַלטן נישט" פון קיין פוס־טע צערעמאָניעס, פון קיין „ריטואַל" — וועלן זיי אייך זאָגן. און פונ־דעסטוועגן וועלן זיי אליין מיטן גרעסטן יראת הכבוד אויפשטיין, אַז מען וועט שפּילן, לאָמיר זאָגן, דעם נאַציאָנאַלן הימען פונעם לאַנד, וואו זיי לעבן ווי גרים, אָדער אַנדערע — דעם „אינטערנאַציאָנאַל", הגם דאָס איז בפירוש אַ צערעמאָניע, וויבאַלד די אייגענע ווערטער און די אייגענע זשעסטן חזרן זיך תמיד איבער ביי די אייגענע אומשטאַנדן. זיי וועלן אַראָפּנעמען דאָס היטל, אַז עס וועט דורכמאַרשירן מיט דער מאַסע די נאַציאָנאַלע, אָדער רויטע פאָן. זיי וועלן בפירוש באַרעכטיקן, אַז אויב אימיצער וועט נישט אויספּילן די דאָזיקע קאָנווענציאָנאַלע זשעסטן, פאַר־דינט ער באַשטראָפט צו ווערן. אָבער פּרוּווט זאָגן, אַז אַ ייד, וואָס בלייבט שטיין מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ פאַר אַ ספר־תורה, איז אַ גראָבער יונג, אַז ער דאַרף באַקומען לכל הפחות אַ מאָראַלישן פּסק, וועלן די אייגענע מענטשן אויף אייך אָנפאַלן ווי אויף אַ פינצטערן קלעריקאַל, באשר בכן, איר זענט פוגע בכבוד פון דער הייליקער „געוויסן־פרייהייט".

מען האָט אין פראַנקרייך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָך דער באַפרייאונג פון דער דייטשער אָקופּאַציע, און דווקא לויט דער פאָדערונג פון די לינקע, איינגעפירט אַ באַזונדערן ווינקל אויף די בית־עולמס דאָרט מקבר צו זיין די פאַרמשפּטע „קאָלאַבאָראַציאָניסטן". און פּרוּווט אדרבא דערמאָנען אַ יידישן לינקען דעם „קבורת חמור" פאַר יידישע אַפּיקורסים און דעזערטירן, וועט איר זען, וואָס פאַר אַ פּסק איר וועט באַקומען. איך גיי דאָ, פאַרשטייט זיך, נישט אַריין אין דעם אינהאַלט גופא פון די עברות, פאַר וועלכע מען פלעגט געבן אַמאָל אַ ייד אַ שענדלעכע קבורה. קלאָר, די אָדער יענע עבירה וועלן היינטיקע יידן גאָר פאַר קיין עבירה נישט באַטראַכטן. דאָ האַנדלט זיך אָבער וועגן פּרינציפּ גופא. קבורת חמור, פאַר וואָס דאָס זאָל נישט זיין, שמעקט, לויט געוויסע ראַדיקאַלן אונדזערע, מיט מיטלעלטער, רעאַקציע און וואָס נאָר איר ווילט. אַ באַזונדער ווינקל פאַר קאָלאַבאָראַציאָניסטן, אַ ווינקל, וואָס זאָל פאַראייביקן זייער שאַנד

און זייער בגידה איז אַ פּאַטריאָטישער חוב, אַ סימן פֿאַרן קאַמף קעגן נאַצי־פֿאַשיזם.

דאָ האָט איר צו טון מיט אַ פֿאָרם פֿון קולטורלאָזיקייט, וואָס איז נישט הפקרות בכלל, אַן אַלגעמיינע, נייערט אַנגעווענדעט בלויז צו יידישער טראַדיציע. מיט אַנדערע ווערטער, נישט קעגן ריטואַל בכלל זענען די דאָזיקע יידן. זיי פֿאַרבייטן נאָר יידישע טראַדיציעס, יידישע סימבאָלן מיט אַנדערע, פֿרעמדע. וויל איך דערמיט להלוטין נישט זאָגן, אַז יידן טאָרן קיינמאָל נישט און ביי קיין שום אומשטאַנדן, איבערנעמען געוויסע סימבאָלן פֿון אַנדערע פֿעלקער. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָ רעדט זיך נישט וועגן רעליגיעזע, נייערט וועגן וועלטלעכע סימבאָלן, זיי האָבן דאָס אָפֿט געטון אין דער פֿאַרגאַנגענהייט און מעגן עס איצט אויך טון. נאָר פֿאַראַן דערביי אַ פּאָר וויכטיקע תנאים, וואָס אויב מען היט זיי נישט אָפּ, ווערט אַפֿילו די סאַמע דערהויבענע טראַדיציע דערנידעריקט, און דאָס איבערנעמען פֿון אַ פֿרעמדן סימבאָל, אַן אויסדרוק נישט פֿון אַכטונג צו אים, נאָר פֿון גלייכגילטיקייט צו סימבאָלן און טראַדיציעס בכלל, דאָס הייסט טאַקע ווידעראַמאָל פּראָסטע וואויל־יובגערישקייט.

פּונקט אַזוי ווי יידן טאָרן נישט נאָכמאַכן קיין פֿרעמד־רעליגיעזע טראַדיציעס, אַקוראַט אַזוי טאָרן זיי נישט איבערנעמען פֿרעמדע פֿאָלקישע סימבאָלן, פֿאַרבונדן מיט דער נאַציאָנאַלער געשיכטע פֿון אַ פֿרעמד פֿאָלק. דרך־ארץ פֿאַר זיי דאַרף האָבן יעדער בירגער פֿון אַ באַשטימטן לאַנד און אַפֿילו אַ פֿרעמדער, וואָס געניסט פֿון זיין גאַסטפֿריינדשאַפֿט, און עס אַרויסווייזן אין די פֿעסטגעשטעלטע פֿאַלן און אומשטאַנדן. אָבער איין זאַך איז האָבן דרך־ארץ פֿאַר אַ פֿרעמדער הייליקייט, און עפּעס אַנדערש איז ווען מען מאַכט דעם אָנשטעל אַז זי איז עפּעס אייגנס. דערקלערט אַ ייד אַ פֿרעמדע טראַדיציע פֿאַר זיינס, איז דאָס אָדער צביעות, אָדער פּראַקטישער אָפּאָרטוניזם. אין ביידע פֿאַלן איז עס אַ סימן, אַז אים איז אין תוך אַלץ אין דער אייגענער מאָס גלייכגילטיק, אייגענע און פֿרעמדע הייליקייטן. צו אָט דעם אינדיווידועל מאָראַלישן טעם קומט נאָך צו אַ נאַציאָנאַלער מאָטיוו: דעם טאָג, ווען יידן וואָלטן באמת דערהויבן צו דער מדרגה פֿון אַן אייגענער הייליקייט די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס און מנהגים פֿון איטלעך פֿאָלק, צווישן וועלכע זיי לעבן, וואָלט די יידישע נאַציאָנאַלע און קולטור־אייניקייט צעבראָכן געוואָרן — און דאָס יידישע פֿאָלק וואָלט צעשפּאָלטן געוואָרן אויף שבטים און שבטימלעך.

די דאָזיקע מאָטיוון פאַלן אָפּ, בעת עס האַנדלט זיך פון טראַדיציעס און סימבאָלן, וואָס טראָגן אַן אינטערנאַציאָנאַלן, מער אָדער ווייניקער אַלמענטשלעכן כאַראַקטער. איך קען מיר גאַנץ גוט פאָרשטעלן, אַז דער ערשטער מאַי וואָלט געקענט און געדאַרפט מיט דער צייט געיידישט ווערן. די ציוניסטישע אַרבעטערשאַפט אין גלות און אין ארץ־ישראל האָט געגעבן דער רויטער פאָן יידישע בירגערשאַפטס־רעכט אין שכנות מיט דער בלוי־ווייסער פאָן, דעם נייעם אָבער שוין געהייליקטן סימבאָל. אָבער דאָ קומט אַ גרויסער אָבער, וואָס הייסט: נישט איבערכאַפּן די מאָס, האַלטן דיסטאַנץ. אין דער וועלט פון סימבאָלן קען נישט זיין קיין דעמאָקראַטישע גלייכקייט, וואָרעם די מענטשלעכע עמאָציעס, וואָס זיי רופן אַרויס זענען נישט גלייך. פסח איז אַ יום־טוב און פורים איז אַ יום־טוב. נאָר זאָל פורים זיך וועלן גלייכן מיט פסח, וואָלט דער סדר געווען אַ פורים־שפיל. אינעם קיניגרייך פון טראַדיציעס הערשט דער אַריסטאָקראַטישער פּרינציפּ פון עלטער און אָפּשטאַם. ווייס איך וואויל, ווי שווער עס איז דער דאָזיקער תנאי פאַר געוויסע היינטיקע יידן, פאַר יענע, וואָס זייער נשמה איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון זייער היסטאָרישן יידישן אינהאַלט און וואָס זענען גרייט זיך אָנצוכאַפּן אין וואָס עס זאָל נישט זיין, אַבי די פּוסטקייט צו פאַרשטאָפּן, וואָס לאָזן זיך פירן פון בלאָנדזשענדיקע פייערלעך, פון גלי־ווערעמלעך און מיינען, אַז מען קען מיט זיי פאַרבייטן דאָס אייביקע ליכט פון דער זון. נישט איבערכאַפּן די מאָס, מיינען קודם-כל, וויסן, וואו איין און וואו אויס, ווער איז עלטער און וואָס איז הייליקער. פאַרלירט מען די מאָס און אַלץ איז כלומרשט גלייך הייליק, ווערט במילא אַלץ וואָכעדיק און גלייכגילטיק.

ווען איך אייך ברענגען אַ לעבעדיקן, הגם טראַגישן משל. איך האָב געקענט אין פּאַריז אַ יידישן זשורנאַליסט, וואָס אַמאָל האָט ער געהערט צו דער אגודת־ישראל. אויסגעוואַקסן אין אַ פרומער יידישער שטוב, איז ער שפּעטער געוואָרן אַ קאָמוניסט. געווען אַ גאָר פיינער און איידעלער יונגערמאַן און אַן אויפריכטיקער אידעאַליסט, ווי דאָס האָט איבעריקנס באַוויזן זיין מאַרטירער־סוף. די דייטשן האָבן אים געכאַפּט און דערשאָסן. האָבן זיינע חברים אין אויסלאַנד געשריבן נאָך זיין טראַגישן טויט, אַז בעת מען האָט אים געשטעלט צום וואַנט אויף צו שיסן האָט ער אויסגעשריען: „זאָל לעבן פראַנקרייך! זאָל לעבן דער אינטערנאַציאָנאַל!" בין איך, און מסתמא קיינער, דערביי נישט געווען. און, גלויבט מיר, איך וואָלט מיט קיין איין וואָרט נישט געוואָלט פאַרשוועכן זיין ליכטיקן אָנדענק. קען איך זיך אָבער בשום אופן נישט פאָרשטעלן, אַז אַ ייד, און ער איז

געווען אַ ייד מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים, ווען ער גייט „פֿאַרזאַמלט צו ווערן צו זיין פֿאָלק״, ווען ער שטייט אויפֿן שוועל פֿון דער גרויסער מיסטעריע, זאָל זיך נישט דערמאָנען אין דעם שמע ישראל, מיט וועלכן דורות פֿון קדושים און טהורים האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות, זאָל נישט שפּירן דעם רעליגיעזן ציטער פֿון באַהעפֿטן זיך מיט זיי און דורך זיי — מיט דער אייביקייט. איך וואָלט פֿאַרשוועכט זיין געדעכעניש, ווען איך זאָל נישט קלערן אַט אַזוי וועגן זיינע לעצטע מינוטן, פּונקט ווי דער אָנדענק זיינער וואָלט געלעסטערט געוואָרן, ווען זיינע חברים זאָלן מזכיר זיין זיין נשמה נאָר מיטן געזאַנג פֿון אינטערנאַציאָנאַל און פֿאַרגעסן דעם אַלטן הייליקן יידישן אל מלא רחמים. גאַבריעל פּערי, אַ חבר פֿון דעם דאָזיקן יידישן יונגעמאַן, איינער פֿון די פֿירער פֿון פֿראַנצויזישע קאָמוניסטן און פֿון דעם פֿראַנצויזישן ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן, האָט, איידער ער איז געגאַנגען צו דער תליה, געשריבן צו זיינע חברים: „איך שטאַרב, כדי פֿראַנקרייך זאָל לעבן״. וואָלט ער אָנשטאָט דעם געענדיקט זיין בריוו בלויז „עס זאָל לעבן דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל!״, וואָלט ער נישט אַרויסגעוויזן די טיפֿע נשמהדיקע ערלעכקייט, וואָס אַ מענטש איז שולדיק זיך און דער וועלט, ווען ער גייט פֿון איר אַוועק. הגם עס איז קיין ספֿק נישט, אַז גאַבריעל פּערי האָט פֿון גאַנצן האַרצן געוואונטשן אַ לאַנג לעבן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

עס איז ממש נישט צו באַגרייפֿן, ווי אַזוי די גרויסע יידישע אומקום־טראַגעדיע אין איראָפּע, וואָס מיר האָבן אָקאָרשט איבערגעלעבט, האָט אויך נישט געקענט אויפֿוועקן ביי געוויסע יידן און ברענגען צו זייער באַוואוסטזיין זייער פֿאַרדרעמלטן געשיכטלעכן חוש, זיי ווידער דערנענטערן צו יידישער טראַדיציע. פֿאַראַן ביי אונדז ווי ביי אַלע פֿעלקער, פּאַרטייען און גרופּעס, וואָס האַלטן, און מיט רעכט, אַז מען דאַרף פֿירן אַ פֿאַרביסענעם קאַמף, אויף לעבן און טויט מיט די רעשטלעך (איך וואָלט געזאָגט — מיט די נייע בליטן, נאָר נישט דאָס בין איך דאָ אויסן) פֿון נאַציפֿאַשיזם. פֿאַרשטייען זיי אָבער נישט, די דאָזיקע יידן, אַז דערמיט, וואָס זיי פּאַסן איין די יידישע טראַגעדיע בלויז אין דער אויסערער צייטלעכער ראַם פֿון נאַצי־פֿאַשיזם, אָנשטאָט קודם־כל זי אַריינצושטעלן אין דער שטענדיקער און אינעווייניקסטער ראַם פֿונעם גרויסן יידישן געשיכטלעכן פֿאַקט, וואָס הייסט גלות, באַגייען זיי נישט בלויז אַ גרויסן טאַקטישן פֿעלער, נייערט זיי פֿעלשן אויך יידישע געשיכטע. ווער עס מאַכט די אויפֿשטענדלער פֿון וואַרשעווער געטאָ בלויז פֿאַר קעמפֿער קעגן פֿאַשיזם, אָדער גאָר ווי אַנדערע ווילן, פֿאַר אַ פֿרייען פּוילן („פֿאַר אונדזער

און אייער פרייהייט"), ווער עס זאָגט זיך עקשנותדיק אָפּ פון זיי צו באַהעפטן מיט דורות יידן, וואָס זענען אומגעקומען על קדוש השם, מיט יענע וואָס זענען פאַרצוקט געוואָרן אויף די אַרענעס פון רוים, מיט די יידן וואָס זענען געפאַלן אַ קרבן פון אַמאָליקע רציחות, פון אַמאָליקע רשעות בעת דער נאָמען נאַצי־פאַשיזם איז נאָך אויף דער וועלט נישט געווען, אונטער דער האַק פון די צלם־טרעגערס, פון כמיעלניצקיס האָרדעס, פון די יידן, וואָס זייער בלוט האָט רויט געמאַכט אַלע גרויסע טייכן פון דער וועלט, דעם ריין, דעם גוואַדאַלקוויוויר, דעם טאַכאָ און דעם דניעפּער, — ווער עס טוט דאָס, דער פאַרשוועכט זייער זכרון און נעמט ביי זיי אָפּ דאָס רעכט, וואָס זיי האָבן מיט זייער לעבן און טויט פאַרדינט, אַרונטערגענומען צו ווערן אונטער די פליגלען פון דער שכינה, פון יידישער הייליקייט און אייביקייט. נאָך עפּעס, זיי פאַרשטייען גאָרנישט, די דאָזיקע יידישע קעמפער קעגן פאַשיזם, וויפיל וואָלט זייער קאַמף גופא געוואונען אין אינספּיראַציע, אין האַרציקייט און אינטענסיווקייט, ווען זיי וואָלטן, אַנשטאָט אים אָפּצורייסן פון אַלטע יידישע טראַדיציעס און איבערלעבונגען, אים נאָך שטאַרקער און ענגער מיט זיי פאַרבונדן.

מיר יידן זענען אַ פאָלק, וואָס האָט דעם לענגסטן זכרון צווישן אַלע פעלקער פון דער וועלט, במילא די לענגסטע טראַדיציע. קומען יידן און ווילן אונדז דווקא מקצר זיין די יאָרן, אונדז אויסטון פון דער ירושה און אונדז אַוועקשטעלן ווי אָרעמעלייט ביי פרעמדע טירן, און ווי אָפט זענען זיי גאָר פאַרשלאָסן, אָט די דאָזיקע נישט גאַסטפריינדלעכע טירן. פאַראַן פעלקער, וואָס גרויסן זיך אויך מיט זייער עלטער, הגם זיי האָבן נישט קיין שום גרונד דערצו. די הייניטיקע עגיפּטער האָבן נישט, און קענען נישט האָבן דעם באַוואוסטזיין, אַז זיי זענען די אור־אייניקלעך פון די אַמאָליקע מצרים, פון די פרעהס, די יורשים פון זייער קולטור. אפילו די אַלטע עגיפּטישע שריפט, די היעראָגליפן, האָט פאַר זיי געדאַרפט אַנטפּלעקן אַ פרעמדער, דער פראַנצויזישער געלערנטער שאַמפּאָליאָן. דאָס אייגענע האָבן די הייניטיקע גריכן נישט קיין געפיל פון המשך פון די אַמאָליקע העלענער, מעגן זיי רעדן וועגן סאָקראַט און סאָפאָקל, אַריסטאָטעל און דעמאָסטען, ווי וועגן זייערע אבות. פאַראַן נאָר איין איינציק פאָלק אויף דער וועלט, וואָס אַלע זיינע דורות, ביז צו אונדזער איצטיקן, זענען אַ המשך פון די פריערדיקע, אַ המשך אין גלויבן, אין געזעץ, אין שפּראַך (לשון הקודש), אַ המשך אויך אינעם לעבנסשטייגער, נישט געקוקט אויף אַלע זיינע וואַריאַציעס און ענדערונגען. איז דאָך דאָס אַ שעפערישער לעבעדיקער אוצר, און אַן אייגענער דערצו. און צי איז דאָס נישט קיין אויס־

ברענגעריי די דאָזיקע רייכקייט צו צעטרענצלען, איז דאָס נישט קיין וואַנדאַליזם ?

איך שרייב די דאָזיקע שורות אין אַ קליינעם לאַנד, אורוגוויי, וואָס זיין גאַנצע געשיכטע איז אַלט אַ קימאַ־לן פון עפּעס מער ווי הונדערט יאָר, און וואָס קען זיך באַרימען נאָר מיט איין באַטייטנדיקער היסטאָרישער פיגור, גענעראַל אַרטיגאַס. דאַרפט איר זען, מיט וואָס פאַר אַ ליבע און צערטלעכקייט מען האָט אַרומגערינגלט דעם דאָזיקן נאַציאָנאַלן העלד. זיין הענקמאָל, אין צענטער פון דער הויפּט־שטאָט, איז געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע הייליקייט. און נישט ווייניק יידן, וואָס וואוינען אינעם דאָזיקן לאַנד, דוכט זיך, זין פון אַן אַלט היסטאָריש פאָלק, קוקן פון אונטן אַרויף אויף די אורוגווייער, כעני העומד בפתח. וואָרעם, וואָס זענען מיר, אויב נישט בעטלער, וויבאַלד מיר פאַרוואָרלאָזן אונדזער טויזנט־יאָריקע געשיכטע און אונדזער רייכע ירושה. קענען מיר טאַקע נישט אויסהאַלטן קיין פאַרגלייך אַפילו מיט די אורוגווייער, וואָס זענען רייכער פון אונדז וואָרעם זיי האָבן כאָטש אַ טראַדיציע, וואָס איז אַלט מער ווי הונדערט יאָר, בעת מיר שטייען ווי אָקאָרשט געבוירענע, וויבאַלד אַז אונדזער גאַנץ גייסטיק אייגנטום האָבן מיר מיט אייגענע הענט אַריינגעוואָרפן אין מיסטקאַסטן.

אָט אַזוי איז דאָס אומקערן זיך צו דער יידישער ירושה נישט בלויז אַ נאַציאָנאַלע פראַגע פאַר אונדז, נייערט אַן אויטענטיש־מענטשלעך פּראָבלעם, אַ קולטור־פּראָבלעם, אַ קאַמף קעגן צביעות און פאַלשקייט. דאָס ווידער־באַהעפטן זיך מיט יידישער טראַדיציע, מיט יידישע סימבאָלן איז נישט בלויז נויטווענדיק פאַר אונדזער נאַציאָנאַלן קיום, נאָר איז אויך אַ תנאי גדול פאַרן אויפקומען פון דער ניי־אַלטער פולער יידישער פערזענלעכקייט, פונעם האַרמאָנישן יידישן מענטשן, אויפריכטיק און ערלעך מיט זיך, מיט זיין פאָלק און מיט דער וועלט.

---

ר ע פ ע ר ע נ צ ן :

(1) Anatole France : La vie Litéraire, tome 2, p. 274.

(2) Lily Abegg. Yawato. Paris, p. 149.

(3) אַ גלענצנדיק בילד פון דער פאַמעלעכער ענדערונג פון דעם סאָוויעטישן

קוק אויף דער רוסישער טראַדיציע ווערט געגעבן פון פּראָפעסאָר פריץ ליעב אין זיין בוך:
Russland unterwegs, Bern, 1945, SS. 169, 173-4, 176-7, 186, 188-9, 191, 192-3, 204-5, 273-6.

(4) Friedrich Nietzsche. Jenseits von Gut und Boese. Reclam-Ausgabe, S. 221.

(5) ציטירט לויט י. צינבערג, געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן, באַנד 3, ז' 26.

(6) Spinoza. Der Theologisch-politische Traktat. Drittes Kapitel.

(7) שלמה מיימונס לעבנס־געשיכטע, איבערזעצט פון א. י. גאָלדשמידט, צווייטער טייל, ווילנע 1927, ז' 420.

(8) Solomon B. Freehof. Reform Jewish Practice. Cincinati 1944, pp. 43-46.

# די „אוניווערסאַלע" קריסטלעכע רעליגיע און די יידישע „שבט-אמונה"

צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע פרעמדע באַגריפן, האָט זיך ביי אונדז אויך איינגעבירגערט די פאַרשטעלונג, אַז איינע פון די גרויסע מעלות פון קריסטנטום איז דאָס, וואָס עס איז אַן אוניווערסאַלע רעליגיע. הגם אַרויס־געוואַקסן פון דער יידישער אמונה, דאָס הייסט פון אַ נאַציאָנאַלן גלויבן, איז דאָס קריסטנטום זי אַריבער־געוואַקסן, וואָרעם דערגרייכט די העכערע מדרגה פון אַ וועלט־רעליגיע. אין אָט דעם פּרט גייען קריסטן דענקער און היסטאָריקער, אפילו פרייע, צוזאַמען מיט די וואָרטזאָגער פון דער קירך. אָמאָליקע יידן האָבן זיך גאָר קנאַפּ געקימערט, צי איז יאָ אָדער נישט פאַראַן אַזאַ אונטערשיד צווישן די צוויי אמונות, ווייל די סאַמע קעגנאיבערשטעלונג פון ביידע איז פאַר זיי געווען גאָר אַן איבעריקע זאַך. זענען זיי דאָך זיכער געווען, אַז עס איז דאָ אויף דער וועלט נאָר איין־איינציקער אמת, דער יידישער. און אויב די אומות העולם האָבן אַנדערע אמתן, פאַרשידענע פון אונדזערע, איז לכתחילה קלאָר, אַז דאָס איז אַ סימן, אַז זייערע אמתן זענען קיין אמת נישט. און אויב יידישע חכמים איז יאָ אויסגעקומען צו באַרירן אָט די טעמע, האָבן זיי דאָס געטון כלאחר יד און כאילו כפאם שד. מסתמא טאַקע נאָר צוליב ודע מה שתשיב.

נאָר די צייטן האָבן זיך געביטן. היינט מוזן מיר זיך שוין פאַרנעמען גאָר ערנצט, בכבוד ראש מיט דעם דאָזיקן ענין. און נישט אַזוי כדי אָפּצואווענדן פרעמדע טענות, וואָס איז סיי ווי אַ ברכה לבטלה, נאָר כדי אונדזערע אייגענע ברידער און קינדער אויפצוקלערן, ווייל פאַרסמט זענען זיי פון דער אַרומיקער לופט און זיי שטיקן זיך פון אָטעמען די פּוסטקייט פון הייניטיקע יידישע היימען. וואָרעם פאַר אַ סך פון זיי, פונקט להיפך צו אונדזערע עלטערן, איז יעדע דיפערענץ צווישן אונדז און דער וועלט אַ סימן נישט פון אונדזער העכערקייט, נאָר אדרבא אַ צייכן פון עפּעס אַ דעפעקט ביי אונדז אָדער גאָר פון אונדזער אינפעריאָריטעט. האָבן די דאָקטוירים פון יידישער אַפּאָלאָגעטיק, אַנשטאָט צו היילן די דאָזיקע קנאַפּווערטיקייט־חולאת, אונדז געגעבן רפואות, וואָס האָבן די קרענק נאָך ערגער געמאַכט און זי נאָך מער פאַרשפּרייט. אַז אַן אוניווערסאַלע רעליגיע איז העכער פון אַ נאַציאָנאַלער איז לית מאן דפליג. והראיה, די גאַנצע קריסטלעכע וועלט חזרט דאָס אונדז איין טאָג

איין טאָג אויס. און אַז קריסטנטום איז פול מיט אוניווערסאַלן אינהאַלט, איז דאָך אַוודאי זיכער. אַ באַווייז — די באַרג־דרשה, די שיינע משלים און שפּרוכן פון די עוואַנגעליעס און די דרשות פון קריסטלעכע קיר־כעס, וואו איר הערט בלויז וועגן דעם מענטשן בכלל, דעם אוניווערסאַלן מענטשן, גאָטס באַשעפעניש, און וואו „ייד אָדער גריך" זענען חס מלהזכיר. איז מען דאָך אָבער יידן, און וויל מען דאָך, צי איז מען זיך דערין מודה, אָדער מען באַהאַלט דאָס, בלייבן וואָס מען איז. וואָס־זשע טוט מען ? איז די תשובה אַזוי פשוט, וואָס פשוטער קען גאָר נישט זיין. נישט בלויז שטייען מיר נישט אָפּ פון די איבעריקע פעלקער, נאָר אדרבא, יידישקייט איז טאַקע ד י אוניווערסאַלע רעליגיע, דער מוסטער פאַר אַלע אַנדערע. און אַזוי ווי קיין פסוקים פעלן נישט ברוך השם, און אַ שטיק אמת, מער נישט אַ פאַרדרייטער, צוגעריכט צום קריסטלעכן גוסט, שטעקט דאָך דערין, איז נישט שווער אַזאַ טעזע אונטערצושטיצן. און דאָס צו באַווייזן גייט ממש אין לעבן. וואָרעם דערפון הענגט דאָך אָפּ אַ שטאַרקער פּראָזאַאישער פּראַקטישער ענין, אונדזער מאָראַלישע רעכט צו זיין גלייכע בירגער מיט אַלעמען, אַ רעכט, וואָס ווערט פון אַ סך גויים אָפּגעפרעגט אויפן סמך, וואָס מיר זענען אַ באַזונדער פאָלק, ווי באַלד אונדזער רעליגיע גופא איז אַ נאַציאָנאַלע.

האָט מען זיך, כדי דאָס צו באַווייזן, אָנגעהאָנגען אין די נביאים. פאַרשטייט זיך, אַז עפּעס אַ סמיכות הפרשה איז דאָ פאַראַן. האָבן דאָך די נביאים באמת געהאַט אוניווערסאַלע וויזיעס. אין וואָס, באַצויגן האָבן זיי זיך צו דעם אחרית הימים, וועט מען אייך זאָגן, אַז די דאָזיקע צייטן זענען טאַקע שוין אָנגעקומען, פאַר די יידישע משכילים — מיטן אויפ־קומען פונעם „אויפגעקלערטן דעספּאָטיזם", פאַר אַ שפּעטערדיקן דור — מיט דער אַנטוויקלונג פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער דעמאָקראַטיע, און פאַרן איצטיקן — מיטן אויפשטייג פון דעם סאָציאַליזם. גלויב איך נישט, אַז עס זאָל זיין נויטיק, בפרט איצט, אין יאָר 1946, צו פאַרלירן אַ סך רייד, אויף צו באַווייזן, אַז הגם איטלעכע פון די דאָזיקע שטופעס אין דער אַנטוויקלונג פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט איז געווען אַ וויכטיקער טריט פאָראויס, זענען מיר אויך איצט נאָך, און אפשר איצט מער ווי ווען נישט איז, אַ היפשן מהלך ווייט פונעם „סוף פון די צייטן". און זיך אומקערנדיק צו די נביאים, דאַרף מען נאָך מוסיף זיין, אַז אויב איר וועט שטאַרק זוכן, וועט איר געפינען אַ גאָר גרויסע „נאַציאָ־נאַליסטישע סירכה" ביי זיי. אַלע זייערע נביאות, אפילו די וואָס באַ־ציען זיך צום „סוף פון די טעג", זענען איינגעפאַסט אין אַ נ אַ צ י אָ־

נאַלער ראַם. אין צענטער שטייט דאָס פֿאָלק ישׂראל. און פּונקט ווי זיי זענען געווען מוסר־זאָגערס און מאָראַל־לערערס, זענען זיי אויך געווען נאַציאָנאַלע פּאָליטיקערס. דוקא די נביאי השקר זענען געווען „אוניווערסאַליסטן”, וואָס האָבן געדרשנט נהיה ככל הגוים, בעת די נביאי האמת האָבן אין אַ העל אייביק ליכט געזען דעם באַזונדערן גורל פֿונעם יידישן פֿאָלק און זיין באַזונדערן וועג, אַלעמאָל, אין זייער אייגענער צייט און אין קומענדיקע צייטן.

אברהם גייגער איז אין דער נייער עפּאָכע פֿון אונדזער געשיכטע געווען דער ערשטער, וואָס האָט קלאָר פֿאָרמולירט דעם געדאַנק וועגן דער אוניווערסאַלישקייט פֿון יידישקייט און פֿון דער יידישער רעליגיעזער מיסיע אויף דער וועלט, פֿאַרבונדן מיט דער פֿאַרלייקענונג פֿון יידישער פֿאָלקס־עקסיסטענץ. ער האָט דערקלערט: „דאָס יידנטום האָט צעבראָכן די מחיצות פֿון דער ענגער פֿאָלקישקייט; נישט די געבורט מאַכט פֿאַר יידן, נייערט די איבערצייגונג, די אָנדערקענונג פֿון דעם יידישן גלויבן. און אויך דער, וואָס איז נישט געבוירן פֿון יידישע על־טערן, ווי באַלד ער נעמט אָן דעם אמתן גלויבן, ווערט ער אַ פֿולבאַרעכטיקטער ייד” (1) איז דער פֿאַקט גופא, אַז דורך התגיירות קען אַ קריסט ווערן אַ ייד, אַבסאָלוט אמת. נאָר דאָס איז פּונקט אַזאַ באַווייז פֿאַר דער אוניווערסאַלישקייט פֿון יידישקייט, וואָס אברהם גייגער האָט געוואָלט אַרויסברענגען, ווי דער פּרינציפּ, אָנגענומען פֿון אַלע אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע פֿעלקער, וואָס דערלאָזט די נאַטוראַליזאַציע פֿון אויסלענדער, קען דינען פֿאַר אַ ראיה, אַז עס עקסיסטירן בכלל נישט קיין נאַציאָנאַלע פּאַרטיקולאַריזמען, באשר בכן איטלעכער מענטש קען ווערן אַ דייטש, אַן ענגלענדער, און אַזוי ווייטער, הגם ער איז געבוירן אַ רוס, אַ פֿראַנצויז וכדומה.

מען דאַרף דאָ דערמאָנען נאָך אַ נאָמען פֿון אַ יידישן רעפֿאָרמער, וואָס איז נענטער צו אונדז אין צייט און וועלכער האָט געמאַכט כמעט פֿאַר זיין לעבנס־אויפֿגאַבע צו באַווייזן די פֿעלקער און די יידן פֿון זיין חדר די אוניווערסאַליסטישע שיינקייט און דערהויבנקייט פֿון יידישן גלויבן. איך האָב דאָ אין זינען קלאָד מאָנטעפֿיאָרע. אין אַ בוך פֿאַר יידישע עלטערן און לערער וועגן די הויפּט־שטריכן פֿון „ליבעראַלן יודאַיזם” דערקלערט ער נישט מער און נישט ווייניקער, אַז מיטן אויפֿקומען פֿונעם גלויבן אין איין גאָט, מוזן די נאַציאָנאַלע רעליגיעס פֿאַרשווינדן. אַ נאַציאָנאַלע רעליגיע מיט אַן איינציקן אוניווערסאַלן גאָט איז אין אַ געוויסן זינען אַן ערגערע רעליגיע ווי אַ נאַציאָנאַלע רעליגיע

מיט ספּעציעלע אייגענע געזעצער, דאָס הייסט, געזעצגעבעריי (2). אַרויסטרעטנדיק שאַרף קעגן דעם מאָטיוו, וואָס ווערט אָפט באַנוצט אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור און פּראָפּאַגאַנדע, אַז נישט בלויז יידן, נייערט אויך יידישקייט באַדאַרף פאַר איר עקסיסטענץ און אַנטוויקלונג האָבן אַ יידיש לאַנד, זאָגט קלאָר מאָנטעפיאָרע: „אויב די יידישע רעליגיע קען געדייען נאָר צווישן די יידן, וואָס לעבן באַזונדער און אָפּגעזונדערט, מוז איך מודה זיין, אַז איר ווייטערדיקער קיום זעט מיר קוים אויס ווערט צו זיין די טרחה. אויב איר עקסיסטענץ הענגט אָפּ פון אַ נאַציאָנאַלן לעבן, דעמאָלט איז זי אַ רעליגיע, וואָס גייט אַנטקעגן אַלע רעליגיעס פון דער וועלט, און דעמאָלט וואָלט נישט געווען נישט באַרעכטיקט די קריטיק, אַז זי איז בלויז אַ שבט־רעליגיע, מעג זי זיין אַן אינטערעסאַנטע איבערבלייבעכץ, אַ מוזיי — יקר־המציאות, אַ טשעקאַווער אַנאַכראָניזם, וואָס געלערנטע קענען אפשר מיט נוצן און אויפמערקזאַם שטודירן. אין אייראָפּע און אַמעריקע לכל הפחות, זענען די טעג פון נאַציאָנאַלע רעליגיעס פאַרביי. נאָר אוניווערסאַלע רעליגיעס (דאָס הייסט, רעליגיעס וואָס זענען נישט באַזירט אויף אַ באַשטימטן פאָלק אָדער ראַסע, נישט געבונדן מיט זיי און גרענעצן נישט מיט זיי) קענען האָבן אַ פּרעטענזיע אויף אָנדערקענונג. נאָר אוניווערסאַלע רעליגיעס קענען זיך איינשטעלן צו קאָנקורירן צווישן זיך און קענען אויסהאַלטן דעם לאַנגען און שאַרפן געראַנגל" (3).

איז לאָמיר קודם־כל אַ קוק טון, צי איז אוניווערסאַלישקייט פון אַ רעליגיע אַליין פאַר זיך, נישט אָפּהענגיק פון איר אינהאַלט און דעם כאַראַקטער פון איר השפּעה אויפן „אוניווערס", אַזאַ גוואַלטיקע מעלה און אַ העכערע מדרגה, ווי יעדע נאַציאָנאַלע רעליגיע, וואָס עס זאָל נישט זיין איר אינהאַלט און ווי עס זאָל נישט אויסזען איר ווירקונג. וויל איך מיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין אַ פּוסטער חקירה, צי איז דאָס קריסטנטום, ביי זיין אויפקומען, געווען אַ פּראָגרעס אין פאַרגלייך מיט די אַנטיקע לאַנד־רעליגיעס, וואָס עס האָט אַרויסגעשטויסן, און וואָס וואָלט געווען, ווען זיי וואָלטן ווייטער געלעבט און זיך אַנטוויקלט, בלייבנדיק ביי זייער פּאַרטיקולאַרן כאַראַקטער, צו העכערע פאָרמען און צו פולערע שלמות, ווי אין די אַלטע צייטן. אויף דער שאלה קען מען, חוץ בויך־סברות, גאָרנישט נישט זאָגן. אָבער אָט האָבן מיר אַ פּאָזיטיוון היסטאָרישן פאַקט, וואָס לאָזט זיך קאָנטראָלירן. און דאָס איז די רעפאָרמאַציע. באַטראַכט מען, און מיט אַ געוויסן גרונד, אַז די רעפאָרמאַציע, וואָס האָט געשפּאָלטן די אוניווערסאַלע קאַטוילישע קירך

און איר אַנטקעגנגעשטעלט קירכעס מיט אַ מער אָדער ווייניקער בפירושן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, האָט געמיינט נישט קיין רעאַקציע, נייערט דוקא אַ פּראָגרעס אין דער רעליגיעזער אַנטוויקלונג. אברהם גייגער און קלאָד מאָנטעפיאָרע האָבן, משמעות, וועגן דעם זיך נישט פאַרטראַכט. איך בין כמעט בטוח, אַז עס וואָלט געווען גענוג צו אַפּע־לירן צו זייערע פּאַטריאָטישע, דייטשע און ענגלישע, סענטימענטן, זיי צו דערמאָנען, אַז די לוטעראַנישע קירך אין דייטשלאַנד איז געווען אַ רעזולטאַט פון דייטשן נאַציאָנאַלן אויפוואַכן, און אַז די „טשוירטש אָוו ענגלאַנד" איז אַן ענגלישע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע, עד היום נאָך פאַרבונדן מיט דער ענגלישער מלוכה, כדי זיי מחזיר למוטב צו זיין און זיי ברענגען צו אַ קלאָרערער פאַרשטענדעניש און אָפּשאַצונג פון נאַציאָ־נאַלע רעליגיעס בכלל. הגם איך בין שטאַרק מסופק, צי וואָלטן זיי אפילו דעמאָלט אויך חוזר בתשובה געווען בנוגע צו דער יידישער „שבט־רעליגיע", ווייל יידן זענען דאָך, כידוע, אַ קאַפּיטל פאַר זיך, כאָטש אַ לעבן פאַר זיך האָבן סיי אברהם גייגער און סיי קלאָד מאָנ־טעפיאָרע, זיי דוקא פאַרווערט צו לעבן.

וואָס מער איר וועט שטודירן די געשיכטע פון רעליגיעס און גלויבנס און די רעאַלע ראָל, וואָס זיי שפּילן אינעם לעבן פון די מענטשלעכע חברות, אַלץ מער מוזט איר צווייפלען אין דער סאַמער עקסיסטענץ פון אוניווערסאַלע רעליגיעס, אויב מען זאָל דעם באַגריף גופא פון רעליגיע נישט באַגרענעצן מיט אַ פּאָר דאָגמעס און אומבאַשטימטע אַלגעמיינע אי־דעען אָדער מיט געוויסע ריטן, פאַרגעסנדיק אין די בפועלדיקע און פונ־דאַמענטאַלע חילוקים אין לעבנס־באַנעם און הנהגה, וואָס שיידן אָפּ די גלויביקע פון דער אייגענער רעליגיע, לויט לענדער און פעלקער. נעמט, למשל, דעם בודיזם. איז בודיזם בלי־ספק די ערשטע אוניווערסאַלע רע־ליגיע אויף דער וועלט אין דעם זינען פון פאַרשפּרייטקייט, וואָס ווערט געוויינלעך אידענטיפיצירט מיט אוניווערסאַלישקייט. שוין מיט צוויי הונ־דערט יאָר פאַר קריסטוסן, האָט דער בודיזם אַריבערגעשפּרייט ווייט אי־בער די גרענעצן פון זיין געבוירן־לאַנד. פון אַ מאָנאַכן־אָרדן, איז ער אויסגעוואַקסן צו אַ וועלט־רעליגיע. האָט ער אָבער באמת באַהערשט זיין וועלט, זי אויסגעבעסערט, זי רעפאָרמירט אינעם גייסט פון זיינע אייגענע אידעאַלן? אויף דעם גיט אונדז אַ קלאָרע נעגאַטיווע תשובה די געאָ־גראַפיע פון בודיזם. וואָס מער ער האָט זיך פאַרברייט איבער דער וועלט, אַלץ קלענער און אויבנאויפיקער איז געוואָרן זיין אמתע השפעה. אַ סך מער ווי דאָס קריסטנטום — אַ מלכות נישט פון „דער וועלט", האָט ער

ניִשט געקענט ערנצט זיך ראַנגלען מיט די פּאַראורטיילן פֿון די פֿעלקער, וואָס ער האָט זיי „באַזיגט”. די רעליגיע, וואָס מען שרייבט איר צו די ראָל פֿון אַ באַפֿרייער פֿון אינדיע פֿון דער הערשאַפֿט פֿון די בראַמינער און קאַסטעס, האָט מיט ביידע שפּעטער שלום געמאַכט. עס איז אפילו אַ סברה, אַז גראָד דער בודיזם האָט איבערגעבראַכט דעם קאַסטעס־סיס־טעם קיין ציילאָן— איינע פֿון די לענדער, וואָס ער האָט מנצח געווען נאָך מער. לויט אָרטאָדאָקסאַלן בודיסטישן גלויבן, דאַרפֿן די צוקונפֿטיקע בודאָס אַרויסקומען פֿון די העכערע קאַסטעס און נישט חלילה פֿון די געמיינע (4).

און איצט לאָמיר נעמען דעם איסלאַם, וואָס לויט זיינע כוונות און פֿאַרשפּרייטקייט וואָלט ער אויך באַדאַרפֿט אַריינגערעכנט ווערן, און אַזוי פּאַסירט עס טאַקע, צווישן די אוניווערסאַלע רעליגיעס. געפֿינט איר און קאָראַן, גלייכצייטיק מיט די פֿערזן, וואָס כאַראַקטעריזירן מחמדן ווי דעם נביא פֿון די אַראַבער, נישט ווייניק אַזוינע, וואו דער איסלאַם ווערט דערקלערט ווי די אמונה, וואָס אַלע „משפּחות פֿון דער וועלט” דאַרפֿן אָננעמען, וואו מחמד ווערט אַרויסגעשטעלט ווי דער נביא, וואָס גאָט האָט אים געשיקט אָנצוזאָגן די „גוטע בשורה” אַלע מענטשן. (קאָראַן סורא XXXVIII,87, XXXIV,27 און אַנדערע). פֿון דער אַנדער זייט זעען מיר, ווי דער איסלאַם האָט נאָך ביים לעבן פֿון זיין באַגרינדער און אין אַ קורצער צייט נאָך זיין טויט ממש איינגענומען אַ גאַנצע וועלט. זאָגט מיט רעכט פּראָפ׳ קינען, אַז די דאָזיקע גיכקייט איז נישט בלויז נישט קיין סימן פֿון אוניווערסאַלישקייט, נאָר אדרבה גאָר שטאַרק חשודיק. גיכע נצחונות פֿון אַן אידעע מוזן בהכרח זיין אויבנאויפֿיקע. איז טאַקע דער איסלאַם געוואָרן נישט מער ווי אַ דינער לאַק, וואָס האָט פֿאַר־שמירט די געצנדינערישע אידעען און פּירעכצן פֿון אַט די לענדער און פֿעלקער, וואָס ער האָט זיי „מחזיר למוטב” געווען. אונטער דעם דאָזיקן לאַק, דעם אַלגעמיין-איסלאַמישן, האָט איטלעך „מוסולמאַניש” פֿאָלק רואיק זיך געפֿירט ווי זיינע געצנדינערישע אבות און געגאַנגען אין די וועגן פֿון זיין פֿריערדיקער פּאַגאַנישער נאַציאָנאַלער רעליגיע (5). פּראָפ׳ קינען באַמערקט נאָר איין זאַך נישט: אַז אויך די „נצחונות” פֿון קריסטנטום זענען אָפֿט דערגרייכט געוואָרן, פּונקט ווי די איסלאַמישע, מיט „פֿייער און שווערד” און אַז אויך זיין השפּעה איז נישט אַריינגעדרונגען טיפֿער צווישן די מערב־פֿעלקער, ווי די מוסולמענישע — אין נאָענטן און ווייטן מזרח. נאָר וועגן דעם רעדט זיך דאָ באַזונדער. זעען מיר בכן, אַז נישט איטלעכע אידעע, וואָס איז פֿאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער

וועלט, און נישט אייטלעכע רעליגיע, וואָס לערנט אַלגעמיין־מענטשלעכע אמתן און ווערט טאַקע מחמת דעם אומעטום אָנדערקענט, איז באמת אוניווערסאַל לויט איר עטישן אינהאַלט און ווערליק אירע דערגרייכונגען. נעמט דעם אַנטיסעמיטיזם, זיין אידעע איז אַן אוניווערסאַלע. ער שטעלט אַוועק אַ שותפותן ציל פאַר דער ג אַ נ צ ע ר  ו ו ע ל ט. וואָרעם וואָס פאַר אַ ווערט, אומשטיינס געזאָגט, האָבן צען צי צוועלף מיליאָן יידן קעגן דער צוויי מיליאַרדיקער באַפעלקערונג פונעם ערד־קוגל ? זיין ציל גופא : פטור צו ווערן פון אַ שעדלעכן פאָלק, וואָס פאַרפעסטעט די וועלט־לופט, איז אַן אַלגעמיינער. ער איז דאָס אָבער אויך לויט זיין פאַרשפרייטקייט, אפשר נאָך מער ווי דאָס קריסטנטום, וואָרעם עס איז דאָך כמעט נישט דאָ קיין ווינקל אויף דער ערד, וואו איר זאָלט אים נישט טרעפן. איז די אוניווערסאַלישקייט פונעם אַנטיסעמיטיזם אַ שבח אָדער אַ גנאי פאַר אים, אַ מעלה, צי אַ חסרון ? פאַר די אַנטיסעמיטן — זיכער אַ מעלה. פאַר יידן און פאַר אַלע מענטשן, וואָס מענטשן־האָס איז פאַר זיי גלייך צו חיהשקייט — אַ גאָר גרויסער חסרון.

אָדער לאָמיר נעמען אַן אַנדער משל. דער סאָציאַליזם האָט ביז איצט מנצח געווען נאָר אין איין לאַנד, אינעם סאָוויעט־פאַרבאַנד. דער סאָציאַלער סדר, געבויט אויפן פריוואַט־אייגנטום איז, אין פאַרגלייך מיט אים, בלי ספק אוניווערסאַל און נעמט אַרום אַלע פעלקער פון דער וועלט. וועט אימיצער זאָגן, אַז דער „סאָציאַליזם אין איין לאַנד" איז אַ נידעריקערע געזעלשאַפטלעכע מדרגה, ווי דער אוניווערסאַלער קאַפּיטאַליזם ? איך גלויב נישט, אַז דאָס זאָל זיין די מיינונג אַפילו פון פאַרביסענע קעגנערס פונעם סאָוויעטישן רעזשים, אַ חוץ די, פאַרשטייט זיך, פאַר וועמען „פרייע איניציאַטיווע" (פרי ענטרעפּרייז) איז דאָס לעצטע וואָרט פון דער מענטשלעכער געשיכטע.

און צום סוף וועל איך ציטירן אַ דריטן פאַל. במשך פון גאַנצן מיטלעלטער האָט אייראָפּע געהאַט אַן „אוניווערסאַלע" קולטור־שפּראַך — לאַטיין. די פאַרשפרייטונג פון דער תשוקה נאָך בילדונג צווישן די פאָלקס־מאַסן, די דערוואַכונג פון זייער מענטשלעכן באַוואוסטזיין האָבן דערפירט צו דער אויפלעבונג פון די פאָלקס־שפּראַכן. פרעגט זיך, צי איז דוקא נישט געווען אַ פּראָגרעס אָט די אַרויסשטויסונג פון דער אוניווערסאַלער שפּראַך דורך די נאַציאָנאַלע לשונות, פון דער וועלט־שפּראַך — דורך „שבטים־דיאַלעקטן" ?

זעען מיר פון אָט די דריי משלים, און איך ברענג נאָר די דאָזיקע,

ווי די געבטערע, אַנשטאָט אַ פּאָר צענדלינג, וואָס מען וואָלט געקענט ציטירן, אַז אוניווערסאַלישקייט אַליין זאָגט נאָך גאָרנישט. אַז אַלץ הענגט אָפּ דערפון, ווי מיר שאַצן זי אָפּ אין האַלטלויד, אין איטלעכן פאַל באַזונדער. און אַצינד קענען מיר זיך בעסער צוקוקן צום „פאַל קריסטנטום", ווי אַן אוניווערסאַלע רעליגיע.

אַז דאָס קריסטנטום האָט מנצח געווען די געצנדינערישע וועלט צוליב דעם, וואָס זיין רעליגיע און לערע זענען געשטאַנען העכער פון פּאַגאַניזם, קען קיין מינדסטער ספק נישט זיין. דער נצחון פון קריסטנטום אין רוים קומט פאָר אין דער צייט פון איר גייסטיקער און מאָראַלישער דעקאַדענץ, כמעט ערב דעם פונאַנדערפאַל פון דער מערב־רוימישער אימפּעריע. אָבער די דאָזיקע העכערקייט אַליין וואָלט בשום אופן נישט געווען גענוג, כדי דאָס קריסטנטום זאָל פון די מאַסן געצנדינערס, און נישט בלויז פון געציילטע יחידים, אָנגענומען ווערן. ווייסן מיר דאָך, אַז יידישקייט האָט די אייגענע גלויבנס און אידעען אויסגעדריקט אין אַ נישט לערך לויטערער און ריינערער פאָרם. און פונדעסטוועגן איז די צאָל גרים אין רוים, און נאָר צווישן די געבילדעטערע קלאַסן, געווען גאָר אַ קנאַפּע. עס מיינט גאָרנישט, ווען מען זאָגט, ווי דאָס טוט א. ש. הערשבערג, וואָס האָט, צווישן אַנדערע אָנגעשריבן אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט וועגן התגירות אין דער תקופה פון בית שני, אַז ווען שאול פון תרשיש (דער אַפּאָסטאָל פּאַאולוס) וואָלט נישט צוגעטראָגן די רוימער, וואָס זענען נוטה געווען צו יידישקייט, די גרינגערע יידישקייט, די לערע פון ישו, אַן געזעצן און מצוות, אַ יידישקייט, וואָס איז געווען אַ קאָמפּראָמיס מיט דער געצנדינעריי, וואָלט אַפּשר רוים געשפּילט אין דער געשיכטע פון דער כנסת ישראל די ראָלע, וואָס זי האָט שפּעטער פאַרנומען אין קריסטנטום (6). עס איז פאַרשטייט זיך, נישט קיין צופאַל, וואָס די „גרינגע יידישקייט" איז בכלל אויפגעשטאַנען, פונקט ווי עס איז נישט געווען קיין צופאַל, וואָס איר שליח האָט מער און לייכטער געפועלט ביי די רוימער, ווי די פאַרטרעטער פון דער אויטענטישער אָבער שווערער יידישקייט. טאַקע מחמת דעם, וואָס אויך היינט צו טאָג איז נאָך „שווער צו זיין אַ ייד", זענען סך הכל פאַראַן אַ צענדליגג מיליאָן יידן אויף דער וועלט און קרוב צו אַ מיליאַרד קריסטן.

די עיקר־סיבה פונעם דערפאָלג פון קריסטנטום אין רוים און אויף די גריכישע אינדזלען אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער איצטיקער צייטרעכענונג, און פון זיין ווייטערדיקער פאַרשפּרייטונג צווישן

די „באַרבאַרן" ליגט דעריק, וואָס די קריסטלעכע עטישע לערע, און עס זענען מער נישטאָ קיין רעליגיעס אָן עטישן קערן, איז געווען און געבליבן אַזוי אַלגעמיין, אַזוי „אוניווערסאַל", אַזוי „אומשולדיק", אַז זי האָט מיט דער צייט מיט קיינעם מער נישט געדאַרפט איינרייסן, געקענט משווה ווערן מיט אַלץ און לעבן בשלום מיט אַלעמען.

פּונקט אַזוי ווי מען מישט צונויף צוויי פאַרשידענע באַגריפן — אַל־געמיינקייט און אוניווערסאַליזם, אַקוראַט אַזוי שטעלט מען אָפּט אַ גלייכקייטס־צייכן צווישן קריסטלעכן אוניווערסאַליזם און מאָדערנעם אינטערנאַציאָנאַליזם. טאַקע אויף דעם סמך געפינען זיך ביי אונדז יידן, עקסטרעמע אינטערנאַציאָנאַליסטן־סאָציאַליסטן, וואָס מאַכן חנדלעך די דרשנים פון קריסטלעך־יידישער שותפות און מיינען, אַז זיי כאַפּן דאָ אַ טייערע מציאה, אַ מין רמז אויף זייער אייגענעם אינטערנאַציאָנאַליזם. אָבער בעת דער לעצטער „מיינט ביזנעס", ווייל באמת משפּיע זיין אויפן סדר העולם און אים ענדערן פון קאָפּ ביז צו די פיס, קלערט אפילו גאָרנישט דערפון דאָס קריסטנטום, און אַ פשיטא שוין נישט — די פּוסט־ און שיין־רעדנערס וועגן יידיש־קריסטלעכער קרובהשאַפט. אַזאַ קרובהשאַפט, ווען זי וואָלט געוואָרן ווען נישט איז אַ רעאַליטעט, וואָלט דעם קריסטנטום נישט געמאַכט אינטערנאַציאָנאַליסטיש און וואָלט נאָר פאַרוואַסערט דעם קערנדיקן אינטערנאַציאָנאַלן ת ו ך פון יידישקייט. וועל איך דאָ ברענגען אַ משל, וואָס איז אונדזערע אינטער־נאַציאָנאַליסטן נענטער און וועט פאַר זיי זיין פאַרשטענדלעכער. שטעלט זיך פאָר, אימיצער זאָל אויפשטיין און פריידיקן אַ שלום, א שותפות אַפילו, ווי אין אונדזער פאַל, צווישן סאָוויעטישן סאָציאַליזם און דעם אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם, נישט דעם פּאָליטיש־דיפּ־לאָמאַטישן שלום אין אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען, וואָס וואָלט בפירוש געווען גוט און נוצלעך, נייערט אַן א י ד ע אָ ל אָ ג י ש ע ש ו ת פ ו ת, לערך אַזוינע, ווי מען וויל אונדז יידן אָנבינדן מיטן קריסטנטום. צי מיינט איר נישט, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע אידעע וואָלט אַזוי אַרום אַ סך פאַרלוירן, אַנשטאָט עפּעס צו געווינען? אויף דעם משל זעט איר, אַז נישט אַלץ, וואָס איז אויפן אויסזען אינטער־נאַציאָנאַליסטיש, איז דאָס באמת, און אַז נישט אַלץ וואָס איז נאַציאָ־נאַל, איז באמת אויסגעליידיקט פון אמתן אינטערנאַציאָנאַלן אינהאַלט.

נעמט ד י קריסטלעכע קירך, וואָס דערקלערט זיך נאָך היינט פאַר אוניווערסאַל, די קאַטויליש־אַפּאָסטאָלישע. ב פ ו ע ל איז זי קיינ־מאָל נישט געווען אינטערנאַציאָנאַל, און נאָך ווייניקער זינט די מאָ־

דערנע אַנטוויקלונג האָט געבראַכט צו דער פאַרהערשאַפט פון נאַציאָ־נאַלע פּרינציפּן און נאַציאָנאַלע מלוכות. האָט דער וואַטיקאַן געפּרוּווט אַמאָל זיך אַריינמישן און נישט דערלאָזן צו מלחמות ? יאָ, געפּרוּווט האָט ער. אָבער מיט וועלכע מיטלען ? — דורך תפילות צו גאָט און צו זיין זון פאַרן שלום און מיט גאַרנישט זאַגנדיקע לאהובי ידידי־בריוו־לעך צו די הערשערס — די מלחמה־מאַכערס. האָט ער זיך אָבער גע־פּלייסט דאָס צו דערגרייכן דורך ווענדונגען צו זיין אייגענער „גע־טרייער טשערקדע״ ? און דער פאַקט, וואָס קיין איינער פון די פּויפּסן, וואָס האָבן געוועלטיקט איבער דער קירך בעת דער ערשטער און דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן אפילו נישט געקלערט רופן זייערע „געטרייע זין״ אין די מלחמה־לענדער אָוועקצולייגן די וואָפן, זיך אָפּ־צוזאָגן פון בלוט־פאַרגיסונג, איז אַ גענוגנדיקער סימן, אַז זיי האָבן אַליין געפילט, אַז אַזאַ רוף וואָלט געקלונגען מאָדנע אין זייער מויל און וואָלט, חוץ לזה, געבליבן אַ קול קורא במדבר. האָבן זיך נאָך צווישן די ערשטע קירך־פאַטערס געפונען אַזוינע, ווי למשל טערטוליאַן אין דריטן יאָרהונדערט, וואָס האָבן ג ע ז א ג ט (ווייטער איז דאָס דעמאָלט אויך נישט געגאַנגען), אַז קריסטן דאַרפן קיין געווער נישט טראָגן, האָבן שפּעטערדיקע קריסטלעכע טעאָלאָגן, ווי למשל דער היי־ליקער אויגוסטין אין פינפטן יאָרהונדערט און טהאָמאַס פון אַקווינאָ אין דרייצנטן, געלערנט, אַז מען דאַרף מאַכן אַ חילוק צווישן דער „גערעכטער״ און „נישט גערעכטער״ מלחמה (צו דער ערשטער קאַטעגאָריע געהערן, צווישן אַנדערע, פאַרטיידיקונגס־מלחמות, צו דער צווייטער — אַפּענסיווע) (7). זענען דאָס אָבער געבליבן נישט מער ווי טעאָריעס, וואָס די קירך האַלט זיך נאָך ביי זיי כלומרשט עד היום. בפועל אָבער האָט דער קאַטאָליציזם, פון פּראָטעסטאַנטיזם שוין אָפּ־גערעדט, אָנגענומען די תורה פון דער „נאַציאָנאַלער סואווערעניטעט״ און במילא אָנדערקענט, אַז איטלעכע מלחמה, געפירט אין נאָמען פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן, איז אַ גערעכטע. אַלע מלחמה־אָנטיילנעמערס זענען גערעכט, איטלעכער פאַר זיך. נישטאָ מער קיין חילוק צווישן זיי. די קירך בענטשט אַלע אירע זין אין אַלע מלחמה־לאַגערן און אַלע זייערע מעשים, ביז די סאַמע אכזריותדיקע און בלוטדורשטיקסטע.

אַ פיינע אילוסטראַציע צו דער „אוניווערסאַלישקייט״ פון דער קירך גיט אונדז אַ מעשה שהיה, זיך פאַרלאָפן אין די פאַראייניקטע שטאַטן בעת דער גאָווערנער אַל. סמיטה, אַליין אַ קאַטאָליק, איז „געלאָפן״ פאַר פּרעזידענט אין יאָר 1928. עס האָט זיך פאַרשאַרפט דעמאָלט דער

באַרימטער וויכוח וועגן קאַטאָליציזם און אַמעריקאַנער לאָיאַלקייט. און קעגן דער אָפיציעלער דאָקטרין פון קאַטאָליציזם, אַז „די קירך איז דאָרט וואו פּויפּער איז", דאָס הייסט, אין רוים, און אַז במילא איז די קירך איינהייטלעך און אוניווערסאַל, האָבן די אַמעריקאַנער קאַטאָליקן, אין זייער מערהייט, דורך זייער שטימען פאַר אל. סמיטה געגעבן שטילשווייגנדיק זייער הסכמה צו זיין טעאָריע, וועלכע איז אויך באַשטעטיקט געוואָרן פון קאַטוילישע אויטאָריטעטן אין די שטאַטן, און וועלכע האָט פּאַקטיש פּראָקלאַמירט די עקסיסטענץ פון אַן „אַמעריקאַנער קאַטוילישער קירך", אַ יאַנקי־קאַטאָליציזם אַזוי צו זאָגן. ביי אָט דער געלעגנהייט איז פון די קאַטוילישע אַמעריקאַנער קרייזן נאָך אַמאָל אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז די קירך איז נאָר אַ „גייסטיקע" אינסטיטוציע, וואָס „זאָרגט בלויז פאַר דער נשמה" און מישט זיך נישט אין קיין שום פּאָליטישע ענינים פון די איינצלנע לענדער. במילא קריגן די גלויביקע נישט און האָבן זיך נישט צוצוהערן צו קיין שום דירעקטיוון, וואָס קומען פון אויסלאַנד. קאַטוילישע גלחים האָבן, כדי אַבסאָלוט קלאָר צו מאַכן די שטעלונג פון די אַמעריקאַנער קאַטאָליקן, בפירוש דערקלערט, אַז אויב דער פּויפּס וואָלט זיך געפונען אין אַ מלחמה־צושטאַנד מיט די שטאַטן, וואָלטן זיי זיך געשטעלט קעגן וואַטיקאַן, פּונקט ווי קעגן יעדער פיינטלעכער מאַכט (8).

קענען מיר איצט, נאָך דעם ווי מיר האָבן געזען, ווי עס שטייט מיט דער אוניווערסאַלישקייט פון קריסטנטום, אַריבערגיין צו אונדזער אייגענער „שבט־רעליגיע".

טאַקע מחמת דעם, וואָס יידישקייט האָט פון איר געבוירן אָן געהאַט די פּרעטענזיע, פון וועלכער דאָס קריסטנטום האָט זיך ווידער טאַקע כמעט פון זיין ערשטן טאָג אָן, אָפּגעזאָגט, אַריינצודרינגען אין לעבן גופא און ווערן איינס מיט אים, האָט זי געמוזט בלייבן און איז געבליבן עד היום אַ נאַציאָנאַלע אמונה. ווייל פאַרשידן איז דאָס לעבן לויט פעלקער און לענדער און אַזוי וועט דאָס בלייבן מסתמא ביז צום „סוף פון די צייטן". אָבער נישט דערין באַשטייט דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון יידישקייט, וואָס איר גלויבן און אירע עטישע פּרינציפּן זענען נאַציאָנאַל. גראָד פאַרקערט. הן לויט זייערע מאָטיוון, הן לויט זייערע צוועקן, זענען זיי מענטשלעך און במילא אוניווערסאַל. איך וואָלט עס אַזוי פאָרמולירט: יידישקייט איז אוניווערסאַל אַלס אידעע, אָבער נאַציאָנאַל אַלס רעאַליזאַציע. און ווייל יידן האָבן אין משך פון זייער

**לאַנגער געשיכטע זיך געקענט איבערצייגן, אַז די איבעריקע פעלקער זענען נישט ראוי מקבל צו זיין און דער עיקר אַפּצוהיטן אַן אמונה וואָס לאָזט נישט איבער קיין איין ווינקל און קיין איין מאָמענט פונעם וואָכעדיקן לעבן נישט צו פאַרלאָנגען, זיי זאָלן געהייליקט ווערן, האָבן זיי זיך ביסלעכווייז אָפּגעזאָגט פון „פאַנגען נפשות" און זיך צופרידנ־געשטעלט מיט זייער גורל פון אַן עם לבדד ישכון, זיך באַגנוגנט מיט „יידישקייט פאַר איין פאָלק".**

---

**רעפערענצן:**


(1) ציטירט לויטן זאַמל־בוך:
Die Lehre des Judentums, I. Teil, Berlin 1920, S. 104.

(2) Claude G. Montefiore. Outlines of Liberal Judaism. London 1923, p. 294.

(3) אויסצוגן פון קלאָד מאָנטעפיאָרעס שריפטן אין:
Contemporary Jewish Record, April 1944.

(4) A. Kuenen. National Religions and Universal Religions. London 1882, pp. 241, 246, 281, 287.

(5) Ibid., pp. 34, 35-6, 38-9, 41-2.

(6) א. ש. הרשברג. תנועת ההתגירות הגדולה בתקופת הבית השני. התקופה, ספר י"ג, ורשה תרפ"ב, ע' 200.

(7) A. C. F. Beales. The Catholic Church and International Order 1942, pp. 101, 102-04.

(8) Georges Seldes. The Vatican. N. Y. 1934, pp. 304, 314, 315, 317, 319, 320.

# מאַטיוון פון ישראל ואורייתא אין שריפט און אין לעבן

צווישן די מאָטיוון, וואָס חזרן זיך איבער אין דעם גאַנצן יידישן שריפטום, אָנגעהויבן פון תנ"ך און געענדיקט מיט די חיבורים פון די היינטיקע רבנים, און וועלכע מען קען דערום מיט רעכט באַטראַכטן ווי כאַראַקטעריסטישע פאַרן יידישן באַנעם, פאַרנעמט דער מאָטיוו פון קודשא בריך הוא, אורייתא וישראל חד הוא, איינעם פון די ערשטע ערטער. הגם די געבראַכטע פאָרמולע גופא איז אויסגעשמידט געוואָרן שפּעטער, געפינען מיר אָבער איר תוך שוין ביי די ערשטע טריט, וואָס מיר האָבן געמאַכט אויף אונדזער לאַנגען געשיכטלעכן וועג. אונדזער אור־פאָטער אברהם אבינו, וואָס פון אים שטאַמט אַרויס אונדזער פאָלק, איז גלייכצייטיק געווען דער ערשטער, וואָס האָט דערקענט גאָט, דעם איינאיינציקן. און דער בונד, וואָס גאָט האָט מיט אים פאַרשניטן, איז געווען אַ בונד מיט אַ פ אָ ל ק, וואָס וועט אַרויסקומען פון זיין זאָמען. און צוגעזאָגט האָט אים גאָט נישט קיין הימלישע גליקן, נייערט דוקא אַן ערדישן באָדן, אַן אייגן לאַנד (בראשית ט"ו : י"ח), אָבער אַ תנאַי פאַר זיין ערדישער עקסיסטענץ און גליק איז געשטעלט געוואָרן פון אָנהויב אָן, אַ תנאַי, וואָס איז גילטיק ביזן היינטיקן טאָג. „און איך וועל אויפשטעלן מיין בונד צווישן מיר און צווישן דיר, און צווישן דיין זאָמען נאָך דיר אויף זייערע דור־דורות, פאַר אַן אייביקן בונד, צו זיין דיר צום גאָט און דיין זאָמען נאָך דיר. און איך וועל געבן דיר און דיין זאָמען נאָך דיר דאָס לאַנד פון דיין וואוינשאַפט, דאָס גאַנצע לאַנד כנען, פאַר אַן אייביקן אייגנטום ; און איך וועל זיי זיין צום גאָט. און גאָט האָט געזאָגט צו אברהמען : דו אָבער זאָלסט היטן מיין בונד, דו און דיין זאָמען נאָך דיר, אויף זייערע דור־דורות" (דאָרט י"ז ; ז־ט). אָט דאָ און שוין דעמאָלט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דאָס אייביקע געזעץ פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע : דער צוזאַמענבונד צווישן גאָט און פאָלק. און בעת גאָטס הבטחה איז מקוים געוואָרן, און פון אברהמס זרע איז אויסגעוואַקסן אַ פאָלק, איז ווידער אין איין פערזאָן סימבאָליזירט געוואָרן דאָס נאַציאָנאַלע און דאָס געטלעכע : משה רבנו איז הן דער באַפרייער פון פאָלק פון פרעמדער קנעכטשאַפט, הן דער אָנזאָגער פון גאָטס געזעץ. מיטן אויפקומען פון משה רבנו, ווערט דער

צווייענדיקער פֿאָדעם צו אַ חוט המשולש. די תורה קומט צו ווי אַ דריטער רינג. און דער דאָזיקער דרייאיקער פֿאָדעם, גאָט, פֿאָלק און תורה, האָט מער קיינמאָל נישט געדאַרפֿט צעריסן ווערן. און דעמאָלט ווען דאָס איז געשען, פֿלעגן תמיד קומען מאָמענטן פֿון ירידה אינעם פֿאָלקס־קיום. וואָרעם אונדזער באַזונדער גורל אויף דער וועלט, דאָס, וואָס צייכנט אונדז אויס פֿון אַנדערע אומות און באַרעכטיקט אונדזער עקסיסטענץ גופא, גיט איר אַ טעם און אַ זינען, איז דאָס, וואָס אונדז איז צוגעזאָגט געוואָרן: „און איר וועט מיר זיין אַ קיניגרייך פֿון כהנים (פֿון דינער צו גאָט, מיינט עס), און אַ הייליק פֿאָלק . . .” (שמות י״ט: ו׳). דריי מאָל איז דער בונד צווישן גאָט און פֿאָלק געשלאָסן און באַקרעפֿטיקט געוואָרן: אין חורב, אין די פּלוינען פֿון מואב (ערבות מואב), ביי משה רבנוס לעבן, און צווישן די בערג גריזים און עיבל דורך זיין דינער און נאָכפֿאָלגער יהושוע, וואָס האָט דאָס פֿאָלק אַריינגעפֿירט אינעם צוגעזאָגטן לאַנד. און אַז יידן האָבן זיך צוריקגעקערט פֿון גלות בבל, האָט עזרא דעם דאָזיקן בונד ווידער באַנייט, מיטן הסכם פֿון די פֿאַרטרעטער פֿון פֿאָלק.

דער ברית־מאָטיוו חזרט זיך איבער ביי די נביאים. די זינד פֿון פֿאָלק ווערן פֿון זיי באַטראַכט ווי אַ פֿעלשונג אינעם אָפּמאַך צווישן אים און זיין גאָט. און היות ווי דאָס אויפֿקומען גופא פֿונעם פֿאָלק איז געווען אַ רעזולטאַט פֿונעם דאָזיקן אָפּמאַך, איז דאָס האַלטן אים געטריי — אַ תנאי פֿאַר זיין קיום. און די עבירות, וואָס דאָס פֿאָלק באַגייט, זענען נישט בלויז אַ זינד קעגן גאָט, נייערט אויך אַ סכנה פֿאַר דער סאַמער פֿאָלקס־עקסיסטענץ. ממש אויף איטלעכן טריט און שריט באַגעגנט איר די ברית־אידעע גראָד ביי די נביאים, וואָס הן די קריסטלעכע ביבל־פֿאָרשער, הן יידישע „פּראָגרעסיווע” געלערנטע, זעען אין זיי די וואָרטזאָגערס פֿון דער „געלויטערטער” פֿאָרם פֿון דער יידישער אמונה, דעם איבערגאַנג פֿון אַ נאַציאָנאַלן צו אַן אוניווערסאַלן גאָט. וועט גענוג זיין צו ברענגען, וואָס ירמיה הנביא, וואָס שטייט ביי זיי אין צעטל פֿון די אוניווערסאַליסטישע יידישע נביאים, האָט געזאָגט: „אויב די דאָזיקע געזעצן וועלן אָפּגעטון ווערן פֿון פֿאַר מיר, זאָגט גאָט, וועט אויך דער זאָמען פֿון ישראל אויפֿהערן צו זיין אַ פֿאָלק פֿאַר מיר אַלע טעג” (ירמיה ל״א: ל״ה). נאָך היינט צו טאָג וועט איר קיין טיפֿערע און קלאָרערע פֿאָרמולע פֿון דער פֿונדאַמענטאַלער אָפּהענגיקייט פֿון פֿאָלק־תורה נישט צוקלערן.

די היפּאָטעזע פֿון דער עמאַנציפּאַציע־עפּאָכע, אַז מען קען אָפּטיילן

יידישקייט פון יידישן פאָלק, יידישן גלויבן און פרומקייט — פון יידישן פּאַטריאָטיזם איז, פאַרשטייט זיך, אַפילו נישט איינגעפאַלן נישט די נביאים, נישט זייערע יורשים — די פרושים, די חכמי התלמוד. און אַז זיי האָבן, באַשטייענדיק אויף דער אומטיילבאַרקייט פון די ביידע עלע־מענטן, נישט בלויז אויסגעדריקט אַבסטראַקטע געדאַנקען, נייערט אָפּ־געשפּיגלט די סאַמע לעבנס־פּרינציפּן פונעם יידישן פאָלק, אויף דעם זאָגן עדות די וויכטיקסטע היסטאָרישע געשעענישן פון יענע צייטן, ווען דאָס היטן יידישקייט און דער נאַציאָנאַלער קיום פון פאָלק זענען גע־שטעלט געוואָרן אין אַ סכנה מצד אויסערלעכע שונאים. און עס איז, פאַרשטייט זיך, נישט קיין צופאַל, וואָס די לעצטע האָבן תמיד געפירט מלחמה מיט ביידן. זיי, ווי יידן אַליין, האָבן אויך געהאַט דאָס באַוואוסט־זיין, אַז די צוויי זענען איינס, און אַז עס זענען בכן נישטאָ קיין צוויי מלחמה־פראָנטן, נאָר איינאיינציקער : אַ יידן־יידישקייט־פראָנט. ערשט אין אונדזער עפּאָכע, בעת יידן גופא האָבן אָנגעהויבן אָפּטיילן איינס פונעם צווייטן, האָבן אונדזערע שונאים באַקומען דעם פאַלשן תירוץ, וואָס דעמאָלט האָט ער זיך אָנגעהויבן לייגן אויפן שכל, אַז מען קען כלומרשט רודפן יידן און, אין נאָמען פון „געוויסן־פרייהייט", זיין טאָלע־ראַנט צום יידישן גלויבן. און אַז די דאָזיקע סעפּאַראַציע האָט יידן פון די לעצטע דורות נאָר אָפּגעשוואַכט, וועט אונדז קלאָר ווערן ווען מיר וועלן זיך דערמאָנען, ווי עקשנותדיק עס איז געווען דער יידישער ווי־דערשטאַנד אַמאָליקע צייטן, ווי געשטאַרקט פלעגט ער ווערן דוקא דורך דער גאַנצקייט פונעם יידישן דרייאיקן פאַרטיידיקונגס־רינג.

דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים, וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיט דער ווידעראויפריכטונג פון דעם יידישן מלכות, איז אַרויסגערופן גע־וואָרן הן דורך דער אונטערדריקונג פון יידן דורך אנטיוכס עפּיפאַנעס און הן דורך זיין פאַרשוועכונג פון יידישע הייליקייטן. און שפּעטער, בעת רוים האָט אַרויפגעלייגט אירע לאַפּעס אויף דער יידישער מדינה, האָט דאָס קליינע יהודה, אַפילו דעמאָלט, ווען עס האָט אויסערלעך זיך גע־בויגן, קיינמאָל אָבער אינערלעך זיך נישט אונטערגעגעבן. אַלע פעלקער פון דער וועלט האָבן הכנעהדיק אָנדערקענט נישט בלויז די מאַכט פון רוים, נייערט אויך אירע געזעצן און אירע געטער. האָט זיך קאַיוס קאַליגולאַ פאַרוואָלט מיט אַמאָל, מען זאָל זיך צו אים בוקן און אים דינען ווי אַ גאָט, איז דאָס געווען מהיכא תיתי פאַר אַלעמען, חוץ פאַר יידן, וואָס זענען גרייט געווען זייער לעבן אָפּצוגעבן, אָבי נישט צו דערלאָזן דעם „פסל בהיכל". און די פראַזע וואָס דער אימפּעראַטאָר

האָט מיט האַס און ביטול געוואָרפן אין פּנים דער יידישער דעלעגאַציע מיט פילאָן בראש, וואָס איז געקומען זיך משתדל זיין, זיין באַפעל זאָל צוריקגענומען ווערן, דריקט אין קורצע ווערטער אויס דעם איינציקן פאַל אין דער געשיכטע פון אַלטערטום, פון אַ קליין פאָלק, וואָס האָט מעיז געווען קעגן דער וועלט־מאַכט: „איר זענט עס די, וואָס פאַראַכטן גאָט, וואָס אָנדערקענען פאַר אַ גאָט אַ נאָמענלאָזן יהוה, און נישט מיך, וואָס איז פון אַלעמען ווי אַ גאָט אָנדערקענט געוואָרן". און יידן האָבן זיך איינגעשפּאַרט און זיך געהאַלטן ביי זייער גאָט אָן אַ נאָמען און אָן אַ געשטאַלט. און מיטן כוח פון זייער אמונה אין אים האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו פירן אַ פאַרביסענעם און, ווי עס האָט זיך געקענט דוכטן, האָפענונגסלאָזן קאַמף קעגן רוים.

פּראָוווט אויף בעלנות פונאַנדערצונעמען די צונויפגעפלאָכטענע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע מאָטיוון פון דער דאָזיקער עקשנותדיקער מלחמה פון אַ קליינעם שבט קעגן דער רוימישער וועלט־מאַכט. מען קען נאָר איינס זאָגן, אַז דאָרט וואו רוים האָט זיך פאַרמאָסטן צו שענדן די הייליקייטן פון פאָלק, האָט עס רעאַגירט נאָך שאַרפער ווי קעגן פּאַליטישער פאַרשקלאַפונג, שטייער־אויספּרעסונגען וכדומה. און עס איז צו באַוואונדערן, אַז אין יענע צייטן ווען עס האָט זיך געדוכט, אַז די פּויסט איז געווען די איינציקע הערשערין, האָבן די שוואַכע יידן, ווי נאָר מען האָט אָנגערירט זייערע הייליקטימער, געשטעלט אַזאַ שאַרפן ווידערשטאַנד, וואָס האָט אָפּט געבראָכן די רוימישע מאַכט און זי געצוואונגען צו הנחות. לייענט אויף טשעקאַוועס ביי פילאָן די באַשרייבונג ווי די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, יונג און אַלט, מענער און פרויען, האָבן זיך געלאָזט צום הויפּטקוואַרטיר פון רוימישן שטאַטהאַלטער פּעטראָניוס, בעת עס איז צו זיי דערגאַנגען דער באַפעל פון אימפּעראַטאָר קאַיוס קאַליגולאַ וועגן אַוועקשטעלן צעזאַרס סטאַטוע אין בית המקדש. אָט מיט וואָס פאַר אַ לשון, לויט פילאָן, אַמאָליקע יידישע פירערס, די זקנים פון די משפחות, האָבן פאַרשטאַנען צו רעדן מיט די מאַכטהאַבערס פון דער וועלט: „מיר זענען געקומען צו דיר אָן וואָפן, מיר האָבן מיטגענומען אונדזערע פרויען, קינדער און זויגקינדער, און מיר בעטן דיך און דעם אימפּעראַטאָר, אַז איר זאָלט אונדז אַלעמען ראַטעווען אָדער אַלעמען אויסהרגענען. מיר האָבן פאַרלאָזן אונדזערע שטעט און דערפער, אונדזערע הייזער און פעלדער און מיטגענומען אונדזער גאַנץ באַוועגלעכעס האָב און גוטס, צירונג און געלט און מיר וועלן מיט פרייד דאָס אַלץ אָפּגעבן, אַבי נישט צו דערלאָזן צו קיין חילול פון אונדזערע הייליקייטן.

אויב דיין האַרץ זאָל נישט ווייכער ווערן, האָבן מיר צו דיר נאָר איין בקשה: לאָז אונדז אַלעמען אויסראָטן, אַבי אונדזערע אויגן זאָלן נישט דערזעען די פאַרשוועכונג פון אונדזער הייליקן אָרט. ווארעם דאָס איז פאַר אונדז ערגער ווי דער טויט. אַ לעבן אָן דער ריינקייט פון בית המקדש איז מער נישט ווערט געלעבט צו ווערן. אַזוינע רייד האָבן געמוזט רירן אַפילו דאָס שטיינערנע האַרץ פון אַ רוימישן שטאַטהאַלטער. פעטראָניוס איז אַזוי דערשיטערט געוואָרן פון אָנבליק פון אַ גאַנץ פאָלק, גרייט צו גיין צו דער עקידה, אַז ער האָט, ריזיקירנדיק מיט זיין קאַריערע און זיין לעבן, אָפגעשטעלט די אויספירונג פונעם קייסערלעכן באַפעל (1).

די אייגענע סצענע זעען מיר פריער, ווי עס איז באַשריבן ביי יוסף פלאַוויוסן, מיט אונדזער גוטן באַקאַנטן, דעם רוימישן פראָקוראַטאָר פאָנטיוס פילאַטוס, וואָס די קריסטלעכע לעגענדע האָט, נישט אָן אַ קלאָרער כוונה, אידעאַליזירט פאַר אייביקייטן. קעגן דעם אַלטן מנהג, וואָס די רוימישע מאַכט אַליין האָט רעספּעקטירט, אירע חיילות זאָלן נישט טראָגן, מאַרשירנדיק איבער דער הייליקער שטאָט, קיין פאָנען און אָפּצייכענונגען מיט צעזארס פּאָרטרעט, כדי נישט צו באַליידיקן די יידישע געפילן, האָט פאָנטיוס פילאַטוס באַפוילן זיין אַרמעע, וואָס האָט געדאַרפט פון קיסריה אַריבער קיין ירושלים דאָרט צו פאַרנעמען ווינטער־קוואַרטירן, אַריינצו־מאַרשירן אין שטאָט מיט פאָנען און אָפּצייכענונגען. זענען יידן אין מאַסן געקומען צו פאָנטיוס פילאַטוס און געבעטן ביי אים רחמים, ער זאָל אָפּ־ווענדן פון זיי די שרעקלעכע גזירה. טעג נאָכאַנאַנד זענען זיי געשטאַנען פאַר אים און קיין באַפעל זיך פונאַנדערצוגיין האָט נישט געהאָלפן. האָט ער באַפוילן זיינע סאָלדאַטן אַרויסצוציען זייערע שווערדן פון די שיידן. און דאָ איז געשען דאָס סאַמע נישט דערוואַרטעטע פאַר אים: אַלע יידן, אָן אויסנאַם, האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד און אויסגעשטעלט זייערע נאַקענס צו דער שחיטה. אויך דאָס מאָל איז דער רעזולטאַט געווען — דאָס צוריקציען פונעם רוימישן באַפעל (2).

אַזאַ פולע צונויפשמעלצונג פון וועלטלעכן פאַטריאָטיזם און קדושה, ווי מיר האָבן געזעען ביי יידן, הן בעת זיי זענען געזעסן אין אייגענעם לאַנד, הן שפּעטער, ווען זיי זענען צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן צווישן די פעלקער, האָט נישט קיין גלייכעניש ביי די אַלטע געצנדינערישע, נישט ביי די מאָדערנע קריסטלעכע פעלקער. נאָר איין איינציקע אַנאַלאָגיע דערצו קען מען געפינען אין אונדזערע צייטן און אויף איר מוז איך דאָ מרמז זיין, ווייל מיר קענען זיך פון איר אַראָפּנעמען אַ מוסר השכל, וואָרעם זי באַווייזט, ווי גרויס איז אפילו אין אונדזערע אכזריותדיקע צייטן דער

מאָראַלישער כוח, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין דער צונויפגיסונג פון די צוויי מאָטיוון: פאַטריאָטיזם און אמונה. מאַהאַטמאַ גאַנדי האָט מיט גלויבן און אַן אידעע געשאַפן אַ באַוועגונג צווישן אַן אָרעם און אונטערדריקט פאָלק, אַ וואָפן און אַן אַרמעע, אַ באַוועגונג, וואָס האָט סוף כל סוף צעטרייסלט די זיילן פון דער בריטישער אימפּעריע, וועלכע האָט אויסגעזעען צו זיין אייביק, פּונקט אַזוי ווי רוים האָט אויסגעזעען אין יענע צייטן. און גאַנדיס קראַפט איז געלעגן דערין, וואָס אַרויסגייענדיק אין קאַמף קעגן דעם בריטישן אימפּעריאַליזם, האָט ער גלייכצייטיק געקעמפט קעגן דער פרעמדער מערבדיקער ציוויליזאַציע. מיין פאַטריאָטיזם, זאָגט גאַנדי, איז אונטערטעניק צו מיין אמונה. איך קלאַמער זיך אין מיין אינדיע, ווי אַ קינד פאַלט צו צו זיין מוטערס ברוסט, ווייל איך פיל, אַז נאָר זי קאָן מיר געבן גייסטיקע שפּייז (3). הויבט ער אָן איינע פון זיינע גרעסטע קאַמפּאַניעס קעגן ענגלאַנד (דעם זאַלץ־בויקאָט) מיט אַ תפילה ביי די ברעגעס פון גאַנג, דעם הייליקן אינדישן טייך. דער ענטוזיאַזם פון פאָלק פאַר זיין טאָפּעלטן וועלטלעכן און רעליגיעזן קאַמף שטייגט צו אַזאַ מדרגה, אַז אין יאָר 1921 האָבן פערציק טויזנט אינדוסן, פרויען און מענער, מיט פרייד זיך געמעלדן צו די ענגלישע מאַכטהאָבער און זיך געבעטן ביי זיי מען זאָל זיי אַריינזעצן אין תפיסה (3a).

אַז מען טראַכט זיך אַריין אין גאַנדיס פערזענלעכקייט און אין דער גראַנדיעזער מאַסנבאַוועגונג, וואָס ער האָט אַרויסגערופן צום לעבן, קומט נישט ווילנדיק אויף די פראַגע, צי וואָלט אונדזער מזל אפשר נישט געווען קיין אַנדערער, סיי אין ארץ־ישראל, סיי אין די גלות־לענדער, אונדזער ווידערשטאַנד דאָ און דאָרט מאַכטיקער און ווירקעוודיקער, ווען אַ גרויסער טייל ייִדן וואָלטן נישט געהאַט איבערגעריסן אין דער לעצטער עפּאָכע פון אונדזער געשיכטע די אַמאָליקע שטאַרקע פעדעם פון ישראל ואוריתא, פאָלקסטום און קדושה, פאַטריאָטיזם און אמונה. זעען מיר דאָך, ווי אין יענע צייטן, ווען רוים האָט געהאַלטן אויסגעשטרעקט איר לאַפּע איבער אונדזער פאָלק און לאַנד, זענען די גרעסטע יידישע פאַטריאָטן געווען די קנאים, וואָס זענען אַרויסגעקומען פון די רייען פון די פרושים, פון יענע פרושים, וואָס די משכילים, נאָכגייענדיק נאָך ישון און דעם אַפּאָסטאָל פאַאולוס, האָבן געזוכט אונדז צו מאָלן אין די סאַמע שוואַרצסטע פאַרבן פון אָבערגלויבערישע פאַנאַטיקערס, וואָס זייערע נשמות זענען פאַרטריקנט געוואָרן אין די טויטע אותיות. פּונקט ווי זייערע פאָרגייערס, די חסידים, האָבן געשטיצט די חשמונאים אין זייער מלחמה קעגן גריכישער הערשאַפט און גריכישער טומאה, אַקוראַט אַזוי

זענען אַ סך פּרושים געגאַנגען מיט די קנאים אין זייער געראַנגל אויף לעבן און טויט מיט די רוימישע יורשים פון די גריכן. מיט שוים אויף די ליפּן האָבן אונדזערע „אויפגעקלערטע" גערעדט וועגן די מענטשן פון בית שמאי און זיי אַרויסגעשטעלט ווי אַ מוסטער פון ענגע פינצטערע פאַנאַטיקערס מיט „פאַרשטיינערטע הערצער". האָבן די יידישע רעוואָלוציאָנערן פון יענער צייט, די קנאים, געהערט, אין זייער רוב, דוקא צו בית שמאי, צו די מחמירים אין דת־ענינים. און דער פּאָליטיש־מעסיקער ר' יוחנן בן זכאי — צו די מקילים, צו בית הלל. (וועגן אָט דעם היסטאָרישן פאַקט וואָלטן, אגב, זיך געדאַרפט פאַרקלערן נישט בלויז די משכילים און געוויסע היינטיקע וועלטלעכע יידישע נאַציאָנאַליסטן, נייערט אויך אימיצער פון די איצטיקע תורה־טרייע, וואָס נעמען זיך אָפּטמאָל די פּרעטענזיע אויפן מאָנאָפּאָל פון יידישקייט). און דער לאָזונג פון די קנאים, וועלטלעכע פרייהייט־קעמפערס לויט אונדזערע היינטיקע השגות, איז געווען „רק לה' המלוכה ואין לישראל מלך בלעדו" (די מלוכה געהערט בלויז צו גאָט און חוץ אים האָבן יידן קיין מלך נישט). איז עס נישט טשעקאַווע, ווי די אידעע פון טעאָקראַטיע, וואָס מען וויל אונדז היינט איינרעדן, אַז קיין מער רעאַקציאָנערע, קיין מער אַנטידעמאָקראַטישע קען גאָר נישט געמאָלט זיין, אַז גראָד די דאָזיקע אידעע האָט אינספּירירט און סטימולירט אַ באַפרייאונגס־קאַמף, וואָס געהערט צו די דערהויבנסטע בלעטלעך נישט בלויז פון דער יידישער געשיכטע, נייערט אין דער געשיכטע פון דעם אייביקן געראַנגל פון די בעסטע צווישן די מענטשן קעגן אונטערדריקונג און פאַרשקלאַפונג פונעם מענטשלעכן מין. נאָך מער, גראָד די בית שמאי, די היטערס פון דער תורה און פון די אָנגעזאָגטע מצוות, זענען געווען די, וואָס האָבן געפּסקנט, אַז נישט בלויז מעג מען פירן מלחמה שבת, ווי דאָס איז שוין אָנדערקענט געוואָרן אין דער צייט פונעם חשמונאים־אויפשטאַנד, נייערט אַז מען מעג שבת אויך טון די אַרבעטן, וואָס זענען נויטווענדיק פאַר חנם שפּעטערדיקן דערפאָלג פון דער מלחמה (4). די יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין רוימישן דינסט, די שטייער־מאָנערס (מוכסים) וכדומה, זענען פון די חכמים דערקלערט געוואָרן ווי גזלנים. און איינע פון די סיבות, פאַרוואָס זיי האָבן פון אָנהויב אָן געקוקט קרום אויף קריסטוסן, צו אים קיין פאַרטרויען נישט געהאַט, איז געווען דאָס, וואָס ער האָט זיך מיט די דאָזיקע מוכסים געחברט און מיט זיי ביי איין טיש געשפּייזט. אין יענע צייטן האָט דער, וואָס האָט געפעלשט אין פאָלק, האָט ער געמעגט ווי פרום זיין אין אַלע אַנדערע באַציאונגען, במילא געפעלשט אויך אין גאָט און אין זיין געבאָט.

אויך נאָכן חורבן בלייבט אין איר גאַנצער קראַפט די אינטעגראַלע אויסטייטשונג פון יידישקייט, געבונדן מיט איר טרעגער און רעאַליזאַטאָר — דעם יידישן פאָלק. זעען מיר, אַז רבי עקיבא ווערט אַ צענטראַלע פיגור אינעם בר־כוכבא־אויפשטאַנד. נישט בלויז שטיצט ער אים מיט זיין גרויסער תורה-אויטאָריטעט, נייערט ער ברענגט אויך אין דער אַרמעע פון אויפשטאַנד טויזנטער פון זיינע ישיבה-תלמידים. און אויב דער אומענדלעך נישט גלייכער קאַמף צווישן דעם הייפל רעוואָלוציאָנערן און דער מאכטיקער רוימישער אימפעריע האָט געקענט אָנהאַלטן גאַנצע דריי יאָר און בלויז די באַלאַגערונג פון ביתר האָט געקאָסט די רוימער אַ יאָר צייט, איז דאָס אויך געשען דערפאַר, וואָס דאָ איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף נישט בלויז צווישן פאָלק און פאָלק, נייערט אין דער אייגענער צייט — צווישן הייליקייט און טומאה. און האָט זיך ביי יידן באַוויזן אַ גרויסער אַפטריניקער, אלישע בן אבויה, איז ווייניק געווען צו באַרעכטיקן דאָס, וואָס די חכמים האָבן אים דערווייטערט, דערמיט, וואָס ער האָט געלייקנט אין אַזוינע עיקרים פון דער יידישער אמונה, ווי שכר ועונש און תחית המתים. צו זיינע גרויסע זינד האָט מען צוגערעכנט אויך דאָס, וואָס ער איז געווען אַ פורש פון דרכי הציבור און געהאַט אַ פריינדלעכע שטעלונג צו די אונטערדריקערס פון יידישן פאָלק, צו די רוימער. צי שטימט די דאָזיקע אגדה מיט דערווירקלעכקייט, צי נישט, איז נישט אַזוי וויכטיק. וויכטיק איז אָבער, אַז אין יענע צייטן האָט מען זיך גאָר נישט געקענט אויסמאָלן, אַז כפירה אין דער תורה און פעלשונג אינעם פאָלק זאָלן נישט גייען האַנט ביי האַנט.

עס איז צו באַוואונדערן, ווי מיר שפינאָזאַ, דער אלישע בן אבויה פונעם זיבעצנטן יאָרהונדערט, איז אַריינגעדרונגען אינעם באַזונדערן כאַראַקטער פון די יידישע מלחמות קעגן פרעמדע אונטערדריקערס, און אונטערגעשטראָכן, אַז זיי זענען גלייכצייטיק געווען אַ געראַנגל פאַרן יידישן לאַנד און פאַרן יידישן גאָט. אין דעם פרט, ווי אין אַ סך אַנדערע, האָבן די משכילים, וואָס זענען אויפגעקומען לערך מיט הונדערט יאָר שפּעטער פון אים און מעלה גרה געווען זיינע געדאַנקען, צו זיינע קנעכל נישט דערגרייכט. ווייל יידן האָבן זייער מלוכה באַטראַכט ווי גאָטס מלכות, זאָגט שפינאָזאַ, האָט פאַר זיי די אונטערטאַנשאַפט צו אַ פרעמדער הערשאַפט געמיינט אויך פאַרלייקענונג פון גאָטס קיניגרייך, און די בגידה אין זייער פאָטערלאַנד — גלייכצייטיק אַ בגידה אין גאָט. די ליבע פון יידן צו זייער פאָטערלאַנד איז בכן אויך געווען אין דער אייגענער צייט פרומקייט, אהבת ה׳. דערין איז געלעגן דער גוואַלטיקער

כח פונעם יידישן פאַטריאָטיזם, וואָס קיין אַנדער פאָלק האָט זיך דעמאָלט צו אים נישט געקענט גלייכן. נישט אומזיסט, זאָגט שפינאָזאַ, ווערט ירושלים באַצייכנט ווי די „ווידערשפעניקע שטאָט" (עזרא ד׳: י״ב, ט״ו) און נישט אומזיסט איז עס רוים אָנגעקומען אַזוי שווער זי בייצוקומען. און ער ציטירט טאַציטוסן, וואָס זאָגט, אַז דאָס איינגעמען ירושלים איז פאַר וועספּאַסיאַנוס געווען אַזאַ האַרטער ביסן נישט צוליב איר מיליטערישן כח, נייערט צוליב דער גייסטיקער האַלטונג פון דער באַפעלקערונג און איר עקשנותדיקן „אַבערגלויבן" (5).

מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז דער מאָטיוו ישראל ואורייתא געהערט צו די פּערמאַנענטע אידעען פון יידישקייט. דאָס שליסט, פאַרשטייט זיך, נישט אויס, אַז דער אָדער יענער עלעמענט זאָל אין געוויסע צייטן און פון געוויסע חכמים מער אַקצענטירט ווערן ווי דער אַנדערער. און עס וועט אינטערעסאַנט זיין צו זען, אַז גראָד מיטן אָנהויב פון גלות, ווען עס איז געפאַלן דער הויפּט־זייל פון וועלטלעכן פאָלקס־קיום, די מלוכה, און עס האָט זיך געקענט דוכטן, און אַזוי איז טאַקע די פאַרשפּרייטע מיינונג, אַז יידישקייט וועט ווערן איינזייטיקער און זיך אַלץ מער איינקאָרטשען אין אמונה־ענינים, דאָס גראָד דעמאָלט ווערט נאָך אָפטער, למשל אין תלמוד און אין די מדרשים, געשטעלט דער טראָפּ אויף ישראל, אויפן פאָלק. גענוג צו ציטירן די באַרימטע שטעלע פון תנא דבי אליהו (פרק ט״ו). אמר אליהו: אימיצער האָט מיך געפרעגט: רבי, צוויי זאַכן זענען מיר איינגעבאַקן אין האַרצן און ביידע האָב איך ליב מיט אַ גרויסער ליבע — תורה און ישראל; ווייס איך אָבער נישט, וועלכע פון די צוויי איז בילכער. האָב איך אים געענטפערט: לייט זאָגן, אַז די תורה איז בילכער פון אַלץ, אָבער איך וואָלט געזאָגט, אַז ישראל קדושים זענען פריער.

מיר באַגעגענען אפילו גאַנץ אָפט דעם געדאַנק, אַז די אָנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק, קען גאָר נישט איבערגעריסן ווערן, אַפילו אויב אַ ייד באַגייט די האַרבסטע עבירות. אַ זינדיקער ייד איז דאָך אַ ייד (ישראל אף על פי שחטא, ישראל הוא, סנהדרין מ״ד, א). און אַ צווייטער מאמר חז״ל זאָגט, אַז יידן, אפילו וואָס דינען עבודת כוכבים הייסן בנים (קידושין ל״ו, א). און אַז די געדאַנקען, וואָס ווערן דאָ אַרויסגעזאָגט, זענען נישט סתם טעאָריעס, קען מען זען דערפון, אַז, ווי ר׳ חיים טשערנאָוויץ האָט עס באַוויזן, אַ רייע הלכות זענען געבויט אויף די דאָזיקע געדאַנקען (6). וואָס דאַרף איר מער, אפילו, אין שולחן ערוך, וואָס אין יידישע וועלטלעכע קרייזן ווערט ער באַטראַכט ווי די פאַרקערפערונג פון ענגער

פרומקייט, געפינט איר נישט וויניק שטעלן, וואָס טראָגן אַ בפירוש־נאַ־ציאָנאַלן כאַראַקטער, אַזוינע, וואָס לויט די היינטיקע וועלטלעכע השגות, האָבן זיי מיט יידישקייט, מיט פרומקייט גאָרנישט צו טון. נעמט למשל דעם באַגריף, וואָס מיר רופן היינט אַן יידישער נאַציאָנאַלער כבוד, וואָס פאַרוועדט צו באַהאַלטן אימיצנס אָנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק. זאָגט דער שולחן ערוך, אַז נישט בלויז טאָר אַ ייד זיך נישט אונטערגעבן צו־ליב סכנה און נישט דינען עבודה זרה, נאָר ער טאָר אפילו נישט אויס־באַהאַלטן זיין יידישקייט, דערקלערנדיק, אַז ער איז נישט קיין ייד, נאָר אַן עובד כוכבים (יורה דעה, הלכות עבודת אלילים, סימן קנ"ז), הגם עס איז קלאָר, אַז אַ דערקלערונג אַליין פאַר זיך איז נישט קיין אַנטי־רעלי־גיעזער אַקט, ווי באַלד זי ווערט נישט באַגלייט דורך געצנדינערייי. לויטן רמב"ם, האָט נישט קיין חלק לעולם הבא דער פורש מ ד ר כ י צ י ב ו ר, דאָס הייסט, אַזוינער, וואָס אפילו אויב ער באַגייט נישט קיין עבירות, אָבער ער זונדערט זיך אָפּ פון דער יידישער עדה און טוט נישט קיין מצוות צ ו ז א מ ע ן מ י ט אַנדערע יידן, וואָס קלאָגט נישט איבער זייערע צרות און פאַסט נישט מיט זיי זייערע תעניתים, נאָר גייט זיך זיין אייגענעם וועג, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ גוי און וואָלט נישט געווען איינער פון זיי (משנה תורה, הלכות תשובה, פרק שלישי, י"א). דאָ האָט איר דעם געדאַנק וועגן דער חשיבות פונעם יידישן לעבנס־שטייגער. וועגן דעם רמב"מס הלכה, ווי בכלל יידישע הלכות, וואָלטן היינט צו טאָג נאָך געווען גילטיק, וואָלט אויסגעקומען, אַז אַ ייד, וואָס וויל נישט רעדן יידיש און רעדט דוקא אַ גויאיש לשון, איז אַ פורש מדרכי הצ־בור און פאַרלירט זיין חלק לעולם הבא, הגם רעדן גויאיש איז נישט קיין זינד קעגן גאָט. ווייס איך וואויל, אַז גאָר וויניק היינטיקע יידן וועלן זיך אָפּשרעקן דערפאַר. די וואָס זענען גרייט צו פאַרלירן ד י וועלט, אָבי וואָס מער אַריינצוכאַפּן פון היינטיקן טאָג, וועלן אודאי נישט מורא האָבן צו פאַרלירן י ע נ ע וועלט. אָבער די, וואָס האַלטן נאָך יאָ פון אַ שיין מענטשלעך לעבן, במילא פון אַן אייביק לעבן, פאַר זיי וועט אפשר יאָ נוצלעך זיין די דאָזיקע הלכה פון רמב"ם צו געדענקען.

און כדי אָנצורופן נאָך אַ גרויסן נאָמען, וואָס ער האָט דער אידעע פון בונד צווישן פאָלק, תורה און גאָט געגעבן דעם גלענדצנדסטן אויסדרוק, וואָס קיינער האָט אים ביז איצט נאָך נישט איבערגעשטיגן, וועל איך דערמאָנען ר' יהודה הלוי. איז ער געווען נישט בלויז אַ גרויסער דענקער און געניאַלער דיכטער, נאָר אויך איינער פון די וואַרעמסטע און האַר־

ציקסטע יידישע פּאַטריאָטן, וואָס מיר האָבן וועגן נישט איז געהאַט. זאָגט דער חבר: אַז משה איז געקומען צו פּרעהן האָט ער אים געזאָגט, מיך האָט געשיקט צו דיר דער גאָט פון יידן (אלהי העברים), דאָס הייסט, דער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב. ער האָט אָבער נישט געזאָגט — דער גאָט פון הימל און ערד, דער וואָס האָט מיך און דיך באַשאַפן. און גאָט אַליין ווענדט זיך צו די פאַרזאַמלטע יידן מיט די ווערטער: איך בין דיין גאָט, וואָס האָט דיך אַרויסגעפירט פון מצרים, אַנשטאָט צו זאָגן, איך בין דער גאָט, וואָס האָט די וועלט באַשאַפן. דאָ האָט איר אין קנאַפּע ווערטער די גרונט־אידעע פון ר׳ יהודה הלוי, וואָס איז געווען די אידעע פון אַלע דורות, אַז די יידישע אמונה איז געבונדן מיט דער יידישער געשיכטע, מיט איין באַשטימטער אומה, וואָס זי האָט די דאָזיקע געשיכטע דורכגעלעבט, מיט דער יידישער (זע דעם כוזרי, מאמר ראשון, כ״ה). איך אַן אַנדער אָרט זאָגט ער, אַז וואָלטן יידן נישט געווען, וואָלט אויך קיין תורה נישט געווען. נישט יידן זענען דערהויבן געוואָרן צוליב משהן, נאָר משה רבנו איז דערהויבט געוואָרן צוליב יידן (דאָרט מאמר שני, נ״ו). הגם זאָגט דער חבר, ירבעם בן נבט איז געווען אַ געצנדינער, איז ער אָבער אונדז יידן נעענטער, ווי די קריסטן און מוסולמענער, וואָס כאָטש זייער גלויבן שטאַמט אַרויס פון אונדזערן, האָבן זיי זיך פון אונדז דערווייטערט. ירבעם און זיינע חברים אָבער זענען געווען יידן, געמלטע, זיי האָבן געהאַלטן שבת, געהיט אַנדערע מצוות און געגלויבט, אַז דער יידישער גאָט האָט זיי אַרויסגעפירט פון מצרים (דאָרט, מאמר רביעי, י״ג).

איר הויך־ און גלאַנץ־פּונקט האָט די אידעע פון ישראל ואורייתא געפונען אין דער חסידות, אין דער סאַמע פאָלקסטימלעכער פון די יידישע גלות־שטרעמונגען. דער גרינדער פון חסידות, דער בעל שם טוב, האָט געזאָגט: „איך בין געקומען צו ווייזן אַ וועג, כדי דער מענטש זאָל זיך פלייסן צו באַקומען אָט וואָסערע דריי מידות: ליבשאַפט צו גאָט, ליבשאַפט צום פאָלק ישראל און ליבשאַפט צו דער תורה (7). און ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער פאָרמולירט דעם זעלביקן געדאַנק אין אַ מער אַבסטראַקטער פאָרם, בעת ער דערקלערט, אַז ישראל איז דער גוף פון דער תורה. פונקט ווי דער מגיד, שטרייכט אויך ער אונטער דעם פאַקט, אַז ישראל איז דער איינציקער טרעגער פון דער תורה, במילא דאַרף דאָס פאָלק אונדז זיין טייער און געהייליקט. צינבערג כאַראַקטעריזירט מיט רעכט דעם ספר קדושת לוי, ווי אַ שיר צו אהבת ישראל.

און ווייל דאָס יידישע פאָלק איז געהייליקט, זאָגט ער, טאָר מען אויף זיי אפילו קיין שלעכטס נישט רעדן, נאָר אדרבא מלמד זכות זיין. ר' לוי יצחק בערדיטשעווער שטעלט זיך אַפילו איין, זיך צו אַמפּערן מיטן הקב"ה אַליין, כדי צו פאַרטיידיקן זיין ליבלינג, דאָס פאָלק ישראל. „גאָט, רופט ער איינמאָל אויס, אויב דו ווערסט אַמאָל גוזר זיין אַ צו האַרבן פּסק דין אויף יידן, וועלן מיר צדיקים אים מבטל זיין", ציטבערג ברענגט, לויט דעם „קהל חסידים החדש", ווי אַן אָפּקלאַנג פונעם וואָרט פון ר' לוי יצחק בערדיטשעווער, אַ וואונדערבאַרע חסידישע מעשה, וואָס האָט זיכער נישט איר גלייכן נישט אין דער רעליגיעזער מיסטיק, נישט אין דער רייכער לעגענדע-ליטעראַטור פון אַנדערע רעליגיעס און פעל־קער. צדיקים, דערציילט די דאָזיקע לעגענדע, האָבן, צוליב אַ גזירה פון קיסר פראַנץ יאָזעף געלאַדן צו זייער בית דין דעם רבונו של עולם. און זייער פסק דין איז געווען קעגן דער גזירה פון פראַנץ יאָזעפן, וואָס איז דאָך נישט מער ווי אַ ווערקצייג אין די הענט פון הקב"ה. איז טאַקע אין דריי טעג אַרום אָנגעקומען די ידיעה, אַז דעם קיסרס דעקרעט איז בטל געוואָרן. אָט אַזוי האָבן די צדיקים זיך אָנגענומען די קריוודע פון ישראל און געוואונען דעם פראָצעס קעגן דעם כביכול (8).

דעם פולן קאָנטראַסט צו דער יידישער לערע פון אַלע דורות וועגן דער אומטיילבאַרקייט פון ישראל ואורייתא, שטעלט מיט זיך פאָר די השכלה־ און רעפאָרם־באַוועגונג, פונעם ערשטן טאָג פון זייער אויפ־קומען ביז צום היינטיקע טאָג. עס איז געווען נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז אַ באַוועגונג, וואָס האָט געוואָלט אָפּשיידן, אויפן קריסטלעכן שטייגער, אמונה פון לעבן, האָט במילא געמוזט אויפשטעלן אַ מחיצה צווישן יידישקייט און דעם לעבעדיקן יידישן פאָלק, וואָס נאָר ער האָט פון דער יידישער אמונה געמאַכט אַ לעבעדיקע רעאַליטעט. אויב ישראל איז, לויט ר' לוי יצחק בערדיטשעווער, דער גוף פון דער תורה, איז קלאָר, אַז די נשמה, די תורה, קען קיין קיום נישט האָבן אויף דער וועלט, אָפּגעשיידט פון איר גוף. די רעפאָרם האָט פּראָקלאַמירט דעם סוף פון דער יידישער פאָלקס־עקסיסטענץ. במילא איז איר ליבע־דערקלערונג צו גאָט און צו זיין תורה געווען צביעותדיק. פאַלט טאַקע מרדכי יאָסט אָן אויף די פרושים, וואָס זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי דער אידעע פון יידישן „פאָלקסטום". און ער האָט בלויז ווערטער פון שנאה פאַר די קנאים (9). דער רעזולטאַט פון דער אָפּעראַציע, וואָס האָט געוואָלט אָפּשניידן די אמונה פון איר טרעגער, האָט נישט לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן. די, וואָס האָבן דאָס פאָלק פאַרלאָזן, האָבן געמוזט אויך פון דער

יידישער תורה זיך אָפּזאָגן, אָדער, אין בעסטן פאַל, זי אַזוי פּרעפּאַרירן נאָכן געשמאַק פון די קריסטלעכע פעלקער, אַז עס איז פון איר קיין לעבעדיקער אבר נישט געבליבן. אמת, עס הערן זיך פון צייט צו צייט אויך פון פרומען לאַגער שטימען, וואָס דערמאָנען אויף אַ טשעקאַוון אופן דעם רעפאָרם-פּרואוו פונאַנדערצושיידן דאָס פאָלק און די תורה. די תורה, זאָגט מען אונדז, איז דער אינהאַלט, במילא איז זי בילכער פון דעם חומר, פון דעם מאַטעריעלן און נאַציאָנאַלן וואוילזיין פונעם יידישן פאָלק. דערמאָנען די דאָזיקע רייד דעם פוסטן וויכוח וועגן דעם, וואָס איז וויכטיקער פאַרן מענטשן, וואָס וואַנדערט אין אַ מדבר, צי דער לאָגל, דעם איינציקן וואָס ער באַזיצט, צי דאָס וואַסער אינעם לאָגל. קלאָר, אַז „ביידע זאַכן זענען בילכער״. איז טאַקע דער תכלית פון דעם לאָגל אָפּצוהיטן דאָס געטראַנק, אָדער ווי מען וואָלט געזאָגט, דער לאָגל איז אַ מיטל און דאָס וואַסער דער ציל, אָבער דאָס וואַסער וועט אויסרינען, אויב די כלי זאָל קאַליע ווערן אָדער נאָר זיך צעברעכן. היינט גיי ווייס, וואָס איז דאָ חשובער, דאָס מיטל אָדער דער ציל.

האָבן מיר שוין געזען, אַז שוין לאַנג זענען געמאַכט געוואָרן פּרואוון, און די לעצטע צייט גאָר עקשנותדיקע, איבערצורייסן דעם היסטאָרישן פאָדעם צווישן גאָט, תורה און פאָלק. ווילן איינע דאָס פאָלק, די אַנדערע בלויז די תורה, און די דריטע וואָלטן לכל הפחות וועלן פּטור ווערן פונעם יידישן גאָט. קוקן פרומע יידן מיט רחמנות קרום אויף יענעם סאָרט יידישן נאַציאָנאַליזם, וואָס וויל נאָכמאַכן דעם גויאישן. מען טאָר אָבער נישט פאַרגעסן, אַז הגם דאָס וואָרט נאַציע איז אונדז פרעמד געווען, זענען מיר אָבער אין דער אמתן שוין געווען אַ פאָלק, בעת גויים האָט זיך נאָך אַפילו נישט געחלומט, אַז אַזוינס עקסיסטירט אויף דער וועלט. געוואוסט האָבן זיי פון מלוכות און מדינות, קיניגרייכן און אימפּעריעס, רעליגיעס און סעקטעס, אָבער נישט פון פעלקער. ווילן אָבער מאָדערנע יידן היינט בויען אַ יידיש פאָלק אויף נייע יסודות, אויף גאָלע וועלטלעכע, ווי אַלע פעלקער, און מיינען, אַז מען קען אונטערגראָבן די סאַמע פונדאַמענטן פון אונדזער פאָלקס־קיום און אָפּווישן, ווי נישט געווען, די שפּורן פון אַ טויזנט־יאָריקער אַנטוויקלונג. זיכער, זענען יידן קיינמאָל נישט געבליבן שטיין אויף אַן אָרט. זיכער, האָבן זיך ביי אונדז געביטן אידעען און לעבנס־שטייגערס. אָבער דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען ווי אַ נאַטירלעכער פּראָצעס פון עוואָלוציע, און במילא איז דער יידישער המשך נישט איי־בערגעריסן געוואָרן. מאַכן פון יידן אַ וועלטלעכע נאַציע, ככל הגויים, הייסט נישט בלויז ענדערן די אָדער יענע אידעע, נייערט דורכברעכן די

יידישע קאָנטינואיטעט, הייסט איבעררייסן דעם גאַנג פון אונדזער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. וואָלט דאָס אפשר געווען אַן אינטערעסאַנטער סאָציאָלאָגישער עקספּערימענט, ווי אַזוי מען שאַפט אַ ניי פאָלק אויף דער וועלט, לויט אַ פריער דורכגעטראַכטן און אויסגעאַרבעטן פּלאַן. ביז איצט זענען פעלקער געוואַקסן אָרגאַניש און אָן פּאָראויסדיקע פּלענער. אָבער מעג דער דאָזיקער עקספּערימענט זיין אינטערעסאַנט, מעג די אָפּעראַציע טעאָרעטיש געלינגען, דער חולה וואָלט אָבער געשטאָרבן אונטערן מעסער. דער משל פון אַנדערע פעלקער, פון קירגיזן און טשואוואַשן, פון ווייס-רוסן און ליטווינער און אַנדערע אומות פון זייער גלייכן, וואָס ערשט איצט הויבן זיי אָן זיך צו פאָרמירן ווי פעלקער, וואָס קוים מיט צרות האָט מען פאַר אייניקע פון זיי אַן אלף־בית דערפונדן, דער משל, וואָס מען ציטירט ביי אונדז אַזוי אָפט און מען איז מלא שמחה, וואָס מיר קענען זיך גלייכן מיט זיי און באַקומען די אייגענע נאַציאָנאַלע רעכט ווי זיי, איז גאָר קיין משל נישט פאַר אונדז, פאַר אַ פאָלק מיט אַזאַ אַלטער אויסגעפּרואווטער און דורכגעליטענער קולטור, ווי אונדזער פאָלק. מען באַרופט זיך לעצטנס אויף די טערקן, וואָס האָבן הונדערטער יאָרן געלעבט מיטן קאָראַן. איז אויפגעשטאַנען אַ קעמאַל טאַטורק, דערקלערט דעם איסלאַם גאָר פאַר אַ גלויבן און במילא פאַר אַ פּריוואַט־זאַך, בטל געמאַכט דעם אַראַבישן אלף־בית און אים פאַרביטן מיטן לאַטייניש, אַגוליר׳ט דאָס הייליקע געזעץ פון שעריא און אויף זיין אָרט צונויפגעשטוקעוועט אַ ניי טערקיש רעכט, פון שטיקלעך און ברעקלעך פון פרעמדע פעלקער: דאָס נייע טערקישע ציוויל־געזעצבוך איז אָפּגעשריבן פון שווייצערישן, דאָס שטראָף־געזעץ — פון איטאַליענישן, דאָס האַנדלס־רעכט איבערגענומען פון דייטשלאַנד, און אַזוי ווייטער (10). אויפן אָרט פון אַללאַ האָט ער אַוועקגעזעצט אויפן טראָן אַ נייעם גאָט: דעם גאָט פון ראַסע און בלוט. דעם קאָראַן האָט ער פאַרביטן מיט אַ קאָפּיע פון אייראָפּעאישן שאָוויניזם, וואָס שטייגט נאָך אַריבער דעם אָריגינאַל. ווען מיר נאָך זען, וואָס פאַר אַ רעזולטאַטן עס וועט געבן דער טערקישער עקספּערימענט. זענען מיר אָבער צו אַלט און האָבן צופיל דערפאַרונג, צו גלויבן און צו גיין אין נייע פרעמדע דרכים. זענען מיר דאָך נישט קיין טערקן, וואָס האָבן קיינמאָל קיין אייגענע קולטור בכלל נישט געהאַט און האָבן, פונקט ווי זיי האָבן פריער זייער ליטעראַטור געליען ביי די פערסער, זייער שריפט — ביי די אַראַבער, און קאָפּירט זייער ליטעראַטור ביי די פראַנצויזן (אין שפּעטערדיקע צייטן), איצט געמאַכט אַ נייע הלוואה ביי די אייראָפּעאישע פעלקער. מיר יידן

האָבן אָבער קיינמאָל נישט געלעבט אויף באָרג, נאָר פון אונדזער אייגענעם, שווער, מיט יסורים און בלוט פאַרהאָרעוועטן, גייסטיקן קאַפּיטאַל. ווילט זיך טאַקע דערום גלויבן, אַז די אַלטע רייד און פילאָסאָפיעס וועגן אַ נייער וועלטלעכער העברעער-נאַציע וועלן פאַרגיין ווי אַ רויך, אַ פּשיטא שוין דעמאָלט ווען מיר וועלן זיך אומקערן ווידער צו אונדזער לאַנד. ווילט זיך האָפן, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט אויך ווייטער גיין זיין געשיכטלעכן וועג און פון אים זיך נישט אָפּווענדן נישט אויף רעכטס און נישט אויף לינקס.

---

ר ע פ ע ר ע נ צ ן :

(1) Philon d'Alexandrie, Ecrits historiques, Paris 1867. Légation à Caius.

(2) ציטירט לויט אַן ענגלישער אויסגאַבע פון פלאַוויוס' ווערק:
The Works of Flavius Josephus, translated by William Whiston, London 1880. Wars of the Jews II, IX, 2, 3. Antiquities XVIII, III, 1.

(3) Mahatma Gandhi. Young India, New-York 1924, p. 584.

(3a) Romain Rolland. Mahatma Gandhi. Paris 1930, pp. 45, 56, 148.

(4) פרטים וועגן דעם זע ביי ר' חיים טשרנוביץ, תולדות ההלכה 1, ע"ע 192-3.

(5) Spinoza. Traktat, siebzehntes Kapitel.

(6) תולדות ההלכה, חלק ראשון, ע' 305.

(7) ש. א. האָראָדעצקי. חסידיזם, בערלין תרפ"ד, ז"ז 88-9, 23.

(8) י. צינבערג. געשיכטע פון ליטערטור. באַנד 7 ב. ז"ז 214, 165, 162, 159-60.

(9) י. צינבערג. דאָרט, באַנד 8א. ז"ז 34-5.

(10) Barbara Ward. La Neuva Turquia, B. Aires 1944, p. 64.

(איבערזעצט פון ענגליש)

## פאַרוואָס יידישקייט פאַרטראָגט נישט קיין סעקטעס

ווען יידישקייט וואָלט געווען אַ רעליגיע צו רעליגיעס גלייך, וואָלט זי געווען די איינציקע, וואו סעקטעס, וואָס זענען אַרויס פון אירע רייען, האָבן קיין לאַנגע יאָרן נישט געהאַט און זענען אַלע פריער־שפּעטער פאַרשוואונדן פון דער סצענע. די צוויי גרויסע וועלט־רעליגיעס, דאָס קריסטנטום און דער איסלאַם, האָבן, איטלעכע פון זיי, היינט צו טאָג, אַ חוץ צוויי גרונט־טיילונגען, די סוניטן און שיאיטן ביי די מאַכמעדאַנער, קאַטאָליקן און פּראָטעסטאַנטן ביי די קריסטן, צו הונדערטער קלענערע כיתות און שיטות, בעת די איינציקע יידישע סעקטע, וואָס מיר האָבן נאָך געהאַט נישט לאַנג צוריק, די קאַראַאימערס, קען מען שוין איצט אינגאַנצן אַראָפּוואַרפן פון חשבון. סך הכל זענען נאָך אפשר פאַרבליבן אַ פּאָר טויזנט קאַראַאימערס אויף דער וועלט, און זייער פולע פאַרשווינדונג איז נישט מער ווי אַן ענין פון יאָרן. פאַרשטייט זיך, אַז מען קען נישט רעכענען פאַר אַ סעקטע־צעטיילונג די חסידים און מתנגדים, אַקוראַט ווי מען קען נישט באַטראַכטן פאַר קיין באַזונדערע יידישע סעקטעס די ספרדים און אשכנזים, הגם אויך זיי האָבן פאַרשיידענע נוסחאות אין תפילות, פונקט ווי עס זענען געווען און עס זענען נאָך איצט פאַראַן איינצלנע קהלות, וואָס האָבן געוויסע באַזונדערקייטן אינעם נוסח פון דאַווענען. סימנים פון אַ סעקטע געפינען מיר היינט צו טאָג נאָר ביי איין יידישער שיטה, אין דער רעפאָרמירטער סינאַגאָגע, וועגן וועלכער מיר וועלן נאָך רעדן. אָבער איר גורל איז נאָך נישט אַנטשידן : צי וועט זי זיך שניידן אויף צו ווערן באמת אַן אָפּגעזונדערטע סעקטע און ליידן דעם גורל פון אַלע יידישע סעקטעס אין דער פאַרגאַנגענהייט, דאָס הייסט, פאַרשניטן ווערן פון יידישן פאָלק, אָדער, פאַרקערט, זיך ווידער פאַראייניקן מיט דעם שטאַם פון וואַנען זי איז אַרויסגעוואַקסן.

בעת ביי אַלע רעליגיעס איז די טיילונג אויף סעקטעס אַ שטענדיקע דערשיינונג, אַ מין כראָנישע קרענק, און בעת ביי אַלע רעליגיעס האָבן די סעקטעס אַ קיום, האַלטן זיי זיך נישט ביי אונדז, אָדער זיי גייען אונטער און הערן בכלל אויף צו עקסיסטירן, אָדער, שוין ביים לעבן, האָבן זיי מער קיין חלק און קיין נחלה נישט אינעם יידישן פאָלק און זיי וועגעטירן מחוץ למחנה.

דער פאַרשידענער גורל פון סעקטעס ביי די אומות־העולם און ביי אונדז נעמט זיך פון דער אַנדערשקייט פון זייערע רעליגיעס און פון אונדזער אמונה. דאָס וועט אונדז קלאָר ווערן אַפילו, ווען מיר וועלן נאָר וואַרפן אַ קורצן בליק אויף די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן שפּאַל־טונגען ביי זיי און ביי אונדז.

די אַנטוויקלונג און פאַרשפּרייטונג פון סעקטעס ביי די מאַכמעדאַ־נער זענען פאַרגעקומען דער עיקר צוליב און אַרום מחלוקות וועגן מעטאַ־פיזישע פראַגן און רעליגיעזע דאָגמעס, ווי למשל, די אַטריבוטן פון גאָט, ידיעה און בחירה (פּרעדעסטינאַציע און פרייער ווילן), געטלעכע אַנט־פלעקונג און נביאות וכדומה. הגם דער איסלאַם איז אַ סך מער געבונדן מיטן לעבן, ווי דאָס קריסטנטום, און אין אַ דער באַציאונג שטייט ער נענטער צו ידישקייט, האָבן אָבער אויך אין זיינע סעקטעס, אפילו אויב זייער אויפקומען איז אַרויסגערופן געוואָרן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט די שיאיטער, דורך פּאָליטישע מאָטיוון, די ריין דאָגמאַטיש־רע־ליגיעזע מאָמענטן, וואָס ווייטער אַלץ מער געקראָגן די אויבערהאַנט. אַזוי לכל־הפחות איז די קאָמפּעטענטע מיינונג פונעם באַוואוסטן ידיש־אונגאַרישן געלערנטן און איסלאַמיסטן, איגנאַץ גאָלדציער (1). אַ פּשיטא איז אָט דער גרונט־כאַראַקטער בולט אין דער סעקטעס־אויס־בילדונג אין קריסטנטום אין פערטן יאָרהונדערט. דער ערשטער סקיזם אין קריסטנטום, אַרויסגערופן דורכן אַריאַניזם, איז פאַרגעקומען אַרום דער דאָגמאַטישער פראַגע וועגן דער געטלעכער נאַטור פון יעזוס קריסטוסן, אַלס רעזולטאַט פון דעם דאָזיקן שטרייט, האָט די אָפיציעלע קירך אויפגעשטעלט אויפן ניקעא דעם נאָט אין די דאָגמע פון דער דריי־איינקייט. אַרום לערך די אייגענע טעאָלאָגישע פראַגן האָט זיך אויך געדרייט דער גרויסער סקיזם פונעם עלפטן יאָרהונדערט צווישן דער מערב־ און מזרח־קירך (רוימיש־ און גריכיש־קאַטוליש). אין צענטער איז אויך דאָסמאָל גע־שטאַנען די פראַגע, צי נעמט זיך דער הייליקער גייסט נאָר פון פאָטער, ווי עס האָט געוואָלט די גריכיש־קאַטוילישע קירך, אָדער, אַז דער פאָ־טער און דער זון זענען געווען פון אייביק אָן, ווי עס האָט געגלויבט די רוימיש־קאַטוילישע קירך. צוגעקומען זענען, דער עיקר ווי אַ רעזול־טאַט פון דער דאָזיקער מחלוקה, פאַרשידנקייטן אין ריטואַל.

די רעפאָרמאַציע פון זעכצנטן יאָרהונדערט, האָט אויך, ווי די פרי־ערדיקע אָפּטרייניקע פון דער רוימיש־קאַטוילישער קירך, געהאַט מיט איר חילוקי־דעות אין דאָגמעס, בפרט אין דער פראַגע פון ידיעה און

בחירה און פון די אמתע וועגן פון דערליזונג, ווי אויך אין ליטורגיע־ענינים. די רעפאָרמאַציע האָט, אמת, אַריינגעטראָגן אַ נייעם מאָמענט, אַ מער סאָציאַלן, אָבער דער לעצטער האָט זיך נישט פאַרשפּרייט אויפן געזעלשאַפטלעכן און מלוכהשן לעבן בכלל, און איז געבליבן אין די פיר איילן פון דער קירך און פון איר אָרגאַניזאַציע.

דער מסחר אויף אַ גרויסן פאַרנעם פונעם וואַטיקאַן און די עפּיסקאָפּן מיט דער „מחילה פון זינד", וואָס האָט זיך אין מיטלעלטער פונאַנדער־געבליט צו אַ ברייט־פאַרצווייגטער און רייכער אינדוסטריע, קאָרומפּירטע פּויפּסן, וואָס האָבן זיך געלאָזט לעבן אין וואוילטאָג, די ערדישע, צו־ערדישע אַפּעטיטן פון ישו הנוצרים פאַרטרעטער אויף דער ערד און פון זיינע דינער, — זענען געווען צווישן די הויפּט־מאָטיוון, וואָס האָבן אַרויס־גערופן די רעפאָרמאַציע, ווי אַ באַוועגונג, וועמענס ציל איז געווען אויס־צורייניקן די קירך פונעם מיסט, וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעקליבן אין משך פון יאָרן, און וואָס קיין אויפריכטיק־רעליגיעזער מענטש האָט נישט געקענט מער סובל זיין. די פּיסקאַלע אינטערעסן פון די קיניגס, וואָס האָבן געליטן צוליב דעם מעשר און פאַרשידענע שטייערן, וואָס רוים פלעגט אויסזויגן פון זייערע לענדער, — זענען געווען אַ צוגאָב־מאָטיוו און איינע פון די סיבות, וואָס האָבן צוגעהאָלפן דער רעפאָרמאַציע צו איר נצחון. אויב אין דער רעפאָרמאַציע איז בכן געווען צו זען אַ געוויסן פּאָליטישן מאָמענט, האָט ער ווידער אַמאָל געהאַט אַ שייכות בלויז צו די באַציאונגען צווישן קירך און מלוכה און איז נישט געגאַנגען ווייטער, נישט אַריינגעדרונגען אין דעם סאַמע געוועב פון דעם געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן לעבן. אַן אויסנאַם אין דעם פּרט זענען געווען איניקע קלע־נערע קריסטלעכע סעקטעס, ווי למשל די אַנאַבאַפּטיסטן, וואָס האָבן באמת געוואָלט באַגרינדן גאָטס קיניגרייך אויף דער ערד. נאָר זייער צאָל איז געווען קליין און זייער איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון קריסטנטום נאָך קלענער. אַזוי אַרום איז די רעפאָרמאַציע, אין אירע הויפּט־שטראָמען, געבליבן אַ ריין רעליגיעז־קירכלעכע באַוועגונג און די באַרימטע לוטעראַנישע פינף און נייַנציק טעזיסן, וואָס זענען געווען איר עפנט־לעכער אָנזאָג, האָבן געטראָגן אַ טעאָלאָגישן כאַראַקטער. מיטן סאָציאַלן לעבן און מיט דער מלוכה־פירונג פאַר זיך, האָט די רעפאָרמאַציע קיין דירעקטע שייכות נישט געהאַט.

גאָר אַנדערע סיבות האָבן אַרויסגערופן די שפּאַלטונגען אין יידישקייט און אַ גרונט־פאַרשידענעם כאַראַקטער האָבן זיי געטראָגן. קודם־כל איז יידישקייט נישט געווען אַזוי „רייך" אין דאָגמעס, ווי דאָס קריסטנ־

טום. סך־הכּל האָבן מיר איין איינציקייט, אַנשטאָט דריי, נאָר דעם גלויבן אין גאָט דעם איין איינציקן, דעם באַשאַפער פון דער וועלט. און אין דעם דאָזיקן יסוד האָט נאָך ביז איצט קיין איין יידישע סעקטע נישט גערירט. אָבער אויך די איבעריקע עיקרים פון דער יידישער אמונה, ווי השארת הנפש, שכר ועונש און תורה מן השמים, זענען אָפן פון קיין איינציקע פון די יידישע סעקטעס נישט פאַרלייקנט געוואָרן, מיטן אויסנאַם פון די צדוקים, וואָס האָבן נישט געגלויבט אין תחית־המתים. אָבער נישט דאָס איז געווען די סיבה, וואָס האָט געפירט צום אויפקום פון דער דאָזיקער סעקטע, ווי מיר וועלן דאָס זען ווייטער. זענען טאַקע די שפאַלטונגען ביי יידן געגאַנגען אין אַ גאָר אַנדערער ריכטונג, אין יענער, וואו עס איז געלעגן דער צענטער פון יידישקייט, אַרום דעם יידישן געזעץ און דעם יידישן לעבנס־שטייגער. טאַקע מחמת דעם זענען די דאָזיקע שפאַלטונגען געווען טיפער, ווי די קריסטלעכע, ווייל זיי האָבן אַרומגענומען דאָס גאַנצע לעבן. האָט דאָס אויפקומען פון אַ סעקטע אין קריסטנטום באַטייט, אַז די באַטרעפנדיקע גרופע האָט מער נישט געהאַט קיין געמיינזאַמקייט מיט דער מוטער־רעליגיע אין גלויבן און דענקען, האָבן די יידישע סעקטעס זיך אָפגעזאָגט פון שותפות אין לעבן. ווי באַלד, אַז ישראל ואורייתא זענען ביי אונדז פון אָנהויב אָן און ביז צום היינטיקן טאָג אַזוי פעסט געבונדן, אַז זיי לאָזן זיך נישט שיידן, האָט במילא יעדער טיפער חילוק אין תורה געמוזט גלייכצייטיק זיין אויך אַ שפאַלטונג אין פאָלק, און יידישע אמונה־ווידערשפעניקייט — נאַציאָנאַלע אָפטריניקייט. די קריסטלעכע אַפיקורסות איז געווען אַנטי־קירכלעך און געפירט צו דעם אויפקום פון אַ נייער קירך, די יידישע כפירה איז תמיד געווען אַנטי־פאָלקיש און אַנטי־נאַציאָנאַל און במילא געמוזט אונטערגראָבן די גאַנצקייט פון פאָלק.

דער אָפזאָג צו גיין צוזאַמען מיטן פאָלק אויפן וועג פון זיין היסטאָרישער אַנטוויקלונג, צו טיילן זיין לעבן היינט און זיינע צוקונפט־האָפענונגען, איז די גרונט־טענדענץ, וואָס פאַראייניקט אַלע יידישע סעקטעס. אָנגעהויבן מיט די צדוקים, דורכגייענדיק דורך די קאַראַאימער און געענדיקט מיט די היינטיקע עקסטרעמע רעפאָרמערס. דער רעליגיעזער אויסדרוק פון דער דאָזיקער טענדענץ איז תמיד געווען די פאַרלייקענונג פון דער תורה שבעל פה, דאָס הייסט, פונעם יידישן געזעץ אין זיין אַנטוויקלונג־פראָצעס, פונעם יידישן לעבן אין זיין פליסיקן גאַנג. די דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן די פרושים און די צדוקים, ווי טראַווערס הערפאָרד, צווישן אַ

רייע אַנדערע געלערנטע, האָט דאָס ריכטיק תופס געווען (2), האָט זיך גע־פונען אין דער תורה שבעל פה. דער אויסגאַנג־פונט פון זייער סכסוך איז געווען דאָס, וואָס די צדוקים האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון מסורה. במילא האָבן זיי געלייקנט אין תחית־המתים, ווייל זי ווערט אין דער תורה נישט דערמאָנט (סנהדרין צ, ב), און ווייל דער דאָזיקער גלויבן איז געווען אַ „פּראָדוקט פון גלות״, אַריבערגעבראַכט פון בבל. אויף זייער שטייגער, האָבן זיי שוין דעמאָלט „געלייקנט דעם גלות״. דערין האָט זיך בולט אַרויס־געוויזן, ווי דערווייטערט זיי זענען געווען פון פאָלק און זיינע געפילן. דער געדאַנק גופא פון אייביקער גלייכקייט אין דעם עולם הבא פאַר אַלע גערעכטע און גאָטספאָרכטיקע, רייך צי אָרעם, איז געווען, ווי פּראָפעסאָר פינקל־שטיין האָט ריכטיק באַמערקט, נישט דערלאָזבאַר פאַר די יידישע פּאַטרי־ציער פון יענער עפּאָכע (3). טאַקע מחמת דעם וואָס די צדוקים האָבן נישט אָנדערקענט די לעבעדיקע יידישקייט, זענען צו זיי צוגעשטאַנען אָנהענגערס און נאָכגייערס פון צווישן די העלעניזירטע יידן. וואָרעם אַ כלל גדול האָבן מיר, אַז טויטע יידישקייט, אויף אייביקייטן אַ פאַרחתמעטע, איז קיינמאָל נישט געווען קיין שטער פאַר יידן צו גיין אין פרעמדע געזעצן און זיך צונויפצומישן מיט פרעמדע פעלקער. יוסף פלאַוויוס האָט, ווי אַ מסיח לפי תומו, אונדז איבערגעלאָזט די עדות, אַז בעת די צדוקים האָבן אויף זייער זייט געהאַט די הויכע קלאַסן, זענען די פאָלקס־מאַסן געגאַנגען מיט די פרושים (4). פאַראַן אפילו אַ סברה, אַז דער נאָמען גופא פרושים מיט זיין באַטייטעם פון אַ סעקטע איז צוגעקלעבט געוואָרן פון זייערע מתנגדים, די צדוקים, ווייל אין תוך זענען די פרושים נישט געווען קיין אָפּגעזונדערטע גרופּע, וויבאַלד דער רוב מנין און רוב בנין פון פאָלק האָט זיך געפירט אין גייסט פון פרישות (5). אַן אמתע סעקטע, אַ נישטיקע מינדערהייט, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט גראָד די צדוקים. דאָס פאָלק אָבער האָט מיט אַלע כוחות זיך געראַנגלט פאַר זיין אייגנאַרטיק לעבן און גלייכצייטיק קעגן דעם אויסערלעכן שונא — אדומען. די צדוקים זענען געבליבן פיינטלעך צום ערשטן און גאָר אָפּט זיך געהאַלטן ביי'ן רעאַל אינעם צווייטן געראַנגל, ווי נישט זיי וואָלט מען גע־מיינט. אגב, האָבן די שומרונים, מיט וועלכע עס פאַראייניקט זיי אַ געוויסע שותפות, פריער זיך געשטעלט קעגן די חשמונאים אין זייער ביטערן גע־ראַנגל קעגן דער גריכיש־סירישער הערשאַפט. אויך אין דעם לעצטן פרט חזרט זיך איבער די יידישע געשיכטע אין אַלע צייטן, ווען עס זענען ביי אונדז אויפגעקומען סעקטעס.

די צווייטע יידישע סעקטע, די קאַראַאימער, וואָס וועגן איר האָבן מיר

שוין אַ גאַר קלאָרן באַגריף פון אירע שריפטן, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט, זענען געווען, ווי די רבנים האָבן זיי מיט רעכט באַצייכנט, די יורשים פון די צדוקים. דאָגמאַטיש האָבן די קאַראַאימער נישט געלייקנט קיין איינע פון די יידישע אמונה־עיקרים. אָבער צוליב זייער נעגאַציע פון דער תורה שבעל פה, האָבן זיי זיך בפועל אַלץ ווייטער און מער אָפּגעשפּאָלטן פונעם יידישן פאָלק. דער לאָזונג „צוריק צו דער תורה״ האָט, ווי אין אונדזערע צייטן ביי די רעפאָרמערס, געמוזט בלייבן אַ פוסט וואָרט. דאָס אָפּהיטן ווערטלעך די געבאָטן פון דער תורה, איז שוין אין יענער צייט געווען לחלוטין נישט מעגלעך. וואָס פאַר אַ רו־טאָג, אַ טאָג פון תענוג, האָט געקענט זיין פאַר זיי דער שבת, ווען מען זאָל זיך אָפּהאַלטן, ווי זיי וואָלטן עס געדאַרפט טון, נישט צו מאַכן קיין שום באַוועגונג מפתח ביתו און זיצן אין דער פינצטערניש. די שטרענגקייט פון דיני עריות, וואָס די קאַראַאימער האָבן איינגעפירט לויט זייער שטרענגען טייטש פון דער תורה, וואָלט פאַר נישט מעגלעך געמאַכט די פאַרמערונג פון זייער באַפעלקערונג. אָט די אַלע סיבות האָבן זיי געצוואונגען זיך צו שאַפן אַן אייגענע תורה שבעל פה. אַזוי, למשל, האָט זייער חכם פון פערצנטן יאָרהונדערט, אהרן בן־אליהו, אָנגעשריבן אַ ספר „גן־עדן״, וואָס איז געווען אין תוך אַ געזעץ־זאַמלונג. און אין פופצנטן יאָרהונדערט האָט זיך באַוויזן אַ מין קאַראַאימישער שולחן־ערוך. אַזוי אַרום איז געשען דאָס, וואָס איז געווען אומפאַרמיידלעך און וואָס די רבנים האָבן פאָראויסגעזען. דאָס פרימיטיווע פאַרלייקענען פון תורה שבעל־פה האָט פאַרלוירן זיין אַלגעמיינעם פרינציפּיעלן כאַראַקטער און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ נעגאַציע בלויז פון דער היסטאָרישער יידישער תורה שבעל־פה. נאָר די לעצטע האָט זיך געשטיצט אויף דער אויטאָריטעט פון דער תורה שבכתב. זי איז בכן געווען אַ המשך און האָט געהאַט די פעסטקייט פון דער תורה מן השמים, די אויטאָריטעט, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם צוקונפטיקן תלמיד ותיק, דעם ריכטער, דעם בית־דין פון די קומענדיקע דורות. די קאַראַאימישע תורה איז געווען אַ שפּאָגל־נייע, אַ בראשית. איטלעכער חכם איטלעכע קהלה האָט זיך אַליין גענומען דעם רשות און זיך געמאַכט אייגענע דינים און תקנות. די קראות, ווי ר׳ יהודה הלוי האָט דאָס אין איר אָנהויב־פּעריאָד אַזוי דורכדרינגענדיק באַגריפן, האָט באַטייט אַנאַרכיע, די פאַרניינונג פון דעם יסוד, וואָס נאָר אויף אים קען אַ צושפּרייט פאָלק אויפהאַלטן זיין איינציקייט — דעם פרינציפּ פון תורה אחת און משפט אחד, איין תורה און איין געזעץ. אָנשטאָט דעם איז עס געקומען דערצו ביי די קאַראַאימער, אַז וויפיל מיינונגען, אַזוי פיל געזעצן, איטלעכע נייע סברה, וואָס וועט איינפאַלן אַ חכם, וועט געבוירן אַ ניי געזעץ (זע כוזרי, מאמר שלישי,

ל״ח, מ״ט). נאָר די דאָזיקע אַנאַרכיע, וואָס זיי האָבן לכתחילה און באַוואוסטזיניק געוואָלט אַריינברענגען אינעם יידישן לעבן, האָט זיך אומפאַרמיידלעך פאַרשפּרייט אין זייערע אייגענע רייען. דאָס אויפקומען גופא פון זייער סעקטע איז געווען אַן אַקט פון ״דיסציפּלין־ברוך״, אַ פאַרניינונג פון יידישער אויטאָריטעט, אַן אָפּזאָג פונעם אחרי רבים להטות. במילא האָבן זיי אָט דעם פּרינציפּ, וואָס אָן אים קען קיין אָרגאַניזירט סאָציאַל לעבן נישט געמאָלט זיין, נישט געקענט אָנווענדן ביי זיך אַליין. די שפּאַלטונג אינעם יידישן פאָלק האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ צושפּליטערונג אין זייערע אייגענע רייען. וואָס זיי האָבן געזייט ביי יידן, האָבן זיי געשניטן ביי זיך אַליין.

ווי באַלד די נייע קאַראַאימישע תורה האָט נישט געהאַט נישט די אינספּירירנדיקע קראַפט פון אמונת־אבות, נישט די הייליקייט פון טראַדיציע און נישט איר אויטאָריטעט, ווי באַלד איר עיקר־ציל איז געווען צוצופּאַסן דאָס געזעץ צו די פאָדערונגען פון יעדן אָרט און פון יעדער שעה, איז שוין אַ סך לייכטער און באַקוועמער געווען די צופּאַסונג צו די געזעצן און מנהגים פון דער אַרומיקער מערהייט, מאַכמעדאַנישער אָדער קריסטלעכער. און אַזוי האָט עס פּאַסירט אַז הן די יידישע תורה שבכתב הן זייער אייגענע תורה שבעל־פּה זענען מיט דער צייט געבליבן אַ טויטע זאַך און געלעבט האָבן די קאַראַאימער מיט די געזעצן און לויט דעם שטייגער פון די אַרומיקע פעלקער.

דוכט זיך, אַזאַ קלייניקייט, ווי דער באַזונדערער לוח, וואָס די קאַראַאימער האָבן איינגעפירט. אַן אַנדער קאַלענדאַר האָט אָבער אָפּטמאָל באַטייט פאַרשידענע דאַטעס פון יום־טובים, אפילו פון יענע יידישע יום־טובים, וואָס זיי האָבן שוין יאָ אָנדערקענט, ווייל אָנגעזאָגט פון דער תורה. חנוכה איז ביי זיי בכלל קיין יום־טוב נישט געווען. במילא האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פון איינעם פון אונדזערע גרויסע נאַציאָנאַלע יום־טובים. תשעה באב איז ביי זיי קיין תענית און טרויער־טאָג נישט געווען, ווייל זיי האָבן נישט געהאַלטן פון די תעניתים, וואָס זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן צום זכר פון צווייטן חורבן בית־המקדש, וועלכער האָט מער נישט געהערט צו זייער געשיכטע. אין זייער סידור האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, נישט אַריינגענומען די שפּעטערדיקע תפילות, פיוטים, סליחות און קינות, פאַרבונדן מיטן יידישן גורל אין גלות און מיט יידישע געשיכטלעכע געשעענישן. אָט אַזוי אַרום האָבן די קאַראַאימער זיך אַלץ מער דערווייטערט און זענען אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון יידישן פאָלק, זיך נישט געפרייט אין די טעג פון זיינע שמחות און נישט געטרויערט אין די טעג פון זיין טרויער, און אויך צו גאָט

נישט געבעטן מיט די אייגענע האַרציקע תפילות ווי יידן אויף דער גאַרער וועלט (6).

אַז מען ווערט אָפּגעפרעמדט פונעם פאָלקס היינט, פאַרגעסט מען ביס־לעכווייז אויך זיין נעכטן און מען הערט אויף צו זיין סאָלידאַריש מיט זיין מאָרגן. דעם אָנהויב האָט שוין געמאַכט דער פאָטער פון די קאַראַאימער, ענן, וואָס האָט זיך דעסאָלידאַריזירט פונעם יידישן פאָלק, דערקלערנדיק דעם קאַליף, אַז יידן רודפן אים און זיינע חסידים, מחמת זיין גלויבן איז נאָענטער צום קאָראַן. שפּעטער, בעת די קאַראַאימער האָבן באַקומען נייע שכנים, קריסטן, האָבן זיי, נישט צום ערשטן און נישט צום לעצטן מאָל טוען דאָס יידישע סעקטעס פון רעפאָרמערס, געפעלשט די יידישע גע־שיכטע און דערקלערט, אַז זיי האָבן אין יעזוס קריסטוס' טויט קיין שולד נישט, ווייל צו יענער צייט האָבן שוין זייערע אבות געלעבט אין חוץ־לארץ.

ווען מען לעבט נישט צווישן יידן און מיט יידישקייט, איז קיין חידוש נישט, אַז עס איז נישטאָ קיין חשק און קיין טעם צו ליידן צוזאַמען מיט זיי און צו טיילן זייער ביטערן מזל. האָבן טאַקע די פירער פון די קאַראַאימער אויף דעם סמך, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון שותפות מיטן יידישן פאָלק און פון אַ חלק אין דער יידישער געשיכטע זינט דער צייט פון חורבן בית־שני אָן, געבעטן אין יאָר 1795 ביי דער רוסישער צאַרין יעקאַטערינאַ, אַז אויף זיי זאָלן נישט חל זיין די רעכט־באַגרענעצונגען, וואָס פלעגן אָנגע־ווענדעט ווערן צו די יידן. (7). אַפילו דער רמז אַליין אויף אָנגעהע־ריקייט צו יידן, וואָס זייער נאָמען „יידן־קאַראַאימער" האָט געהאַט, איז פאַר זיי געווען אַ שטער און אַ חרפה. און דער קיסר ניקאָלאַי האָט דערפילט זייער בקשה, מען זאָל זיי מהיום והלאה רופן נאָר די „קאַראַאימער" (8). זיי האָבן אין רוסלאַנד אַן גרויסע שווע־ריקייטן דערגרייכט, מען זאָל זיי נישט מער באַהאַנדלען ווי יידן און, אַז די אַנטי־יידישע דיסקרימינאַציעס זאָלן אויף זיי נישט חל זיין. וואָס דאַרפט איר מער, אַפילו היטלערס באַנדעס האָבן געשאַנעוועט דאָס הייפל קאַראַאימער, וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה אין סאָוועט־רוסלאַנד. די ראַסן־טעאָריע האָט צוליב דעם נישט גע־דאַרפט קאַפּיטולירן. וואָרעם באמת זענען די קאַראַאימער נישט קיין רע־ליגיעזע יידישע סעקטע, ווייל אַזוינע קען גאָר ביי יידן נישט זיין, נייערט אַן אָפּגעריסענער צווייג פון דעם יידישן שטאַם, און אַז אַ צווייג פאַרלירט די זאַפט פונעם שטאַם, ווערט ער פאַרדאַרט. און אַזוי איז עס אויך געשען מיט די קאַראַאימער. צו די פרעמדע געזעצן און די פרעמדע מנהגים, צו דער אַנאַרכיע און צעשפּליטערונג פון זייערע אייגענע רייען, האָבן געמוזט

צוקומען גייסטיקע סטערילּיטעט און אימפּאָטענץ. האָבן זיך צווישן די קאַראַאימער אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון זייער געשיכטע, כל־זמן נישט אַלע פּעדים, וואָס האָבן זיי געהאַט פאַרבונדן מיטן יידישן פאָלק, זענען נאָך נישט געווען איבערגעריסן, זיך נאָך באַוויזן וואוילגעלערנטע און אַפילו דענקער און פילאָסאָפן, האָט זיך די טעמפּאָ פון זייער ירידה, וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרשנעלערט, און די גאַנצע קאַראַאימישע ליטעראַטור אָנגעהויבן פונעם פערצנטן יאָרהונדערט, איז באַשטאַנען פון פלאַכע און טאַלענטלאָזע קאָמפּילאַציעס.

איך האָב זיך ברייטער אָפּגעשטעלט אויף דער עוואָלוציע פון די קאַראַאימער נישט וועגן איר געשיכטלעכן אינטערעס, נייערט צוליב דעם מוסר, וואָס מיר דאַרפן פון איר זיך אַראָפּנעמען. מיר זענען נאָך גאָר נישט לאַנג צוריק געשטאַנען פאַר דער סכנה, און אינגאַנצן האָבן מיר זי אַפילו איצט נאָך נישט אויסגעמיטן, אַז די געשיכטע פון די קאַראַאימער זאָל זיך ביי אונדז איבערחזרן אין די מאָדערנע צייטן. די השכלה און די רעפאָרמאַציע האָבן אַרויסגעוויזן כמעט ביז צום סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט אַ בפירושע טענדענץ זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ נייער סעקטע ביי יידן. נישט אומזיסט האָבן אַמאָליקע משכילים, אַזוינע ווי שמחה פּינסקער און אַנדערע, געזוכט אַ התקרבות מיט די קאַראַאימער, ווי דאָס האָט באַוויזן מיט אַ שלל פון מאַטעריאַלן דער יידיש־גאַליציאַנער געלערנטער ראובן פאהן אין אַ גרויסער אַרבעט, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער העברעאישער צייטשריפט „התקופה" (9). פאַראייניקט האָט זיי די שנאה צו דער רבנות און צו חסידות — צו די צוויי לעבעדיקע המשכים פון דער טראַדיציע־יידישקייט, און דער לאָזונג „צוריק צו דער ביבל" און צו דער אַלטער שפּראַך, אָפּגעווייניקט פון דעם „פסולת", וואָס דער תלמוד, די מדרשים און די רבנים האָבן אין איר אַריינגעטראָגן. די משכילים האָבן, ווי עס איז געווען נאַטירלעך, אַרויסגעוויזן וואַרעמע סימפּאַטיעס צו די קאַראַאימער, וואָס אויך זיי האָבן לכתחילה (איז דאָס בלויז אַ צופאַל?) זיך גערופן משכילים. בפרט זענען גרויס געווען די דאָזיקע סימפּאַטיעס צווישן די רעפאָרמערס פון מערב־אייראָפּע, פונקט ווי זיי האָבן מיט גרויס ליבשאַפט זיך באַצויגן צו זייערע פאָרגייערס, די צדוקים, און מיט אַזאַ שנאה — צו די אבות פון דער היינטיקער רבנות און חסידות, צו די פרושים. רב צעיר האָט מיט רעכט באַמערקט, אַז אברהם גייגערס צוגאַנג צו דער תורה שבעל־פה איז כמעט דער אייגענער ווי פון די קאַראַאימער (10).

דאָס אייגענע ווי ביי די קאַראַאימער, האָט אויך די נעגאַציע פון דער

לעבעדיקער יידישקייט, פון דער תורה שבעל־פה דערפירט די רעפארמערס און משכילים צו ברעכן די יידישע אחדות אינעווייניק און צו שפאלטן דעם ביז דעמאלט איינהייטלעכן יידישן פראנט פון שוץ און פארטיידיקונג קעגן אויסערלעכן שונא. האבן די רייכע אויפגעקלערטע יידן פון דרום־פראנקרייך, די „יידן פון באָרדאָ", ווי מען האט זיי גערופן, פארלאנגט, בשעת דער פראנצויזישער רעוואלוציע אין יאר 1789, גלייכע רעכט נאר פאר זיך און בפירוש אדער שטילשווייגנדיק באַרעכטיקט די רעכטלאזיקייט פון דעם „פינצטערן" יידישן קיבוץ אין עלזאס, וועלכער איז טריי געבליבן דער יידישער טראדיציע. און שפעטער אין רוסלאנד האבן זיך דען אין פעטער־בורג נישט געפונען אויפגעקלערטע יידישע סוחרים און ליוועראנטן, וואס האבן נאכגעטון דאס ביישפיל פון די „באָרדאָער יידן" און פארלאנגט רעכט נאר פאר זיך, פאר די פריווילעגירטע „גילדיסטן"?

אויב דער גורל האט אונדז דערווייל אפגעהיט, און פון דער השכלה און רעפארם איז נאך נישט אויסגעוואקסן קיין בייזע סעקטע ביי יידן, איז דאס געשען דורך איינעם פון יענע נסים, וואס חזרן זיך איבער אין אונדזער געשיכטע אין די פעריאָדן פון גייסטיקע קריזיסן. הגם נישט אלע מאל טרעפט זיך אזא נס. פון אויסן איז געקומען דער אנטיסעמיטיזם — די גרויסע סגולה קעגן אסימילאציע. און דער אינעווייניסטער קעגן־סם איז געווען דאס אויפקומען פון יידישע נאציאנאלע באוועגונגען, דער ציוניזם, דער יידישער סאציאליזם, די אנטוויקלונג פון דער נייער העברעאישער ליטעראטור, וואס האט אין זיך איינגעזאפט די יידישע ירושה פון ארץ־ישראל און פון גלות צוזאמען, דער וואוקס פונעם יידישן פאלקס־לשון יידיש און זיין אויפשטייג צו דער הויך פון א ליטערארישער שפראך. — אט די אלע וועלטלעכע פאקטארן האבן אויפגעהאלטן די השכלה־רע־פארם אויפן מיטן וועג, וואוהין זי האט זיך געלאזט גיין, אויפן וועג, אויס־געטרעטן פון די צדוקים און קאראאימער. און למען האמת מוז געזאגט ווערן, אז דעצידירנדיק איז דא געווען די ראלע פונעם ציוניזם, די שטארק־סטע און פארשפרייטסטע יידישע באוועגונג. נאר זי איז געווען בכח אויפ־צוהאלטן די ירידה פון דער רעפארם צום אייגענעם תהום, וואס האט איינ־געשלונגען אירע פארגייערס. פאר א טייל פון אונדזערע היינטיקע רעפאר־מערס, ווי למשל, די וואס גרופירן זיך ארום דעם „קאונסיל און דזשודאאיזם", אדער אזוינע קאנגרעגאציעס ווי יענע ער־געץ אין טעקסאס, וואס האט דערקלערט, אז אירע מיטגלי־דער קומען ארויס פון קאווקאזישן אפשטאם און וועלכע לאזט נישט ארויף אויף איר שוועל קיין ציוניסטן און יידן, וואס

היטן כשרות, פאַר זיי איז אָפן נאָר איין וועג — דער וועג צו שמד. פאַר אַלע איבעריקע האָבן דער ציוניזם און די מאָדערנע יידישע קולטור־באַוועגונגען ווידער געעפנט די טירן פון דער אַלטער יידישער היים און צוגעגרייט דעם וועג צוריק צו איר.

דאָס יידישע לעבן האָט זיך איר אויסגעהאַלטענע לאָגיק, אָדער, ווי אַ פרומער ייד וואָלט געדאַרפט זאָגן, וואונדערבאַר און אומפאַרשטענדלעך זענען די וועגן פון דער השגחה. פונקט ווי אין אָנהויב פון דער רעפאָרם־עפּאָכע, האָט די יידישע אָרטאָדאָקסיע, קעמפנדיק, ווי זי האָט געמיינט, נאָר פאַרן יידישן דת, בפועל זיך געראַנגלט פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע, אַקוראַט אַזוי פירט דער ציוניזם איצט אויס די אייגענע שליחות אויף אַ פאַרקערטן אופן. ער זאָרגט פאַר דעם יידישן נאַציאָנאַלן קיום, במילא אָבער אויך פאַר דעם חיזוק פון יידישקייט. אַזוי מוז עס זיין און אַנדערש קען עס נישט זיין, ביי אַ פאָלק, וואו לעבן און תורה, יידן און יידישקייט לאָזן זיך נישט שיידן. דעם ציוניזם איז מסתמא באַשערט צו זיין דער קברן פון דער יידישער רעפאָרמאַציע. איך מיין דאָ נישט בלויז דעם ציוניזם ווי אַ פאַרווירקלעכונג. זיין ראָלע פאַר יידישקייט אין דער דאָזיקער לעצטער סטאַדיע איז קלאָר פון זיך אַליין. די אווירא דארץ־ישראל וועט קיין רעפאָרם נישט פאַרטראָגן, פונקט ווי זי לאָזט זי שוין איצט אַפילו אויפן שוועל נישט אַרויף. נאָר אַפילו דער ציוניזם, ווי אַ באַוועגונג אין די גלות־לענדער, דאָרט וואו ער איז פאָלקסטימלעך־יידישלעך, און אַנדערש קען ער אַ לאַ לאַנג נישט זיין, און וואָס מער ער קומט צום באַוואוסטזיין פון זיין היסטאָרישער גייסטיקער מיסיע, איז אַ סם־המות פאַר דער רעפאָרם, אַפילו בעת ער לעבט צייטנווייז און אויסערלעך בשלום מיט איר, אָדער פאַרהאַלט זיך בייטראַל צו איר. ווי דער קריסטלעכער שטן לויפט פון וויירויך, אַזוי מוז די רעפאָרם פאַרצאַנקען און אונטערגיין אין אַ לעבעדיקער יידישער אַטמאָספערע. קען מען אויף דעם נישט געפונען קיין בעסערן עדות ווי קלאָד ג. מאָנטעפיאָרע, איינער פון די גאָר ווייניקע דענקערס פון דער היינטצייטיקער רעפאָרם, וועלכער זאָגט מיט רעכט, אַז יידישער נאַציאָנאַליזם און „ליבעראַלע” יידישקייט זענען נישט קיין פאָר קליידער, און אַז דער „ליבעראַלער יודאַאיזם” קאָן אין אַ „נאַציאָנאַליסטישער” אַטמאָספערע נישט בליען און וועט אין אַזאַ סביבה קיינמאָל זיך נישט אַנטוויקלען (11). פונקט ווי די רעפאָרם איז געבוירן געוואָרן דורך דער אַסימילאַציע, אַזוי וועט אויך דער סוף פון דער אַסימילאַציע זיין איר סוף. ווי אַזוי און ווען וועט דאָס געשען, נעם איך מיך נישט אונטער צו זאָגן. איין זאַך ווייס איך אָבער יאָ: די בריק, וואָס פירט פון דער רעפאָרם

צוריק צו טראַדיציאָנעלער יידישקייט, זענען די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע און די יידישע פאָלקישקייט. ביידע הויבן אָן אַריינצודרינגען אין די רייען פון די רעפאָרמערס. און דאָס איז אַ גוטער אָנזאָג פאַר דער צוקונפט, צי זי איז נאָענט, צי — נאָך ווייטלעך.



די עקסטרעמע יידישע אָרטאָדאָקסיע, די וואָס פאַרלייקנט דעם ציוניזם און וואַרפט אָפּ, ווי נישט יידיש, די גייסטיקע יידישע שאַפונג פון די לעצטע דורות, מאַכט דעם אייגענעם פעלער, ווי די יידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג אין אירע קינדער־יאָרן. פונקט ווי די לעצטע האָט נישט דערזעען, אַז דער קאַמף פון דער יידישער פרומקייט קעגן השכלה און רעפאָרמאַציע איז נישט געווען בלויז אַ מלחמת מצוה אין רעליגיעזן זינען, פאַרן יידישן דת און פאַר רעליגיעזער טראַדיציע, נייערט גלייכצייטיק — אַן עקשנותדיקער געראַנגל פאַרן יידישן נאַציאָנאַלן קיום, פאַר יידישער טראַדיציע בכלל און פאַר אַ פול יידיש לעבן, אַקוראַט אַזוי וויל די היינטיקע עקסטרעמע אָרטאָדאָקסיע נישט איינזען, אַז דאָס וועלטלעכע יידישע קולטור־שאַפן און דער קאַמף פאַר גאולה זענען גלייכצייטיק אַ מלחמת מצוה פאַר יידישקייט.

אויב די דאָזיקע נעגאַטיווע שטעלונג וואָלט נישט געבליבן, ווי עס איז צום גליק דער פאַל, נאָר אַן ענין פון יחידים צי קליינע גרופּעס אינעם לאַגער פון די טראַדיציאָנעלע יידן, וואָלט זיך דאָ געעפנט אַ נייע סכנה פאַר דער אויסבילדונג פון אַ יידישער סעקטע, פון אַ סעקטע פון חרדים. עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז אַלע יידישע רעפאָרם־באַוועגונגען און סעקטעס זענען לכתחילה אויסן געווען בלויז צו פאַרלייכטערן דעם עול פון יידישקייט. אינגאַנצן אמת איז דאָס נאָר בנוגע צו דער רעפאָרם פון דער לעצטער עפּאָכע. אויך חומרות קענען פירן צו סעקטאַנטיזם, אויב זייער כוונה צי זייער אָביעקטיווער רעזולטאַט איז אויפצוהאַלטן די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון יידישקייט, זי צו קאָנסערווירן, זי צו פאַרגליווערן. אַפילו די צדוקים, פונקט ווי פריער די שומרונים, זענען געווען מחמירים אין די עניני־דת, וועלכע זיי האָבן יאָ אָנדערקענט (כל מצוה שהחזיקו בה כותים הרבה מדקדקין בה יותר מישראל. — חולין ד, א׳ און פיל אַנדערע מאמרי התלמוד). און איז עס נישט מער ווי אַ צופאַל, וואָס די שומרונים האָבן זיך געריפמט דערמיט, אַז זייער נאָמען נעמט זיך נישט פון דער פראָווינץ שומרון, וואו זיי האָבן געלעבט, נייערט קומט זיי דערפאַר, וואָס זיי זענען „שומרים" די היטערס פון אמתן געזעץ פון דער תורה אין איר עכטער פרימיטיווער געשטאַלט? און וואָס איז שייך די קאַראַאימער, זע־

נען זייערע חומרות ממש נישט געווען אַריבערצוטראָגן. זייערע ערשטע חכמים האָבן גאָר אָפט געפסקנט דעם דין אינעם גייסט פון בית שמאי, די מחמירים (12). הן קולות און הן חומרות קענען פירן צום זעלבן רעזול־טאַט — צו אָפּזונדערונג פונעם פאָלק, צו פרישות מן הציבור, און אַז מען קען זיין אַ פורש מדרכי הציבור, אַפילו אויב מען איז פרום, וועגן דעם האָבן מיר שוין גערעדט אויף אַן אַנדער אָרט (זע משנה תורה, הלכות תשובה, פרק שלישי, י״א). בפרט אָבער ריזיקירט מען זיך אָפּצוטיילן פון דער „עדת ישראל״, לויט דעם רמב״מס פאָרמולע, מיט צופיל פרומקייט. שטרענגקייטן קענען אויסגראָבן אַ תהום צווישן אַ מיעוט און דעם פאָלק אַמאָל נישט ערגער ווי הפקרות. ווער עס איז נישט דורכגעדרונגען מיטן וואונדערבאַרן חסידישן שפּרוך „בעסער זיין מיט כלל־ישראל אין גיהנום, איידער איינער אַליין אין גן־עדן״, דער באַגרייפט נישט, צו וואָס אהבת־ישראל איז מחייב אַ יידן, באַזונדערס אַ פרומען יידן. וואָרעם גערעדענקען דאַרף מען גוט, אַז אַן אָפּגעריסענער אבר, און מעג ער פאַר זיך אַליין זיין ווי געזונט און שטאַרק, קען נישט לעבן אָן דעם גאַנצן פאָלקס־אָרגאַניזם, און נישט יעדע סעקטע ביי יידן קען פּרעטענדירן צו זיין די שארית־ישראל. ווער עס זאָגט זיך אָפּ פונעם כלל־גדול פון יידישער גאַנצקייט, ווער עס שפּאַלט יידישע איינקייט און ברעכט יידישע דיסציפּלין, מעג ער עס טון מיט די בעסטע און הייליקסטע כוונות, דער איז געגליכן צו די קאַראַאימער, וואָס, זיך אָפּזאָגנדיק פונעם אחרי רבים להטות, האָבן זיי אויך געפונען אַ סמך אין דער תורה, דהיינו, אין דעם פסוק לא תהיה אחרי רבים לרעות (שמות כ״ג: ב׳). די צרה איז אָבער, אַז וואָס איז רע און וואָס איז טוב, באַשטימט מען טאַקע אַליין, קיינעם נישט פרעגנדיק.

איך מיין חלילה נישט אימיצן צו זאָגן, צו גיין אַליין, אין דער אייגענער הנהגה, נאָך דער מערהייט, אויב די מערהייט איז אַ זינדיקע, הגם לאַנג קען אַזאַ צושטאַנד פון זינד ביים רוב פון פאָלק נישט געדויערן, ווייל דאָס וואָלט געמיינט דעם סוף פון אונדזער קיום. וואָס איך וויל אָבער יאָ זאָגן זענען צוויי זאַכן : ראשית, אַז דער תכלית פון דעם פרומען און דעם רעכטפאַרטיקן קען נישט זיין אַליין צו בלייבן ריין און כשר, אַ „צדיק אין פעלץ״, נייערט אויך צוווירקן אויף אַלע יידן, אויף אַ מעגלעך גרעסערע צאָל יידן. און די דאָזיקע ווירקונג קען געשען נאָר אויףביידע אופנים גלייכצייטיק : דורכן אייגענעם משל, אָבער אויך דורך צוזאַמענלעבן, צוזאַ־מענזיצן מיטן כלל־ישראל. והשנית, — אַז מען דאַרף האָבן מער איינזען מיט יידן און מער בטחון אין זיי, ווי דאָס האָט געהאַט ר׳ לוי יצחק בער־

דיטשעווער בעת ער האָט געקוקט אויפן בעל־עגלה, וואָס האָט געשמירט די רעדער און געדאַווענט אין דער אייגענער צייט. אַ יידישע נשמה איז נישט אָפּצושאַצן, זאָגט אַ טייערער יידישער שפּרוך. און אַריינלייגן אין חרם אַ כלל יידן האָט ביי אונדז קיינער נישט, נישט דאָס רעכט און נישט די קאָמפּעטענץ.

גלויב איך, אַז די סכנה פון סעקטאַנטיזם איז נישט גרויס פונעם דאָזיקן צד. אָבער וואָרענען קעגן אָט דער געפאַר, וואָס באַווייזט זיך אין געוויסע קלאָרע, אָדער על־פּי רוב בשוגגדיקע, טענדענצן, איז נישט איבעריק. צו גרויס איז די געפאַר פון סעקטעס פאַר אונדז. יידישקייט איז זיי נישט סובל, און קען זיי נישט סובל זיין, פונקט ווי אַ געזונטער קערפּער פאַרטראָגט נישט קיין סם־המות.

---

רעפערענצן:

(1) J. Goldzieher. Le Dogme et la Loi de l'Islam. Paris 1920, pp. 158, 166.

(2) R. Travers Harford. Les Pharisiens. Paris 1928, pp. 73-4.

(3) Louis Finkelstein. The Pharisees. Jewish Publication. Society of America. Vol. I, pp. 147-8.

(4) Josephus Flavius. Antiquithies, XVIII, I. 4.

(5) זע הצדוקים והפרושים מאת שניאור זלמן צייטלין. ניו־יאָרק תרצ"ו, ע"ע 4-7.

(6) וואָס פאַר אַן עיקרדיקן ווערט, אַ סך אַ גרעסערן, ווי חלוקי דעות אין אמונה־ענינים, עס האָט געהאַט ביי די פאַרטרעטערס פון דער רבנות־יידישקייט דאָס אָפּטרעטן פון די קראים פון יידישע יום־טובים, קען מען אַרויסזען פון דעם, וואָס עס דערציילט קרקסאַני, איינער פון די גרעסטע קראישע חכמים. ער האָט געפרעגט ביי יעקב בן אפרים, משמעות אַ תלמיד פון רס"ג, פאַרוואָס די רבנים האָבן פאַרווערט זיך מתחתן צו זיין מיט קראים און דערלאָזן דאָס יאָ בנוגע צו די עיסינים, די נאָכפאָלגערס פון אַבו עיסי, הגם זיי גלויבן, אַז ישו און מחמד זענען אויך געווען נביאים. האָט אים יענער געענטפערט, אַז דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די עיסינים טיילן זיך נישט אָפּ פון כלל יידן

מיט אַ באַזונדערן לוח, בעת די קראים טוען דאָס יאָ. זע: שמואל אברהם פּאָז־נאַנסקי. מיסדי כתות בישראל בתקופת הגאונים. רשומות כרך א. מהדורה שניה, תל־אביב תרפ״ה, ע״ע 211-12.

(7) Simon Dubnow. Band VIII, S. 349.

(8) ראובן פאהן. משכילי ישראל וחכמי מקרא. התקופה, ספר י״ג, תרפ״ב, ע׳ 248.

(9) „ „ „ „ „ „ „ „ , ספר י״ב, תרפ״ב, ע״ע 197, 205-6 און ספר י״ג, ע״ע 250-52, 262, 270.

(10) תולדות ההלכה, חלק ראשון, ע׳ 108.

(11) Claude G. Montefiore. Outlines of Liberal Judaism. London 1923, pp. 292, 307.

(12) חיים טשרנוביץ. תולדות הפוסקים, חלק ראשון. ניו־יורק תש״ו, ע׳ 22.

# טעאָקראַטיע, קלעריקאַליזם און דעמאָקראַטיע

א. אַריינפיר

מיר האָבן אַ כלל־גדול, אַז קיינער פון די פּרואוון, און זיי זענען נישט איינמאָל געמאַכט געוואָרן, צו צעטרייסלען די יסודות פון יידישקייט, צו ענדערן דעם געשיכטלעכן לעבנס־גאַנג פון אונדזער פאָלק מיטן כוח פון אידעען און סיסטעמען, וואָס קומען פון דער פרעמד, איז קיינמאָל נישט געלונגען. און אויב יידן האָבן, אין דער צי אין יענער עפּאָכע, זיך אָנגענומען מיט פרעמדע גייסטיקע עלעמענטן אין אַ מאָס, וואָס דער יידישער מאָגן האָט נישט געקענט פאַרדייען, האָט דער געזונטער יידישער אָרגאַניזם פריער־שפּעטער גובר געווען די אינפעקציע און ווידער געקומען צו זיך. נאָר די ענדערונגען אין יידישן שטייגער און אין יידישן דענקען וואָס זענען געקומען פון אינעווייניק מיט כוח און אין נאָמען פון דער נאַטירלעכער עוואָלוציע, זענען געוואָרן אַ דבר של קימא און האָבן געהאַט לאַנגע יאָרן.

די אַטאַקעס אויף יידישקייט מצד יידן, וואָס ווילן איבערדרייען דאָס ראָד פון דער יידישער געשיכטע, האָבן זיך די לעצטע יאָרן אַזוי געמערט און געוואָרן אַזוי עקשנותדיק, משמעות, ווייל מיר גייען דורך איינעם פון די גרויסע קריזיסן פון אונדזער גייסטיקן לעבן, וואָס אין דער פאַרגאַנגענהייט זע איך נאָר צוויי גלייכע משלים צו אים: די העלעניסטישע אין אַלטערטום און די מענדעלסאָניסטישע אויפן שוועל פון דער מאָדערנער צייט. להיפוך צו דער לעצטער, באַגרענעצט מיט קליינע יידישע ישובים אין מערב־אייראָפּע, מאַכט דורך דעם היינטיקן קריזיס אַ גרויסער יידישער מאַסן־ישוב, דער אַמעריקאַנער יידישער קיבוץ. דאָס פאַרגרעסערט די סכנה, דאָס גיט אָבער אויך האָפענונג, אַז די לעבנס־כוחות, וואָס אַרבעטן שטיל אין די טיפעניש פון דער יידישער מאַסע, וועלן סוף־כל־סוף זיך שטאַרקן, אַרויפשווימען אויפן אויבערפלאַך, אפשר גראָד דעמאָלט, ווען די געפאַר וועט ווערן גאָר שאַרף און אָנזעעוודיק, און אַז אויך דאָס מאָל וועט דאָס יידישע פאָלק ביישטיין דעם נסיון.

ווי אַלעמאָל, גיט אויך דער איצטיקער קריזיס צו וויסן וועגן זיך אויף צוויי אופנים: די אינוואַזיע פון פרעמדע שטייגערס אין דער יידישער

טאָג־טעגלעכקייט און דאָס אַריינדרינגען פון פרעמדע אידעען, וואָס דאַרפן דעם פרעמדן לעבנס־אופן כשרן און אים געבן אַ פנים פון אידעאיש־קייט און פון עפעס אייגנס, בעת אין אמתן איז דער דאָזיקער פראָצעס מאָטיווירט דורך עגאָאיסטישער פראַקטישקייט און דורך אימיטאַציע פון פרעמדע מוסטערן. וויל איך היינטיקס מאָל באַטראַכטן איינע פון די דאָזיקע שטרעמונגען און איינעם פון אירע גרונט־געדאַנקען, וואָס זי ברענגט אַרויס, אויף צו באַווייזן די בויטיקייט פון אַ ראַדיקאַלער רעקאָנ־סטרוקציע פון די יידישקייט־יסודות. איך מיין דאָ די רעוויזיע פון דער פונדאַמענטאַלער יידישער אידעע פונעם יידישן געזעץ אַלס אַ גאָטס־געזעץ, אָדער ווי די דאָזיקע רעוויזיאָניסטן רופן דאָס מיט אַ פרעמדן נאָמען, פון דער יידישער טעאָקראַטיע. און געמאַכט ווערט די דאָזיקע פראָנטאַלע אַטאַקע אין נאָמען פון אַ כלומרשטן קעגנזאַצלעכן פרינציפ, אין נאָמען פון דעמאָקראַטיע. מוזן מיר קודם־כל זען, צי איז טאַקע אמת, אַז אָט די צוויי פרינציפן קענען נישט הויזן צווישן זיך.

ב. צי איז פאַראַן אַ פונדאַמענטאַלע סתירה צווישן טעאָקראַטיע און דעמאָקראַטיע ?

דער איינציק־ריכטיקער מעטאָד אויסצוגעפינען אַ תשובה אויף דער דאָזיקער שאלה וואָלט געווען, ווי דאָס וואָלט געדאַרפט זיין קלאָר פאַר איטלעכן בר־דעת, זיך צו שאַפן קודם־כל אַ ריכטיק בילד, ווי אַזוי די אידעע פון טעאָקראַטיע האָט ביי יידן געווירקט, און זען, צי האָט זי געשטערט, אַז די דעמאָקראַטיע זאָל ביי אונדז שלאָגן וואָרצלען. אָבער אַזאַ מעטאָד, אָן אינעווייניקסטער, אַ יידישער, פאַלט משמעות, גאָר נישט איין אונדזערע רעוויזיאָניסטן. צוזאַמען מיטן אינהאַלט, מיט דער אָפּאָזיציע קעגן טעאָקראַטיע פון געוויסע קליינע קריסטלעכע אַוואַנגאַרד־סעקטעס, נעמען זיי אויך איבער זייערע מאָטיוון, זייער פאַרגלייך־מאַטע־ריאַל. היות די קריסטן האָבן פאַר זיך אַ באַשטימטן מאָדעל פון טעאָקראַ־טיע — די קאַטוילישע קירכלעכע אָרגאַניזאַציע — ווענדן די יידישע קריטיקער דעם דאָזיקן מאָדעל מעכאַניש אָן צו יידישקייט. ווייסן זיי, אַז דאָס יידישע געזעץ, די תורה מן השמים, איז אַ טעאָקראַטישעס, במילא קומט ביי זיי אויס, אַז עס איז דער אייגענער פרינציפ ווי דער, וואָס קעגן אים קעמפן די פראָגרעסיווע קריסטלעכע שיטות.

דאָס אייגענע, ווי מיט דעם טעזיס טעאָקראַטיע, אַריבערגענומען פון

חנער פרעמד, באַגייען זיי זיך מיט דעם אַנטי־טעזיס — דעמאָקראַטיע. זייער מוסטער איז — דער אַמעריקאַנער מלוכה־סדר. און אַז מען האָט פאַר זיך ,פון איין זייט, איין טיפ טעאָקראַטיע — די קאַטוילישע קירך, די איינציקע אומבאַגרענעצטע אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע, וואָס איז איבער־געבליבן אין אייראָפּע, געבויט אויף גאָטס וואָרט, אָנגעזאָגט דורך דעם קריסטלעכן משיח, און אויף דער אַבסאָלוטער אויטאָריטעט פון זיין שטעל־פאַרטרעטער אויף דער ערד, דעם הייליקן פאָטער, און פון דער אַנדער זייט — איין טיפ דעמאָקראַטיע — דעם אַמעריקאַנישן פּאָליטישן רעזשים, געבויט אויף דער פיקציע פון פאָלקס־ווילן, ווי דעם איינציקן קוואַל פון אויטאָריטעט און געזעץ, — שפּרינגט די קעגנזאַצלעכקייט פון אָם די צוויי טיפּן ממש אין די אויגן. בלייבט נאָך צו באַווייזן צוויי, באמת גאָר „קנאַפּ־וויכטיקע", פּונקטן: ראשית, אַז די טעאָקראַטישע אידעע, ווי זי איז פאַרווירקלעכט געוועזן אין דער יידישער געשיכטע, פריער — אין דער יידישער מלוכה, און שפּעטער, אין גלות, — אין דער יידישער קהלשער אָרגאַניזאַציע, איז טאַקע ווי איין טראָפּן וואַסער צום אַנדערן, גלייך צו דער קאַטוילישער, אָדער אַפילו צו דער פּראָטעסטאַנטישער קירכלעכער אָרגאַניזאַציע. והשנית, אַז די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע איז די איינציקע פאָרם פון דעמאָקראַטישער פאָלקס־רעגירונג, לכל הפּחות — דער אידעאַלער מאָדעל. אַוועקשטעלן דעם ערשטן טייל פון פּראָבלעם, ווי דאָס איז געטון געוואָרן, איז פאַרבונדן מיט אַ קאָנקרעטן אַנאַליז פון יידישן געשיכטלעכן און מאָדערנעם לעבן. אָבער אַזאַ אַנאַ־ליז איז היפּשלעך שווערער, ווי אַרויסצוטראָגן אַ פּסק אויפן סמך פון אַ פאַרטיקער ווערבאַלער אַנאַלאָגיע. די לעצטע איז הן פּשוטער, הן רגי־לותדיקער. מען איז דאָך אין געוויסע יידישע קרייזן שוין פון לאַנגע יאָרן צוגעוואוינט צו דעם מעטאָד פון פרעמדע אַנאַלאָגיעס. שטעלן ווי־דער אונטער אַ פרעג־צייכן דעם אַמעריקאַנער רעזשים, איז ממש גע־פערלעך. דאָס שמעקט שוין מיט בפירושער אַפּיקורסות אינעם אַמע־ריקאַנישן אָפּגאָט. יידישע אַפּיקורסות איז סוף־כל־סוף אַז „אומשולדיקע" אַוואַנטורע. איז דאָך די יידישע וועלט הפקר, און ווער קען אייך עפּעס זאָגן, און טון — אַ פּשיטא שוין נישט. זעט איר, לייקענען אין דער אוי־טאָריטעט פון די „פאָטערס־גרינדערס" פון דער גרויסער נאָרד־אַמע־ריקאַנער רעפּובליק, פון איר קאָנסטיטוציע, איז שוין אַן ערנצטער ענין און כלל נישט אַזוי סכנהלאָז. מען קען אייך נאָך חושד זיין אין „נישט־אַמעריקאַנישקייט", אין מאַנגל פון פּאַטריאָטיזם, און מיט וואָס דאָס שמעקט פאַרן הערעטיק און „פאַרן כלל־ישראל", דאַרף מען אייך נישט

זאָגן. פֿאַראַן אַ וואָרט, וואָס אויף יידן, וואָס זענען „אַרויס פֿון געטאָ" וואַרפֿט אַן די זעלביקע אימה, און אפֿשר נאָך אַ גרעסערע, ווי אויף די אַמאָליקע יידן, וואָס האָבן אין געטאָ געלעבט, געליטן און געשאַפֿן. דאָס דאָזיקע וואָרט איז „רשעות". פֿאַר אָט דעם ספּעקטער האָט דער „עמאַנציפּירטער" ייד אַן אינסטינקטיווע מורא, וואָס דיקטירט, באַוואוסט צי אומבאַוואוסטזיניקייט, נישט בלויז זיין פֿירונג, נאָר אויך זיין דענקען.

מוז מען אונדזערע אַמעריקאַנער פֿריינד דערמאָנען אַ פּאָר אַלטע אלף־בית־אמתן. אפֿשר וועט דאָס זיי העלפֿן זיך צו באַפֿרייען פֿונעם כישוף פֿון דער היינטיקער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, און אפֿשר וועלן זיי איינזען, אַז די דאָזיקע דעמאָקראַטיע איז נאָר איין, און מסתמא אַ פֿאַרבייגייענדיקע, פֿאָרם פֿון מלוכה־לעבן. קען מען במילא נישט מעסטן אַזאַ וועלט־געשיכטלעכן פֿענאָמען, ווי די יידישקייט איז, וואָס איר דזיער גופֿא און איר השפּעה אויף דער וועלט באַרעכטיקן אָנצואווענדן אויף איר דעם באַגריף אייביקייט, מיט דער מאָס פֿון לאָקאַלע און עפּעמערע ווערטן. מען קען נישט פֿאַרלאַנגען פֿון יידישקייט, זי זאָל דווקא זיך צופּאַסן צו דער חכמה פֿון אַ צייטונג, וואָס — דורכגעלייענט, וואַרפֿט מען זי אַרויס, און צום ביוואָ פֿון אַ מיטינג־רעדע, וואָס — קוים אויסגעהערט, האָט מען זי שוין פֿאַרגעסן.

אָט האָט מען דאָ נישט לאַנג צוריק באַשטעלט ביי דריי יידישע ראַביס, פֿאַרטרעטער פֿון די דריי יידיש־אַמעריקאַנישע „דענאָמינײשנס", די אָרטאָדאָקסישע, קאָנסערוואַטיווע און רעפֿאָרמיסטישע, זיי זאָלן מאַכן אַ רעוויזיע פֿון די טעקסט־ביכער, וואָס ווערן באַנוצט אין יידישע רעליגיעזע צוגאָב־שולן, ווי ווייט זיי שטימען מיטן גייסט פֿון דער היינטיקער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע. האָבן זיי אויסגעפֿונען, אַז אַ רייע יידישע פּיוטים און סליחות, לעגענדעס און פֿאָלקס־מעשהלעך דאַרפֿן, אויב נישט אַרויסגעוואָרפֿן ווערן פֿון די שול־פּראָגראַמען, לכל־הפּחות אַזוי פֿאַרטייטשט ווערן, אַז זיי זאָלן זיך בעסער צופּאַסן צו די אַמעריקאַנער אומשטאַנדן און השגות. אפֿילו דער עלינו, איינע פֿון די עלטסטע יידישע תּפֿילות, האָט אויך נישט גאָר גלענצנדיק אויסגעהאַלטן דעם שטרענגען עקזאַמען. און עס איז געבליבן, אַז מען דאַרף פֿאַר די תּלמידים אונטערשטרייכן איר צווייטן, אוניווערסאַליסטישן טייל, דעם „לתקן עולם במלכות שדי", אויפֿן חשבון פֿון איר ערשטן טייל, דעם „נאַציאָנאַליסטישן", דאָרט וואו דער ייד דאַנקט און לויבט הקדוש ברוך הוא, וואָס ער האָט אים נישט „געמאַכט ווי די פֿעלקער פֿון דער ערד"(1). איז אָט דער „סטייטמענט" אונטערגעשריבן אויך פֿון אַן אָרטאָדאָקסישן רב, ווייל אויך

ער האָט מסכּים געווען, אַז איך דעם „היסטאָרישן קאָנטעקסט" פונעם אַטלאַנטיק־טשאַרטער וועט אונדזער גרויסער „סלחתי" נישט אויסגעטייטש ווערן, ווי אַ צייכן פון פּאָליטישער שוואַכקייט, נייערט פון מאָראַלישער קראַפט. גלויב איך אָבער, אַז די דאָזיקע דערקלערונג וועט נישט אינטערפּרעטירט ווערן נישט אין דעם ערשטן און נישט אין דעם צווייטן זינען. אָבער אַז פון איר שמעקט מיט אַ היפּשער פּאָרציע עבֿדות, דאָס, דוכט מיר, וועט פון קיינעם נישט פאַרהיילט בלייבן. און די איראָניע פון דער געשיכטע איז, אַז כמעט אין דער זעלבער צייט, צי אַ ביסל שפּעטער, האָט איינער פון די מחברים פונעם אַטלאַנטיק־טשאַרטער, ווינסטאָן טשערטשיל, דערקלערט אין די „קאָמאַנס", אַז ער דאַרף בשום אופן נישט פאַרשטאַנען ווערן, ווי אַ וועג־ווייזער פאַר דער ענגלישער פּאָליטיק, נייערט בלויז ווי אַ פּרינציפּ־דעקלאַראַציע. הייסט פאָלג מיר אַ גאַנג און פּאַס צו יידישקייט, יידישע לעגענדעס און יידישע תפילות צו אַזאַ מין קיקיון דיונה. האָסט דו זיך נאָר באַוויזן אַ קער צו טון, און די גאַנצע פּראַכט איז פאַרשוואונדן. הייסט פאַרשטייט איר שוין, אַז עס וואָלט איצט מער קיין זכר פון יידישקייט נישט פאַרבליבן, ווען אונדזערע עלטערן וואָלטן, אַנשטאָט זיך איינצובייסן מיט די ציין אין אירע פּערמאַנענטע ווערטן, אָן אַן הפסקה געהאַלטן אין איין בייטן זיי, אין צופּאַסן זיי צום „גייסט פון דער צייט", צום תמיד זיך בייטנדיקן גוסט פון די אַרומיקע פעלקער. עס וואָלט שוין אויך קיין מינדסטער שפּור נישט געבליבן פון דער יידישער פאָלקס־איינהייט, וואָרעם דער דאָזיקער „גייסט פון דער צייט" איז קיינמאָל נישט געווען און איז איצט אויך נישט, דער אייגענער אין אַלע לענדער, וואו דאָס מזל האָט יידן פאַרוואָרפן.

פאַראַן מאָדערנע מענטשן, און נישט פון די ערגסטע, וואָס זיי זענען גאָר שטאַרק מסופּק, צי איז גאָר אַמעריקע דער מוסטער פון דעמאָקראַטיע. זיי האַלטן, למשל, אַז רעאַלע סאָציאַלע גלייכקייט איז נישט קיין ווייניקער וויכטיקער עלעמענט פון דעמאָקראַטיע, ווי דאָס גלייכע רעכט ביי די וואַלן פון פּרעזידענט אָדער דעפּוטאַטן און סענאַטאָרן איין מאָל אין יאָרן. און אויב אין די פאַראייניקטע שטאַטן זענען פאַראַן מיליאָנען שוואַרץ־הויטיקע, וואָס ווערן בפועל באַהאַנדלט ווי פּאַריאַס, און קרוב צו פינף מיליאָן יידן, וואָס הגם מען באַגייט זיך מיט זיי בעסער ווי מיט די שוואַרצע, אָבער ווי גלייכווערטיקע וויל מען זיי דאָך נישט אָנערקענען, איז אָט דאָס לאַנד נאָך אַ מהלך ווייט פון דער אמתער דעמאָקראַטיע. זיי האָבן אויך די העזה צו מיינען, אַז פון דעם דרייפוס, „רעגירונג פון פאָלק, דורכן פאָלק און פאַרן פאָלק", הינקען אונטער יעדער

פון די דריי פּיסלעך, בפרט אָבער דאָס לעצטע. פֿאַראַן אַפילו אַזוינע, וואָס האַלטן, אַז, למשל, די סאָוויעטישע דעמאָקראַטיע שטייט נישט לערך העכער פֿון דעם פּרעזידענטישן אַמעריקאַנער רעזשים אָדער פֿון דעם פּאַרלאַמענטאַרישן, אייראָפּעאישן. עס וואָלט מיך צו ווייט פֿאַרפֿירט, ווען איך זאָל מיך דאָ אַריינלאָזן אין אַן אָפּשאַצונג פֿון די מעלות און חסרונות פֿון די רעספּעקטיווע רעזשימען. איך וויל נאָר זאָגן, אַז אַפילו, אויב מען האַלט דאָס סאָוויעטישע רעזשים פֿאַר אַ העכערע מדרגה, וואָלט מען זיך אויך געדאַרפט אַנטקעגנשטעלן קעגן יעדן פּרואוו צו אידענטיפֿיצירן יידישקייט מיט דאָזיקן רעזשים און זי צופּאַסן צו אים. די מאָס פֿון יידישקייט, ווי אַ פּערמאַנענטן לעבנס־ווערט, דאַרף מען תמיד און אומעטום זוכן אין איר גופא און נישט מחוץ איר.

און אַז מיר ווענדן אָן אַן אייגענעם קריטעריום צו דער אַמאָליקער און שפּעטערדיקער יידישער טעאָקראַטיע, וועלן מיר זען, אַז זי איז, לגבי דעם אינהאַלט, געווען קאָנסעקווענט־דעמאָקראַטיש, נאַטירלעך, לויט די השגות פֿון יענעם פּעריאָד. דוקא דער גלויבן, אַז די יידישע מלוכה איז גאָטס קיניגרייך, האָט נישט דערלאָזט, אַז זי זאָל זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ דעספּאָטיע, גלייך צו די איבעריקע אַנטיקע מדינות. די אידעע פֿון „גאָטס קיניגרייך" האָט זיך לכתחילה בכלל אַנטקעגנגעשטעלט קעגן דעם מאָנאַרכישן רעגירונגס־סדר. איז גאָט דער קיניג, איז די מלוכה אַ מלכות שמים, קען אַ מענטש אין איר קיין אַבסאָלוטע אויטאָריטעט נישט באַזיצן. אַז די „מענער פֿון ישראל" האָבן געבעטן גדעונען ער זאָל קיניגן איבער זיי, זאָגט ער זיך אָפּ: „נישט איך וועל געוועלטיקן איבער אייך, און נישט מיין זון וועט געוועלטיקן איבער אייך, גאָט וועט געוועלטיקן איבער אייך" (שופטים ח', כ"ג). צום ערשטן מאָל קומט דאָ צום קלאָרן אויסדרוק די יידישע טעאָקראַטיע, ווי אַ דעמאָקראַטישער פּרינציפּ, אין קעגנזאַץ צו דער מאָנאַרכישער אויטאָקראַטיע. ווען מיר וואָלטן, צוליב בילדלעכקייט און כדי צו דערנענטערן די דעמאָלטיקע געשעענישן צו אונדזערע מאָדערנע באַגריפֿן, געוואָלט כאַראַקטעריזירן דעם דאָזיקע ערשטן בונט קעגן דער מאָנאַרכישער אויטאָקראַטיע, וואָלטן מיר געמוזט זאָגן, אַז ער איז געקומען, נישט ווי היינט, אין נאָמען פֿון דעמאָקראַטיע, נאָר אדרבא מיטן כוח פֿון דער טעאָקראַטיע. מיר וואָלטן געדאַרפֿט זאָגן, אַז עס איז דעמאָלט פֿאָרגעקומען אַ געראַנגל צווישן דעמאָקראַטישער, לאָקאַלער אַליין־פֿאַרוואַלטונג, אויפֿן יסוד פֿון געטלעכן געזעץ, קעגן אַ צענטראַליזירטער מאָנאַרכישער זעלבסטהערשאַפֿט אין נאָמען פֿון וועלטלעכע אינטערעסן, דאָס הייסט אויף בייצוקומען די פֿיינטלעכע פֿעלקער. דעם

אייגענעם געראַנגל, אָבער אין אַ מער בולטער פאָרם, באַגעגנט איר, בעת די זקני ישראל, די עלטסטע פון פאָלק, זענען געקומען קיין רמה און געפאָדערט פון נביא שמואלן, ער זאָל אויף זיי אַרויפזעצן אַ מלך. „האָט גאָט געזאָגט צום נביא שמואלן: „הער צו צו דעם קול פון פאָלק אין אַלץ, וואָס זיי זאָגן צו דיר; וואָרעם נישט דיך האָבן זיי פאַראַכט, נאָר מיך האָבן זיי פאַראַכט פון צו קיניגן איבער זיי" (שמואל א', ח, ז'). און אַז דער נביא שמואל האָט זיי אויסגעמאָלט דאָס בילד פון אַ מאָנאַרכיע לויט דעם מוסטער פון די אַנדערע פעלקער פון יענער צייט, האָט ער זיי געוואָרנט, אַז זיי וועלן, פונקט ווי יענע, ווערן פאַרשקלאַפט ביים קיניג, וואָס וועט מאַכן פאַר קנעכט און דינסטן זייערע זין און טעכטער און וועט אַרויפלייגן שווערע שטייערן אויפן פאָלק. די וואָרענונג האָט אָבער נישט געהאָלפן, ווייל שוין דעמאָלט האָבן יידן, אַקוראַט ווי היינט צו טאָג, געוואָלט דווקא זיין „ככל הגויים" (דאָרט, י"א־כ"א).

אָבער אויך דעמאָלט, ווען די מלחמה מיט שונאים האָט געפאָדערט די צענטראַליזאַציע פון דער מאַכט און דערפירט צום נצחון פון דער מאָנאַרכיע, איז דער דאָזיקער נצחון נישט געווען קיין פולער און יידן זענען נאָך אַלץ נישט געוואָרן „גלייך צו אַלע פעלקער". איז דער קיניג איבער יידן, דער מלך מלכי המלכים, דער וואָס קיניגט איבער אַלע מלכים, קען במילא די מאַכט פונעם מאָנאַרך נישט זיין קיין אַבסאָלוטע, וואָרעם ער אַליין איז דאָך נישט מער ווי גאָטס אַ שליח און דאַרף אויספירן דעם ווילן פון דעם, וואָס האָט אים געשיקט, און נישט זיין אייגענעם. דעם קיניגס קדושה, אויף וויפיל ער האָט זי געהאַט, ליגט נישט אין אים אַליין, נייערט איז אַ דעלעגירטע פון גאָט(2).

ווי אַ קאָרעקטיוו צו דער מאָנאַרכיע און גאָר אָפט — ווי אַ קעגנגעוויכט, האָט זיך ביי יידן אַנטוויקלט אַן אינסטיטוציע, וואָס קיין פאָלק אין אַלטערטום האָט זי נישט געהאַט אין אַזאַ פאָרם און מיט אַזוי פיל אויטאָריטעט, — די נביאות. די נביאים האָבן נישט בלויז נישט געהאַט קיין מאַכט, נאָר בכלל נישט באַזיצט קיין שום סאָציאַלן סטאַטוס. על־פי רוב זענען זיי געווען מענטשן פון פּראָסטן פאָלק, פויערים און פאַסטוכער. פונדעסטוועגן איז זייער אויטאָריטעט, נאָר מחמת דעם, וואָס זיי זענען געווען די טרעגערס פון גאָטס וואָרט, געשטאַנען אַזוי הויך, אַז זיי האָבן זיך געקענט אַנטקעגנשטעלן קעגן די יידישע מלכים, בעת זיי האָבן זיך פאַר גאָט פאַרזינדיקט. ווי נאָר דער מלך איז אָפּגעטרעטן פון גאָטס וועגן און געפעלשט גאָטס געבאָטן, באַוויזט זיך דער נביא, דער שטראָפער, דער מוכיח. די אידעע פון טאָטאַלן שטאַט, וועלכע איז כלל נישט קיין מאָ־

דערנע דערפינדונג, ווי מען מיינט עס אָפט על־פּי טעות, וואָרעם זי האָט דאָך שוין באַהערשט די גאַנצע אַנטיקע וועלט, האָט ביי יידן, ווי ר׳ חיים טשערנאָוויץ האָט דאָס גלענצנדיק באַוויזן, נישט געקענט זיך אַנ־נעמען. נישט נאָר די מאָנאַרכיע האָט געמוזט גיין אויף הנחות אַנטקעגן דער טעאָקראַטיע, נייערט אויך די מלוכה־מאַכט בכלל האָט זיך געמוזט בויגן פאַר גאָטס הערשאַפט און זי האָט בכן נישט געקענט פּרעטענדירן אויף אַבסאָלוטן אויבער־רעכט איבערן יחיד. דער יחיד בלייבט ביי יידן דער צענטער און דער תכלית פון מלכות(3). און וואָס, אויב נישט גראָד דאָס, ליגט אין דעם סאַמע יסוד פון דעמאָקראַטיע?

איך האָף, אַז אונדזערע היינטיקע אָפּאָזיציאָנערן צו דער יידישער טעאָקראַטיע, הגם זיי ווילן נישט אָנדערקענען די אויטאָריטעט פון דער תורה מן השמים, וועלן זיי אָבער זיך בייגן פאַר דער קאָמפּעטענץ פון זייער ערשטן רבין — בענעדיקטוס שפּינאָזא. אים קען מען אוודאי נישט חושד זיין אין בלינדן פאַרטרויען צו יידישער טראַדיציע און אין באַזונדערער ליבשאַפט צו איר. ער האָט דאָך יידישקייט פאַרלאָזן. אָבער איין שבח, אַן אינטעלעקטועלן, מוז מען אויף אים זאָגן. ער האָט לכל־הפּחות זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן חשבון, וואָס ער פאַרלאָזט. און ווייל ער האָט אַזוי גרינטלעך פאַרשטאַנען דעם מיין פון יידישקייט, האָט ער, וואָס איז בכלל געווען אַ בפירושער קעגנער פון טעאָקראַטיע און פאַרטיידיקט די העכסטע אויטאָריטעט פון דער מלוכה איבער די בירגער און אַפילו איבער דער קירך, אָנגעווענדעט אַ גאָר אַנדערע מאָס, ווען ער איז צוגעגאַנגען צו דער אַמאָליקער יידישער טעאָקראַטיע. מיט אַ זעלטענער דורכדרינגלעכקייט האָט ער תופס געווען דעם סאַמע דופק פון דעם יידישן מלוכה־סדר, ווי אַן אויטענטיש־דעמאָקראַטישן, ווי אַן אויסדרוק פון גלייכקייט און פאָלקס־סואווערעניטעט. איז די מלוכה גאָטס קיניגרייך, קומט דערפון אַרויס, אַז אַלע בירגער זענען אין פּרינציפּ גלייך, ווי באַלד זיי זענען אַלע גאָטס קינדער. די גלייכע פאַרטיילונג פון לאַנד צווישן די יידישע איינוואוינער איז געווען דער וויכטיקסטער עלעמענט פון אָט דעם פּרינציפּ. און כדי צו רעכט צו מאַכן די פאַקטישע אונטערשידן אינעם לאַנד־באַזיץ, אַלס רעזולטאַט פון חובות, זענען געקומען די אינסטיטוציעס פון שמיטה און יובל. אַ ווייטערדיקער וויכטיקער מאָמענט, וואָס האָט אויפגעהאַלטן דעם פאָלקס־כאַראַקטער פון דער יידישער מלוכה, איז געווען, ווי שפּינאָזא האָט דאָס ריכטיק אָנגעוויזן, דאָס וואָס די לאַנד־פאַרטיידיקונג איז געווען באַזירט אויף דער פאָלקס־אַרמעע אין באַשטאַנד פון אַלע מענער פון צוואַנציק ביז זעכציק יאָר. פאַרוועריט איז געווען אַריינ-

צוגעמען פרעמדע אין רעגולערן יידישן חייל, וויבאַלד אַז זיין אויבער־באַפעלער איז געווען גאָט אַליין, ה׳ צבאות. הער גאָט פון די שאַרן. ווייסן מיר אָבער וואויל, אַז דעמאָלט, און אויך אַ סך שפּעטער, איז די פּראָפעסיאָנעלע אַרמעע, בפרט צוליב די פרעמדע געדונגענע סאָלדאַטן, געווען די פעסטונג פון דער אויטאָקראַטיע אין איר קאַמף קעגן פאָלק און זיינע רעכט. איך וויל נאָך הערצו מוסיף זיין, אַז דאָ האָט איר ווידער אַמאָל אַ פאָלקס־אינסטיטוציע, וואָס האָט נישט איר גלייכן אין אַלטערטום. אַטען און ספּאַרטאַק האָבן ערשט אַ סך שפּעטער איינגעפירט ביי זיך אַ פאָלקס־חייל, אָבער אויך דעמאָלט פלעגן די דאָזיקע שטאָט־רעפּובליקן אָנקומען גאָר אָפט צו געדונגענע פרעמדע סאָלדאַטן, בעת ביי יידן איז דער פאַל פון אַ שטענדיקן חייל צונויפגעשטעלט פון פרעמדע, פון גריכן פון קליינאַזיע, אין דער צייט פון יוחנן הורקנוס, פון דער חשמונאים־דינאַסטיע אַן אויסנאַם־פאַל.

עס לוינט זיך נאָך צו דערמאָנען, אַז די אייראָפּעאישע קריסטלעכע פעלקער זענען ערשט מיט טויזנטער יאָרן שפּעטער, אָנגעהויבן פונעם סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט, אַלס רעזולטאַט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ביסלעכווייז אַריבערגעגאַנגען צום סיסטעם פון פאָלקס־אַרמעען.

און צום סוף מוז מען נאָך אָנווייזן אויף אַ צווייטן פונדאַמענטאַלן עלעמענט פון דער דעמאָקראַטיע אין דער יידישער טעאָקראַטיע, וואָס שפּינאָזאַ האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן זיין חשיבות. דאָס איז די פאַרשפּרייטונג פון וויסן, פון דער קענטעניש פון געזעץ צווישן די מאַסן פון יידישן פאָלק. ער פאַררופט זיך אויף דברים, ל״א : י׳ וכו׳, וואו משה רבנו, הגם ער האָט איבערגעגעבן די תורה צו די כהנים, האָט ער זיי אָנגעזאָגט יעדעס שמיטה־יאָר זי פאָרצולייענען פאַרן גאַנצן פאָלק, פאַר די מענער און די ווייבער און די קינדער. אַזוי אַרום האָט יעדער מענטש געהאַט די מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן, צי פילן אויס גאָטס געזעץ זיינע אויבערשטע, די כהנים און די שופטים און די מלכים(4).

שפּינאָזאַ פאַררופט זיך נאָר אויף דער עלטסטער עפּאָכע פון דער יידישער געשיכטע. כדי ווייטער צו אַנטוויקלען זיין געדאַנק, וואָלט מען נאָך געדאַרפט אָנווייזן אויף דעם גוואַלטיקן פּראָגרעס, וואָס דאָס תורה־לערנען און די תורה־קענטעניש האָבן דורכגעמאַכט נאָכן גלות־בבל, אַ דאַנק עזרא הסופר און די אנשי כנסת־הגדולה. די קריאת התורה בציבור, ווי אויך דער תרגום פון דער תורה אויף דער פאָלקס־שפּראַך, דורכגעפירט פון עזרא וסיעתו, האָבן באמת געמאַכט פון דער תורה אַ פאָלקס־קנין. און פאַרגעסט מען נישט דערביי, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ

עפּאָכע, ווען פאָלקס־בילדונג איז בכלל נישט געווען בנמצא, איז עס ממש צו באַוואונדערן, ווי די יידישע טעאָקראַטיע פון צוויי מיט אַ האַלב טויזנט יאָר צוריק לערך, האָט פאַרווירקלעכט אין לעבן איינעם פון די גרונט־תנאים פון איטלעכער דעמאָקראַטיע — די פאַרשפּרייטונג פון וויסן צווישן פאָלק. ווייסן מיר דאָך, ווי לאַנג און ווי ביטער די דעמאָקראַטישע אידעע האָט געקעמפט דערפאַר, און דער דאָזיקער קאַמף איז נאָך איצט נישט פאַרענדיקט, אַז די נאַציאָנאַלע קולטור זאָל נישט בלייבן קיין קנין פון אַן אויסגעוויילטער מינדערהייט, נייערט, אַז דאָס פאָלק זאָל ווערן אַ שותף צו איר. ערשט מיט צוויי טויזנט יאָר שפּעטער, ווען גוטענבערג האָט פאַרפולקאָמט דעם דרוק, איז דאָס געדרוקטע וואָרט געוואָרן צו־טריטלעך אומעטום פאַרן פאָלק, און הגם טעכניש צוטריטלעך, איז דאָס בוך פונדעסטוועגן נישט דערגאַנגען צום פאָלק. דערמאָנט זיך, אַז אָב־ליגאַטאָרישע פאָלקס־בילדונג איז אַפילו אין ענגלאַנד אַלט בסך הכל פינף און זיבציק יאָר.

אין עזרא הסופרס צייטן, ווי געזאָגט, האָט זיך פאַרשפּרייט די איבערזעצונג פון דער תורה אויפן פאָלקס־דיאַלעקט. די קריסטלעכע פעלקער אָבער האָבן געדאַרפט וואַרטן אויך לערך צוויי טויזנט יאָר, ביז דער ספר־הספרים איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף זייערע פאָלקס־שפּראַכן. און אַז קיין אַנדערע ביכער האָט דאָס פאָלק בכלל אין די אויגן נישט געזען, איז געווען באַוואוסט. און נאָך עפּעס מוז אונ־טערגעשטראָכן ווערן — די תורה איז געווען וויסן אינעם אַלגעמיינעם זינען פון וואָרט פון יענער צייט, זי איז אָבער גלייכצייטיק געווען דאָס געזעץ, וואָס האָט רעגירט דאָס לעבן. דאָס לייענען און לערנען די תורה האָט אין פּרינציפּ געדאַרפט פאַרוואַנדלען דאָס גאַנצע פאָלק אין יודעי תורה, אָדער, לויט גויאישע און מאָדערנע באַגריפן — אין יוריסטן, בעת געזעץ־קענטעניש איז נישט בלויז געווען אין יענע צייטן, נאָר איז נאָך עד־היום ביי די קריסטלעכע פעלקער אַן ענין פאַר ספּעציאַליסטן. און צי קען מען זיך גאָר פאָרשטעלן, אַז דאָס געבאָט והגית בו יומם ולילה, וואָלט גאָר געקענט אָנגעזאָגט ווערן, און נאָך ווייניקער געקאָנט מקוים ווערן, ווען יידן וואָלטן געקוקט אויף דער תורה, ווי אויף אַ געוועגלעך מענטשלעך געזעץ, און נישט געגלויבט באמונה שלמה, אַז עס איז מן השמים געגעבן געוואָרן? מענטשלעכע געזעצן איז געגוג, אַז עס זאָלן זיי קענען די מאַכט־באַזיצער, די ריכטער און די אַדוואָקאַטן. גאָטס געזעץ אָבער איז איטלעך גאָטס קינד מחויב צו וויסן, צו וויסן און צו פאָלגן, פּונקט ווי קינדער דאַרפן וויסן און דערפילן דעם ווילן פון זייערע על־

טערן, וואָס האָבן זיי געבוירן. און קיין חידוש נישט, אַז דוקא עזרא הסופר, די אַנשי כנסת־הגדולה און שפּעטער די פּרושים, דאָס הייסט די אַלע, וואָס האָבן זיך גאַרנישט אויסגעמאָלט דאָס יידישע לעבן אינעם אייגענעם לאַנד אַנדערש ווי אַ מלכות שמים, ווי גאָטס קיניגרייך, אַז גראָד זיי זענען געווען די אמתע דעמאָקראַטן, וואָס האָבן געוואָלט, און צום גרויסן טייל אויך דערגרייכט, אַז דאָס פאָלק זאָל לערנען און קענען די תורה און נישט זיין אָפּהענגיק פון פאַרמיטלער, אין דער געשטאַלט פון די כהנים.

די פּרינציפּן פון סאָציאַלער און קולטורעלער דעמאָקראַטיע זענען נישט פאַרשוואונדן מיטן אונטערגאַנג פון דער יידישער מלוכהשער זעלבסטשטענדיקייט. שווער צו געפינען אינעם לעבן פון די פעלקער פּערמאַנענטע אידעען און אינסטיטוציעס. און איינע פון די זעלטענע איז די אַלגעמיינע יידישע פאָלקס־בילדונג, דאָס תורה־לערנען, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין דער גאַנצער יידישער גלות־געשיכטע, אומעטום און אַזוי לאַנג, ווי יידן האָבן נאָך געלעבט מיט זייער אייגענער ציוויליזאַציע.

האָבן מיר ביז איצט גערעדט דער עיקר וועגן אַזוינע עלעמענטן פון דעמאָקראַטיע, ווי סאָציאַלע גלייכקייט, די באַטייליקונג פון פאָלק אין נאַציאָנאַלער קולטור, דאָס הייסט גראָד אַזוינע עלעמענטן, וואָס זענען לאו דוקא פונעם שטאַנדפּונקט פון דער היינטיקער אַמעריקאַנער פאַרמעלער דעמאָקראַטיע. וועלן מיר איצט אַ קוק טון, ווי האַלט עס אין דער יידישער טעאָקראַטיע מיט אַן אַנדער באַשטאַנד־טייל פון דעמאָקראַטישן סדר, יענעם, וואָס איז דער אַלף און דער תיו פון דעמאָקראַטיע אין די ליבעראַל־קאַפּיטאַליסטישע לענדער. איך מיין — די פאָלקס־דעה אין דער פאַרוואַלטונג פון מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע ענינים.

ראַביי יודזשין קאָן, פון פּראָפעסאָר קאַפּלאַנס חדר, האָט אין אַ לאַנגען מאמר באַגרינדעט די נויטווענדיקייט פאַרן מאָדערנעם יידן אַריבערצוגיין „פון טעאָקראַטיע צו דעמאָקראַטיע”(5). און איינער פון זיינע שטאַרקסטע אַרגומענטן איז, וואָס טעאָקראַטיע, וויבאַלד זי בויט אויף אַ געטלעכן געזעץ, וואָס קען קיינמאָל נישט געענדערט ווערן (צו דעם פונקט וועלן מיר זיך נאָך אומקערן), קען זי במילא נישט צולאָזן דעם יסוד גופא פון דעמאָקראַטיע, אַז יעדע אויטאָריטעט דאַרף קומען פון פאָלק און פון אים אָנדערקענט ווערן. קומט לויט אים אויס, אַז יידישקייט האָט דעם הסכם פון פאָלק גאָר נישט באַדאַרפט צו האָבן. איז אפשר כדאי צו דערמאָנען, אַז דער סאַמע אָנהויב פון דער יידישער טעאָקראַטיע איז באַגרינדעט גע־

וואָרן נישט בלויז דורך גאָטס ווילן, נייערט אויך דורך אַ פֿאָלקס־הסכם, וואָרעם אַ בונד, כידוע, באַדאַרף האָבן צוויי שותפים(6), און יידישקייט האָט פֿאַר איר סאַמען אויסגאַנגס־פּונקט דעם ברית צווישן גאָט און פֿאָלק, אַ ברית, וואָס איז מערערע מאָל באַשטעטיקט און באַקרעפטיקט געוואָרן.

דער הסכם הקהל, ווי אַ נויטיקער קאָנסטיטוציאָנעלער מאָמענט, איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין דער תלמודישער עפּאָכע און אין שפּעטערדיקע גאונישע און רבנישע עפּאָכעס. דער נוסח „כדת משה וישראל”, וואָס איז געברויכט געוואָרן אין פייערלעכע אַקטן און פֿאַרשידענע ציווילע דאָקומענטן, איז, פֿון איין זייט, אַן אויסדרוק פֿונעם צוזאַמענהאַנג צווישן ישראל ואוריתא, אָבער פֿון דער אַנדערער זייט, — אויך אַ באַשטעטיקונג פֿונעם קאָנסטיטוציאָנעלן פּרינציפּ, אַז דאָס געזעץ נעמט זיין קראַפֿט גלייכצייטיק פֿון גאָטס ווילן און פֿון פֿאָלקס פרייוויליקער צושטימונג. די פֿאָרמולע פֿון דער שבועה „על דעת המקום ועל דעת הקהל” איז אַ בולטע אילוסטראַציע דערצו. און בעת די ערשטע פּוסקים און מפרשים האָבן דערקלערט, אַז די תקנות פֿון קהל האָבן דעם כוח פֿון אַ דין און אַז וואָס קהל איז מתקן איז געגליכן, ווי דער סנהדרין וואָלט דאָס געטון, איז דאָס געשען אין הסכם מיט דער גרונט־אידעע פֿון דער יידישער קאָנסטיטוציע, וואָס באַרוט אויפֿן בונד, געשלאָסן צווישן גאָט און ישראל. מיט דער אייגענער אידעע איז אויך דורכגעדרונגען געווען די שפּעטערדיקע רבנישע ליטעראַטור, וואָס איז פֿול מיט דער גלאָריפֿיצירונג פֿון די פֿאָלקס־מנהגים, וואָרעם ווי באַלד דאָס פֿאָלק גופא האָט זיי איינגעפֿירט און זיך געהאַלטן ביי זיי, איז דאָס געווען דער קלאָרסטער אויסדרוק פֿון זיין ווילן. אָט דעם געדאַנק האָט ר׳ יהודה הלוי פֿאָרמולירט מיט אַבסאָלוטער קלאָרקייט, בעת ער זאָגט, אַז די תורה באַדאַרף צוויי גרונט־באַדינגונגען: איינע, זי זאָל זיין אַ תורה מן השמים, און אַ צווייטע, זי זאָל אָנגענומען ווערן פֿון קהל מיטן פֿולן, געטרייען האַרצן (כוזרי, מאמר שלישי, כ״ג).

דער פֿאַקט, וואָס דער הסכם הקהל האָט ביי יידן נישט געטראָגן דעם כאַראַקטער פֿון דער מאָדערנער דעמאָקראַטישער פּראָצעדור, בפרט פֿון אַמעריקאַנישן שניט, נעמט, פֿאַרשטייט זיך, נישט אָפּ פֿון דעם יידישן מלוכה־סדר און פֿונעם שפּעטערדיקן קהל, נישט זייער דעמאָקראַטישן אינהאַלט און נישט אַפֿילו די דעמאָקראַטישע רעגירונגס־ און פֿאַרוואַלטונגס־פֿאָרם, צוגעפּאַסט צו די באַדערפֿענישן און השגות פֿון יענע צייטן. דער ברית צווישן גאָט און פֿאָלק איז געשלאָסן געוואָרן פֿון דער גאַנצער יידישער עדה אויפֿן וועג פֿון דירעקטער פֿאָלקס־דעמאָקראַטיע, דורך

פֿאַרזאַמלונגען פֿונעם גאַנצן פֿאָלק, און נישט אויפֿן היינטיקן רעפּרעזענטאַטיוון שטייגער, וואָס איז בכל־אופֿן אַ סך ווייניקער דעמאָקראַטיש. די דאָזיקע פּרימיטיווע פֿאָרם פֿון פֿאָלקס־רעגירונג האָט, פֿאַרשטייט זיך, געקענט אָנגעווענדעט ווערן בלויז בעת יידן זענען געווען אַ קליינע קאָנצענטרירטע עדה. דאָרט און דעמאָלט, ווען אַזאַ פֿאָרם פֿון פּלעביסציט האָט נישט געקענט פֿאַרווירקלעכט ווערן, זענען געשאַפֿן געוואָרן רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפֿטן. מיר ווייסן נישט גענוי זייער צוזאַמענשטעל און דעם אופֿן, ווי אַזוי זיי זענען געבילדעט געוואָרן. די מיינונגען וועגן אָט די ענינים קענען זיך באַזירן נאָר אויף מער אָדער ווייניקער וואָרשיינלעכע השערות. מען קען זיך משער זיין, אַז די וואַלן פֿון פֿאַרטרעטער זענען נישט פֿאָרגעקומען פּונקט לויט די היינטיקע פֿאָרמולעס. אָבער פֿאַר אונדזער ענין איז דאָס נישט אַזוי וויכטיק. וואָרעם פֿאַר אונדזער טעמע איז בלויז נויטווענדיק צו באַווייזן, אַז די יידישע טעאָקראַטיע האָט, אין קיין איין מאָמענט, נישט אויסגעשלאָסן די באַטייליקונג פֿון פֿאָלק און זיינע פֿאַרטרעטערס, אין וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם די לעצטע זאָלן נישט האָבן באַשטימט געוואָרן. די טעאָקראַטיע האָט נישט, ווי עס פֿרעטענדירן אירע איצטיקע אָפּאָזיציאָנערן, געמוזט לכתחילה אויסשליסן די פֿאָלקס־רעגירונג בכלל, אין וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם דאָס זאָל נישט זיין. און אויב מיר געפֿינען, אַז אין דער אָדער אין יענער עפּאָכע זענען די יידישע פֿאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען געבליבן געוואָרן נישט גענוג דעמאָקראַטיש אָדער אַפֿילו אַנטי־דעמאָקראַטיש, זענען דערין שולדיק געווען אַ רייע אינערלעכע און אויסערלעכע סיבות, וואָס האָבן מיטן כאַראַקטער גופֿא פֿונעם פֿאָלק, אַלס גאָטס פֿאָלק, און מיטן געטלעכן אָפּשטאַם פֿון דער תורה לחלוטין נישט געהאַט צו טאָן. פֿאַר דער גרינדונג פֿון דער יידישער מאָנאַרכיע און אַפֿילו אין דער גאַנצער צייט פֿון איר עקסיסטענץ, אמת אין אַ שוואַכערער מאָס, און אַ פּשיטא שוין נאָך איר אונטערגאַנג, האָבן אַלע מאָל עקסיסטירט ביי אונדז רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפֿטן. דאָס אַליין איז שוין אַ גענוגנדיקע ראיה, אַז געטלעך געזעץ מיינט בשום אופֿן נישט, אַז דאָס פֿאָלק פֿאַרלירט בכלל די דעה, אָדער אַז די גאַנצע דעה גייט איבער צו אַ קאַסטע פֿון גאָטס דינער. אַפֿילו אויב מען זאָל די סופֿרים באַטראַכטן ווי אַזאַ מין קאַסטע, וואָס עס וואָלט נישט ריכטיק געווען, ווי מיר וועלן נאָך דאָס זען, דאַרף מען אָבער נישט פֿאַרגעסן, ווי אייזיק הירש ווייס האָט דאָס שוין באַוויזן, אַז נישט אַי זייערע הענט האָט זיך געפֿונען די געזעץ־געבונג. זיי זענען געווען די „מבינים" אָדער עקספּערטן, ווי מיר וואָלטן דאָס היינט געזאָגט, איך ס'פּעצ

יידישן געזעץ. די געזעצגעבערישע קערפּערשאַפט גופא איז געווען די כנסת-הגדולה(7). און הגם די סופרים, ווייל זיי זענען געווען די וואויל־געלערנטע, האָבן געהאַט אויטאָריטעט אין דער „גרויסער פאַרזאַמלונג" און אין איר געגעבן דעם טאָן, איז זי אָבער, ווי אַן אינסטיטוציע, געווען אַ המשך פונעם רעזשים פון די „זקנים" און „ראשי האבות", וועלכע האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ פאַרטרעטערשאַפט פון די לאָקאַלע עדות(8). ווייסן מיר נישט אַקוראַט, ווי אַזוי פלעגט צונויפגעשטעלט ווערן דער סנהדרין אין די צייטן פון סוף בית־שני, בכל־אופן איז ער אָבער נישט באַשטאַנען בלויז פון „גייסטלעכע". די כהנים האָבן אַפילו געהאַט אַן אייגענעם בית־דין, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט ספּעציפישע „עקלעזיאַסטישע" ענינים (9). אינעם סנהדרין זענען געזעסן יידן „בעלי־בתים", פאַרשטייט זיך, וואויל־געלערנטע. אין די בתי־הדין, וואָס האָבן פונקציאָנירט אין די קלענערע שטעט, זענען געזעסן פרנסים און טובי העיר, דאָס הייסט פאַרשטייער פון דער באַפעלקערונג(10).

די קאָנסטרוקציע און די קאָנסטיטוציע פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין גלות זענען גאָר קנאַפּ אויסגעפאָרשט געוואָרן, און מען מוז זיך סומך זיין אויף אַ צופעליקער דאָקומענטאַציע, אויף פראַגמענטן און השערות. איז דער ריש גלותא אין בבל, אָדער דער „נגיד" אין מצרים געווען אַ זעלבסטהערשער, אָדער ווי מען דאַרף רעכענען, אַז פּאַראַלעל מיט אים און ביי אים האָבן אויך געהאַט אַ דעה די טובי העיר און די פרנסים (און וואָס פאַר אַ דעה), איז שווער פעסטצושטעלן מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט. מיר ווייסן אָבער יאָ, אַז אויף די ערטער האָט אומעטום פונקציאָנירט אַ געקליבענער ועד פון דער קהלה, וואָס מיט אים האָט דער דיין, באַשטימט פון ראש הגולה אָדער פון גאון, געמוזט טיילן די אָנפירונג פון די קהלשע ענינים (11). אָבער אויך די פונקציע פון דעם ראש אין צענטער איז נישט געווען קיין טעאָקראַטישע און געטראָגן בעיקר אַ וועלטלעכן כאַראַקטער. אמת, זיין מאַכט איז נישט געווען אומבאַגרענעצט און ער האָט זי געמוזט טיילן מיטן גאון און ראש ישיבה, ווי דאָס באַווייזט, צווישן אַנדערע, דער באַרימטער קאָנפליקט צווישן דעם נשיא פון באַגדאַד דוד בן־זכאי און ר' סעדיה גאון. גראָד אין דעם דאָזיקן קאָנפליקט, ווי אין אַ סך שפּעטערדיקע, צווישן גבירים־פרנסים און רבנים, האָט דער „טעאָקראַט" פאַרטיידיקט די זאַך פון גערעכטקייט אַנטקעגן דער וועלטלעכער מאַכט פונעם נשיא. קיין חידוש, אַז ביים פאָלק זענען דוקא די „טעאָקראַטן", די גאונים, געווען אַ סך מער באַליבט ווי די וועלטלעכע ראשי הגולה, וואָס נישט תמיד זענען זיי

געקומען צו דער מאַכט מיט כשרע מיטלען און נישט אַלעמאָל באַצירט דעם כסא הנשיאות. טאַקע מחמת דעם, איז די אמתע אָנפירונג פון קהל איינגעשטאַנען נישט אין באַגדאַד, נאָר אין סורא און פומבדיתא(12). מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר שפּעטער, ווייזט אויס לויט די תשובות פון דעם רמב״ם, אַז אין זיינע צייטן האָבן אין דער אָנפירונג פון די קהלות אין מצרים צוזאַמען מיט די זקני הקהל, אָנטייל גענומען די חכמים(13). דאָס מיינט קלאָר, אַז בכל-אופן זענען די קהלות־פאַרוואַלטונגען נישט געווען צוגעפּאַסט בלויז פון רבנים.

סאלא וו. באראן איז נוטה צו דער מיינונג, אַז אין דעם איראָפּעאישן פעריאָד פון דער יידישער געשיכטע איז די קהלה־פאַרוואַלטונג בדרך כלל געווען נישט דעמאָקראַטיש(14). ווייס איך נישט, צי קען מען אויפן סמך פונעם קנאַפּן מאַטעריאַל, וואָס איז איבערגעבליבן, אַרויסטראָגן אַזאַ אַלגעמיינעם פסק (14 a) אָבער אויב דעמאָקראַטיע האָט אין יידישע קהלות אונטערגעהונקען, איז דאָס געשען, ווי סאלא וו. באראן אַליין ווייזט דאָס אָן, מחמת דעם, וואָס ייִדן זענען אָפט נאָכגעגאַנגען נאָכן אַלגעמיינעם איראָפּעאישן מאָדעל. ווי מאיר באַלאַבאַן האָט ריכטיק באַמערקט, קען מען בלויז דערמיט דערקלערן דאָס אויפקומען פון אַן אָליגאַרכיע אין אַזאַ בטבע דעמאָקראַטישער סביבה ווי די יידישע(15). בכל־אופן האָט דאָ גאָרנישט וואָס צו זאָגן דער טעאָ־קראַטישער כאַראַקטער פון דער יידישער געמיינשאַפט. והראיה, דוקא די וואויל-געלערנטע און די רבנים זענען געווען יענע, וואָס האָבן על־פּי רוב פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון דער מאַסע קעגן דער פּלוטאָקראַטיע און דער קהלשער אָליגאַרכיע. גענוג צו פאַר־צייכענען דעם פאַקט, אַז דער יידישער המון האָט אָפט זיך געבונטעוועט קעגן דער דאָזיקער אָליגאַרכיע און פון צייט צו צייט, ווי למשל אין פראַנקפורט אין 17טן יאָרהונדערט, דערגרייכט טיילווייזע נצחונות. ביי גויים האָט יעדער ערנצטער אויפשטאַנד קעגן דער קירכלעכער היעראַר־כיע תמיד געפירט צו אַ שפּאַלטונג פון דער קירך גופא. ביי אונדז אָבער איז דאָס געווען אַ נאָרמאַלער אויסדרוק פון פּראָטעסט און נישט אַרי־בערגעוואָרפן די פּראָטעסטאַנטן מחוץ למחנה. משמעות דערפאַר, ווייל אין פאָלקסבאַוואוסטזיין איז די ממשלה פון די תקיפים געווען נישט אין הסכם, נאָר להיפוך צום גייסט פון די קהלות קדושות, פון דער געהיי־ליקטער יידישער עדה. פונקט אַזוי האָט די טעאָקראַטישע אידעע נישט געשטערט, אַז די אָנפירונג פון קהל זאָל זיך געפינען אין די הענט פון בעלי־בתים, בשותפות מיט רבנים, אָבער קיינמאָל זענען די לעצטע

נישט געווען די מושלים בכפה. אין 12טן און 13טן יאָרהונדערט באַ־טייליקן זיך אין די קהלות־צוזאַמענפאָרן אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד הן רבנים, הן וועלטלעכע מענטשן און זיי אַרבעטן צוזאַמען אויס תקנות פאַר יידישער פירונג. קלייבט זיך אין מעטץ אין 1595 צונויף די קאָנסטיטואירנדיקע קהלה־פאַרזאַמלונג, וויילט זי אויס אַ קהלה־ועד, וואָס באַשטייט פון רבנים און בעלי־בתים. דאָס אייגענע זעען מיר אין רוים און אין אַמסטערדאַם (דער באַרימטער „מעמד״)(16). דער ועד אַרבע ארצות איז באַשטאַנען פון פּרנסים און רבנים. דער „מאַרשאַלעק״ איז קיינמאָל נישט געווען קיין רב, נייערט אַ בעל־הבית. אפילו דאָקטוירים האָבן אַ פּאָר מאָל פאַרנומען דעם דאָזיקן פּאָסטן. מיט סאָציאַלע ענינים, מיט שטייערן און עקאָנאָמישע פראַגן, מיט די וואַל־תקנות צו די קהלות וכדומה האָט זיך פאַרנומען דער ועד. דער בית־דין פון רבנים האָט גע־האַט צו טון בלויז מיט ריין־ריטועלע ענינים.

פאַר אונדזער טעמע זענען די יידישע בית־דינס אפשר באַר אַ מער כאַראַקטעריסטישע אינסטיטוציע, ווי די קהלות. האָט זיך געקענט דוכטן, אַז דער בית־דין האָט אודאי געמוזט זיין אַ פעסטונג פון רבנות. לאָזט זיך אָבער אויס, אַז אויך דאָרט איז דער אָנטייל פון בעלי־בתים („פּראָ־פאַנען״) געווען אַ גאַר באַדייטנדיקער. אין בבל פלעגן די דיינים באַשליסן בלויז וועגן רעליגיעזע ענינים. ביי דין־תורהס אָבער פלעגן זיך באַטייליקן ווי בייזיצער חשובע קהלה־מיטגלידער(17) און אָפטמאָל, ווי למשל אין שפּאַניע, זענען זיי גאָר געווען אין דער מערצאָל. און אַז מען האָט זיך אויף דעם געקלאָגט פאַרן רשב״א, האָט ער געגעבן אַ תשובה, וואָס קען גאָר פאַרוואונדערן, ווען ער קומט פון אַזאַ אויטאָריטעט פאַר־טרעטער פון דער יידישער גאָטספאָרכטיקייט. זיין עצה איז געווען, אַז די וואַלן פון דיינים פון צווישן די בעלי הבתים זאָלן פאָרקומען בלויז מיטן הסכם פון קהל, און אַבי די אויסגעוויילטע זענען ערלעכע מענטשן מיט איינזען, יראי שמים און נישט קיין אונטערגעקויפטע, איז במילא אַלץ אין אָרדענונג, הגם זיי זענען נישט קיין לומדים. דאָס אייגענע זעען מיר אין שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער אין פוילן, וואו די ענינים פון ציוויל־ און שטראָף־רעכט זענען געלעגן אין די הענט פון די ראשי־הקהל און פּרנסים(18).

איך גלויב, אַז דאָס בילד פון דער יידישער מלוכה־פירונג און גע־זעלשאַפטלעכן סדר, וואָס איז אויבן געגעבן געוואָרן, אָן שום פּרע־טענזיעס, צו זיין פול און אויסצושעפּן די לאַנגע געשיכטלעכע אַנט־וויקלונג, איז בכל־אופן גענוג אויף איינצוזען, אַז דער כלומרשטער פריג־

ציפּיעלער קעגנזאַץ צווישן דער יידישער אידעע פון טעאָקראַטיע און דעמאָקראַטישערווירקלעכקייט, איז נישט מער ווי אַ טעאָרעטיש־צוגעטראַכטער, דערצו נאָך קאָנסטרואירט מיט פרעמדן מאַטעריאַל. וואָס פאַר אַ ווערט אָבער האָט אָט די שפּינוועבס־געבוידע אַנטקעגן די פאַקטן פון דער יידישער געשיכטלעכער ווירקלעכקייט ?

## ג. טעאָקראַטיע און קלעריקאַליזם

היות ווי די קעגנער פון דעם יסודותדיקן געדאַנק, אַז יידן זענען אַ גאָטס פאָלק, האָבן תמיד פאַר זייערע אויגן דאָס בילד פון דער קריסטלעכער טעאָקראַטיע און משפּטן לויט איר, זעען זיי גאָרנישט ווי אין אונדזער יידישן לעבנס־שטייגער, דעם אַמאָליקן און דעם הייַנטיקן, האָט נישט באַקומען קיין אָנווענדונג איינע פון די גרונט־שטריכן פון דער קאַטוילישער קירך. גראָד אין איר האָט די קריסטלעכע טעאָקראַטישע אידעע באַקומען איר בולטסטן אויסדרוק, — די אומבאַגרענעצטע ממשלה פונעם קלער, פון די גייסטלעכע, אָנגעהויבן פונעם פּויפּס, דורכגייענדיק דורך די עפּיסקאָפּן און געענדיקט מיט די גלחים. דאָ האָט די טעאָקראַטיע טאַקע געפירט צו אַ פולער היעראָקראַטיע, מיט וועלכער מען שרעקט אָבער אונדז יידן גאָר אומזיסט, ווייל זי האָט אָרגאַניש מיט אונדז גאָר קיין שייכות נישט. דער אלהי ישראל האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין פּערמאַנענטע פאַרטרעטערס אויף דער ערד. די נביאים, אָנגעהויבן מיט משה רבנו, פלעגן נאָר באַקומען באַשטימטע שליחותן אויסצופירן, במילא האָבן זיי זיך תמיד געשטיצט נישט אויף זייער אייגענער אויטאָריטעט, נייערט אויף גאָטס וואָרט. און איטלעכעס מאָל, ווי נאָר זיי האָבן געהאַט ספקות, האָבן זיי זיך צו אים געווענדעט און זיין אינספּיראַציע געזוכט. קיין מענטש, און ווער ער זאָל נישט זיין, קען נישט מוחל זיין דעם מענטשנס עבירות. נאָר גאָט אַליין קען דאָס טון. און טאָמער האָט זיך געפונען אַ ייד, וואָס האָט געשטעלט אויף זיך און אַליין פאַרגעבן זינד, איז ער טאַקע געוואָרן דער באַגרינדער פון אַ נייער רעליגיע. יידן באַדאַרפן נישט קיין פאַרמיטלער צווישן מענטש און גאָט, ווייל דאָס ערדישע גאָטס קיניגרייך איז אַן אַבסאָלוטע דעמאָקראַטיע, וואו אַלע זענען גלייך, וואו איטלעכער איז באַרעכטיקט דירעקט זיך צו ווענדן צום רבונו של עולם מיט זיינע תפילות און בקשות. אַחוץ אַז געוויסע פאַרטרעטערס פון דער חסידות האָבן געפּרואווט לערנען, אַז אַן דער פאַרמיטלונג פון צדיק

קענען זיך די שערי שמים פאַרן געווענלעכן ידן נישט עפענען. האָט דאָס אַרויסגערופן אַ ווידערווילן, נישט בלויז ביי די מתנגדים, נאָר אפילו אין די חסידישע רייען גופא.

האָבן מיר נאָר אין געוויסע מאָמענטן פון אונדזער געשיכטע, געהאַט אין דער בלי־צייט פון דער כהונה, סימנים פון אַ היעראַרכאַטיע, אָבער אויך דעמאָלט איז איר מאַכט נישט געווען קיין אַבסאָלוטע, נישט אין רעליגיעזע, און אַ פשיטא שוין נישט, אין מלוכהשע ענינים. און ווען עס פלעגט טרעפן, ביי דעמאָלטיקע ידן, דאָס, וואָס ביי די גויים איז געוואָרן מיט דער פאַרשפּרייטונג פון קריסטנטום אַן אומפאַרמיידלעכע דערשיינונג, אַז די כהנים פלעגן מאַכן יד אחת מיט די מלכים און צודעקן זייערע זינד מיטן מאַנטל פון דער כהונה, האָבן די נביאים זיך נישט געשראָקן צו זאָגן דעם אמת אין די, אין ייענע, און עס האָט זיי נישט געשיצט די כהנים, קעגן דער שטראָף פון די נביאים, וואָס די תורה פון גאָט איז געווען ביי זיי (ירמיה, ח, ח׳). אין דער קייט פון דער תורה־ירושה איז אַרויסגעפאַלן דער רינג פון די כהנים: „משה האָט איבערגעגעבן די תורה צו יהושוען, יהושוע צו די זקנים, די זקנים צו די נביאים, און די נביאים האָבן זיי איבערגעגעבן צו די אנשי כנסת הגדולה״ (אבות פ׳ א, א׳). די נביאים, די סופרים און דערנאָך די פרושים, גראָד זיי, וואָס האָבן דאָס ייִדישע לעבן געזען נאָר ווי אַ טעאָקראַטיע, זענען געווען די, וואָס זענען גאָר אָפּט אַרויסגעטרעטן קעגן די פּרעטענזיעס פון די כהנים אויף אַבסאָלוטער הערשאַפט, אויף אַ מאָנאָפּאָל צו פאַרשטיין און צו טייטשן גאָטס ווילן. די נביאים, וואָס האָבן פאַרשטייט זיך, אָנדערקענט די עבודה אין בית־המקדש, האָבן אָבער, פּאַראַלעל מיט איר, אַקצענטירט די עטישע עלעמענטן פון ייִדישקייט און במילא געלייקנט די אויסשליסלעכע אויטאָריטעט פון דער כהונה. עזרא הסופר האָט דערמיט, וואָס ער האָט די תורה איבערגעגעבן דעם פאָלק, געבראָכן די מאַכט פון די כהנים, ווי די היטער פון דער תורה. מיט דער פאַרשפּרייטונג פון די בתי־כנסיות און די בתי־מדרשים, אין דער צייט פון בית שני, האָט די עבודה פאַרלוירן איר אויסשליסלעכקייטס־פּאָזיציע, און די כהנים — זייער מאָנאָפּאָל־מעמד, וואָס זיי האָבן אויף אים פּרעטענדירט. ווי באַלד, אַז די וועלט שטייט נישט מער בלויז אויף דער עבודה, נאָר אויף נאָך צוויי זיילן, די תורה און גמילת־חסדים, האָט געמוזט זיך אָנהייבן די ירידה פונעם באַזונדערן קלאַס פון גאָט־דינער, דעם קלאַס, וואָס דאָמינירט נאָך היינט אין די קריסטלעכע קירכעס. אויף לערנען תורה און טון גמילת־חסדים איז יעדער ייִד געווען

קוואַליפיצירט און איז אפילו מחויב געווען ביידע זאַכן צו טון (19). נאָר אפילו די עבודה גופא, אויף וויפיל זי האָט געפונען אַן אָרט אין בית הכנסת, האָט געביטן איר כאַראַקטער און איז שוין מער נישט געווען קיין „ספּעציאַליטעט". יעדער ייד האָט אין פּרינציפּ זיך געקענט אין איר באַטייליקן. איז טאַקע די יידישע „סינאַגאָגע" געווען, לויט דער געראָטענער דעפיניציע פון פּראָפ' הערפאַרד, אַ „וועלטלעכע" אינסטיטוציע (20). דער כהן איז דאָרט געווען אַ מתפלל צוגלייך מיט אַנדערע און נישט געהאַט קיין ספּעציעלע און אוודאי נישט קיין העכערע פּאָזיציע. תורה זאָגן האָט געקענט יעדער יודע תורה, פּונקט ווי היינט צו טאָג, דאָרט וואו די טראַדיציאָנעלע יידישע שול עקסיסטירט נאָך. דעם מין פּראָפעסיאָנעלן פּרעדיקער האָט ערשט די רעפאָרם ביי אונדז איינגעפירט. די סופרים זענען נישט געווען קיין גייסטלעכע אינעם קריסטלעכן זינען און נישט קיין ביוראָקראַטן אינעם אַדמיניסטראַטיוון זינען, פּונקט ווי דאָס זענען נישט געווען שפּעטער די תנאים און די אמוראים. די גרעסטע חכמי התלמוד זענען געווען מענטשן פון פאָלק, געקומען פון די רייען פון פּויערים, בעלי־מלאכות וכדומה. אַזוי איז הלל געווען אַ געוויסע צייט אַ האָלץ־האַקער, ר' עקיבא — אַ פּאַסטוך, ר' יוחנן בן־חנניה — אַ שמיד, ר' יהודה — אַ בעקער און אַזוי ווייטער. אויך די שפּעטערדיקע רבנות האָט זיך נישט אַנטוויקלט צו אַ באַזונדערן „שטאַנד". און אויף וויפיל אַזאַ טענדענץ האָט זיך פון צייט צו צייט באַוויזן, האָט דאָס פאָלק אָנגעהויבן זיך אָפּצורופן מיט אַ געוויסער איראָניע וועגן די „כלי־קודש". רש"י, איינער פון די גרויסע ליכט אונדזערע, איז געווען אַ ווייַנגערטנער. און אַ צווייטער פון די גרעסטע יידישע חכמים, דער רמב"ם — אַ דאָקטאָר. איז דאָך דער טיטל רבי גופא געווען נישט מער ווי אַ כבוד־אויסצייכענונג, אָבער נישט קיין סימן פון אָנגעהעריקייט צו אַ באַזונדערן קלאַס. יידישע רבנים האָבן ביז צום צוועלפטן יאָרהונדערט אפילו קיין שכירות נישט געטאָרט נעמען, און נישט גענומען. און אויך שפּעטער, ביז צום פופצנטן יאָרהונדערט, האָבן נאָך רבנים אין דייטשלאַנד געזוכט פּרנסה אַנדערשוואו און נישט געוואָלט ווערן קיין באַאַמטע ביי קהל. און אַפילו בעת רבנים האָבן שוין בדרך־כלל געקריגן שכירות, האָט זיך פונדעסטוועגן אויך דעמאָלט נישט געשאַפן ביי אונדז קיין קאָרפּאָראַציע פון „גייסטלעכע" און קיין היעראַרכיע אין זייערע רייען. וויפיל האָבן מיר געהאַט בעלי־בתים, וואָס זענען געווען גלייכצייטיק גרויסע לומדים. יעדער מוסמך, צי איז ער געווען

אַ רב, צי נישט, האָט געקענט פּסקענען אַ שאלה. גרויסע יידישע גאונים האָבן אָפּט בכלל נישט פאַרנומען קיין רבנות־שטעלע (דער בעסטער משל — דער ווילנער גאון), און אַנדערע זענען געזעסן על כסא הרבנות אין פאַרוואָרפענע הושכדיקע שטעטלעך, און זייער אויטאָריטעט איז צוליב דעם לחלוטין נישט געמינערט געוואָרן. נישט די גרויס פון דער קהלה האָט באַשיינט דעם רב, נאָר אדרבא זיין גלאַנץ איז געפאַלן אויף דער קהלה. אַ קליין שטעטל אין רוסלאַנד אין מאָהיליעווער גובערניע, איז באַוואוסט געוואָרן בכל תפוצות ישראל, ווייל דאָרט איז געזעסן דער „ראָגאַטשאָווער עילוי". דער פּויפּס אָבער, להבדיל, איז אַ פּויפּס נאָר אויב ער זיצט אין רוים און אויפן טראָן פון הייליקן פּעטער. דאָרט וואו עס זענען נישטאָ קיין באַזונדערע ראַנגען, זענען במילא אויך נישט פאַראַן קיין אויסערלעכע סימנים און אַטריבוטן פון אויטאָריטעט.

אַז מען גייט צו אָט צו די אַלע דערשיינונגען בלויז מיט פאָרמעלער לאָגיק און מיט פרעמדע מאָסן, באַקומט זיך באמת אַ פּאַראַדאָקס. נישט בלויז איז די יידישע טעאָקראַטיע נישט דעגענערירט געוואָרן אין אַ קלעראָקראַטיע, אויב איך זאָל זיך דערלויבן אַזאַ וואָרט־בילדונג, נייערט זי איז בפירוש געווען אַנטי־קלעריקאַל. די גאַנגבאַרע פראַזע וועגן יידישן קלעריקאַליזם איז אָדער פראָסט אַן עם־הארצות אָדער, אין בעסטן פאַל, אַ גענעראַליזאַציע פון איינצלנע פאַקטן און איזאָלירטע טענדענצן, וואָס האָבן ביי אונדז קיינמאָל קיין שליטה נישט באַקומען. די יידישע טעאָקראַטיע איז אין איר דעמאָקראַטישקייט געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס וואָלט אויפגעקומען די סכנה פון אַנאַרכיע, צו וועלכער יעדע נישט אָרגאַניזירטע דעמאָקראַטיע מוז פירן. נאָר דערפאַר, וואָס אונדזער דעמאָקראַטיע איז געווען געבויט אויפן יסוד פון תורה מן השמים, האָט דער אַבסאָלוטער מאַנגל פון היעראַרכיע נישט געבראַכט מיט זיך קיין אַנאַרכיע, קיין רעזשים פון הפקרות. איז אַ רבנו גרשום געזעסן אין אַ לערך קליינער פּראָווינץ־שטאָט, אין דייטשלאַנד, אין מיינץ, און זיינע קאַרדינאַלע תקנות זענען אָנדערקענט געוואָרן בכל תפוצות ישראל. ער איז געווען בלויז אַ יחיד, האָט מען אָבער אין אים געזען דעם „מאור הגולה". ערשט בעת די אמונה אין תורה מן השמים איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און עס האָט אָנגעהויבן צו פאַלן די יידישע מאָראַלישע אויטאָריטעט, ערשט דעמאָלט ווען יידישע טעאָקראַטיע האָט זיך כלומרשט פאַרוואַנדלט אין דעמאָקראַטיע, זענען געוואָרן בעלי בתים ביי יידן די געלט־זעק און זייערע משרתים, די יידישע „גייסטלעכע", און די אַנאַרכיע האָט זיך ביי אונדז פונאַנדערגעלייגט אין דער

לענג און אין דער בריית. איטלעכער ראַבּיי נעמט זיך אַליין דאָס רשות צו פּסקענען און צו „רעפאָרמירן” די ייִדישקייט. אָבער ווער הערט אים, חוץ די פּאָר מיטגלידער פון זיין „קאָנגרעגיישן”, וואָס, ווי באַלד דאָס אַלטע און געהייליקטע איז פאַר זיי קיין אויטאָריטעט נישט, וועלן זיי אַ פּשיטא שוין זיך נישט בויגן פאַר עפּעס נייעס און וואָכעדיקס.

קלעריקאַליזם ביי ייִדן איז, ווי מאָדנע דאָס זאָל זיך נישט אויסווייזן לויטן איצט הערשנדיקן שאַבלאָן, גראָד אונטערגעשטיצט געוואָרן פון כלערליי רעפאָרמערס און רעוויזיאָניסטן פון דער תורה. זיי, און גראָד זיי, זענען אַלע מאָל געווען די קלעריקאַלן און גלייכצייטיק יענע, וואָס האָבן געבראָכן די ייִדישע פאָלקס־אייַנהייט. איז דער כהן־גדול אלישיב געווען דער פאַרביסענער קעגנער פון עזרא הסופר און נחמיה און האָט זיך געחברט מיט טוביה העמוני, דעם פירער פון דער דעמאָלטיקער אַסי־מילאַציע און נאַציאָנאַלער בגידה, און זיך מתחתן געווען מיט סנבלט, דעם ראש פון די שומרונים, וועלכע האָבן מיט אַלע כוחות געשטערט דעם ווידער־אויפבוי פון בית־המקדש און די ווידער־אויפריכטונג פון ייִדישער סאָוועראַניטעט. און אין די צייטן פון רשע אנטיוכוס עפּיפאַנעס, בעת דער העלעניזם האָט זיך געשטאַרקט און אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסער סכנה פאַרן גייסטיקן און מלוכהשן קיום פון פאָלק, זעען מיר ווידער, ווי אַ כהן־גדול, ישוע, שטעלט זיך בראָש פון די בוגדים און העלעניסטן. אין דער שפּעטערדיקער רוימישער עפּאָכע זענען נישט ווייניק כהנים געוואָרן פּשוטע באַאַמטע פון רוים און מיט גוואַלט געוואָלט אָנבינדן ייִדן די רוי־מישע פּאָליטיק. און גראָד די רעפאָרמערס פון יענער צייט, די צדוקים, זענען געגאַנגען מיט זיי האַנט ביי האַנט. אַ צווייטער־ריינג האָט זיך דעמאָלט געבילדעט, אין געוויסע מאָמענטן, וואָס איז באַשטאַנען פון דער ייִדישער קלעראָקראַטיע און רעפאָרם. און אַנטקעגן דעם דאָזיקן שטאַרקן בונד זענען געשטאַנען אַליין אין פעלד די פּרושים, די באַגרינדערס און רעאַ־ליזירערס פון גאָטס קיניגרייך אויף דער ערד, די טיפע גלויביקע אין דער תורה מן השמים.

אַ פרומער ייִד וואָלט באַדאַרפט זען אַ „צייכן פון אויבן” אין דעם פאַקט, וואָס איצט, צוויי טויזנט יאָר און מער פון יענע געשעענישן, ביי אַזאַ שפּאַן אין צייט און ביי אַזאַ מהלך אין רוים, קומען ווידער די טענדענצן פון פּאַקטישער קלעריקאַליזאַציע פון ייִדישקייט פון דער אייגענער זייט ווי דעמאָלט. ווען עם־הארצות האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרשפּרייט צווישן די מערב־אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנער ייִדן, הויבט ווידער די תורה אָן איינצושטיין ביי די „כהנים”, מאָדערניזירטע לויטן היינטיקן

געשמאַק. זענען די היינטיקע ראַבייס געוואָרן „די היטער פון דער תורה". איר זאָלט אָבער חלילה נישט מיינען אירע אָפּהיטער, נייערט די, וואָס באַהאַלטן זי פאַר זיך, וואָרעם, צי ווילן זיי דאָס בפירוש, צי נישט, פירט אָבער זייער לערע אָביעקטיוו און אומפאַרמיידלעך דערצו, אַז די דאָזיקע ראָלע זאָל בלייבן ביי זיי אין די הענט. זענען זיי דאָך, אין פאַרגלייך מיט דער מאַסע אומוויסנדיקע יידן, די איינציקע, וואָס קענען כאָטש עפּעס אַריינקוקן אין די „שוואַרצע פינטעלעך". איז די תורה־קענטעניש, כל־זמן מיר זענען געווען אַ טעאָקראַטיע, געווען אַ פאָלקס־זאַך, ווערט זי איצט, זינט מיר זענען געוואָרן אַ „דעמאָקראַטיע" און מיט לייטן גלייך, אַן ענין פון ספּעציאַליסטן „גייסטלעכע". שטייגט אַלץ מער די העגעמאָניע פון די ראַבייס נישט בלויז אויפן רעליגיעזן געביט, נייערט אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן בכלל. וואָס ווייטער, אַלץ מער ווערן זיי אונדזערע פירערס און וואָרטזאָגערס. דערמיט וויל איך בשום אופן נישט זאָגן, אַז עס זענען נישט פאַראַן צווישן די דאָזיקע ראַבייס פיינע און געטרייע יידן. פאַרקערט, די לעצטע צייט מערן זיך אין זייערע רייען פאָלקסטימלעכע עלעמענטן, ציוניסטישע און אַפילו סאָציאַליסטישע. וועלן אָבער אָט די דאָזיקע בעסערע פאַרטרעטערס פון דער רעפאָרם, די וואָס ווילן באמת לעבן מיט די יידישע פאָלקס־מאַסן און טיילן זייער שטייגער און זייערע אידעאַלן, זיך מוזן פריער־שפּעטער פון איר אָפּקערן. און עס וועט אפשר קומען אַ טאָג, ווען זיי וועלן העררזען דאָס אמתע ליכט און באַגרייפן, אַז די מלחמה מיט דער יידישער טעאָקראַטיע איז, לויט איר אָביעקטיוון זינען און לויט אירע רעזולטאַטן, נישט קיין קאַמף פאַר, נייערט קעגן דער ע־גאָנישער יידישער דעמאָקראַטיע. קלעריקאַליזם, פון איין זייט, און אַנאַרכיע, פון דער צווייטער זייט, מוזן קומען ווי אומפאַרמיידלעכע פועל־יוצאס, ווען מען פרוווט צעטרייסלען דעם פונדאַמענט פון דעם יידישן טעאָקראַטיש־דעמאָקראַטישן לעבנס־סדר.

ד. די פאַרגאַנגענע דורות לעבן אין אונדז

דעמאָקראַטיע, זאָגט מען אונדז, מיינט, אַז דאָס פאָלק איז דער איינציקער קוואַל פון אויטאָריטעט. גלויבט מען אָבער אין אַן אויסער־ און איבער־נאַטירלעכן עצם, וואָס דיקטירט די מענטשלעכע הנהגה, און וואָס האָט מגלה' געווען דעם מענטשן אייביקע געזעצן, איז ממילא דאָס פאָלק מער נישט קיין בעל־הבית איבערן געזעץ און קען אים נישט ענדערן,

נישט מורד זייענדיק אין גאָטס ווילן. אַזוי אַרום ווערט קאָנסטרואירט אַ פונדאַמענטאַלער קעגנזאַץ צווישן דער אידעע פון טעאָקראַטיע, דער ממשלה פון גאָט, און דעמאָקראַטיע — דער הערשאַפט פון מענטשן.

די דאָזיקע אַרגומענטאַציע וואָלט געשטאַנען אייזן־פעסט און מען וואָלט זי נישט געקענט אָפּפרעגן, ווען מענטשן וואָלטן בכלל געלעבט און זיך געפירט לויט פשוטע און קלאָרע כללים, וואָס מען געפינט אין די טעקסטער ביכער פון לאָגיק. דער אמת אָבער איז, אַז דער מענטשלעכער גייסט איז צו קאָמפּליצירט, און נאָך פאַרפּלאָנטערטער איז די מענטשלעכע עקסיסטענץ, אַז מען זאָל קענען זיי אַרייַנפּאַסן אין אַ וועלכער נישט איז ראַם פון הוילן שכל. צוזאַמען מיט דעם ווילן צו זיין לאָגיש און שכלדיק, האָט דער מענטש נאָך אַן אַנדערע באַדערפעניש, אַ פיל שטאַרקערע און ווירקזאַמערע — צו זיין גליקלעך אַליין און פאַרשאַפן גליק דעם צווייטן, און דאָס לעצטע מיינט — זיין גערעכט. און דער אימפולס צו גליק און גערעכטיקייט לאָזט זיך נישט האַמעווען דורכן בלויזן פאַרשטאַנד. ווי אַזוי דער מענטש ברענגט דאָך סוף־כל־סוף אין האַרמאָניע זיינע טיפערע עמאָציעס מיטן קאַלטן שכל און מיט די רעאַלע נויטן פון לעבן, אויף דעם קען מען קיין איינהייטלעכע תשובה נישט געבן, ווייל אַט דער פּראָצעס פון האַרמאָניזאַציע קומט נישט פאָר אויף איין גראָדער ליניע, נייערט אויף טויזנטער וועגן און אומוועגן, גאָר אָפט קרומע אָדער פאַרקרימטע. אָבער, אַזוי צי אַזוי, דער מענטש דערגרייכט, וואָס ער באַדאַרף און געפינט סוף כל סוף די תמיד געזוכטע נשמה־גאַנצקייט.

על־פּי לאָגיק וואָלט געדאַרפט אויסקומען, אַז די, וואָס האַלטן, אַז נאָר די אָרגאַניזירטע מענטשלעכע חברה איז דער אויבערהאַר איבערן דין, וואָלטן געדאַרפט אומפאַרמיידלעך קומען צו דער אַבסאָלוטער דעמאָקראַטיע. זעען מיר אָבער בפועל, אַז גראָד די, וואָס האָבן נישט קיין אַנדער גאָט, ווי דאָס פאָלק, דעם כלל, די מלוכה, פאַלן אַריין אין די ערגסטע פאָרמען פון אויטאָקראַטיע. און פאַרקערט, האָבן מיר געזען, אויפן משל פונעם יידישן פאָלק, וואָס במשך פון אַ לאַנגער געשיכטע האָט עס אַנערקענט בלויז די אויטאָריטעט פון דעם פאָטער אין הימל איבערן יחיד און איבער פעלקער און לענדער, אַז דאָס האָט אים נישט געשטערט צו דערלאַנגען אַזאַ הויכע מדרגה פון דעמאָקראַטישער פאַרוואַלטונג, וואָס אין אַ סך באַציאונגען דאַרפן נאָך די מאָדערנע דעמאָקראַטיעס דורכמאַכן אַ לאַנגען וועג, כדי אַהין זיך צו דערשלאָגן.

על־פּי לאָגיק דאַרף אויסקומען, אַז אויב דאָס געזעץ, וואָס רעגירט דאָס יידישע לעבן, איז אַ געטלעכעס, אַן אייביקעס, וואָלט עס געמוזט

בלייבן אומפאַרענדערט און דאָס פאָלק וואָלט אויף אים נישט געדאַרפט האָבן קיין שליטה און אַפילו נישט קיין השפעה. על־פּי לאָגיק וואָלט אָבער אויך געדאַרפט זיין אַזוי, אַז אין די מאָדערנע דעמאָקראַטיעס וואָלטן געזעצן זיך תמיד געדאַרפט בייטן, ווי נאָר עס גייען פאַרביי די אומשטאַנדן, וואָס האָבן דאָס אָדער יענץ געזעץ אַרויסגערופן צום לעבן, וואָלט עס געדאַרפט אויטאָמאַטיש זיך צופּאַסן צו די נייע אומשטאַנדן און באַדערפענישן. ווען מיר אין אַ ווייטערדיקן עסיי באַווייזן, אַז עס איז לחלוטין פאַלש די פאָרשטעלונג, אַז דאָס יידישע געזעץ איז געבליבן פאַרגלי־ווערט און, אַז דאָס יידישע לעבן האָט זיך כלומרשט שטענדיק געפונען אין אַ צושטאַנד פון סטאַגנאַציע. דאָ ווען מיר דערווייל בלויז אויפווייזן, אַז אַפילו דאָרט, וואו געזעלשאַפטן און מלוכות זענען געבויט אויפן יסוד פון דער פולער אויטאָנאָמיע פונעם מענטשן און אויף דער אַבסאָלוטער סאָווערעניטעט פונעם פאָלק, אַז אויך דאָרט איז די באַציאונג צווישן פאָלקס־ווילן און געזעץ נישט קיין דירעקטע, נישט קיין אויטאָמאַטישע, אַז אויך דאָרט איז די עוואָלוציע פון געזעץ אונטערגעוואָרפן אונטער אַ רייע פאַרפלאָנטערטע מאָטיוון, וואָס האָבן מיטן ווילן פון פאָלק אינעם געגעבענעם מאָמענט און מיט זיינע באַדערפענישן פון היינטיקן טאָג גאָר נישט צו טון.

די פאָרשטעלונג, אַז איטלעכער דור איז לחלוטין פריי זיין ווילן דורכ־צופירן, איז צו אויבנאויפיק, עס זאָל זיין אמת. „די טויטע באַפעלן" האָט נישט בלויז געדינט ווי אַ שיינער טיטל פאַר אַ ראָמאַן (בלאַסקאָ איבאַניעז), נייערט דאָס איז אַ כלל גדול אין דער געשיכטע. די מיינונג, אַז אַ דעמאָקראַטישע פאָלקס־פאַרטרעטונג איז דער פולער בעל הבית איבערן געזעץ, איז אַ פשוטע עם־הארצות, וואָס פּאַסט זיך גאָרנישט פאַר מענטשן, וואָס ווילן פירן די וועלט מיטן כוח און אין דעם זכות פון וויסן. וואָלט עס געווען אַזוי, וואָלט דער גאַנצער חילוק, וואָס מיר געפינען אין די קאָנ־סטיטוציעס פון אַלע לענדער, צווישן קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצן און דער נאָרמאַלער געזעצגעבונג געווען אַ הוילער נאָנסענס. בפרט אָבער וואָלטן די אַמעריקאַנער יידישע אידעאָלאָגן, וואָס אַמעריקאַנישקייט און אַמערי־קאַנער פּאַטריאָטיזם פאַרנעמט ביי זיי דעם אויבנאָן, אַזוי אַז זיי זענען גרייט אָוועקצורוקן די יידישע ציוויליזאַציע אין אַ באַשיידענעם און פאַר־באַהאַלטענעם ווינקל, כדי צו מאַכן אַ וואַרע פאַר דעם אַמעריקאַנער לעבנס־אופן, פאַר דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, זיי וואָלטן דאָך אודאי גע־דאַרפט גוט געדענקען די קאָנסטיטוציע פון זייער לאַנד און פון איר גע־שיכטע. איז דען דאָס נישט דער ערשטער תנאי פון אַן אויפגעקלערטן

באַוואוסטזיניקן פּאַטריאָטיזם? און וואָלטן זיי זיך דערמיט אינטערעסירט, וואָלטן זיי זיך זיכער דערמאָנט, אַז אין דער פעדעראַלער קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, איז דאָ אַן אַרטיקל (אַרטיקל איינס, סעקציע דריי, פּונקט 1), וואָס איז אויך אייביק. דאָס איז דער פּונקט, וואָס שטעלט פעסט, אַז איטלעכער שטאַט האָט אַ גלייכע פאָרשטעלונג אין סענאַט. אָט דאָס דאָזיקע געזעץ קען קיינמאָל נישט געענדערט ווערן אויפן נאָרמאַלן געזעצגעבערישן אופן, אויב מען זאָל זיך נישט רעכענען מיט אַ פּרייוויליקן אָפּזאָג פון אַ וועלכן נישט איז שטאַט פון זיינע גאַראַנטירטע רעכט, דאָס הייסט מיט עפּעס אַזוינס, וואָס קען נישט געמאָלט זיין. דאָס דאָזיקע געזעץ קען פאַלן נאָר אַלס רעזולטאַט פון אַ רעוואָלוציע, וואָס זאָל איבערקערן דעם גאַנצן בנין פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. אָבער אַזאַ רעוואָלוציע, אויב זי זאָל ווען נישט איז אויסברעכן, מוז דאָך נישט דווקא פירן צו דעמאָקראַטיע אין איצטיקן אַמעריקאַנער זינען.

און אויב די איבעריקע אַרטיקלען פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע זענען נישט אַזוי אומפאַרענדערלעך ווי דער אָקאָרשט ציטירטער, איז אָבער יעדער שינוי פאַרבונדן מיט אַזוינע שווער־דורכפירבאַרע באַדינגונגען, וואָס מאַכן בפועל די גאַנצע קאָנסטיטוציע כמעט פאַר אומבאַוועגלעך. די געוועלנלעכע פּראָצעדור אויף דורכצופירן ענדערונגען אין דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, די פּראָצעדור, וואָס איז אָנגעווענדעט געוואָרן ביי אַלע אַמענדעמענטס, חוץ דעם איין און צוואַנציקסטן, פאָדערט קודם כל, אַז יעדער שינוי זאָל אָנגענומען ווערן מיט אַ צוויי־דריטל מערהייט פון ביידע הייזער פון קאָנגרעס. איז דאָס געשען, דאַרף דער קאָנגרעס איבערגעבן דעם באַטרעפנדיקן באַשלוס צו די לעגיסלאַטורן פון די סטייטס און ערשט ווען דריי פערטל פון די סטייטס אַפּראָבירן אים, ווערט ער אַ טייל פון דער קאָנסטיטוציע. אַז עס איז נישט לייכט צו דערגרייכן אָט די קוואַליפיצירטע מערהייט, קודם פון צוויי דריטל און דערנאָך פון דריי פערטל, ווערט קלאָר, ווען מען נעמט אין באַטראַכט די קעגנזאַצלעכקייט פון אינטערעסן, וואָס שפּאַלטן די היינטיקע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט, די פאַרשידנקייט פון גלויבנס און אידעאָלאָגיעס און, לסוף, די אַנדערשקייט פון דיווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע פאַרהעלטענישן פון די באַזונדערע שטאַטן. קיין חידוש נישט, ווי קליין עס איז די צאָל ענדערונגען, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אין דער קאָנסטיטוציע פון 1787־89, ווי פּאַמעלעך עס איז דער וועג פון שינוים. נעמט למשל דעם פּרינציפּ פון גלייכע וואַל־רעכט פאַר פרויען, וואָס

זיין יושרדיקייט איז שוין לאַנג אָנדערקענט געוואָרן פון אַלע ציוויליזירטע מענטשן. אין יאָר 1878 איז דער פאַרלייג וועגן געבן פרויען וואַל־רעכט, אַריינגעטראָגן געוואָרן אין סענאַט און ערשט אין יאָר 1920, מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון סך הכל צוויי און פערציק יאָר, איז ער אַריין אין קראַפט אַלס דער נײַנצנטער אַמענדמענט. צווישן דעם פופצנטן און זעכצנטן אַמענדמענט זענען פאַרבייגעגאַנגען דריי און פערציק יאָר, צווישן דעם צוועלפטן און דרייצנטן גאַנצע איין און זעכציק יאָר (21).

אויב עפּעס מער ווי פיר פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן, זעקס מיליאָן נפשות, וואָס באַוואוינען די דרייצן קלענסטע שטאַטן, קענען בלאָקירן יעדע ענדערונג פון דער קאָנסטיטוציע, איז קלאָר, אַז דערמיט ווערט אונטערגעגראָבן דער סאַמע פּרינציפּ פון דעמאָקראַטיע, וואָס מיינט רעגירונג פון דער מערהייט. דזשעפערסאָן האָט אין זיינעם אַ בריוו פון יולי 1810 זער לאָגיש באַוויזן, אַז עס איז נישטאָ קיין גרונד אָנצונעמען, אַז די גענעראַציע פון סוף אַכצנטן יאָרהונדערט איז געווען מער געבילדעט און מער פעאיק ווי די דורות, וואָס זענען געקומען נאָך איר. איטלעכער דור, האָט ער געזאָגט, דאַרף זיין אומאָפּהענגיק פון די פריערדיקע. איז זיכער, אַז אַ גאָר היפּשע צאָל אַמעריקאַנער וועלן דערמיט מסכים זיין. אָבער אַ סימן האָט איר, אַז די דאָזיקע אַבסטראַקטע געדאַנקען, זער לאָגיש פאַר זיך גענומען, האָבן פונדעסטוועגן נישט געקענט ברעכן די אַלטע פעסטונג. די מערהייט פון 1787 האָט נאָך איר שליטה נישט פאַרלוירן, און דערווייל האָט איר קאָנסטיטוציאָנעל געזעץ נאָך מער וואָג, ווי דער ווילן פון דער היינטיקער מערהייט.

אָבער די דאָזיקע מערהייט איז געפּענטעט דורך דעם רוב פון לערך הונדערט און זעכציק יאָר צוריק נישט בלויז אין קאָנסטיטוציע־פראַגן. אַפילו אין איר נאָרמאַלער געזעצגעבערישער פונקציע איז די היינטיקע פאָלקס־פאַרטרעטונג געבונדן דורך אַ נישט־רעפּרעזענטאַטיווע, נישט־דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע, וואָס הייסט דאָס אויבערשטע געריכט (סופרים קאָרט). און עס באַקומט זיך, ווי דאָס האָט שאַרפזיניק פאָרמולירט אַ מומחה אין דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, אַ טשעקאַווע בילד: דער איינציקער סטאַבילער באַשטאַנדטייל פון דעם אַמעריקאַנער רעגירונגס־סיסטעם, איז גראָד אָט דער, פון קיינעם נישט געקליבענער, טריבונאַל, וואָס קען יעדעס קאָנגרעס־געזעץ, דאָס הייסט, יעדן אויסדרוק פון דעם פאָלקס־ווילן, דערקלערן פאַר נישט קאָנסטיטוציאָנעל אויב ער געפינט פאַר ריכטיק די אָדער יענע אָנקלאַגע קעגן דעם באַ־

מערפּנדיקן געזעץ, און אין סתירה מיטן ווילן פֿון דער מערהייט פֿון 1787 (22).

און דאָס איז גענוג, אַז דאָס געזעץ זאָל אָדער בטל ווערן, אָדער בכל־אופֿן, אַז זיין אַריינגיין אין קראַפֿט זאָל אויפֿגעהאַלטן ווערן. די מניעות, וואָס ליגן אויפֿן וועג פֿון דער עוואָלוציע פֿון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, נעמען זיך דער עיקר פֿון דעם פֿעדעראַלן כאַראַקטער פֿון דער מדינה און האָבן אַלס הינטערגרונט די קאָלאָניאַלע עפּאָכע מיט איר אָפּגעזונדערטקייט און אָפּגעשלאָסנקייט פֿון די איינצלנע קאָלאָניעס. אָבער וואָסערע עס זאָל נישט האָבן געווען די געשיכטלעכע אומשטאַנדן, בלייבט אַ פֿאַקט, אַז זייער פֿאַרשווינדן אָדער מילדערונג אַליין זענען נאָך כּלל נישט גענוג, כּדי די געזעצן זאָלן במילא זיך בייטן. איבעריקנס, באַמערקן מיר, אַז אין אַ רייע אייגהייטלעכע און צענטראַליזירטע מדינות ווערט אויך די קאָנסטיטוציאָנעלע עוואָלוציע אויפֿגעהאַלטן. כּמעט אין ערגעץ געפֿינט זיך נישט די קאָנסטיטוציע פֿון אַ לאַנד אין האַרמאָניע מיטן גייסט און די באַדערפֿענישן פֿון דער קעגנוואַרט. פֿראַנקרייך האָט געמוזט וואַרטן כּמעט זיבעציק יאָר און דורכגיין איינע פֿון אירע גרעסטע, אויב נישט די גרעסטע, קאַטאַסטראָפֿעס פֿון איר געשיכטע — דעם צוזאַמענברוך אין דער צווייטער וועלט-מלחמה פֿון 1940 מיט אַלע זיינע קאָנסעקווענצן, כּדי צו קענען זיך נעמען צו אַ רעוויזיע פֿון דער קאָנסטיטוציע פֿון 1875, אַליין אַ קינד פֿון אַ נאַציאָנאַלער מפּלה. אין דער טערקיי איז, ווי אַ רעזולטאַט פֿון אַ מלחמה און אַ רעוואָלוציע, אויפֿגעקומען אַ נייע רעפּובליק און, ביי איר גאַנצער רעוואָלוציאָנערישקייט אַנטקעגן דעם עבֿר, האָט זי זיך אַרויסגעוויזן גוואַלטיק קאָנסערוואַטיוו פֿאַר די צוקונפֿטיקע דורות. לויטן פּאַראַגראַף 102 פֿון דער נייער טערקישער קאָנסטיטוציע פֿון 1924, קען דער ערשטער אַרטיקל, וואָס דעפֿינירט די טערקישע מלוכה ווי אַ רעפּובליק, קיינמאָל נישט געענדערט ווערן. יעדער פֿאַרלייג משנה צו זיין דאָס דאָזיקע קאָנסטיטוציאָנעלע געזעץ, און אַפֿילו ער זאָל האָבן פֿאַר זיך די מערהייט, ווערט באַטראַכט ווי נישט געמאַכט, און זיין ווירקונג איז נול.

וועט איר דאָך נישט זאָגן, אַז די גאַנצע וועלט איז משוגע און אַז אַלע געזעצגעבערס זענען ווילדע בנאַרנים. מען קען אָפּפֿרעגן יענע אָדער אַן אַנדער קאָנסטיטוציאָנעל געזעץ. מען קען למשל מיט רעכט טענהן, אַז די קאָנסטיטוציאָנעלע פּראָפּאַגאַטיוון פֿון דער „סופֿרים קאַרטע“ זענען צו ברייטע, אַז דער אופֿן ווי אירע מיטגלידער ווערן באַשטימט איז נישט קיין ריכטיקער אָדער אַנטי-דעמאָקראַטיש. והראיה, די רע־

אַקציאָנערע ראָלע, וואָס די „סופרים קאַרט" האָט כמעט תמיד געשפּילט, און ביז די לעצטע צייטן, דערמיט, וואָס זי האָלט אויף וויכטיקע פּראָגרעסיווע רעפאָרמעס, וואָס זי פאַרטיידיקט כמעט אַלע מאָל די אינטערעסן פון די שטאַרקע און מאַכטיקע קעגן די אונטערדריקטע און באַעוולהטע (שקלאַפן, נעגערס, אַרבעטער וכדומה). אָבער ווי ווייט איך וויס, איז נישטאָ קיין באַטייטנדיקע שטרעמונג בכלל צו עלימינירן די „סופרים קאַרט" אַלס אַ רעגירונגס־פאַקטאָר. קיין מענטש אין קיין לאַנד וועט אויך נישט געפינען פאַר קרום און נישט יושרדיק, דעם פאַקט, אַז אַ פשוטע מערהייט פון אַ פאַרגאַנגענעם דור בינדט קומענדיקע דורות, אַז זיי זאָלן קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצן נישט קענען ענדערן, סיידן דורך אַ הויך־קוואַליפיצירטן רוב. מוז דאָך דאָ עפּעס זיין אַ זינען. און דער זינען איז אַ טאָפּלטער. דאָס פיעטעט־געפיל צום ווערק און צו די אויפטוען פון דעם „גרינדער־דור", גרינדער פון דער מלוכה אָדער פון דער קאָנסטיטוציע, ווייל מיר גיבן זיך אָפּ רעכענונג, אַז געאַרבעט האָט ער, דער דאָזיקער דור, נישט בלויז, און אַפילו נישט דער עיקר, פאַר זיך, נייערט פאַר דער צוקונפט. די צווייטע סיבה דערפון איז די נויטווענדיקייט צו האָבן סטאַבילע פונדאַמענטאַלע געזעצן, כדי אויסצומיידן הפקרות און אַנאַרכיע אינעם מלוכה־לעבן. קען מען און דאַרף מען זוכן וועגן און מיטלען, ווי אַזוי אויסצומיידן סטאַגנאַציע, ווי אַזוי צו פאַרלייכטערן די נאָרמאַלע עוואָלוציע. אָבער מען מוז מושוה ווערן מיטן געדאַנק, אַז געוויסע שטערונגען אין דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג מוזן אָנגענומען ווערן באהבה, אויב מען וויל אָפּהיטן דאָס גלייכגעוויכט פון דעם מלוכה־סדר און זיין שטאַנדהאַפטיקייט.

און טאַקע מחמת דעם, וואָס ביי אונדז זענען פאַרלוירן געגאַנגען הן דער יראת־הכבוד פאַר טראַדיציע און הן דאָס באַוואוסטזיין פון קאָלעקטיווער אחריות, ווייל ביי אונדז מערן און פרוכפּערן זיך גייסטיקע הפקרות און געזעלשאַפטלעכע אַנאַרכיע, קען מען פּסלענען דאָס יידישע געזעץ דערפאַר, וואָס עס איז כולל אין זיך די אידעע פון געטלעכקייט, במילא פון סטאַבילקייט און פּערמאַנענטקייט און, לאָמיר זאָגן, נישטאָ פאַר וואָס זיך צו שרעקן, פון אייביקייט. דאָרט, וואו עס איז נישטאָ קיין פיעטעט־געפיל פאַרן אויפטו פון פריערדיקע דורות, מוז אויך פאַרשווינדן דער מאָראַלישער, אויב איר ווילט, — צום טייל מעטאַפיזישער, באַגריף פון הייליקייט פונעם געזעץ בכלל. דעמאָלט טאַקע איז לית דין ולית דיין. די יידישע טראַדיציע און דאָס יידישע געזעץ, ווי אַלע געזעצן און טראַדיציעס אויף דער וועלט, קענען נישט מותר זיין אויף האַפטיקייט

און פעסטקייט, קענען נישט דערלאָזן, אַז אַ ליאַדע טאָג זאָלן געשאַפן ווערן נייע חוקים ומשפטים, און אַז יעדער אַליין געקרוינטער ראַביי זאָל דעקרעטירן זיינע אייגענע געזעצן פון כשר און טריף, טומאה וטהרה, חתונה און גיטין, פון דיני ממונות און דיני נפשות, איינפירן מנהגים און תקנות לויט זיין אייגענעם איינזען אָדער קאַפריז. זענען זיי בהרגז און גיסן אויס זייער כעס אויף דער תורה מן השמים און אויף דער יידישער טעאָקראַטיע. און דאָס סאַמע קאָמישע דערביי איז, וואָס די אַליין האַלטן זיך פאַר געוואַלטיקע דעמאָקראַטן.

ביי נאָרמאַלע פעלקער ווערט די סטאַבילקייט פון זייערע פונדאַמענטאַלע געזעצן געשיצט און גאַראַנטירט דורך פּאַראַגראַפן פון קאָנסטיטוציע, ווייל הינטער איר שטייט אַ וועכטער באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, די מלוכה־געוואַלט. פרעגט זיך אָבער, ווי אַזוי וואָלטן יידן, אַ פאָלק אָן כוח און אָן מאַכט, געקענט בכלל האָבן געזעצן, וואָס זאָלן איבערלעבן דעם טאָג ווען זיי זענען אַרויסגעקומען, ווען הינטער זיי זאָל נישט שטיין די געטלעכע אויטאָריטעט, די איינציקע, וואָס נויטיקט זיך נישט אין קיין אויסערלעכע אַטריבוטן און טיטלען, כדי זיך צו האַלטן און כדי די מענטשן צו באַפוילן. און איך וועל מיר דערלויבן אָן אַפּיקורסות און זאָגן, אַז אויך די גרויסע און מאַכטיקע פעלקער וואָלטן מאָראַליש נישט צוגעלייגט, וואָלטן אפשר נישט געדאַרפט אויסהאַלטן אַזוי פיל פּאָליציי, און זייערע תפיסות וואָלטן נישט געווען אַזוי איבערגעפעלקערט, ווי זיי זענען, ווען אויך זיי וואָלטן נישט אויסגעגראָבן קיין תהום צווישן מענטשלעכע און געטלעכע געזעצן און וואָלטן נאָכגעטון דעם יידישן משל צו זוכן אין איטלעכן געזעץ דעם געטלעכן אָפּשטאַם.

דעם געדאַנק, וואָס היינטיקע סאָציאָלאָגן און יוריסטן האָבן זיך צו אים דערגרונטעוועט ערשט אין דער נייער צייט, דעם געדאַנק וועגן די רעסטריקציעס, וואָס דער געזעץ־באַשאַפנדיקער דור לייגט אַרויף אויף קומענדיקע דורות, האָט די תורה שוין לאַנג אויסגעדריקט אויף אירי שטייגער מיט אַ קורצקייט און פשטות, וואָס מאַכט באַגרייפלעך, אַז גלייביקע זאָלן דאָ דערהערן די שטים פון גאָט אַליין: „און נישט מיט אייך אַליין שליס איך דעם דאָזיקן בונד און די דאָזיקע שבועה. נייערט אי מיט דעם, וואָס שטייט פאַר אונדז היינט פאַר יהוה אונדזער גאָט, אי מיט דעם, וואָס איז דאָ נישט פאַראַן מיט אונדז היינט" (דברים, כ"ט, י"ג, י"ד). און דער מדרש, אַנטוויקלענדיק ווייטער דעם דאָזיקן באמת אייביקן געדאַנק, זאָגט, אַז הגם די גופים פון אַלע יידן, וואָס וועלן ערשט קומען אויף דער וועלט, זענען נישט געשטאַנען ביים באַרג סיני ביי

דעם מתן־תורה, זענען אָבער זייערע נשמות ווי געווען דערביי. (שמות רבה, יתרו). און טאַקע מחמת דעם איז די תורה פאַר זיי אַ חוב, ווייל אויך זיי האָבן זי מקבל געווען און מיטגעזאָגט דעם נעשה ונשמע.

פאַרשטיי איך וואויל, אַז און אונדזערע צייטן קענען זיך געפינען יידן, וואָס ווילן אָפּטרייסלען פון זיך די יידישע ירושה. לייקענען זיי, אַז אויך זיי זענען געשטאַנען ביים באַרג סיני. וועט עס אָבער נישט זיין צופיל צו פאַרלאַנגען פון זיי, זיי זאָלן דאָס אָפן און ערליך זאָגן. וועלן מיר וויסן, אַז זיי ווילן לעבן ווי פרייע פייגל (וואָס פאַר אַ לעבן דאָס איז, פרעגט בעסער נישט). וועלן מיר וויסן מי לנו, און ווער איז נישט מיט אונדז, אָדער גאָר — לצרינו. אָבער שוין צייט כ׳לעבן אויפצוהערן צו גלאָצן מיט די אויגן צו דער דעמאָקראַטיע. זאָלן זיי לפּחות זייער אייגענע שולד, זייער אייגענע שוואַכקייט נישט אַרויפוואַרפן אויף די טהורים וקדושים, אויף די שטאַרקע און מוטיקע, וואָס האָבן זייער לעבן מקריב געווען, ווייל זיי האָבן געהאַרכט און געפאָלגט גאָטס תורה און אין איר געזען דעם איינציקן זינען פון זייער לעבן און ליידן און די איינציקע שוץ פאַר זייער אייגענער עקסיסטענץ און פאַרן קיום פון יידן און יידישקייט.

---

רעפערענצן:

(1) Textbooks in Jewish Religious Schools, reprinted from Contemporary Jewish Record, February 1943.

(2) חיים טשערנוביץ, תולדות ההלכה, חלק שני, ע״ע 14-15.

(3) „ „ „ חלק שלישי, ע׳ 175.

(4) Spinoza, Traktat, siebzehntes Kapitel.

(5) Eugene Kohn. From Theocracy to Democracy. The Reconstructionist, vol. XII, N° 12.

(6) אַז דער מאמר כפה עליהם הר כגיגית האָט נישט געמיינט אויסצושליסן די פרייע צושטימונג פון פאָלק צו דער תורה, וואָס גאָט האָט אים געגעבן, האָט ר׳ חיים טשערנוביץ באַגרינדעט מיט אַ ריי מאמרי חז״ל און לאָגישע אַרגומענטן. זע זיין תולדות ההלכה, חלק ראשון, ע״ע 137-40. וועגן דער ראָל פון דעת הקהל אין תלמודישן רעכט. זע דאָרט גופא, ע״ע 141-43.

(7) אייזיק הירש ווייס, דור דור ודורשיו, חלק ראשון, ע' 55.

(8) חיים טשרנוביץ, דאָס ציטירטע ווערק, חלק ראשון, ע' 278 און חלק שלישי, ע' 81.

(9) ווייס, חלק ראשון, ע' 175.

(10) דאָרט, ע' 197.

(11) Simon Dubnow. Weltgeschichte des Juedischen Volkes. Band III, S. 456.

(12) Ibid, SS 452-3, 472.

(13) מרדכי ניכטער, צו דער געשיכטע פון יידישן לעבן אין מצרים און אין אַנדערע מזרח־לענדער אין די צייטן פון רמב"ם. געדאַנקען און לעבן, באַנד 3, נומ' 2, ניו־יאָרק 1945.

(14) S. W. Baron. The Jewish Community. Volume two, Philadelphia 1942, pp. 27, 29, 38, 39, 50-51, 66, 121.

14) ס` פאַראַן אַ רייע באַווייזן, אַז אין די קלענערע שטעט אין שפּאַניע, און מען דאַרף רעכענען, אַז נישט נאָר אין שפּאַניע, פלעגן די באַשלוסן וועגן קהלה־ענינים אָנגענומען ווערן דורכן גאַנצן קהל. אָבער אויך אין די גרעסערע קהלות האָט מען זיך אין וויכטיקע ענינים נישט געקענט באַגיין אָן אַ הסכם פון דעם קהל. די פרנסים פלעגן צונויפרופן אַלגעמיינע אסיפות און ערשט ווען דער רוב האָט געענטפערט אמן, זענען די תקנות אַריין אין קראַפט. זע:
A. A. Neuman. The Jews in Spain. Vol. I, pp. 34-5, 42, 44, 49-50, 53-4.

(15) M. Balaban. Kagal. Istoria Iewreiew w Rosii, tom I, Moskwa 1915, p. 136.

(16) Dubnow. B. V. S. 189; B. VI. SS. 268-9, 417; B. VII 443, 466.

(17) Dubnow. B. III, S. 456.

(18) S. W. Baron, op. cit., volume two, pp. 71-2, 88-9.

פאַרגלייך דאָס ציטירטע ווערק פון נוימאַן ז"ז 112-15.

(19) חיים טשרנוביץ. דאָס ציטירטע ווערק, חלק שני, ע"ע 540-44.

(20) R. Teavers Herford. Les Pharisiens. Paris 1928, pp. 116-17.

(21) R. L. Ashley. Principles and Politics of American Government. N. Y. 1941, pp. 49-50.

(22) H. S. Commager. Majority Rule and Minority Rights, N. Y. 1943, pp. 19-21, 40.

# תורה מן השמים און עוואָלוציע

אין נאָרמאַלע פאַרהעלטענישן וואָלט מען גאָרנישט געדאַרפט באַווייזן, ווי פאַלש עס איז די מיינונג, אַז די תורה איז אויף אַ געוויסן פּונקט פאַרגליווערט געוואָרן און אַזוי געבליבן שטיין. שוין אַ פּריאָרי וואָלט איטלעכן בר־דעת געדאַרפט קלאָר זיין, אַז עס איז סאָציאָלאָגיש אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן, אַז יידישקייט, וואָס איז דאָך בעיקר אַ לעבן־רעגולירנדיק געזעץ, זאָל פון דעם לעבן גופא גאָר נישט באַאיינפלוסט ווערן און מיט אַמאָל, ווי דורך אַ כשוף, פאַרשטיינערט ווערן.

און אויב מען מוז זיך דאָך דערמיט פאַרנעמען, איז עס דערפאַר, ווייל עס געפינען זיך ביי אונדז מענטשן, צווישן זיי אויך פאַרשטענדיקע און געלערנטע, וואָס דערקלערן מיט דער זיכערקייט פון אַ מאַטעמאַטישן כלל, אַז דערמיט, וואָס יידן האָבן געגלויבט אין תורה מן השמים, האָבן זיי במילא געמוזט לכתחילה איר אָפזאָגן וועלכע נישט איז אַנטוויקלונגסמעגלעכקייטן. מוז מען קודם־כל, ווי תמיד, אַז מען האָט צו טון מיט לאָגישע סברות, וואָס זענען אין פולער סתירה מיט דער ווירקלעכקייט, נאָכשפּירן די סיבות, וואָס האָבן געפירט צו אָט דעם לחלוטין פאַלשן איינדרוק וועגן דער אומבאַוועגלעכקייט פון יידישן דת. דען נישט קיין לאָגישע קאַטעגאָריע האָבן מיר דאָ פאַר אונדז, נייערט אַ סאָציאַל-פּסיכאָלאָגישע. מיר טרעפן זיך דאָ מיט איינעם פון די פילצאָליקע פאַלן פון אַבעראַציע, ווי דאָס מענטשלעך אויג מאַכט גאָר אָפט. שטעלט זיך פאָר, אימיצער טראָגט זיך ווי אַ רוח אין אַן עראָפּלאַן און קוקט אַראָפּ פון אויבן אויף מענטשן, וואָס גייען אויפן וועג אין דער אייגענער ריכטונג ווי די פלי־כלי. וועט זיך אים אויסווייזן, אַז די מענטשן שטייען אויף איין אָרט, הגם באמת, ווי מיר ווייסן, באַוועגן זיי זיך יאָ. ווייל מען אין אַזאַ פאַל פעסטשטעלן דעם פאַקט פון באַוועגונג פון דעם פוס־גייער, מוז מען אויסמעסטן זיין אייגענעם וועג, פון דעם פּונקט וואו ער האָט אָנגעהויבן ביז דעם, וואו ער איז אָנגעקומען, און נישט פאַרגלייכן צוויי נישט־גלייכע טעמפּאָס — די וויכער־געשווינדקייט פונעם עראָפּלאַן און די טריט־ביי־טריט־לאַנגזאַמקייט פונעם גייער.

מיט אַזאַ אַבעראַציע, וואָס קומט פון געשווינדקייט און וויטקייט, האָט מען צו טון, ווען איר הערט די מיינונג פון משכילים אָדער בכלל פון

אָפּגעפֿרעמדטע ייִדן וועגן ייִדישן לעבן. האָט אַ ייִד אַליין מיט אײן שפּרונג זיך אַריבערגעכאַפּט פֿון דער ייִדישער וועלט אין אַ פֿרעמדער, זעען אין זײַנע אויגן אויס ווי פֿאַרשטײנערטע מומיעס יענע ייִדן, וואָס זענען פֿאַרבליבן ייִדן, וואו ער האָט זיי פֿאַרלאָזט, יענע וואָס קענען אָדער ווילן נישט אים נאָכלויפֿן און נאָכיאָגן. קוקט ווידער אויף זיי דער ייִד, וואָס פֿון אָנהייב אָן לעבט ער דערווײַטערט פֿון זיי, בלײַבן פֿאַר אים זייערע באַוועגונגען בכלל נישט באַמערקלעך. נמצא, אַז פֿאַר אָט די ביידע קאַטעגאָריעס ייִדן, איז דאָס ייִדישע פֿאָלק אַ צוריקגעשטאַנענער אָדער אָפּגעשטאַנענער. זיי גיבן זיך זעלטן אָפּ אַ רעכענונג, אַז אויך די נײַע קולטור, וועלכע זיי האָבן מיטאַמאָל באַגעגנט, איז נישט פּלוצעם געשאַפֿן געוואָרן, אַז אויך זי האָט געדאַרפֿט דורכמאַכן אַ לאַנגען וועג, און דערגאַנגען זענען מענטשן צו איר הײַנטיקן מצב מיט פּאַמעלעכע טריט. אָבער די, וואָס זענען צו איר געקומען מיטאַמאָל, צו אַלדעם גרייטן, נישט געפּאַקט און נישט געמאָזלט, מעגן זיי אַפֿילו וויסן וועגן דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פֿון דער דאָזיקער קולטור, האָבן זיי אָבער אַליין נישט דורכגעלעבט איר פּײַנלעכע טריט־בײַ־טריט־באַוועגונג. כדי צו פֿילן די געשיכטע פֿון אַ באַשטימטער קולטור, איז נישט גענוג צו דערגייען וועגן איר דורך לערנען און שטודירן. מען דאַרף זי אײַנזאַפּן פֿון קינדהייט אָן דורך ירושה, דורך לעגענדעס און דערציילונגען וועגן אייגענע אַמאָליקע צײַטן, וועגן דעם לעבן, לײַדן און שאַפֿן פֿון אייגענע עלטערס עלטערן.

פֿון דער באַשריבענער אַבעראַציע קענען זיך אָפּטמאָל נישט באַפֿרײַען אַפֿילו גאָר גרויסע ייִדן און ייִדישע דענקער. וואָס דאַרפֿט איר מער, נעמט אחד העם. אים אַליין איז אויסגעקומען זיך צו שפּאַרן, און מיט אַ סך לאָגיק און ייִדישער קענטעניש, מיט יענע ייִדישע שרײַבער, וואָס האָבן געוואָלט „איבערקערן די קערה”, זיך אָפּזאָגן פֿון ייִדישער ירושה און אָנהייבן אַ ייִדיש לעבן פֿון בראשית. פֿונדעסטוועגן האָט אויך ער זיין גאַנץ לעבן נישט געקענט קומען צו זיך פֿון דעם קאָפּשווינדלדיקן שפּרונג פֿון ייִדישקייט צו אַ פֿרעמדער קולטור, וואָס ער האָט געמאַכט אין זײַנע יונגע יאָרן. הזרט אויך ער איבער די פֿאַלשע טענה, אַז ייִדן זענען נישט קיין עם־הספר, נייערט קנעכט פֿון ספר, אַ פֿאָלק „וואָס זיין נשמה איז אַרויסגעפֿלויגן פֿון זיין האַרץ און זיך באַזעצט אין דער שריפֿט”. באשר בכן, איטלעכעס געפֿיל, וואָס קומט אויף בײַ ייִדן, איטלעכע נײַע באַדערפֿעניש, באַדאַרפֿן פֿריער באַקומען אַ הסכמה פֿון דער שריפֿט, פֿון דער פֿאַרשריבענער תורה. קען אָבער אחד העם צו גוט ייִדישע גע־

שיכטע, זיך נישט צו דערמאָנען, אַז עס איז נישט אַלע מאָל אַזוי געווען ביי יידן. והראיה, די נביאים, וואָס האָבן גראָד גערעדט פון האַרצן און צום האַרצן. והראיה, די חכמים, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט צו פאַרטייטשן עיין תחת עין — ממון. אָבער, זאָגט ער, דאָס אַלץ האָט זיך שפּעטער געענדערט. און אויך די תורה שבעל־פּה, די תורה אין אַנטוויקלונג, אָדער ווי אחד העם באַצייכנט זי על־פּי טעות, ווי די „תורה פון האַרצן", איז אויך פאַרשטיינערט געוואָרן אין שריפט. ווייזט ער נישט אָן, אין וועלכן מאָמענט פון אונדזער געשיכטע איז דאָס פאָרגעקומען, הגם די צייט צו וויסן, וואָלט דאָ געמיינט — אַלץ וויסן: אָדער, אַז אַזאַ שטילשטאַנד איז באמת אָנגעקומען אין אַ געוויסער עפּאָכע, אָדער, אַז די גאַנצע מעשה איז אַ טעות. אַזוי צי אַזוי, אָבער פון יענעם אומבאַשטימטן מאָמענט אָן זענען יידן, לויט אחד העמען, פאַרשקלאַפט געוואָרן ביי דער שריפט. און אויף איטלעכער שאלה, וואָס מאַכט זיך, איז דאָ נאָר איין תשובה „ניתי ספר ונחזי" — לאָמיר אָקאָרשט זען, וואָס שטייט וועגן דעם געשריבן (1).

ד"ר יעקב קלאַצקין איז געווען דער, וואָס האָט דאָ, ביי אָט דעם פּראָבלעם, פּונקט ווי ביי אַ סך אַנדערע, איבערגעריסן מיט די השכלה־השגות און מיט אַ דורכדרינגענדיקן אויג אַנטפּלעקט אין דער רבנות דאָס שפּרודלדיקע לעבן. שטעלט ער זיך אַנטקעגן דער אָנגענומענער אָבער פאַלשער מיינונג, אַז רבנות האָט באַטייט פאַרשטייפטקייט אָדער גאָר דעגענעראַציע פון יידישן גייסט. אין די שאלות ותשובות, זאָגט ד"ר יעקב קלאַצקין, איז באַהאַלטן מער וויטאַליטעט פון יידישער ווירקלעכקייט ווי אין דער נייער העבראַאישער ליטעראַטור, הגם זי שרייט מיט קולות וועגן יידישן רענעסאַנס. נאָר די נאַאיווע יידישע פריידענקערײַ האָט געקענט חוזק מאַכן פון די רבנישע „דקדוקי עניות", פון דער אכזריות פון פאַרשפּאָטענעם קוצו של יוד, דאָס הייסט אָפּלאַכן פונעם גענעץ־כאַראַקטער פון אונדזער אמונה (2).

אָבער חוץ דעם דאָזיקן אויסנאַם, זענען די פאַרטרעטערס פון דער השכלה אין אַלע אירע פאָרמען, דער אַסימילאַטאָרישער, נאַציאָנאַלער און סאָציאַליסטישער, געבליבן פעסט דערביי, אַז די טראַדיציאָנעלע יידישקייט, ווי אונדזערע חכמים און רבנים האָבן זי אויסגעפורעמט, ליידט פון אַ סקלעראָז, איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרן און פאַרלוירן די פעיִקייט זיך צו באַוועגן. און אויב איך האָב דאָ, צווישן די פילצאָליקע אָנהענגער פון דער דאָזיקער מיינונג געבראַכט אחד העמען איז דאָס טאַקע דערפאַר, וואָס ביי אים, ווי ביי אַ גרויסן דענקער, זעט זיך בולט־

טער אַרויס דער פּאַטאַלער פעלער, וואָס צו אים פירט אומפאַרמיידלעך יעדער ברוך מיט דער נאַטירלעכער יידישער עוואָלוציע, דאָס הייסט — מיט דער יידישער טראַדיציע. אחד העם האָט טיפער ווי אַ סך פון זיין דור, און אויך פון אונדזער צייט, פאַרשטאַנען אַז יידישקייט איז אַ לעבנס־לערע און נישט קיין רעגיסטער פון גלויבנס־דאָגמעס. האָט ער געוואוסט אַקוראַט און גענוי, אַז יידישקייט איז אַ סיסטעם פון נאָרמעס מאָראַלישע און רעכטלעכע, וואָס רעגולירן דאָס גאַנצע לעבן פונעם יחיד און פונעם כלל, הן די באַציאונגען צווישן מענטשן און הן — פון דעם מענטש צו זיין באַשאַפער. און פונדעסטוועגן איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן זיך צו פרעגן, צי ווערן נישט ביי אַלע פעלקער פון דער וועלט פּראָבלעמען פון געזעץ פאַרענטפערט פונקט אויף דעם אייגענעם שטייגער ווי ביי אונדז, מיטן „ביתי ספר ונחזי". צי ווענט אַ וועלכער, נישט איז ריכטער אָדער טריבונאַל אַדויסטראָגן אַ פסק־דין און נישט קאָנסולטירן פריער דאָס געזעץ־בוך? אַפילו אין די משפטים, וואָס קומען פאָר מיט דער אַסיסטענץ פון געשוואוירענע פאָלקס־ריכטער, זאָגן די לעצטע נאָר אַרויס זייער געוויסן־אורטייל וועגן שולדיק אָדער נישט־שולדיק און דער האַרבקייט פון דער שולד. אָבער זייט ביי זייט מיט זיי און איבער זיי, זיצט דער פאַרטרעטער פונעם רעכט און ער באַשטימט די שטראָף לויטן געזעץ־קאָדעקס. קומט אויס, אַז אויך ביי די אַנדערע פעלקער איז דאָס געזעץ אַ „טויט אות". דער חילוק צווישן זיי און אונדז באַשטייט נאָר דערין, וואָס ביי זיי קוקט מען אַריין אין ספר גאָר זעלטן, און נישט לאו כל אדם זוכה. וואָרעם די געזעץ־קענטעניש איז דאָרט געוואָרן אַ פאַך, אַן ענין פון ספעציאַליסטן־אַדוואָקאַטן, אוניווערזיטעטס־פּראָפעסאָרן און ריכטער, בעת אונדז איז אָנגעזאָגט געוואָרן אַריינצוקוקן אין דער תורה „טאָג און נאַכט" און דער דאָזיקער אָנזאָג איז חל אויף אַלע יידן אָן אויסנאַם. במילא וועט איר ביי אונדז דעם „לאָמיר זען, וואָס עס שטייט געשריבן" הערן אַזוי אָפט און ביי אַלע געלעגנהייטן, און נישט בלויז אין געריכט, אין יורידישן קאַבינעט און פון דער קאַטעדרע. איז דאָס בלויז אַ סימן פון אַ הויכער קולטור־מדרגה, וואָס ביז איצט האָט נאָר איין איינציק פאָלק דערגרייכט. און אויב אין אונדזערע צייטן הערט מען שוין אויך ביי אונדז גאָר זעלטן אָט דעם ספר־אַרגומענט, איז דאָס דערפאַר, ווייל מיר קענען זיך מער נישט האַלטן אויף דער דאָזיקער מדרגה און זינקען אַלץ נידעריקער און נידעריקער אין תהום פון עם־הארצות, און גלייכן זיך אויס אַזוי אַרום מיט אַנדערע. „קנעכט ביים ספר" זענען גראָד געווען די אומות־העולם, וואָס פאַר זיי

איז עס געווען פאַרזיגלט מיט זיבן זיגלען, קנעכט ביי אים גופא און נאָך מער ביי די „וועכטער פון געזעץ“, וואָס נאָר זיי האָבן געקענט זיינע סודות. ביי יידן אָבער איז דאָס ספר נישט געווען קיין פרעמדער אויסנדיקער כוח, וואָס מען מוז זיך אים אונטערוואַרפן, נייערט אַן אייגנס און אַ טייערס. אַנשטאָט דאָס ספר זאָל הערשן איבער זיי, האָבן יידן געהערשט איבער אים, ווייל מיט אים געלעבט. נישט קיין שווערע לאַסט איז די תורה געווען פאַר יידן, נישט קיין אַלטער באַלאַסט, נייערט אַן איבערלעבעניש פון יעדן טאָג, בכן — תמיד ניי און פריש, ווי יעדער נייער גאָטס טאָג איז פריש. האָבן שוין, דוכט זיך, די מזרח־יקעס אַמאָל געזאָגט, אַז די תורה איז אַ שווערע משא פאַר יענע, וואָס ווילן זי טראָגן אויפן שפיץ־פינגער, אָבער לייכט ווי אַ פעדערל פאַר די, וואָס טראָגן זי בכל לבב ובנפש, מיטן גאַנצן האַרץ און מיט דער גאַנצער זעל. אין דעם מאָמענט אָבער, ווען געוויסע יידן האָבן אויפגעהערט מיט דער תורה צו לעבן, איז זי פאַר זיי געוואָרן טויט ווי אַ שטיין און שווער ווי אַ באַרג. נישט די תורה איז געוואָרן אַנדערש, נישט איר יאָך איז געוואָרן דריקנדיקער, נישט איר פּלייצע האָט זיך אָפּגעשטעלט, נייערט זיי, די דאָזיקע יידן, זענען געוואָרן אַנדערש. פאַר זיי איז זי געוואָרן אַ פרעמדע און אַ ווייטע, במילא אַן איבעריקער באַלאַסט, אָן שום זינען און תכלית. האָבן זיי אויפגעהערט צו לעבן מיט איר, האָט זי פאַר זיי פאַרלוירן איר חן און איר חיות און איז געוואָרן אַ טויטע מומיע. האָט זיך דער שפּרודלדיקער לעבנס־קוואַל אויסגעשעפּט און פון דעם „מים־חיים“ איז געוואָרן אַ שטייענדיקער זומפּ.

ערשט דעמאָלט האָט זיך די דאָזיקע יידן געקענט דוכטן, אַז עס לאָזט זיך גאָרנישט פאַרענטפערן די קלאָץ־קשיא, ווי אַזוי קען זיך אַנטוויקלען אַ תורה, אַן אַבסאָלוטע, אַ געגעבענע פון אויבן און נישט פון מענטשן געשאַפענע. די פראַגע האָט זיך פאַר די צאַמאָליקע יידישע חכמים נישט געשטעלט. רמזים אויף דעם, אַז זיי האָבן זיך יאָ געפרעגט די דאָזיקע שאלה, געפינען מיר לרוב. אָבער טאַקע נישט מער ווי רמזים און נישט אין דער פאָרם פון אַ קלאָר־פאָרמולירטן פּראָבלעם. פאַר דעם גלויביקן יידן איז דאָס גאָר קיינמאָל קיין פּראָבלעם נישט געווען. האָט ער גע־גלויבט אינעם געטלעכן אָפּשטאַם פון דער תורה, איז פאַר אים במילא געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז זי איז אַ תורת חיים. און ווי באַלד זי איז אַ לעבעדיקע לערע, מוז זי האָבן אַ תשובה אויף אַלע לעבנס־פראַגן. און איז די תשובה אין דער תורה גופא נישט פאַרשריבן, איז דאָס אונ־דזער אויפגאַבע פון איר זי אַרויסצוזוכן, אַרויסצודרינגען. די תורה

איז טאַקע פון הימל, אָבער די שליסלען צו איר ליגן אין מענטשנס האַנט, און דערפאַר איז זי נישט אויפן הימל (לא בשמים היא). זענען אויפגעקומען נייע עטישע השגות, האָט די צייט געבראַכט מיט זיך נייע באַדערפענישן און נייע פּראָבלעמען, האָבן יידישע חכמים, ווייל זיי זענען געווען דורכגעזאַפּט מיט דעם גייסט פון דער תורה און קיין סוד איז פאַר זיי נישט געווען פאַרבאַהאַלטן, תמיד געפונען אין איר די תשובה, וואָס איז געווען אין האַרמאָניע מיט די נייע באַגריפן און נויטן. דאָס דאַרף נישט פאַרשטאַנען ווערן, אַז זיי האָבן געהאַט די כונה צוצופּאַסן די תורה צו די נייע אידעען און נויטבאַדערפענישן, דאָס הייסט נישט, אַז זיי האָבן באַוואוסטזיניק קאָנסטרואירט געקינצלטע „לעגאַלע פיקציעס". ניין, זיי זענען געווען זיכער אין זייער גלויבן און במילא דעריק, אַז די תורה האָט אַלץ פאָראויסגעזען און פאַר אַלץ פאָראויס געזאָרגט. אחד העם האָט קיין נייעס נישט מחדש געווען, בעת ער האָט געזאָגט, אַז די חכמים, וואָס האָבן געטייטשט, אַז עין תחת עין מיינט געלט־שטראָף, זענען געווען טיף איבערצייגט, אַז טאַקע דאָס, און נישט עפּעס אַנדערש, האָט געמיינט די תורה גופא, ווייל זי האָט בשום אופן נישט געקענט געבאָטן עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען קעגן זייער מאָראַלישן באַוואוסטזיין — נקמה אַנשטאָט גערעכטיקייט.

האָבן טאַקע יידישע חכמים, ווי מיר וועלן נאָך דאָס זען, איינגעפירט נייע דינים און תקנות, וואָס די צייט האָט געפאָדערט, אָבער דעם כוח הרשאה דאָס צו טון האָבן זיי געפונען אין דער תורה גופא. און הגם דער חילוק צווישן מדאורייתא און מדרבנן, צווישן ראשונים און אחרונים, צווישן דינים, תקנות און מנהגים, איז ביי יידן אַלע מאָל געווען גילטיק, איז אָבער די הייליקייט פון דער תורה און פון דער געטלעכער אינספּיראַציע פאַרשפּרייט געוואָרן אויף אַלץ, וואָס מען האָט מאָדיפיצירט אָדער מחדש געווען, בתנאי, אַז דאָס איז געטון געוואָרן אינעם פולן גלויבן, אַז אַלע חידושים און שינוים זענען געמאַכט על־פי רוח התורה. די אויטאָריזאַציע הערצו האָבן זיי געפונען קלאָר אויסגעדריקט אין דער תורה גופא: „לויט דער לערנונג, וואָס זיי (די כהנים און די ריכטער) וועלן דיך לערנען און לויט דעם משפט, וואָס זיי וועלן דיר זאָגן, זאָלסט דו טון; זאָלסט זיך נישט אָפּקערן פון דעם וואָרט, וואָס זיי וועלן דיר זאָגן, רעכטס אָדער לינקס" (דברים, י"ז, י"א). פונעם דאָזיקן כלל־גדול איז געווען נישט מער ווי אַ לאָגישער אויספיר דער מאמר „אַפילו מה שתלמיד ותיק עתיד להורות לפני רבו כבר נאמר למשה בסיני" (ירושלמי, פאה פ"ב, ה"ד). געפינט איר אין תנא דבי אליהו וויטער גע־

שפּינט דעם אייגענעם געדאַנק און קלאָרער אַרויסגעבראַכט: ווער עס איז מחדש דברי תורה, איז עס געגליכן, ווי מען וואָלט אים דאָס געזאָגט הערן פון אויבן. בילדלעך גיט דאָס אונדז צו פאַרשטיין די אגדה (מנחות, כ״ט, ב). דערציילט זי, אַז הקדוש ברוך הוא האָט געוויזן משה רבנו, ווי רבי עקיבא זיצט און לערנט מיט זיינע תלמידים. משה רבנו איז דער דרוש געווען אומבאַוואוסט און פרעמד, האָט ער זיך אָבער באַרואיקט, בעת ער האָט געהערט, ווי רבי עקיבא האָט אויף דער פראַגע פון זיינע תלמידים, פון וואַנען ער נעמט עס, געענטפערט, אַז דאָס איז אַ „הלכה למשה מסיני״. די דאָזיקע אגדה האָט נישט קיין אַנדערן מיין, און דער דאָזיקער מיין איז טיף און גילטיק עד־היום, אַז אויב אַ חידוש ווערט געמאַכט אין טיפן גלויבן, אַז דאָס קומט פון באַרג סיני, קומט עס טאַקע פון דאָרט, און דער חידוש באַקומט קראַפט און הייליקייט. געפינען מיר אין די תשובות פון די גאונים נישט זעלטן דעם אויסדרוק: כך הראוני מן השמים״ (3). דער אלפ״ס, וואָס איז זיכער געווען אַן ענו, ווי בכלל אונדזערע חכמים, דערקלערט וועגן איינער פון זיינע סברות, אַז זי איז אַ הלכה למשה מסיני (3a) און קיינער האָט דערין נישט געזען קיין סימן פון גרויסהאַלטעריי. אַזוי נאַטירלעך האָט דאָס געקלונגען אין דעמאָלטיקע יידישע אויערן.

דערפון איז געדרונגען, אַז להיפוך צו דער מיינונג וועגן דער פאַרשטיינערונג פון דער תורה, זענען די מעגלעכקייטן פון איר אַנטוויקלונג ממש אומבאַגרענעצט, חוץ דער איינציקער גרענעץ, וואָס איז פונדאַמענטאַל־וויכטיק און וואָס אים טאָר קיינער נישט אַריבערטרעטן. דאָס איז די גרענעץ פון גלויבן אין גאָטס וואָרט, אין זיין ריכטיקייט און גערעכטיקייט. אָפּהיטנדיק די דאָזיקע גרענעץ, האָט דער יידישער בית־דין אַ סך מער פרייהייט און אויטאָנאָמיע און איז ווייניקער געבונדן מיטן אות פון געזעץ, האָט אַ גרעסערן און ברייטערן שאַפונגס־שטח, ווי אַ וועלכער נישט איז גויאישער טריבונאַל, וואָס משפּט לויט מענטשלעכע געזעצן. אַ בית־דין פון אַ לעבעדיקן דור קען מבטל זיין דעם פסק פון אַ פריערדיקן בית־דין, דאָס הייסט, אַז אַ געריכטס־פּרעצעדענט איז פאַר אים נישט בינדנדיק. ער מוז בלויז פילן, ווי דאָס איז נאַטירלעך, גענוג אויטאָריטעט אין זיך גופא, אַן אויטאָריטעט באַגרינדעט אויף דער צאָל פון די מיטגלידער פון בית־דין און זייער חכמה, ווארעם „אין בית־דין יכול לבטל דברי בית־דין חברו אלא אם כן גדול ממנו בחכמה ובמנין״ (עדיות פ״א, מ״ה).

די דאָזיקע ברייטע קאָמפּעטענץ, הן פון איינצלנע חכמים און הן פון

יידישן בית־דין האָט געמוזט אויפהייבן די פראַגע, וואָס זאָל זיין, אויב די חכמים גייען זיך פונאַנדער אין זייערע מיינונגען. איז די תשובה, וואָס ווערט אויף דעם געגעבן, טיף־כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן דת און וואַרפט אַ העלן שיין אויף דעם סינטעז, וואָס אונדזערע חכמים האָבן געשאַפן צווישן תורה מן השמים און עוואָלוציע פון געזעץ. זאָגט דער ירושלמי (סנהדרין, פ״ד, ה״ב), אַז הקדוש ברוך הוא האָט איבערגעגעבן משה רבנו וועגן יעדער זאַך ניין און פערציק אופנים צו טייטשן פאַר און ניין און פערציק — קעגן (מ״ט פנים טמא ומ״ט פנים טהור). קומט אויס, אַז ווי אַ בית־דין זאָל נישט פּסקענען, וועט ער דאָך האָבן מכוון געווען צו גאָטס ווילן. וואָרעם אַז משה רבנו האָט געפרעגט ביים רבונו של עולם, ווי זשע איז פאָרט דער דין, האָט אים גאָט געענטפערט: אחרי רבים להטות. קען מען דאָ פרעגן הונדערט און איין שכלדיקע קשיות, אָבער קיין שום לאָגיק וואָלט נישט געווען בכוח אַזאַ סינטעז צו שאַפן, וואָלט נישט געקענט באַווייזן דאָס וואונדער, וואָס דער פּסיכאָלאָגישער אמת, באַהאַלטן אין דער דאָזיקער אגדה, האָט באַוויזן: אויפהיטן דעם גלויבן אין דער הייליקייט פון געזעץ און גלייכצייטיק זיין לעבעדיקייט און פליסיקייט.

גראָד דערפאַר, וואָס אונדזערע אַמאָליקע, אָנגעהויבן פון די אנשי כנסת הגדולה און די סופרים, דורך די תנאים און אמוראים, די רבנן סבוראי, גאונים און פוסקים, ביז צו די אחרונים, זענען געווען פעסט אין זייער גלויבן אין דער תורה מן השמים, זענען זיי אויך געווען זיכער אין זייער רעכט צו ענדערן אַלטע דינים און תקנות און איינצופירן נייע, נישט געקוקט אויפן לא תוסיף עליו ולא תגרע ממנו. אַזוי ווי זייער אוי־טאָריטעט האָט געשטאַמט פון דער תורה גופא, האָבן זיי געמעגט טון דאָס, וואָס אַנדערע האָבן נישט געטאָרט, איבערגיין איבער דעם אָדער יענעם דין, בעת עס איז געווען עת לעשות לה׳ (ברכות, פ״ט, מ״ה) אָדער מפני תקון העולם. רבי יהודה הלוי האָט אפילו געזאָגט אַז אַ צופעלע „אפּיקורסות״, אַז מיטן איסור עפּעס אַראָפּצונעמען אָדער צוצוגעבן צום געזעץ האָט מען געמיינט דעם המון אומוויסנדיקע. מען האָט דערמיט געוואָלט אויסמיידן, אַז איטלעכער זאָל זיך פריי הכמענען און חקרענען, לויט זיין אייגענעם פאַרשטאַנד, ווי דאָס האָבן געטון די קאַראַאימער. אָבער צו געהאָרכן וואָס עס וועלן לערנען די נביאים, די כהנים און די שופטים, האָט די תורה אַליין געבאָטן, ווייל די שכינה שטייט זיי ביי (כוזרי, מאמר שלישי, מ״א).

די מאָטיוון אויף מוסיף צו זיין אָדער אויף אַראָפּצונעמען זענען געווען

פארשידן, אבער תמיד דיקטירט דורכן ווילן צו ברענגען דעם יידישן דת אין הארמאניע מיטן געענדערטן פאלקס־באוואוסטזיין און מיט די נייע פאלקס־נויטן. אויך דא איז געווען א צופאסונג, אבער אן אינעוויניקסטע, במילא אן ארגאנישע. איז דער עין תחת עין־ממון ארויסגערופן געווארן דורך א נייעם רעכטס־באוואוסטזיין, זענען דער פרוזבול פון הלל הזקן, דער עירוב, ווי שפעטער דער היתר עסקא, געקומען ווי א נויטווענדיקייט פון נייע סאציאלע און ווירטשאפטלעכע פארהעלטענישן, וואס האבן נישט געקענט אויסהאלטן די אמאליקע חומרות. נישט בלויז אין דיני נפשות און אין דיני ממונות, נייערט אויך אין ענינים, וואס געהערן צו דער עבודה, צום געבעט, וואו פארם און טראדיציע מוזן בטבע זיין שטאנדהאפטיקער, סטאבילער, ווי אין די נארמעס, וואס רעגולירן די באציאונגען בין אדם לחברו, אפילו צו אט דעם הייליקסטן פון אלע הייליקע, האט אויך די נאטירלעכע און נויטיקע עוואלוציע זיך דורכגעבראכן א וועג. די איינפירונג פון כתב אשורי אנשטאט דעם טראדיציאנעלן כתב עברי, אין דער צייט פון עזרא הסופר, דאס מתקן זיין פון תפילות נאך בעת דער בית־שני איז געשטאנען, פאראלעל מיט די קרבנות, און שפעטער נאכן חורבן — אויף זייער ארט, איז איינע פון די בעסטע ראיות פאר דער צופאסונגס־פעאיקייט פון דעם קולט גופא. אהער געהערט אויך די איינפירונג פון קריאת התורה בציבור און פון איר איבערזעצונג און אויסטייטשונג (תרגום האט געמיינט אי דאס, אי יענץ) אויפן יידיש־אראמעאישן פאלקס־דיאלעקט. די דאזיקע ממש רעוואלוציאנערע רעפארמען האבן נישט בלויז נישט געטראפן קיין שום אפאזיציע, נייערט . מען האט געזאגט אויף די „רעפארמערס”, אויף עזרא וסיעתו און די אנשי כנסת הגדולה, דעם העכסטן שבח, וואס קען נאר געמאלט זיין, דהיינו, אז זיי האבן געשטארקט, אויסגעבעסערט און פארפולקאמט די תורה (חזקו ותקנו ועדנו את התורה).

אויב אחד העם האט אינעם אויבן ציטירטן ארטיקל, זאגנדיק, אז אין א געוויסן מאמענט האט זיך די אנטוויקלונג פון דער תורה אפגעשטעלט, געמיינט דעם מאמענט פון חתימת התלמוד, וואלט דאס געווען בפירוש א טעות. אויך דעמאלט איז קיין שטילשטאנד נישט איינגעטרעטן. גענוי ווי דער אפשלוס פון דער משנה דורך רבנו הקדוש האט נישט געשטערט די אמוראים, בפרט איינעם פון זייערע אויסגעצייכנטסטע, שמואל בן־אבא בר אבא, איינצופירן פארלייכטערונגען בנוגע צו צוויי יידישע יסודות־דיקע געבאטן, שבת און חמץ בפסח, פונקט אזוי האבן אויך די רבנן

סבוראי און די ערשטע גאונים זיך נישט אָפּגעשראָקן צו מאַכן נייע תקנות, וואָס זענען נישט געווען אין הסכם מיט די תנאים אָדער אמוראים, אַפילו אין טעקסט גופא פונעם „אָפּגעשלאָסענעם" תלמוד האָבן זיי זיך דערלויבט אַריינצוטראָגן הוספות אָדער אַרויסצולאָזן געוויסע שטעלן. אויך שפּעטער זענען געוויסע פּרושים פון רש"י אַריינגענומען געוואָרן אין טעקסט גופא פון תלמוד. באַטייטנדיקע רעפאָרמען אין דיני גיטין, וואָס זענען אין תלמוד נישט פאָראויסגעזען געוואָרן און וואָס זייער כוונה איז געווען צו געבן מער רעכט דער פרוי, זענען איינגעפירט געוואָרן דורך די גאונים. אויף אַ גאַנצער סעריע תקנות פון די גאונים אין דיני משפחה און דיני ממונות איז, לויט דער מיינונג פון אייזיק הירש ווייסן, נישט בלויז נישט געווען צו געפינען קיין רמז אין תלמוד, נייערט אין אַ סך פאַלן זענען זיי געווען אין סתירה מיט אים. אָבער אויך צו דיני איסור און היתר האָבן זיי זיך איינגעשטעלט צוצורירן, ווי למשל די פאַר־לייכטערונגען בנוגע צו דעם ווייַן פון די מוסולמענער, צו וועלכן זיי האָבן אויפגעהערט אָנצואווענדן דעם אומבאַגרענעצטן פאַרווער פון יין נסך. אַ גרויסער טייל פון די תקנות פון די גאונים האָבן זיך באַצויגן צום סדר התפילות. אַזוי, למשל, האָט מען מתיר געווען מפסיק צו זיין די ברכות אויף צו זאָגן פיוטים, הגם די לעצטע זענען אַ סך שפּעטער אויפגעקומען (3[b]).

אין אַלע צייטן זענען ביי יידן אויפגעשטאַנען חכמים, וואָס האָבן אין זיך געשפּירט גענוג אויטאָריטעט, און זייער אויטאָריטעט איז אָנערקענט געוואָרן פון פאָלק, און זיי האָבן זיך איינגעשטעלט איינצופירן נייע תקנות, לויט די השגות און פאָדערונגען פון זייער צייט, אויף דעם זאָגן עדות די פאַרשידנאַרטיקייט פון די לעצטע. אַזוי געפינען מיר תקנות חכמים, תקנות הגאונים, תקנות הקהלות, תקנות השוק און תקנות, וואָס טראָגן דעם נאָמען פון איינצלנע חכמים, אַלע הן לחומרא און הן לקולא. גענוג צו דערמאָנען דעם מאור הגולה, רבנו גרשום, זיין חרם אויף פּאָליגאַמיע און זיינע תקנות אין עניני גיטין; דעם רבנו תם און די קולות, וואָס ער האָט איינגעפירט בנוגע צו חמץ בפסח, יין נסך, כשרות, שבת וכדומה, ווי אויך זיינע תקנות עגונות; דעם סמ"ע פון לעמבערג, וואָס אויפן סמך פון זיין קונטרס האָט דער ועד ארבע ארצות אין 1607 איינגעפירט די פּראַקטיק פון היתר עסקא. וואָס איז שייך דעם רמב"ם, האָט ער אין זיין פירוש צו דער משנה נישט בלויז זיך דער־לויבט צו מאַכן פירושים אין סתירה צו די גאונים, נאָר אין געוויסע פאַלן האָט זיך, אַלס רעזולטאַט, באַקומען אַן ענדערונג פון דין גופא (4). און אויב די

מיטצייטלערס פון רמב״ם און די שפּעטערדיקע רבנים האָבן אָפּט און שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן אים, איז דאָס נישט געווען וועגן אָט די שינויים, וואָס ער האָט געמאַכט, ביירעט, ווי מיר וועלן דאָס זען שפּעטער, גראָד צוליב די פּאַרקערטע מאָטיוון, מחמת זיי האָבן אים חושד געווען, אַז ער האָט געוואָלט אין פּרינציפּ בינדן דאָס יידישע געזעץ און עס אָפּשטעלן אין זיין נאָרמאַלער אַנטוויקלונג.

האַלטן די איינע די חתימת התלמוד פאַרן לעצטן עטאַפּ פון דער עוואָלוציע פון דעם יידישן דת, זענען אַנדערע גוטה אָנצוהייבן דעם דאָזיקן טויטן־פּונקט מיט ר׳ יוסף קאַרוס שולחן ערוך. איז אָט די מיינונג פּונקט אַזוי נישט ריכטיק ווי די ערשטע, הגם עפּעס מער באַגרינדעט. די משכילים האָבן זייער גאַנצן כעס און צאָרן אויסגעלאָזט צום שולחן ערוך. מחמת וואָס איז, ער האָט כלומרשט אויף שטענדיק און אייביק פאַרפיקסירט יידישע דינים און מנהגים, געבונדן יידן ווי מיט שטריק, זיי זאָלן חלילה נישט מאַכן די מינדסטע באַוועגונג אויף רעכטס צי אויף לינקס. לערנט אונדז אָבער די געשיכטע פון דער יידישער הלכה דעם היפּוך דערפון. דער רמ״א האָט געמאַכט נישט ווייניק הוספות צום שולחן ערוך. און, לויט דער קאָמפּעטענטער מיינונג פון רב צעיר, זוענן אין די דאָזיקע הוספות די קולות איבער די חומרות (5). דער רמ״א איז געווען דער, וואָס האָט פאַרפעסטיקט אַ וויכטיקן יסוד אין דער הלכה, אַז ביים פּסקענען אַ שאלה דאַרף מען זיך רעכענען דערמיט, צי וועט נישט פון אַ חומרא אַרויסקומען קיין גרויסער שאָדן (הפסד מרובה). און הגם דאָס האָט געקענט זיין פאַר יענע צייטן אַ חידוש אין דעם מעטאָד, געפינען מיר אָבער דעם תוך גופא דערפון שוין אין תלמוד (התורה חסה על ממונן של ישראל, ראש השנה כ״ז א׳ און פיל אַנדערע שטעלן). דער דאָזיקער מעטאָד פון רמ״א האָט געמאַכט עלאַסטישער דעם דין און אים געלאָזט זיך לייכטער צופּאַסן צו קאָנקרעטע פאַרהעלטענישן, ווי אויך צום מצב פון די פאַראינטערעסירטע, בעת עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אינדיווידועלע פאַלן. דערמיט איז דעם מורה־הוראה געגעבן געוואָרן מער פרייהייט. אַפילו אַזעלכע יסודותדיקע ענינים ווי כשר און טריף, ווערן, אין אַ געוויסער מאָס, רעלאַטיוו. וואָס עס קען אין נאָרמאַלע צייטן זיין טריף, קען געכשרט ווערן אין צייטן פון הונגער אָדער פון שפּייז־מאַנגל. וואָס פאַר אַ גביר וועט זיין טריף, קען פאַר אַן אָרעמאַן געכשרט ווערן, אַבי זיין עונג שבת נישט צו צעשטערן. אַפילו אויף אַ געוויסער צייט־דיסטאַנץ נאָכן דערשיינען פונעם שולחן ערוך, און הגם זיין אויטאָריטעט צווישן רבנים און פאָלק איז אינצווישן

געוואָרן אומבאַשטרייטבאַר, האָבן זיך געפונען אַ רייע גדולים, וואָס זענען זיך מיט אים אין אַ סך ענינים פונאַנדערגעגאַנגען, ווי רב צעיר האָט דאָס בפרטיות באַוויזן אין זיינע אַרבעטן וועגן שולחן ערוך, זיין געשיכטע, זיין פאַרשפּרייטונג און זיינע מפרשים, וואָס ער האָט פאַר־עפנטלעכט אין „השלח" און אין „התקופה". פאַר אונדזער ענין איז נישט נויטיק צו באַרירן אַט די אַלע פרטים. עס וועט גענוג זיין צו קאָנסטאַ־טירן, אַז סוף זיבעצנטן יאָרהונדערט האָט זיך געפונען אַן אָנגעזעענער רב, ר' חזקיה דע סילוואָ, וועלכער האָט געלעבט אין ארץ־ישראל און איז נישט בלויז זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט ר' יוסף קארו אין איינצלנע ענינים, נייערט ער האָט באַשטריטן די אויטאָריטעט גופא פון שולחן ערוך. און געטאָן האָט ער עס אין אַ חיבור, וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ פירוש צום שולחן ערוך. און הגם די רבנים פון זיין צייט האָבן שטאַרק געמורמלט קעגן ר' חזקיה וואָס האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט אַזאַ ריז, האָבן זיי אָבער מורא געהאַט אים צו טשעפּען, ווייל אויך זיין אויטאָריטעט איז אומעטום געווען אָנדערקענט. ערשט נאָך זיין פּטירה, האָט מען זיין ספר, דעם „פרי חדש", געהאַט אַריינגעלייגט אין חרם. דער דאָזיקער חרם איז אָבער געבליבן אַ טויט וואָרט און נישט אויפגעהאַלטן די פאַרשפּרייטונג פונעם חיבור (6).

עס איז מאָדנע, ווי די משכילים און זייערע שפּעטערדיקע נאָכפאָל־גערס פון צווישן דעם יידישן נאַציאָנאַלן לאַגער, יענע וואָס האָבן זיך צום טייל, אָבער נישט אינגאַנצן, באַפרייט פון דער השכלה־השפעה און וועלכע האָבן זיך אַזוי געקלאָגט אויפן פּאַראַליטש פון דעם יידישן האַרץ אין דער שפּעטערדיקער רבנישער תקופה, האָבן, ווי גאָר נישט באַמערקט אַזאַ גוואַלדיקע געשיכטלעכע געשעעניש, ווי די חסידות, אויפגעקומען גראָד אין דער צייט, ווען, לויט זייער קוק, איז יידישקייט שוין געווען אינגאַנצן פאַרגליווערט, און דער לעבעדיקער גייסט האָט זי שוין געהאַט פאַרלאָזט. חסידות איז געווען ווייניקער, אָבער גלייכ־צייטיק אַ סך מער, ווי אַ נאָרמאַלע עוואָלוציע פון יידישן דת. דאָס איז געווען אַ פּרואוו, וואָס איז געראָטן, אַריבערצוטראָגן דעם צענטער גופא פון יידישקייט פון הלכה צו אגדה. האָט חסידות, און דערמיט דערקלערט זיך איר פולער נצחון אויף דער גאַנצער ליניע, נישט אָנגערירט קיין פּיצל הערעלע פון דער הלכה. חסידים האָבן געהאַלטן אַלע מצוות און זיך געפירט ווי אַלע פרומע יידן. אָבער אַ נייער ווינט, אַ דערפרישנדי־קער און באַלעבנדיקער, האָט אַ בלאָז געטאָן אין דער יידישער עדה. וואַלטן דאָך, דוכט זיך, אַלע, וואָס האָבן געגאַרט נאָך אַ „תורה שבלב",

דאָרט, אין דער חסידות, זי געדאַרפט זוכן און געפינען. פונדעסטוועגן האָט מען געמוזט וואַרטן, ביז עס איז אויפגעשטאַנען דער פאָלקסטימלעכער יצחק לייבוש פרץ, וואָס האָט בפועל זיך געשיידט, אויב נישט תמיד אין זיין פריוואַט־לעבן, אָבער אַלץ מער און מער אין זיין שאַפן, פון דער השכלה, כדי מען זאָל דערזען די נייע ליכט, וואָס איז אויפגעגאַנגען מיט דער חסידות. אויב מען וואָלט געדאַרפט האָבן נאָך אַ בולטע אילוסטראַציע צו דער פאַלשקייט פון דעם גאַנצן משכילישן און רעפאָרמיסטישן געדאַנקען־גאַנג וועגן דער פאַרשטיינערונג פונעם יידישן דת, האָט די חסידות די דאָזיקע אילוסטראַציע געבראַכט.

אַ געוויסע סטאַגנאַציע אינעם גאַנג פון דער יידישער הלכה, וואָס גראָד איר לכתחילהדיקער עטימאָלאָגישער מיין נעמט זיך, כידוע, פונעם ווערב: גיין, קען מען אפשר יאָ באַמערקן אָנגעהויבן פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט, בפרט זינט דער השכלה־ און עמאַנציפּאַציע־עפּאָכע, הגם אויך דעמאָלט קען קיין רייד נישט זיין, אַז זי זאָל האָבן געקומען צו אַ טויטן פונקט. די וואָס קענען אונדזער שאלות ותשובות־ליטעראַטור פון מיטן אַכצנטן און אָנהייב ניינצנטן יאָרהונדערט, און נישט קענענדיק אַליין די דאָזיקע קוואַלן, בין איך זיך סומך אויף יודעי דבר, וועלן אייך זאָגן, אַז הגם מען קען דאָרט נישט געפינען קיין שינויים אין דינים און תקנות, וואָס זאָלן טראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, זענען אָבער זייערע מחברים אין די אינדיווידועלע פאַלן, וואו זיי האָבן געדאַרפט פסקענען, געגאַנגען זער ווייט און מוטיק און ווי די ראשונים, זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר נייקייטן און ענדערונגען, וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק „לתקון העולם”.

איך וועל דאָ ברענגען, ווי אַן אילוסטראַציע דערצו, די שאלה וועגן שמיטה, וואָס האָט זיך סוף די אַכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט געשטעלט פאַר די רבנים אין צוזאַמענהאַנג מיטן לאַנדווירטשאַפטלעכן ישוב אין ארץ־ישראל. אַז אין יאָר 1889 איז אָנגעקומען דאָס שמיטה־יאָר, האָבן אַ רייע רבנים אין ארץ־ישראל און אין חוץ־לארץ, מיטן וואָלאָזשינער גאון ר׳ הירש לייב בראש, דערקלערט, און פאָרמעל זענען זיי געווען אַבסאָלוט גערעכט, אַז די קאָלאָניסטן מאָרן דאָס יאָר די פעלדער נישט באַאַרבעטן, ווייל קיינער קען נישט בטל מאַכן אַ דין פון דער תורה. די ירושלימער רבנים האָבן אַפילו געסטראַשעט אַריינצולייגן אין חרם די קאָלאָניסטן, וואָס וועלן יאָ אַרבעטן. ר׳ שמואל מאָהילעווער, איינער פון די ערשטע חובבי־ציון, האָט אויפגערודערט די גאַנצע רבנישע וועלט, פאַרשטייענדיק וואויל, אַז דאָס רוען דאָס שמיטה־יאָר וואָלט רואינירט

די יידישע לאַנדווירטשאַפט אין איר שווערן התחלה־פּעריאָד. און דעמאָלט האָט די גרעסטע רבנישע אויטאָריטעט פון יענער צייט, ר׳ יצחק אלחנן פון קאָוונע, געשטעלט אויף זיך און מתיר געווען דאָס מאָל יאָ צו אַרבעטן. אמת, ער האָט געהאַט זיך סומך צו זיין נישט אויף קיין קלענערע ווי אויף ר׳ יהודה הנשיא און זיינע תלמידים, וואָס האָבן צוליב אַנאַלאָגישע מאָטיוון, הגם ביי אַנדערע אומשטאַנדן, אונטער דער רוימישער אָקופּאַציע־מאַכט, אַרויסגעלאָזט אַ היתר צו אַרבעטן אויף די פעלדער אין שמיטה־יאָר, כדי צו פאַרלייכטערן דעם שלעכטן מצב פון דער יידישער לאַנד־באַפעלקערונג. ר׳ יצחק אלחנן האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט דעקרעטירן קיין נייעם דין בכלל. האָט ער געגעבן אַ היתר אויף איין איינציק מאָל, אָבער דאָס איז געווען גענוג צו ראַטעווען דעם נייעם ישוב פון אַ קאַטאַסטראָפע.

עס איז דאָ אַ סך גרונט אָנצונעמען, אַז אויב די יידישע חכמים פון די לעצטע צוויי יאָרהונדערטער האָבן זיך אָפּגעהיט צו געבן זייערע פּסקן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, דערקלערט זיך דאָס גראָד דערמיט, וואָס עס זענען אָנגעקומען פון דרויסן בייזע ווינטן און שטורעמס, וואָס האָבן געשטעלט אין סכנה די סוכת דוד הנופלת. עס הייבן זיך אָן אין איר צו באַווייזן געפערלעכע שפּאַלטן. מוזן די „שומרי החומה" פאַרטאָפּלען זייער שמירה און פאַרשאַרפן זייער השגחה. קען גראָד געמאָלט זיין, אַז די פּסיכאָלאָגישע רעאַקציע פון דער טראַדיציע קעגן רעפאָרמאַציע איז אין באַשטימטע פאַלן און אין געוויסע באַציאונגען געווען אַ צו שטאַרקע, אַ נישט גענוג מיושבדיקע. קען געמאָלט זיין, אַז אויך היינט צו טאָג איז זי אָפטמאָל בלינד אָדער נישט אויסגערעכנט גענוג. אָבער פאַרשטענדלעך איז זי, די דאָזיקע רעאַקציע. און אויב עפּעס האָט באמת אויפגעהאַלטן די נאַטירלעכע עוואָלוציע פון אונדזער לעבנס־געזעץ, איז דאָס געווען, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט אויססזען, די שולד פון דער געקינצלטער און פרעמדער רעפאָרמאַציע. זי, און נאָר זי, האָט אַרויסגערופן אַ קאָנפליקט צווישן אַלטן און נייעם, אַ קאָנפליקט, וואָס יידישקייט האָט ביז דעמאָלט נישט געקענט.

וואָרעם עס איז פאַלש פון אָנהויב אָן די פאַרשטעלונג, אַז ביי יידן איז תמיד פאָרגעקומען אַ ויתרוצצו צווישן לעבן און ספר, צווישן רעכטס־באַוואוסטזיין און געשריבענעם געזעץ, צווישן דעם יידן און זיינע מדריכים, די רבנים, וואָס האָבן כלומרשט אכזריותדיק זיך איינגעשפּאַרט דוקא צו אונטערדריקן זיינע נאַטירלעכע מענטשלעכע באַגערן. קאָנפליקטן צווישן די וואונטשן פונעם יחיד און די צרכי הציבור קענען

פאַרקומען און קומען פאַר אומעטום. ביי אַלע פעלקער געפינען מיר אומ־שולדיקע קרבנות פון געזעץ און פון דער יוסטיץ. די אַלטע רוימער האָבן שוין דעם דאָזיקן קאָנפליקט פאָרמולירט אין זייער שפּרוך „דורא לעקס סעד לעקס" — האַרט איז דאָס געזעץ, אָבער עס איז דאָס געזעץ. אַז אַ יחיד ווערט אַמאָל פאַראומגליקט צוליב אַן אות פון אַ דאָקומענט, דאָס קען אומעטום פּאַסירן. און יהודה לייב גאָרדאָן, וואָס האָט פון אַזאַ „קוצו של יוד" געוואָלט מאַכן אַ פאָלקס־טראַגעדיע, האָט דערמיט נאָר באַוויזן, אַז נישט בלויז איז אים דער קוצו של יוד נישט געפעלן, נאָר אַז דער גאַנצער יוד, די גאַנצע יידישקייט איז אים נמאס און פרעמד געוואָרן, און ווייל פרעמד — אַן איבעריקע משא, שווער, נישט אַריבערצוטראָגן. ווען יידישקייט איז טייער און נאָענט, דער מוז מושוה ווערן מיט טראַגישע אינדיווידועלע פאַלן, וואָס יעדעס רעכטס־סיסטעם קען מיטברענגען. ער וועט אָבער, אָנשטאָט צו צעטרייסלען דאָס געזעץ, צוליב די דאָזיקע אויסנאַם־פאַלן, טון אַלץ, וואָס ער קען, כדי אַזוי צו מיל־דערן די אָנווענדונג פון געזעץ, אַז די צאָל פון אומגליקן און די מאָס פון ליידן פון יחידים זאָלן זיין וואָס קלענער, אויב זיי קענען נישט אינגאַנצן אויסגעמיטן ווערן. און גראָד אַזוי האָבן זיך טאַקע נוהג געווען יידישע חכמים, אָנגעהויבן מיט די חכמי התלמוד און געענדיקט מיט די סאַמע לעצטע רבנים פון דער נאָענטער עפּאָכע. גראָד אין דעם פאַל, וואו יל"ג האָט פון זיי אָפּגעשפּאָט און אין דעם רב ופסי געוואָלט פער־סאָניפיצירן זייער אכזריות, האָבן זיי תמיד אַרויסגעוויזן אַן אַ שיעור מענטשלעכקייט און מילדקייט און מיט זייערע תקנות עגונות געטון אַלץ, כדי זיסער צו מאַכן דאָס מזל פון פאַרלאָזטע יידישע פרויען. אויף צו פאַרלייכטערן זייער לאַגע, האָבן די חכמי התלמוד זיך נישט אָפּגע־שטעלט און בפירוש אַרויסגעגעבן בייטע הלכות, אפילו אויב זיי האָבן געמוזט וועגן דעם קומען אין אַ פאָרמעלער סתירה מיט דער תורה, ווי למשל, אַז עס איז גענוג איין איינציקער עדות, אָנשטאָט דעם פון דער תורה פאַרגעשריבענעם מינימום פון צוויי, וואָס באַשטעטיקט דעם טויט פון־נעם מאַן, כדי די פרוי זאָל קענען ווידער חתונה האָבן.

וואָלט באמת געווען אַ שטענדיקער קאָנפליקט צווישן לעבן און ספר, וואָלטן די אינעווייניקסטע מלחמות ביי יידן געוואָרן אַ פערמאַנענטער צושטאַנד, און דאָס לעבן וואָלט סוף כל סוף גובר געווען. אָבער יידן האָבן קיינמאָל אַפילו נישט געקלערט מלחמה צו האַלטן מיטן ספר, וואו זייער גאַנץ לעבן איז געלעגן, וואו זיי האָבן געפונען גליק און טרייסט קעגן רשעות און אכזריות, געקומען נישט פון אייגענע, חלילה, נאָר פון

דער פרעמד. פונקט אַזוי האָבן די חכמים נישט געקעמפט מיטן לעבן און אים נישט געוואָלט אונטעריאָכן אונטער זייער ממשלה. ווער נישט, אויב נישט זיי גופא, האָבן אויפגעשטעלט דעם גרויסן כלל, אַז „אין גוזרין גזירה על הציבור אלא אם כן רוב ציבור יכולין לעמוד בה" (בבא בתרא, ס׳, ב׳ און פיל אַנדערע שטעלן). פונקט אַזוי ווי די פאַרשטעלונג פון די משכילים און רעפאָרמערס וועגן דער אומבאַוועגלעכקייט פון דער תורה איז געווען אַן אַבעראַציע פון עמיצן, וואָס קוקט פון דער הויך און פון אַ ווייטן מהלך, פונקט אַזוי איז די אָנגענומענע מיינונג וועגן דער אייביקער מלחמה צווישן דעם „אות" און דעם „האָרץ" אַ פאַלשער ראיה־זעות פון אַ פרעמדן אָדער אָפּגעפרעמדטן. אַ קאָנפליקט האָט טאַקע געפילט ער און נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט זיך אָפּגעטיילט פונעם יידישן ציבור. אַ פרעמד פעקל צו טראָגן איז שווער, אַפילו אויב ער וועגט נישט קיין סך.

דעם בעסטן באַווייז פאַר דער האַרמאָניע פון לעבן און געזעץ ביי יידן גיט אונדז דער פאַקט, אַז איינער פון די הויפּט־קוואַלן, וואָס פון זיי האָט זיך דאָס געזעץ גופא געשפייזט, זענען תמיד געווען, אין אַלע עפּאָכעס און ביז די לעצטע צייטן, די פאָלקס־מנהגים. צווישן די פאַקטאָרן, וואָס האָבן געהאַט אַ דעטערמינירנדיקע ווירקונג אויף דער עוואָלוציע פונעם יידישן דת, פאַרנעמט מסתמא דער מנהג איינעם פון די ערשטע ערטער, וואָרעם מנהג אבותינו תורה היא. מען קען נישט געפינען קיין קלאָרערן אויסדרוק פון דער פריאָריטעט פונעם פאָלקס־מנהג איבער די גרעסטע אויטאָריטעטן, ווי אין דעם באַוואוסטן מאמר פון ירושלמי, אַז אפילו אויב אליה הנביא אַליין זאָל קומען און זאָגן אַז מען גיט נישט קיין חליצה מיט אַ שוך (סנדל), וועט מען אים אויך נישט הערן, ווייל דאָס פאָלק איז זיך אַזוי נוהג (ירושלמי, יבמות פי״ב, ה״א). קומט אַ מנהג אין אַ קאָנפליקט מיט אַ הלכה, איז דער מנהג בילכער (מנהג מבטל את ההלכה, זע דאָרט גופא און אַנדערע מאמרי התלמוד). ווען עס פלעגן אויפקומען וואַקלעדיקע וועגן דעם, צי איז די אָדער יענע הלכה די ריכטיקע, פלעגן די חכמים צו זאָגן: „פוק חזי מאי עמא דבר" — גיי אַרויס און גיב אַ קוק, ווי דאָס פאָלק איז זיך נוהג (ברכות, מ״ה, א). אַפילו אויב עס האָט זיך צוליב געוויסע טעמים איינגעוואָרצלט אין פאָלק אַ מנהג שטות אַנטקעגן אַ גילטיקער הלכה, אָבער אויב די חכמים האָבן איינגעזען, אַז עס איז נישט מעגלעך דאָס פאָלק פונעם מנהג אָפּצוגעוואוינען, האָבן זיי זיך אָפּגעהאַלטן אָדער איינצופירן אַ נייע גזירה אין הסכם מיטן דין, אָדער אַפילו נישט באַשטאַנען אויף דער אָפּהיטונג פון אַן אַלטער גזירה

און מיט גרויס פקחות האָבן זיי געזאָגט: לאָזט ייִדן צורו, בעסער זאָלן זיי זינדיקן בשוגג, דאָס הייסט נישט וויסנדיק, אַז זיי זענען עובר אויפֿן דין, איידער במזיד (הנח לישראל מוטב שיהיו שוגגין ואל יהיו מזידין. שבת, קמ״ח, ב. ביצה ל׳, א).

די אייגענע באַציאונג פֿון אָפּהונג און ליבע צו פֿאָלקס־מנהגים זעען מיר ביי די גאונים פֿון בבל און ביי די שפּעטערדיקע פּוסקים. רב האי גאון האָט געזאָגט, אַז אַפֿילו אַ מנהג, וואָס אַלטע ווייבער האַלטן זיך ביי אים און וואָס מען קען זיך טעם נישט דערגיין, דאַרף אויך געהאַלטן ווערן טייער (7). די אייגענע וואַרעמקייט צום פֿאָלקס־שטייגער ווייזט אויך אַרויס רש״י. „אַ מנהג, פֿלעגט ער זאָגן, איז נישט קלענער פֿון אַ דין״ „אַ מנהג איז אַ תורה״. אָבער אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער ווען עס איז שוין כּלומרשט, פֿאַרזיגלט, פֿאַרחתמעט געוואָרן די אַנט־וויקלונג פֿון דער תורה, זעען מיר, ווי דער פֿאָלקס־שטייגער פֿאַרלירט נישט זיין חשיבות און זיין רעכטס־שאַפֿנדיקע קראַפֿט. דער רש״ל, איינער פֿון די גרעסטע אויטאָריטעטן פֿון זעכצנטן יאָרהונדערט זאָגט, אַז „אַ מנהג איז מבטל אַ הלכה און אַ דין פֿון די חכמי התלמוד, אַפֿילו אויב זיי האָבן געפֿונען אויף זיי אַ סמך אין דער מקרא. און נישט דווקא אַ מנהג חכמים, נאָר אַפֿילו אַ מנהג פֿון פּאַרגרעבטע מענטשן״ (ספנים והמרים). און ר׳ מרדכי יפה, אַ תלמיד פֿון רמ״א און רש״ל, שטרייכט נאָך מער אונטער די זעלבסטשטענדיקע חשיבות פֿון מנהג און זאָגט, אַז מען דאַרף אַ מנהג האַלטן אַפֿילו אויב ער איז לקולא, דאָס הייסט, געקומען אויף צו פֿאַרלייכטערן דעם דין (8). און אַפֿילו דער רמ״א, וואָס האָט זיך נישט באַציגן בלינד צו פֿאָלקס־מנהגים און געמאַכט אַ חילוק צווישן מנהג און מנהג, האָט אויך ער פֿונדעסטוועגן אין פּרינציפּ גע־שטעלט דעם מנהג אויף דער מדרגה פֿון הלכה און געהאַלטן, אַז אַפֿילו אויב אַ מנהג געפֿינט זיך אין סתירה צו די פּוסקים ראַשונים, האָט דער מנהג די בכורה, אויך אין עם פֿאַל ווען דער מנהג איז לקולא (9).

דערמיט וויל איך נישט זאָגן, אַז אַלע ייִדישע חכמים האָבן געשטעלט פֿאָלקס־מנהגים אויף דער אייגענער הויך, אָדער אַז זיי האָבן נישט גע־מאַכט קיין חילוק צווישן מנהג און מנהג (10). אַן אַלטער מנהג, געהייליקט דורך אַ לאַנגער טראַדיציע, איז שוין צוליב דעם אַליין נישט בלויז טייערער, נייערט אויך פֿרוכטבאַרער. ווייל דורות און דורות האָבן מיט אים געלעבט, מיט אים זיך געקוויקט און במילא איז אויך זיין ירושה־וואָג גרעסער. אַ מנהג, גענומען פֿון דער פֿרעמד, בפֿרט צוליב נאָכמאַכן גויים, קען לייכט בטל געמאַכט ווערן. עס זענען אויך געווען חכמים,

וואָס האָבן בכלל געהאַט אַ קריטישע באַציאונג צו מנהגים. בפרט צו מנהגי שטות. אַזוי געפינען מיר שוין אין מס' סופרים (פ"ד, הי"ח) די מיינונג אַז בלויז אַ מנהג ותיקין איז מבטל אַ הלכה, אָבער נישט קיין מנהג, וואָס האָט נישט קיין ראיה פון דער תורה און איז אַ מנהג טעות. אָבער מען קען זיכער זאָגן, אַז די גרויסע תלמודישע און רבנישע אויטאָריטעטן האָבן הויך געשאַצט און טייער געהאַלטן דעם יידישן שטייגער. דער פאָלקס־שפּרוך „אַ מנהג ברעכט אַ דין" — איז געווען אין פולן הסכם מיט דער הערשנדיקער מיינונג פון אונדזערע געלערנטע. אמת, אין דער רייכער רבנישער ליטעראַטור געפינט מען געוויסע ניואַנסן בנוגע צו פאַרשידענע מנהגים: אַזוינע, וואָס האָבן צו טון מיט באַציאונגען בין אדם לחברו, און יענע, וואָס זענען שייך צו דברי אסור. בנוגע צו די לעצטע איז דער דין פעסטער און שטייפער, אָבער אויך דאָ איז קיין פאַרגליווערטקייט נישט פאַראַן, ווי מיר האָבן שוין אויבן געזען. אויך אין ריין־ריטועלע ענינים רעכנט מען זיך מיטן פאָלקס־מנהג.

אויך ביי אַנדערע פעלקער נעמט מען אין באַטראַכט מנהגים, אָדער ווי דאָס הייסט ביי זיי — דאָס געוואוינהייטס־רעכט. אָבער מען קען רואיק זאָגן, אַז אין דער אַנטוויקלונג פונעם יידישן דת האָבן די מנהגים פאַרנומען אַ נישט לערך גרעסערן און מער צענטראַלן אָרט ווי וואו נישט איז און ביי וועמען נישט איז. און עס האָט גאָר אַנדערש נישט געקענט זיין, בפרט זינט די יידישע סאָווערעניטעט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן און יידן האָבן, נאָך זייענדיק אין זייער אייגן לאַנד, זיך געמוזט אונטערגעבן אַ פרעמדער מאַכט, און אַ פשיטא שוין, זינט זיי זענען פון זייער לאַנד פאַרטריבן געוואָרן. קריסטן האָבן געהאַט צוויי פעסטע אָרגאַניזאַציעס, די קירך און די מלוכה, וואָס איטלעכע פון זיי האָט אויף איר געביט געהאַט אַלע נויטיקע מאַכט־אַטריבוטן אויף צו צווינגען די מענטשן צו דערפילן זייערע געזעצן און פאַראָרדענונגען. איטלעכע פון זיי האָט זיך געהאַט איר „שווערד", די קירך — דעם „גייסטיקן", די מלוכה — דעם וועלטלעכן. אָבער דאָס איז געווען נאָר לפנים. באמת איז אויך דער „שווערד" פון דער קירך גלייכצייטיק געווען אַ פשוטער, מע־טאַלענער, ווי באַלד דער גאַנצער שטראָף־אַפּאַראַט פון דער מלוכה איז געשטאַנען אין איר רשות, ווען נאָר זי האָט געדאַרפט קנסענען אַן אַפּיקורס און בכלל יעדערן, וואָס האָט זיך קעגן איר אויטאָריטעט פאַר־זינדיקט. ביידע מאַכטן זענען געווען שטרענג צענטראַליזירט, מיט אַ שאַרף־אָפּגעגרענעצטער היעראַרכיע. במילא האָבן די פאָלקס־זיטן און

געוואוינהייטן נישט געהאט וואו זיך אויסצושפרייטן און זייען געבליבן פארזוקט ערגעץ אין א ווינקל. אבער יידן אין גלות זענען געווען דאס איינציקע פאלק, וואס האט זיך געמוזט שאפן אויטאריטעט און מאכט. האט זיך די דאזיקע אויטאריטעט געקענט שטיצן נאר אויף צוויי יסודות: אויף דער הייליקייט פון דעם געזעץ און אויפן הסכם פון פאלק. אזוי ארום זענען די פאלקס־מנהגים געווארן א קאנסטיטואירנדיקער טייל פון אונדזער רעכט און געזעץ. אזוי ארום האט דאס לעבן גופא געשאפן א קארעקטיוו צום פרינציפ פון דער הייליקייט פון געזעץ. די קדושה איז פארשפרייט געווארן אויך אויף די פאלקס־מנהגים. זענען טאקע יידן מער נישט קיין נביאים, זענען זיי אבער בני נביאים און מען קען צו זיי האבן צוטרוי. די עוואלוציע פון יידישן דת איז מעגלעך געווארן נישט דורך מאכן וואכעדיק די תורה מן השמים, נאר מיט א פארקערטן מעטאד: דורך פארהייליקן דאס וואכעדיקע, די פאלקס־מנהגים, פונקט ווי דאס איז געשען מיט די חידושים פון די תלמידים ותיקים, וואס זענען באטראכט געווארן ווי אנגעזאגט פון בארג סיני.

א צווייטער גדר קעגן דער סכנה פון קאנסערוואטיזם, וואס לויערט איבערן געטלעכן געזעץ, איז געווען דאס אויסמיידן אין די גאר אלטע צייטן צו פארשרייבן דאס געזעץ, און אין די שפעטערדיקע פעריאדן — צו קאדיפיצירן די געזעצן. נישט בלויז איז ביי אונדז נישט פארגעקומען קיין פארשטיינערונג פונעם געשריבענעם געזעץ, נאר אדרבא, אונדזער רעכטס־געשיכטע, נאך דער תורה, איז געגאנגען אין א דיאמעטראל־קעגנזאצלעכער ריכטונג. זי האט בכלל געווייכט פון דער שריפט, פריער — בוכשטאבלעך, שפעטער — לויטן זינען און גייסט. זענען מיר אפשר דאס איינציקע פאלק אויף דער וועלט, וואס האט במשך פון איבער צוויי טויזנט יאר געשאפן געזעצן און געלעבט מיט זיי און זיי נישט קאדיפיצירט. זענען מיר מסתמא — אויך דאס איינציקע צווישן די מאדערנע קריסטלעכע פעלקער, וואס האט נישט קיין פארטיק, פארפיקסירט געזעץ־בוך. און אז מען דערמאנט זיך אין אט די צוויי מאמענטן, דעם ווייטיקן ארט פונעם פאלקס־שטייגער אין דער יידישער רעכטס־שאפונג און דאס פארמיידן פון געזעץ־קאדיפיקאציעס, ווערט ערשט דעמאלט קלאר, ווי פארבלאנדזשעט, פארפירט און פארפירנדיק עס איז די טענה מכח דער אומבאווייגלעכקייט און פארפרוירנקייט פונעם יידישן דת. א בלבול פון יידן אויף יידישקייט, וואס זיין גלייכן קען מען געפינען נאר צווישן די בלבולים פון אונדזערע שונאים.

עס איז זיכער נישט קיין צופאל וואס תמיד זענען אין אונדזער גע־

שיכטע די סעקטאַנטישע, אַנטי־פאָלקישע עלעמענטן געווען די, וואָס זענען געשטאַנען שטאָל און אייזן פאַר פאַרהיטן די שריפט, פאַר אָפּשליסן די תורה, מיט איין וואָרט — פאַר דער תורה שבכתב, במילא קעגן דער תורה אין עוואָלוציע — דער תורה שבעל פּה. זיי האָבן אויך נישט געקענט ליידן און פאַרטראָגן די פאָלקס־מנהגים, דעם יידישן לעבנס־שטייגער, אָט ווי למשל דער באַרימטער משכיל מיזעס, כדי דערווייל אָנצורופן נאָר איין נאָמען, וואָס האָט אַזוי געגוואַלדעוועט קעגן דעם כלל מנהג ישראל תורה היא, בעת לויט אים זענען די יידישע מנ־הגים „אַנטקעגן דעם שכל הישר און דעם שטייגער פון דער וועלט" (נגד שכל הישר ודרכי העולם) (11). און דוקא די טראַדיציאָנעלע יידן, די פּרו־שים, וואָס זענען געטריי געווען דער תורה און אָפּגעהיט יעדן אות אירן, זענען געווען די, וואָס האָבן אויסגעשמידט דעם וואונדערבאַרן זאַץ: „דברים שבעל פּה אי אתה רשאי לאומרן בכתב" (גיטין, ס׳, ב׳). ערשט נאָכן דורכפאַל פון בר־כוכבא־אויפשטאַנד, ווען די רוימער האָבן זיך פאַרמאָסטן אויסצוראָטן דעם יידישן דת, און האָבן פאַרווערט לערנען תורה און היטן מצוות, און עס איז אויפגעקומען די סכנה, אַז די תורה זאָל חלילה פאַרגעסן ווערן פון צווישן די קינדער פון ישראל, האָט ר׳ יהודה הנשיא איינגעזען, אַז עס איז געקומען די צייט פון אַ כינוס, אויף צונויפצוזאַמלען די משניותן, וואָס איינצלנע תנאים האָבן געהיט פאַר זיך מיט דעם מיין, זיי נישט צו געבן קיין פיקסירטע שריפטלעכע פאָרם. אָבער אויב רבנו הקדוש האָט מסדר געווען די משניותן, איז דערמיט כלל נישט געווען פאַרבונדן די כונה צו חתמענען די תורה שבעל פּה. ער האָט זיי געזאַמלט, כדי זיי צו ראַטעווען פון שכחה און ווי מאַטעריאַל אויף ווייטער צו לערנען און צו פאָרשן. טאַקע דערפאַר האָט ער אין דער משנה אַריינגענומען פּאַראַלעל מיט די דעות פון דעם רוב, אויך די מיינונגען פון די מיעוטים און אַפילו פון יחידים, כדי אַזוי אַרום צו לאָזן די טיר אָפן פאַר קומענדיקע דורות: טאָמער וועלן זיי מוזן אָפּווייכן פון עם אַמאָליקן רוב, זאָלן זיי האָבן אויף וואָס זיך אָנצולענען.

היות ווי די משנה איז נישט געווען קיין „געגרייטער טיש", נייערט אַ פּירוש צו דער תורה, האָט במילא, מיטן ווייטערדיקן גאַנג פון לעבן, געמוזט אויפקומען די באַדערפעניש אין אַ נייעם פּירוש, טאַקע צו דער משנה גופא. און דאָס איז געווען די גמרא. די מסדרי התלמוד האָבן נאָר רעזומירט די וויכוחים אין די באַטרעפנדיקע סוגיות, אָבער בדרך־כלל נישט פעסטגעשטעלט קיין געזעצן. נאָר פון צייט צו צייט טרעפט איר דאָרט, אַז דער דין איז אַזוי און אַזוי (והלכתא...).

קיין איין פּרוּוו פון קאָדיפיקאַציע איז נישט געראָטן ביי אונדז און איר ציל איז נישט דערגרייכט געוואָרן. דער רעזולטאַט פון אַזויגע פּרוּוון איז תמיד געווען דער, אַז עס האָט זיך נאָכדעם געמערט די צאָל פּירושים נאָך און אויף יעדן „קאָדעקס". אַזוי איז געווען מיט די „הלכות" פון ר' יצחק אלפסי און אַזוי מיטן „יד החזקה" פונעם רמב"ם. דער לעצטער האָט בפירוש געזאָגט, אַז זיין מיין איז געווען צו מאַכן אַ ספר, וואָס זאָל כולל זיין די גאַנצע תורה שבעל־פּה. דערפאַר, זאָגט ער, האָב איך דעם חיבור אַ נאָמען געגעבן משנה תורה, ווייל עס וועט גענוג זיין צו לערנען די תורה און דערנאָך דאָס ספר און מען וועט מער נישט דאַרפן קיין צווישן-ספרים (זע דעם רמב"מס הקדמה צו דער משנה תורה (12). האָבן יידן מיט הנאה „געגעסן די יאָדרעס", געלערנט מיט התמדה די משנה תורה, אָבער „אַוועקגעוואָרפן די שאָלעכץ", די כונה פונעם מחבר. גלייכצייטיק מיט דער משנה תורה, האָט מען אויך ווייטער געלערנט אַלע פריערדיקע ספרים, אויפן ערשטן אָרט, פאַרשטייט זיך, די גמרא. און ווידער האָבן זיך באַוויזן תוספות און פּירושים צו דער משנה תורה גופא. הגם זיין הייליקער מחבר האָט געוואָלט אויסמיידן אַט דאָס אַט יענץ. דער מיין פון דעם רמב"ם צו קאָדיפיצירן דאָס געזעץ האָט אַרויסגערופן אַן אָפּאָזיציע הן פון זיינע מיטצייטלערס, ווי דער ראב"ד למשל, הן פון די שפּעטערדיקע חכמים. ר' חסדאי קרשקש איז נישט מיט ווייניקער שאַרפקייט אַרויסגעטרעטן קעגן דער טענדענץ פון רמב"ם צו חתמענען די תורה שבעל פּה, ווי קעגן זיין ראַצ אַנאַליסטישע פילאָזאָפיע. און עס איז ממש צו באַוואונדערן, ווי די אייגענע לאָגיק קען פאַראייניקן מענטשן, וואָס זיי טיילט אָפּ אַ מהלך פון כמעט פינף הונדערט יאָר. די אָפּאָזיציע צום רמב"ם פון שד"ל אין ניינצנטן יאָרהונדערט איז, פּונקט ווי די פון ר' חסדאי קרשקש אין פערצנטן, געווענדעט געווען אין די אייגענע צוויי ריכטונגען: קעגן זיין ראַציאָנאַליזם און קעגן זיינע קאָדיפיקאַציע־נטיות. ראַציאָנאַליזם, וואָס איז בטבע אַנטי־היסטאָריש, איז תמיד נישט על־פּי צופאַל געווען גלייכצייטיק קעגן דעם געזעץ ווי אַ געוויקס, ווי אַ לעבעדיקער שטראָם. זענען די דברי חכמים, זאָגט שד"ל, געווען נישט מער ווי אַ ריכט־שנור. דער רמב"ם האָט אָבער פון זיי געוואָלט מאַכן אַ פעסטע שטריק צו בינדן יידן (פאַרהאַקטע טשוועקעס). ווען נישט דער ראב"ד, זאָגט ער ווייטער, וואָס האָט זיך אַנטקעגן געשטעלט דעם רמב"ם, וואָלטן די משנה און דער תלמוד שוין פאַרגעסן געוואָרן, און מיר און אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער וואָלטן געווען פאַרשקלאַפט ביים רמב"ם און ... ביי אַריסטאָטעלעסן (13).

און דאָס יידישע רעדל דרייט זיך ווייטער. די תורה שבעל פה לאָזט זיך נישט איינצוימען און נישט אָפּשטעלן. דאָס אייגענע, וואָס מיטן רמב״מס משנה תורה, חזרט זיך איבער מיט רבנו יעקבס „טורים" און מיט ר׳ יוסף קאַרוס שולחן ערוך. זיי רופן נישט אַרויס קיין אָפּאָזיציע, ווייל זיי האָבן נישט מגלה געווען, און מסתמא אויך גאַרנישט געהאַט, די כונה אָפּצושליסן די תורה שבעל פה. אָבער אויך זייערע זאַמלונגען פון הלכות האָבן זיך געענדיקט מיט דעם אייגענעם רעזולטאַט ווי די פריערדיקע — מיט נייע פירושים (14). דעם רמא״ס אָפּאָזיציע צום שולחן ערוך האָט זיך באַצויגן נישט בלויז צו דעם אָדער יענעם קאָנקרעטן דין, וואו ער איז מיט אים מחולק געווען, נייערט קעגן דעם צוועק גופא פונעם ספר, קעגן דעם קאָדיפיקאַציע־פּרואוו. האָט ער טאַקע געטון דאָס אייגענע, וואָס די פריערדיקע יידישע חכמים האָבן געטון מיט די אַמאָליקע זאַמלערס און קאָדיפיקאַטאָרס — אָנגעשריבן אַ פירוש און הוספות צום שולחן ערוך.

קלאָגן זיך ביטער די משכילים, די אַמאָליקע און די הייַנטיקע, אויף דעם, וואָס אונדזער גאַנצע „ליטעראַטור" באַשטייט פון הוילע פירושים און פון פירושים אויף פירושים. פאַרשטייט זיך, אַז מען גייט צו צו דער יידישער תורה מיט דער מאָס און מיט די קריטעריעס פון ליטעראַטור, מיט מעטאָדן און רגילותן פון ליטעראַטור־קריטיקערס, קען דאָס טאַקע אויסזען גאָר אויסטערליש. מען פאַרגעסט אָבער, אַז די תורה איז גאָר ווייט פון ליטעראַטור און האָט מיט איר גאָר אַ קנאַפּע שותפות. דוקא אַ קריסטלעכער געלערנטער, ד״ר הערפאָרד, האָט פיין תופס געווען און פאָרמולירט דעם חילוק צווישן זיי ביידן. אויב, זאָגט ער, אַ מאָדערנער געלערנטער, אינטערפּרעטירנדיק אַ געוויסן זאַץ פון אַ קלאַסישן מחבר, דערקלערט, אַז דער זאַץ מיינט דאָס און יענץ, וויל ער דערמיט קלאָר מאַכן, וואָס דער מחבר האָט געמיינט. דער יידישער מפרש אָבער זוכט עפּעס אַנדערש: אויסצוגעפינען, וואָס דער מאמר מיינט פאַר אונדז, פאַר אונדזער אייגענער אויפפירונג (15). נישט קיין פאַרטיק ווערק איז די תורה, נאָר אַ שטענדיקער פלוס, אַ פּראָצעס, וואָס איז תמיד „אים ווערדען" אָדער, ווי איינער פון די חכמי התלמוד האָט געזאָגט: די תורה איז געגליכן צו אַ פלאַנץ. אַזוי ווי אַ פלאַנץ וואַקסט און פאַרמערט זיך, אַזוי וואַקסט און פאַרמערט זיך די תורה (חגיגה, ג, ב׳). וויפל האָט מען ביי אונדז נישט געחוזקט פונעם פילפול, פון דעם „שטיקל מהרש״א, פון יענע, וואָס פירן צונויף אַ באַרג מיט אַ באַרג און „צומאָלן זיי איינעם מיטן צווייטן". רעד איך דאָ נישט וועגן די דעפאָרמאַציעס פונעם

פילפול משום דרוש וקבל שכר און נישט וועגן די קאַריקאַטורן, וואָס מען האָט פון אים געמאַכט. אָבער דער פילפול בכלל, ווי אַ מעטאָד, איז געווען אויסגעצייכנט צוגעפאַסט צו דער באַדערפעניש נישט אָנ־צורירן די הייליקייט פון געזעץ און פונדעסטוועגן נישט איינצושפאַנען דאָס לעבן אין ענגע האַלאַבלעס. איי וואָס, יידן האָבן דערביי געשאַרפט די מוחות און מיר האָבן געהאַט אַזוי פיל „גמרא־קעפּלעך", האָבן מיר דערצו אויך נישט דערלייגט.

דער סאַמע באַגריף תורה שבעל פה איז אַן אָריגינעל־יידישער. נאָר אַ קליינער טייל פונעם רעכט פון די איבעריקע פעלקער, דאָס געוואוינ־הייטס־רעכט, איז אַ נישט־פאַרשריבן געזעץ. ביי אונדז אָבער איז דאָס געשריבענע רעכט — אַ תורה שבעל פה, וואָרעם אויפן דאָזיקן פּרינציפּ איז דאָס יידישע רעכט געבויט. וואָלט די תורה געגעבן געוואָרן ווי אַ פאַרטיקע זאַך, אַ צוגעשניטענע (חתוכה), וואָלט זי, לויטן בילדלעכן אויס־דרוק פון איינעם פון די חכמי התלמוד, נישט געקענט שטיין אויף די פיס (ירושלמי, סנהדרין פ"ד, ה"ב). ווען די חמישי חומשי תורה וואָלטן געבליבן אַליין, וואָלטן זיי אונדז פון די אַנדערע פעלקער נישט אונטער־שיידן און נישט אָפּגעטיילט. אַ תורה, וואָס וואָלט געבליבן אָן אַ לעבעדיקן המשך, וואָלט פון איר געוואָרן אַ טויט אות, אַן אַבסטראַקטער ענין. און היות ווי זי איז שיין און דערהויבן, וואָלט די גאַנצע וועלט זי אָנגענומען ווי אַ פיינע צירונג און זי ערגעץ אַוועקגעשטעלט אין אַ שראַנק אויף צו באַשיינען די שטוב. און אַזוי האָט עס טאַקע פּאַסירט. די „ביבל" איז ביי אַלעמען אָנגעלייגט, אדרבא ואדרבא. ווער צאַצקעט זיך נישט מיט איר ? און זעט, וואָס פאַר אַ טיפע און ווייט־זעעוודיקע אגדות מיר האָבן. דערציילט איינע פון זיי, אַז די אומות העולם זענען גרייט געווען מקבל צו זיין די תורה שבכתב, אָבער בשום אופן נישט געוואָלט אָננעמען די תורה שבעל פה, ווייל זי איז אָן אַ סוף און אָן אַ גרענעץ. און ווייל יידן האָבן זי יאָ צוגענומען, האָט גאָט מיט זיי געשלאָסן אַן אייביקן בונד (פאַרגלייך „לא כרת הקב"ה ברית עם ישראל אלא בשביל דברים שבעל פה, גיטין ס, ב'). אָננעמען די תורה שבעל פה, האָט געהייסן אונטערשרייבן אַ וועקסל לדורות, און אַ וועקסל אויף אומבאַשטימטע התחייבותן, וואָרעם ווי דאָס לעבן אַליין איז נישט דעפינירט און באַגרענעצט לכתחילה, אַזוי איז אויך נישט די יידישע תורה, די תורה שבעל פה.

עס וואָלט אָבער געווען אַ שעדלעכער און צעשטערערישער טעות צו זאָגן, אַז דאָס מיינט, אַז תורה שבעל פה דאַרף אין יעדן מאָמענט און אין יעדן אָרט זיך צופּאַסן צו מאָמענטאַנע שטימונגען און פאַרביי־

גייענדיקע דערשיינונגען, וואָס וואָלט געהייסן זיך בייטן כמעט איטלעכן טאָג. וואָרעם אויך זי איז ביי יידן געהייליקט געוואָרן און אין דעם דאָזיקן זכות זיך געהאַלטן. מיט הייליקייטן אָבער וואַרפט מען זיך נישט אַרום און מען בייט נישט אַ ליאַדע טאָג אַ קאָנסטיטוציע פון אַ פאָלק. האָט די נאַציאָנאַלע פאַרטיידיקונג בשעת דעם השמונאים־אויפשטאַנד געפאָדערט, אַז מען זאָל האַלטן מלחמה שבת, האָט מען דאָס דערלויבט, אָבער נישט געוואָלט ענדערן דאָס געזעץ גופא און באַשאַפן אַ נייעם חוק לדורות. איז מען אין אונדזערע צייטן געצוואונגען געווען נישט אָפּצוהיטן שמיטה, כדי נישט חרוב צו מאַכן דעם נייעם ישוב אין ארץ־ישראל, האָט מען עס געטון, אָבער נאָר פאַר היינט און פאַר דער תיכפדיקער נויט. אַפילו דער גוי און דער אַפיקורס פרידריך ניטשע, וואָס האָט נישט געגלויבט אין קיין טראַדיציעס און נישט אין דער אַנגענומענער מאָראַל, האָט פאַרשטאַנען, אַז גייט מען צו צו יידן און צו דער יידישער תורה, דאַרף מען גאָר אַנדערע מאָסן אָנווענדן. און איינע פון די דערשיינונגען, וואָס קלערן אויף די מיסטעריע פונעם יידישן קיום, זעט ער דערין, וואָס יידן, און ער מיינט דאָ די טראַדיציאָנעלע יידן, די וואָס גלויבן אין דער תורה און זענען איר געטריי, הגם אויך זיי ענדערן זיך, פירן זיי זיך לויטן כלל „אַזוי לאַנגזאַם ווי נאָר מעגלעך", ווי אַ פאָלק, וואָס שטאַמט נישט פון נעכטן און איילט זיך נישט, ווייל ער האָט צייט (16). און איך וואָלט מוסיף געווען, ווי אַ פאָלק, וואָס מעסט נישט מיט טעג, נאָר מיט טויזנטער יאָרן פון זיין געשיכטע, און וואָס זיין שטענדיקע און זיכערע מאָס — איז די אייביקייט אַליין.

---


**רעפערענצן:**

(1) אחד העם. תורה שבלב. על פרשת דרכים, חלק ראשון, ברלין 1921.

(2) Jacob Klatzkin. Krisis und Entscheidung im Judentum. Berlin 1921, SS. 47-50.

(3) חיים טשרנוביץ, לתקופת הגאונים אין „מקלט", כרך ראשון, ע"ע 387-8.

(3a) „ „ תולדות הפוסקים, ניו־יורק תש"ו, ע' 145.

(3) אייזיק הירש ווייס. דור דור ודורשיו, חלק שלישי, ע"ע 159, 222-220 און חלק רביעי, ע"ע 3, 9, 201, 5-204.

(4) ווייס. חלק רביעי, ע' 293.

(5) וועגן שולחן ערוך און זיינע נאָכקומערס, זע רב צעיר, לתולדות השולחן ערוך והתפשטותו. „השלח", כרך ד', חוברת כ"ג, כ"ד.

(6) רב צעיר, מפרשי השולחן ערוך האחרונים, „התקופה", ספר תשיעי, ע"ע 44-341.

(7) דור דור ודורשיו, חלק רביעי, ע' 176.

(8) ש. א. הורודצקי. לקורות הרבנות. ורשה תרע"א, ע"ע 9-168, 113.

(9) רב צעיר. לתולדות השולחן ערוך וכו', השלח, כרך ד', חוברת כ"ג, ע' 403.

(10) זע וועגן דעם ביי חיים טשרנוביץ, תולדות ההלכה, חלק ראשון, ע' 150.

(11) י. צינבערג, געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן, באַנד 8א, ז' 47.

(12) איך בין זיך סומך אויף דער מיינונג פון די יידישע חכמים, וואָס ווערן ציטירט אין טעקסט, וועלכע ווייזט מיר אויס צו זיין די ריכטיקע, הגם אַ רייע מאָדערנע יידישע געלערנטע לייקענען, אַז דער רמב"ם זאָל האָבן געהאַט די כוונה צו דערלאַנגען יידן אַ געהתמעטן קאָדעקס. זע וועגן דעם ביי חיים טשרנוביץ, תולדות הפוסקים, חלק ראשון, ע"ע 7-235, 5-243, 305.

(13) שמואל דוד לוצאטו. כתיבת המשנה והרמב"ם. מחקרי היהדות, כרך ראשון, חלק שני, ורשה תרע"ג, ע"ע 5-164.

(14) וועגן בעל הטורים, זע ווייס, חלק חמישי, ע"ע 21-118.

(15) R. Travers Herford. The Law and Pharisaism. Judaism and Christianity, Vol. III. London 1938, p. 97.

(16) Friedrich Nietzsche. Jenseits von Gut und Boese. Reclam, S. 194.

## אייגענע, אָרגאַנישע עוואָלוציע און פּרעמדע, מעכאַנישע רעפאָרמען

אונדזער וועלטלעכער עולם, צי איז ער סאָציאַליסטיש, צי ציוניס־טיש, האָט גאָר אַ קנאַפּן אינטערעס פאַר דער רעפאָרם־באַוועגונג, ווי פאַר אַן ענין, וואָס ליגט אויסער זיין געדאַנקען־קרייז. ווי באַלד די רעפאָרם־באַוועגונג האָט צו טון מיט רעליגיע, מיט דער שול, מיט תפילות און רבנים, איז עס במילא נישט אונדזער דאגה, זאָלן זיך מיט איר מטפּל זיין שול־יידן, זאָלן זיך ארום איר פאַרקן די כלי־קודש. עס איז אָנגענומען, הן ביי די רעפאָרמערס גופא, הן ביים רוב פון זייערע קעגנערס, אַז די רעפאָרם איז אַ ריין־רעליגיעזע באַוועגונג. אַ פּנים, אַז די שריפטן פון אַ שמואל דוד לוצאַטו (שד״ל), פון אַ פּרץ סמאָלענסקין און אַן אחד העם, וועלכע האָבן אַראָפּגעריסן דעם רעליגיעזן שלייער פון דער רעפאָרם און אונדז דערלויבט צו כאַפּן אַ קוק אין איר וועלטלעכן אינהאַלט, זענען גע־בליבן אָדער אומבאַוואוסט פאַר אַ גרויסן טייל פון אונדזער עולם אָדער אויף אים קיין פּעולה נישט געהאַט. ווי פריער, קלערט מען נאָך היינט וועגן דער יידישער רעפאָרם אין רעליגיעזע טערמינען און לויט דעם באַ־קוועמען מעטאָד פון אַנאַלאָגיעס. אויב די קריסטן האָבן געהאַט זייער רעפאָרמאַציע, פאַרוואָס זאָלן מיר, יידן, נישט האָבן אונדזערע ?

וועט אפשר כדאי זיין אָפּצופרישן פאַרן יידישן לייענער אַ פּאָר אַל־טע געדאַנקען און, דרך אגב, פּרוּוון באַלייכטן די יידישע רעפאָרם אַמאָל און היינט מיט דעם ליכט פון אונדזערע מאָדערנע סאָציאַלע, פאָלקישע און נאַציאָנאַלע אידעען. און דעמאָלט וועט אונדז אויך קלאָר ווערן, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ טעמע, וואָס איר חשיבות און איר אינטערעס זע־נען כלל נישט באַגרענעצט מיט גלויבנס־פּראָבלעמען, ווייל זי רירט אָן יידן און יידישקייט אין אַ סך אַ גרעסערן פאַרנעם, ווי מען שטעלט זיך דאָס געוויינלעך פאָר.



אַז איר וועט זוכן אַן ענטפער אויף דער שאלה, צי איז די יידישע רעפאָרם אַרויסגערופן געוואָרן דורך רעליגיעזע מאָטיוון, בלויז אין די שריפטן פון די באַגרינדער און אידעאָלאָגן פון דער רעפאָרם, וועט איר קיין שטאַרק קלאָרע תשובה נישט באַקומען. מוז מען נעמען צו הילף די

געשיכטלעכע פאַקטן, דעם כאַראַקטער און די פירונג פון די פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער דאָזיקער באַוועגונג און די סביבה וואו זיי האָבן געווירקט און אַ השפּעה געהאַט. ווען איר אַזוי טון, וועט זיך אייך קודם־כל וואַרפן אין די אויגן איין וויכטיקער פאַקט, וואָס ער אַליין וואָלט גענוג געווען צו צעשטערן די אילוזיע וועגן דער אַנאַלאָגיע צווישן דער קריסטלעכער און דער יידישער רעפאָרמאַציע. די ערשטע איז אומעטום אויפגעקומען אין דער סאַמע געדיכטעניש פון דער אמונה, אין אירע פעסטונגען גופא, אין קלויסטערס און קירכעס. די ערשטע קריסטלעכע רעפאָרמאַטאָרס זענען געווען טיף־גלויביקע מענטשן און אַזוינע, וואָס רעליגיע איז זייער הויפּט-געדאַנק אָדער גאָר אַפילו זייער באַשעפטיקונג. גענוג צו דערמאָנען דעם ענגלענדער וויקליף, דעם טשעך הוס, דעם דייטש מאַרטין לוטער און די שווייצער קאַלווין און צווינגלי. אַלע זענען זיי געווען טעאָלאָגן: גייסטלעכע, גלחים, מאָנאַכן, אָדער פּרעדיקער. אַלע האָבן זיי פאַנאַטיש געגלויבט אין זייער בייער אמונה. והראיה, זיי האָבן מקבל באהבה געווען די רדיפות, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין, און איינער פון זיי, דער טשעך הוס, איז פאַר זיין גלויבן מוטיק געגאַנגען אַנטקעגן דעם טויט. און פּונקט ווי זיי אַליין, זענען אויך זייערע חסידים און נאָכפאָלגערס געקומען פון די רייען פון די גלויביקע, פון די פרומע.

אַז איר שטעלט אַנטקעגן די קריסטלעכע רעפאָרמאַטאָרס מיט די גרינדערס פון די ערשטע יידישע רעפאָרם־סינאַגאָגעס, באַקומט זיך אַ בולטער קאָנטראַסט אין זייער כאַראַקטער. צוויי יידישע פינאַנסיסטן און באַנקירן, דוד פרידלענדער און יאַקאָבסאָן, זענען געווען די, וואָס האָבן די ערשטע דורכגעפירט פּראַקטישע רעפאָרמען ביי יידן. און ווידער אַמאָל, זענען די עפּעלעך געפאַלן נישט ווייט פון בוים. זייערע ערשטע אָנהענגער האָבן זיי געפונען נישט צווישן די פרומע יידן פון אונדזערע בתי־מדרשים און ישיבות, נייערט אין די רייען פון דער יידישער בורזשואַזיע, אין דער יידישער פינאַנץ־וועלט, דאָרט, וואו די יידישע אמונה איז שוין פריער געווען צעטרייסלט, און יידישקייט — אין אַ ירידה־צושטאַנד, אויב זי איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון זייער פּריוואַט־לעבן. זעען מיר טאַקע, אַז די יידישע רעפאָרם האָט בשום אופן נישט געקענט אַריינדרינגען אין די יידישע מאַסן־צענטערס אין מזרח און דאָרט קריגן אַ וועלכע נישט איז השפּעה. נישט מחמת דעם, ווי די משכילים און רעפאָרמערס האָבן אונדז געוואָלט איינרעדן, וואָס די יידישע מאַסן האָבן דאָרט געלעבט „אין פינצטערניש" און זיך עקשנותדיק

געהאלטן ביי די „גערשנטע אבערגלויבנס". זעען מיר דאך אז די חסידות, אויפגעקומען אינעם אייגענעם אכצנטן יאָרהונדערט ווי די השכלה, וואָס, פונעם ריינעם גלויבנס־קוק־ווינקל געזען, איז זי די חסידות, געווען אן אנזאג אויף א סך טיפערע און פונדאמענטאלערע איבערקערעניש און האט ממש ארייגעהויכט א נייעם גייסט אין דער יידישקייט, האט יא געפאנגען די יידישע מאסן, און אלע רדיפות פון די רבנים און פון דער רעגירונג האבן נישט געקענט אויפהאלטן איר נצחון מאָ״ש. בכן, איז אין דעם דורכפאל פון דער רעפארם צווישן די יידישע מאסן שולדיק געווען נישט זייער קאנסערוואטיזם און זייער מורא האבן פאר חידושים, נאר עפעס גאר אנדערש, דהיינו, דאס, וואס מיט א געזונטן חוש האבן זיי פון דער ערשטער מינוט אן דערשפירט די רעליגיעזע פוסטקייט פון דער רעפארם, אירע מאטעריאליסטישע און אפארטוניסטישע מאָטיוון און מיט רעכט דערזען אין איר די סכנה פון שמד און פון אונטערגאנג פון יידישקייט.

נאך היינט צו טאג קענען געוויסע יידישע געשיכטע-שרייבער, אפילו פון נאציאנאלן לאגער, נישט באגרייפן, אז נישט די איינצלנע רעפארמען אין דער אָרדענונג אין שול און אין דעם סדר פון די תפילות, וואס זענען אין אנהויב געווען גאר באשיידן, האבן אזוי אפגעשראקן און פארביטערט די יידישע מאסן. מען פארגעסט, אז דער אויפברויז האט זיך אנגעהויבן נאך פריער איידער עס זענען געמאכט געווארן וועלכע עס איז טריט אין דער ריכטונג פון פאקטישע רעפארמען און אין צוזאמענהאנג מיט אזא כשרער, בכל־אופן אומשולדיקער, זאך, ווי די חומש־איבערזעצונג אויף דייטש פון משה מענדעלסאנען. אקוראט ווי זייערע עלטערן אין ערשטן יאָרהונדערט פון דער איצטיקער צייטרעכענונג האבן אין ישו־הנוצרין, וואס איז נאך אליין געווען א ייד און זיך געפירט ווי א ייד, און אין זיינע דרשות, וואס האבן אפט געקלונגען יידישלעך, דערשפירט אין אים און אין זיינע קליינע אפטרעטונגען פון יידישער פירונג און אין זיין איבערבאטאנען, געוויסע אידעען און אונטערבאטאנען אנדערע, אז דא הויבט אן וואקסן א פרעמד־קערפער אויפן יידישן ארגאניזם, וואס וועט סוף־כל־סוף זיך אפרייסן פון אים אינגאנצן, פונקט אזוי האבן יידן אין אכצנטן יאָרהונדערט אינסטינקטיוו דערפילט אין משה מענדעלסאָנען, להבדיל, אז דא רוקט זיך אן א נייע סכנה פאר דער גאנצקייט פונעם יידישן פאלק און פאר די סאמע יסודות פון זיין עקסיסטענץ.

שמעון בערנפעלד האט געהאט טענות צו פרץ סמאלענסקינען, הלמאי האט ער אן שום באווייזן, ווי ער מיינט, דערשוארצט משה מענדעל־

סאָגנען פאַר דעם פאָטער פון דער אַסימילאַציע, הגם ער האָט אין ערגעץ
נישט געלייקנט די עקסיסטענץ פון דעם יידישן פאָלק ווי אַ נאַציע(1).
מיט דער אייגענער טענה איז אויך אַרויסגעקומען י. צינבערג און ער באַ־
רופט זיך אויף מענדעלסאָנס דעקלאַראַציע, אַז ער איז נישט געקומען
איינצופירן רעפאָרמען אינעם יידישן דת, און אויפן פאַקט, וואָס
מענדעלסאָן אַליין איז געטריי געבליבן דער יידישער טראַדיציע(2). זענען
ביידע גערעכט, ווי ווייט עס רעדט זיך וועגן די קאָנקרעטע פאַקטן אויף
וועלכע זיי באַרופן זיך, און די ציטאַטן, וואָס זיי ברענגען. מענדעל־
סאָן גופא האָט אויסערלעך טאַקע זיך געהאַלטן ביי דער טראַדיציאָנע־
לער יידישקייט. אָבער, אַ פנים, אַז איר גייסט איז פון זיין שטוב שוין
אַוועקגעפלויגן. אַנדערש איז שווער זיך צו דערקלערן, ווי אַזוי עס איז
געקומען דערצו, אַז אַלע זיינע טעכטער האָבן זיך געשמדט, פונקט ווי עס
האָבן „איבערגעביטן דאָס רענדל" אַ היפשע צאָל פון זיינע בני־בית און
תלמידים, בעת אַנדערע ווי דוד פרידלענדער, הערץ האָמבערג און אַזוי
ווייטער, זענען געוואָרן די פאָנען־טרעגער פון דער אַסימילאַציע און רע־
פאָרם.

עס איז אמת, אַז איר וועט אין מענדעלסאָנס שריפטן נישט
געפינען קיין קלאָרע פאַרלייקענונג פון דער יידישער פאָלקס־עקסיסטענץ.
די פראַגע גופא האָט זיך אין אַזאַ פאָרם אין יענע צייטן נאָך גאָר נישט
געשטעלט. איר וועט אָבער יאָ געפינען אין זיינע שריפטן און בריוו גע־
דאַנקען, וואָס גייען זיך פונדאַמענטאַל פונאַנדער מיט די טראַדיציאָנעלע
און היינטיקע השגות וועגן יידן ווי אַ באַזונדערע פאָלקישע און נאַציאָנאַ־
לע געמיינשאַפט.

וואָס עס פירט אָפט אַריין אין דעם טעות צו גלויבן, אַז מענ־
דעלסאָן איז געווען אַ נאַציאָנאַלער ייד, איז זיין מיינונג, אַז יידישקייט
איז נישט קיין אַנטפלעקטע רעליגיע, נייערט אַן אַנטפלעקט געזעץ (3).
דערפון האָט מען געדרונגען, אַז במילא האָט מענדעלסאָן נישט אי־
דענטיפיצירט יידישקייט מיט רעליגיע. קען געמאָלט זיין, אַז ווען ער
וואָלט געווען קאָנסעקווענט, וואָלט ער געדאַרפט קומען צו דער מסקנא,
אַז יידן זענען אַ פאָלק. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז ער איז נישט געווען
קאָנסעקווענט און זיין אויספיר איז נישט, אַז, ווי באַלד יידישקייט איז
נישט קיין גלויבנס־דאָגמע, במילא איז די כנסת ישראל נישט קיין קירך.
די פועל־יוצאס צו וועלכע ער קומט, זענען גאָר אַנדערע.

די תורה, לויט מענדעלסאָנען, זאָגט נישט אָן דעם יידן, דו
זאָלסט ג ל ו י ב ן אַזוי און אַזוי, נייערט דו זאָלסט ה אַ נ ד ל ע ן

אַזוי און נישט אַנדערש. אָבער די מעשים גופא, וואָס זענען אונדז געבאָטן, זענען פאַר אים נוגע נאָר דעם קולט. דאָס געזעץ, וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן, איז, לויט זיין אייגענעם אויסדרוק, אַ „צערעמאָניאַל געזעץ"(4). דאָס דאָזיקע געזעץ איז געווען, כל־זמן יידן האָבן געהאַט אַ מלוכה, דאָס געזעץ פון לאַנד, און במילא האָט דאָס אָפּטרעטן פונעם געזעץ געהאַט אַ רעכטלעכע סאַנקציע. מיטן חורבן אָבער איז דאָס געזעץ בטל געוואָרן. און הגם מענדעלסאָן איז אין ענינים פון מעטאַפיזיק און גלויבן געווען אַ קעגנער פון שפינאָזאַן, גייט ער אָבער אין זיין דעפיניציע פון יידישקייט אין שפינאָזאָס פוסטריט. ער באַרופט זיך נישט אויף אים, אָבער אין תוך געהערט די כאַראַקטעריסטיק פון יידישקייט, ווי אַ געזעץ־סיסטעם נישט אים, נאָר שפינאָזאַן(5). בעת מענדעלסאָן זאָגט, אַז דער דאָזיקער באַזונדערער כאַראַקטער פון יידישקייט איז פאַרשוואונדן מיטן אונטערגאַנג פון דעם יידישן מלכות (6), גייט ער זיך צונויף מיט שפינאָזאַן(7).

וואָס פאַר אַ באַטייט האָט דער פאַקט, וואָס משה מענדעלסאָן האָט אָפּגעהיט דעם יידישן דת, אַנטקעגן אָט דעם פונדאַמענטאַלן ריס צווישן ישראל און תורה, צווישן פאָלק און געזעץ, וואָס עס ברענגט אַזוי קלאָר אַרויס, טאַקע ער אַליין. און מען זעט גאָר נישט, אַז דערמיט גופא, וואָס פאַר אים איז די תורה נאָר אַ „צערעמאָניאַל געזעץ", בלויז אַ קולט, האָט ער געמוזט קומען צו דעם אויספיר, און איז טאַקע צו אים געקומען, אַז יידישקייט איז אַ קירך. אַזוי אַרום איז שוין גאָר איבעריק געוואָרן, זיך צו שטעלן די פראַגע, צי זענען יידן אַ פאָלק. אָנדערקענט מען, ווי מענדעלסאָן טוט דאָס, אַז די רעליגיע און קירך האָבן בלויז צו טון מיט די פאַרהעלטענישן צווישן מענטש און גאָט און, אַז די צווישן־מענטשלעכע באַציאונגען ווערן רעגולירט פון דער מלוכה און נאָר פון איר (8), בלייבט פאַר יידן, היות ווי זיי האָבן נישט קיין מלוכה, נאָר איין פעלד, וואו זיי זענען אויטאָנאָם — דער בית־מדרש, דער „גאָטעס־דינסט". בלויז די מלוכה קען האָבן צוואַנגס־רעכט, ווייל זי פאַרלאַנגט נאָר האַנדלונגען, און צו טון און נישט צו טון קען מען דעם מענטשן צווינגען. די מעשים אָבער, וואָס די קירך פאָדערט, זענען געבויט אויף גלויבן (און דאָ פאַלט ער אַריין אין אַ לאָגישער סתירה מיט זיך אַליין, ווייל ער האַלט דאָך, אַז יידישקייט באַשטייט נאָר פון האַנדלונגען) און ביי גלויבן איז נישט שייך צווינגען, דאָ קען מען ווירקן נאָר מיט איבערצייגן(9). דער קריסט קריסטיאַן דאָם, דער מחבר פון דער באַרימטער בראָשורע לטובת דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, האָט אַרויסגעזאָגט דעם געזונטן געדאַנק, אַז

יידישע בירגער־רעכט מוזן נישט דוקא אויסשליסן יעדע אויטאָנאָמיע פון די יידישע קהלות, בפרט צו האָבן, ווי ביז איצט, אייגענע בתי־דינים אויף צו משפטן סיכסוכים צווישן יידן, אויב די צדדים זענען מסכים זיי איבערצוגעבן צו אַ בית־דין, ווי אויך דאָס רעכט אויסצושליסן אַפּטריניקע דורכן חרם, אַ רעכט, וואָס אויך די קירכעס האָבן געהאַט. אויף דעם ענטפערט מענדעלסאָן, אַז מיר האָבן נישט צו קוקן אויף אַנדערע און קענען אַזאַ רעכט נישט פאַרלאַנגען, ווייל דער „בית התפילה פון פאַרנונפט" קען זיינע טירן פאַר קיינעם נישט צומאַכן, אַפילו נישט פאַר פאַרברעכערס. און וואָס איז שייך דעם יידישן משפט, געפינט ער, אַז רעכט־שפרוך איז אַן ענין נישט פון דער קירך, נייערט פון דער מלוכה. זי האָט צו באַשטימען די ריכטערס, און אויב דער אָדער יענער ריכטער, אַ ייד צי אַ קריסט, וועט מיטן הסכם פון די צדדים וועלן משפטן לויטן יידישן דין איז ער פריי דאָס צו טון(10).

פון דעם, וואָס איך האָב דאָ געבראַכט פון מענדעלסאָנען, איז קלאָר, אַז יידן זענען פאַר אים, צי געברויכט ער דאָס וואָרט גופא, צי נישט, האָט נישט קיין שום באַטייט, ב ל ו י ז אַ רעליגיעזע עדה אינעם קריסטלעכן זינען פון דעם וואָרט. זיין גאַנצער קוק אויף די באַציאונגען צווישן מלוכה און קירך איז הונדערט־פּראָצענטיק קריסטלעך, פּראָטעסטאַנטיש, און ער שרייבט זיך בפירוש אונטער אונטער דעם באַרימטן שפּרוך פון ישו הנוצרי: גיט צעזאַרן, וואָס אים געהערט, און גאָט, וואָס געהערט צו גאָט. „קיין קליגערע עצה קען דעם בית־יעקב אויך איצט נישט געגעבן ווערן. פּאַסט זיך צו צו די מנהגים און צו די געזעצן פונעם לאַנד, וואו איר לעבט. אָבער האַלט זיך פעסטביים גלויבן פון אייערע עלטערן" (11).

מיר האָבן דאָ נישט צו טון מיט אַן אָפּזאָג פון אָנווענדן דאָס יידישע געזעץ דאָרט און אויף אַזוי פיל, וואו און אויף וויפיל די מלוכה צווינגט אונדז דערצו, נייערט מיט אַ מ אָ ר אַ ל י ש ־ ר ע ל י ג י ע ז ע ר אָנדערקענונג פון דער אויטאָריטעט פון דער מלוכה אין אַלע לעבנס־ענינים, חוץ דעם קולט. און ווער עס האַלט זיך ביי אַזאַ איבערצייגונג, קען במילא שוין נישט בלייבן שטיין נאָר ביים פאַרלייקענען יידישע אויטאָנאָמיע ווי אַ רעכטלעכן באַגריף, נייערט מען מוז גיין אַ סך ווייטער און זיך בכלל אָפּזאָגן פונעם מאָראַלישן רעכט פון דער יידישער מינדערהייט צו לעבן לויט אירע השגות און צו פירן איר שטייגער. האָט די מלוכה, דער מאַכט־אָרגאַן פון דער מערהייט, בפועל — פונעם הערשנדיקן טייל פון דער באַפעלקערונג, די העכסטע אויטאָריטעט איבער יידן,

ווי איבער די קריסטלעכע יחידים, האָט במילא די מערהייטס־באַפעלקערונג, וואָס איז דאָך דער קוואַל פון דער מלוכה־סואַווערעניטעט, ביסל ווייניקער רעכט צו געבאָטן און צו באַפעלן דעם יידן, ווי ער דאַרף זיך פירן און ווי ער זאָל לעבן. און נישט אומזיסט און נישט צופעליק זאָגט מענדעלסאָן אַרויס בנשימה אחת ,,זיטן און געזעצן" פון לאַנד און רופט די יידן זיי געטריי צו זיין. דערמיט ווערט אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל צו אַ באַזונדער יידיש לעבן בכלל און אפילו צו אַ זלעבשטענדיקן יידישן גייסטיקן שאַפן. אגב, איז קיין חידוש נישט, וואָס דער אייגענער משה מענדעלסאָן האָט זיך, ווי אַלע משכילים און רעפאָרמערס נאָך אים, מיט אַזאַ פיינטשאַפט באַצויגן צו יידיש, ווי צו אַ שטאַמלער־שפּראַך (לשון עלגים) און געהאַלטן, אַז דער ,,זשאַרגאָן" האָט מיטגעהאָלפן צו דער מאָראַלישער פאַרווילדונג פון דעם פשוטן עולם(12).

מענדעלסאָן איז געווען בלויז אַן אידעאָלאָג. ערשט זיינע נאָכקומערס איז עס באַשערט געווען צו מאַכן פון זיינע געדאַנקען די ווייטערדיקע לאָגישע און פּראַקטישע אויספירן. און דעמאָלט איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז מענדעלסאָנס אַפּזאָג פונעם רעכט אויף יידישער אויטאָנאָמיע האָט נישט בלויז באַטייט אַ שינוי אינעם יורידישן סטאַטוס פון יידן, נייערט גלייכצייטיק אויך אַ ראַדיקאַלע גייסטיקע איבערקערעניש. פונעם דאָזיקן אָפּזאָג האָט מענדעלסאָנס תלמיד, דוד פרידלענדער, געמאַכט די לאָגישע מסקנא, אַז די דערציאונג פון יידישע קינדער דאַרף אַוועקגענומען ווערן פון יידן, פון דער יידישער קהלה, און איבערגעגעבן ווערן דער מלוכה און אירע בילדונגס־אָרגאַנען(13). און אַ צווייטער תלמיד זיינער, הערץ האָמבערג, האָט זיך געווענדעט צו דער עסטרייכישער רעגירונג מיטן פאָרלייג צו פאַרמאַכן אַלע ישיבות אין לאַנד און גרינדן אַ יידישע הויך־שול, קאָנטראָלירט פון דער רעגירונג. די לעצטע זאָל אויך האָבן די דעה איבער די לערן־ביכער, וואָס ווערן באַנוצט אין יידישע שולן(14). דאַרף מען זיך נישט וואונדערן, אַז אין אַ צווייטן דור זענען אויפגעקומען עקסטרעמע רעפאָרמיסטן, ווי למשל שמואל הולדהיים, דער ראש המדברים אויפן ראַבינער־צוזאַמענפאָר אין ברונשוויק אין 1844, וועלכע האָבן דערפירט ביז צום סוף דעם געדאַנק פון דינא דמלכותא דינא, ווי אַ מאָראַלישער חוב פאַר יידן.

אַפילו, האָט שמואל הולדהיים געזאָגט, אַז די רעגירונג זאָל אונדז דערלויבן זיך צו פירן לויטן יידישן דין, ווילן מיר אַליין דאָס גאָרנישט, ווייל יידישע געזעצן, חוץ אין קולט־ענינים, זענען נאַציאָנאַלע געזעצן און מיטן אונטערגאַנג פון דער יידישער מלוכה האָבן זיי במילא פאַרלוירן

זייער גילטיקייט. וואס מיר ווילן, איז די עמאנציפאציע פון יידן, אבער נישט פון יידישקייט. און עס האט זיך ארויסגעשטעלט, וואס עס איז איבעריקנס נישט שווער געווען פאראויסצוזעען אלס א לאגישע און פראקטישע קאנסעקווענץ פון דעם דאזיקן געדאנקען-גאנג, אז אפילו דער יידישער דת גופא, אין דעם ענגען, קריסטלעכן זינען, ווי די רעפארמאטארס האבן אים פארשטאנען, איז אויך נישט געשיצט, ווי באר ער קומט אין קאנפליקט מיט די פאדערונגען און אינטערעסן פון דער מלוכה. ווערט אנדערקענט איר אבסאלוטע שליטה, מוז זיך אויך דער דת פאר איר בויגן. זאגט טאקע דער אייגענער שמואל הולדהיים, אז יידישע תלמידים אין די אלגעמיינע שולן מוזן שרייבן שבת, ווי באלד די רעגירונג פארלאנגט דאס(15).

דאס פראבלעם וועגן די קעגנזייטיקע באציאונגען צווישן דעם יידישן קיבוץ און דער מלוכה איז פון אנהויב אן געווען און ביזן היינטיקן טאג געבליבן א צענטראלער פונקט, ארום וועלכן עס דרייט זיך דער שטרייט צווישן דער טראדיציאנעלער און רעפארמיסטישער יידישקייט, הגם צוליב כמה טעמים האלט מען זיך אפ, בפרט אין טראדיציאנעלן לאגער, בפירוש און שארף דאס דאזיקע פראבלעם צו פארמולירן. דאס דארף אבער אונדז נישט שטערן צו זען, אז דאס פראבלעם גופא איז בשום אופן נישט געווען קיין רעליגיעזער, אינעם ענגען זינען פוןווארט, נייערט א בפירוש-נאציאנאלער, א גורל-פראבלעם פארן גאנצן יידישן קיום.

בעת די רעפארם-ראביים אין אמעריקע באטראכטן חתונה כדת משה וישראל נאר פאר א רעליגיעזער צערעמאניע און פאר דעם רעכטלעכן אקט אנדערקענען זיי בלויז די ציווילע חתונה, בעת דער יידישער גט איז פאר זיי אויך נישט מער ווי א רעליגיעזער אקט, און די ציווילע שיידונג אליין האט פאר זיי רעכטלעכע גילטיקייט(16), איז דאס כלל נישט קיין רעליגיעזער ענין. די ארטאדאקסישע רבנים גיבן אויך נישט קיין גט, ביז מען שטעלט זיי נישט צו קיין צערטיפיקאט פון דעם באטרעפנדיקן ציווילן אמט. אויך זיי מוזן, נאטירלעך, זיך רעכענען מיט די לאנד-געזעצן און זיי פאלגן. אבער פאר א פרומען יידן בלייבט חתונה און גט דאס, וואס זיי זענען תמיד געווען — א רעכטלעכער יידישער אקט, וואס ווי אלע איבעריקע, זענען זיי אויך געהייליקט דורך דער אמונה. נעמט מען נאך אין באטראכט, אז די קריסטלעכע קאנצעפציע פון גט האט געהאט א גרויסן איינפלוס אויף דער אינסטיטוציע פון ציווילן גט אין די איראפעאישע לענדער און אין די פאראייניקטע שטאטן פון נארד-אמעריקע,

בעת די יידישע גט־דינים האָבן אַזאַ השפּעה פֿאַרשטייט זיך, נישט געקענט האָבן, קומט במילא אויס, אַז די אָנדערקענונג פֿון די ציווילע געזעצן, ווי די איינציק־גילטיקע אין רעכטלעכן זינען, מוז מיט זיך ברענגען די ירידה פֿונעם יידישן רעכטס־באַוואוסטזיין און צום פֿאַרשווינדן פֿון דער פּראַקטישער אָנווענדונג פֿון יידישע רעכטס־נאָרמען אַפֿילו דאָרט און דעמאָלט, וואו און ווען די מלוכה וואָלט אונדז נישט געשטערט זיי אָנצוהאַלטן.

אַ ווידער־קול פֿון די דאָזיקע רעפֿאָרם־אידעען פֿונעם סוף אַכצנטן און אָנהויב נײַנצנטן יאָרהונדערט הערט איר איצט גאָר אָפֿט אין אַמעריקע. אַזוי, למשל, דערקלערט פּראָפֿעסאָר קאַפּלאַן, אַז די מלוכה דאַרף האָבן די אויבערשטע דעה איבער דערציאונג און דערום זאָגט ער זיך אַרויס קעגן גאַנצע יידישע שולן (פּאַראָקיעל שולן) און רעזערווירט פֿאַר דער יידישער דערציאונג דאָס קליין ווינקעלע, וואו קוים־קוים קען זיך צוטוליען די יידישע צוגאָב־שול, איין מאָל אָדער אַ פּאָר מאָל אַ וואָך(17).

אַלע מיעוטים אויף דער וועלט קעמפֿן, און דאָס איז אַבסאָלוט נאַטירלעך, קעגן די טאָטאַליטאַרע טענדענצן פֿון דער מלוכה, קעגן אירע אַפּעטיטן אַרומצונעמען דאָס גייסטיקע לעבן און אויף אים אַ דעה צו זאָגן. די קאַטאָליקן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן בויען זייערע אייגענע שולן און הערן נישט אויף צו פֿאָדערן פֿון דער רעגירונג אַ געוויסע אונטערשטיצונג פֿאַר זיי. קען מען זיי חושד זיין אין „נישט אַמעריקאַנישקייט", אין מאַנגל פֿון פּאַטריאָטיזם? דוכט זיך מיר, אַז בכל־אופֿן, זענען זיי נישט ווייניקער פּאַטריאָטיש ווי אונדזערע רעפֿאָרם־ראַבייס און רעפֿאָרם־באַנקירן. זענען זיי דאָך, ווי נישט איז, מען דאַרף אָט די „קלייניקייט" נישט פֿאַרגעסן, קריסטן און לעבן אין אַ קריסטלעכער מלוכה. במילא וואָלט זי, לאָגיש און פּסיכאָלאָגיש גענומען, זיי געדאַרפֿט זיין בכל־אופֿן נישט ווייניקער טייער ווי יידן, און פֿונדעסטוועגן, קענט איר נאָר צווישן אונדז זען אַזאַ בוקן זיך פֿאַר דער אויטאָריטעט פֿון דער מלוכה־מאַכט, וואָס דערגייט דערצו, אַז מען הויבט אָן אין איר צו זען נישט אַ סאָציאַלע אינסטיטוציע, אַ נויטיקע פֿאָרן מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, נייערט אַ געוויסע סאָרט קדושה, אַ פֿריש־געבאַקענע יידישע הייליקייט. די וועלטלעכע, צ ו וועלטלעכע, מאָטיוון פֿון דער דאָזיקער שטעלונג שטאַרצן אַזוי אָנזעעוודיק אַרויס פֿון הינטער די אידעאָלאָגישע חקירות, אַז עס איז, גלויב איך, איבעריק, נאָך מער דאָס אונטערצושטרייכן.

◆

נישט קיין בעסערע מערכה, ווי דאָס יידישע געזעץ, האָבן ביי די רעפאָרמערס געהאַט דער יידישער לעבנס־שטייגער און יידישע פאָלקס־מנהגים. היות ווי די שפּראַך, וואָס לעבט אין מויל פון פאָלק, איז איינע פון די וויכטיקסטע עלעמענטן פונעם פאָלקס־שטייגער, איז געווען נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז די ביטערסטע אַטאַקעס האָבן די רעפאָרמערס געמאַכט קעגן דעם „זשאַרגאָן", הגם עס איז קלאָר, אַז די פאָלקס־שפּראַך האָט קיין שום שייכות נישט געהאַט מיט דער רעליגיעזער רעפאָרם. און עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די אמתע יידישע רעליגיעזע רעפאָרם־באַוועגונג, די חסידות, האָט גראַד אַרויסגעוויזן אַזוי פיל וואַרעמקייט און ליבשאַפט פאַר דער יידישער פאָלקס־שפּראַך, אויף וועלכער עס זענען געדרוקט געוואָרן אַזעלכע הייליקע ספרים ווי די שבחי בעל שם טוב און די סיפורי מעשיות פון רב נחמן בראַצלאַווער. נישט קיין בעסערן מזל האָט געהאַט, ביי די רעפאָרמערס, אונדזער נאַציאָנאַלע שפּראַך, העברעאיש. אויפן צווייטן ראַביִנער־צוזאַמענפאָר אין פראַנקפורט אין יאָר 1845 איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן די מיינונג, און די דאָזיקע מיינונג האָט באַקומען די צושטימונג פונעם צוזאַמענפאָר, אַז היות ווי העברעאיש איז אַ נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד צווישן יידן און נישט קיין רעליגיעזער, דאַרף מען בכן אויך דאָס דאַווענען אויף העברעאיש בטל מאַכן און פאַרבייטן מיט דער לאַנד־שפּראַך (18).

נאָך די יידישע שפּראַכן האָט מען זיך גענומען צו יידישע נעמען און יידישע בגדים. דעם בחוקותיהם לא תלכו האָט מען כאַראַקטעריסטיש אַזוי אויסגעטייטשט, אַז דאָס באַציט זיך בלויז צו פרעמדע ר ע ל י ג י ע ז ע מנהגים, אָבער נישט צום פרעמדן לעבנס־שטייגער בכלל. בלייבט נאָר די קשיא, אויב אַזוי, וואָס־זשע האָט עס צו טון מיטן פּראָבלעם פון ר ע ־ ל י ג י ע ז ע רעפאָרמען?

אָבער אַ פאָלק, וואָס האָט נישט קיין אייגענע רעכט־באַגריפן, קיין שפּראַך און מנהגים, קיין אייגענעם לעבנס־פירן, הערט אויף צו זיין אַ פאָלק. און איז ער מער קיין פאָלק נישט, קען ער נישט האָבן קיין נאַציאָנאַלע צוקונפט און קיין נאַציאָנאַלע האָפענונגען. שוין אין אָנהויב נייַנצנטן יאָרהונדערט האָט דוד פרידלענדער אין אַן אַנאָנימער בראָשור אַנטוויקלט דעם געדאַנק, וואָס איז געוואָרן דער פירנדיקער אין דער גאַנצער רעפאָרם, אַז מען דאַרף איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויסראָטן די טראַדיציאָנעלע פאָרשטעלונג וועגן גלות ווי אַן אומגליק, ווייל זי איז אין סתירה מיט דער בירגערלעכער לאָיאַליטעט. במילא דאַרף מען זיך אויך

אַפּזאָגן פון דער שיבת־ציון־האָפענונג און אויסמעקן פון די יידישע תפילות אַלע אירע שפורן.

אַז מען קוקט איבנאויפיק אויף צוריק אויף די התחלות פון דער רעפאָרם, וועט מען, צוזאַמען מיט שמעון בערנפעלד, זיך וואונדערן אויף דער איינגעשפּאַרטקייט, מיט וועלכער די יידישע אָרטאָדאָקסיע האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט קעגן די סאַמע אומשולדיקע נייאיקייטן, וואָס די רעפאָרם האָט געוואָלט איינפירן. שטייט דען באמת, קען מען זיך פרעגן, די גאַנצע יידישקייט אויף דעם, וואו עס זאָל זיך געפינען די בימה אין שול? מיר האָבן שוין געזען אויף אַן אַנדער אָרט, אַז יידישע חכמים האָבן זיך קיינמאָל נישט אָפּגעשראָקן איינצופירן חידושים אַפילו אין ענינים פון קולט. נעמען מיר דאָס געביט, וואו די שינויים האָבן אַרויסגערופן די פאַרביטערסטע פּראָטעסטן: דאָס באַנוצן אַ נישט יידישע שפּראַך ביי תפילות און די איבערזעצונג פון דער תורה אויף אַנדערע שפּראַכן. ווייסן מיר, אַז עזרא וסיעתו האָבן איינגעפירט דעם אַראַמישן תרגום פּאַראַלעל מיט דער קריאת־התורה אין אָריגינאַל. אָבער אויך אין שפּעטערדיקע דורות, אין פאַרשידענע עפּאָכן און לענדער, האָט מען מערערע מאָל איבערגעזעצט די תורה אויף די שפּראַכן, וואָס יידן האָבן אויף זיי גערעדט, ווי למשל, די אַראַבישע איבערזעצונג פון ר׳ סעדיה גאון. פון די שאלות ותשובות פון ריב״ש אין פערצנטן יאָרהונדערט, איז צו זען, אַז דרשנים און מגידים פלעגן לייענען אין די שולן געוויסע שטעלן פון דער תורה אויף דער אומגאַנגס־שפּראַך, כדי זיי פאַרשטענדלעך צו מאַכן פאַר דעם פשוטן עולם, וואָס איז נישט געווען גענוג געניט אין העברעאיש (19), אין אַלע צייטן האָבן פרומע יידן זיך געהאַלטן ביים כלל — שמע בכל לשון שאתה שומע.

אין איינעם פון די פּאָפּולערסטע יידישע מוסר־ספרים, אינעם ספר חסידים פון צוועלפטן יאָרהונדערט לייענען מיר: „ווען עס וועט קומען צו דיר אַ ייד, וואָס פאַרשטייט נישט קיין לשון־קודש, נאָר ער איז אַ ירא שמים און וויל דאַווענען מיט כונה, אָדער אַז עס וועט קומען אַ יידישע פרוי, וואָס פאַרשטייט אוודאי נישט קיין לשון־קודש, זאָלסט דו זיי זאָגן, זיי זאָלן דאַווענען אויף דעם לשון, וואָס זיי פאַרשטייען. וואָרעם די תפילה, דאָס איז דאָך דאָס געבעט פון האַרצן, און ווי באַלד דאָס האַרץ ווייסט נישט וואָס די ליפּן זאָגן, וואָס קען העלפן אַזאַ תפילה? (20).

אמת, עס האָבן זיך תמיד געפונען קאָנסערוואַטיווע רבנים, וואָס האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן, מען זאָל נוצן ביי תפילות אַן אַנדער שפּראַך, אָבער די דאָזיקע אָפּאָזיציע, ווי למשל פון דעם רמב״ן, איז נישט

געווען פאַרביטערט און נישט שטאַרק געענג, אויסצואוואָרצלען דעם מנהג, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, שפּאַניע און איטאַליע זיך צו באַנוצן מיט די דיאַלעקטן, אויף וועלכע יידן האָבן גערעדט, ווי מיט אַ געהילף־שפּראַך ביים דאַווענען.

מיט דער אייגענער דערשיינונג באַגעגענען מיר זיך שפּעטער אין דעם מזרח־אייראָפּעאישן פּעריאָד, ווען דער דייטשער דיאַלעקט האָט זיך אַלץ מער אַנטוויקלט און איז אויסגעוואַקסן צו אַ יידישער פאָלקס־שפּראַך. שוין אין מיטלעלטער האָבן עקסיסטירט אויף יידיש איבערזעצונגען פון חומש און פון געוויסע תפילות. אויך דעמאָלט האָבן זיך געפונען איינצלנע רבנים, וואָס האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם, אָבער אויך דאָ איז זייער פּראָטעסט געווען בלויז אַ פאָרמעלער. נישט בלויז האָט מען פאַרשטייט זיך, נישט אָנגענומען קיין שום מיטלען קעגן די הייליקע ספרים און תפילות אין דער יידישער איבערזעצונג, נייערט זייער צאָל און זייער פאַרשפּרייטונג זענען וואָס ווייטער אַלץ מער געשטיגן און דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פּונקט מיט דעם אַרויסגעבן פון דער „ווייבערישער תורה", די „צאינה וראינה" פון יעקב בן יצחק אשכנזי פון יאַנאָווע אין זיבצנטן יאָרהונדערט, וואָס איר איז באַשערט געווען צו ווערן איינער פון די סאַמע פּאָפּולערסטע יידישע ספרים. אפילו אַ קיצור פון שולחן־ערוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף יידיש. נישט בלויז האָט יידיש געדינט ווי אַן איבערזעצונגס־שפּראַך, נאָר שוין אין זעכצנטן יאָרהונדערט געפינט מען יידישע תחינות לכתחילה אויף יידיש געשריבן (21). די דאָזיקע ווייבערישע תחינות האָבן זיך אַלץ מער פאַרשפּרייט.

ווי באַליבט זענען ביי יידישע פרויען געווען אין נייצנטן יאָרהונדערט די תחינות פון דער באַרימטער שרה בת טובים, איז גענוג באַוואוסט. גראָד דעמאָלט ווען אין מערב איז אָנגעגאַנגען אַזאַ ביטערער קאַמף קעגן באַנוצן די דייטשע שפּראַך אין שול, האָט ר' לוי יצחק פון בערדיטשעוו, אָפּטרעטנדיק פון קאַנאָן, געשאַפן זיינע וואונדערלעכע האַרציקע, אימפּראָוויזירטע תפילות אויף מאַמע־לשון, וואָס זענען נאָך עד־היום געבליבן אינעם פאָלקס־זכרון.

פּונקט ווי אין דער שפּראַך, זענען שטענדיק פאָרגעקומען ענדערונגען אינעם נוסח און אין דעם סידור התפילות. די גאונים האָבן איינגעפירט באַדייטנדיקע שינויים אין די תפילות, הוספות צו די פריערדיקע, און אָפטמאָל אַפילו געהאַנדלט קעגן תקנות פון דער משנה און פון דער גמרא (22).

פּיוטים, וואָס האָבן נאָך אין עלפטן יאָרהונדערט אַרויסגערופן אַן

אפּאָזיציע און מען האָט אויך זיי געקוקט ווי אויף אַ הפסקה פון דאַווע־נען, האָבן זיך אַלץ מער איינגעוואָרצלט, אַזוי אַז מיט דער צייט זענען זיי, ווי אַ ריי נייע תפילות, געוואָרן אַן איינגעפונדעוועטער באַשטאַנד־טייל פון אונדזער סידור און מחזור.

אַלע גרויסע געשעענישן אינעם יידישן לעבן, בפרט די אַזוי אָפטע גזירות און פּורעניות, ווי למשל די קרייץ־צוגן, די גזירות ת"ח ות"ט וכדומה, האָבן דאָרט געפונען זייער אָפּקלאַנג און אויסדרוק. נישט קיין קלענערע ווי דער רש"י און רבנו גרשון מאור הגולה זענען געווען צווישן די מחברים פון די פיוטים און סליחות. דער תיקון חצות, וואָס האָט אָנ־געפּילט מיט אַזאַ הייליקן ציטער אַלע פרומע יידן און זיי זיך אויסגעוויזן אַזוי אור־אַלט, איז אין יידישע קהלות אין מזרח ערשט איינגעפירט געוואָרן דורך ר' נתן נטע האַנאָווער אין דער צווייטער העלפט פון זיבעצן יאָרהונדערט. און אַז אין אַכצנטן יאָרהונדערט איז אויפגעקומען די „כת", ווי מען האָט דעמאָלט גערופן די חסידים, און איינגעפירט אַ נוסח פון דאַווענען, דעם ספרדישן, וואָס איז געווען לחלוטין פרעמד די מזרח־אייראָפּעישע יידן, האָבן טאַקע די רבנים אויסגעהויבן אַ גוואַלט. משמעות, אָבער, אַז דער דאָזיקער געשריי האָט קוים וועמען גערירט, וואָרעם דער חסידישער נוסח האָט זיך איינגעוואָרצלט און איז גע־וואָרן פאַרשפּרייט ווי דער פריערדיקער אַשכנזישער.

נאָר אויב אַזוי, מיט וואָס זשע דערקלערט זיך פאַרוואָס דער שטורעם, וואָס עס האָבן אַרויסגערופן די קלענסטע פּרוּוון מצד די דייטש-יידישע משכילים אַריינצופירן רעפאָרמען, וואָס לויט זייער אינהאַלט האָבן זיי לכתחילה געקענט אויסזען אַ סך ווייניקער רעוואָלוציאָנער ווי יענע, וואָס זענען אַמאָליקע צייטן איינגעפירט געוואָרן אָדער גאָר אָן שום ווידערשטאַנד אָדער וואָס זענען אין ערגסטן פאַל, באַגלייט געווען מיט צייטווייליקע ריין־פאָרמעלע פּראָטעסטן. דער תירוץ איז, אַז נישט דער אינהאַלט גופא פון די רעפאָרמען איז געווען, די סיבה פון דער פאַרביי־טערטקייט, נייערט די באַהאַלטענע, אַמאָל אויך אָפענע, כוונות, וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן, און די פּערזאָנען, וואָס זענען געשטאַנען בראש פון דער רעפאָרם־באַוועגונג. אַלע אַמאָליקע ענדערונגען זענען איינגעפירט גע־וואָרן פון פרומע יידן און זייער כוונה איז געווען דער חיזוק הדת. זייערע מאָטיוון זענען בכן געווען אינעווייניקסטע, יידישע. די נייע רעפאָרמען אָבער האָבן געדאַרפט דינען ווי אַ רעליגיעזע און מאָראַלישע סאַנקציע פאַר דער הפקרות פון דער יידישער בורזשואַזיע אין מערב, וועלכע האָט צוליב באַקוועמלעכקייטס־טעמים שוין פריער געהאַט אָראָפּגעוואָרפן פון

זיך דעם עול פון מצוות מעשיות, דעם שווערן יאָך פון יידישער עקסיס־טענץ צווישן פרעמדע פעלקער.

אליעזר ריסר, דער פאָטער פון דעם באַרימטן יידישן פּאָליטיקער גבריאל ריסר, צו וועלכן ישראל יאַקאָבזאָן האָט זיך געווענדעט נאָך שטיצע פאַר זיינע רעפאָרמאַטאָרישע פּראָיעקטן, האָט זיין אָפּזאָג אויסגעצייכנט פאָרמולירט, בעת ער האָט געזאָגט, צווישן אַנדערע זאַכן, אַז אַ רעפאָרם אין הסכם מיט די באַדערפעניש פון דער צייט, וואָלט אפשר טאַקע נויטיק געווען, אָבער דורכפירן זי וואָלטן געקענט נאָר די גדולי הדור(23). אַ רעליגיעזע רעפאָרם, דורכגעפירט פון גאָר נישט גלויביקע, אָדער פון קטני אמונה, איז במילא נישט קיין רעליגיעזע. און אויב אַזוי, איז זי, ווי אומבאַדייטנדיק די איינצלנע רעפאָרמען זאָלן נישט זיין אינהאַלטלעך, אַ פאַרשוועכונג פון דער הייליקייט.

אין משה מענדעלסאָנס צייטן איז די יידישע אומגאַנגס־שפּראַך געווען נישט דייטש, נאָר יידיש. אויף יידיש האָבן שוין דעמאָלט עקסיסטירט אַ רייע איבערזעצונגען פון חומש. בכן איז משה מענדעלסאָנס חומש-איבער־זעצונג כלל נישט אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער באַדערפעניש צו געבן יידן, וואָס קענען נישט קיין לשון־קודש, אַ מיטל צו פאַרשטיין די תורה. אָבער די יידישע איבערזעצונגען האָבן אים נישט באַפרידיקט, ווייל דער „זשאַרגאָן”, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז פאַר אים געווען אַ „שטאַמלער־שפּראַך”. איז דערום אַזוי פאַרשטענדלעך דער פּראָטעסט פון דעם פּראָגער רב ר׳ יחזקל לאַנדאָ און פון זיינע חברים, וואָס האָבן דערין געזען אַ פּרואוו אויסצונוצן די תורה ווי אַ מיטל אויף צו פאַר־שפּרייטן צווישן יידן די קענטעניש פון אַ פרעמדער שפּראַך. און די בעסטע ראיה, אַז ער האָט ריכטיק תופס געווען די פאַרבאַהאַלטענע כוונה פון די משכילים, קען מען זען אין דעם געוואַלד, וואָס זיי האָבן געמאַכט, בעת אייניער פון זייערע, מענדל סאַטאַנאָווער, האָט געוואַגט אַרויסצולאָזן, אין 1813, משלי אין אַ יידישער איבערזעצונג, אין דער „שפּראַך פון דער גאַס” (24). דאָס אייגענע איז געשען מיט די תפילות אויף דייטש, וואָס האָבן אויך גאָרנישט נישט געהאַט צו טון מיטן שמע בכל לשון שאתה שומע, אויף וועלכן די רעפאָרמערס האָבן זיך באַרופן, ווי זיי באַרופן זיך נאָך היינט אויף פּסוקים און מאמרי חז״ל דעמאָלט, ווען דאָס לוינט זיי און פּאַסט זיי צום רומל. נישט קיין פאַרשטענדיקע שפּראַך האָבן זיי געזוכט, וואָרעם זי האָט מען גאָרנישט געדאַרפט זוכן, נאָר די האַרן-שפּראַך, אַ פרעמדע שפּראַך, האָבן זיי געוואָלט איינפירן צווישן יידן און אויסנוצן צוליב דעם

די אויטאָריטעט פון די יידישע הייליקייטן, פון יידישע תפילות. און עס איז צו באַוואונדערן דעם געזונטן חוש פון די פרומע יידן. אַז לעאָן מאַנדעלשטאַם האָט געבעטן ביי ר' מענדל דעם לובאַוויטשער אַ הסכמה איבערצוזעצן דעם סדור אויף דייטש, האָט ער געענטפערט: „עס איז נישט ריכטיק, מען זאָל צווינגען דאָס יידישע פאָלק צו אַ שפּראַך, וואָס עס פאַרשטייט גאָרנישט, און מען זאָל דורך דעם מבטל זיין זיין אייגענע שפּראַך יידיש, וואָס עס רעדט שוין זיבעט איינציקע הונדערט יאָר (25). מיט וואָס עס האָט זיך געענדיקט דער קאַמף פון דער השכלה קעגן יידיש, איז גענוג באַקאַנט. פּונקט ווי מען האָט געוואָלט אויסוואָרצלען די פאָלקס־שפּראַך פונעם פאָלקס־מויל, אַזוי האָט מען אַ קורצע צייט נאָך דעם מיטן אייגענעם ווערקצייג, מיט דער פרעמדער שפּראַך, געוואָלט אַרויסשטויסן און אַוועקרוקן אין אַ ווינקל אויך די שפּראַך פון יידישן געדאַנק און פון יידישן שאַפן אין אַלע דורות, אונדזער הייליקע און נאַציאָנאַלע שפּראַך — העברעאיש.

ווען אין אַמאָליקע צייטן האָט מען באַנוצט, כדי צו געבן צו פאַרשטיין די תורה און די תפילות, אַן אַנדערע שפּראַך, ווי העברעאיש, האָט מען אויף איר געקוקט בלויז ווי אויף אַ טעכניש מיטל. און באַנוצט האָט מען זיך מיט די אומגאַנגס-שפּראַכן, וואָס על פי רוב האָבן זיי זיך געהאַט אַנטוויקלט צו יידישע דיאַלעקטן, אין אַ קלענערער מאָס ווי אונדזער איצטיקע פאָלקס־שפּראַך, אָבער דאָך פאַריידישט, דאָך עפּעס אייגנס. די רעפאָרמערס אָבער האָבן געצילט אַ סך ווייטער: זיי האָבן געוואָלט אַ פרעמד לשון מאַכן צו דער יידישער קולטור-שפּראַך. דאָ האָבן מיר שוין געהאַט צו טון נישט מיט קיין פשוטער טעכנישער איבערזעצונג אויף צו באַנוצן אין אינדיווידועלע נויט־פאַלן, נייערט מיט אַ פּרינציפּיעלער איבערפאָרמירונג פון יידישע געדאַנקען און געפילן, דורך צופּאַסן זיי צום גייסט פון אַ פרעמדער שפּראַך. הערמאַן כהן האָט שפּעטער אויסגעזאָגט דעם סוד פון חדר, הגם טראַדיציאָנעלע יידן האָבן דאָס שוין פריער, אפשר נישט אַזוי קלאָר פאַרשטאַנען, אָבער טיף געשפּירט, בעת ער האָט אין זיין שריפט „דייטשטום אונד יודענטום", מער ווי הונדערט יאָר נאָך יענע געשעענישן, אויפגעדעקט דעם אמתן מיין פון דער תורה־ און תפילות־איבערזעצונגען אויף דייטש. דורך משה מענדעלסאָנס איבערזעצונג, זאָגט הערמאַן כהן, זענען יידן אַריינגעפירט געוואָרן אין דער דייטשער שפּראַך־וועלט פון גייסט און געפיל. און טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק פאַר אים, אויף צו באַווייזן די אינטימע קרובהשאַפט פון דייטשטום און יידישקייט, וואָס מענדעלסאָן האָט געלייגט איר גרונטשטיין, איז ער נאָך מוסיף,

אַז צוליב און דורך דער דאָזיקער איבערזעצונג האָט זיך אויך דער רעלי־גיעזער גרונט־שטריך פון דער דייטשער גייסטיקער וועלט אַנטפּלעקט פאַר יידן דורך די דייטשע ווערטער, האָט דייטשע רעליגיעזקייט אַריבערגע־שטראָמט אין דער יידישער פרומקייט. מיט די דרשות אין די שולן אויף דייטש, זאָגט ער, איז דער דייטשער גאָט־געבעט אַריינגעדרונגען אין די יידישע תפילות און אַזוי אַרום באַפעסטיקט דעם צוזאַמענקלאַנג פון דייטשטום און יידנטום (26).

געוויס וואָלט נישט געווען וועגן וואָס מרעיש־עולם צו זיין, וואָס מען האָט געוואָלט אַריבערדרוקן די בימה פון צענטער פון דער שול אָדער נאָך אַזוינע „וויכטיקע" רעפאָרמען. געוויס איז דערפון דער קיום פון יידן און די רעטונג פון דער וועלט נישט אָפּגעהאַנגען. אָבער דאָס איבערשטעלן די בימה, די נייע בגדים פון די ראַבינערס, חזנים און שמשים, דער אָרגל וכדומה זענען נישט אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַ פאַרפיינערונג פון עסטע־טישן געשמאַק ביי יידן, נייערט אין זיי איז געווען באַהאַלטן דער מיין נאָכצוטון, נאָכצומאַכן גויאישע מנהגים. און עס איז נישט מער ווי קאָמיש, ווען נאָך היינט צו טאָג זוכט מען צו באַרעכטיקן דאָס דאַווענען אונטער די קלאַנגען פון אָרגעל דערמיט, וואָס לויט געוויסע השערות, געזויגן פון פינגער, האָבן די קריסטן דעם אָרגעל אַריבערגענומען פון אַמאָליקע יידן אין אר״ץ־ישראל (27). פונקט ווי די דאָזיקע היסטאָרישע אַנטפּלעקונגען וואָלטן באמת געווען די סיבה, וואָס מען האָט אַריינגעפירט אַן אָרגעל און די איבעריקע רעפאָרמען, און נישט דער פאַקט, וואָס אַזוי „פירט זיך ביי לייטן" און כדי עס זאָל נעמען אַ סוף צו דער יידישער פרישות און יידן זאָלן זיך אויסגלייכן מיט די גוים. נאָר אויב אַזוי, איז דאָך אין לדבר סוף, אָדער דער איינציקער סוף איז שמד, וואָס מיינט באמת די פולע אויס־גלייכונג מיט די פרעמדע פעלקער און די פאַרטיליקונג פון יידן און יידישקייט. זענען טאַקע נישט ווייניק רעפאָרמאַטאָרס, און אויב נישט זיי אַליין — זייערע קינדער, דערגאַנגען ביז צו דעם דאָזיקן טרויעריקן סוף.

פאַר אַ יידישקייט פון נאָכגעקרימטע, פוסטע צערעמאָניעס, אָן גלויבן און אָן אַ נשמה, לוינט באמת נישט צו לידן און צו טראָגן דעם שווערן יידישן גורל.

זעען מיר בכן, אַז דער אויפטו פון דער רעפאָרם איז כלל נישט געלעגן אין די רעפאָרמען גופא, נייערט אין דעם פרעמדן גייסט, וואָס זי האָט געוואָלט אַריינברענגען אין יידישן לעבן. להיפך צו דער קריסטלעכער רעפאָרמאַציע, איז די אונדזעריקע אין תוך געווען אַ קאָנטער־רעפאָרמאַציע, וואָרעם, אַפּוואַרפנדיק די תורה שבעל פה, האָט זי געוואָלט פאַרגליווערן

די יידישקייט אויף אַ געוויסן און אַ וויכטיקן צייט־פּונקט פון דער פאַרגאַנגענהייט און במילא אויפהאַלטן די נאַטירלעכע עוואָלוציע פון יידישן געזעץ און פון יידישן לעבן. נישט אומזיסט האָבן די קראים אויף די חכמי התלמוד געקוקט ווי אויף רעפאָרמערס. וואָס האָבן זיך גענומען דעם רשות צו פסקנען קעגן דעם פשוטן טייטש פון דער תורה. פונקט אַזוינע „רעפאָרמערס" זענען שפּעטער געווען די גאונים. זענען זיי דאָך אָפט געגאַנגען מיט די אמוראים, אפילו אויב עס איז געווען אַ סתירה צווישן זיי און דער משנה. וואָרעם יפתח בדורו כשמואל בדורו. האָבן טאַקע דערום די גאונים אויפגעשטעלט דעם כלל, אַז הלכה כבתראי: דער דין איז ווי די אחרונים האָבן געלערנט. בעת לויטן תלמוד וואָלט אייגנטלעך די דעה פון די ראשונים געדאַרפט זיין בילכער. ווי באַלד אָבער דער דין דאַרף זיין אין הסכם מיט די לעבנס-באַדינגונגען פון צייט און אָרט, האָט די מיינונג פון די נייערע דאָס איבערגעוויכט איבער די עלטערע חכמים, הגם זיי האָבן געמעגט זיין גרעסער און הייליקער (28). דאָ זעט מען באַשייפּערלעך, ווי פאַרפירעריש עס איז די מעטאָדע פון אַנאַלאָגיעס. עס איז אָנגענומען אויפן סמך פון אַ פאַרגלייך מיט דער קריסטלעכער רעפאָרמאַציע, צו באַטראַכטן די נייע יידישע רעפאָרם ווי אַ פּראָגרעסיווע באַוועגונג. מען פאַרגעסט אָבער דעם גרויסן חילוק צווישן זיי. דער רוף צוריק צו דער ביבל און צום פרימיטיוון קריסטנטום איז טאַקע געווען אַ פּראָגרעסיווער לאָזונג, אַ רוף פאָראויס. אויפן געביט פון ריינעם גלויבן, איז דאָס עלטערע, דאָס פרימיטיווע נישט פאַרשמוציקט און פאַרדאָרבן דורכן לעבן און דורך די מענטשן, וואָס זייער באַרוף איז דעם גלויבן אָפּצוהיטן. דער אַנהויב־גלויבן איז בכן דער ריינערער.

יידישקייט איז אָבער, ווי מיר ווייסן, נישט קיין גלויבן, נאָר אַ לעבנס-געזעץ, דורכן גלויבן געשטאַרקט און געהייליקט. במילא איז דאָ די עוואָלוציע אַ גאַנג פאָראויס. זאָגט מען זיך אָפּ פון דער דאָזיקער עוואָלוציע, גייט מען אויף צוריק. שטעלט זיך פאָר, מען זאָל זיך היינט וועלן אומקערן צום רוימישן רעכט, וואָלט דאָס נישט געווען אַ רעאַקציע לגבי די היינט־גילטיקע רעכט־סיסטעמען פון אייראָפּע און אַמעריקע? במצא, אַז ווער עס לייקנט די תורה שבעל פה, דער פירט צו אַ רעאַקציע אינעם יידישן לעבן. דער לאָזונג „צוריק צו דער ביבל" איז אין אונדזערע פאַרהעלטענישן געווען בפירוש אַ רוף אויף צוריק, פונקט ווי ער האָט די אייגענע רעאַקציאָנערע ראָל געשפּילט ביי די צדוקים און די קאַראַ־

אימער. דערביי איז נאָך דער דאָזיקער רוף געווען מצד די משכילים און רעפאָרמערס אַ צביעותדיקער. זיך אומקערן צו דער ביבל, וואָלט געהייסן נאָך שווערער מאַכן דעם עול פון יידישקייט. בעת זייער אמתע כוונה איז געווען פון אים פטור צו ווערן. האָבן זיי טאַקע אויך די תורה געבענטשט נאָר מיט די ליפּן און אַפילו נישט געקלערט זי מקיים צו זיין. דערפאַר אָבער האָבן זיי יאָ פאַרווירקלעכט דעם צווייטן, נעגאַטיוון טייל פון זייער פּראָגראַם: זיך אָפּגעזאָגט פון דער לעבעדיקער יידישקייט. אַזוי אַרום האָבן זיי דעם יידישן לעבנס־וועג פאַרוואַנדלט אין אַ בית־הקברות און די לעבעדיקע יידישע תורה — אין טויטע שמות. העברעאיש, וואָס האָט אויף קיין איין מאָמענט נישט אויפגעהערט צו לעבן און זיך צו אַנטוויקלען, ווי די יידישע ליטעראַטור־שפּראַך, און האָט אין זיך אַריינגענומען, נאָך דער תנ״ך־פּעריאָדע, נייע קאָנסטרוקציעס, ווענדונגען און ווערטער־אוצרות, געשעפּט פון דער משנה, פון דער תלמודיש־מדרשער, פון די מיטל־עלטערלעכע פילאָזאָפישע און פּאָעטישע שאַפונגען, און שפּעטער אויך פון דער לעבעדיקער פאָלקס־שפּראַך, אַפילו אַט דאָס לשון אונדזערס האָבן די משכילים און רעפאָרמערס געוואָלט ברענגען צו אַ טויטן־פּונקט, מיטן בלומרשטן אויסרייד, עס אָפּצורייניקן פון „מיסט" און צו דערהויבן, ווייל לויטן „המאסף" „וואַלגערט עס זיך אין שטויב פון פאַרלאָזנקייט און אין די מיסטן פון שאַנד"(29). און דער רעזולטאַט — געקינצלטע אויפגעבלאָזענע מליצות, גענומען פון דער שפּראַך פון תנ״ך, אָבער אָן דיין נשמה און אָן זיין גלויבן. האָט זיך טאַקע אין דער גאַנצער משכיליש־רעפאָרמיסטישער ליטעראַטור פון יענער צייט, צווישן די אַלע „דוברי צחות" קיין איין לעבעדיקער טאַלאַנט נישט באַוויזן. אין אַן אויסגעטריקנטן מדבר וואַקסט קיין גראָז נישט. דער יידישקייט־בוים וואָלט געמוזט פאַרדאַרט ווערן, ווען דער רעפאָרמיסטישער לאָזונג „צוריק צו דער ביבל" וואָלט ביים פאָלק זיך אָנגענומען. דאָס איז נישט געשען. אָבער איין שלעכטע פּעולה האָט ער יאָ געהאַט. ער האָט אָפּגעשראָקן די טראַדיציאָנעלע יידן. אין יעדן נייעם וואָרט האָבן זיי געהערט אַן אָפּקלאַנג פון כפירה. אין יעדן פרישן ווינטל — אַן אָנזאָג אויף אַ שטורעם. אַזוי אַרום האָבן די רעפאָרמערס אויף אַ היפּשער צייט אָפּגעהאַלטן דעם נאַטירלעכן ווייטערדיקן וואוקס פון דעם יידישן געזעץ און פון דעם יידישן געדאַנק.

רעפערענצן:

(1) שמעון ברנפלד. תולדות הריפורמציון הדתית בישראל, ורשה תרפ"ג, ע' 26.

(2) י. צינבערג. געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן, באַנד 7א, ז"ז, 26-7, 21.

(3) Moses Mendelsohn's Schriften, Erster Band, Leipzig 1880. An die Freunde Lessings, S. 475, und dort Jerusalem, Zweiter Band, SS. 430-31.

(4) Dort, SS. 450, 451.

(5) Spinoza, Traktat, Fuenftes und Siebzehntes Kapitel.

(6) Mendelsohn's Schriften, Band II, Jerusalem, S. 463.

(7) Spinoza, op. cit., Neunzehntes Kapitel.

(8) Mendelsohn, dort, S. 373.

(9) Dort, SS. 376-7, 391-2.

(10) Dort, SS. 490-91, 495-6.

(11) Dort, S. 465.

(12) ציטירט לויט י. צינבערג, באַנד 7א, ז' 55.

(13) ברנפלד, שם, ע"ע 68-9.

(14) Dubnow. Weltgeschichte des Juedischen Volkes, B. IX, SS. 297-99.

(15) ברנפלד, שם, ע"ע 177, 175.

(16) Solomon B. Freehof. Reform Jewish Practice, Cincinati 1944, pp. 88-9, 100-01, 106-09.

(17) Mordecai M. Kaplan : 1) Judaism in Transition, 1941, p. 53 ; 2) La Civilizacion de Israel, pp. 11, 96.

(18) ברנפלד, שם, ע"ע 193-4.

(19) י. צינבערג, באַנד 6, ז' 14.

(20) " " " 2, ז' 64.

(21) " " " 6, ז"ז 282, 150-51, 140-41, 113.

(22) דור דור ודורשיו, חלק רביעי, ע' 205.

(23) ברנפלד, שם, ע"ע 74-5.

(24) Dubnow, B. VIII, S. 404.

(25) ש. א. האַראָדעצקי. דער חסידיזם און זיינע פירער. ווילנע 1937, ז' 248.

(26) Hermann Cohen. Deutschtum und Judentum. Giessen 1915, S. 31.

(27) Solomon B. Freehof, op. cit. p. 43.

(28) חיים טשערנוביץ. תולדות הפוסקים, ניו־יורק, תש"ו, ע"ע 42-44, 21-2.

(29) ציטירט לויט י. צינבערג, ב' 7א, ז' 104.

## עלינו לשבח . . .

### א. די אויסדערוויילטקייט פון יידישן פאָלק

דריי יידישע מאָטיוון ווערן אָפט צונויפגעמישט צוזאַמען, וואָס עס רופט אַרויס אַ פּלאָנטער אין די מוחות. דאָס זענען — די אידעע פון ברית, פון דעם בונד צווישן גאָט און זיין פאָלק ישראל, און די אידעע פון בחירה, אַז גאָט האָט אויסדערוויילט די יידן, זיי דערהויבן פון צווישן די פעלקער, און לסוף — די יידישע מיסיע, די שליחות, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט אויס־צופירן אויף דער וועלט צווישן די אומות־העולם. איטלעכער פון אָט די געדאַנקען קען לאָגיש אָפּגעשיידט ווערן פון די איבעריקע. פּסיכאָלאָגיש און היסטאָריש זענען די ערשטע צוויי, דער ברית און די בחירה, תמיד מיטאַנאַנדער געווען געבונדן. ביידע זענען גרונט־מאָטיוון פון דער יידישער אמונה, און איר באַגעגנט זיי ממש אויף יעדן טריט און שריט אין דער תורה, ביי די נביאים און כמעט ביי אַלע חכמים פון די שפּעטערדיקע דורות, פּונקט אַזוי ווי אין אונדזערע טעגלעכע און יום טובדיקע תפילות. להיפּך צו די דאָזיקע צוויי נאַציאָנאַלע מאָטיוון, טרעפט איר, אַ חוץ ביי די נביאים, זעלטן ווען דעם דריטן, דעם אוניווערסאַלן. איך זאָג עס נישט, כדי צו מינערן די חשיבות פון דער לעצטער אידעע, נאָר אויף צו באַטאָנען, אַז דערפון איז געדרונגען, אַז אין יידישן פאָלקס־באַוואוסטזיין פאַרנעמט זי נישט אַזאַ צענטראַלן אָרט ווי די איבעריקע צוויי. זי בליצט אויף פון צייט צו צייט און פאַרשווינדט. זי לייכט אויף און לעשט זיך אויס אין דער פינצ־טערניש פון רשעות און יידישע צרות. איז בחירה (אויסדערוויילטקייט) גע־וואָרן אַ פאָלקס־אידעע, וואָס יידן, סתם יידן, דער האַלץ־העקער און דער וואַסער־שעפּער, דער למדן און דער עם־הארץ, דער גביר און דער אָרעמאַן, האָבן מיט איר ממש געאָטעמט, האָט די אידעע פון דער יידישער מיסיע געבליט בלויז אינעם קרייז פון יידישע געלערנטע און וויזיאָנערן.

אַפילו די יידן־קריסטן האָבן אין אָנהויב נישט געקאָנט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט די יידישע בחירה־אידעע. עס איז זיי שווער געווען, ווי מיר וועלן דאָס באַלד זען, זי אָנצודערקענען, אָבער אויך נישט לייכט געווען זי צו פאַרלייקענען. אַזוי טיף איז זי געווען איינגעוואָרצלט אינעם פאָלקס־באַוואוסטזיין. אויך מחמד, זיכער אונטערן איינפלוס פון די יידן, וואָס האָבן

אין זיין צייט געלעבט אויפן אַראַבישן האַלב־אינדזל, האָט, נישט געקוקט אויף זיין גאַנצן כעס אויף די יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו גלויבן אין זיין נביאות, פונדעסטוועגן מודה געווען אין דער העכערקייט און אויסגעוויילטקייט פון יידישן פאָלק. (קאָראַן, סוראַ 45, פערז 15, ציטירט לויט דער פראַנצויזישער איבערזעצונג פון עדואַר מאָנטע).

וואָס מער דער ייד האָט געליטן פון גויאישער רשעות, אַלץ מער האָט ער זיך איבערצייגט ווי העכער ער שטייט איבער די גוים און אַלץ מער האָט ער זיך גענויטיקט אין דער דאָזיקער איבערצייגונג, וואָס האָט אים דערהויבן און געטרייסט. אַז אַ ייד האָט געמאַכט די טעגלעכע ברכה שלא עשני גוי, האָט ער, פאַרשטייט זיך, בשעת מעשה אַפילו נישט געקלערט, ווי דאָס האָבן געזאָגט אַלט־צייטיקע יידישע רבנים צוליב דער צענזור (אָדער ווי עס ווילן אונדז איינרעדן היינטצייטיקע האַביים צוליב אָפּאָרטוניזם און אפשר, אין זעלטענע פאַלן, אויך פון איבערצייגונג) פון די לאַנג־פאַרשוואונדענע פעלקער פון אַלטערטום, די שבע אומות פון חומש, די חתים, די כנענים, די פריזים און אַנדערע. און אויך נישט וועגן די פעלקער, מיט וועלכע דאָס יידישע פאָלק האָט זיך שפּעטער צוזאַמענגעשטויסן, ווי די פערסער, כאַלדעער, גריכן און רוימער. אין בעסטן פאַל האָט דער ייד נאָר זייער נאָמען געהערט. געגלויבט האָט ער דעם באַשאַפער, וואָס ער האָט אים נישט געמאַכט גלייך צו די לעבעדיקע גוים, צו זיינע שכנים, די וואָס האָבן אים נעכטן געבראָכן די שויבן, ווען זיי האָבן זיך געשפּילט, און געהרגעט זיינע קינדער ווען זיי זענען אויף אַן אמת געווען מלא רציחה. דער ייד איז געווען גליקלעך און געלויבט זיין גאָט, וואָס ער זיצט נישט צווישן אָט די שכורים, הולטייעס און רוצחים. און אויב איך געברויך דאָ לשון עבר, איז דאָס נישט דערפאַר, ווייל אונדזערע שכנים זענען אַלע גוט און פרום געוואָרן — זאָל דאָ נאַצי־דייטשלאַנד עדות זאָגן, — נאָר ווייל אַ טייל יידן האָבן זיך אין צווישן שטאַרק געענדערט. פון איין זייט האָבן זיי איבערגענומען אַ היפּש ביסל שלעכטע גויאישע מידות, פון דער אַנדערער זייט, גיט זיי מער נישט קיין גליקזעליקייט דער פאַקט פון יידישער העכערקייט. גאָר פאַרקערט, זיי פאַרשעלטן זי און זייער געבוירן־טאָג אַלס יידן, ווייל זיי זעען אין דער דאָזיקער אַנדערשקייט דעם מקור פון אַלע זייערע פּלאָגן, מחמת נאָר זי שטערט זיי צו געניסן פון לעבן גלייך מיט אַלע אַנדערע. און פונדעסטוועגן, און מעג די צאָל פון די דאָזיקע יידן זיין ווי נאָך אַזוי גרויס, זענען זיי נישט דאָס פאָלק און נישט זיי דריקן אויס זיינע שטימונגען. מען משפּט נישט אַן אַרמעע לויט די דעזערטירערס און אַ פאָלק — לויט זיין אָפּפאַל. קענען מיר דערום מיט פולן רעכט זאָגן, אַז אויך היינט צו טאָג בלייבט די בחירה־

אידעע אַ לעבעדיקער פאַקטאָר און אַ סטימול פאַר יידן וואָס זענען יידן געבליבן, אויף וואָס פאַר אַ שטייגער זייער יידישקייט זאָל זיך אויסערלעך נישט מאַניפעסטירן. טוביה דעם מילכיקן, דער וואָס האָט געלעבט אין אַ רעוואָלוציאָנערער צייט, בעת עס האָט זיך געקענט דוכטן, אַז אָט־אָט פאַלט די מחיצה צווישן ייד און נישט־ייד, וואָס האָט געהאַלטן זיין מוח אָפן פאַר נייע ווינטן און מוחל געווען זיינע טעכטער זייער נייעם הולך, האָט עס פונדעסטוועגן איטליכעס מאָל אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן, ווען ער האָט זיין טאָכטער חוה געזען אַרומגיין מיטן „שגץ".



די אַטאַקעס אויף דעם געפיל פון יידישער אויסדערוויילטקייט און הע־כערקייט זענען נישט קיין נייעס ביי יידן. ניי איז נאָר דער פאַקט, וואָס איצט קומען זיי גאָר אָפט פון יידן, וואָס שטייען אין דער מחנה. בעת אַמאָליקע צייטן האָבן זיך איינגעשטעלט אויף אים אָנצופאַלן נאָר די, וואָס זענען אַוועק פון פאָלק. בשעת זיי האָבן געהאַלטן ביים ליקווידירן מיט אים אַלע אַמאָליקע חשבונות, איז אויך די פאַרהאַסטע בחירה־אידעע אַריין אין לאַנגען חשבון פון די יידישע חטאים.

דער ערשטער וואָס האָט געשטאַמט פון יידן און איז פון זיי אַוועק צו די פרעמדע פון זיין צייט, צו די געצנדינערס, דער אַפּאָסטאָל פּאַאולוס, איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפגעהויבן אַ האַנט אויף דעם גאָט־פאָלק־בונד און אויף דער יידישער בחירה. זיין רבי און משיח, ישו הנוצרי אַליין, האָט זיך נאָך געהאַלטן, הגם נישט שטאַרק עקשנותדיק, ביי דער בחירה. האָט ער דאָך געזאָגט, אַז ער איז געשיקט געוואָרן נאָר „צו די פאַרלוירענע שאָף פון הויז ישראל" (מתיא 15, 24. דער אייגענער גע־דאַנק, אַנדערש אויסגעדריקט — ביי מאַרקוסן 7, 27). אָבער פּאַולוס האָט זיך שוין מיט דער בחירה קיין עצה נישט געקענט געבן. אַז זענען פאַר אים יידן „אָנפאַרטרויט געוואָרן מיט די נביאות פון גאָט", „זיי געהערט דאָס רעכט אַלס קינדער, דער כבוד און די בונד־שליסונגען און מתן־תורה, און די הייליקע עבודה, און די הבטחות" (רוימער, 3, 2; 9, 4) און אָט גייט ער צוריק און זאָגט: „נישט אַלע, וואָס זענען פון ישראל, זענען ישראלים. זיי זענען אויך נישט אַלע קינדער, מחמת זיי זענען אַלע אברהמס זאָמען... און נישט די קינדער פון דעם פלייש זענען קינדער פון גאָט, נייערט די קינדער פון הבטחה ווערן פאַררעכנט פאַרן זאָמען" און „עס איז נישט דאָ קיין חילוק צווישן ייד און גריך" (רוימער 9, 6, און 10, 12). און אַז ביי דעם זענען די קריסטן, זינט זיי האָבן זיך אָפּגעשפּאַלטן פון יידן־שטאַם,

געבליבן, אָנשטאָט דעם נאַציאָנאַלן בונד, איז אויפגעקומען אַ בונד פון גלויביקע.

דער ערשטער ייד אין אונדזער גלות־געשיכטע, בכל־אופן פון די באַקאַנטע און באַטייטנדיקע, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אָראָפּצוזעצן די בחירה פון איר טראָן איז געווען שפּינאָזאַ. די פאַרניינונג פון דער יידישער בחירה איז געווען אַ נאַטירלעכע קאָנסעקווענץ דערפון, וואָס ער האָט געלייקנט אין דער יידישער עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג גופא, פון יענעם מאָמענט אָן, ווען יידן האָבן אויפגעהערט צו זיין אַ מלוכה־פאָלק. שפּינאָזאַ האָט שוין כמעט מיט דריי הונדערט יאָר צוריק אַרויסגעבראַכט אַלע מאָטיוון קעגן דער בחירה. אירע היינטיקע קעגנערס און פיינט זענען נאָר מעלה־גרה און חזרן איבער, אפשר מיט מער פאַרביטערטקייט און גרעסערער עם־הארצות אין יידישקייט, זיינע אַרגומענטן, צי זיי באַזיפן זיך אויף אים אָדער, ווי דאָס פּאַסירט על־פּי רוב, זיי ציטירן אים נישט. דער בחירה־געדאַנק, זאָגט שפּינאָזאַ, איז אַן אויסדרוק פון אַ בייז געפיל, ווייל די אמתע גליקזעליקייט באַשטייט דערין, וואָס מען איז אַליין באַטייליקט אין גוטן און נישט דערין, וואָס אַנדערע באַזיצן נישט דאָס גוטס. ווען מיר זיך נאָך באַגעגענען ביי די היינטיקע קעגנערס מיט דעם דאָזיקן אַרגומענט וועגן דער נישט־עטישקייט פון דער יידישער בחירה־קאָנצעפּציע, שפּינאָזאַ ברענגט אַ צווייטן מאָטיוו, וואָס אויך ער חזרט זיך אַ צאָט איבער, הגם מיט אַנדערע ווערטער. מען קען נישט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז גאָט, וואָס פאַר שפּינאָזאַן מיינט — די נאַטור, האָט באַשאַפן פאַרשיידענע גאַטונגען פון מענטשן. במילא אונטערשיידן זיך די פעלקער נאָר דורך לעבנס־אומשטאַנדן און דורך די באַזונדערע געזעצן, וואָס רעגירן זייער מלוכה־לעבן. נאָר אָט אַזוי, אין דער פאַרשידנקייט אָבער נישט אין דער העכערקייט פון יידן צווישן אַנדערע פעלקער, דאַרף, לויט שפּינאָזאַן, פאַרשטאַנען ווערן דער בחירה־געדאַנק, ווי ער איז אויסגעדריקט אין דער תורה און ביי די נביאים. דערפון איז געדרונגען, אַז זינט יידן האָבן פאַרלוירן זייער מלוכה און במילא אויך זייערע באַזונדערע געזעצן, ווי באַלד ביידע זענען, לויט אים און זיינע שפּעטערדיקע נאָכגייערס, אומטיילבאַר, האָבן זיי אויך פאַרלוירן זייער באַזונדערקייט און מיט איר — זייער אויסדערוויילטקייט, וואָרעם ביידע באַגריפן דעקן זיך ביי יידן איינער מיט דעם אַנדערן (1).

אַז די יידישע בחירה איז נישט געווען צום האַרצן דער השכלה און דער רעפאָרם, דאַרף מען לאַנג נישט באַווייזן. איז דאָך די דאָזיקע נעגאַציע נאָך היינט צו טאָג איינע פון די יסודותדיקע מאָטיוון, וואָס דורך זיי

שיידן זיי זיך אָפּ פון דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט. האָט טאַקע איינער פון די ראשונים פון דער השכלה, הערץ האמבערג, אין זיין „מעמאָראַנדום צו דער עסטרייכישער רעגירונג" אַרויסגעבראַכט דעם אַרגומענט פון יידישע מלשינים פון אַלע צייטן, דעם אַרגומענט, וואָס ווערט אַזוי אָפּט באַנוצט פון היינטיקע אַנטיסעמיטן, און צו אונדזער אומגליק, אויך פון געוויסע יידישע „אוניווערסאַליסטן", אַז יידן באַטראַכטן נאָר זיך פאַר מענטשן, און גויים געהערן נישט צו דעם מין מענטשן (2).

גאָר אַ ביטערע מערכה ביי יידן גופא האָט די בחירה־אידעע די לעצטע יאָרן, זינט דער נאַצי־ראַסיזם האָט זיך פאַרשפּרייט איבער איירָאָפּע און אַפילו אַריבערגעשפּאַנט דעם אָקעאַן. דאָס יידישע מזל האָט געוואָלט, אַז די „דעמאָקראַטיעס", וואָס האָבן שוין דערפאַר אַליין געוואונען אונדזער אָנדערקענונג און דאַנק, ווייל זיי האָבן נישט דערלאָזט קיין שחיטות פון יידן אין זייערע אייגענע לענדער, האָבן מלחמה געהאַלטן מיט צוויי פעלקער, וואָס ביידע האָבן זיך פּראָקלאַמירט ווי אויסדערוויילטע — דייטשלאַנד און יאַפּאַן. דאָס אַליין איז געווען גענוג, אַז דער מינדסטער רמז אויף יידישער אויסדערוויילטקייט זאָל ווערן טריף ווי חזיר צווישן יידן, וואָס פאַרגעטערן דעמאָקראַטיע און קוקן איר שטענדיק אין די אויגן. דאָ האָט איר אַן איבעריקן באַווייז פאַר דעם אַלטן אמת, ווי אונדזערע ניי־צייטיקע „אינעווייניקסטע פּאָליטיק" איז לחלוטין אונטערגעוואָרפן דער אויסערלעכער און נישט פאַרקערט, ווי דאָס איז אַמאָל ביי אונדז געווען און וואָלט אויך איצט באַדאַרפט צו זיין. יידן, וואָס דער אַנטיסעמיטיזם איז דער עיקר פון זייער יידישן באַוואוסטזיין, וואָס דרעמלט אַזוי געשמאַק, כל־זמן דער אַנטיסעמיטישער טרומייט וועקט אים נישט אויף, זענען גרייט צו צאָלן יעדן פּרייז, אַבי די אַנטיסעמיטישע חיה צו זעטיקן און באַרואיקן. איז עס, פאַרשטייט זיך, קורצזיכטיק און אפילו באַריש צו גלויבן, אַז די אַנטיסעמיטישע אינסטינקטן, וואָס זענען נאָר איינע פון די פילצאָליקע חיהשע נטיות פונעם קריסטלעכן מענטשן, קענען געזעטיקט ווערן, ווען מען וועט זיי צוואוואַרפן היינט איין שטיק יידישקייט, מאָרגן אַן אַנדערן. איז דאָס אַ נאַרישקייט פון פּראַקטישן שטאַנדפּונקט און אַ מיאוסע מוטלאָזיקייט. פונדעסטוועגן, איז אָט אַזאַ פּאָזיציע נישט אַזוי געפערלעך און אַזוי דעמאָראַליזירנדיק (וואָרעם, וואָס האָבן יידן אַמאָל נישט געטון און טוען נישט היינט „מפני דרכי שלום"?), ווי די ערלעכע איבערצייגונג פון געוויסע יידישע וואָרטזאָגערס, אַז די בחירה איז טאַקע נישט עטיש און במילא נישט הערלאָזלעך. די דאָזיקע אויפריכטיקע קעגנערס פון בחירה זענען שוין אין דער טיפקייט פון זייער נשמה אַזוי פאַרסמט מיט פרעמדע

אידעען און געדאַנקען, אַז זיי הויבן באמת אָן צו גלויבן, אַז דאָס זענען זייערע אייגענע. און זיי וועלן אייך ברענגען טויזנט און איין ראיה פון דער תורה, און פון וואַנען איר ווילט נאָר, אַז זיי, און נאָר זיי זענען די אויטענטישע אויסדריקערס פונעם יידישן גייסט, און אַז אין טעות האָבן געלעבט אַ הונדערט דורות יידן צי מער, און לעבן עד־היום מיליאָנען יידן פונעם איצטיקן דור.

וועל איך מיך דאָ אָפּשטעלן לענגער אויף איינעם, דעם באַטייטנדיקסטן צווישן די דאָזיקע יידישע אידעאָלאָגן, פּראָפ׳ קאַפּלאַן, וואָס זאָגט: „עס איז נישט גענוג צו פאַרלייקענען די טעאָריע פון ראַסן־סופּעריאָריטעט. די פּרעטענזיעס אויף קולטור־על׳ע אָדער רעליגיעזע העכערקייט האָדעווען אויך אויס שנאה און מחלוקת צווישן די פאַרשידענע טיילן פון דעם מענטש־לעכן מין“. זיך האַלטן ביי דער אידעע פון סופּעריאָריטעט, הייסט זינדיקן קעגן די בעסערע ועטישע באַרמען (3). די בחירה, האָט נאָר געהאַט אַ ווערט אַמאָליקע צייטן, ווי אַ פּסיכאָלאָגישער שוץ־מיטל קעגן די דערנידעריי־קונגען, וואָס יידן האָבן געליטן. זי האָט נאָך געפונען אַ געוויסע באַרעכ־טיקונג, ווי אַן אויסדרוק פון אַ געפיל פון שטאָלץ מיט די גייסטיקע רעאַ־ליזאַציעס פון דער פאַרגאַנגענהייט. אָבער היינט צו טאָג, ווען דאָס איינ־ציקע, וואָס באַפרידיקט דעם מענטשלעכן גייסט, איז די סומע פון איצטיקע רעאַליזאַציעס און נישט פון דער פאַרגאַנגענהייט, קען די לערע פון דער יידישער בחירה מער נישט האָבן קיין מינדסטן איינפלוס אויף די הנהגה און אויפן אויסקוק פונעם יידן (4). און אין אַן אַנדער אָרט איז פּראָפ׳ קאַפּלאַן מוסיף צו זיין כאַראַקטעריסטיק פון דער בחירה, אַלס אַן אַנטי־עטישע קאָנצעפּציע, דעם פאָרוואורף, אַז זי איז אויך אַנטי־דעמאָקראַטיש, נישט אין פּאָליטישן, נייערט אין מאָראַליש־רעליגיעזן זינען. געוויס קענען מיר נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם פאַקט, אַז מענטשן זענען נישט אַלע גלייך אין זייערע פעאיקייטן און אין זייער כאַראַקטער. אָבער דער געדאַנק, אַז אַ פּריאָרי איז אַ וועלכע נישט איז גרופּע אָדער פאָלק באַשאָנקען גע־וואָרן פון גאָט אָדער פון דער נאַטור מיט אַ ספּעציעלער מתנה, וואָס גיט אים במילא דאָס רעכט צו קוקן אויף זיך, ווי אויף אַ העכערער קאַטעגאָ־ריע, איז אַ געדאַנק זינדיקט קעגן דעם עטישן פּרינציפּ פון גלייכקייט (5).

איך האָב פריער אָנגעוויזן, אַז ביי פּראָפ׳ קאַפּלאַן האָבן מיר צו טון מיט אַ רעוויזיע פון דער בחירה־אידעע, אַרויסגערופן דורך אינעווייניקסטע יידישע מאָטיוון און נישט מיט אויסער־פּאָליטישע חשבונות און דורך פּראַקטישן אָפּאָרטוניזם. אָבער ביי אים גופא, פון צייט צו צייט, און נאָך מער ביי זיינע תלמידים, סטאַרטשעט דאָך אַרויס די „אָל פון זאַק“. אין

אַן עדיטאָריאַל פון פּראָפ׳ קאַפּלאַנס אָרגאַן, זאָגט זיך: „מיר קענען פאַרלאַנגען פון די קריסטן, וואָס פילן זיך אַליין שאָקירט דורך די נאַציסטישע עקסצעסן, אַז זיי זאָלן איבערקוקן די טראַדיציאָנעלע שטעלונג פון דער קירך צום יידישן פאָלק נאָך מחמת דעם, וואָס מיר פאַרלאַנגען איז אַ רע־וויזיע ביי יידן גופא, ווייל אויך מיר געפינען אַז דער טראַדיציאָנעלער גלויבן אין ישראל, ווי אַן אויסדערוויילט פאָלק, איז אין סתירה מיטן קוק, אַז אַלע רעליגיעס זענען גלייכע מאַניפעסטאַציעס פונעם מענטשנס זוכן פון גאָט, און אַז גאָט איז נאָענט „צו אַלע, וואָס רופן אים מיט אמת״. דער־פאַר מאַקע, האָבן מיר, די ריקאָנסטרוקשיאָניסטן, באַזייטיקט אין די תפילות אַלע רעפערענצן אויף דער יידישער בחירה. דער אויספיר איז, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אייגענע דאַרפן טון די קריסטן אין זייערע געבעט־ביכער״ (6).

לוינט זיך באמת צו ברענגען, וואָס עס האָבן צו זאָגן גלויביקע קריסטן מכח דער גלייכקייט פון אַלע רעליגיעס, וואָס איז געוואָרן דער לייט־מאָטיוו פון דער רעפאָרם־סינאַגאָגע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, הן פון אירע בעלי־הבתים, הן פון אירע „גייסטלעכע״. דערציילט עדוואַרד הענרי עקעל, דער הויפט־גלח פון דער טריניטי עפּיסקאָפּאַל טשורטש אין טולזאַ, אָק־לאַהאָמאַ, אַז אימיצער האָט אים געזאָגט: „איך דענק אַז אַלע רעליגיעס זענען גלייך גוט״. האָט ער אים געענטפערט, אַז פאַר אים איז די עפּיס־קאָפּאַלישע קירך העכער פון די אַנדערע, הגם ער אַנדערקענט, אַז עס זענען פאַראַן גוטע מענטשן אין אַלע קירכעס און טאַקע דאָס איז דער יסוד פאַר רעליגיעזער טאָלעראַנץ. אָבער עס איז אַ גליק, וואָס די יידן פון די אַלטע צייטן האָבן נישט געגלויבט, אַז איין אמונה איז גלייך צו אַ צווייטער. גאָט צו דאַנק, וואָס זיי זענען אַזוי שטייף געשטאַנען פאַר זייער אייגענער אמונה, צו להכעיס אַלע פּרואוון פון סירישן מלכות זי אונטערצוברענגען און פון די רוימערס זיי צו צווינגען ברענגען קרבנות צום אימפּעראַטאָר. אָן דער יידישער עקשנות, וואָלט יידישקייט דורכגעמאַכט דעם אייגענעם וועג, וואָס די איבעריקע רעליגיעס פון דער אַלטער וועלט און מיר וואָלטן נישט געהאַט נישט דעם תנ״ך, נישט די אמונה אין איין איינציקן גאָט, נישט די עשרת־הדברות, נישט יעזוס קריסטוסן און נישט די באַרג־דרשה״ (7). און מערקט איך, אַז דאָס ווערט געזאָגט אין אַ בלעטל אַרויס־געגעבן פון דער „קאָנפערענץ פון יידן און קריסטן״, וואָס איר ציל איז די דערנעענטערונג צווישן זיי ביידן. ביי אונדז אָבער גילט דער כלל, אַז די אַנדערקענונג פון דער חשיבות פון אונדזער קריסטלעכן שכן, ווי פון אַ מענטשלעך באַשעפעניש, און די אַכטונג פאַר אַן ערלעכן גוי, מיינען במילא

די גלײַכקײַט פֿון גױיִשקײט צו ייִדישקײט. פּונקט אַזױ האַלטן נישט װײ־ניק ייִדן אין אונדזערע צײַטן, אַז אָפּדאַנקען אַן ערלעכן גױ, װאָס האָט די לעצטע חורבן־יאָרן אַרױסגעװיזן אַ מענטשלעכע באַציאונג צו ייִדן, קען מען נאָר דערמיט, װאָס מען נעמט אָן זײַן גאָט, זײַן גלױבן אָדער זײַן פּאַרטײ. זײ זענען נאָר אין אַ גרױסער פֿאַרלעגנהײט, אַז די דאָזיקע ייִדן, נעבעך, צי זאָלן זײ װערן קאַטאָליקן, װײַל דער װאַטיקאַן אין רױם האָט געראַטעװעט אַ געװיסע צאָל ייִדן, אָדער גאָר קאָמוניסטן. האָבן דאָך די לעצטע מציל געװען נאָך אַ גרעסערע צאָל. פֿאַראַן נאָך אַ שטיקל האָפֿענונג, אַז אײן אַר־גומענט קענען גלײַך הקעל װעט טרעפֿן אין פּונקט אַזױ װירקן אױף די דאָזיקע ייִדן מיט דער גרעסטער טאָלעראַנץ. דער אַרגומענט, אַז אױב אונדזערע עלטערן אין ארץ־ישׂראל װאָלטן געװען װי די הײַנטיקע ייִדן, װאָלט קײן יעזוס קריסטוס און קײן באַרג־דרשה נישט געװען, װאָרעם, זעט איר, פֿון װאָס די ביידע האַלטן זײ דאָך אַן עולם ומלואו.

עס דאַרף, דוכט זיך מיר, פֿאַר ייִדן אַבסאָלוט קלאָר זײַן, אַז די אָנפֿאַלן פֿון די לעצטע יאָרן אױף דער בחירה האָבן בדרך־כּלל אין הינטערגרונט נישט קײן עטישע און נישט קײן רעליגיעזע און בכלל נישט קײן אידעאָלאָגישע מאָטיװן. קודם־כּל זאָגט אױף דעם עדות דער אָפּשטאַם פֿון דער בחירה־נעגאַציע. זי קומט נישט, פֿאַרשטײט זיך, פֿון פֿרומע טראַדיציאָנעלע ייִדן, די אײנציקע, װאָס האָבן אַן אמתן, אױפֿריכטיקן אינטערעס פֿאַר אמור־בה־ענינים און גײען צו זײ צו אָן זײַטיקע כּװנות און פּניות. אין זײערע אױגן איז עס אַ חילול הקודש, און דאָס איז עס טאַקע, זיך צוצורירן צו טראַדיציאָנעלע גלױבנס מיט זײַטיקע קריטעריעס און װעלן זײ צופּאַסן צו צײַטװײַליקע אינטערעסן, און זאָל דאָס זײַן אַפֿילו ייִדישע, און אװדאי שױן נישט צו פֿאַרבײַגײענדיקע אידעען־מאָדעס פֿון דער גױיִשער װעלט. דער „אױפֿשטאַנד" קעגן דער בחירה קומט אױך נישט פֿאָר אין די ייִדישע מאַסן־קיבוצים און שטאַמט נישט פֿון זײער געדאַנקען־װעלט, נישט פֿון דער מאָדערנער ליטעראַטור, װאָס זײ האָבן באַשאַפֿן, און נישט פֿון די גרױסע נאַציאָנאַלע באַװעגונגען, װאָס זענען דאָרט אױסגעװאַקסן. אױסגעבראָכן איז דער „בונט" צװישן די שיטערע בירגערלעכע ייִדישע קרײַזן פֿון מערב־אײראָפּע און זיך איבערגעטראָגן צו זײערע קרובֿישע עלעמענטן אין אַמע־ריקע. דער פֿאַקט, װאָס אין דעם דאָזיקן לאַגער, װי אין יעדערן אַנדערן, געפֿינען זיך אַ פּאָר „געפֿאַנגענע תּינוקות", אַ פּאָר „װײַטע קראָען", ענדערט נישט דאָס אַלגעמײנע בילד.

װאָלט מען זיך אפֿשר געקענט באַגנוגענען מיטן כאַראַקטעריזירן די אױפֿקום־סיבות פֿון דעם אַנטי־בחירה־געראַנגל, װאָרעם זײַן געבורט

דאַרף אונדז, נאַציאָנאַלע יידן, זאָגן מער. ווי היסטאָרישע און לאָגישע אַרגומענטן. פונדעסטוועגן גלויב איך, אַז פאַר די, וואָס מיינען ערנצט און אויפריכטיק, אַז זייער עטיש און דעמאָקראַטיש געוויסן לאָזט זיי נישט מושוה ווערן מיט דער בחירה־קאָנצעפּציע, וועט נישט איבעריק זיין די דאָזיקע אַרגומענטן, הגם זיי זענען נישט ניי, צו סיסטעמאַטיזירן און איגנ־טערפּרעטירן אינעם ליכט פון היינטיקע יידישע געדאַנקען, פון איצטיקע יידישע גייסטיקע באַדערפעניש.

## ב. זאַבלעס אַבליזש

זע, איך האָב דיך געלייטערט, אָבער נישט ווי זילבער,
איך האָב דיך געפּרואווט אין שמעלץ־אויוון פון פּיין.
(ישעיה, מ״ח, י).

די אָנווענדונג פון דעם פראַנצויזישן שפּרוך, „אַדל לייגט אַרויף התחייבותן", צום יידישן בחירה־געדאַנק, שטאַמט פון ישראל זאַנגוויל, וועלכער האָט אין אַ רעדע געהאַלטן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, רעזומירט אויף אַ מאָדערנעם אופן דעם טראַדיציאָנעלן יידישן באַגריף וועגן בחירה און שוין דאַמאָלט אָנגעוויזן, ווי פונדאַמענטאַל־אַנדערש זי איז פון דער דייטשער השגה וועגן העכערע ראַסן. זאַנגוויל האָט אין זיין דעמאָלטיקער רעדע אויסגעשעפּט כמעט אַלע אַרגומענטן, און יענע, וואָס שרייבן אָדער רעדן איצט אין דעם אייגענעם זינען, זענען מכון לדעתו. ווייל איך נאָר צוגעבן אין געדאַנק, וואָס האָט דעמאָלט נאָך נישט געקענט אויפקומען, ווייל די דייטשע סופּעריאָריטעטס־טעאָריע איז אין יענע צייטן נאָך געלעגן אין די ווינקעלעך און במילא האָט זאַנגוויל נישט געקענט רעאַגירן אויף געוויסע מאָמענטן פון דער דאָזיקער „שיטה".

עס איז ריכטיק, אַז די אידעע, אַז אַ געוויס פאָלק איז לכתחילה העכער פון די אַנדערע, קען זיין, אָבער מוז נישט זיין, אַנטי־עטיש און אין סתירה מיט דער פונדאַמענטאַלער, און דוקא יידישער לויט איר אָפּשטאַם, השגה וועגן דער גלייכקייט פון אַלע מענטשן. אָבער אויף אַזאַ מין סמך קען מען אָפּוואַרפן די דערהויבנסטע אידעען און גלויבנס, וואָס די מענטשהייט האָט ווען עס איז אַרויסגעבראַכט. און אַזוי טוען טאַקע אָפט מענטשן מיט אַ פּרימיטיוון אָדער איינזייטיק־איינגעשטעלטן דענק־אַפּאַראַט. אַזוי האָבן, למשל, געוויסע סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער, און נאָך זיי — אויך געוויסע אַרבעטער-קרייזן, פאַרלייקנט רעליגיע בכלל, באשר בכן די קריסט־

לעכע קורץ האָט זיך, זינט זי האָט איינגענומען די מערב־וועלט, אָפּט פאַרוואַנדלט אין אַ געפערלעכן ווערקצייג פון אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע. מיט דעם אייגענעם מעטאָד באַנוצן זיך די קעגנערס פון דער נאַציאָנאַלער אידעע, וואָס פאַרניינען זי אויפן סמך פון די עקסצעסן, צו וועלכע עס פירן אָפּטמאָל דער היינטיקער נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם. פּונקט פון סאָציאַליזם, ווידער, נוצן אויס געוויסע שאָטן־זייטן, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין די ערשטע סטאַדיעס פון פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם, כדי צו דערקלערן, אַז סאָציאַליזם מיינט טעראָר, אַ קאַזאַרמע־לעבן, און וואָס נישט.

די זעלביקע פּראָצעדור מאַכן דורך אונדזערע היינטיקע קעגנערס פון דער בחירה־אידעע. דייטשלאַנד און יאַפּאַן האָבן זיך דערקלערט אַלס „העכערע פעלקער". אין נאָמען פון דער דאָזיקער סופּעריאָריטעט, האָבן זיי געפירט אַן אַגרעסיווע אכזריותדיקע מלחמה. איז דערפון געדרונגען, אַז שולדיק איז די אידעע גופא פון פאָלקס־סופּעריאָריטעט. און עס האָט פּאַסירט אַ טשעקאַווע מעשה. גראָד די יידן, וואָס האָבן מורא, מען זאָל נישט חושד זיין יידישקייט אין אַ מינדסטער קרובהשאַפט מיטן נאַציזם־ראַסיזם, וואָס טוען זיי? זיי אידענטיפיצירן, און לאָמיר זאָגן — נאָר אין אַ געוויסער מאָס, דעם טראַדיציאָנעלן יידישן בחירה־געדאַנק מיט דער נאַצי־ראַסיסטישער טעאָריע. נאָר אויב יידן זענען אין משך פון כמעט זייער גאַנצער געשיכטע באמת געווען ראַסיסטיש, וועט קנאַפּ עפּעס העלפן, וואָס אַ געוויסע צאָל היינטיקע יידן טרייסלט זיך אָפּ פון דער יידישער מסורה און פאַרלייקנט די בחירה, צוליב איר אידעאָלאָגישער ענלעכקייט מיטן ראַסיזם. פרעגט זיך אָבער, ווער זאָגט דאָס, אַז עס איז בכלל פאַראַן כאָטש די ווינציקסטע, די שוואַכסטע ענלעכקייט צווישן זיי, חוץ אין געוויסע ווערטער, נישט ריכטיק געברויכטע? האָט גראָד אַ קריסטלעכער דענקער, זשאַק מאַריטען, דוקא יאָ איינגעזען, אַז דער דייטשער ראַסיזם האָט בלויז פאַרדאָרבן די בחירה־אידעע פון אונדזער תנ"ך און האָט מיט איר קיין שום שייכות נישט. הגם, זאָגט ער, און מיט רעכט, געוויסע וועלטלעכע יידן האָבן אויך קאַליע געמאַכט די געטלעכע אויסדערוויילטקייט און אין איר אַריינגעלייגט ראַסיסטישע גדלות על־פּי נוסח דייטשלאַנד (8). אין דער אמתן זענען זיי ביידע ווייט איינע פון דער אַנדערער, ווי ווייט עס איז דער מזרח פון מערב. אָבער נישט דערין באַשטייט זייער פּרינציפּיעלער חילוק, וואָס די נאַציס באַגרינדן מיט דער סופּעריאָריטעט פון דייטשן פאָלק זיין רעכט אויף צו באַהערשן די וועלט, זיך צו באַנוצן מיט די „נידעריקערע ראַסן", ווי מיט שטומע בהמות און טויטע

כלים אויף צו באַדינען דאָס „האַרן־פאָלק", בעת די יידישע בחירה איז אַ ריין־גייסטיקע קאַטעגאָריע, בעת יידן האָבן אין איר נאָמען קיינמאָל קיינעם נישט גערודפט. איז טאַקע אויך דער דאָזיקער חילוק אַליין פאַר זיך גאָר וויכטיק. אָבער דער מער־פונדאַמענטאַלער אונטערשיד, וואָס פון אים קומט שוין במילא אַרויס אויך דער אָקאָרשט געבראַכטער, איז אַן אַנדערער. אין וואָס דער דאָזיקער יסודותדיקער אונטערשיד באַשטייט, וועלן מיר טאַקע תיכף זען.

דער יסוד פון דער גויאישער ראַסן־טעאָריע איז אַ ביאָלאָגישער. דאָס „בלוט" באַשטימט דעם כאַראַקטער און דעם גייסט פון אַ מענטשן און פון אַ פאָלק. און היות ווי דאָס בלוט איז לכתחילה געגעבן, און איינמאָל פאַר אַלעמאָל, עקסיסטירט במילא אויך די סופּעריאָריטעט אַ פּריאָרי, ווי באַלד זי איז בלויז אַ רעזולטאַט פון פיזישע אייגנשאַפטן. ליגט די סופּעריאָריטעט פון אַ פאָלק אין זיין בלוט, איז זי אייביק און הענגט נישט אָפּ פון זיינע מעשים און אויפפירונג. אָדער אויף אַ מער פּרעציזן אופן: די דאָזיקע מעשים גופא זענען במילא גוט און ריין, ווי באַלד זיי זענען אין האַרמאָניע מיטן ריינעם, לאָמיר זאָגן, אַרישן בלוט. קען דער ראַסיזם דערום נאָר איין געבאָט: דאָס דאָזיקע בלוט האַלטן ריין, נישט דערלאָזן, עס זאָל זיך צונויפמישן מיט אַ נידעריקערן מין, ווייל פון דער דאָזיקער צונויפמישונג קומען אַרויס אַלע צרות, וואָרעם זי פירט אומפאַרמיידלעך צו דער דעקאַדענץ פון דער העכערער ראַסע. אַט דאָס האָט אַלפרעד ראָזענבערג, דער „פילאָסאָף" פון נאַציזם, געפּרוּווט באַווייזן, פאַרשטייט זיך, ווי געוויינלעך דורך פעלשונגען, אויפן משל פון אַ רייע אונטערגעגאַנגענע אַנטיקע פעלקער (9). די דאָזיקע סופּעריאָריטעט איז טאַקע, ווי פּראָפ' קאַפּלאַן זאָגט ריכטיק, נאָר אויף אַ פאַלשן אַחדות, אַ לכתחילהדיקע און אַ במילאדיקע.

יידישע אויסדערוויילטקייט איז קיינמאָל נישט געבויט געווען, און איז עס איצט אויך נישט אינעם יידישן פאָלקס־באַוואוסטזיין, אויף בלוט, אויף ביאָלאָגישער ירושה, נייערט אויף מאָראַלישער שלמות, רעאַליזירט דורך מעשים און אויף דער סאָציאַלער ירושה, וואָס גייט איבער פון דור צו דור. אין דעם מאָמענט, ווען דער ווילן צו דערהויבנקייט און קדושה פאַרשווינדט, ווען יידן זאָגן זיך אָפּ פון דעם אוצר, וואָס איז זיי אָנפאַרטרויט געוואָרן, ווערט בטל די אויסדערוויילטקייט, זאָגט זיך אויך גאָט אָפּ פון זיין בונד מיטן פאָלק, און עס הערט די מאָלט אויף צו זיין אַן עם סגולה. אונדזער אויסדערוויילטקייט איז אַ רעזולטאַט פון א בונד, גע־

שלאָסן צווישן גאָט און פאָלק, און פעלשט דאָס פאָלק אינעם הייליקן בונד, ווערט עס אַ זינדיק פאָלק, גלייך מיט אַלע פעלקער פון דער ערד. הונדערטער פסוקים פון תנ״ך באַשטעטיקן דעם דאָזיקן בתנאידיקן כאַראַקטער פון אונדזער בחירה. און אַפילו דאָרט, וואו מען געפינט אַזוינע אויסדרוקן, ווי „אברהמס זאָמען״ וכדומה, וואָס קענען געבן אַן אָנשפּאַר פאַר אַ ראַסיסטישער אויסטייטשונג, איז קלאָר פאַר יעדן, וואָס פאַרשטייט צו לערנען אַ פסוק, אין צוזאַמענהאַנג מיט די פריערדיקע און שפּעטערדיקע, און נישט אַרויסגעריסן פון קאָנטעקסט, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ מעטאַפאָרישער אויסדרוק, וואָס אַזוינע געברויכן מיר אָפט אין אונדזער טעגלעכער שפּראַך, ווי למשל, ווען מיר רעדן וועגן יידיש בלוט, פראַנצויזיש בלוט, וואָס פליסן אין די אָדערן און אַזוי ווייטער. וויל איך דאָ נאָר אָפּפרישן אין זכרון פונעם לייענער די סאַמע כאַראַקטעריסטישע פסוקים, וואָס לאָזן נישט איבער קיין שום ספק, אַז אונדזער בחירה האָט מיט ראַסע און ביאָלאָגיע קיין מינדסטע שייכות נישט.

נאָך פאַר מתן תורה, בעת גאָט שליסט דעם ברית מיט אברהמען און גיט אים די הבטחה, אַז ער וועט ווערן אַ „גרויס און מאַכטיק פאָלק, און אַלע פעלקער פון דער וועלט וועלן זיך בענטשן מיט אים״, ווערט אויפגעקלערט די כוונה פון דער דאָזיקער הבטחה: „וואָרעם איך האָב אים דערקענט, כדי ער זאָל באַפעלן זיינע קינדער, און זיין הויז נאָך אים, אַז זיי זאָלן היטן דעם וועג פון גאָט, צו טון רעכטס און גערעכטיקייט (צדקה ומשפט), כדי גאָט זאָל ברענגען אויף אברהמען, וואָס ער האָט גערעדט וועגן אים״ (בראשית י״ח, י״ח־י״ט). און אויב גאָטס אויסוואַל האָט געטראָפן אברהמען, איז דאָס אויך נישט פון ליבשאַפט צו אים און צו זיין זאָמען, נאָר ווייל אברהם אבינו האָט נאָך פריער, פאַר דעם אויסוואַל, זיך דערקענט צו אים, ווי גאָט אַליין זאָגט: „דערפאַר וואָס אברהם האָט צוגעהערט צו מיין קול, און האָט געהיטן מיין היטונג, מיינע געבאָטן, מיינע געזעצן און מיינע לערנונגען״ (בראשית כ״ו, ה׳). און דער דאָזיקער געדאַנק, אַז דער אויסוואַל פון גאָט איז געפאַלן אויפן יידישן פאָלק, נאָר ווייל דאָס דאָזיקע פאָלק האָט אויסגעוויילט גאָט, קומט נאָך בולטער צום אויסדרוק, בעת דער בונד איז באַשטעטיקט און באַקרעפטיקט געוואָרן דורך דעם פייערלעכן אַקט אין חורב, דורכן גאַנצן קהל מיט זיינע זקנים און קינדער, מענער און פרויען: „דו האָסט היינט אויסגעוויילט יהוה אים צו האָבן פאַר דיין גאָט, און צו גיין אין זיינע וועגן, און צו היטן זיינע חוקים און זיינע געבאָטן און זיינע געזעצן און צוצוהערן צו זיין קול. און גאָט האָט דיך היינט אויסדערוויילט אים צו זיין פאַר אַן אייגן פאָלק״ (עס

סגולה) און אַזוי ווייטער (דברים כ״ו, י״ז, י״ח וכו׳). און נאָר דערפאַר האָט גאָט אויסגעקליבן גראָד „דאָס ווינציקסטע פאָלק פון אַלע פעלקער״.

די יידישע אויסדערוויילטקייט איז נישט אייביק. זי איז גילטיק נאָר אַזוי לאַנג, כל־זמן יידן וועלן דערפילן דעם אָפּגערעדטן תנאי: „אויב צוהערן וועט איר צו מיין קול, און איר וועט היטן מיין בונד, וועט איר זיין מיין באַזונדער אייגנס צווישן אַלע אומות״ (סגולה מכל העמים) (שמות י״ט, ה׳). אַן עם סגולה זענען יידן, וויל, און במילא אַזוי לאַנג ווי זיי זענען אַן עם־קדוש (דברים י״ד, ב׳). עמוס האָט דעם געדאַנק פון „גאָבלעס אָבליזש״, דאָס הייסט, אַז די יידישע אויסדערוויילטקייט איז נישט קיין פּריווילעגיע, איינמאָל געשאָנקען און פאַרפאַלן, אויסגעדריקט בעת ער האָט געזאָגט: „נאָר אייך האָב איך דערקענט פון אַלע משפחות פון דער ערד, דערום וועל איך זיך רעכענען מיט אייך פאַר אַלע אייערע זינד״ (עמוס ג׳, ב׳). אָט פאַרוואָס עס קענען זיך פאָרן ביי דעם זעלביקן פאָלק, און נאָר ביי אים אַליין, דער „מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ״ מיטן „אשמנו מכל עם . . .״.

אין דער אייגענער תפילה, וואָס הויבט זיך אָן מיטן אתה בחרתנו, וואָס צוליב דעם טאַקע איז זי פאַררופן געוואָרן פאַר אַ שאָוויניסטישע פון יידישע משכילים און פסעודאָ־אוניווערסאַליסטן, ווערט תיכף צוגעגעבן די הוספה, וואָס אָן איר איז דער אתה בחרתנו גופא אַ פוסט וואָרט: „וקדשתנו במצותיך״ — געהייליקט האָסט דו אונדז מיט דיינע מצוות. אָט דעם ענגען צוזאַמענבונד צווישן בחירה און קדושה, וואָס לאָזן זיך נישט שיידן, געפינט איר אין אַלע וויכטיקע יידישע תפילות (זע, למשל, אין קידוש: „כי בנו בחרת ואותנו קדשת מכל העמים״, און אין הבדלה: „הבדלת וקדשת את עמך ישראל בקדושתך״). זיך אָפּזאָגן פון דער בחירה קען מען בכן נאָר, ווען מען זאָגט זיך אָפּ פון דער יידישער קדושה. אַ קידוש, פון וועלכן, ווי עס האָבן געטון פּראָפעסאָר קאַפּלאַן און זיינע חברים, מען וואַרפט אַרויס דעם „בחר בנו מכל עם״ איז מער קיין קידוש נישט, נישטאָ קיין קדושה אָן בחירה, פונקט ווי עס קען נישט זיין קיין אויסדערוויילטקייט אָן קדושה. עס קענען זיין, און עס זענען פאַראַן, ביי הונדערטער מיליאָנען מענטשן געבעטן צו גאָט, און זער שיינע, אָבער קיין יידישע תפילות זענען זיי נישט. פונקט אַזוי ווערן יידישע תפילות אָן דעם אויסדערוויילטקייטס־גלויבן, אויס יידישע. און דעמאָלט וואָלטן אויך אַ נאַטירלעכן און אומפאַרמיידלעכן אופן געפונען אין די אויגן פון די קינדער און קינדס־קינדער פון די פאַרפאַסערס פון די נייע צעקאַליע־טשעטע יידישע געבעטן מער חן די קריסטלעכע אָריגינאַלן, אַנשטאָט די

פאַרדאַרבענע קאַפּיטעס, ווי דאָס האָט שוין אַזוי אָפט פּאַסירט אין די לעצטע הונדערט און פופציק יאָר פון אונדזער געשיכטע. סיידן, עס זאָל נישט טרעפן מיט זיי אַן אַנדער נס, וואָס קומט אויך ביי אונדז פאָר אויף אַ נישעקאַוון, מען וואָלט געקאָנט זאָגן, מיסטעריעזן אופן, דער נס פון קינדער און קינדס־קינדער, וואָס פאַרוואַרפן די תורה פון זייערע טאַטעס און זיידעס און קערן זיך אום צוריק צו דער ירושה פון זייערע עלטער־עלטער־זיידעס.

הרב עמיאל ז״ל האָט שוין געזאָגט, אַז ווער עס לייקנט אין „בחר בנו מכל העמים״, מוז ווערן אַ כופר אין „ונתן לנו את התורה״, ווייל ביידע זענען געקנופּט און געבונדן. באמת מוז די כפירה אָבער גיין אַ סך ווייטער און טיפער. נעמט איר אַוועק דעם בחירה־מאָטיוו, נעמט איר צו די נשמה פון די ווערק און שאַפונגען פון אַלע יידישע חכמים פון אַלע צייטן, אויך פון די גרויסע מייסטערס פון דער נייער יידישער ליטעראַטור אויף העברעאיש און יידיש. דעם ערשטן, וואָס מען וואָלט אים געדאַרפט דן זיין לגניזה, וואָלט געווען ר׳ יהודה הלוי. געהערט דאָך אים דער באַרימטער מאמר, אַז ישראל צווישן די פעלקער איז דאָס, וואָס דאָס האַרץ איז פאַר די איבעריקע אברים פון גוף. איז דאָס האַרץ דער געזונטסטער, אָבער גלייכצייטיק דער פילנדיקסטער אָרגאַן. די מינדסטע פּערטורבאַציע אין אַ וועלכן עס איז אבר רופט זיך תיכף אָפּ אויף אים. דערום טשעפּן זיך צו יידן צו די זינד פון אַלע פעלקער, ווי באַלד נאָר יידן הויבן אָן גיין אין זייערע וועגן, אָבער כל־זמן דאָס האַרץ קלאַפּט נאָך, קען עס נישט האָבן אַזוינע חולאתן, וואָס קענען זיך צוטשעפּען אָדער אָנוואַקסן אויף אַנדערע אברים, ווי קרעפּס, וואונדן, געשווירן און געשווילעכצן, ווייל ווען דאָס וועט פּאַסירן וועט דאָס האַרץ אויפהערן צו פונקציאָנירן און עס וואָלט אָנגעקומען דער טויט פאַרן גאַנצן אָרגאַניזם. (זע דעם כוזרי, מאמר שני, ל״ה־מ״ד). אָדער וואָס וועט איר טון, לאָמיר זאָגן, מיטן מהר״ל מפּראָג, וואָס אויך לויט אים, איז „דאָס פאָלק ישראל נישט קיין טייל פון דעם גאַנצן מענטשלעכן קיבוץ. דאָס איז אַן איינציקע אומה, וואָס האָט צו זיך איר גלייכן נישט... און טאַקע אין איר איינציקייט ליגט איר אוניווערסאַלע גאַנצקייט, וואָרעם בלויז דאָס, וואָס איז איינציק, איז „כּלל״ (10). און וואָס איז שייך דער חסידות, וואָלט מען זי געדאַרפט אינגאַנצן, ווי זי שטייט און גייט, באַהאַלטן ערגעץ צווישן די שמות אויפן בוידעם. אָן דעם גלויבן אין דער יידישער בחירה, איז די חסידות. טאַקע מחמת דעם, וואָס זי איז געווען די פאָלקסטימלעכסטע צווישן די יידישע רעליגיעזע שיטות, אַ טויטער גוף אָן אַ נשמה. זענען

ייִדן פאַרן מגיד דער מיטל־פּונקט פון דער וועלט און די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן צוליב ייִדן, פּונקט ווי פאַר ר׳ לוי יצחק בערדי־טשעווער איז די כנסת־ישראל העכער פון אַלע וועלטן (11). און וואו וועט איר אַהינטון י. ל. פּרצן, ח. נ. ביאַליקן, שלום עליכמען און זייערע העלדן? האָט דאָך איטלעכער פון זיי מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים גע־פילט, אַז ייִדן זענען און מוזן זיין, בעסער, ריינער און דערהויבענער פון זייערע גויאישע שכנים. דאָס אייגענע וואָלט מען געמוזט אָוועקוואַרפן די בעסטע ווערק און שאַפונגען פון אונדזערע היינטיקע גרעסטע לעבעדיקע ייִדישע דיכטערס און דענקערס. פרעגט זיך, ביי וואָס וועלן מיר בלייבן? אמת, עס איז נאָך געווען ביי אונדז אַן אברהם גייגער, אַ לודוויג פיליפּ־סאָן, און עס זענען נאָך דאָ ייִדן־מחברים פון ביכער אויף ענגליש און אַנדערע פרעמדע שפּראַכן. מיינט איר אָבער נישט, אַז דאָס איז בידנע וויניק פאַר ישראל סבא, פאַר אַן אַלט פאָלק, באַלאָדן מיט אַזאַ ירושה, ווי מיר זענען?

ג. עטישע און נאַציאָנאַלע מאָטיוון פון דער ייִדישער בחירה

קען מען, נאָכן אַנאַליז פון דער ייִדישער בחירה־אידעע, וואָס מיר האָבן דאָ געמאַכט, נאָך אַרויסקומען מיט דער טענה, אַז זי איז אַנטי־עטיש, אַנטי־דעמאָקראַטיש, ווייל זי איז באַזירט אויף דעם געדאַנק פון נישט גלייכקייט פון דעם מענטשלעכן מין? איז עס טאַקע אמת, אַז אויב אָט די נישט גלייכקייט וואָלט נישט עקסיסטירט, וואָלט מען טאַקע נישט גע־קענט רעדן פון פעלקער העכערע און נידעריקע. אָבער דעמאָלט וואָלט מען אויך נישט געקענט רעדן וועגן מענטשן גוטע און שלעכטע, גערעכ־טע און אומגערעכטע, בייז־ און גוט־ווילִיקע, באַרעמהאַרציקע און אַכ־זריותדיקע, סימפּאַטישע און אַנטיפּאַטישע און אַזוי ווייטער. איז אויך די דאָזיקע טיילונג פון מענטשן אַנטי־עטיש, אַנטי־דעמאָקראַטיש? אָדער אָנדערקענען מיר, אַז די פאַרשידענע מדרגות פון גוטס און שלעכטס, אויף וועלכע עס שטייען יחידים, איז אָדער אַ גאָט־זאַך, אָדער אַ רע־זולטאַט פון פאַרשידענע אומשטאַנדן, אָדער, לסוף, אַז זיי הענגען אָפּ פונעם מענטשנס ווילן גופא און פון זיין אויפפירונג. אָבער וואָס די סיבות זאָלן נישט זיין, בלייבט די נישט גלייכקייט צווישן מענטשן אַ פאַקט, און ווי ווייט מיר קענען בכלל זען, אַ פּערמאַנענטער, אַן אומפאַרמיידלעכער, וואָס וועט פאַרשווינדן, סיידן אינעם „סוף פון די צייטן". עטיק

איז אונדז גאָר מחייב צו איינס: צו שאַצן און אַכטן איטלעכן מענטשן, ווי אַ באַשעפעניש, געשאַפן בצלם אלקים. און דערפון דריגען אַרויס אַזוי פיל לעבנס־וויכטיקע מסקנות און התחייבותן פאַר איטלעכן פון אונדז, אַז אַלע אונדזערע פאַרלייקענערס פון ייִדישער בחירה צוזאַמענגענומען, וואָלטן געמעגט זייער גאַנץ לעבן אָפּגעבן, זיי צו פאַרווירקלעכן און צו דערפילן, און עס וואָלט זיי אפילו קיין פרייע מינוט נישט געבליבן צו שאַרפן די פעדערס און די מוחות קעגן דער בידנער ייִדישער אויסדערוויילטקייט. קודם־כל וואָלט מען געדאַרפט אויסראָטן יעדן מין פון אונטערדריקונג פונעם מענטשן, פון עקספּלואַטאַציע פון איין מענטשן דורכן צווייטן, פון אונטעריאָכונג פון קליינע און שוואַכע פעלקער דורך גרויסע און שטאַרקע. מען וואָלט אויך געדאַרפט אויסראָטן יעדע גרינגשאַצונג פון דער חשיבות פון דעם מענטשנס פּערזענלעכקייט, שאַנעווען דאָס מענטשלעכע לעבן און נישט פאַרגיסן קיין בלוט אין שלאַכטן און מלחמות צוליב פּוסטער גאווה אָדער מאַטעריעלע אינטערעסן. די עטיק און די דעמאָקראַטיע זענען אונדז אויך מחייב צו געבן אַלע מענטשן גלייכע רעכט און גלייכע אויסערלעכע שאַנסן צו לעבן און צו געניסן פון גליק, צו זיכערן יעדן מענטשן דאָס מינימום פון אַ מענטשלעכער עקזיסטענץ. נישטאָ אָבער אַזאַ עטיק און אַזאַ דעמאָקראַטיע, וואָס זאָל אַלע מענטשן מעסטן מיט דער זעלביקער מאָס, דעם רוצח און דעם צדיק, דעם נאַר און דעם קלוגן, דעם גערעכטן און דעם אומגערעכטן. דאָס וואָלט בפירוש געווען די אַנטי־גערעכטיקייט, די אַנטי־עטישקייט אַליין. און פּונקט ווי אינדיווידואומס זענען נישט גלייך, אַזוי זענען אויך די פעלקער־משפּחות נישט גלייך. טאָר מען דעם ווילדן פּאַפּואַס אויך נישט הרגענען און נישט רודפן, ווייל ער איז אַ מענטש, ווייל אַ נשמה האָט ער ווי אַלע מענטשן. אָבער זאָגן, אַז דער פּאַפּואַס־שבט פון אויסטראַליע שטייט אויף דער אייגענער גייסטיקער מדרגה, ווי די קולטור־פעלקער, וואָלט געהייסן בכלל זיך אָפּזאָגן פון יעדן קולטור־קריטעריום. דאָס וואָלט אויך געמיינט, אַז עטיש־רעליגיעז האָט גאָר קיין זינען נישט פאַר אַ פאָלק זיך אויפצוהייבן און שטייגן אַלץ העכער און העכער אויפן גייסטיקן לייטער. און נאָר אַזוי, ווי אַ סטימול צו שלמות, האָט די ייִדישע בחירה־אידעע געדינט. האָט טאַקע די קלאָץ־קשיא וועגן דער נישט־גלייכקייט, וואָס דרינגט אַרויס פון דער בחירה, שוין לערך מיט אַכט הונדערט יאָר צוריק געשטעלט דעם חבר דער מלך פון די כוזרים. און אויף דעם האָט ער שוין דעמאָלט באַקומען די תשובה, וואָס אויך היינט קענען מיר קיין בעסערע נישט געבן, ווייל וואָס דעמאָלט איז געווען אמת, איז דאָס נאָך היינט אויך. צי וואָלט נישט

בילכער געוועז, זאָגט דער כוזרי, אַז אַלע מענטשן וואָלטן דורך דער געטלעכער חכמה געפירט געוואָרן אויפֿן דרך־הישר ? ענטפֿערט דער חבר מיט אַן אַנדערע שאלה : צי וואָלט נישט גלייכער געוועז, אַז אַלע בעלי־חיים זאָלן אויך זיין בעלי־שכל, ווי די מענטשן ? זענען אָבער פֿאַראַן פֿאַרשיידענע קאַטעגאָריעס באַשעפֿענישן. פונקט אַזוי זענען פֿאַראַן פֿאַרשידענע פֿעלקער. די בני־יעקב זענען פֿון גאָט באַשאָנקען געוואָרן מיט געטלעכע מעלות, וואָס שיידן זיי אונטער פֿון אַנדערע פֿעלקער. אַלע יידן פֿלייסן זיך צו דערלאַנגען צו דער מדרגה פֿון נבואה. און ווער עס קען דאָס נישט דערגרייכן, זוכט לפּחות זיך צו איר צו דערנענטערן, דורך פֿרומע מעשים, דורך ריינקייט און הייליקייט און דורך אַ קאָנטאַקט מיט די נביאים (כוזרי, מאמר ראשון, ק״ב, ק״ג, ק״ט).

טוט מען אונדז אָן אַ גרויסן חסד און מען לאָזט אונדז איבער אָנשטאָט דער אויסדערוויילטקייט, דער העכערקייט איבער אַנדערע, די פֿאַרשידנקייט פֿון אַנדערע פֿעלקער. אָבער וואָס קענען מיר, יידן, טון מיט דער דאָזיקער אַנדערשקייט. זיין אַנדערש ווי די איבעריקע, באַטייט נאָר אַ פֿאַקט, וואָס מען מוז אָננעמען, אָבער נישט קיין סטימול אויף צו שטייגן צו אַ וואָס פֿולערער שלמות, האָבנדיק דאָס באַוואוסטזיין, אַז דאָס איז אונדזער גורל, אַז צוליב דעם זענען מיר באַשאַפֿן געוואָרן, אַז אין דעם זכות לעבן מיר אויף דער וועלט. און נאָך עפּעס. אויך נאָרמאַלע, טעריטאָריאַלע פֿעלקער באַגנוגענען זיך נישט, בפֿרט אין מאָמענטן פֿון גייסטיקער עליה, בלויז מיטן באַוואוסטזיין פֿון זייער אַנדערשקייט. אויך זיי האָבן פֿון צייט צו צייט די באַדערפֿעניש פֿון אַ באַרוף צו עפּעס, פֿון אַ סופּעריאָריטעט, כדי צו דערגרייכן גרויסע זאַכן און ווייטע צילן. אַזוי איז די פּוריטאַנישע רעוואָלוציע פֿאָרגעקומען אונטערן צייכן פֿון ענגלאַנד אַלס דאָס אויסדערוויילטע פֿאָלק. די דאָזיקע רעוואָלוציע האָט אידענטיפֿיצירט ענגלאַנד מיטן אַלטן פֿאָלק פֿון ישראל און באַטראַכט דאָס לאַנד ווי אַ „נייעס ישראל״, ווי דאָס פֿאָלק פֿון דער ביבל. אָדער נעמט רוסלאַנד. שוין אין פֿופֿצנטן יאָרהונדערט דרינגט אַריין אין די העכערע שיכטן פֿון רוסישן פֿאָלק דאָס באַוואוסטזיין פֿון זיין גרויסער מיסיע. דער איגומען פֿילאָפֿיי האָט שוין דעמאָלט אַרויסגעלאָזט דאָס שלאָג־וואָרט, אַז רוסלאַנד איז באַשערט צו זיין דאָס „דריטע רוים״, נאָכן אונטערגאַנג פֿון צווייטן, פֿון ביזאַנץ, בעת די טערקן האָבן אין יאָר 1453 פֿאַרנומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אַן אָפּקלאַנג פֿון די דאָזיקע געדאַנקען הערט מען שפּעטער ביי די סלאַוואָפֿילן. טשאַדאַיעוו פֿאָרמולירט די פּרעטענזיע, אַז דאָס רוסישע פֿאָלק וועט פֿאַרענטפֿערן די אַלע פּראָבלעמען, וואָס זענען געבליבן נישט פֿאַרענטפֿערט דורך די מערב־פֿעלקער.

און האָט חוץ נישט דאָסטאָיעווסקי, איינער פון די גרעסטע, אויב נישט דער גרעסטער, צווישן די רוסישע וואָרט־קינסטלער, אין זיין באַריִמט־געוואָרענער פּושקין־רעדע דערקלערט, אַז „אונדז (רוסן) איז באַשערט און באַשטימט צו זאָגן דער וועלט אַ ניי וואָרט" (12). די סימנים פון דער אויס־דערוויילטקייט און דער כאַראַקטער פון דער מיסיע זענען, פאַרשטייט זיך, לויטן אינהאַלט נישט די אייגענע ביים איגומען פילאָפיי, ביי טשאַדאַייעוון און ביי דאָסטאָיעווסקין. אָבער סימפּטאָמאַטיש איז דער פאַקט גופא, אַז איטלעכער פון זיי האָט אויף זיין שטייגער געגלויבט אין דער אויס־דערוויילטקייט פון רוסישן פאָלק. און עס איז נאָך כאַראַקטעריסטישער, אַז דער אייגענער גלויבן באַהערשט נאָך עד־היום ראַטן־רוסלאַנד, נישט געקוקט אויף דער טיפער רעוואָלוציע, וואָס דאָס לאַנד האָט דורכגעמאַכט און נישט געקוקט אויפן אינטערנאַציאָנאַליזם פון זיין אידעאָלאָגיע און פירערשאַפט. נישט קיין קליינע ראָלע אין דער דורכפירונג פון דער גי־גאַנטישער אויפגאַבע, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף איר גורל, צו פאַרווירק־לעכן דעם סאָציאַליזם ביי די ערגסטע אויסערלעכע און אינעווייניקסטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן, האָט גע־שפּילט די מיסטיק פונעם באַזונדערן מזל, וואָס איז באַשערט דעם רוסישן פאָלק. („סאָציאַליזם אין איין לאַנד"). הגם מען וועט זיך דערין דאָרט זיכער נישט מודה זיין, האָט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע געירשנט פון די סלאַוואָ־פילן, ווי דער באַזעלער טעאָלאָג פּראָפעסאָר פריץ ליעב, אַ גרויסער קענער פונעם גייסטיקן לעבן פון הייַנטיקן רוסלאַנד האָט דאָס שוין באַמערקט, דעם חלום פון אַ „דריטן רוים" (13), וואוהין עס שטויסן זי די מיסטישע כוחות פון איר געשיכטע.

נאָר אויב ביי אַנדערע פעלקער און אין נאָרמאַלע וואָכעדיקע צייטן, איז דער פאַקט פון זייער עקסיסטענץ במילא שוין איר באַרעכטיקונג, קען מען דאָס אָבער צום יידישן פאָלק נישט אָנווענדן. זיין קיום איז נישט קיין גע־געבענער, אומפאַרמיידלעכער פאַקט פון דער פיזישער סביבה, נייערט איר אויף „צו להכעיס", אַ רעזולטאַט פון אַן איינגעשפּאַרטן ווילן צו עקסיס־טירן און צו לעבן. במילא דאַרפן מיר האָבן אַ „צוליב וואָס", דאַרף אונדזער לעבן האָבן אַ העכערן תכלית און אַ טיפערע כונה. נאָר צוליב אַנדערש־קייט, וואָלט באמת נישט געלוינט צו פירן אַ באַזונדערע, אַזאַ טרויעריקע און יסורימפולע עקסיסטענץ. וואָס אַרט מיך, אַז איך בין נישט פאַרשיידן פון אַנדערע, אויב יענע זענען גליקלעכער, און אויב זייער קריטעריום פון גליקזעליקייט ווערט אויך מיינער. און עס איז מאָדנע, ווי יידן ווילן נישט באַגרייפן דאָס, וואָס אַ גוי, אמת אַ טיפער דענקער, אָבער וואָס פאַר אונדז

האָט ער קיין באַזונדערע סימפּאַטיעס קיינמאָל נישט געהאַט. איך מיין דאָ אָסוואַלד שפּענגלער, האָט יאָ פאַרשטאַנען, נאָר ביי יידן, צווישן די אַנטיקע פעלקער, זאָגט ער, איז אויפגעקומען די אידעע פון אויסדערוויילטקייט, ווייל די כשדים און די פּערסער האָבן גאָר נישט געדאַרפט אַליין זיך איבערצייגן אין זייער גליקלעכן גורל. זייער מזל האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, האָבן זיי דאָך מיט זייערע געטער די וועלט באַזיגט (14). מעג אָסוואַלד שפּענגלער האָבן אַ טעות, ווען ער שרייבט צו דאָס אויפקומען פון דער בחירה־אידעע בלויז צו דער סכנה פון זעלבסטפאַרלאַכטונג, פאַר וועלכער יידן, ווי אַ קליין פאָלק, זענען געשטאַנען. הגם גראָד פאַר אונדזערע היינטיקע אַסימילירטע יידן, איז אויך די דאָזיקע סכנה נישט אַרונטערצומאַכן מיט דער האַנט. און מיט „אַנדערשקייט" אַליין קען מען זי אויך נישט בייקומען. אָבער אין תוך איז שפּענגלערס געדאַנק אַ ריכטיקער. זענען טאָקע קיין כאַלדעער און פּרסים מער נישטאָ. זענען אָבער פאַראַן נישט ווייניק נייע פעלקער אויף דער וועלט, וואָס אויך זיי האָפן אויף כפּרות. אויסדערוויילטקייט. אַנשטאָט דעם האָבן זיי כח, מאַכט, לענדער און רייכקייטן. און דאָס איז געגנוג פאַר זיי ווי אַ תכלית, הן פאַרן יחיד און הן פאַרן כלל. ביי וואָס אָבער וואָלטן מיר געבליבן, אָן דער דאָזיקער גייסטיקער טרייסט, אָן דעם דאָזיקן פעסטן פעלדז אין מיטן פון אַ ים, וואָס ברויזט מיט שנאה צו אונדז, און בפרט אין די צייטן, און ווי אָפט קומען זיי אָ, ווען די כוואַליעס פון האַס הויבן זיך אַזוי, אַז אָט־אָט וואָלטן זיי אונדז פאַרשווענקט פון איבער דער ערד־פּלאַן.

צווישן די פאַרלייקענערס פון דער יידישער אויסדערוויילטקייט, האָבן על־פּי טעות, אָדער פון שרעק, פאַרבלאָנדזשעט אויך אייניקע פון אונדזערע יידישע יידן. משמעות, אַז גאָר גרויס איז אין אַמעריקע די מורא, מען זאָל אונדז, חלילה נישט חושד זיין אין ראַסיזם, און אפשר גאָר — אין אַנטיפּאַטיע צו די דעמאָקראַטיעס כביכול, אַז אַפילו אַזאַ גרויסער נאַציאָנאַלער יידישער פּובליציסט ווי חיים גרינבערג, האָט זיך אויך געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענטקע. כדי זיך אָפּצוגרענעצן פון ראַסיזם, האָט ער אויסגעפונען אַ נייע פאָרמולע: נישט קיין אויסדערוויילטע ראַסע זענען מיר, נאָר אַן אויסדערוויילטע אמונה. קען מען אַזאַ פאָרמולע נאָך ווי נישט איז מוחל זיין אַנדערע, אָבער איך קען מיך נישט אָפּוואונדערן, ווי קומט זי איינצושטיין ביי חיים גרינבערגן. דאַרף מען אים זיכער נישט דערמאָנען, מחמת ער ווייסט עס אַליין וואויל און פאַרשטייט עס אַזוי שיין צו זאָגן, אַז די דאָזיקע סעפּאַראַציע פון יידישער אמונה און

יידישן פאָלק שטאַמט פון דער סטרא אחרא, און אַז נישט בלויז יידישע חכמים האָבן אונדז תמיד געלערנט, אַז קודשא בריך הוא ישראל ואורייתא חד הוא, נייערט, אַז אַלע יידן, אויך די, וואָס האָבן דעם מאמר גופא נישט געוואוסט, האָבן אים אָבער געפילט, ווייל דאָס געהערט צו די גרעסטע רעאַליטעטן פון יידישן לעבן, און איז פאַר אים אַ נייס, אַז חוץ אמונה און חוץ ראַסע, ווי אַ פיזישער פענאָמען, עקסיסטירט נאָך אַן אַנדער מין מענטשלעכע געמיינשאַפט — אַ סאָציאַלע, אַ געשיכטלעך־אָרגאַנישע פאַרמאַציע, וואָס הייסט פאָלק? אָט דער באַגריף איז גראָד אַ כאַראַקטעריסטיש־יידישער, וואָס נאַציאָנאַלע יידן קענען נישט פאַרקוקן. דער אַסימילאַציע קען מען נאָך פאַרגעבן, וואָס זי ווייסט נאָר פון צוויי קאַטעגאָריעס: ראַסע און גלויבן. לעבט זי דאָך בכלל מיט פרעמדע השגות. אָבער וואָס עס פאַסט פאַר זיי, פאַסט לחלוטין נישט פאַר אונדז.

חיים גרינבערג וויל אונדז באַווייזן עפּעס, וואָס מיר אַלע ווייסן, דהיינו, אַז יידן האָבן תמיד געהאַלטן אָפּן זייער הויז פאַר אַלע, וואָס האָבן געוואָלט צו אונדז צושטיין און טיילן אונדזער אמונה. ער פאַרגעסט אָבער מוסיף צו זיין: און אויך אונדזער גורל. די מואבית רות, אויף וועלכער ער באַרופט זיך, האָט דאָס גראָד וואויל פאַרשטאַנען און אויסגעדריקט און געציילטע ווערטער: „. . . זאָלסט מיך נישט בעטן דיך צו פאַרלאָזן, זיך אומצוקערן פון הינטער דיר, וואָרעם וואוהין דו וועסט גיין וועל איך גיין, און וואו דו וועסט נעכטיקן, וועל איך נעכטיקן. דיין פאָלק איז מיין פאָלק און דיין גאָט איז מיין גאָט" (רות א, ט"ז).

חיים גרינבערגס אויספיר איז, אַז מיר זענען נישט די איינציקע, וואָס האַלטן נאָר פאַר זיך די אויסדערוויילטע אמונה, נייערט די ערשטע, ווייל די אַנדערע מוזן שפּעטער אונטערקומען. האָט ער געפונען אַ „באַן מאָ", וואָס ער ווייסט אַזוי גוט דעם סוד ווי זיי אויסצוטאָקן: נישט בחירה נאָר בכורה (15). איז אָבער דאָ פאַראַן אַן אַנדער צרה, מיר זענען טאַקע דער ב כ ו ר, אָבער גלייכצייטיק, ביז עס וועלן אם ירצה השם געבוירן ווערן אַנדערע קינדער, אויך דער ב ן ־ י ח י ד. און ביז די אַנדערע וועלן אונטערקומען, בלייבן מיר אַליין און די איינציקע טרעגערס פון אונדזער אמונה און במילא — ווידעראַמאָל דאָס אויסדערוויילטע פאָלק. און אַז מיר זאָלן נאָך לאַנגע יאָרן בלייבן ביים רבונו של עולם דער ילד שעשועים, דערפאַר זאָרגן שוין יענע. מיר דאַרפן דערצו אפילו קיין פינגער נישט צולייגן, ווייל זיי פאַרגינען אונדז מיטן גאַנצן האַרצן אונדזער בכורה. פאַרן היינטיקן עשו איז אונדזער בכורה אפילו קיין טאָפּ לינדזן נישט ווערט. זענען זיי מסתמא גערעכט פון זייער שטאַנדפּונקט. גלויבן

מיר אָבער, אַז אונדזער קוק אויף מענטשלעך גליק און אויפן תכלית פונעם מענטשן אויף דער וועלט איז נישט בלויז אַנדערש ווי זייערער, נייערט אויך העכער פון זייערן.

## ד. די יידישע אויסדערוויילטקייט און די יידישע שליחות אויף דער וועלט

אויב לייקענען די יידישע בחירה, הייסט ממש אונטערגראָבן דעם סאַמע פונדאַמענט פון יידישער עקסיסטענץ, אָפּנעמען ביי איר איר היס־טאָרישן און פּסיכאָלאָגישן זינען, וואָלט דאָס אָפּזאָגן זיך פונעם גלויבן, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט אַ געוויסע און דערהויבענע שליחות אויף דער וועלט, געווען גלייך, ווי אַרויסנעמען פון דעם דאָזיקן פונדאַמענט אַ פעסטן און וויכטיקן שטיק. געוויס קען אַ פאָלק גלויבן אין זיין סופּעריאָ־ריטעט, דערמיט זיך באַגנוגענען און נישט דאגהן פאַרן גורל פון די אַנדערע פעלקער. לאָגיש און פּסיכאָלאָגיש איז דאָס מעגלעך. אָבער עס קען קיין ספק נישט זיין, אַז אַזאַ נאַציאָנאַלער עגאָאיזם וואָלט געווען אַ סימן פון גייסטיקער באַגרענעצטקייט און פון מאָראַלישער קאַרגשאַפט, אַמאָל נאָך מיאוסער ווי די מאַטעריעלע. די באַדערפעניש פון אַ פאָלק זיך צו טיילן מיט אַנדערע מיטן גוטס, וואָס איינער באַזיצט, איז, פונקט ווי פאַרן יחיד, אַ סימן פון מאָראַלישער דערהויבנקייט. און דערום זעען מיר טאַקע, אַז ביי די נביאים איז די אוניווערסאַלע אידעע פון דער יידישער שליחות כמעט תמיד פאַרבונדן מיט דער נאַציאָנאַלער אידעע פון בחירה, ווי אַ פועל יוצא פון דער לעצטער. זיך אָפּזאָגן פון שליחות מיינט, זיך אָפּזאָגן פון אַ גאָר וויכטיקן עלעמענט פון דער נבואה און פון דער יידישער משיחיות. און אויב עס איז פאַלש די מיינונג, אַז דאָס איז די גאַנצע יידישקייט, איז עס אָבער בכל־אופן אַ גרויס און וויכטיק שטיק יידישקייט.

אין איינער פון די עלטסטע יידישע תפילות, וואָס די טראַדיציע שרייבט צו צו יהושע בן־נון, אין עלינו, געפינט איר די ביידע מאָטיוון פאַראייניקט. דאַנקט דער ייד אינעם ערשטן טייל פון דער דאָזיקער תפילה דעם האַר פון דער וועלט, וואָס „ער האָט אים נישט געמאַכט אַזוי ווי אַנדערע פעלקער אויף דער ערד און אונדזער גורל ווי דעם גורל פון זייערע המונים", דריקט ער אינעם צווייטן טייל אויס די ה א פ ע נ ו נ ג צו גאָט „אַז עס וועלן פאַרשווינדן די אָפּגעטער פון דער ערד און אַלע געצן וועלן פאַרניכטעט ווערן, און אַז עס וועט מתוקן ווערן

די וועלט דורכן קיניגרייך פונעם אַלמאַכטיקן, אַז אַלע פון בלוט און פלייש וועלן רופן דיין נאָמען, און עס וועלן זיך ווענדן צו דיר אַלע זינדיקע פון דער ערד... אַז גאָט וועט זיין דער מלך איבער דער גאַנצער ערד... אין יענעם טאָג וועט גאָט זיין איינציק און זיין נאָמען איינציק".

עס איז קלאָר, אַז נישט די נבואה וועגן דעם אחרית הימים, נישט די דאָזיקע תפילות און די ענלעכע צו איר, קענען און דאַרפן אַוועקגע־נומען ווערן פון דעם יידישקייט־אוצר. אמת, דער יידישער אוניווערסאַליזם האָט זיך אויסגעדריקט קודם כל אין דעם אוניווערסאַלן איינהאַלט פון די יידישע עטישע און רעליגיעזע געבאָטן, אָבער צייטנווייז אויך אין דער האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך פאַרשפּרייטן צווישן די אַנדערע פעלקער, אַז אויך יענע וועלן דעם יידישן אמת דערקענען און אָננעמען. און מען דאַרף נאָך מוסיף זיין, אַז דער יידישער אוניווערסאַליזם אינעם דאָזיקן זינען איז נישט בלויז אַן אַמאָליקע וויזיע, אַזאַ ווייטע אין צייט פון אונדזערע דורות, ביייערט, אַז אויך אין נעענטערע צו אונדז פעריאָדן געפינען מיר דעם דאָזיקן מאָטיוו ביי אונדזערע חכמים, הגם נישט אַזוי אָפט און נישט אַזוי שטאַרק אַקצענטירט ווי דער בחירה־געדאַנק. שלמה אבן ווירגא, דער מחבר פון פאָלקס־ספר „שבט יהודה", געשריבן אין אָנהויב פון זעכצנטן יאָרהונדערט, זאָגט שוין אַרויס דעם געדאַנק, וואָס איז שפּעטער אַזוי באַליבט געוואָרן ביי די מיסיע־דרשנים פון אַלערליי סאָרטן: „די יידן זענען ווי אַ ברענענדיקער פאַקל. ער ווערט אָין איי־גענעם פלאַם פאַרברענט, אָבער באַלייכט פאַר די אַנדערע דעם וועג" (16). און ר' לוי יצחק בערדיטשעווער פאָרמולירט אויף זיין שטייגער דעם נביאישן געדאַנק, אַז לעתיד לבוא וועלן אַלע אומות „מאַכן קיניגן דעם השם יתברך" (17).

איז די בחירה געווען אַ יידישע רעאַליטעט, איינע פון די סאַמע ממשותדיקע אידעען, וואָס דאָס פאָלק האָט מיט זיי געאָטעמט און גע־לעבט, דאַרף מען אָבער זאָגן, אַז דער יידישער איינפלוס אויף די גויאישע פעלקער איז געווען פון אָנהויב אָן און געבליבן אַ וויזיע פאַר ווייטע צייטן, פאַרן לעתיד לבוא. שוין ביי די נביאים איז דער משיחישער כאַ־ראַקטער פון דער יידישער מיסיע אַזוי בולט, אַז מיט קיין שום פשטלעך קען מען אים נישט פאַרטושן (ישעיה ב, ב' וכו', דאָס אייגענע מיכה ד', א' וכו', און אַנדערע). אָבער אויך ביי זיי ווערט איר אין ערגעץ נישט געגעבן קיין רמז אויף דעם קאָסמאָפּאָליטישן טייטש, וואָס די שפּעטערדיקע מיסיע־טעאָריע האָט אין איר געוואָלט אַריינטייטשן, דאָס

הייסט, אַז אין יענע משיחישע צייטן וועט פאַלן די מחיצה צווישן יידן און די אומות־העולם. זייערע וויזיעס קענען נאָר פאַרשטאַנען ווערן אין דעם זינען, אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען די גויים וועלן אָנדערקענען דעם איין אייניציקן גאָט, וועלן צעברעכן זייערע געטשקעס און וועלן מקיים זיין די עלעמענטאַרע געבאָטן, וואָס זענען לערך אויסגעדריקט אין די שבע מצוות בני נח. איבעריקנס, איז ביי מיכה הנביא דער דאָזיקער געדאַנק, אַז יידן וועלן אפילו אין „סוף פון די צייטן" בלייבן אַ באַזונדער פאָלק, קלאָר פאָרמולירט גראָד דאָרט, וואו ער זאָגט נביאות וועגן אחרית הימים: „וואָרעם אַלע פעלקער מעגן גיין איטלעכער אין נאָמען פון זיין גאָט, אָבער מיר וועלן גיין אין נאָמען פון יהוה אונדזער גאָט אויף אייביק און שטענדיק (מיכה, ד׳, ה׳). און אַז ביז די דאָזיקע „לעצטע צייטן" וועלן אָנקומען, האָבן אויך די נביאים, וואָס האָבן זיך געווענדעט נישט בלויז צו יידן, נאָר אויך צו אַנדערע פעלקער, נישט געקלערט מאַכן די לעצטע פאַר יידן און זיי צונויפמישן מיטן פאָלק ישראל, זעט מען גראָד ביי יונה הנביא, וואָס ער איז פון גאָט געשיקט געוואָרן ספּעציעל צו די געצנדינער פון נינוה. הגם אַלע פאַרלייקענערס פון יידישער בחירה, אָנגעהויבן מיט ברוך שפּינאָזאַ, וואַרפן זיך אויף יונה הנביא, ווי אויף אַ באַוויז פאַר זייער טעזע, איז אָבער קלאָר, אַז נישט כדי מגיר צו זיין די איינוואוינערס פון נינוה האָט אים גאָט אַהינגעשיקט נאָר פון רחמנות אויף זיי, וואָס זיי האָבן זיך געלאָזט אויף די וועגן פון גזילה און רציחה. „האָט גאָט געזאָגט (צו יונה הנביא), דיר איז אַ שאָד אויף דעם ריצנבוים, וואָס נישט דו האָסט זיך אויף אים געמיט, און נישט דו האָסט אים אויפגעבראַכט, וואָס איז איבער נאַכט געוואָרן, און איבער נאַכט אונטערגעגאַנגען. און מיר זאָל נישט זיין אַ שאָד אויף דער גרויסער שטאָט נינוה, וואָס אין איר זענען דאָ מער ווי צוועלף מאָל צען טויזנט מענטשן, וואָס ווייסן נישט צווישן זייער רעכטער האַנט און לינקער, און אויך בהמות אַ סך" (יונה ד, י, י"א). זאָגט דער סוף פּסוק קלאָר, אַז גאָט האָט רחמנות געקריגן אויף די לעבעדיקע באַשעפענישן, אויף די מענטשן און אפילו אויף די בהמות. און כדי זיי צו ראַטעווען פון אונטערגאַנג, האָט ער אַהין געשיקט זיין נביא.

ווי אַ צוקונפטס-חלום, האָט דאָס אויפקומען פון מלכות שדי אויף דער גאַנצער וועלט געמוזט בלייבן בלויז אַ קנין פון איינצלנע העכערע גייסטער און נישט געקאָנט אַריינדרינגען און זיך איינפונדעווען טיף אינעם יידישן פאָלקס-באַוואוסטזיין. טרעפן מיר, אמת, ביי די נביאים, צוגלייך מיט דער משיחישער וויזיע, אויף אַ רוף צו מעשים, וואָס דאַרפן

הערנענטערן איר פאַרווירקלעכונג. זאָגט ירמיה הנביא, אַז גאָט האָט אים געמאַכט פאַר אַ „נביא פאַר די פעלקער" (ירמיה א, ה). און יונה הנביא, ווי אָקאָרשט דערמאָנט, ווערט געשיקט גאָר צו די געצנדינערס, הגם דער נביא גופא האָט גאָר שטאַרק קיין חשק נישט געהאַט צו אַזאַ מין מיסיע. אָבער דער דאָזיקער פ ר אַ ק ט י ש ע ר אוניווערסאַליזם האָט קיין לאַנגען קיום ביי יידן נישט געהאַט און נישט געקענט האָבן. זינט די שליחים פונעם משיח־גלויבן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער וועלט מיט זייער בייער בשורה, איז קלאָר געוואָרן, אַז מיט איר סוראָגאַט קען די עכטע יידישקייט בשום־אופן נישט קאָנקורירן. מיט דער פאַרשפרייטונג פון קריסטנטום און מיטן פאַראַלעלן וואוקס פון דער שנאה צום אייביקן פאָלק, דעם איינציקן, וואָס האָט עקשנותדיק זיך נישט גע־וואָלט אונטערגעבן, האָט זיך דער באחרית הימים אַוועקגערוקט אַלץ ווייטער און געוואָרן אַלץ נעפּלדיקער.

די אַלע ראיות פון פסוקים און מאמרי חז"ל, וואָס די אַסימילאַטאָרישע מיסיע־טעאָריע נוצט אויס, ווען עס לוינט איר, אויף צו באַווייזן, אַז יידן האָבן תמיד כלומרשט געשטרעבט צו פאַרשפּרייטן זייער אמונה און צו מאַכן גרים, פאַרלירן זייער גאַנצן טעם קעגן דעם איין איינציקן פאַקט, וואָס בפועל זענען, זינט דעם גלות, נישט געווען קיין מאַסן־איבער־גאַנגען צו יידישקייט. דעם איינציקן אויסנאַם האָט מען געוואָלט זען אין דער געשיכטע מיט די כוזרים. אָבער דאָ האָבן מיר ווידער צו טון מיט אַן אויבנאויפיקער אויסטייטשונג פון געשיכטלעכע פאַקטן. אָנגענומען יידישקייט האָט נאָר דער קיניגלעכער הויף צוזאַמען מיט אַ דינער און שיטערער שיכט, נאָענט צו אים. דאָס פאָלק איז געבליבן ביי געצנדינעריי. און עס האָט נישט זייער לאַנג גענומען ביז אויך דער הויף איז אַריבער צום איסלאַם (18). בכן בלייבט נישט גערירט דער פאַקט, אַז שוין קרוב צו צוויי טויזנט יאָר האָבן יידן נישט צוגעקריגן קיין „פריש בלוט". און נישט דאָס איז דער עיקר, וואָס אונדזער בלוט איז געבליבן ריין, אונדזער זאָמען נישט געמישט. וויכטיק איז עפּעס אַנדערש. די געדיכטיקייט און די האַפּטיקייט פון דער יידישער סאָציאַלער ירושה זענען נישט געמינערט געוואָרן דורך קיין צושטראָם פון פרעמדע פאַר אונדז — נישט אָדער שווער־אַסימילירבאַרע עלעמענטן. אַזוי צי אַזוי, די יידישע שליחות אויף דער וועלט האָט אויפגעהערט צו זיין אַ לעבעדיקער פאַקט. און אידעען, וואָס נעמען נישט אָן קיין רעאַלע פאָרמען, האָבן אַלע איין מזל: זיי בלייבן „נשמות, וואָס גייען אַרום נאַקעט". און אַז יידישע חכמים האָבן איינגעזען, אַז אויפן וועג פון „דירעקטער אַקציע", מיט מיטלען פון

פּראָפּאַגאַנדע וועט ייִדישקייט קיין נצחונות, אפילו קיין טיילווייזע, נישט אָפּהאַלטן ביי די פֿעלקער, איז פֿאַר זיי נאָך איבערגעבליבן, זייערע האָפֿענונגען אויף אַ וועלט־פֿאַרבעסערונג צו לייגן בלויז אויף דער השפּעה פֿונעם משל, וואָס דאָס ייִדישע פֿאָלק וועט געבן דורך זיין אייגענער זעלבסטרעאַליזאַציע, דורך דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון העכערע רעליגיעזע און עטישע אידעאַלן אין זיין אייגענער סביבה. דער „עם לבדד ישכון" האָט געדאַרפֿט האַלטן דער „אור לגוים", טאַקע דורך זיין אָפּגעזונדערטקייט, ווייל נאָר אַזוי האָט ער געקענט אָפּהיטן זיין לעבנס־אידעאַל פֿון שעדלעכע אויסערלעכע איינפֿלוסן. אויף דעם אופֿן איז די מיסיע־אידעע אין איר אַמאָליקן דירעקטן זינען ביסלעכווייז אָפּגעבליאַקעוועט געוואָרן.

און געשען איז אַ רישקאַווע זאַך. פֿריוואַן זי אָפּצופֿרישן און איר אומצוקערן איר אַמאָליקן גלאַנץ זענען געמאַכט געוואָרן גראָד פֿון יענע, וואָס אַליין האָבן זיי מער נישט געוואָלט וויסן פֿון דעם שווערן ייִדישן לעבנס־וועג און אים פֿאַרביטן מיט אַבסטראַקטע גלויבנס־פֿאָרמעס. די אייגענע, וואָס האָבן די משיח־אידעע אָפּגעשיידט פֿון איר נאַציאָנאַלן קערן, פֿון דער פֿאָלקס־האָפֿענונג אויף אַ גאולה שלמה, און דערמיט גופֿא זי פֿאַרוואַנדלט אין אַ פּוסטער פֿראַזע, וואָס זאָגט גאָרנישט און איז קיינעם צו גאָרנישט נישט מחייב, טאַקע זיי גופֿא האָבן אויך די ייִדישע מיסיע אָפּגעריסן פֿון איר שורש — פֿון דער בחירה, וואָס אין איר נאָמען האָט דאָס פֿאָלק אָפּגעהיט זיין אייגנאַרט און אַזוי אָרום געקענט בלייבן דער לעבעדיקער ביישפּיל פֿאַר דער וועלט פֿון אַ העכער און איידלער מענטשלעך לעבן. איז ביי זיי די מיסיע, ווי די משיחיות, געוואָרן צו אַ פֿעלשונג, צו אַ טויט, און דערצו נאָך — אַ שעדלעך וואָרט, וואָרעם מיטן דאָזיקן פֿייגנבוים האָט מען צוגעדעקט דעם אָפּזאָג פֿון רעאַלער גאולה פֿאַרן פֿאָלק און פֿון באמת־דיקער שלמות פֿאַרן ייִדישן יחיד. האָט ביי לודוויג פֿיליפּסאָן די מיסיע געמיינט — די פֿאַרשפּרייטונג פֿון ריינעם מאָנאָטעאיזם, וואָס קיינער האָט אים נישט באַדאַרפֿט, און די ערשטע, וואָס האָבן אין אים נישט געגלויבט, זענען געווען טאַקע די מיסיע־פּרעדיקער אַליין. הייסט זי ביי וואַלדאַ פֿראַנקען און ביי געוויסע ייִדישע לינקע — פֿאַרשפּרייטונג פֿון דעמאָקראַטיע און סאָציאַלער גערעכטיקייט (19) און ביי פֿראַנץ ראָזענצווייג, וואָס גייט אין די פֿוסטריט פֿון דעם הייליקן בערנאַרד, נעמט זי אָן אַ פּאַטאַלאָגישע פֿאָרעם, ווייל לויט אים מוזן ייִדן עקסיסטירן, און דערין באַשטייט זייער מיסיע, כּדי צו זיין שטענדיקע לעבעדיקע עדות פֿון יעזוס קריסטוס' אמת (20).

דער ייִדישער נאַציאָנאַלער געדאַנק האָט נאַטירלעך זיך געמוזט אָפּ־גרייסלען, הן פֿון דער רעפֿאָרמירישער „גאָטס של חוט", הן פֿון דער נייער

סאָציאַלער מיסיע־טעאָריע. אין זייער אָפּאָזיציע צו ביידע, האָבן די פאַרשידענע יידישע נאַציאָנאַלע שטרעמונגען, בפרט דער ציוניזם, זיך אַנטקעגנגעשטעלט קעגן דער פאַלסיפיקאַציע, וואָס האָט געוואָלט ביי יידן אָפּנעמען דאָס לעבן גופא און אָנשטאָט דעם זיי געבן אַ שאָטן פון לעבן, וואָרעם וואָס איז דען אַ נאַקעטער געדאַנק אויב נישט מער ווי אַ שאָטן, אַפילו קיין אילוזיע קען ער דאָך נישט געבן. דערמיט האָט דער יידישער נאַציאָנאַלער געדאַנק זיך דערנענטערט צו דער יידישער טראַדיציע און גלייכצייטיק צום געזונטן יידישן חוש און שכל־הישר. וואו די לאָגיק, זעט איר, האָט אַ ביסל אונטערגעהונקען און הינקט נאָך היינט, דאָס איז דערין, וואָס, אָפּוואַרפנדיק דעם מיסיאָנערישן געדאַנק פון דער אַסימילאַציע, האָט מען ביי אונדז בכלל זיך אָנגעהויבן באַציען מיט ביטול צו דער סאַמע אידעע פון אַ יידישער שליחות אויף דער וועלט. געוויס איז אחד העם גערעכט, אַז דער קיום פון אַ פאָלק באַדאַרף נישט דוקא באַרעכטיקט ווערן דערמיט, וואָס ער איז העכער און בעסער פון אַנדערע פעלקער, און אודאי שוין נישט — דורך אַ מיסיע וואָס ער האָט אויסצופירן פאַר און צווישן זיי (21). אָבער די באַרעכטיקונג פון דעם יחידס עקסיסטענץ ליגט אויך קודם־כל אין איר גופא. פונדעסטוועגן, זוכט איטלעכער מענטש, וואָס האָט דערגרייכט אַ געוויסן גראַד פון מאָראַלישקייט, מעג ער זיין אַ פילאָסאָף אָדער נישט, מעג ער אַפילו נישט קענען זיינע געפילן געדאַנקלעך פאָרמולירן, אַ העכערן זינען און תכלית פאַר זיין לעבן. דאָס אייגענע איז נאָך מער גילטיק פאַר פעלקער, און פאַר יידן אודאי און אודאי. פון דעם דאָזיקן זוכן פון אַ לעבנס־זינען פאַר אונדזער קיום איז געבוירן געוואָרן די בחירה און די האָפענונג אויף דעם אחרית הימים. אָפּנעמען די ערשטע, הייסט צונעמען דעם סאַמע חיות ביי יידן. זיך אָפּזאָגן פון דער צווייטער, הייסט פאַרלירן אַן אַלטע און גרויסע האָפענונג, וואָס מאַכט שענער און דערהויבענער אונדזער לעבן. זענען מיר גאָרנישט אַזוי שטאַרק און נישט אַזוי רייך, מיר זאָלן אַפילו אַ חלום קענען פאַרשווענדן. פונקט ווי אונדזערע עלטערן אַמאָל, געפֿנוי אַזוי דאַרפֿן מיר נאָך היינט מיט געשמאַק און מתיקות זאָגן דעם עלינו לשבח, פונעם אָנהויב ביזן סוף, און נישט אַרויסגרייסן פון אים שטיקער. מען דאַרף אָבער דערביי געדענקען אָט וואָס. די גאַנצע תפילה וועט ווערן אַ תפילת שוא אויב מיר וועלן נישט אָנשטרענגען אַלע כחות צו באַשאַפן דעם גוף פאַר דער נשמה, וואָס איז אין איר באַהאַלטן. אויב דער רבונו של עולם אַליין האָט זיך נישט באַגנוגנט דערמיט, וואָס זיין גייסט האָט „געשוועבט אויפן גרונט פון די וואַסערן", און האָט פונדעסטוועגן די וועלט, די מאַטעריע באַשאַפן, וואָס זאָלן שוין מיר, זינדיקע

מענטשן, זאָגן? אונדזערע גרויסע אידעען, די יידישע אויסדערווײלטקייט און די יידישע שליחות אויף דער וועלט, מוזן אויך האָבן זייער מאַטעריע. און אין לעבן פון אַ פאָלק מיינט מאַטעריע — מעשים, שטיקער לעבן. עס מיינט אָבער אויך אין לעצטן חשבון, נאָך עפּעס — באָדן. פּראָסט-פּשוט — אַ שטיקל אייגן ערד.

---

רעפערענצן:


(1) Spinoza. Der Theologisch-politische Traktat, drittes Kapitel.

(2) שמעון ברנפלד. תולדות הריפורמציון הדתית בישראל. ורשה תרפ"ג, ע' 29.

(3) Mordechai M. Kaplan. Judaism in Transition. N. Y. 1941, p. 123.

(4) « « La Civilizacion de Israel. B. Aires 1944, p. 15.

(5) « « Should we retain the Doctrine of Israel as the Chosen People? The Reconstructionist, vol. XI, N° 1.

(6) Reeducation to eradicate antisemitism. The Reconstructionist, vol. X, N° 19.

(7) Edward Henry Eckel. Christianity and Antisemitism.

(8) Jaques Maritain. A Christian looks at the Jewish Questin. N. York 1939. p. 16.

(9) Alfred Rosenberg. Der Mythos des XX Jahrhunderts. Muenchen 1935, pp. 22-3, 34-5, 55-6.

(10) ציטירט לויט י. צינבערג. די געשיכטע פון ליטעראַטור ביי אידן, באַנד 5, זייט 103.

(11) ש. א. האָראָדעצקי. חסידיזם. בערלין תרפ"ד, ז' 54 און זיין בוך דער חסידיזם און זיינע פירער. ווילנע 1937, ז' 137.

(12) Dostoievski. Dnievnik Pisatelia. 1880.

(13) Fritz Lieb. Ursprung und Anfaenge des Slawophilen

Messianismus in Russland. Theologische Zeitschrift. Maertz-April 1946. Basel, SS. 102-3, 123.

(14) Oswald Spengler. Der Unt rgang des Abendlandes, II Band. Muenchen 1922, S. 250.

(15) חיים גרינבערג. יידנטום און ראַסיזם. איך ציטיר דעם דאָזיקן אַרטיקל לויט אַן איבערדרוק אינעם העברעאיש־יידישן זאַמל־ספר „ילקוט המועדים“, ב. איירעס 1943.

(16) שבט יהודה (אַרויסגעגעבן פון וויענער) האַנאָווער תרט"ו, ע' 117.

(17) י. צינבערג, באַנד 7ב, ז' 167.

(18) ד"ר י. ברוצקוס. הממשלה הכוזרית־יהודית בדרומה של רוסיה, בצרון אדר תש"ה.

(19) Waldo Frank. The Jew in our Day. N. York 1944, p. 134.

(20) Franz Werfel. Between Heaven and Earth. N. York 1944, pp. 194-5.

(21) אחד העם. עבדות בתוך חרות. על פרשת דרכים. חלק ראשון, ברלין 1921.

## פרישות, געטאָ און אינטערנאַציאָנאַליזם

אַז איר ווילט זען, ווי אָפט עפנטלעכע מאַניפעסטאַציעס גייען זיך פונאַנדער מיטן ווירקלעכן לעבן, טאָ קוקט זיך צו בעסער צו דער רעאַלער פראָפאָרץ צווישן נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען אינעם לעבן פון דעם יחיד, און ווי אַזוי זיי זעען אויס, געזען דורך דער פריזמע פון דער פרעסע און פון דער רעדנער־טריבונע. אַז איר לייענט צייטונגס־אַרטיקלען און באַריכטן וועגן אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן, דיפלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען און קאָנפערענצן, קאָנט איר באַקומען דעם איינדרוק, אַז דאָס לעבן פון די פרעמדע לענדער (דאָס אייגענע לאַנד זעט מען פון דער נאָנט, פאַרשטייט זיך, בעסער) איז דער עיקר קאָנצענטרירט אויף אינטערנאַציאָנאַלע פראָבלעמען. עס באַקומט זיך די אייגענע אילוזיע, ווי בעת איר וועט לייענען די צייטונגס־כראָניק וועגן אַנדערע ענינים. די צייטונג אינטערעסירט זיך מיט אויסערגעוויינלעכע געשעענישן און נישט מיט וואָכעדיקע זאַכן. נאָרמאַלע מענטשן זענען נישט קיין סענסאַציע־אַרטיקל. כאַפט מען אַ גרויסן גנב, אַ שווינדלער, אָדער גאָר אַ מערדער, צעשמירט עס די צייטונג אויף גאַנצע זייטן מיט קעפּלעך פון קידוש־לבנה אותיות. פונדעסטוועגן וועט, פאַרשטייט זיך, קיינעם נישט איינפאַלן, צו שאַצן דאָס רעאַלע לעבן און צו מעסטן דאָס רעספּעקטיווע אָרט, וואָס געהערט דאָרט די נאָרמאַלע און די נישט־נאָרמאַלע, פאַרברעכערישע נאַטורן, לויט דעם אָרט, וואָס די איינע און די אַנדערע פאַרנעמען אויף די צייטונגס־שפאַלטן.

דאָס אייגענע באַווייזן אויך די עפנטלעכע אָרגאַנען ווי אין אַ קרומען שפיגל די מענטשלעכע באַציאונגען, וואָס שפיגלען זיך אָפּ אין די גרענעצן פון די באַזונדערע פעלקער און אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע. דער געוויינלעכער מענטש, דער מענטש פון אַ גאַנץ יאָר, דער פויער, דער אַרבעטער, דער בעל־מלאכה, דער קרעמער, האָט בדרך־כלל קיין שום פערזענלעכע פאַרבינדונגען נישט מיט דער וועלט, וואָס ליגט אויסער דעם תחום פון זיין אייגן לאַנד און פאָלק. דער מער באַמיטלטער מענטש קען זיך דערלויבן דעם לוקסוס צו מאַכן, ווען נישט איז אַ טוריסטן־נסיעה אין פרעמדע לענדער. דער גרעסערער סוחר און אינדוסטריעלער, וואָס האָט שוין יאָ שטענדיקע באַציאונגען מיט אויסלאַנד,

קומט אויך נאָר זעלטן אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט בירגער פון פרעמדע לענדער. אפילו ביי דעם אינטעלעקטועלן באַגרעניצן זיך אויך זייער פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד הויפּט עיקר אויף ביכער און צייטונגען. פון צענדליגער מיליאָנען אַרבעטער, באַטייליקן זיך נאָר הונדערטער אין אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן און קאָנגרעסן, וואו זיי קניפּן אָן אַ קאָנטאַקט מיט פרעמדע, און דאָס אויך נישט קיין אינטימען, צוליב די שפּראַך־פאַרשידנקייטן. אַ פּערמאַנענטע און מער נאָענטע פאַרבינדונג צווישן אָנגעהעריקע פון פאַרשידענע פעלקער איז נאָך דערווייל אָן ענין בלויז פאַר יחידים: זשורנאַליסטן־פאָליגלאָטן, דיפּלאָמאַטן, אינטערנאַציאָנאַלע געלערנטע און וואָרטזאָגערס וכדומה. מחמת די דאָזיקע פיגורן זענען דער יוצא מן הכלל און היות ווי זיי גיבן דעם טאָן דעם אינטערנאַציאָנאַלן לעבן און שטייען אין פאָקוס פון אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, באַקומט זיך דער פאַלשער איינדרוק, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע געשעענישן פילן אָן דאָס לעבן און אַז די וועלט איז באַהערשט פון אינטערנאַציאָנאַלן גייסט.

איך זאָג עס אַנטקעגן דעם, וואָס אונדזערע יידישע אינטערנאַציאָנאַליסטן הויבן אויף אַ געוואַלד, אַז זיי הערן רעדן וועגן יידישער אָפּזונדערונג, וועגן יידישן „געטאָ”, ווי זיי רופן דאָס מיט ביטול און פאַראַכטונג. מען קען מיינען, אַז מיר, יידישע „נאַציאָנאַליסטן”, זענען די איינציקע אויף דער וועלט, וואָס טיילן זיך אָפּ פון פרעמדע און פאַרשליסן זיך אין די אייגענע ד' אמות. אין אָט דער פאַלשער פאַרשטעלונג, וואָס קען זיך באַקומען ביי אייגענע און ביי פרעמדע, זענען שולדיק די ווערטער, וואָס פאַרשטעלן די רעאַליטעטן. עס איז אמת, אַז דער רוף צו אָפּגעזונדערטקייט, צו רעדן אונדזער אייגן לשון, צו לייענען יידישע ביכער, צו היטן אייגענע מנהגים און טראַדיציעס, ווערט איר ביי אונדז אָפטער הערן זיך איבערחזרן ווי ביי אַנדערע פעלקער. איז אָבער אָט דער פאַקט אַ רעזולטאַט נישט פון אונדזער נאַציאָנאַליזם און סעגרעגאַציע־טענדענצן, נאָר דווקא פאַרקערט — דער בעסטער סימן, אַז גראָד ביי אונדז זענען די קאָנטאַקטן מיט פרעמדע אָפטערע און אינטימערע, ווי ביי וועלכן נישט איז פאָלק אויף דער ערד. און פאַר וואָס דאָס איז אַזוי, איז איבעריק לאַנג צו דערקלערן. מיר האָבן נישט דעם שטאַרקסטן אָפּגרענעצונגס־פאַקטאָר, וואָס הייסט — אַ באַזונדער לאַנד, אַ באַזונדערע טעריטאָריע. און וויפל און ווי הויך מיר זאָלן נישט שרייען וועגן אַן אייגן יידיש נאַציאָנאַל לעבן, וועלן די צען מאָס רייד נישט פאַרבייטן אָט דעם איינאיינציקן נאַטירלעכן פאַקטאָר. געאָגראַפיע וועט תמיד ווירקן

שטאַרקער פון די שטאַרקסטע דרשות, אפילו אויף די בעל־הרשות אַליין, ווילט זיך דעריבער זאָגן אונדזערע אינטערנאַציאָנאַליסטן, זיי זאָלן קיין מורא נישט האָבן, זיך נישט שרעקן פאַר דעם יידישן געטאָ. אַפילו די סאַמע פאַרברענטע חסידים פון יידישער פרישות חלומען נאָר כאָטש אַביסל זיך צו דערנענטערן צו די נאָרמאַלע פעלקער און צו דער פראָ־פאַרץ צווישן אינעווייניקסט־נאַציאָנאַלע און אויסערלעכע פרעמד־נאַציאָנאַלע באַציאונגען פון זייערע מענטשן. וואָרעם וויפיל מיר זאָלן, הרי א האַרטנעקיקער עקשנות און דורך אונדזער באַוואוסטזיניקער הנהגה זיך נישט אָפּזונדערן, ווי שטאַרק מיר זאָלן זיך נישט אַנטקעגנשטעלן קעגן די צענטראַפוגאַלע טענדענצן פון יידישן גלות־לעבן, וועט די סעפּאַראַציע צווישן אונדז און פרעמדע נאָך אַלץ זיין נישט פאַרגלייכלעך שוואַכער ווי ביי נאָרמאַלע פעלקער, ווי שטאַרק עס זאָל נישט זיין צווישן זיי דער באַוואוסטזיניקער אינטערנאַציאָנאַליזם.

דאָס אַנטקעגנשטעלן יידישע פרישות, יידישע איזאָלאַציע, ווי אַ קולטור־פּסיכאָלאָגישן פּרינציפּ און ווי אַ לעבנס־שטייגערישע נאָרמע פאַר איטלעכן יידישן יחיד, קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, ווי אַ קאָלעקטיווע אידעע פון פעלקער־שלום און פעלקער־פאַרברידערונג, איז אין יסוד גופא פאַלש, ווייל מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט לחלוטיק פאַרשידענע באַגריפן און פּראָבלעמען. דער ענגלישער זשורנאַליסט קאַנדלער האָט מיך אַמאָל געפרעגט, דערציילט גאַנדי, צי וואָלט איך, זייענדיק אַ הסיד פון הינדו־מוסולמענישער פאַראייניקונג, געגעסן און געטרונקען אין אַ מוסולמענישער מסיבה און צי וואָלט איך מיין טאָכטער אויסגעגעבן פאַר אַ מאַכמעדאַנער. אויף דעם ענטפערט גאַנדי: „פאַר מיר איז דער געדאַנק, אַז פאַרן נאַציאָנאַלן פּראָגרעס פון אינדיע מוז מען דווקא עסן און טרינקען צוזאַמען און חתונה האָבן צווישן זיך, נישט מער ווי אַ פאָראורטייל, אויסגעבאָרגט ביי די מערב־פעלקער”. און ווייטער: „איך האַלט געמישטע חתונות צווישן הינדוסן און מוסולמענער פאַר לחלוטין אוממעגלעך, אויב איטלעכער זאָל בלייבן ביי זיין רעליגיע. די אמתע שיינקייט פון חער הינדו־מוסולמענישער פאַראייניקונג באַשטייט גראָד דעריין, וואָס איטלעכער פון זיי זאָל בלייבן טריי זיין אמונה און גלייכצייטיק איינער דעם צווייטן”. זיין טאָלעראַנט הייסט כלל נישט, לויט גאַנדיקן, אַז איינער מוז מסכים זיין צו אַלץ, וואָס מען טאָלערירט (1). דאָס אַנטקעגנשטעלן פרישות אין אינטימען לעבן און אינטערנאַציאָנאַלע געמיינשאַפטס־אידעאַלן וועט איר טאַקע באַגעגענען נאָר ביי אונדז, וואו אַסימילאַציע דעקט זיך צו מיטן שלייער פון אינטערנאַציאָנאַליזם, כדי איר אמתן פנים צו באַהאַלטן. פאַר

דער לינקער אַסימילאַציע איז יעדעס פרעמד־נאַציאָנאַלע לעבן כשר און אינטערנאַציאָנאַליסטיש. פאַרקערט אָבער, איז אַ באַזונדער יידיש־נאַציאָנאַלער שטייגער טריף און נאַציאָנאַליסטיש. יידישע פרישות, פונקט אַזוי ווי אין גאַנדיס קאָנצעפּציע, שליסט לחלוטין נישט אויס, און די נביאים — די פאַרגייערס פון די פּרושים, האָבן דאָס שוין קלאָר געזאָגט באַוויזן, די העכסטע און די ווייטסטע אַלמענטשלעכע אידעאַלן. פאַרזיכיקייט, לויט אַ גלאָבאַלן טעלעפלעכן טערמין, פאַרלאַנגט פונעם יידן און באַפעלט אים צו לעבן ביי זיך, צו האָבן אַן אייגענע גייסטיקע היים און נישט זיך צו געפינען תמיד ווי אין אַ רשות הרבים. זי פאַרווערט אַסימילאַציע, רעדן פרעמדע שפּראַכן, נאָכמאַכפעווען פרעמדע מנהגים, פּראַווען פרעמדע חגאות. זי פאַרווערט אָבער אויך צו דערפירן די אינטימקייט און גייסטיקע "גוט־ברודערשאַפט" מיט פרעמדע אַזוי ווייט, אַז די אייגענע פאַרזענלעכקייט זאָל מטושטש און פאַרבלאַקעוועט ווערן, זאָל שטיין אין סכנה פאַרלוירן צו גיין. און וואָס עס מאַכט די דאָזיקע סכנה נאָך געפערלעכער פאַר אונדז יידן, איז דער פאַקט, וואָס מיר שטייען מאָראַליש העכער פון די אַנדערע, וואָס די פאָדערונגען פון יידישקייט צו איטלעכן פון אונדז זענען נישט לערך שטרענגער ווי דאָס, וואָס די קריסטלעכע ציוויליזאַציע פאַרלאַנגט פון די פעלקער צווישן וועלכע מיר לעבן. שווער איז פאַר אַ מענטשן זיך צו דערהויבן, אָבער גאָר לייכט איז זיך אַראָפּצולאָזן, זינקען נידעריק. עס איז, למשל, לייכטער און אָנגענעמער צו שפּילן אין קאָרטן, זויפן און טרינקען, ווי צו זיצן ביי אַ ספר, אָפּצוהיטן די תרי"ג מצוות און אַפילו בלויז אַ צענט־חלק פון די דאָזיקע געבאָטן. און נאָך גרעסער איז די געפאַר, ווייל מיר זענען אַ מינדערהייט, און יענע אַ מערהייט, וואָס מיר זענען שוואַך און זיי — שטאַרק. מאַכט, צאָל און אַ לייכט לעבן שטייען קעגן אונדז. איז דאָס גאָר קיין קלייניקייט נישט. אויף בייצושטיין און גובר זיין די נסיונות, מוזן מיר זיך גוט אַרומגאַרטלען, גוט אַרומצוימען אונדזער סוכה, וואָס קוים־קוים האַלט זי זיך.

אַ געוויסע אַנאַלאָגיע צו דעם געזאָגטן קען מען געפינען אין סאָוויעט־פאַרבאַנד. און איך ברענג דעם דאָזיקן משל, נישט ווייל איך זוך אַ פאַרענטפערונג פאַר יידישע פרישות. איר באַרעכטיקונג ליגט אין איר גופא. איך האָב אָבער אין זינען יענע אין אונדזערע רייען, וואָס אַ פרעמדער משל האָט פאַר זיי מער איבערצייגונגס־קראַפט, ווי אונדזער אייגענע געשיכטלעכע דערפאַרונג. די סאָוויעט־רעגירונג דערלויבט נישט בדרך־כלל קיין נסיעות פון סאָוויעטישע בירגער קיין אויסלאַנד. און נישט בלויז צוליב פינאַנציעלע טעמים און אַ פשיטא שוין, נישט, ווי סאָוויעטן־פריזסערס

טייטשן דאָס אויס, ווייל זי האָט מורא פאַר דעם „העלן ליכט" וואָס זיי וועלן דאָרט דערזען און פאַר דעם „גרויסן אמת", וואָס די קאַפּיטאַליס־טישע לענדער קענען פאַר זיי אַנטפּלעקן און זיי „עפענען די אויגן". עס איז אָבער יאָ נאַטירלעך, אַז אַ לאַנד, וואָס האָט מיט גוואַלטיקע מענטש־לעכע און מאַטעריעלע קרבנות דערגרייכט צו אַ העכערער סאָציאַלער מאַראַל, וואו די אייגנטום־תאוה, איינע פון די שטאַרקסטע און גראָבסטע תאוות, איז אויב נישט אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן, אָבער דאָך שוואַכער און געמיטערט געוואָרן, וויל נישט, אַז אירע בירגערס זאָלן קאַליע ווערן אונטער דער השפעה פון די רייכערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער און דורכן קאָנטאַקט מיט מענטשן מיט אַ לעבנס־שטייגער, דורכ־געזאַפּט מיטן גייסט און נטיות פון אַ ציוויליזאַציע, וואָס אייגנטום איז איר יסוד. ווייל מאַקע די סאָוויעט־רעגירונג נישט דערלאָזן אַפילו, אַז אירע מענטשן אין די אויסלענדישע פאָרשטעלונגען זאָלן זיך צו לאַנג אויפהאַלטן, ווייל זי האָט טאַקע געהאַט דערמיט אַ שלעכטע דערפאַרונג. ווי אַ לאַנד, וואָס האָט דעם באַוואוסטזיין, אַז עס האָט גענומען אויף זיך צו טראָגן אַ באַזונדערן און שווערן גורל צווישן די פעלקער, ווייל עס מיט אַ כיוון בלייבן סאָציאַל און גייסטיק איזאָלירט. דאָס דערגייט אַזוי ווייט, אַז דעם יום־טוב צוליב דעם נצחון איבערן נאַציסטישן דייטשלאַנד האָט דער סאָוויעט־פאַרבאַנד להיפּוך צו דער דאַטע פון קאַלענדאַר, אַריבער־געטראָגן אויף אַן אַנדערן טאָג, כדי נישט צו האָבן אַ שותּפותדיקן יום־טוב מיט די איבעריקע אַליאירטע לענדער, הגם דעם נצחון גופא האָט זי אָפּ־געהאַלטן צוזאַמען מיט זיי.

ווייס איך נישט, צי האָבן יידישע אינטערנאַציאָנאַליסטן, וואָס סאָוויעט־פאַרבאַנד איז פאַר זיי דער מאָדעל, זיך פאַרטראַכט וועגן די דאָזיקע פאַקטן. אויב נישט, איז כדאי זיי זאָלן עס טון. אפשר וועלן זיי דעמאָלט איינזען, אַז אויב אַזאַ גרויס און מאַכטיק לאַנד ווי סאָוויעט־רוסלאַנד, מיט אַ טעריטאָריע, וואָס פאַרנעמט אַ זעקסט־חלק פונעם ערד־קוגל, אויב דער סאָוויעט־פאַרבאַנד, וואָס אינטערנאַציאָנאַליזם איז זיין נשמה, מוז גייך אויפן וועג פון קולטור־סאָציאַלער איזאָלאַציע, על אחת כמה וכמה מעגן און מוזן מיר אָפּהיטן די יידישע פערזענלעכקייט, וואָס מיט איר איז פאַר־בונדן דער קיום פון אונדזער אומה. און אָפּהיטן קענען מיר זי, אין די באַ־דינגונגען פון אַ גלות־לעבן, נאָר דורך אַ שטרענגער גייסטיקער אָפּגע־זונדערטקייט, דורך פאַרזיכיקייט אין הנהגה און שטייגער.

נעמט ווי אַ משל דאָס פּראָבלעם פון געמישטע חתונות. געוויינלעך קוקט מען אויף דעם גלייכגילטיק ביי אַנדערע פעלקער, בפרט אויב עס

רעדט זיך וועגן חתונות מיט אויסלענדער, אָנגעהעריקע צום זעלביקן גלויבן. אָבער אַפילו ביי פאַרשידענע רעליגיעס, מאַכט נאָר די קאַטוילישע קירך ערנצטע שוועריקייטן. פונדעסטוועגן איז אומעטום די צאָל פון געמישטע חתונות אַ נישטיקע, איין פאַל אויף צענדליגער טויזנטער. ביי אונדז איז חתונה האָבן מיט גויים איינע פון די האַרבסטע רעליגיעזע עבירות און אַ חטא אפילו לויטן וועלטלעך-נאַציאָנאַלן שולחן-ערוך. און פונדעסט־וועגן ווייסן מיר אַלע, ווי שמאָל מיר האַלטן דאָ. הייסט עס, אַז מיר, וואָס האַלטן פאַר נויטיק אַנטקעגנצושטעלן זיך קעגן דער מגפה פון געמישטע חתונות, זענען פרומער אָדער נאַציאָנאַלער ווי די גויים? ניין. דאָס הייסט נאָר, אַז ביי קיין פאָלק שטעלן זיי נישט פאָר קיין שום ערנצט פראָבלעם, און קיין סכנה אַוודאי נישט. פשוט דערפאַר, ווייל געמישטע חתונות קענען פאָרקומען אין גרויסע צאָלן נאָר דאָרט, וואו הויך קאָנטאַקט צווישן אָנ־געהעריקע פון פאַרשידענע פעלקער איז אַ שטענדיקער און אינטימער, און דאָס קומט ביי זיי זעלטן פאָר. און טאָמער טרעפט זיך, אַז אַזעלכע קאָנטאַקטן ווערן אָנגעקניפּט, ווי אַ רעזולטאַט פון אויסערגעוועגלעכע אומשטאַנדן, נעמען גויים טאַקע אָן מיטלען קעגן געמישטע חתונות. און קיינעם וועט נישט איינפאַלן צו פּראָטעסטירן קעגן אַזעלכע מיטלען. אַזוי, למשל, זענען מיר, אַז אין דייטשלאַנד, וואו ענגלישע און אַמעריקאַנער זעלנערס האָבן טאָג־טעגלעך צו טון מיט דייטשע פרויען, באַדאַרף מען טאַקע האָבן אַ הרשאה פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג אויף חתונה צו האָבן מיט אַ דייטשקע און דאָס קומט אָן גאָר נישט לייכט. און וואָס איז שייך סאָוויעטישע זעלנערס, ווערט די חתונה מיט דייטשקעס בכלל נישט דערלאָזט. חוץ לזה וועט איר כמעט נישט טרעפן קיין סאָוויעטישן זעלנער, וואָס זאָל קלערן וועגן דעם. עס איז קלאָר, אַז אויך דאָ, אין די אריבאָם-צושטאַנדן פון מיליטערישער אָקופּאַציע, איז נישטאָ קיין פולע אַנאַלאָגיע מיט אונדזער לאַגע. פאַר אונדז איז די סכנה אַ סך גרעסער און מער פאַרשפּרייט, אַ שטענדיקע דאגה און נישט קיין צייטווייליקע מלחמה־אָנגעלעגנהייט.

האַלט מען, אַז די יידישע עקסיסטענץ האָט בכלל נישט קיין קולטור־מאָראַלישע באַרעכטיקונג, ווערט מען מושוה מיטן געדאַנק, אַז די גע־שיכטע האָט אונדז פאַרמשפּט זיך צונויפצומישן מיט די אַנדערע פעל־קער, אַז מיט דער צייט זאָל פון אונדז קיין זכר נישט בלייבן, דעמאָלט פאַרשטייט זיך, איז נישטאָ מער פון וואָס צו רעדן. אַלץ איז אָפּגערעדט. ווייל מען אָבער נישט רעזיגנירן, זיך אונטערגעבן, ווילן יידן לעבן, בלייבט נאָר איין עצה : זיך אַזוי אויפצופירן, אַז מען זאָל נישט דאַרפן

קומען צו אַ נסיון, דאָס הייסט, אַז אין פּרינציפּ דאַרפן ייִדן לעבן צווישן זיך און באַגרענעצן דעם קאָנטאַקט מיט אַנדערע אויף דעם מינימום, וואָס איטלעכער דאַרף אין זיינע טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונגען. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, גאָר נישט צו טאָן דערמיט וואָס דער ייִדישער קאָלעקטיוו, ווי אַזוינער, אָדער געוויסע טיילן זיינע, ווי, למשל, די ייִדישע אַרבעטערשאַפט, דאַרפן זיך פאַרבינדן מיט אַנדערע פעלקער צוליב דער פאַרווירקלעכונג פון שותּפותדיקע סאָציאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע אויפגאַבן. מיר באַטראַכטן דאָ קולטור־שטייגערישע און נישט סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען.

♦

אַ ביטערן מזל האָבן אונדזערע אַמאָליקע פּרושים געהאַט ביי די ערשטע קריסטן, אָנגעהויבן פון ישו הנוצרי אַליין און געענדיקט מיט פאַרלוסן, ביי אַלע זייערע נאָכקומערס אין אַלע דורות, אַפילו ביי די פריידענקערישע און ליבעראַלע קריסטן, ווי למשל רענאַן (2) — און ביי זייערע ייִדישע נאָכמאַכערס — די השכלה־ און רעפאָרם־ייִדן ביז צום היינטיקן טאָג. נאָר אויב מיר עקסיסטירן נאָך אויף דער וועלט, און די קוואַלן פון ייִדישן שאַפן זענען נאָך עד־היום נישט פאַרשטאָפּט, האָבן מיר דאָס זיי צו פאַרדאַנקען, זיי, וואָס האָבן געבויט גדרים און סייגים אַרום דער תּורה און אַרומגעצוימט דאָס ייִדישע לעבן. איז עס כאָטש אַ שטיקל טרייסט, אַז די בעסטע צווישן די מערב־ייִדישע דענקערס, ווי למשל לעאָ בעק (3), הויבן אָן צו באַגרייפן די היסטאָרישע ראָלע פון די פּרושים. ווען נישט דער גייסט פון די פּרושים און זייערע פאָרגייערס די חסידים, וואָלט די וועלט נישט געזען דאָס וואונדער, ווי אַזוי אַ פאָלק, פאַרטריבן פון זיין לאַנד, האָט אין גלות בבל אָפּגעהיט זיין אמונה און פאָלקישקייט (ביידע באַגריפן זענען דאַמאָלט געווען אידענטיש), און געשאַפן אַ פענאָמען, אַן איין־איינציקן אויף דער וועלט, אין יענע ציטן להלוטין אומפאַרשטענדלעכן, פון אַ פאָלק אָן אַ באָדן, פון אַ גאָט אָן אַ באַשטימטן אָרט פון וואוינשאַפט. די אָפּגעזונדערטקייט פון די שכנים־פעלקער האָט אונדז געראַטעוועט אין בבל, ווי שפּעטער — אין רוים, און ווי נאָך היינט צו טאָג — אויף אַלע קאָנטינענטן און אין אַלע לענדער.

די ייִדישע חכמים פון אַלע ציטן זענען געגאַנגען אין די פוס־טריט פון די פּרושים און אויפגעהיט זייער קוק אויפן ייִדישן גורל, הגם פאַרשידענע ניואַנסן, האָבן נאַטירלעך, זיך געמוזט אַרויסווייזן אין משך פון אַזאַ לאַנגן געשיכטלעכן פּעריאָד. דער מהר״ל מפּראַג, וועלכער איז נישט

בלויז געווען אַ גאון אין לערנען, נאָר אויך אַ טיפער יידישער דענקער, הגם אונדזערע געשיכטע־שרייבערס פון יידישן פילאָסאָפישן געדאַנק דערמאָנען אים קוים, האָט אין זיין „נצח ישראל" און אין די איבעריקע ספרים זיינע דערהויבן דעם געדאַנק פון פרישות צו דער הויך פון אַ צענטראַלער יידישער אידעע. דאָס יידישע פאָלק, זאָגט ער, דאַרף לעבן אַ גאַנץ אָפּגעזונדערט לעבן, נישט קומען אין נאָענטער באַרירונג מיט די אומות העולם. אלא נישט, וועט דאָס אויסדערוויילטע פאָלק פאַרלירן זיין אייגנאַרטיקייט און נישט זיין מער די „איינציקע און גאַנצע אומה". די יידן בנוגע צו אַנדערע פעלקער זענען ווי פייער מיט וואַסער. כל־זמן דאָס פייער איז אָפּגעזונדערט פון וואַסער, טוט זיין פלאַם העל שיינען. ווי נאָר עס קומט אין באַרירונג מיטן וואַסער, ווערט זיין פלאַם אויסגעלאָשן און דאָס פינצטערניש שלינגט איין דאָס ליכט (4).

צאַנקט טאַקע דאָס דאָזיקע פייער אָדער ווערט גאָר פאַרלאָשן, דאָרט און דעמאָלט ווען יידן הויבן אָן צו גיין אין די חוקות הגויים. און אַז דאָס דאָזיקע נאָכמאַכן איז געווען בעיקר צוליבן יאָגן זיך, וואָס יידן האָבן אָנגעהויבן זיך יאָגן, נאָך די געשמאַק־אויסזעעוודיקע פרוכטן פון דער עמאַנציפּאַציע, איז אונדז באַזונדער קלאָר געוואָרן אין די לעצטע צענדליגער יאָרן. אָבער שוין מיט הונדערט יאָר צוריק, ווען די גאַנצע יידישע אינטעליגענץ אין מערב, און צום טייל אויך אין די מזרח־לענדער, איז געווען פאַרשכורט פון דער גלייכבאַרעכטיקונג, שוין דעמאָלט האָט שמואל דוד לוצאַטו דאָס געזען, ווי אַן אמתער העל־זעער. אין אַלטמאָדישע פערזן, ווי ציינבערג כאַראַקטעריזירט זיי, האָט ער אויסגערופן: „פאַרלוירן זאָל ווערן דער, וואָס שפּאָט איבער דער מוזעדס קנייטשן, דעם פאָטערס עלטערן טוט ער פאַראַכטן און מאַכט פאַר זיין אָפּגאָט די עמאַנציפּאַציע. זאָל מיין צונג צום גומען קלעפּן, מיין רעכט אויג בלינד ווערן און מיין רעכטער אָרעם פאַרדאַרבן, אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ציון" (5).

די פרוכטן פון דער עמאַנציפּאַציע, וואָס האָבן זיך אויסגעדוכט אַזוי זיס און געשמאַק, זענען וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ זויערער און ביטערער, און די ציין אַלץ היילוקער. לוצאַטוס פאָרגעפיל, ממש אַ וואונדער פאַר יענער צייט און פאַר זיין משכילישער סביבה, זעט שוין אויס נאַטירלעך פאַר די יידישע דענקער פון אונדזער דור, וואָס וויטיקן איבער דעם גורל פון אונדזער אומה צווישן די פעלקער. אינטערעסירט מיך דאָ נישט די פּאָליטישע זייט פון דער פראַגע, צי דאַרפן יידן פאַרלאַנגען גלייכע אָדער באַזונדערע רעכט. וועגן דעם האָבן איך שוין גע־

שרייבן ספּעציעל אויף אַן אַנדער אָרט (אין מיין בוך „איך חלום און אויף דער וואָר", ניו־יאָרק 1944). דאָ רעדט זיך וועגן עפּעס אַנדערש, וועגן דער פּרישות פון אַ קולטור־פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, וועגן דער רעוואָלוציע און דעם קוק און אויסקוק פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס קומט פאַר פאַר אונדזערע אויגן. אָט האָט איר אַן ערשטראַנגיקן אינטעלעקטועלן, טעאָדאָר לעסינג, אַ פול אַסימילירטער ייד, וואָס האָט שוין אַפילו געהאַט „אויסגעביטן דאָס רעדל", און צום סוף זיך צוריקגעקערט צו זיין פאָלק און צו זיין גאָט. האָט ער אין די לעצטע יאָרן, פאַר זיין מאַרטירער־טויט אַריינגעקוקט אין זיין אייגענער נשמה און דערזען דאָס ליכט פון יידישקייט. איז ער געקומען, און געמוזט קומען, צו דעם אַלטן און אויסגעפּרואווטן געדאַנק פון יידישער פּרישות. און דערגאַנגען איז ער ביז צו דער נעגאַציע פון דער עמאַנציפּאַציע. אויב ז' ווערט געקויפט פאַרן פּרייז פון זעלבסט־פאַרלייקענונג. לוינט עס צו ברענגען אַ פּאָר זאַצן זיינע, וואָס קלינגען אַזוי נשעקאַווע אינעם מויל פון אַ מערב־יידן, אָט ווי אַזוי, אין וואָס פאַר אַ שפּראַך יידן וואָלטן, לויט טעאָדאָר לעסינגען, געדאַרפט רעדן מיט דער גויאישער וועלט: „שוין צוויי טויזנט יאָר, ווי מיר לעבן אין דערוואַרטונג פון משיחן, וועלכער דאַרף, ווי עס איז אונדז צוגעזאָגט געוואָרן, אונדז פירן צו אונדזער היים־לאַנד. איר האָט אונדז איצט אַן, מיט אייער ברייטהאַרציקייט און פריינדלעכקייט, אייראָפּע און אַמעריקע פאַר אונדזערע פאָטערלענדער. אָבער איר פאַרלאַנגט פון אונדז, ווי אַ קאָמפּענסאַציע, מיר זאָלן אויפגעבן אונדזער היסטאָרישע טראַדיציע און לאָזן פאַרזינקען אונדזער באַוואוסטזיין אין דער געשיכטע און די טראַדיציעס פון די גרויסע מערב־נאַציעס. דאָס קענען מיר נישט טון . . . מיר ווילן נישט האָבן קיין חלק אין אייערע הגאות, אין אייערע ימי זכרון, וואָס איטלעכער פון זיי דערמאָנט אונדז געשיכטעס פון אונדזער מאַרטירערטום. מיר לאָזן אייך איבער בכבוד גדול אייערע בילדער און אייערע געטער. אָבער לאָזט אונדז דאָס וואָס איז אונדזערס. פאַרשידן זענען מיר איינער פון צווייטן און די דאָזיקע פאַרשידנקייט האַלט זיך נאָך אַלץ . . . פאַראַכט אונדז, אויב איר קענט נישט אַנדערש. מיר זאָגן זיך אָפּ פון אייער טובה און קענען דעם פאַרלאַנגטן מקח נישט צאָלן. נישט פאַר אונדז זענען אייערע אויסצייכענונגען, אייערע שולן, אייערע טיטלען און אייערע מאַניערן. מיר וואָלטן גאָרנישט וועלן האָבן קיין חלק אין אייער וויסנשאַפט און קונסט. מיטן גוטן ווילן וועלן מיר בלייבן אין געטאָ, זייענדיק אין גלות, און וואַרטן אויף אונדזער משיח" (6).

געהערט די שטים פון טעאָדאָר לעסינג דערוויל נאָך צו די אײַנזאַמע שטימען, וואָס מיר קריגן צו הערן פון צײַט צו צײַט. והער עס גלויבט אָבער אין אונדזער גײַסטיקן כוח און עקשנות, וואָס האָבן שוין אויסגעהאַלטן אַזוי פיל נסיונות און פײַער־פּראָבן, דער קען האָפן, אַז די דאָזיקע שטימען, וואָס קומען אַרויס פון יידישע ווײַטקייטן און טיפענישן, וועלן זיך מערן און מערן. אָדער פּרישות, אָדער אונטערגאַנג — די דאָזיקע דילעמע שטאַמט נישט פון הײַנט. אויף אַלע סלופּעס פון אונדזערע וועגן איז אָט דער מעמענטאָ געשטאַנען אויפגעשריבן. שטייט ער אויך איצט אויף אונדזער שייד־וועג, ווי ער איז געשטאַנען אויף פריערדיקע, צי עס האָט אונדז געדרייצט און גערופן די העלעניסטישע קולטור, צי שפּעטער — די אַראַבישע, דערנאָך די אײראָפּעאישע, און בײַ הײַנטיקן עטאַפּ, וואו מיר האַלטן, — די אַמעריקאַנישע ציוויליזאַציע. און ווי אַלע מאָל ביז איצט, וועלן מיר אויך הײַנט, אָדער מסתמא מאָרגן, סוף כל סוף זיך דורכשנײַדן אַ וועג אויף צוריק צו זיך, צום יידישן געשיכטלעכן שליאַך.


ר ע פ ע ר ע נ צ ן:

(1) Mahatma Gandhi. Young India. New York 1924, pp. 397, 399, 400, 421.

(2) Ernst Renan. Histoire du Peuple d'Israel, Tome V, Paris 1893, pp. 53, 415.

פאַרגלײַך אויך זײַן ווערק: Vie de Jesus, Paris 1863, pp. 206-7.

(3) Leo Baek. Die Pharisaeer. Berlin 1934, SS. 11-12, 18, 38-9, 57.

(4) ציטירט לויט י. צינבערג, געשיכטע פון ליטעראַטור בײַ יידן, באַנד 5, ז"ז 107-8.

(5) ציטירט לויט י. צינבערג, געשיכטע פון ליטעראַטור בײַ יידן, באַנד 8 א., ז' 163.

(6) טעאָדאָר לעסינג, דער מערב־ייד אין זאַמל־בוך Rebirth, New York 1933, p. 189.

## ייִדישקייט צוגעשניטן אויף דער מאָס פֿון „אַלרייטניק"

אַ חוץ די אינגאַנצן אַסימילירטע ייִדן, וואָס זענען שוין אפשר פֿאַרלוירן פֿאַר אונדזער פֿאָלק, וואָס פֿאַר זיי עקזיסטירט מער נישט קיין ייִדיש לעבן, האָבן מיר אַ היפּשע גרופּע, וואָס שטייט צווישן די צוויי מחנות, דער ייִדישער און קריסטלעכער, און געפֿינט נישט קיין אָרט פֿאַר זיך נישט דאָ און נישט דאָרט. זכרונות פֿון אַ האַלב פֿאַרגעסענער ייִדישער היים, פֿרישע ייִדישע צרות, דער ציוניסטישער אויפֿבוי, איטלעכע פֿון די דאָזיקע סיבות באַזונדער און אַלע צוזאַמען, לאָזן נישט אינגאַנצן איינדרעמלען דאָס ייִדישע באַוואוסטזיין ביי די דאָזיקע ייִדן. עס איז ביי זיי פֿאַרבליבן גענוג ייִדישקייט אויף נישט צו שטאַרבן, אָבער גאָר קנאַפּ אויף צו לעבן ווי ייִדן. זוכט מען עצות און תחבולות, ווי אַזוי שלום צו מאַכן צווישן טויט און לעבן. איז דאָס אַ פּראָבלעם, וואָס ביז איצט איז נאָך קיינעם נישט געלונגען צו פֿאַרענטפֿערן. אונדזער צייט אין דער ייִדישער געשיכטע איז אַ צייט פֿון גרויסע באַשלוסן, פּונקט ווי עס איז גרויס די ייִדישע קאַטאַסטראָפֿע. קאַלטע פֿריפֿאַרקעס וועלן ווייניק העלפֿן. וועט מען ווידער לייגן נאָך אַ לאַטע אויף אַ בגד, וואָס איז שוין געלאַטעט און איבערגעלאַטעט געוואָרן, וועט מען מוזן בלייבן מוטער־נאַקעט, אַזוי ווי מיר שטייען מאַקע איצט פֿאַר דער וועלט און מיינען, אַז זי זעט עס גאָרנישט.

די דאָזיקע ייִדן, וואָס האָבן ייִדישקייט פֿאַרלוירן און פֿאַרבליבן איז ביי זיי נאָר די בענקשאַפֿט נאָך איר, וואָס נאָגט און גריזשעט און לאָזט נישט רוען, האָבן לאַנג געזוכט און סוף־כל־סוף געפֿונען אַ וואָרט־פֿירער וואָס פֿאָרמולירט פֿאַר זיי אַ נייע ייִדישקייט, צוגעשניטן צו דער מאָס און צו דעם גוסט פֿון דעם מיטלמעסיקן אַמעריקאַניש־ייִדישן בעל-הביתל. אַ ייִדישקייט, וואָס זאָל אים מאַכן „פֿילן גוט" און צו לייטן גלייך, ווייל אין אַמעריקע איז נאָך דערווייל די אָנגעהעריקייט צו אַ קירך אַ סימן פֿון אַ געוויסן „סטענדינג", און דערביי נישט פֿאַרלאַנגען פֿון אים קיין שווערע קרבנות, אַזוי, אַז ער זאָל קענען אי דינען דעם אַלטן ייִדישן גאָט, מאָדערניזירט און אויסגעפּוצט, מען זאָל זיך נישט דאַרפֿן שעמען מיט אים פֿאַר די שכנים, אי מאַקע טון עבודה־זרה, זיך בוקן און בעטן צום פֿרעמדן גאָט, דעם פֿריילעכן און מעכטיקן גאָט פֿון פֿאַרגעניגן און עשירות. צו אַזאַ וואָרט־זאָגער איז געוואָרן פּראָפֿעסאָר קאַפּלאַן און געקענט האָט ער עס ווערן דערפֿאַר,

ווייל ער אַליין קומט אַרויס פון ייִדיש-ייִדישע רייען און חוץ לזה, וואָס ער איז אַ וואוילגעלערנטער, פילט איר אין זיין שרייבן אַ וואַרעם ייִדיש האַרץ. אָבער גלייכצייטיק האָט ער „גענוג פאַרשטענדעניש" פאַר'ן „גייסט פון דער צייט" און פאַר אירע פאָדערונגען און גיט זיך איר אונטער אַמאָל מיטן גוטן ווילן און אַמאָל כאילו כפאו שד.

און דאָס וואָרט פון דער דערלייזונג איז פשוט און קלינגט גאָר נישקשה־דיק. הייסט עס: ייִדן קענען און מוזן לעבן אין צוויי ציוויליזאַציעס, אין דער אייגענער און אין דער פרעמדער. און דאָס איז נישט בלויז קיין אומגליק, נאָר אדרבא, אַ ווילד גליק, וואָרעם, אדרבא, זאָלן די גויים דאָס פּרוּוון דערלאַנגען. מוזן זיי, נעבעך, זיך באַגנוגענען מיט איין ציוויליזאַציע, און מיר זענען דערהויבענער און רייכער פון זיי, והראיה — מיר באַווייזן די קונץ צו לעבן אין צוויי ציוויליזאַציעס מיט אַמאָל. וואָלט אָבער פּראָפעסאָר קאַפּלאַן פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ אויסטייטשונג פון זיין געדאַנק און זי איז טאַקע מיינע, מחמת דעם, וואָס נאָר דאָס וואָלט געמוזט זיין דער אָביעקטיווער פועל־יוצא פון זיין געדאַנקען־גאַנג, ווען אים וואָלט נישט געשטערט דער פחד אַזוי אַרום צו מאַכן פון ייִדן אַ מין אויסנאַם, וואָס וואָלט זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער ראַם. ייִדן וואָלטן אויף אַזאַ אופן געוואָרן „נישט אַמעריקאַניש". אַט דער פחד פאַר ייִדישער איינזאַמקייט ברענגט אים אין אַ קאָנפליקט מיטן סאַמע קערן פון זיין טעאָריע, פאַר זיך אַ ריכטיקע, אַז ייִדישקייט איז אַ ציוויליזאַ־ציע, דהיינו — אַ רעליגיעזע ציוויליזאַציע, און נישט קיין רעליגיע, ווי די אַסימילאַציע האָט אונדז געוואָלט איינרעדן. איז די דאָזיקע טעאָריע זיינע בלי ספק אַ גרויסער טריט פאָראויס אין דער ריכטונג פון פאָלקישער ייִדיש־קייט. מוז ער דאָך אָבער באַווייזן, אַז מיר זענען נישט קיין יוצא מן הכלל, אַז אויך קריסטן אין אַמעריקע לעבן אין צוויי ציוויליזאַציעס, פּונקט ווי מיר ייִדן, און אויב שוין יאָ אַזוי, ווערט שוין ייִדישקייט אַ פּענאָמען פון דער אייגענער קאַטעגאָריע ווי קריסטנטום — דאָס הייסט, מען קומט צוריק פון דער אַסימילאַציע־אידעאָלאָגיע, נאָר מער נישט, וואָס דען — מען פאַרבייט דאָס וואָרט רעליגיע מיט אַן אַנדער וואָרט — ציוויליזאַציע.

איז לאָמיר אַ קוק טון, צי איז טאַקע דער משל גלייך צום נמשל. זאָגט פּראָפעסאָר קאַפּלאַן, אַז אַ גוי, אַ בירגער פון דער מאָדערנער מלוכה, און אַלס מיטגליד פון דער מאָדערנער מלוכה דינען פאַר אים „באַזונדער" די פאַר־איייניקטע שטאַטן, קען בלייבן געטריי צו צוויי ציוויליזאַציעס: איינע — די וועלטלעכע ציוויליזאַציע פונעם לאַנד, וואו ער לעבט, און די צווייטע — די קריסטלעכע ציוויליזאַציע, וואָס ער האָט געירשנט פון דער פאַרגאַנגענהייט.

צו דער לאַנד־ציוויליזאַציע ווענדט ער זיך פאַר ליטעראַרישע און עסטע־טישע ווערטן, פון איר שטאַמט אויך אַרויס דער חוב פון ציווילער לאָיאַל־קייט, וואָס איז דער עצם פון פאַטריאָטיזם. אָבער מאָראַלישע און גייסטיקע קריטעריעס געפינט ער אין דער קריסטלעכער ציוויליזאַציע. און די צוויי־זייטיקייט איז אויך גילטיק פאַר דער טאָפּלטער געטרייקייט פון די יידן און באַרעכטיקט די מיט־עקסיסטענץ פון יידישקייט און אַמעריקאַניזם(1). איז, פאַרשטייט זיך, די גאַנצע קאָנסטרוקציע פון צוויי ציוויליזאַציעס אַ געקינצל־טע און צונויפגעשטוקעוועט געוואָרן „אַד האָק". אין דער אמתן הערשט אין די דעמאָקראַטישע לענדער אַ פולע האַרמאָניע, אפילו נאָך היינטיקע צייטן צווישן מלוכה, געזעלשאַפט און קירך. און אַלע דריי זענען נישט מער ווי באַשטאַנד־טיילן פון איין ציוויליזאַציע. האָט אפילו די וועלטלעכע מלוכה גענוג קריסטלעכקייט אין זיך, און די קירך — גענוג „וועלטלעכ־קייט", מער ווי מען דאַרף און מער ווי זי קען עס פאַרדייען. דער קריסטלע־כער מענטש, צי איז ער פרום צי נישט, שפירט נישט אין קיין מאָמענט פון זיין לעבן קיין שום קאָנפליקט אָדער סתירות צווישן זיין אַמעריקאַניזם און זיין אָנגעהעריקייט, באמתע אָדער בלויז פאָרמעלע, צום קריסטנטום.

אַז יידישקייט האָט לחלוטין אַן אַנדער פנים, איז אַן עלעמענטאַרער אמת. צי נעמט מען אָן פּראָפעסאָר קאַפּלאַנס דעפיניציע פון יידישקייט, ווי אַ רעליגיעזע ציוויליזאַציע, צי נישט, זיכער איז בכל אופן, אַז יידישקייט איז עפעס גאַנצעס, אַ פאָלקס־ציוויליזאַציע. ווייל נאָר איין פאָלק אויף דער וועלט ווערט פון איר מושפע און איז איר געטריי. מוז און קען אַ ייד זיין לאָיאַל צו דער מלוכה, דערפילן זיינע בירגערלעכע התחייבותן, צאָלן שטייער־ערן, נישט עובר זיין אויף די געזעצן פון לאַנד וכדומה. דאָס הייסט אָבער כלל נישט, אַז ער מוז און קען לעבן מיט דער ציוויליזאַציע פון לאַנד און פונדעסטוועגן נאָך קענען אָפּהיטן זיין אייגענע ציוויליזאַציע. נעמט אפילו דעם ענגען אויסטייטש פון דער לאַנד־ציוויליזאַציע, וואָס פּראָפעסאָר קאַפּ־לאַן מאַכט, אַן אויסטייטש, וואָס רעדוצירט די ציוויליזאַציע בכלל גראָד צו די ווייניק־וויכטיקע מאָמענטן פונעם לעבן פונעם רוב מענטשן. איך מיין — די ליטעראַרישע און עסטעטישע ווערטן, וואָס געהערן, לויט פּראָפעסאָר קאַפּלאַן, צו דער לאַנד־ציוויליזאַציע. איז וואָס זאָל געשען מיט אונדזער ליטעראַטור אויף העברעיש און יידיש, מיטן יידישן טעאַטער און מיטן יידישן געזאַנג? זאָל מען זיי אַרויסוואַרפן און פאַרבייטן מיט אַנדערע, כדי נישט צו פעלשן אין לאָיאַלקייט צו דער לאַנד־ציוויליזאַציע? זאָגט דאָס נישט פּראָפעסאָר קאַפּלאַן. אדרבא, ער באַשטייט זייער אָפט דערויף, און מיט רעכט, אַז זיי אַלע זענען חשובע עלעמענטן פון דער יידישער ציוויליזאַציע.

נאָר נישט ליטעראַטור און נישט עסטעטיק זײַנען דער עיקר פֿון אַ ציוויליזאַציע. דאָס איז אַ ריין ליטעראַרישער צוגאַנג צום פּראָבלעם פֿון אײנעם, וואָס קוקט אויפֿן לעבן דורך בוך-ברילן. אין דער אמתן הויבט זיך די ציוויליזאַציע אָן אין שטוב, אין דער פֿאַמיליע, אין דער אינטימער סביבה, וואָס מען לעבט אין איר. זי ליגט אין דער שול, אין יום־טובים און פֿאַרווײַלונגען, אין זיטן און מנהגים, אין די באַציאונגען פֿון מענטשן צווישן זיך, אין די רעכטלעכע נאָרמען, וואָס רעגולירן די דאָזיקע באַציאונגען, און אין דעם אופֿן, ווי דער מענטש באַפֿרידיקט זײַן באַדערפֿעניש זיך צו באַהעפֿטן מיט אייביקייט און געטלעכקייט, אַ באַדערפֿעניש, וואָס איז טיפֿער, אַזוי ווי אויבנאויפֿיקער אײַנגעוואָרצלט אין דער נשמה פֿון יעדן מענטשן, צי איז ער באַוואוסטזיניק־גלויביק, צי נישט. איז פֿאַראַן אַ יידישע ציוויליזאַציע, איז זי דאָס אַלץ כולל אין זיך, אָדער לאָמיר זאָגן, אַז נאָר אַ טייל דערפֿון, לויט פּראָפֿ׳ קאַפּלאַן, וועלכער שליסט אויס פֿון דער יידישער ציוויליזאַציע דאָס רעכט, די שול (חוץ די יידישקייט־צוגאָב־שול, פֿאַרשטייט זיך), די פֿאָלקס־שפּראַך (העברעאיש — אויפֿן שפּיץ מעסער), דאָס רוב מצוות — מעשיות און אפֿשר נאָך עפּעס. אָבער ווי ווייט ער זאָל נישט גיין, בלײַבט נאָך געגוג אַזוינס אין יידישקייט, וואָס איז אַנדערש אָדער גאָר להיפּוך צו דער לאַנד־ציוויליזאַציע. ווי־אַזוי ליגט זיך אויפֿן שכל, אַז מען קען גלײַכצײַטיק לעבן אין בײדע גלײַך?

קיין חידוש נישט, אַז אַנגעהויבן מיט אַ פּאַראַלעליזם און מיט אַ האַרמאָנישן צוזאַמענלעבן פֿון צוויי ציוויליזאַציעס, ענדיקט פּראָפֿ׳ קאַפּלאַן דערמיט, וואָס ער גיט אָפּ די בכורה איינער פֿאַר דער אַנדערער. אַחוץ אַז די בכורה בלײַבט בײַ דער לאַנד־ציוויליזאַציע קענט איר זיך אַליין אָנשטויסן. די יידישע ציוויליזאַציע, זאָגט פּראָפֿ׳ קאַפּלאַן, מוז זײַן די אונטערגעאָרדנטע, זיך בויגן פֿאַר דער לאַנד־ציוויליזאַציע. במילא איז דער אַמעריקאַנער ייד קודם־כל אַן אַמעריקאַנער, און ערשט אויפֿן צווייטן אָרט — אַ ייד. האָט אַמאָל ראַבײַ סטיווען ווײַז געזאָגט אַ גוט וואָרט: „אַ ייד בין איך זײַט פֿיר טויזנט יאָר, אַן אַמעריקאַנער — סך־הכל פֿערציק יאָר". שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז פֿאַרן אַלרייטניק איז אַזאַ געדאַנק, חס־מלהזכיר. אויף אָפּצוגעבן די בכורה דעם אַמעריקאַניזם, דאַרף ער אַפֿילו נישט קיין פֿערציק יאָר אַמעריקאַנישקייט. אַז גאָט, דער יידישער אָדער דער קריסטלעכער, איז אים קיין גרויסע נפֿקא־מינה נישט, האָט אים געהאָלפֿן אין זײַנע ביזנעס, אַז ער האָט זיך אַרויפֿגעאַרבעט, איז ער שוין במילא אַן אַמעריקאַנער. און די אַמעריקאַנער „ציוויליזאַציע", הגם אַזאַ יונגיטשקע, ממש זיך נאָר וואָס פֿונעם איי אויסגעפּיקט, איז פֿאַר אים בילכער פֿון זײַן אײגענער דרײַ אָדער

פיר־טויזנט־יאָר־אַלטער קולטור. זאָגט פּראָפ׳ קאַפּלאַן אין זיין נאָמען, אַז ער, „בעבית״, איז גראָד יאָ מוכן־ומזומן אָפּצוהיטן זיין יידישקייט. ער שטעלט נאָר אַ קליינטשיקן תנאי, דהיינו ער זאָל זיך נישט דאַרפן אָפּזאָגן פון דער פּרימאָרדיאַלער ראָל, וואָס דער אַמעריקאַניזם „פאַרנעמט״ אין זיין לעבן. איי טאָמער וועלן זיך געפינען יידן עקשנים, וואָס ווילן דווקא לעבן, ווי אַלע נאָרמאַלע מענטשן, אין איין ציוויליזאַציע, אָדער לכל-הפחות, אויב מען מוז שוין לעבן אין צוויי ציוויליזאַציעס, זאָלן זיי זיין ביידע גלייכ־באַרעכטיקט, איז פאַר די דאָזיקע איינגעשפּאַרטע יידן פאַראַן צוויי עצות: פאַר די לעצטע — צו לעבן אין מזרח-אייראָפּע, וואו יידן זענען (היינט דאַרף מען זאָגן — געווען) אנדערקענט ווי אַ נאַציאָנאַלער מיעוט, און פאַר די ערשטע — זיך אַריבערקלייבן קיין ארץ־ישראל (2). היות אָבער ווי אויף העם איז דאָ „נאָך״ אַ בעל־דעה, און היות ווי עס קען נישט פון היינט אויף מאָרגן רעאַליזירט ווערן אַ „יציאת־אַמעריקע״, הגם דאָס וואָלט געווען בלי ספק איינע פון די קלוגסטע זאַכן, וואָס יידן קענען טון אויף צו זיכערן זייער צוקונפט, אויב מיר וואָלטן נישט געווען קיין קורצזיכטיק פאָלק, בלייבט בכן נאָר אָנצונעמען קאַפּלאַנס רעצעפּט און איבערלאָזן דער יידישקייט די שטעלע פון אַ שפחה ביי דער האַרנטע — דער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע.

אַז יידן מוזן זיך צופּאַסן צו דער אַרומיקער ציוויליזאַציע, ווייסן מיר אַלע זער וואויל. און אַז דאָס קאָסט אונדז נישט ווייניק געזונט, וואָלטן מיר געדאַרפט וויסן. אָבער איין זאַך איז קענען אַ פרעמדע ציוויליזאַציע און האָבן פאַרשטענדעניש פאַר איר, זיך צופּאַסן, און עפּעס אַנדערש — אין איר זיך איינלעבן. וואָרעם איינלעבן קען נישט הייסן עפּעס אַנדערש, ווי אַז די פרעמדע ציוויליזאַציע זאָל פאַר יידן ווערן נשמהדיק־אינטימע, טייערע, דאָס הייסט במילא הייליק. און דאָס וויל טאַקע פּראָפ׳ קאַפּלאַן. דערדעדט ער זיך דערצו, און דאָ איז ער גראָד קאָנסעקווענט, אַז על־פּי התורה (נישט מער און נישט ווייניקער), דאַרף דער ייד קוקן אויף דער פרעמדער ציוויליזאַציע, אין וועלכער ער לעבט, ווי אויף אַ מעגלעכן מיטל פון דערלייזונג. דערום דאַרף ער מיטאַרבעטן, מיטהעלפן, אַז די דאָזיקע ציוויליזאַציע זאָל עלול-זיין צו קענען דערהויבן, עקזאַלטירן דאָס לעבן, פּונקט ווי די תורה האָט דערהויבן דאָס לעבן פון ישראל (3). שטעלט דאָס פּינטעלע אויפן ייד, מיינט עס, אַז דאָס פרעמדע לעבן דאַרף פאַרן ייד געהייליקט ווערן. פון צוויי ציוויליזאַציעס מוז מען אומפאַרמיידלעך קומען צו צוויי הייליקייטן, מוז מען פריער-שפּעטער גלייכצייטיק דינען צוויי געטער. און היות, ווי דער יידישער גאָט איז אַן אל־קנא, ער איז איינציק און

ער אַליין איז אונדזער גאָט („און זאָלסט נישט האָבן קיין אַנדערע געטער אויף מיין פּנים") האָבן יידן קיינמאָל נישט געהאַט און האָבן אויך איצט נישט קיין אַנדער ברירה: אָדער דינען אים אַליין און מער קיינעם נישט, אָדער זיך אָפּזאָגן פון אים און דינען עבודה־זרה. און עס בלייבט נאָר צו דערמאָנען די, וואָס ווילן לעבן אין צוויי ציוויליזאַציעס, אַז זייער דואַליזם, דער סינקרעטיזם אין לעבן און אין געדאַנק, זענען שוין לאַנג, לאַנג צוריק און אויף אייביק פאַראורטיילט געוואָרן פון אליהו התשבי, וואָס נישט אומזיסט איז ער געוואָרן דער אינטימסטער און האַרציקסטער פאָלקס־נביא פאַר אַלע יידישע דורות. „און אליהו האָט גענענט צום גאַנצן פאָלק און האָט געזאָגט: ביז וואַנען וועט איר אומשפּרינגען אויף צוויי צווייגן. אויב יהוה איז גאָט, גייט נאָך אים, און אויב בעל, גייט נאָך אים".


רעפערענצן:

(1) M. M. Kaplan. La Civilización de Israel en la vida moderna. Buenos-Aires 1944, pp. 275-76.

(2) Ibid. pp. 70-71.

(3) Ibid. p. 194.

# אמת און גוזמאות
## וועגן יידישן צושטייער צו ציוויליזאַציע

א. אַריינפּיר

ביי נאָרמאַלע פעלקער, דאָס הייסט, ביי אַלע פעלקער אויף דער וועלט, חוץ יידן, דאַרף מען נישט חוקר־ודורש זיין, וואָס האָבן זיי אויפגעטון פאַר דער מאַטעריעלער ציוויליזאַציע און פאַר דער גייסטיקער קולטור. וואָס עס וואַקסט אויף זייערע פעלדער, וואָס עס פאַבריצירן זייערע פאַבריקן, די געזעצן און רעכטס־אינסטיטוציעס, וואָס זיי באַשאַפן, דאָס וויסן, וואָס עס ברענגען אַרויס און פאַרשפּרייטן זייערע אוניווערזיטעטן, די דערפינדונגען, וואָס קומען אַרויס פון זייערע לאַבאָראַטאָריעס און עקספּערימענטאַלע אינסטיטוטן, די ווערק פון זייערע הכמים, פּאָעטן און קינסטלערס — דאָס אַלץ שטעלט צוזאַמען דאָס נאַציאָנאַלע שאַפן פונעם באַטרעפנדיקן פאָלק. און היות ווי איטלעך פאָלק איז סיי אַ קיבוץ פאַר זיך, סיי גלייכצייטיק אַ טייל פון דער מענטשלעכער געמיינשאַפט, שטעלט דאָס נאַציאָנאַלע שאַפן פון אַ פאָלק מיט זיך פאַר במילא אויך זיין חלק אין דער אַלגעמיינער ציוויליזאַציע.

ביי גרויסע פעלקער, און אַמאָל אפילו ביי קליינע, באַזונדערס פּעאיקע אָדער, וואָס לעבן אין זייער גינציקע אויסערלעכע פאַרהעלטענישן, טרעפט זיך, אַז געוויסע אויפטוען זייערע אין וויסנשאַפט און קונסט, טעכניק און ווירטשאַפט קומען צונוץ נישט בלויז זיי אַליין, און במילא אומדירעקט דער גאַנצער מענטשהייט, נייערט דאָס זיי גיסן זיך אַריבער, אַזוי צו זאָגן, איבער די נאַציאָנאַלע ברעגן און באַפרוכפּערן דירעקט דאָס וואוילזיין און דאָס גייסטיקע לעבן פון די איבעריקע פעלקער פון דער וועלט. אָט די דאָזיקע פעולה פון זייער שאַפן, די ווירקונג, וואָס די גאונים פון דעם אָדער יענעם פאָלק האָבן אויף אַנדערע פעלקער, ווערט אָנגערופן זייער צושטייער צו דער אַלגעמיינער ציוויליזאַציע אינעם ספּעציפישן זינען פונעם וואָרט. דער נאַציאָנאַלער אָפּשטאַם פון דעם דאָזיקן צושטייער לאָזט זיך אויך לייכט און קלאָר באַשטימען, פּונקט אַזוי ווי דאָס נאַציאָנאַלע שאַפן פון יעדן פאָלק פאַר זיך אַליין.

די ווערק פון שרייבערס און פּאָעטן, געשריבן אויף דער שפּראַך פון אַ באַשטימטן פאָלק, בילדער, סקולפּטורן, געמאָלט, געשניצט, אָדער

אויסגעקריצט פון קינסטלער, וואָס געהערן צום דאָזיקן פאָלק, מוזיקאַלישע ווערק קאָמפּאָנירט פון זייַנע קאָמפּאָזיטאָרס, וואָס זייער ווערט איז אָנערקענט געוואָרן פון דער וועלט, וואָס מענטשן פון פאַרשידענע לענדער האָבן פון זיי אַ גייסטיקע הנאה געהאַט לייענענדיק, הערנדיק, זעענדיק אין אָריגינאַל, אין איבערזעצונגען אָדער רעפּראָדוקציעס, בייַע מאַשינען, וואָס ווערן אומעטום פאַרשפרייט און באַנוצט, — אַט די אַלע שאַפונגען און דערפינדונגען, הגם זיי זענען אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס געוואָרן אַ קנין פון אַלעמען, פאַרלירן זיי אָבער נישט דעם שטעמפּל פון זייער אָפּשטאַם. דער אָפּשטאַם אַליין באַשטימט דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דעם אָדער פון יענעם אויפטו אויפן געביט פון נאַטור־וויסנשאַפטן און פון טעכנישע דערפינדונגען. קומט מען אָבער צו גייסטיקע וויסנשאַפטן און קונסט, וואו צוזאַמען מיטן געדאַנק באַטייליקן זיך אין באַשאַפונגס־פּראָצעס עמאָציעס און געפילן, קען מען, אמת, נישט אַלע מאָל, אָבער זייער אָפט, אָנווייַזן די באַזונדער־קייטן פונעם נאַציאָנאַלן זשעני, וואָס האָט זיי אַרויסגעבראַכט. אין דעם אינהאַלט און די פאָרם פון די ווערק גופא. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן נאָר בדרך־כלל. צוזאַמען מיט קלאָרע אָנספּקדיקע פאַלן, זענען פאַראַן אויך אַזעלכע, וואו דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דעם אָדער יענעם גייסטיקן פּראָדוקט איז מטושטש און לאָזט זיך דערום זייער שווער באַשטימען און נישט מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט. אָבער די דאָזיקע אויסנאַמען זענען נישט מבטל די אַלגעמיינע גילטיקייט פון דער אויבן־געגעבענער כאַראַקטעריסטיק פונעם נאַציאָנאַלן שאַפן.

ב. זוען יידיש שאַפן און יידישער צושטייער צו ציוויליזאַציע
גייען צוזאַמען

דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן וועגן נאָרמאַלע פעלקער, וואָס זיצן אויף זייער ערד, ביי וועמען די געאָגראַפיע איז אויך די ראַם פון זייער געשיכטע, ביי וועמען דאָס פיזישע אָרום און די סאָציאַלע סביבה דעקן זיך מער אָדער ווייניקער, ביי פעלקער, וואָס לעבן אַ באַזונדער לעבן פון אַן איינהייטלעכן גוס. הגם דאָס מוז נישט דוקא מיינען אַן אָפּגעזונדערט לעבן, אָפּגעשניטן פון אַנדערע פעלקער, מיינט דאָס אָבער יאָ, אַז די סאַמע אָפּטע און די סאַמע אינטימסטע פון די צווישנמענטשלעכע קאָנטאַקטן, שפּילן זיך אָפּ אין דער נאַציאָנאַלער סביבה.

אויך ביי יידן האָט מען געקענט ביז צו דער עפּאָכע פון עמאַנציפּאַציע, דאָס הייסט, ביזן סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט, אמת נישט אַלע מאָל מיט דער זעלביקער קלאָרקייט און זיכערקייט ווי ביי די טעריטאָריאַל־קאָנצענטרירטע פעלקער, פעסטשטעלן און באַשרייבן די גרענעצן פון יידישן נאַציאָנאַלן שאַפן. פון דער עפּאָכע, ווען יידן זענען נאָך געזעסן אויף זייער לאַנד, שוין אָפּגערעדט, הגם אויך דעמאָלט, אין דער צייט פון בית־שני, זענען זיי שוין נישט געווען אין גאַנצן קאָנצענטרירט אין זייער אייגענעם לאַנד. אין משך פון די לעצטע פינף הונדערט יאָר פון זיין מלוכהשער עקסיסטענץ, איז דאָס יידישע פאָלק באַשטאַנען נישט פון איין געאָגראַפישער איינהייט, נאָר פון פאַרשידענע טעריטאָריאַלע קיבוצים: ארץ־ישראל, בבל, מצרים און קלענערע קהילות אין רוים, ביזאַנץ און אַנדערע.

לויט לערכדיקע שאַצונגען, האָבן צו דער צייט פון חורבן בית־שני נאָר איין מיליאָן יידן געלעבט אין ארץ־ישראל פון דער גאַנצער צאָל פון פיר און אַ האַלבן מיליאָן. אָבער ארץ־ישראל איז אין דעם דאָזיקן פּעריאָד, און אין אַ קלענערער מאָס אפילו אַ געוויסע צייט נאָכן חורבן, לערך ביזן פינפטן יאָרהונדערט פון דער איצטיקער צייט־רעכענונג, געבליבן אַ גייסטיקער צענטער פאַרן גאַנצן פאָלק, פאַר יענער צייט, פאַרשטייט זיך, אידענטיש מיטן באַגריף פון אַ רעליגיעזן צענטער. מיטן דאָזיקן צענטער האָבן זיך געפילט פאַראייניקט אַלע יידישע קיבוצים אויף דער וועלט.

אָבער אויך אויף וויפיל יידן פון אַנדערע לענדער האָבן גלייכצייטיק נישט נאָר געלעבט אונטער דער השפעה פון ארץ־ישראל, נאָר אויך זעלבסטשטענדיק געשאַפן יידישע קולטור, איז ביי זיי הן דער שאַפונגס־פּראָצעס גופא און הן זיינע רעזולטאַטן פאָרגעקומען און צייטיק געוואָרן אין אַ באַזונדערער יידישער סביבה, מער אָדער ווייניקער אָפּגעשלאָסן פון דער אַרומיקער געצנדינערישער ציוויליזאַציע.

דער דירעקטער יידישער צושטייער צו דער ציוויליזאַציע האָט אין אַלטערטום, מיטלעלטער און אין דער נייער צייט ביז צום סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט פאָרגעשטעלט מיט זיך, ווי ביי אַלע פעלקער, די אויסשטראַלונגען פון דער יידישער פאָלקס־שאַפונג, וואָס האָבן אַריבערגעלויכטן צו די אומות העולם. נאָר איינציקע ווערק פון יידן יחידים, די באַדייטנדיקסטע צווישן זיי — דער העלעניזירטער יידישער פילאָסאָף פילאָן אין ערשטן יאָרהונדערט און דער נישט־ייד און נישט־קריסט שפּינאָזאַ אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, פּאַסן זיך נישט אינגאַנצן אַריין אין

דער דאָזיקער ראַם. סוף־כל־סוף האָט דער גלות אויך דעמאָלט, ווען ער האָט געטראָגן אַן אָפּגעשלאָסענעם געטאָ־כאַראַקטער, געווירקט, אין אַ לערך קלענערער מאָס ווי היינט, דעטאַינטעגרירנדיק און צעשפּליטעריש אויף דער יידישער גייסטיקער אַנטוויקלונג. איז טאַקע דער איינפלוס פון פילאָן געווען מער ווייניקער באַדייטנדיק אויף דער גריכישער פילאָסאָפיע פון זיין צייט און אויך אויפן קריסטנטום, בפרט אויף דער מיטלעלטערלעכער קריסטלעכער סכאָלאַסטיק, אָבער כמעט נישטיק אויף דער אַנטוויקלונג פונעם יידישן געדאַנק גופא, וואו מען קען געפינען געוויסע שפּורן פון אים נאָר מיט גרויס מאַטערניש און אויך על פי הדחק.

וואָס איז שייך שפּינאָזאַ, קען בכלל קיין רייד נישט זיין וועגן זיין ספּעציפישן איינפלוס אויף דער יידישער גייסטיקער געשיכטע, הגם זיין אַלגעמיינע השפעה אויף דעם פילאָסאָפישן געדאַנק שפּירט זיך נאָך עד־היום צווישן אַלע פעלקער. אָבער ווען מען לאָזט אין אַ זייט די איינצלנע ספק־פאַלן אָדער גרענעץ־פאַלן פון יידן יחידים, וואָס האָבן געווירקט מער אין אַ פרעמדער. ווי אין אַן אייגענער סביבה, בלייבט פעסט, אַז דער יידישער צושטייער צו ציוויליזאַציע איז אין משך פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע, ביז דער לעצטער עפּאָכע, געווען אַ צושטייער פון דעם יידישן פאָלק, פון זיין שאַפנדיקן זשעני. עס פאַרשטייט זיך, אַז די גרויס און די באַדייטונג פונעם יידישן צושטייער איז נישט געווען גלייך אַלע מאָל און אומעטום.

אין אַן עסיי, וואָס זיין ציל איז נישט געשיכטע־שרייבונג נאָר אויסצוגעפינען די מסקנות, וואָס האָבן אַ השיבות און אַ לעבעדיקן אינטערעס פאַר דעם היינטיקן יידישן געדאַנק, וועט גענוג זיין צו זאָגן, אַז דער איינציקער גרויסער און שפּור־רייכער יידישער איינפלוס אויף דער וועלט שטאַמט פון די גייסטיקע ווערטן, וואָס יידן האָבן געשאַפן אין זייער אַמאָליקן לאַנד: דער יידישער מאָנאָטעאיזם און די יידישע מאָניסטישע עטיק ווי זיי זענען געקומען צום אויסדרוק אין אונדזער תנ"ך.

די השפעה פון דער תנ"כישער יידישקייט אויפן אויפקומען פון קריסטנטום איז גענוג בולט, מען זאָל וועגן דעם דאַרפן רעדן באריכות. איך וויל נאָר דרך־אגב באַמערקן, ווייל דאָס איז ענג פאַרבונדן מיט די גרונט־געדאַנקען פון מיין עסיי, אַז אויך די דאָזיקע השפעה ווערט, זינט דער עמאַנציפּאַציע, גאָר אָפט מגוזמדיק פאָרגעשטעלט. לכתחילה האָט מען די יידישע אויפטוען מגזם געווען מיט אַפּאָלאָגעטישע כוונות, אויף צו באַווייזן דער וועלט וואָס פאַר אַ גרויס פאָלק מיר זענען און ווי נישט

געדעכט זי באַהאַנדלט אונדז ווען זי זאָגט אונדז אָפּ גלייכע רעכט מיט די קריסטלעכע בעלי־הבתים פֿון די לענדער. די אייגענע גוזמאות אָבער האָבן אָפּט באַנוצט אויך די אַנטיסעמיטן מיט אַ קעגנזאַצלעכן מיין, כּדי אָפּצושרעקן די וועלט מיט דער סכּנה פֿונעם יידישן איינפֿלוס. אָבער אויך פֿילאָסעמיטן, הגם מיט די בעסטע כּוונות צו טון טובֿות יידן, האָבן זיך אויך געלאָזט אַריינציען אין די דאָזיקע גוזמאות. אָט, למשל, האָט דער היידלבערגער פּראָפֿעסאָר מוקלע אָנגעשריבן אַ דיק בוך, וואו ער קומט צום אויספֿיר, אַז אין דער מערבֿ־געשיכטע לעבט דער גייסט פֿון דער יידישער קולטור אין אַ מאָס, וואָס מען האָט גאָר קיין השגה נישט. און היות ווי לויט אים מאַניפֿעסטירט זיך דער גייסט פֿון מערבֿ גראָד ביי דעם דייטשן פֿאָלק (1), קומט במילא אויס, אַז די השפּעה פֿון דער יידישער קולטור איז אויף דעם דאָזיקן פֿאָלק גרעסער ווי אויף אַלע איבעריקע פֿעלקער. נאָר אַ קריסטלעכן פּראָפֿעסאָר קען מען נאָך מוחל זיין אַזאַ מין נאַרישקייט. וואָס וועט איר אָבער זאָגן, אַז אַזאַ גרויסער יידישער דענקער ווי הערמאַן כּהן, דריקט אויס דעם אייגענעם געדאַנק אין אַ נאָך מער קאַטעגאָרישער פֿאָרם. דערקלערט ער קודם־כּל, וואָס מיינט דייטשער און יידישער נאַציאָנאַלער גייסט און דעקרעטירט תּיכּף ומיד, אַז זיי בײדע געפֿינען זיך אין אינטימער קרובֿה־שאַפֿט. דער דייטשער הומאַניזם, זאָגט ער, איז, להיפּוך צום פֿראַנצויזישן, באַזירט אויף עטיק. און היות ווי דער באַגריף פֿון מענטשהייט, דער הומאַניזם, שטאַמט אַרויס פֿון דער יידישער משיח-אידעע, קומט במילא דערפֿון אַרויס די גייסטיקע שותּפֿות פֿון דייטשטום און יידנטום. נאָכמער, לויט הערמאַן כּהן איז דער יידישער משיח אויפֿגעשטאַנען צו אַ ניי לעבן אין דייטשן גייסט, אין דער דייטשער עטיק (2). קלינגט דאָס אין אונדזער צייט, אין דער צייט פֿון מיידאַנעק און טרעבלינקע, ווי אַ ביטערע איראָניע און ווי אַ סימן פֿון אַראָגאַנטפֿאַלנקייט ביי זיך, וואָס האָט נישט אויסגעמיטן אפֿילו אונדזערע „גרויסע" און זיי אפֿשר ווייניקער ווי די „קליינע". גלייכצייטיק האָט איר דאָ אַ ראיה, אויף וואָס פֿאַראַ זאַמדיקן און אָפּט גאָרנישט ריינעם פֿונדאַמענט עס זענען געבויט די בויך־סבֿרות וועגן דעם יידישן חלק אין דער ציוויליזאַציע.

אין דער לעצטער צייט איז צוגעקומען אַ נייער טעם פֿאַר די גוזמאות פֿון דער יידישער ווירקונג אויפֿן קריסטנטום. און דאָס איז דער יידיש־קריסטלעכער פֿלירט און די נייע תּורה פֿון אַ שותּפֿותדיקער יידיש־קריסטלעכער ציוויליזאַציע, ווידער אַמאָל צוגעקלערט געוואָרן, באַוואוסט אָדער נישט באַוואוסטזיניק, מיט אַן אויסקוק נישט אַזוי אויף דער

הגדה פון גלויבן ווי אויף די קניידלעך פון נוצלעכקייט. וואָס די דאָזיקע טעזע קען האָבן פאַר אונדזער לאַגע אין די קריסטלעכע לענדער. עס איז אָבער קיין ספק נישט, אַז אַ סך גרעסער ווי דער יידישער, איז געווען און איז איצט נאָך מער, דער איינפלוס אויפן קריסטנטום פון דער גריכיש־רוימישער געצנדינערישער קולטור און מאָראַל. און איך האָב מורא צו זאָגן, אַז גראָד דער דאָזיקער איינפלוס שטאַרקט זיך אַלץ מער, בעת די פרימיטיווע יידישע שפורן ווערן אַלץ מער פאַרווישט.

נאָר וועגן אָט דער טעמע וועט גערעדט באַזונדער און באריכות. דאָ וויל איך אַרויסברענגען עפּעס אַנדערש, דהיינו, אַז ווי ווייט דער תנ״ך האָט געהאַט אַ השפּעה אויף דעם קריסטנטום, האָט זיך די דאָזיקע השפּעה נישט פאַרענדיקט מיטן אויפקומען פון נייעם גלויבן. אויך אין שפּעטערדיקע תקופות אַנטפּלעקט זיך די ווירקונג פון תנ״ך אויף די בעסערע עלעמענטן פון דער קריסטלעכער וועלט, און נישט בלויז אומדירעקט, דורך דעם קריסטלעכן גלויבן און דער קירך, נייערט אויך דירעקט, און אָפטמאָל אַפילו אין קעגנזאַץ צו זיי ביידן.

עס איז אַ באַקאַנטער פאַקט, אַז כמעט אַלע קריסטלעכע סעקטן, וואָס האָבן געשטרעבט ליטערער צו מאַכן דעם גלויבן און צו רייניקן די קירך פון אומגערעכטיקייטן און זינד, וואָס האָבן זיך אין איר אָנגעזאַמלט, האָבן זיך געשטיצט אויפן תנ״ך און זיין לערע און דאָס רופוואָרט „צוריק צום תנ״ך" איז געווען דער לאָזונג פון די פרייע קריסטלעכע גייסטער, וואָס זענען דורך דער קאַטוילישער קירך דערקלערט געוואָרן פאַר פּושעים און אָפּטריניקער. דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז די סעקטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער אָפיציעלער קירך, זענען געגאַנגען געטריי אין די פוסטריט פון יידישקייט און אָנגענומען אונדזער תורה. פאַרקערט, אין געוויסע גלויבן־דאָגמעס זענען זיי נאָך ווייטער אַוועק פון אונדז ווי די הערשנדיקע קירכעס. עס איז אָבער אויך ריכטיק, אַז זייער צוריקגיין צום פרימיטיוון קריסטנטום און במילא צו איינעם פון זיינע קוואַלן, דעם תנ״ך, האָט זיך גאָר שטאַרק געשפּירט אין זייערע סאָציאַלע און פּאָליטישע דאָקטרינעס. ווען מיר נעמען, למשל, די וואַלדענזער פון דעם צוועלפטן יאָרהונדערט, זעען מיר, אַז זיי זענען אויפגעשטאַנען קעגן דער קירך אין נאָמען פון די תנ״כישע אידעאַלן פון סאָציאַלן יושר. זוכנדיק גערעכטיקייט, זענען זיי דערגאַנגען ביז צום קאָמוניזם פון די איסיים און די ערשטע יידן־קריסטן. זיי האָבן כופר געווען אינעם פונדאַמענט גופא פונעם פעאָדאַלן סדר, ד״ה אין דער געבונדנקייט דורך טרייקייט און שבועה פון די אונטערדריקטע אַקעגנאיבער די פעאָדאַלע הערן

(3). פונקט אַזוי האָבן זיי זיך געבונטעוועט קעגן דעם רייכטום פון דער קירך, וואָס איז געוואָרן דער גרעסטער פּריץ, דער גרעסטער לאַנד־באַזיצער אין מיטלעלטער. און אַט די דאָזיקע סאָציאַלע טענדענצן פון די אַפּיקורסישע סעקטן האָבן מער ווי זייער דאָגמאַטישע הערעזיע אַרויסגערופן דעם גרימצאָרן פון די פּויפּסן און פון די איבעריקע קירך־האַרן. נישט אומזיסט האָט די קירך שוין דעמאָלט, פּונקט ווי שפּעטער אין פופצנטן יאָרהונדערט, ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט די רעפאָרם־באַוועגונג פון יאַן הוס, זיך באַנוצט קעגן אַלע רעפאָרם־פּרואוון מיט דעם היינט אַזוי פּאָפּולערן און תמיד ווירקזאַמען „יידישן אַרגומענט". דעם איינפלוס פון תנ"ך אויף די פּוריטאַנער, וועט גענוג זיין נאָר צו דערמאָנען, וואָרעם עס האַנדלט זיך וועגן אַלגעמיין באַוואוסטע פאַקטן פון אַ לערך נאָענטער עפּאָכע.

הגם די השפּעה פון תנ"ך אויף דער קריסטלעכער וועלט איז געווען בעצם אַ רעליגיעזע, דאַרף מען אָבער נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף זיין איינפלוס אויך אויף ריין וועלטלעכע ענינים, בפרט אויפן סאָציאַלן לעבן און דעם פּאָליטישן קאַמף פון די פעלקער. און עס איז וויכטיק דאָ אונטערצושטרייכן, אַז דער דאָזיקער איינפלוס איז תמיד געווען פּראָגרעסיוו, רעוואָלוציאָניזירנדיק און קעגן דעם איינגעשטעלטן רשעותדיקן סדר פון דער געזעלשאַפט. אינעם צווייטן קוואַל, פון וואַנען דאָס פּרימיטיווע קריסטנטום האָט געשעפּט, אין דער געצנדינערישער גריכיש־רוימישער קולטור, האָבן די פעלקער נישט געקענט לעשן זייער דאָרשט נאָך גערעכטיקייט, ווייל דער באַגריף גופא פון יושר איז פרעמד געווען דער דאָזיקער קולטור, איינגעטונקט אין דער טומאה פון מאַכט, ווי דעם כמעט איינציקן מקור פון רעכט. טאַקע דערום האָבן כמעט אַלע פרייע באַוועגונגען ביז צום סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט, מיטן אויסנאַם אפשר פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, געזוכט אינספּיראַציע און באַגייסטערונג אין די אַנטי־מאָנאַרכיסטישע טענדענצן פון תנ"ך, בפרט פון די נביאים, אין ביבלישן אַגראַר־סאָציאַליזם און אַזוי ווייטער. נעמט למשל די ביבלישע עפּאָפּעע פון יציאת־מצרים, די באַפרייאונגס־געשיכטע פון אונדזערע אורעלטערן פון אונטער דער עגיפּטישער הערשאַפט. וואָס פאַר אַ קוואַל פון ענטוזיאַזם איז דאָ געווען פאַר אַלע פרייהייטס־קעמפער. איז דאָך אין דעם ערשטן זיגל פון דער אַמעריקאַנער רעפּובליק געווען אויסגעקריצט די סצענע, ווי די מצריים זינקען אין ים און געטראָגן האָט ער די אויפשריפט „אויפשטיין קעגן די טיראַנען, מיינט געהאָרכן גאָט".

עס איז באַוואוסט, אַז די ערשטע איבערזעצונג פון איין שפּראַך אויף

דער צווייטער, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין דער וועלט, איז געווען די גריכישע תורה־איבערזעצונג פון די „זיבציק" (סעפּטואגינטא). און עס איז אינטערעסאַנט, וואָס פאַר אַ גרויסן באַטייט עס האָבן געהאַט פון דעמאָלט אָן און ביז אונדזערע טעג די תנ"ך־איבערזעצונגען. קודם־כל איז דער תנ"ך געווען פון די ערשטע, און אָפט אַפילו דאָס ערשטע און דאָס איינציקע בוך איבערגעזעצט אויף די פאַרשידענע פאָלקס־שפּראַכן. אין צייטן ווען ביכער בכלל זענען געווען באַשטימט נאָר פאַר דעם דינעם שיכט פון געבילדעטע און במילא געשריבן געוואָרן אויף דער דעמאָלס־דיקער אוניווערסאַלער שפּראַך פון די געבילדעטע, אויף לאַטײַן.

אויב מיטל־הויך־דייטש, איינע פון די דייטשע דיאַלעקטן, איז אויפגעשטיגן צום גראַד פון דער דייטשער ליטעראַרישער שפּראַך, האָט דאָ נישט ווייניק געהאַט צו זאָגן מאַרטין לוטערס ביבל־איבערזעצונג פון דעם זעכצנטן יאָרהונדערט. פרידריך ניטשע, וואָס אין באַזונדערע סימפּאַטיעס צום תנ"ך קען מען אים אוודאי נישט חושד זײַן, האָט פונדעסטוועגן אָנדערקענט, אַז די ביבל אין לוטערס איבערזעצונג, איז דאָס מייסטערווערק פון דייטשישער פּראָזע, „דאָס דייטשע בוך" (4). מען קען אַזוי אַרום מיט אַ געוויסן רעכט באַהויפּטן, אַז מיר האָבן אַ חלק דערין, וואָס די מאַסן פון די פעלקער האָבן אָנגעהויבן צו געניסן אין אַ געוויסער, און זאָל זײַן מינימאַלער, מאָס פון דער נאַציאָנאַלער קולטור און געוואָרן שטיקלעך שותפים צו איר. אַזוי באַטײַטנדיק איז געווען די ראָלע פון די ביבל־איבערזעצונגען אויף די פאָלקס־שפּראַכן. דאָס אייגענע האָבן די דאָזיקע איבערזעצונגען געהאַט אַן ערשטראַנגיקע השפּעה אין דעם קולטורעלן רענעסאַנס פון די אַזוי גערופענע „נישט היסטאָרישע" פעלקער, וועלכע פלעגן מוזן אָנקומען, אַפילו אין די שפּעטערדיקע עפּאָכעס, ווען די פאָלקס־שפּראַכן פון די גרויסע נאַציעס, ווי ענגלענדער, פראַנצויזן, דייטשן און אַזוי ווייטער האָבן זיך שוין דערהויבן, צום טייל טאַקע צוליב די ביבל־איבערזעצונגען, צו דער מדרגה פון קולטור־שפּראַכן, צו פרעמדע לשונות פון די הערשנדיקע נאַציעס. נאָך הײַנט צו טאָג האָט איר אַ רייע צוריקגעשטאַנענע פעלקער, וואָס זייער איינציק בוך איז דאָס בוך, דער ספר־הספרים. אָבער אויך ביי אַלע אַנדערע פעלקער, אַפילו די סאַמע אַנטוויקלטסטע, איז די ביבל נאָך דאָס פאַרשפּרייטסטע, מער ווי אַלע אַנדערע געלייענטע ווערק. זעלטן ווען האָבן בילדער און אויסדרוקן פון אַ וועלכער נישט איז שריפט אַזוי דורכגעזאַפּט די שפּראַכן פון די פעלקער ווי די ביבלישע. און צי איז עס נישט אַ סימן פון די פאַרקריפּלונגען, וואָס די יידישע געשיכטע האָט איבערגעלאָזט במשך די לעצטע הונדערט

און פּופּציק יאָר, אַז בעת אַפילו קריסטלעכע פּובליציסטן, זשורנאַליסטן און רעדנערס בראָקן אַזוי אָפּט אַריין אין שריפט און וואָרט ביבלישע געשטאַלטן און מליצות (טאַקע מחמת ווינסטאָן טשורטשיל קען די קונסט זיי צו באַנוצן מיט מאָס און אויפן ריכטיקן אָרט, ווערט ער ביי די אַנגלאָזאַקסן פאַררעכנט פאַר איינעם פון די גרעסטע וואָרט־מייסטערס), מיידן אויס זייערע יידישע קאָלעגן, וואָס שרייבן און רעדן אויף יידיש, בפרט אויב זיי געהערן צום ראַדיקאַלן לאַגער, אַפילו אַ רמז אויפן תנ״ך און אויף די שפּעטערדיקע יידישע ספרים. מסתמא מחמת דעם, וואָס דאָס שמעקט מיט „רעאַקציע״. גרילצט עס טאַקע אין די אויערן פון זייער הילצערנעם לשון, אַריבערגענומען אַזוי ווי עס שטייט און גייט פון פרעמד־שפּראַכיקע, צווייטראַנגיקע טריבונעס און צייטונגען. איז טאַקע זייער שפּראַך אַזוי אָפּט פאַרב־ און סטיל־לאָז, פעלט איר די וואַרעמע, אינטימע נאָטע, וואָס מאַכט די שפּראַך און דעם געדאַנק, וואָס איז דורך איר אויסגעדריקט, פאַר אייגנס און באַקענט.

סעסיל ראָט זאָגט, און איך שטעל מיר פאָר, אַז ער שטיצט זיך אויף בר׳ סמכאָס פון דער ענגלישער שפּראַך־פאָרשונג, אַז נאָר די דראַמעס פון שעקספּיר, דעם גרעסטן ענגלישן גאון, קענען לויט זייערע שפּורן אין דער ענגלישער שפּראַך, קאָנקורירן מיטן תנ״ך (5). ביבלישע בילדער און מעטאַפאָרעס, האָבן, פאַרשטייט זיך, געווירקט נישט בלויז אויף דער שפּראַך, נאָר, דורך איר, אויך אויפן דענקען און אויף דער פאַנטאַזיע פון די פעלקער.

אויב עס איז אַ גוזמא צו זאָגן, ווי דאָס טוט דזשאָזעף דזשייקאָבס, איינער פון די יידיש־ענגלישע שרייבערס, וואָס האָבן אַ נטיה גרעסער צו מאַכן דעם יידישן איינפלוס ווי ער איז באמת (און ער איז גרויס גענוג), אַז די תנ״כישע העלדן, אברהם, יצחק, יעקב, שלמה המלך און אַנדערע, האָבן ביי די קריסטלעכע פעלקער פאַרנומען דעם אָרט פון די אַלטע מיטאָלאָגישע העלדן פון די סאַגאַס און נאַציאָנאַלע לעגענדעס (6), איז עס אָבער בכל־אופן ריכטיק, אַז די דאָזיקע האָבן זיך געמוזט נעבעך ענגער מאַכן, כדי צו לאָזן אַ שטיקל אָרט פאַר די פאַנטאַזיע־באַהערשנדיקע ביבלישע פיגורן.

רעדנדיק פון דעם דירעקטן איינפלוס פונעם תנ״ך אויף די קריסטלעכע פעלקער, דאַרף מען נישט אַריינפאַלן אין דעם טעות, וואָס עס מאַכן דאָס רוב יידישע היסטאָריאָגראַפן פון גאַנץ־ אָדער האַלב־אַסימילירטן לאַגער (און ווי ווייניק האָבן מיר דאָך אַנדערע). פאַר זיי איז דאָס נאָר די ווירקונג פון אַ ספר. וואָרעם די אידעע גופא פון אַ לעבעדיק יידיש פאָלק נאָך דער

א״י־עפּאָכע איז דאָך זיי פּרעמד. דער יידישער גייסט האָט, ווען מען זאָל זיי הערן, איין מאָל פאַר אַלע מאָל פאַרלאָזן דעם יידישן גוף און אַריינגעפלויגן אין דער הייליקער שריפט. געווירקט אויף די פעלקער האָט זי און נאָר זי. ביז איך אָבער איבערצייגט. על־פּי לאָגיק און פּסי־כאָלאָגיע, הגם עס איז שווער צו געפינען אויף דעם בפירושע ראיות (און איינע פון די טעמים, פאַרוואָס זיי פעלן נעמט זיך דערפון, וואָס די יידי־שע היסטאָריאָגראַפיע האָט זיך נישט „געריסן דעם פעלץ", זיי דווקא צו זוכן און געפינען), אַז ווען דער תנ״ך וואָלט געבליבן נאָר אַ ליטעראַרי־שער דאָקומענט, און זאָל זיין אַ הייליקער, וואָלט זיין ווירקונג געווען אַ סך, אַ סך קלענער אָדער זי וואָלט בכלל פאַרשוואונדן.

נאָר ווייל עס האָט געלעבט אַ פאָלק, וואָס האָט דעם תנ״ך נישט בלויז געהאַלטן טייער ווי אַן אָנדענק פון פאַרגאַנגענע און פאַרגעסענע צייטן, נייערט, וואָס האָט געלעבט מיט אים און זיך געפירט לויט אים, האָט דער איינפלוס פון דער דאָזיקער שריפט געקענט אָנהאַלטן אַזוי לאַנג און עד־היום הזה. די אידעען פון סאָציאַלן יושר, וואָס מיט זיי איז דורכגעווייקט די ביבלישע אַגראַר־געזעצגעבונג, וואָלטן געבליבן אַ טויט וואָרט, ווען עס וואָלט נישט געווען אַ פאָלק אויף דער וועלט, וואָס האָט די אינסטי־טוציעס, וואָס זענען בטל געוואָרן מיטן אונטערגאַנג פונעם יידישן לאַנד (לקט, שכחה, פּאה, שמיטה און יובל), געגעבן אַ נייע לעבעדיקע גע־שטאַלט און אָנווענדונג אין דעם גרויסן פאַרנעם און אָבליגאַטאָרישן כאַ־ראַקטער פון דער יידישער צדקה. די אַבסאָלוטע שבת־רו און דאָס תורה לערנען ווי אַ חוב פאַר יעדן יידן, וואָלטן נישט געהאַט קיין השפעה אויף דער איינפירונג פון געזעצלעכן זונטאָג־רו לטובת דעם אַרבעטס־מענטשן און פון דער אָבליגאַטאָרישער פאָלקס־בילדונג ביי די קריסטלעכע פעל־קער, אגב, זאָל דאָס זיי צו קיין גנאי נישט זיין, מיט אַ היפשער פאַרשפּע־טיקונג, ווען עס וואָלט נישט געבליבן לעבן אַ פאָלק, וואָס האָט די דאָזיקע אינסטיטוציעס געהאַלטן הייליק, ווי מען קען הייליק האַלטן נאָר אַ געט־לעך געבאָט. „דאָס בוך", די ביבל איז געבליבן אַ לעבעדיק ספר, ווייל עס האָט געלעבט אין אים און מיט אים דאָס „פאָלק פון דער ביבל". און הגם דאָס דאָזיקע פאָלק איז תמיד געווען, און דווקא לויט זיין פרייען אויס־וואַל, אַן „עם לבדד ישכון", הייסט עס אָבער כלל נישט, אַז עס האָט נישט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט מיט דער אַרומיקער וועלט. וועגן אַלטערטום שוין אָפּגערעדט. נאָר אַפילו אין מיטלעלטער, ווען די פרייוויליקע יידישע קאָנצענטראַציע אין באַזונדערע וואוינערטער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צוואַנגס־געטאָ, איז אויך אָט דער קאָנטאַקט נישט איבערגעריסן געוואָרן

אין די קריסטלעכע לענדער. דער קאָנטאַקט האָט נישט געמוזט גראָד זיין אַ גייסטיקער און נישט דוקא צווישן די געלערנטע שפּיצן. אויך די וואָכעדיקע געשעפטלעכע און אַנדערע באַציאונגען צווישן יידן און נישט יידן האָבן אַליין פאַר זיך, אָן שום דרשות און פּראָפּאַגאַנדע, געפירט צו אַ געוויסער השפעה פון יידישקייט אויף דער אַרומיקער וועלט. דער „מאור שבתורה" האָט זיך דורכגעריסן דורך די געטאָ-ווענט. דער אָפּגלאַנץ, און זאָל זיין אַ שוואַכער, אַ מטושטשדיקער, פון דער שכינה, וואָס האָט גערוט אין דער יידישער פאַמיליע, אין בתי־מדרשים, חדרים און ישיבות, וואָס האָט באַשיינט דעם יידישן לעבנס־שטייגער, די יידישע הנהגה, האָט דערלאַנגט ביז צו דער גויאישער גאַס. זאָל נאָר דרך־אגב דערמאָנט ווערן, אַז דער איינפלוס פון יידן, וואָס האָבן געוואוינט אויפן אַראַבישן האַלבאינדזל, אויפן אויפקומען פון דער צווייטער רעליגיע, וואָס איז אויסגעוואַקסן אינעם שויס פון יידישקייט, דעם איסלאַם, בפרט אויף זיין באַגרינדער, איז היסטאָריש שוין גענוג פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז מען זאָל דאַרפן וועגן דעם מאריך זיין. גענוג צו באַמערקן, אַז אַ סך געלערנטע, ווי למשל דער באַוואוסטער אָריענטאַליסט עדואַר מאָנטע, האַלטן, און זייער מיינונג איז גענוג באַגרינדעט, אַז די השפעה אויפן איסלאַם פונעם ריינעם יידישן מאָנאָטעאיזם און פון אונדזער תורה איז געווען נישט לערך גרעסער, ווי די ווירקונג פונעם קריסטנטום און פון דעם ברית חדשה (7). און דער גייסטרייכער און וואוילגעלערנטער האָלענדיש־עוואַנגעלישער טעאָלאָג קינען איז געגאַנגען נאָך ווייטער. לויט אים איז מחמדס לערע, הן אין תוך און סיי אין פאָרם, געווען באַשטימט דורך יידישע אידעען און פאָרשטעלונגען. אַזוי, אַז עס איז נישט ווייט פון אמת צו זאָגן, אַז „דער איסלאַם איז דער קערן פון יידישקייט, אַריבערגעפלאַנצט אין אַראַבישן באָדן" (a7).

אַז דאָס יידישע שאַפן איז נישט געבליבן שטיין ביים תנ"ך, דאַרף מען דעם יידישן עולם נישט באַווייזן. די משנה, דער תלמוד, די מדרשים, די ווערק פון די גאונים און שפּעטערדיקע מפרשים און פּוסקים, די מיטלעלטערלעכע יידישע פילאָסאָפיע און פּאָעזיע, די קבלה און די חסידות זענען גענוג קלאָרע און באַגלויבטע עדות. צי קען מען זייערע שאַפונגען באַטראַכטן ווי אַ דירעקטן צושטייער צו דער ציוויליזאַציע פון די אייבעריקע פעלקער, אינעם באַגרענעצטן זינען, וואָס ווערט דעם דאָזיקן טערמין צוגעשריבן, איז שווער צו זאָגן. דער איינפלוס פון דער תנ"כישער יידישקייט איז בלי ספק געווען ברייטער, טיפער און קאָנטיקער. אָבער אויך די יידישע גלות־שאַפונגען זענען נישט געבליבן אָן השפעה אויף

די פּרעמדע ציוויליזאַציעס. נישט אַריינגלאָזנדיק זיך אין פּרטים, וועט גענוג זיין אָנצואווייזן אויף אייניקע מער באַטייטפולע פאַקטן. אַנזעעווו־דיקע שפּורן פונעם איינפלוס פון רמב״ם, פון ר׳ שלמה אבן גבירול און דעם רלב״ג געפינט מען הן אין דער אַראַבישער, הן אין דער קריסט־לעכער פילאָסאָפיע און טעאָלאָגיע פונעם מיטלעלטער. די ראָל פון נוצלעכע און פרוכטבאַרע פאַרמיטלערס צווישן דער אַלטער גריכישער און מיטלעלטערלעכער אַראַבישער פילאָסאָפיע, פון איין זייט, און דער מערב־וועלט פון דער אַנדערער זייט, אַ ראָל, וואָס ווערט מיט רעכט צוגעשריבן צו יידן, איז באַזונדערס גלענצנדיק און מיט גרויס פּעולה דורכגעפירט געוואָרן פונעם רמב״ם. בפרט איז קאָנטיק זיין ווירקונג אויף דעם באַרימטן סכאָלאַסטיקער אַלבערט מאַגנוס און אויפן גרעסטן קירכלעכן דענקער פונעם גאַנצן מיטלעלטער, טאָמאַס פון אַקווינאַ.

אַז די השפעה פון דער קבלה אויף דער אייראָפּעאישער מיסטיק איז געווען פון גרויסער באַטייטונג, באַווייזן די שריפטן פון די קריסטלעכע מיסטיקער גופא, אַזוי, אַז עס האָט געקאָנט אויפקומען די באַצייכענונג „קריסטלעכע קאַבאַליסטן״. צווישן די, וואָס האָבן מיט פולע הויפנס גע־שעפּט פון דער קבלה, דאַרף מען אָנרופן פּיק דע לאַ מיראַנדאָלאַ, רייכ־לין און זייערע נאָכקומערס אין פופצנטן און זעכצנטן יאָרהונדערט און איינעם פון די גרעסטע דייטשע מיסטיקער פונעם אָנהויב פון זיבצנטן יאָרהונדערט, בעהמע (8).

רעדט מען וועגן דעם איינפלוס פון יידישן גלות־שאַפן אויף די פרעמדע פעלקער, טאָר מען נישט פאַרגעסן, אַז אַ חוץ די דירעקטע שפּורן פון יידישער פילאָסאָפיע, קבלה וכדומה, איז אפשר נאָך מער וויכטיק, וואָס טאַקע צוליב די ווערק, געשאַפן אין משך פון גלות, איז דער תנ״ך נישט געבליבן ליגן ווי אַ פאַרחתמעטער ספר, נייערט ער איז תמיד געווען אַ שפּרודלדיקער קוואַל פון לעבן און אידעען. דעם לעבעדיקן תנ״ך האָבן אָפּגעהיט נישט בלויז פאַר אונדז נאָר אויך פאַר דער וועלט די יידישע חכמים און די מפרשים אין יעדן דור.

איין אויספיר בעט זיך פון דעם פריער געזאָגטן. דאָס יידישע שאַפן און במילא דער יידישער חלק אין דער אַרומיקער ציוויליזאַציע, האָט געהאַט אַן אָנזעעוודיקן ווערט נאָר אויף וויפיל ער איז געווען רעליגיעז־עטיש. אויף אַלע אַנדערע געביטן, ווי קונסט, וויסנשאַפט וכדומה, איז דער יידישער אַנטייל גאָרנישט קיין געהויבענער. די רייד וועגן די גע־וואַלטיקע אויפטוען פון יידן אויף אַנדערע געביטן, ווי אַסטראָנאָמיע און

מאַטעמאַטיק למשל, זענען שטאַרק מגוזמדיק. נישט מיר דאַרפן און נישט עס לוינט זיך אונדז פוצן אין פרעמדע פעדערן, בפרט אַז מען האָט אייגענע. אויף אַלע אַנדערע געביטן קענען מיר גיין צו די איבעריקע פעלקער אין חדר אריין. די יידישע גאונות איז געווען אייבזייטיק. אָבער אין דער דאָזיקער אייבזייטיקייט אירער איז געלעגן איר קראַפט, איר אָריגינעלקייט און איר גרויסע פעולה פאַר דער מענטשהייט. עס איז נישט קיין קלייניקייט, וואָס יידן, אַ פאָלק פון אַ פּאָר מיליאָנען, דערצו נאָך אַ באָדנלאָז און מאַכטלאָז פאָלק, האָט געקענט באַוויזן משפיע צו זיין אויף איבער אַ מיליאַרד מענטשן (היינט צו טאָג רעכנט מען לערך אַכט הונדערט מיליאָן קריסטן און קרוב צו דריי הונדערט מיליאָן מוסולמענער). אַז מען רעדט וועגן די ענגלענדער, זאָגט מען אַז אויף איטלעכן פון זיי קומט אויס צען האַלב־שקלאַפן אָדער דינער צווישן די קאָלאָניאַלע פעלקער. קענען מיר זיך מיט דער בריטישער אימפעריע נישט גלייכן. אָבער אונדזער קליינע „ממלכת כהנים" איז אויך אַ גאָר היפּשע אימפעריע, אַן אימפעריע פון גייסט. און איטלעכער ייד קען זיך באַרימען, אַז אויך אויף זיין חשבון פאַלן אויס הונדערטער און הונדערטער פרעמדע, נישט קיין שקלאַפן פאַרשטייט זיך, אָדער באַדינער, נאָר תלמידים און נאָכגייערס. אמת, צום באַדויערן, פוילע תלמידים און נאָך דערצו גרויסע נישט־פאָלגער. אָבער עפּעס האָבן זיי פון אונדז געניאשט און וועלן נאָך נאַשן, אויב זיי וועלן אונדז פאַרגינען דאָס לעבן און נאָך אַ שטיקל באָדן דערצו, טאַקע יענעם, וואָס איז געווען דער עדות פונעם גרעסטן אויפבלי פונעם יידישן שאַפונגס־גייסט.

ג. די וועגן פון יידישן פאָלק און פון יידישע יחידים גייען זיך פונאַנדער

מיטן אָנהויב פון דער עמאַנציפּאַציע, הויבט זיך אָן די דעזאינטעגראַציע פונעם יידישן כלל. דער בונד, וואָס האָט ווי מיט אַ פעסטן רייף אַרומגענומען יידן, ווערט אַלץ לויזער און לויזער. דאָס הויפּט־ציל פון דער עמאַנציפּאַציע, די אינפילטראַציע פון יידן אין דער אַרומיקער געזעלשאַפט און זייער גלייכשטעלונג מיט קריסטן, האָט די עמאַנציפּאַציע נישט דערגרייכט, אפילו נישט היינט צו טאָג, נאָך אַ קימאַ־לן פון איבער הונדערט און פופציק יאָר. אָבער איינס האָט זי יאָ דערלאַנגט: זי האָט געעפנט די טויערן פון געטאָ פאַר יידן יחידים, פאַר די רייכע און פעאיקע. די דאָזיקע יידן האָבן באַקומען, צי דורך שמד, צי אָן דעם ביסל וואַסער,

היינריך היינעס באַרימטן „אַריינטריט־בילעט” צו דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע.

דער ביז דעמאָלט איינהייטלעכער פלוס פון יידישן שאַפן ווערט געשפּאָלטן. ווי פריער, פליסט דער הויפּט־שטראָם אינעווייניק, אין דעם יידישן תחום. אָבער פּאַראַלעל מיט אים, אָפּטמאָל אויף אַ גאָר היפשן מהלך, פליסן מוטנע וואַסערן, וואו עס שווימען אַרויס אויפן אויבערפלאַך איינצלנע יידן, וואָס זייערע גייסטיקע אינטערעסן און זייערע אויפטוען ליגן מחוץ פונעם יידישן גבול. אויב פריער זענען דאָס פאָלקס־שאַפן און די קרעאַציעס פון יידן יחידים געווען אידענטיש מיט איינצלנע אומבאַטייטנדיקע אויסנאַמען, קומען איצט אויף צוויי רשויות, וואָס פון אויבנאויף איז נישט לייכט צו ציען צווישן זיי שאַרפע גרענעצן.

ווי פריער, זענען יידישע גאונים און רבנים, אַ ר׳ עקיבא אייגער, אַ ווילנער גאון, אַ חתם סופר און אַנדערע, געזעסן על התורה און נישט מיד געוואָרן ווייטער געבויט דעם בנין פון הלכה. חסידישע צדיקים און רביים, אַ ר׳ לוי יצחק מבערדיטשעוו, ר׳ נחמן בראַצלאַווער, דער תניא און זייערע חברים און תלמידים, האָבן ווייטער געשפּינט דעם פאָדעם פון דער אגדה און גלייכצייטיק נישט פאַרוואָרלאָזט דאָס פעלד פון הלכה. יידישע דענקערס, ווי אַ שמואל דוד לוצאַטו (שד״ל), אחד העם און אַנדערע, שפּעטער אויפגעקומענע, האָבן ווידער אָנגעקניפּט דאָרט, וואו דער יידישער רעליגיעז־פילאָסאָפישער און נאַציאָנאַל־עטישער געדאַנק איז געבליבן שטיין אין דער שפּאַנישער עפּאָכע און אין דער צייט פון איטאַליענישן רענעסאַנס. ווידער בליט זיך פונאַנדער די יידישע פּאָעזיע, דאָס מאָל מיט מער אַקצענטירטע וועלטלעכע מאָטיוון, ביי די לעוועזאָנס, דער טאַטע און דער זון, און שפּעטער ביים ריז חיים נחמן ביאַליק. אַ נייע שפּראַצונג אויפן יידישן בוים באַווייזט זיך מיטן אויפקום פון אַ ליטעראַטור אויף דער פאָלקס־שפּראַך פון די מזרח־יידן, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעבליט מיטן אָנקומען פון די „דריי גרויסע”, מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, י. ל. פּרץ און פון אַ ריי יידישע דיכטערס און שרייבערס, וואָס לעבן נאָך צווישן אונדז. עס באַווייזן זיך התחלות פון יידישער מוזיק, יידישן טעאַטער און קונסט.

לאָזן מיר דערווייל אין אַ זייט דעם יידישן און דעם אוניווערסאַלן ווערט פון אָט די אַלע שאַפונגען, זייערע מעלות און חסרונות, זייערע עליות און ירידות. איינס איז אָבער זיכער : דאָס אַלץ איז געווען און געבליבן יידיש שאַפן, אַרויסגעקוואָלט פונעם פאָלק און צוריק צו אים געשטראָמט, געשריבן פון יידן פאַר יידן אין זייערע אייגענע שפּראַכן. ווי גיט מען זיך

אָבער אַן עצה מיט דער גאַנצער פּלעיאַדע פון יידן, אַ קאַרל מאַרקס, אַ לודוויג בערנע, אַ היינריך היינע, אַנרי בערגסאָן און אַנדערע, וואָס זענען אין חדר נישט געגאַנגען, האָבן אין ישיבות נישט געלערנט און זייערע קענטעניש געגומען פון גויאישע ביכער און אוניווערסיטעטן, וואָס האָבן געשריבן נישט אויף קיין יידישער שפּראַך נאָר אויף פרעמדע לשונות, נישט פאַר יידן, נאָר פאַר „דער וועלט" ?

פאַר דער יידישער אַסימילאַציע איז דאָס קיין פּראָבלעם נישט געווען. זי האָט זיי אַלעמען און זייער ווערק מיט שמחה און גדלות פאַרשריבן אויפן יידישן חשבון, און זיי אַריינגעגעבן ווי יידישן נדן צו ציוויליזאַציע. נאָך מער, פאַר איר זענען די דאָזיקע יידן, וואָס שאַפן צווישן און פאַר די אַנדערע פעלקער, דער איינציקער אויסדרוק פונעם יידישן שאַפונגס־גייסט פון די לעצטע יאָרהונדערטער און נאָר זייערע ווערק האָבן אַ ווערט פאַר יידן און פאַר דער גאַרער וועלט. נאָך דאַ גאָרנישט לאַנג צוריק האָט וואַלדאָ פראַנק אויסגעדריקט זיין ציטער, אַז „אפשר זענען ברוך שפּינאָזאַ און קאַרל מאַרקס דאָס שוואַנען־ליד פון ישראל, דער לעצטער אַנזאָג פון אַ גרויס פאָלק פאַר זיין טויט". דער היינטיקער ייד, זאָגט וואַלדאָ פראַנק, דאַרף די דאָזיקע צוויי גרויסע יידן אינטערפּרעטירן ווי נביאים, פּונקט ווי זיינע עלטערן האָבן געקוקט אויף משה רבנו און ישעיה הנביא. קומט אויס, אַז גראָד די צוויי גרויסע פּערזענלעכקייטן, וואָס הגם אַרויסגעקומען פון יידן, זענען זיי, דער ערשטער צום טייל, דער צווייטער אינגאַנצן, אַוועק הן פון יידישקייט הן פון יידישן פאָלק, אַז גראָד זיי רעפּרעזענטירן דעם יידישן שאַפונגס־געניוס. אמת, וואַלדאָ פראַנק ווייסט, אַז אין מזרח־אייראָפּע איז נאָך פאַראַן אַ לעבעדיק יידיש לעבן און יידישע פּיוערס, אָבער וועגן זיי איז נישט כדאַי צו רעדן, ווייל די דאָזיקע יידן „אָטעמען מיט אַ מיטלעלטערלעכער לופט", זיי זענען פאַראורטיילט צום גייסטיקן אויסשטאַרבן צוליב זייערע אַרכאַאישע לעבנס־פאָרמען. אין דער חסידות זעט ער, און דוכט זיך נאָר דאָס, עלעמענטן פון דעמאַגאָלאָגיע, דאָס פאַרגעטערן פון צדיקים און נאַאיווע פאַרשטעלונגען וועגן השארת־הנפש. דאָס לעבן פון די יידישע קיבוצים אין מזרח־אייראָפּע זעט ביי אים אויס כמעט אַזוי קינדיש־נאַריש ווי דאָס לעבן פון זייערע שכנים, די אומוויסנדיקע פּויערים. קען מען אָבער פאַרלאַנגען פון וואַלדאָ פראַנק אַ פאַרשטענדעניש פאַרן אויטענטישן יידישן לעבן און שאַפן, אַז ביידע זענען אים לחלוטין פרעמד און זעען במילא אויס ווילד אין זיינע אויגן, ווי נאַריש און משעקאַווע עס זעט אויס דאָס לעבן פון כינעזער, יאַפּאַנער אָדער הינדוסן אין די אויגן פון די אַנגלאָ־זאַקסן. דערציילט ער אונדז אַליין,

און אַ יישר־כח אים פֿאַר זײַן אָפֿנהאַרציקייט, אַז ער איז אומוויסנדיק אין יידישע זאַכן, ווייל ער האָט קיין שום יידישע דערציאונג נישט באַקומען. צו איין און צוואַנציק יאָר האָט ער געלייענט פינף שפּראַכן אָבער העברעאיש און יידיש זענען זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט געווען צווישן זיי. צו דרייסיק יאָר האָט ער די שריפטן פון אינדיע, גריכנלאַנד און פון מיטלעלטערלעכן איראָפּע געקענט בעסער ווי דעם תנ״ך. ער איז בייגעווען דעם גאָט־דינסט אין אַ צענדלינג קירכן און קאַטעדראַלן און זײַן פוס האָט קיינמאָל נישט געהאַט אַריבערגעטרעטן די שוועל פון אַ יידישער שול (9). וואָס ווייסט ער פון אַ בעש״ט, פון אַ ווילנער גאון, פון ח. נ. ביאַליק אָדער י. ל. פּרץ, חוץ אפשר איינצלנע פּראַגמענטן אין אַ פּרעמדשפּראַכיקער איבערזעצונג? און עס איז אַ טרויעריקער צייכן פון אונדזער שפלן מצב, אַז אַזאַ אינטעלעקטועלער און בלי־ספק באַגאַבטער און אויפריכטיקער מענטש ווי וואַלדאָ פּראַנק געפינט ביי זיך גענוג מוט נישט בלויז צו שרייבן אַ בוך וועגן יידן און יידישקייט, נאָר זיך איינצואוויקלען אין אַ טלית פון אַ מורה דרך, פון אַ וועג־ווייזער פונעם יידישן פּאָלק, לכל הפּחות פאַר זײַן גרעסטן קיבוץ, דעם אַמעריקאַנישן. איך בין זיכער אַז ער וואָלט זיך מיט אַזאַ דרייסטקייט נישט באַנומען מיט די הינדוסן למשל, הגם וועגן זייער לעבן און זייער ליטעראַטור האָט ער אַ גרונטלעכערע השגה ווי וועגן יידישן. איז טאַקע די יידישע וועלט הפקר.

דערמאָנט איר זיך וואָס היינריך היינע דערציילט אונדז ווי זײַן פּראַנצויזישע פרוי האָט נישט געקענט פּאַרשטיין, וואָס ער מאַכט אַזאַ וועזן פון דעם דיכטער ר׳ יהודה הלוי, וואָס אַפילו זײַן נאָמען האָט זי קיינמאָל נישט געהערט אין פּענסיאָנאַט וואו זי האָט זיך דערצויגן, הגם זי איז געווען אַ בקי אין די כינעזישע מאַנדאַרינען מיט די לאַנגע צעפּ און האָט געוואוסט אויף אויסווייניק אַלע מומיעס פון די עגיפּטישע פּרעהס. נאָר היינריך היינעס פּראַנצויזקע איז לכל־הפּחות געווען באַשיידן, נישט געשריבן קיין ביכער וועגן יידן און יידישקייט און אַ פּשיטא שוין נישט געהאַט קיין פּרעטענזיע צו לערנען די יידן די וועגן ווי צו גיין. אָבער אַפילו איר האָט היינריך היינע געגעבן די ריכטיקע עצה, זי זאָל לערנען העברעאיש, וועט זי פון ר׳ יהודה הלוין מער וויסן. קען איך זיך אָבער איינשטעלן צו געבן די עצה צו „גיין אין חדר אַריין״ אַזאַ באַרימטן אַמעריקאַנער שרייבער ווי וואַלדאָ פּראַנק?

אַקוראַט אַזאַ איז דער צוגאַנג צו אונדזער פּראָבלעם כמעט פון דער גאַנצער יידישער אַסימילאַציע און פון איר ליטעראַטור אויף כלערליי פּרעמדע שפּראַכן. דאָס קאָלעקטיווע יידישע לעבן הערט אויף פאַר דער אַסימי־

לאַציע צו עקסיסטירן. און דאָס איז נישט מער ווי נאַטירלעך, וויבאַלד, אַז זי איז אויס שותף מיט אים. אַזוי אַרום איז עס דערגאַנגען דערצו, אַז דאָס פּראָבלעם פון יידישן שאַפן, אין זיך און פאַר זיך, איז פאַרביטן געוואָרן מיט דער תורה פון דער „יידישער קאָנטריבוציע צו ציוויליזאַציע” וועגן וועלכער מען האָט געשריבן גאַנצע פּעק ביכער און הונדערטער אַרטיקלען אין יידישע און קריסטלעכע צייטשריפטן. דער יידישער צושטייער איז געוואָרן ממש אַ באַזונדערער און אַ גאָר וויכטיקער צווייג פון פאָרשן, ווי איר זעט עס נישט ביי קיין אומה ולשון. פאַרשטייט זיך, אַלע פעלקער האָבן הנאה און שטרייכן אונטער דעם נוצן, וואָס אַנדערע האָבן געהאַט צוליב זיי, אָבער דער עיקר בלייבט פאַר זיי די געשיכטע פון זייער אייגענעם וואוקס און פון אייגענע אויפטוען. אָבער דאָס וואָס ביי אַנדערע איז דער רעזולטאַט, איז ביי אונדז געוואָרן דאָס ציל. דער יידישער צושטייער צו אַנדערע פעלקער איז געוואָרן דער זינען און דער תכלית פון אונדזער עקסיסטענץ גופא. וויבאַלד קיין אייגענעם אינהאַלט, קיין אייגענעם חיות האָבן מיר נישט, איז דער דאָזיקער צושטייער געוואָרן, ווי מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, גלייכצייטיק די באַרעכטיקונג פון אונדזערע תביעות צו דער וועלט אויף רעכט און גלייכקייט. פאַר אַנדערע ווידער איז אָט דער צושטייער אַ פּאַסיקער שלייער צו פאַרדעקן דעם פאַקט, וואָס אַזוי פיל גייסטיקע שפּראָצונגען און בליאונגען זענען פאַרטריקנט און פאַרוויאַנעט געוואָרן פאַר דער צייט אין דעם קאַלטן קלימאַט פון אונדזער גלות־עקסיסטענץ. אויפטוען פון יידן אין אַלע לענדער פון דער וועלט און אויף אַלע געביטן פון גייסטיקן שאַפן האָבן געדאַרפט באַווייזן, אַז נישט קיין קללה, נאָר אדרבה, אַ ברכה איז גאָר דער גלות פאַר אונדז און פאַר דער וועלט. אָט אַזוי האָט דער שווינדל פון פאַרבייטן דאָס יידישע פאָלק מיט יחידים יידן אָפּגעגליקט, מחמת עס האָבן זיך געפונען יידן, וואָס האָבן געגאַרט דוקא זיך צו לאָזן נאַרן.

אין די צוויי ביכער פון די ענגליש־יידישע שרייבערס, דזשייקאָב דזשאָזעף און סעסיל ראָט, וואָס טראָגן דעם אייגענעם קלאַסישן טיטל „יידישע קאָנטריבוציע צו ציוויליזאַציע”, וועט איר דאָרט נאָך געפינען אַ פּאָר נעמען פון אַלטערטום און מיטלעלטער, וואָס געהערן צו יידישער געשיכטע, צו אונדזער אייגענעם גייסטיקן פאַרמעגן. אָבער אויך נאָר די וואָס גויים האָבן געשאַצט און עפּעס פון זיי געלערנט, ווי פילאָן, דער רמב״ם, דער רלב״ג וכדומה. דער סאַמע יידישער פון אַלע דענקער אין מיטלעלטער און דער גרעסטער פון די יידישע משוררים ביז צו דער היינטיקער תקופה ר׳ יהודה הלוי ווערט אָדער גאָרנישט דערמאָנט און אויב

שוין יאָ, איז דאָס אין זכות פון דער חכמת הדאָקטאָריע, וואָס ער האָט פּראַקטיצירט. אָבער פאַר די לעצטע הונדערטער יאָרן, וואָס פאַלן מער־ווייניקער צונויף מיט דער עמאַנציפּאַציע־עפּאָכע, גלאַנצן נאָר די נעמען פון יידן, וואָס האָבן גאָר קיין שייכות נישט אָדער גאָר אַ קנאַפּע שייכות צו אונדזער גייסטיקער געשיכטע. אַז דאָרט פיגורירן נישט אונדזערע מאָדערנע העברעאיש־יידישע דיכטער און דענקער, איז קלאָר, סיידן אימיצער פון זיי האָט געהאַט דעם צופעליקן, און אַמאָל דעם צווייפל־האַפטן, זכות באַקאַנט צו ווערן צווישן גויים. פאַרקערט באַשיינען אָבער די זייטן פון די דאָזיקע ווערק אַלע צווייט־ און דריט־ראַנגיקע יידן, פערזון־און פּיעסע־מאַכערס און זשורנאַליסטן, אַבי זיי האָבן זיך דערדינט מען זאָל זיי דרוקן אין גויאישע אויסגאַבעס. מען זוכט און מען נישטערט צווישן די גרויסע מענטשן, מען איז בודק זייערע ביאָגראַפיעס, צי שטאַמען זיי נישט אַמאָל, און זאָל זיין אין צווייטן אָדער דריטן דור, פון יידן. שוויבלט עס און גריבלט עס טאַקע דאָרט מיט משומדים. איטלעכער דעזער־טירער אויב ער האָט עפּעס אַמאָל געשריבן, איז ער שוין זיכער, ווי־באַלד ער האָט באַקומען אַ סמיכה פון גויים, מיט אַ בכבודיקן אָרט אינעם „פּאַנטעאָן”, וואָס דאַרף פאַראייביקן דעם יידישן חלק אין דער ציוויליזאַציע. קען מען צו זיי פערזענלעך, צו די הערן דזשייקאָב דזשאָזעף און סעסיל ראָט, מעטאַדאַלאָגיש קיין טענות נישט האָבן, וואָס זיי גייען פאַרביי דאָס אמתע יידישע פאָלקס־שאַפן און גיבן זיך אָפּ נאָר מיט די איינצלנע יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין פרעמדע פעלדער. פאָרמעל זענען זיי אין אָרדענונג, וויבאַלד זיי באַהאַנדלען נאָר דעם יידישן בייטראַג פאַר אַנדערע. אָבער אויב עס באַקומט זיך אַזאַ פּאַראַדאָקסאַלער רעזולטאַט, איז עס דען נישט אַ סימן, אַז זייער צוגאַנג גופא איז אַ פאַלשער, אַ געקינצלטער ?



וואָס דאַרפט איר מער, אַז סמאָקעוועט זיך סעסיל ראָט אויף גאַנצע זייטן פון זיין בוך מיט די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס געשמדטע יידן, זייערע קינדער און קינדס־קינדער האָבן געהאַט פאַר דער קריסטלעכער, בפרט פאַר דער קאַטוילישער קירך. אמת, ער פאַרשטייט, אַז פון שטאַנדפּונקט פון אַן אָרטאָדאָקסישן יידן (נאָר אַן אָרטאָדאָקסישן ? י. ע.) איז אפשר (דער אפשר איז זיינער, י. ע.) צו באַדויערן, וואָס יידן פון געבורט האָבן גענומען אַזאַ חלק אינעם פּראָגרעס פון אַנדערע רעליגיעס. פון דער אַנ־דערער זייט, זאָגט ער, איז דאָס אַן אויסגעצייכנטער פירוש אויפן רעלי־

גיעזן זשעני פון יידישן פאָלק און אַ הכחשה פונעם אַנטיסעמיטישן ביל־בול, אַז יידן שטרעבן צו פאַרכאַפּן און באַהערשן די קריסטלעכע וועלט. און דאָ קומט אַ גאַנצע רשימה פון משומדים און בני־משומדים, וואָס האָבן באַשיינט די קאַטוילישע קירך און דאָרט זיך דערהויבן צו גאָר גרויסע פּאָזיציעס, ווי למשל די באַוואוסטע קאַטוילישע משפחה סאַנטאַ מאַריאַ, וואָס ציילט אגב אין אירע רייען נישט ווייניק אַנטיסעמיטן, און וועלכע שטאַמט אָפּ פונעם געוועזענעם רב אין בורגאָס, שלמה לוי, דער וואָס איז נישט בלויז נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון און זיך געשמדט, נאָר אויך אָנגעטון רשעות יידן און זיי גערודפט עד חרמה. פאַרוואָס יידן האָבן אים און זיין זכר פאַרשאָלטן(10). עס פעלט נאָך צום רומל דער ,,גרויסער" אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאַ, וואָס האָט בלי־ספק געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער קאַטוילישער קירך, וואָרעם ווייניק יידן האָט ער פאַרמוטשעט און פאַרבראַנט ? און עס איז ידוע, אַז עס איז דאָ אַ יש אומרים, אַז אויך אָט דער קריסטלעכער ,,קדוש", שטאַמט גאָר פון יידן.

### ד. יידישער ראַסיזם אונטער דער מאַסקע פון קאָסמאָפּאָליטיזם

ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, איז עס דאָך אַ פאַקט, אַז די קאָנצעפּציע פון דער אַסימילאַציע וועגן דעם יידישן חלק אין דער ציוויליזאַציע איז דורך און דורך אַ ראַסיסטישע, געבויט אויף דער נאַציסטישער טעאָריע פון אָפּשטאַם, פון בלוט אַלס דעם אַנטשיידנדיקן פאַקטאָר אין דער גייסטיקער פאָרמירונג פונעם מענטשן. די טעאָרעטיקער פון אַסימילאַציע, וואָס רעדן אונדז, נאַציאָנאַלע יידן, אויס אונדזער קרובהשאַפט מיטן ראַסיזם, זענען אין תוך די איינציקע יידן־ראַסיסטן, וואָס עקסיסטירן אויף דער וועלט. וואָרעם אויף וואָס פאַר אַ סמך רעכענען זיי פאַר יידישע שאַפונגען די אויפטוען פון יידן, אַליין געשמדטע אָדער געבוירענע פון געשמדטע עלטערן, מענטשן, וואָס האָבן קיין שום יידישע דערציאונג נישט געקריגן, וואָס קענען נישט קיין יידישן צורת אות, וואָס האָבן אַלע זייערע יאָרן געלעבט, געלערנט און געאַרבעט צווישן גויים. ווי אַזוי לייגט זיך זיי אויפן שכל, אַז די ווערק פון אָט די וויסנשאַפטלערס, שרייבערס אָדער פּאָליטיקערס, זענען יידישע אויפטוען און אַ יידישער צושטייער? אויך ביי די קריסטלעכע פעלקער קומען פון צייט צו צייט פאַר איינצלנע פאַלן, ווען מענטשן פון איין נאַציאָנאַלער אָפּשטאַמונג ווירקן אין אַן אַנדער נאַציאָנאַלער סביבה. ווער אימיצן

איינפאַלן זיי צוצורעכענען צום פאַלק פון זייער אָפּשטאַם און נישט צו יענעם, צווישן וועלכן זיי האָבן געלעבט און פאַר וועמען זיי האָבן אָפּגעגעבן זייערע טאַלאַנטן, זייער וויסן ? וועט אימיצן איינפאַלן אָפּצונעמען לודוויג וואַן בעטהאָווען פון דער דייטשער מוזיק, באשר בכן ער שטאַמט פון פלאַמאַנער, וואָס האָבן געלעבט אין בעלגיע. און געהערט נישט אַדאַלבערט שאַמיסאָ, דער שאַפער פון דעם באַרימטן „פעטער שלעמיעל", צו דער דייטשער ליטעראַטור און איר וועט זיין נאָמען אין דער געשיכטע פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור נישט געפינען, הגם ער איז געווען אַ פראַנצויז פון געבורט און האָט אויסגעוואַנדערט מיט זיינע עלטערן קיין דייטשלאַנד נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע ווען ער איז אַלט געווען צען יאָר. פונקט אַזוי געהערט מאַדאַם קיורי צו דער פראַנצויזישער וויסנשאַפט, הגם זי איז פון פוילישן אָפּשטאַם, דאָס אייגענע ווי יאָזעף קאָנראַד — אויך אַ פּאָליאַק — איז אַן ענגלישער שרייבער און ווי טשעמבערליין, דער מחבר פון „די יסודות פון נייצנטן יאָרהונדערט" איז דורך און דורך אַ דייטשער שרייבער, כאָטש ער שטאַמט פון ענגלענדער. און צי וועט אימיצער צווייפלען, אַז דער „גרויסער קאָרסיקאַנער" נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע איז איינער פון די גרעסטע פיגורן פון דער פראַנצויזישער און נישט פון דער איטאַליענישער געשיכטע, הגם ער איז געווען אַן איטאַליענער לויט אָפּשטאַם און שפּראַך.

פון דער גאַנצער „וויסנשאַפט" פונעם יידישן צושטייער צו ציוויליזאַציע ווערט אַ חורבה, אויב איר נעמט נישט אָן די הנחה, וואָס ליגט אין איר יסוד, הגם קיינער וויל זיך דערין נישט מודה זיין, אַז ריינט אין אימיצנס אָדערן „יידיש בלוט", ווערט זיין שאַפן דערפון באַאיינפלוסט און אפילו באַשטימט. דאָס וואָס מיר רופן די נשמה פון אַ מענטשן איז פאַר אונדז אַ מיסטעריע, וואו אונדזער וויסן איז נאָך נישט אַריינגעדרונגען. קיין וויסנשאַפט האָט נאָך נישט אויפגעקלערט, פאַרוואָס איינער ווערט געבוירן אַ נאַר און דער צווייטער אַ קלוגער. פאַרוואָס פון איינעם ווערט אַ גאון און פון צווייטן אַ טאַלאַנטלאָזיקייט. פון איינעם — אַ גרויסער מוזיקער און פון דעם אַנדערן — אַ קלעזמער, פון יענעם — אַ געניאַלער מאָלער און פון דעם — אַ שטוב־פאַרבער. קיין ערנצטער וויסנשאַפטסמאַן וועט נישט האָבן איצט קיין מוט צו דערקלערן, אַז דער מענטשלעכער גייסט הענגט אָפּ פון פיזישע און ביאָלאָגישע סיבות. די נשמה, דער גייסט איז דער „חלק אלוה ממעל", אָדער ווי די גמרא דריקט דאָס אויס אויף אַ בילדלעכן שטייגער זאָגנדיק אַז פון די דריי שותפים וואָס ברענגען דעם מענטשן אויף דער וועלט — דער פאָטער, די מוטער

און הקב"ה, באַקומט ער זיין גייסט נישט פון זיינע עלטערן, בייערט איינציק און אַליין פונעם רבונו של עולם (נדה, ל"א, א).

האָבן מיר ביז איצט גערעדט פון איינצלנע מענטשן. אָבער אויך בנוגע צו די גייסטיקע פאַרשידנקייטן צווישן פעלקער קען מען נישט באַווייזן, אַז זיי הענגען אָפּ נאָר פון און דערקלערן זיך נאָר מיט פיזישע אָדער בכלל וועלכע נישט איז אויסערלעכע פאַקטאָרן. געווען אַ צייט ווען עס איז געווען אין מאָדע די שיטה, אַז די פיזישע באַדינגונגען פון אַ לאַנד באַשטימען אַליין דעם כאַראַקטער פון דער באַפעלקערונג. קען מען נישט לייקענען, אַז די קלימאַטישע און פיזישע באַזונדערקייטן פון אַ באַשטימטער טעריטאָריע (פאַרטיילונג פון וואַסער און יבשה, בערג און טאָלן וכדומה) האָבן אַ געוויסע ווירקונג אויף דער גייסטיקער סטרוקטור פון די איינוואוינערס. עס איז ידוע, למשל, אַז ביי מענטשן, וואָס לעבן אין אַ טראָפּישן אָדער סובטראָפּישן קלימאַט, אַרבעט דער קאָפּ לאַנגזאַמער און, אַז בכלל ליידט דערפון זייער אַרבעטס־פעאיקייט. אָבער די דאָזיקע פאַקטאָרן ווירקן אַזוי לאַנג ווי דער מענטש לעבט אין די געגעבענע אויסערלעכע באַדינגונגען. בירושה גייען די באַזונדערקייטן, אַרויסגערופן דורך דער פיזישער סביבה, נישט איבער. און אויב אַ קינד, געבוירן אין אַ הייסן לאַנד, וועט פון קינדווייז אָן וואַקסן און לעבן און דערציגן ווערן אין דער פרעמד — אין אַ קאַלטן אָדער מעסיקן קלימאַט, וועט עס אַרויסווייזן די אייגענע אַרבעטס־פעיקייטן, ווי די איבעריקע איינוואוינערס פון זיין וואוינלאַנד. עס קען נאָר געמאָלט זיין, אָבער אויך דאָס איז נישט אַבסאָלוט זיכער, אַז ווי ווייט די פיזישע באַדינגונגען פון אַ לאַנד ווירקן אויף דער סענסיביליטעט פונעם מענטשן, קען זייער ווירקונג איבערגעגעבן ווערן, אָבער טאַקע נאָר בנוגע דעם פילבאַרקייט־אַפּאַראַט, ביאָלאָגיש, דאָס הייסט, איבערגיין בירושה. אַזוי למשל איז באַוואוסט דער גרויסער גראַד פון אָפּגעטעמפטקייט פון די יאַפּאַנער צו פיזישע יסורים. אַ יאַפּאַנערין געבוירט אַ קינד אָן איך קרעכץ. אָבער אויך אינעם דאָזיקן פאַל איז בכלל נישט זיכער, צי איז דאָס טאַקע, ווי עס מיינט די שיטה פון פיזישן איינפלוס, אַ רעזולטאַט פון אַ ווייניקער פילנדיקן נערוון־סיסטעם, אַליין פאַר זיך, אָדער פון אַ לאַנגער סאַציאַלער אַנטוויקלונג. פאַרקערט אָבער, האָט די דערפאַרונג באַוויזן, אַז דער ווילן פון מענטשן און זייערע צילבאַוואוסטע אָנשטרענגונגען קענען אָפּשוואַכן און אַפילו אַנולירן די פיזישע השפעות אויפן כאַראַקטער און אויף דער פסיכיק. נעמט טאַקע די אייגענע יאַפּאַנער. עס קורסירט שוין לאַנג אומעטום די מיינונג, אַז די אַלגעמיין־אָנדערקענטע פאַראַכטונג פונעם

יאַפּאַנער צום טויט נעמט זיך דערפֿון, וואָס דער טויט לויערט אויפֿן מענטשן בכל עת ובכל שעה אינעם דאָזיקן לאַנד פֿון ערד־ציטערנישן און וואולקאַן־עקספּלאָזיעס. קומט אַ פֿראַנצויזישער שרייבער, דוקא נישט קיין מענטש פֿון טרוקענעם וויסן, אָבער מיט אַ שאַרפֿן אויג זיך צוצו־קוקן צו זאַכן און מענטשן און מאַכט אונדז אויפֿמערקזאַם, אַז נאָך מיט ווייניקער ווי הונדערט יאָר צוריק זענען די יאַפּאַנער געווען גוואַלטיקע פּחדנים. יאַפּאַנישע זעלנערס פֿלעגן אַנטלויפֿן וואו פֿעפֿער וואַקסט, ווי נאָר זיי פֿלעגן דערזען ווייסע מענטשן (11). און ווי לאַנג איז עס, אַז מען האָט געהאַלטן טאַקע די אייגענע יאַפּאַנער פֿאַר די סאַמע אכזריותדיקע מענטשן אין דער וועלט ? דאַרף איך דעם יידישן לייענער דערציילן אַז די דייטשן, אַן אייראָפּעאיש פֿאָלק, וואָס לעבט אין אַ מעסיקן קלי־מאַט און אין פֿלאַכן לאַנד, האָט זיי איבערגעשטיגן אין אכזריות, זיי און אויך אַפֿילו די סאַמע ווילדסטע פֿעלקער אין דער וועלט ?

נאָר אויב מען וואָלט אפֿילו אָנגענומען, אַז פֿיזישע פֿאַקטאָרן האָבן אַן אַנטשיידענעם איינפֿלוס אויפֿן כאַראַקטער און גייען יאָ איבער בירושה, וואָלט דאָס אויך נישט געראַטעוועט דעם יידישן ראַסיזם, וויבאַלד, אַז יידן לעבן שוין זייט היפּשע יאָרן אין די סאַמע פֿאַרשידנסטע קלי־מאַטן און אין לענדער פֿון פֿאַרשידענע פֿיזישע באַדינגונגען. אויב באָדן, ווי אַ פֿאַקטאָר פֿון גייסטיקער פֿאָרמאַציע, פֿאַלט בכלל אָפּ, אָדער בכל אופֿן בעת עס רעדט זיך וועגן יידן, בלייבט פֿאַרן יידישן ראַסיזם נאָר דער צווייטער טייל פֿון דער ראַסיסטישער טעאָריע — דאָס בלוט. אמת, מען זאָגט ביי אונדז „יידיש בלוט רינט אין זיינע אָדערן". מען רעדט וועגן אַטאַוויזם, וואָס רופֿט זיך אָפּ ביי אַ יידן, וואָס ער אָדער זיינע עלטערן האָבן זיך אָפּגעפֿרעמדט פֿונעם יידישן פֿאָלק. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס זענען נישט מער ווי מליצהדיקע אויסדרוקן. נאָך ווייניקער ווי די פֿערמאַ־נענטע ווירקונג פֿון אויסערלעכע פֿיזישע פֿאַקטאָרן, איז וויסנשאַפֿטלעך באַוויזן דער טעזיס פֿון ביאָלאָגישער ירושה. אָביעקטיווע פֿאָרשער האָבן שוין לאַנג צעשטערט די לעגענדע וועגן דער גייסטיקער אינפֿעריאָריטעט פֿון דער שוואַרצער ראַסע. אָט האָט מען דעם גלויבן אין דער דאָזיקער אינפֿעריאָריטעט געוואָלט באַקרעפֿטיקן דורך דער סטאַטיסטיק פֿון די פּעאיקייטס־עקזאַמענס, וואָס ווערן דורכגעפֿירט אין דער אַמעריקאַנער אַרמעע און באַוויזן, אַז נעגערס שטייען גייסטיק נידעריקער פֿון די ווייסע רעקרוטן. שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז דער דורכשניטלעכער נעגער פֿון די צפֿון־שטאַטן איז העכער אין אינטעליגענץ פֿון דורכשניט־לעכן ווייסן פֿון די דרום־שטאַטן און דערפֿון איז מען גע-

צוואונגען געווען צו קומען צום פּועל־יוצא, אַז שולדיק אין דעם דאָזיקן חילוק זענען די עקאָנאָמישע באַדינגונגען און דאָס דערציאונגס־סיסטעם, וואָס זענען פאַרשידן אין די צפון־ און דרום־שטאַטן. דאָס שוואַרצע און ווייסע „בלוט” האָט דאָ גאָרנישט ניט צו טון, זאָגט דאָנאַלד יאַנג. אויף ווען איך באַרוף מיך דאָ, אַז קיין לאַבאָראַטאָריע וועט ניט דערקענען, צי אָט דער אָדער יענער שאַרבן, וואָס מען וועט אים געבן צו פּרובירן, געהערט צו אַ ווייסן, געלן, אָדער שוואַרצן מענטשן (12). טאַקע מחמת דעם, וואָס עס זענען ניטאָ קיין אָביעקטיווע באַווייזן פאַר גייסטיקע ראַסן־אונטערשידן, קענען פאָרשערס און שרייבערס אַזוי פריי שפּעקולירן וועגן ראַסן־ און פעלקער־כאַראַקטעריסטיקעס. איטלעכער זויגט אויס פון פינגער זיינע סברות און עס פאַרשטייט זיך, אַז איינער איז קיינמאָל ניט מסכים מיטן צווייטן. אַלערליי שטותן און „שאַרפזיניקע” היפּאָטעזעס ווערן פּראָקלאַמירט ווי דאָס לעצטע וואָרט פון דער וויסנשאַפט און געפינען נאַראָנים וואָס גלויבן דערין. אָט האָט איר למשל אָטאָ וויינינגער, וועמען מען האָט פונאַנדערגעבלאָזן פאַר אַ זשעני, טאַקע איינער פון די, וואָס געהערן צו אונדזער צושטייער צו דער ציוויליזאַציע (איין טיטל דערצו האָט ער זיכער. אַ משומד איז ער געווען און אַ היפּשער אַנטיסעמיט אויך דערצו). זאָגט ער, אַז די יידישע ראַסע האָט אַנטראָפּאָלאָגיש אַ געוויסע קרובהשאַפט מיט די שוואַרצע און געלע ראַסעס. דעם יידישן פאָלק פעלט טיפקייט. און טאַקע דערום איז אים, פונקט ווי דעם ווייבערישן געשלעכט, ניט באַשערט געווען צו באַקומען גאָטס מתנה — די העכסטע גאונות (13). און גיי טו אים עפּעס. זיינע סברות זענען פונקט אַזוי ריכטיק, פונקט אַזוי „וויסנשאַפטלעך”, ווי אַלע אַנדערע, וואָס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן בנוגע די ראַסעס, נאַציעס און פעלקער און זייער כאַראַקטער.

פונקט אַזוי פאַלט אום ווי אַ קאָרטן־הייזל די כלומרשט וויסנשאַפטלעכע מסקנות, געבויט אויף סטאַטיסטיק מכח דער פאַרשידנקייט פון דער מאָראַל פון מענטשן לויט זייער ראַסע. דער באַוואוסטער האָלענדישער ראַסן־פאָרשער, ווילעם אַדריאַן באָנגער, וועלכער האַלט, אַז די גאַנצע ראַסן־טעאָריע איז בכלל ניט קיין וויסנשאַפט, נאָר אַ צווייטראַנגיקע רעליגיע, דערקלערט אויפן סמך פון לאַנגיעריקע פאָרשונגען, אַז עס איז פּשוט אַן אַבסורד צו רעדן וועגן פאַרברעכערישע און זינדיקע ראַסן. פּרינציפּיעל זענען ניטאָ קיין אונטערשידן אין גראַד פון פאַרברעכערישקייט צווישן פאַרשידענע ראַסן. און אויב די סטאַטיסטיק פאַרצייכנט מער פאַראורטיילטע צווישן נעגערס, דערקלערט זיך דאָס דער עיקר מיט

פאראורטיילן פון די ווייסע ריכטערס, מיט דער אָרעמקייט און נויט פון די נעגערס און זייער באגלייטער — די אומוויסנקייט. דאָס הייסט, נישט מיט ביאָלאָגישער ירושה, נאָר מיט די סאָציאַלע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שוואַרצער ראַסע. דאָס אייגענע דערקלערן זיך געוויסע ספּעציפישע אַנטי־געזעצלעכע דערשיינונגען, פאַרשפרייט צווישן יידן, ווי אַפּנאַרעריי, שווינדלען וכדומה, מיט די באַזונדערקייטן פון זייערע פּרנסות, פרנסות פון שטאָטישע און מסחר־עלעמענטן. במילא זענען צווישן יידן פאַרשפרייט יענע פאָרמעס פון אומגעזעצלעכקייטן, וואָס מען געפינט בכלל צווישן שטאָטישע איינוואוינערס. באַנגער גיט צו, אַז עס זענען פאַראַן געוויסע פּסיכישע אונטערשידן צווישן ראַסן, הגם ער ווייזט נישט אָן אויף וואָס ער איז זיך סומך און אין וואָס אַקוראַט די דאָזיקע דיפערענצן באַשטייען. בכל־אופן האַלט ער פאַר נישט וואַרשיינלעך די עקסיסטענץ פון ראַסן־אונטערשידן בכלל, און נישט בלויז אין געוויסע פּרטים (14).

ה. די יידישע סביבה ווי דער דעטערמינירנדיקער פאַקטאָר

אויב די פיזישע און ביאָלאָגישע פאַקטאָרן זענען נישט דעטערמינירנדיק בעת עס רעדט זיך וועגן ראַסן, דאָס הייסט פון מענטשן־גרופּעס וואו די דאָזיקע פאַקטאָרן זענען אַזוי בולט און קומען אַזוי בפירושדיק צום שיין, איז אַ פּשיטא שוין, אַז זייער ראָלע איז נאָך קלענער, בעת עס האַנדלט זיך וועגן פעלקער, וואָס זענען בטבע נישט קיין פּראָדוקט פון דער נאַטור נאָר פון געשיכטע, דאָס מיינט — פון מענטשלעכן ווילן און פון מענטשלעכע טאַטן. נאָר אויב אַזוי בלייבט נאָך איין כח, וואָס פאַרמירט דאָס, וואָס מיר רופן דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון אַ פאָלק, און אין אַ געוויסער מאָס — די גייסטיקע פיזיאָנאָמיע פון זיינע אָנגעהעריקע. און דאָס איז די סאָציאַלע סביבה. פאַרשטייט זיך, סאָציאַלע סביבה מיינט נישט בלויז די סאָציאַלע ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבנס־באַדינגונגען פון היינטיקן טאָג. יעדער דור הויבט נישט אָן פונעם אָנהויב און באַשאַפט נישט פון דאָסניי זיין אייגענע סביבה. די אויפטוען פון איין דור זענען נאָך אַ מינימאַלער חלק אין דעם גייסטיקן און מאַטעריעלן פאַרמעגן פון אַ פאָלק. דעם גרעסטן חלק מאַכט אויס די ירושה, וואָס דער איצטיקער דור האָט באַקומען פון די פריערדיקע. נמצא, אַז די דיפערענצן אין דער גייסטיקער און מאַטעריעלער סטרוקטור פון אַ פאָלק

זענען טאַקע בעיקר אַ רעזולטאַט פון ירושה, אָבער נישט פון ביאָלאָגי־שער, נייערט סאָציאַלער. קלאָר, די דאָזיקע ירושה קען איבערגיין נאָר דורך באַשטימטע קאַנאַלן. און אויב די קאַנאַלן זענען נישט די בלוט־אָדערן, קענען זיי זיין נאָר סאָציאַלע וועגן און אינסטיטוציעס: די פאַ־מיליע, די שול, חברים פון שול און אַזוי ווייטער. אָט פאַרוואָס, אַז איר וועט אָפּרייסן אַ יידיש קינד פון וויג און אים אָפּגעבן אַ קריסטלעכער פאַמיליע און סביבה, וואו עס וועט דערצויגן ווערן, וועט עס אויסוואַקסן אַ גוי גמור און אַפילו מיט אַ שפּאָקטיוו וועט איר אין אים נישט אויס־געפינען קיין שפּור פון זיין יידישן אָפּשטאַם.

די פּראָוון, וואָס ווערן געוועגלעך געמאַכט כדי לאחד המעשה אויפ־צודעקן דעם יידישן שורש און די ווירקונג פון יידישקייט אין דער אָדער יענער גרויסער פּערזענלעכקייט אויפן סמך פון געוויסע פאָרשטעלונגען וועגן אַ פּערמאַנענטן יידישן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, אָדער אויפן גרונט פון געוויסע אידעען, וואָס מען באַטראַכט פאַר אייביק יידישע, זענען אַ ברכה לבטלה. אָט האָט ריכאַרד וואַגנער דערקלערט מיט דער אויטאָרי־טעט פון אַ פּוסק אחרון, אַז יידן איז די מוזיק אָרגאַניש פרעמד און זיי וועלן שוין קיינמאָל די שפּראַך פון קלאַנגען נישט אויסלערנען (15). ווייסן מיר אָבער וואויל, אַז וואַגנערס „אייזערנער געזעץ" האָט זיך אַרויס־געוויזן לייכטער ווי אַ פעדערל. אָדער אָט דערקלערן די ספּעציאַ־ליסטן אין דער סוגיה, וואָס הייסט „יידישער צושטייער צו ציוויליזאַציע", הן ברוך שפּינאָזאַ און הן אַנרי בערגסאָן פאַר פּראָדוקטן פון יידישן גייסט, פון דער „יידישער אידעע". קען מען אָבער זעלטן טרעפן אַזוינע צוויי פאָלאַרע העגקערס ווי אָט די צוויי. איז דער איינער, שפּינאָזאַ, אַ פאַנטעאיסט, בעת דער צווייטער, אַנרי בערגסאָן, איז אַ הייסער גלויביקער קאַטאָליק. און אויב די דאָזיקע פּרוּוון פעסטצושטעלן געוויסע פּערמאַנענטע שטריכן פון אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער האָבן זיך נישט איינגעגעבן, איז דאָס דערפאַר, וואָס אַזוינע עקסיסטירן גאָרנישט בעצם, פּונקט אַזוי ווי עס זענען נישט בנמצא קיין שטענדיקע נאַציאָנאַלע אידעען וואָס זאָלן נישט זיין אונ־טערטעניק דעם געזעץ פון אַנטוויקלונג און זיך נישט מאָדיפיצירן. אַ לעבעדיק פאָלק געפינט זיך כסדר אין אַ פּראָצעס פון אַ פליסנדיקער עוואָלוציע. במילא קענען ביידע, דער כאַראַקטער און די געדאַנקען עוואָלוציאָנירן, ווי מיר האָבן עס געזען, למשל מיט דער פּחדנות און גבורה פון די יאַפּאַנער. היות אָבער ווי די אַלע ענדערונגען קומען פאָר אין דער אייגענער סביבה, אויף דער קאַנווע פון אַ באַשטימטער גע־

שיכטלעכער פאַרגאַנגענהייט און זיי זענען דערום נישט קיין פלוצעמ־דיקער איבערברוך, נייערט אַ המשך, קומט במילא אויס, אַז אין יעדן געגעבענעם מאָמענט איז פאַראַן עפּעס, וואָס שיידט אונטער איין פאָלק פונעם צווייטן. בכן, אויב עס איז יאָ פאַראַן עפּעס פערמאַנענטעס ביי אַ פאָלק, אויב עפּעס ענדערט זיך נישט, איז דאָס זיין פאַרשידנקייט פון אַנדערע פעלקער. אַ פאָלק איז טאַקע קיינמאָל נישט אַבסאָלוט גלייך צו זיך אין פאַרשידענע פעריאָדן פון זיין געשיכטע. עס איז אָבער אויך קיינמאָל נישט גלייך צו אַנדערע.

דערפון איז געדרונגען, אַז אויב מען וויל באַשטימען דעם נאַציאָ־נאַלן כאַראַקטער פון אַ ווערק, קען דאָס בשום־אופן נישט געטון ווערן אויפן סמך פון קלאָרע און איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסטגעשטעלטע כללים, נייערט בלויז דורך אַ קאָנקרעטן אַנאַליז פונעם ווערק אויפן הינ־טערגרונט פון דער גאַנצער פאָלקס־אַטמאָספערע פון דער געגעבענער צייט. און דאָס איז שוין גאָרנישט אַזאַ לייכטע אַרבעט, ווי בעת מען האָט צו טון מיט כללים, וואָס מען קען אויסלערנען פון אַ האַנט־בוך אָדער גאָר שעפּן פון אַ צייטונגס־אַרטיקל. און דער ענין ווערט נאָך מער קאָמפּלי־צירט דערפאַר, וואָס גרויסע פערזענלעכקייטן, ווייל זיי שעפּן פון אַלע קוואַלן, זענען על־פּי רוב אונטערגעוואָרפן אונטער די פאַרשידנסטע, אָפט מאָל אויך קעגנזאַצלעכע השפּעות, ווי גרויס עס זאָל נישט זיין זייער גאונות און ווי באַטייטנדיק זייער אייגענער נדן. מען מוז מודה זיין, אַז ביז איצט איז נאָך נישט צוגעקלערט געוואָרן די אידעלע מאָס און נישט געפונען געוואָרן די סענסיבלע וואָג, וואָס מיט זייער הילף זאָל מען קענען אַקוראַט אויסמעסטן און אָפּוועגן די פּראָפּאָרץ צווישן דעם פערזענלעכן, נאַציאָנאַלן און פרעמדן חלק אין דער שאַפונג פון אַ גרויסן מענטשן. איך האָב מורא, אַז פונקט ווי מיט דעם שוין ציטירטן פאַל פון אַ מענטשלעכן שאַרבן, וואָלטן אויך די גרעסטע אַקאַדעמיעס און די באַרימטסטע עקס־פּערטן נישט תמיד געקענט אויסגעפינען די נאַציאָנאַלע צוגע־העריקייט פון אַן אומבאַקאַנטן פאַר זיי שרייבער אָדער קינסט־לער, אויב מען זאָל זיי פריער נישט ווייזן דאָס שער־בלאַט אָדער די חתימה אויפן בילד. און מיין אויספיר איז, אַז דערווייל לכל־הפּחות זענען די ווערק גופא פון גרויסע מענטשן, דער אינהאַלט און די פאָרם, נישט קיין זיכערער שטיצפונקט אויף צו באַשטימען זייער נאַ־ציאָנאַלן אָפּשטאַם. אויף אַ פעסטן גרונט געפינען מיר זיך ערשט, ווען מיר נעמען פאַר אַן אויסגאַנגס־פונקט נישט דאָס ווערק, נאָר זיין אויטאָר, זיין ביאָגראַפיע, זיין לעבנסוועג. איז אַ יידישער מחבר אָדער קינסטלער אויס־

געוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַ יידישער פאַמיליע, האָט ער זיך געחברט מיט יידן, איז ער געגאַנגען אין חדר אָדער אין אַ יידישער שול, האָט ער גערעדט אַ יידישן לשון, האָט ער זיינע אינפאָרמאַציעס געזוכט און געפינען אין יידישע ספרים, האָט ער אַליין געשריבן און געשאַפן פאַר יידן, דעמאָלט זענען זיינע שאַפונגען יידישע קרעאַציעס. און דאָס וועט זיין ריכטיק אַפילו אויב זיינע אידעען אָדער געדאַנקען זענען באַוואוסטערהייט אַנטי־יידיש, אַפילו אויב ער איז אַ „כופר בעיקר". און זאָל אַ גוי פרעדיקן הונדערט פּראַצענטיקע, קמח־סולתדיקע יידישע מאַראַל, בלייבט ער אַ גוי און ווערט צוליב דעם אַליין קיין ייד נישט. שאול טשערניכאָווסקי האָט געמעגט זינגען הימנען פאַר דער סטאַטוע פון דעם שיינעם אַפּאָלאָ און מיכה יוסף בערדיטשעווסקי גיסן ווערטער־מרערן, וואָס די נביאי־הבעל האָבן נישט מנצח געווען אליהו התשבי. האָט ער געמעגט אַריינפאַלן אין קעלבערנע התפעלות פאַר דעם זשעני פון פרידריך ניטשע, און מאַכן גרימאַסן ווי ער וואָלט זיך בוקן פאַר זיין אויבערמענטש און זיין פאַרליבט איבער די אויערן אין דער „בלאָנדער בעסטיע". געהערן אָבער סיי שאול טשערניכאָווסקי און סיי מיכה יוסף בערדיטשעווסקי צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, פּונקט ווי עס געהערן צו דער געשיכטע פון יעדן פאָלק די בונטאַרן זיינע, וואָס פאַרמעסטן זיך צו צוברעכן דעם פאָלקס הייליקייטן. דער חילוק צווישן די, וואָס שפּינען באַוואוסטזיניק דעם יידישן המשך און צווישן יענע, וואָס באַוואוסטזיניק ווילן זיי, הגם עס געלינגט זיי על־פּי רוב גאָרנישט און אין זעלטענע פאַלן נאָר צום טייל, „איבערקערן די קערה", יענע וואָס נעגירן די מסורה, באַשטייט נאָר דערין וואָס די ערשטע פלעכטן זיך איין ווי אַ רינג אין דער „שלשלת הקבלה" און די צווייטע בלייבן אין אַ זייט, אַן עפּיזאָד פון יידישן שאַפן, וואָס לאָזט נישט איבער קיין דויערנדיקע טיפע סימנים, אָבער וואָס איז דאָך אַ יידישער עפּיזאָד. זעט איר אָבער, אַז מען נעמט און מען בינדט צו צו אונדזער „גאָלדענער קייט" מענטשן און ווערק, וואָס האָבן מיט אונדז קיין שום שייכות נישט, אַזעלכע, וואָס נישט זיי גייען אין די טריט פון אונדזער געשיכטלעכן גאַנג און נישט זיי ווילן אים ענדערן און אַפּווענדן אין אַן אַנדער ריכטונג, ווייל ער אַנטערעסירט זיי בכלל נישט, דעמאָלט פעלשט מען די גאַנצע פּערספּעקטיוו. און דאָ ליגט אַ סכנה פאַר אונדזער גייסטיקער קאָנטינויטעט און גאַנצקייט. און ווען עס קומט דער דערמאָנטער ענגליש־יידישער מחבר דזשייקאָבס דזשאָזעף און דערקלערט, ווייל אַזוי געפעלט אים, אָן שום ירושה־דאָקומענטן און באַווייזן, קאַרל מאַרקסן כמעט פאַר

אַ יורש פון ישעיה הנביא און אַנרי בערגסאָנען — פון רבנו משה בן מימון (16), איז דאָס שוין עפּעס מער ווי אַ געפערלעך וואָרט־שפּיל. דאָס איז אַ חילול־הקודש און גלייכצייטיק אַ פעלשונג פון יידישער און וועלט־געשיכטע.

ז. „די גרויסע זין פון אונדזער פאָלק"

וועלן מיר זיך טאַקע אָפּשטעלן אַביסל ביי קאַרל מאַרקסן, ווייל ער איז זיכער איינער פון די גרעסטע גאונים און רעוואָלוציאָנערן אין דער וועלט־געשיכטע און ווייל דערום וואַרפט ער אַ העלערן שיין אויף אונדזער פּראָבלעם, ווי דאָס וואָלט געקאָנט טון אַ צווייטראַנגיקע פיגור פון אָט דער קאַטעגאָריע יידן. זיין שייכות צו יידן און יידישקייט ווערט אַ סך און ליידנשאַפטלעך דיסקוטירט. אין יידישן נאַציאָנאַלן לאַגער וויל מען פאַרלייקענען זיין אַנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק אויפן סמך פון זיין קליינער שריפט „צור יודען־פראַגע", וואו עס געפינען זיך די באַרימטע אַנטיסעמיטישע פערלען, ווי למשל: „וואָס איז דער וועלטלעכער קולט פונעם ייד? האַנדל שאַכער־מאַכער. ווער איז זיין וועלטלעכער גאָט — דאָס געלט". און ווייטער: „די יידן־עמאַנציפּאַציע איז אין איר לעצטער באַטייטונג די באַפרייאונג פון דער מענטשהייט פון דעם יידנטום . . . דאָס, וואָס געפינט זיך אין אַן אַבסטראַקטער געשטאַלט אין דער יידישער אמונה, די פאַראַכטונג פון טעאָריע, פון קונסט, געשיכטע, פונעם מענטשן ווי אַ זעלבסט־צוועק, דאָס איז דאָך דער באַוואוסטער שטאַנדפּונקט פונעם געלט־מענטשן, זיין טוגנד" (17). אַזוינע שפּרוכן קענען שטאַמען נאָר פון אימיצן, וואָס אויב ער איז נישט קיין אַנטיסעמיט, איז ער בכל־אופן, אַן עם־הארץ גמור אין יידישקייט. געגנוג די פראַזע, אַז יידישקייט פאַרניינט די חשיבות פונעם מענטשן, בעת די אָנדערקענונג פונעם אַבסאָלוטן ווערט פונעם מענטשן איז איינע פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון יידישקייט און אַ גרונט־פּרינציפּ פון יידישער הנהגה. און די, ווידער, וואָס פּראָקלאַמירן, ווי דאָס טוען וואָלדאָ פראַנק, דזשאָזעף דזשייקאָבס און אַזוי פיל אַנדערע, קאַרל מאַרקסן ווי אַ יידישן נביא, פאַרמאַכן די אויגן אויפן ציטירטן אַרטיקל און זענען זיך סומך אויף זיין ווערק ווי אַ גאַנצעס, אויף זיין סאָציאַליסטישן סיסטעם, וואָס זיי זעען אין אים אַ המשך פון די סאָציאַלע אידעאַלן פון דער תורה און בפרט פון יידישער נביאות. באמת זענען אָבער ביידע מיינונגען געבויט אין דער לופט.

סימנים פון אינעווייניקסטן יידישן אַנטיסעמיטיזם, אמת נישט אין אַזאַ בייזוויליקער און פאַרביסענער פאָרם ווי ביי קאַרל מאַרקסן, אָבער לערך מיט זעלבער כאַראַקטעריסטיק פון יידן, קענט איר געפינען לרוב אין דער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור. וויל איך דערמיט נישט זאָגן, אַז דער דאָזיקער יידישער אַנטיסעמיטיזם איז נישט קיין ווילד־גראָז און אָפט מאָל אַ מיאוסע נגע צרעת. פאַר מיר איז יעדע פיינטשאַפט פון יידן צו יידן טריף וחי חזיר, ווייל איך גלויב אין גרויסן און אין טיפן אמת פון בעל-שם טוב, אַז אהבת ישראל איז איינע פון די זיילן פון אונדזער אמונה און פון אונדזער קיום. איך פאַרשטיי אַ פיינטשאַפט נאָר צו איין קאַטעגאָריע יידן, צו די אָפטריניקע און דעזערטירערס, וואָס אַנטלויפן פון אונדזער היים און גייען איבער צו פרעמדע, וואָס אַזוי אָפט מיינט עס — צו אונדזערע שונאים.

ווער עס בלייבט אין דער מחנה, איז אַן אונדזעריקער. און מעג ער אַרויסזאָגן געדאַנקען, וואָס רעוואָלטירן אונדז, וואָס מאַכן אונדז קריצן מיט די ציין. פון דער אַנדערער זייט פאַרכאַפּן דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם פאַר אונדז אַליין, ווי אַ ספּעציפיש־יידישע אידעע, איז אַן אויסדרוק פון דער פוסטער גאוה פון יידישע אַסימילאַטאָרן, וועלכע קלאָמערן זיך אין פיקציעס, ווייל זיי האָבן פאַרלוירן דאָס געפיל פון אויטענטישער יידישער גדלות. קאַרל מאַרקס איז נישט דער ערשטער סאָציאַליסט צווישן גויים. דערמאָנט זיך אין סען־סימאָן, אוען, פוריע און אַנדערע. ער איז אויך נישט דער איינציקער צווישן די אַזוי גערופענע „וויסנשאַפטלעכע" סאָציאַליסטן. גענוג אָנצורופן די נעמען פון פרידריך ענגעלס, אויגוסט בעבל, זשאַן זשאָרעס, לעניין און אַנדערע. בלייבט קאַרל מאַרקס כבוד, ווי אַ גאון, אַ סאָציאַליסט און רעוואָלוציאָנער אויף זיין אָרט, אָבער קיין ייד צוליב דעם ווערט ער דאָך נישט. די מקורות פון זיין אינספּיראַציע וועט איר אומזיסט זוכן ביי ישעיה הנביא, ביי די אביונים, איסיים, און אַ פשיטא שוין נישט אין דעם יידישן מיטלעלטערלעכן געדאַנק, אין דער קבלה אָדער חסידות, מיט איין וואָרט — אין קיין איינער פון די גרויסע יידישע גייסטיקע און סאָציאַלע אידעען און באַוועגונגען און אין קיין איין גרויסער יידישער פערזענלעכקייט. איך בין אַפילו מסופק, צי האָט ער זייערע נעמען געהערט, אַחוץ ישעיה הנביא, וועלכער איז מסתמא פאַרבליבן ביי אים אין געדעכעניש פון פּראָטעסטאַנטישע קאַטעכיזיס־לעקציעס, וואָס מען האָט געגעבן גויים אין דער שולע פון זיין געבורטס־שטאָט טריער. די הויפּט־קוואַלן פון זיין שאַפן זענען די דיי־

טשע העגעליאַנישע פילאָסאָפיע, די ענגלישע אינדוסטירעלע רעוואָלוציע, די טשאַרטיסטישע באַוועגונג אין ענגלאַנד, די פראַנצויזישע קאָמונע און ענלעכע פרואוון פון אונטערדריקטע אַרבעטער־מאַסן אַראָפּצוואַרפן דעם יאָך פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע.

אַ פּאָר וויכטיקע דאַטעס פון קאַרל מאַרקס קינדער־ און יוגנט־יאָרן, ווען דער מענטש ווערט פאָרמירט, וועט אונדז דאָס בעסער אויפקלערן ווי אַלע לאָגישע אַרגומענטן. זיין פאָטער, אַ יידישער אַדוואָקאַט, האָט, הגם ער האָט געשטאַמט פון רבנישן יחוס, פאַרלייקנט זיינע עלטערן און האָט זיך געשמדט, צוזאַמען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, בעת קאַרל איז אַלט געווען סך־הכל זעקס יאָר. זיינע שוועסטערס האָבן חתונה געהאַט מיט גויים, פונקט ווי ער אַליין האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט אַ גויה פון אַ פּרייסישער אַדל־פאַמיליע, וויזט אויס — אַ ביז גאָר סימפּאַטישע פרוי, אָבער נישט אַלע סימפּאַטישע פרויען זענען בידוע יידישקעס. זיין פאָטער היינריך, איז געווען דורך און דורך אַ טיפּישער פּרייס. און אַפילו פראַנץ מערינג, קאַרל מאַרקס ביאָגראַף, וואָס איז אַ מהלך ווייט פון נאַציאָנאַליזם בכלל און פון יידישע נאַציאָנאַלע געפילן אוודאי און אוודאי, וואונדערט זיך, ווי אַזוי היינריך מאַרקס האָט געקענט גיין אַזוי ווייט אין זיין פּרייסישן פּאַטריאָטיזם אויף צו ווערן אַ פאַרביסענער שונא פון נאַפּאָלעאָן, הגם דער לעצטער האָט געבראַכט רעכט פאַר יידן אין פּרייסן, וואו זיי זענען געווען רעכטלאָז. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען קאַרל מאַרקס איז שוין געווען אַ סטודענט, באַגעגנט מען נישט אין דער רייכער קאָרעספּאָנדענץ צווישן אים און זיין פאָטער קיין איין וואָרט, קיין איין רמז אויף זייער יידישן אָפּשטאַם און בכלל אויף יידישע ענינים. אַז אין דער שול האָט ער פון קינדווייז אָן געגומען לעקציעס פון קאַטעכיזיס איז קלאָר, ווען מען נעמט אין באַטראַכט יענע צייט (18). קאַרל מאַרקס' חברים, הן פון זיינע קינדער־ און הן פון זיינע יוגנט־יאָרן זענען געווען קריסטן. זיין פאַמיליע און די גאַנצע סביבה — קריסטלעכע, וואו עס איז נישט געווען קיין מינדסטער זכר פון יידישקייט און פון יידישער טראַדיציע. זיין ווייטערדיקן לעבן, פון די סטודענטן־יאָרן ביז צום עלטער, האָט ער פאַרבראַכט אין אַ קאָסמאָפּאָליטישן מיליע. און אויב ער האָט יאָ פון צייט צו צייט געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט איינצלנע יידן, זענען דאָס געווען יידן פון דעם אייגענעם סאָרט ווי ער, מיטן איינציקן אויסנאַם פון משה העס, מיט וועמען ער איז איבעריקנס גיך זיך פונאַנדערגעגאַנגען. אַזוי אַרום איז באַשיינפּערלעך, אַז נאָר מיט בויך־סברות

אָדער מיט דער הילף פֿון דער בלוט־טעאָריע קען מען אויסגעפֿינען אַ שמץ פֿון ייִדישקייט אין קאַרל מאַרקס לעבן און שאַפֿן.

דאָס וואָס מיר געפֿינען ביי קאַרל מאַרקסן קען מיט מער אָדער ווייניקער גרונד אָנגעווענדעט ווערן צו אַ גאַנצער כנופֿיה ייִדן, וואָס האָבן פֿאַרנומען אָדער פֿאַרנעמען איצט אַן אָנזעעוודיקן אָרט אין דער וועלט און וואָס ווערן אין פֿרעמדשפּראַכיקע ייִדישע ענציקלאָפּעדיעס און ביכער פֿאַררעכנט צווישן די „גרויסע זין פֿון ישראל”. איינער פֿון זיי, אַנרי בערגסאָן, איז שוין אַסך מאָל דאָ אָנגערופֿן געוואָרן. צו זיין נאָמען קענען מיר מוסיף זיין לכל־הפּחות אַ גאַנצן מנין. גענוג צו דערמאָנען פֿראַנץ ווערפֿלען, אויך אַ קאַטאָליק ווי ער, מאַרסעל פּרוסט און אַזוינע קינסטלערס ייִדן ווי קאַמיל פּיסאַראָ, לעוויטאַן און אַנדערע.

## ז. דער ייִדישער חלק אין וויסנשאַפֿט און ווירטשאַפֿט

ביז איצט האָבן מיר גערעדט כמעט נאָר וועגן אָנטייל פֿון ייִדן אין די גייסט־וויסנשאַפֿטן, ווי פֿילאָסאָפֿיע, געשיכטע וכדומה, און אין די פֿאַרשידענע פֿאָרמען פֿון קונסט, ווי אויך פֿון ייִדן אין די סאָציאַלע און פּאָליטישע באַוועגונגען. אונדזער איבערקוק און די מסקנות, וואָס קומען פֿון זיי אַרויס, וועלן נישט זיין פֿול און קלאָר גענוג, אויב מיר וועלן דורכלאָזן די נאַטור־וויסנשאַפֿטן און די ווירטשאַפֿט. אויף קונסט, פּאָליטיק און גייסט־וויסנשאַפֿטן, ווי סאָציאָלאָגיע, געשיכטע, פֿילאָסאָפֿיע וכדומה, וואו עמאָציעס און ווילן שפּילן אַזאַ קאַרדינאַלע ראָלע, איז די ווירקונג פֿון דער נאַציאָנאַלער מסורה און סביבה בכלל גראָד שטאַרק קאָנטיק און חשוב. די מאַטעריעלע ציוויליזאַציע און אירע באַשטאַנדטיילן, ווי טעכניק און ווירטשאַפֿט, און די נאַטור־וויסנשאַפֿטן, וואָס זייער עיקר תכלית איז דער דאָזיקער ציוויליזאַציע, דורך פּראַקטישער אָנווענדונג, צו דינען, זענען אוניווערסאַל אין אינהאַלט. פֿאָרם, בפֿרט שפּראַך, שפּילט דאָ גאָר קיין ראָלע נישט אָדער אַ נישטיקע. אויף די אַלע געביטן זענען באַשטימענדיק נאָר צוויי זאַכן: די פּערזענלעכע פֿעאיקייטן און די הילפֿס־מיטלען, וואָס שטייען אין רשות פֿון וויסנשאַפֿטלער און ווירטשאַפֿטלער, די פֿאָרש־ און עקספּערימענטאַלע אינסטיטוטן פֿונעם לאַנד און זיין טעכניש־ווירטשאַפֿטלעכער מצב. אויף צו זאָגן, צו וואָס פֿאַר אַ נאַציע געהערט דער אָדער יענער וויסנשאַפֿטלעכער אויפֿטו אין פֿיזיק, כעמיע וכדומה איז שוין זיכער קיין אַנדער סימן נישטאָ ווי דאָס לאַנד, וואו

זיי האָבן זיך באַוויזן. לאָמיר נעמען אַ משל, וואָס ווערט ביי אונדז אָפּט אָנגערופן און ציטירט: אַלבערט איינשטיין. אַז יידן גרויסן זיך מיט אים, איז קלאָר. אַז אַלבערט איינשטיינס לערע געהערט דער גאַנצער וועלט, אַז ער איז אַ וועלט־גאון, איינער פון די וויניקע אין דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע, איז אויך באַוואוסט. אַז מען שטעלט אָבער די פראַגע, וועמען האָט אַלבערט איינשטיין צו פאַרדאַנקען אין ערשטער רייע, אַחוץ פערזענלעכער גאונות — גאָטס מתנה, מוז מען זאָגן, אַז וויניקער ווי אַלע יידן, דעם פאָלק פון וועלכן ער שטאַמט און וועמען, איינער פון די געציילטע צווישן יידן, וואָס האָבן געקריגן אַ גרויסן שם אויף דער וועלט, ער איז טריי געבליבן, אים, זיינע אידעאַלן און זיינע גאולה־האָפענונגען. זיין יאָ־זאָגן צו יידישקייט האָט אָבער לחלוטין נישט צו טון מיט זיינע געניאַלע מאַטעמאַטיש־פיזישע דערפינדונגען. די הילף און די מיטלען אויף צו אַנטוויקלען זיין פערזענלעכן זשעני און אים נוצלעך צו מאַכן פאַר דער וועלט האָבן אים געגעבן די דייטשע און שווייצערישע שולן און הויכשולן וואו ער האָט אַליין זיך געלערנט און שפעטער אַנדערע געלערנט, און אין די לעצטע יאָרן — די אוניווערסיטעטן און פאָרש־אינסטיטוטן פון אַמעריקע. קיין מאָדערנע יידישע וויסנשאַפטלעכע ווערק, געשריבן פון יידן פאַר יידן האָבן מיר נישט, אַזוי, אַז פון דאָרט האָט ער אויך נישט געקענט שעפן. זעט איר, אויב מיט דער צייט, ווי מיר האָפן, וועט דער איינשטיין־אינסטיטוט פאַר פיזיק ביי דער ירושלימער אוניווערסיטעט אויסוואַקסן אין אַ גרויסער וויסנשאַפטלעכער ישיבה און פון דאָרט וועט אַמאָל אַרויסשיינען אַ נייער זשעני, אַ צווייטער אַלבערט איינשטיין, וועלן מיר האָבן דאָס רעכט אים צו פאַרשרייבן אויף אונדזער קאָנטע.

איך וויל איצט נעמען אַ צווייטן פאַל מיט וועלכן מען האָט, נאָך מער ווי מיט אַלבערט איינשטיינען זיך פאַלש באַנוצט. איך מיין — די אַנטדעקונג פון אַמעריקע דורך קאָלומבוסן. וויפיל גרויסט מען זיך ביי אונדז מיט אונדזער חלק אין דער דאָזיקער וועלט־געשיכטלעכער אַנטפלעקונג. ראשית האָט מען אויפגעשטעלט אַ היפּאָטעזע, אַז קאָלומבוס אַליין איז געווען פון יידיש־מאַראַנישן אָפּשטאַם. והראיה: ער האָט אין זיין צוואה אָפּגעזאָגט אַ פּאָר גראָשן אַ יידישן בעטלער פון ליסאַבאָן. חוץ לזה האָבן אים אַ רייע מאַראַנען, צווישן וועלכע, און וואָס דאַרפט איר נאָך מער, עס האָט זיך געפונען דער מאַראַן און שפּעטערדיקער גענעראַל־אינקוויזיטאָר דיאַגאָ דע דעזאָ, איינע — דורך זייער איינפלוס ביים הויף און די אַנדערע — מיט פינאַנציעלע מיטלען, געהאָלפן אָרגאַניזירן זיין עקספּעדיציע. און

לסוף קומט דער גאָר „גרויסער אַרגומענט״ : אין זיין באַגלייטונג האָבן זיך געפונען אַ צאָל מאַראַנען, ווי דאָקטוירים און מאַטראָזן. און, אחרון אחרון חביב, דער מאַראַן־מאַטראָז ראָדריגאָ דע טריאַנא איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דערבליקט די יבשה (19). נו, לאָמיר אָננעמען, אַז דאָס אַלץ איז הונדערט־פּראָצענטיק וואָר. קען מען דערפון דרינגען, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט אַ וועלכע נישט איז שייכות צו דער אַנטדעקונג פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט און אויף דעם דאָזיקן סמך דערקלערן אונדזער אַמעריקאַנער יחוס עלטער פון דעם אַנגלאָ־זאַקסישן ?

קאָלומבוס איז, כידוע, געווען אַ גענועזער, אַן איטאַליענער. געפינען זיך צווישן די איטאַלענישע שאָוויניסטן פונקט אַזוינע חכמים ווי ביי אונדז און דערקלערן אויף דעם סמך אַמעריקע פאַר זייערס. נאָר, פאַרשטייט זיך, קיינער נעמט נישט ערנצט די דאָזיקע פלאַפּלעריי. העכסטנס איז דאָס גענוג אויף צו שטעלן אַ דענקמאָל קאָלומבוסן, כדי צו באַפּוצן איטאַליענישע שטעט, אָדער אויף אָנצורופן אַ גרויסן האָטעל פאַר אַמעריקאַנער טוריסטן אויף זיין נאָמען.

פון וועמען קאָלומבוס זאָל נישט האָבן געשטאַמט, פון יידן, ווי מען וויל אונדז איינרעדן, צי פון איטאַליענער, ווי דער אמת איז, ענדערט עס נישט דעם עיקר־פאַקט : די אַנטדעקונג פון אַמעריקע איז אַ שטיק שפּאַנישע געשיכטע. וואָלט זיין פאָטערלאַנד, די גענועזער רעפּובליק, צו וועלכער קאָלומבוס האָט זיך געווענדעט מיט זיינע פּלענער און פּראָיעקטן, זיי געהאַט אָנגענומען, וואָלט זיין אַנטדעקונג געוואָרן אַן איטאַליענישער אויפטו. זי האָט זיי אָבער אָפּגעוואָרפן, ווייל די רעאַליזירונג וואָלט געווען איבער די כוחות פון דער קליינער רעפּובליק און ווייל זיינע פּלענער גופא זענען נישט געווען אַדעקוואַט צו איר דעמאָלטדיקער לאַגע און באַגרענעצטע אינטערעסן. און אויב פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, די „רעיעס קאַטאָליקאָס״, האָבן נאָך לאַנגע קווענקלענישן באַשלאָסן צו שטיצן קאָלומבוס׳ אונטערנעמונג, איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל דאָס איז צום סוף מעגלעך געוואָרן, נאָך דעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט דורכגעפירט די פאַראייניקונג פון אַראַגאָניע און קאַסטיליע, און נאָך דעם ווי עס איז זיי געלונגען די „רעקאָנקיסטאַ״, די אָפּרייניקונג פון שפּאַניע פון די מאָארן און נאָך דעם ווי שפּאַניע איז אין זייערע צייטן געוואָרן אַן איינהייטלעכע און גרויסע מדינה און זיך געקענט שניידן צו ווערן אַן אימפּעריע. אין דער „אַלהאַמבראַ״ אין גראַנאַדע ווייזן אייך די טוריסטן־פירערס דעם זאַל, וואָס דורך זיינע פענצטער האָט דאָס קיניגלעכע פּאָר זיך צוגעקוקט ווי די מאָארישע חיילות האָבן זיך אַריבערגעפּעקלט איבערן טייך דאַרדאָ.

כדי פון דאָרט צו אַנטרינען קיין צפון־אַפריקע. און די פירערס דערציילן אייך, אַז טאַקע אין דעם אייגענעם זאַל האָבן פערדינאַנד און איזאַבעלאַ אויפגענומען קאָלומבוסן און דאָרט אונטערגעשריבן דעם דעקרעט וועגן זיין עקספּעדיציע. ווייס איך נישט, און וויל נישט פאַרלירן קיין צייט באַצוזוכן, צי זענען די טוריסטן־פירערס באַגלויביקט צו אָט די פּרטים. אָבער דער צוזאַמענהאַנג צווישן דעם פאַרטרייבן פון די מאַראַנן און קאָלומבוס׳ נסיעה איז אַ געשיכטלעכער צוזאַמענהאַנג, אָנגעלאָדן מיט היסטאָרישן זינען. ערשט נאָך דער באַפרייאונג פון גאַנצן לאַנד האָט די קאַראַוועל „סאַנטאַ מאַריאַ" געקאָנט זיך לאָזן אין וועג צו זוכן אַ נייע קאָמוניקאַציע־ליניע מיט אינדיע, און . . . אויפגעעפנט האָט זי אַ נייעם קאָנטינענט.

צום אייגענעם רעזולטאַט וועט איר קומען, אויב איר וועט פאָרשן דעם יידישן אָנטייל אין דערווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג אין אַמאָליקע און הייַנטיקע צייטן. אויך דאָ פאַרבייט מען די געשיכטע פון פעלקער און לענדער, זייער אַנטוויקלונג און זייער שטייגן, מיט מעשים און אויפטוען פון יידן יחידים. האָבן מיר הנאה, אַז מען דערציילט אונדז וועגן די חידושים און דער גדלות פון אַן אַלבערט באַלין, איינער פון די בויערס פונעם דייטשן האַנדלס־פלאָט, פון אַ וואַלטער ראַטענוי און זיין ראָלע אין דער דייטשער עלעקטריע־אינדוסטריע, אָדער פון אַ סער אַלפרעד מאָנד — אין דער אימפּעריאַלער בריטישער כעמישער אינדוסטריע. נאָר פרעגט מיך בחרם, וואָס פאַר אַ שייכות דאָס האָט מיט אונדז יידן און וואָס האָבן מיר דאָ אַריינגעלייגט.

געווען צייטן און אומשטאַנדן, און זיי זענען נאָך צום טייל פאַראַן אויך איצט, ווען יידן, טאַקע יידן ווי אַ קאָלעקטיוו, האָבן אויפגעטון גאָר גרויסע זאַכן אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט. אין מיטלעלטער, בעת יידן האָבן זיך געפונען מחוץ פון דער פעאָדאַלער ווירטשאַפט און האָבן אויך נישט געקענט אָנטייל נעמען אין די קריסטלעכע שטאָטישע צעכן און גילדן, האָט די יידישע ווירטשאַפט געהאַט אַן אָפּגעזונדערטן שטח. במילא איז פאַר דער דאָזיקער עפּאָכע לייכט צו באַשטימען, וואָס איז יידישע ווירטשאַפט, וואָס האָט זי אויפגעטון פאַר יידן און פאַר די איבעריקע פעלקער. נעמט למשל די יידן־ראַדאָניטן אין משך פון זיבעטן ביזן צענטן יאָרהונדערט, וואָס זענען געווען „כמעט די איינציקע האַנדלס־פאַרמיטלערס צווישן מערב־אייראָפּע און דעם אַזיאַטישן מזרח" (20).

אויך אין מאָדערנע צייטן, כאָטש די געטאָ־טויערן זענען שוין לאַנג

געפאַלן, האָבן נאָך אין לענדער פון יידישע מאַסן־ישובים עקסיסטירט גע־ וויסע סעקטאָרן און ווירטשאַפטס־צווייגן, וואָס מען קאָן, רעלאַטיוו גענו־ מען, אָנרופן יידישע און וואו מען קען בכן רעדן וועגן יידישער ווירט־ שאַפטלעכער איניציאַטיוו, יידישן פלייס און יידישן אויפטו. בעצם, למשל, די טעקסטיל־אינדוסטריע אין פוילן, אין אַ לאָדזש און אומגעגנט, אין אַ ביאַליסטאָק וכדומה, אָדער די יידישע שניידערס פונעם פוילישן שטעטל בזשעזשין, וואָס האָבן מיט זייערע סחורות דערלאַנגט אַזש קיין טיף־ רוסלאַנד און אַפילו קיין כינע. אָדער בעמט די יידישע שניידערס, וואָס האָבן באַשאַפן די קליידער־קאָנפעקציע־אינדוסטריע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, די יידישע טישלערס, וואָס האָבן פאַרשפרייט די מעבל־אינדוס־ טריע כמעט אויפן גאַנצן לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנטינענט, די אַמאָליקע יידישע וועבערס פון לאָדזש און ביאַליסטאָק, וואָס האָבן אויפגעהויבן צו אַ העכער מדרגה די טעקסטיל־אינדוסטריע אין אַרגענטינע. אין די אַלע געבראַכטע משלים האָבן יידישער קאַפּיטאַל און יידישע אַרבעט, על־ פי רוב טאַקע ביידע צוזאַמען, געטון אַ פּיאָנערן־אַרבעט און זי געטון ווי אַ גרופּע, ווי אַ קאָלעקטיוו. קלאָר, אַז דאָס זענען אַלץ יידישע אויפטוען און נאָר אייניקע פון זיי האָבן מיר דאָ געבראַכט בדרך־משל. אָבער דער וואוקס פונעם דייטשן האַנדלס־פּלאַט סוף פון ניינצנטן און אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געווען אַ רעזולטאַט פון דייטש־ לאַנדס טעכנישן און ווירטשאַפטלעכן אויפשטייג נאָך דער פּרייסיש־ פראַנצויזישער מלחמה און פון דער פאַראייניקונג פון דייטשן רייך אונ־ טער פירשט ביסמאַרקס פירונג. און וואָלטן אין דייטשלאַנד געלעבט נישט איין באַלין, נאָר אַ גאַנצער מנין יידן פון זיין שניט, וואָלט דער גאַנג פון דער דייטשער געשיכטע אויף אַ האָר זיך נישט געענדערט, פונקט אַזוי ווי עס וואָלט געבליבן נישט געענדערט דער פאַקט, אַז נישט דאָס יידישע פאָלק בכלל און נישט דער דייטש־יידישער קיבוץ בפרט, האָבן נישט גע־ דאַרפט און נישט געקאָנט האָבן קיין האַנדלס־פּלאַט און במילא האָט ער זיך זיי אויך נישט געחלומט.

## ז. גרענעץ־פאַלן

די כונה פון דעם עסיי איז געווען צו ציען אַ דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן יידישן קאָלעקטיוון און יחידישן שאַפן. און געטון האָב איך דאָס פון דער איבערצייגונג, אַז דאָס צונויפפלאָנטערן פון ביידע איז נישט

בלויז פֿאַלש טעאָרעטיש און געשיכטלעך, נאָר אויך גרייליך שעדלעך פּסיכאָלאָגיש און פּראַקטיש. דאָס צונויפֿמישן די צוויי רשויות שאַפֿט אַ פֿאַלשע פּערספּעקטיוו פֿאַר אונדזער קיום אין גלות און גיט אומדירעקט אַ סאַנקציע דער נאַציאָנאַלער בגידה. איך גיב מיר אָבער וואויל אָפּ אַ רעכענונג, אַז אַ שאַרפֿע שיידונגס־ליניע קען געצויגן ווערן נאָר טעאָרעטיש. אָבער טעאָריע, כידוע, האָט אויך איר פּראַקטישע באַטייטונג. עס איז אמת, אַז די ווירקלעכקייט איז, ווי עס איז שוין לאַנג געזאָגט געוואָרן, אַ סך קאָמפּליצירטער ווי דער געדאַנק, און לאָזט זיך נישט איינצווימען אין קיין שום סכעמע. זיכער זענען דאָ אַ רייע פֿאַלן, און אַפֿילו גאָר באַטייטנדיקע, וואָס לאָזן זיך מיט דער געצויגענער ליניע נישט דורכשניידן.
אַזוינע פֿיגורן ווי ברוך שפּינאָזאַ אָדער ווי היינריך היינע שטייען אויף דער גרענעץ פֿון דער ליניע, וואָס שיידט אָפּ דאָס יידיש־נאַציאָנאַלע שאַפֿן און דאָס ווערק פֿון יחידים־יידן אין אַ פֿרעמדער סביבה. האָבן הן שפּינאָזאַ און סיי היינע גאָר אַ סך געשעפּט פֿון זייער יידישער סביבה און יידישע מקורות, הגם די השפּעה פֿון דער פֿרעמד איז אויף זיי געווען גרעסער. דאָס זענען צוויי גרויסע גרענעץ־פֿאַלן, וואָס מוזן באַזונדערס באַטראַכט ווערן. פֿונקט אַזוי ראַמען זיך נישט אַריין אין מיין סכעמע די יידן, וואָס שרייבן דער עיקר אויף יידישע טעמען, נאָר אויף פֿרעמדע שפּראַכן. בדרך־כלל געהערן די דאָזיקע שרייבערס און דענקערס צום קאָלעקטיוון יידישן שאַפֿן. געוויס איז די פֿרעמדע שפּראַך אַ פּגימה אין דער גאַנצקייט און ריינקייט פֿון זייערע ווערק. די קרעאַטיווע קראַפֿט פֿון דער שפּראַך גופֿא, איר ווירקונג אויפֿן געדאַנק, אויסגעדריקט מיטן וואָרט, דאַרף נישט ערשט באַוויזן ווערן. פֿאַראַן אָבער נאָך עפּעס, וואָס איז נישט ווייניקער וויכטיק. אַז אַ שרייבער שרייבט אויף דער שפּראַך פֿון זיין פֿאָלק, שאַפֿט ער פֿאַר אים און צוליב אים, הגם ער קען שפּעטער איבערגעזעצט ווערן אויף פֿרעמדע שפּראַכן. איז ער אינטימער און ערלעך. שרייבט ער אָבער אויף אַ פֿרעמדער שפּראַך און איז זיין וואָרט מיט אַ כיוון געווענדעט נישט בלויז צו יידן, נאָר אויך צו אַ פֿרעמדן אומבאַוואוסטן עולם, פֿאַרלירט ער אומפֿאַרמיידלעך אַ היפּשן טייל פֿון וואַרעמקייט, ווי אַ רעדנער אָדער אַן אַרטיסט, וואָס פֿילט, אַז ער האָט נישט קיין אינטימען קאָנטאַקט מיט זיינע צוהערערס אָדער צוזעערס. פֿאַרקערט אָבער קען ער גוט דעם פֿרעמדן עולם, פּאַסט ער זיך אומפֿאַרמיידלעך צו צו אים און פֿאַרלירט פֿון זיין אויפֿריכטיקייט, גאַנצקייט און איינערלעכע ערלעכקייט. נישט אומזיסט האָבן אונדזערע חכמים אין מיטלעלטער, אַפֿילו אויב זיי האָבן זייערע ספֿרים געשריבן

**אויף אַראַביש, האָבן זיי על־פּי רוב געשריבן מיט אותיות מרובעות און דערמיט קלאָר מאַניפעסטירט זייער כוונה צו רעדן, ווי יידן צו יידן.**

פאַר די אויסגערעכנטע גרענעץ־פאַלן לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן קיין כללים. און וואָס גרעסער די פערזענלעכקייט, אַלץ מער מוז זי אינדיווידועל באַטראַכט ווערן, אינדיווידועל געמאָסטן ווערן. גיכער אָבער קען מען אינטואיטיוו שפירן דעם גראַד יידישקייט פון דעם אָדער יענעם, איידער אָביעקטיוו עס פעסטשטעלן. האָבן מיר ברוך השם, אַ היפשע צאָל אַזוינע, וואָס געהערן צו דער ספערע פון דער „מאַראַנען־קולטור" לויטן געלונגענעם אויסדרוק פון דעם באַוואוסטן שפינאָזא־פאָרשער, קאַרל געבהאַרדט. די דאָזיקע קולטור איז אַ פּראָדוקט פונעם יידישן גלות, — און בפרט פון אונדזער טאָפּלטן גלות (לויט יעקב קלאצקינס גראַטיענער פאָרמולע), וואָס על־פּי טעות רופט מען עס עמאַנציפּאַציע.

וואָס נענטער יידן וועלן צוריקקומען גייסטיק, צו זייער מקור און וואָס מער וואָרצלען זיי וועלן לאָזן אין זייער היסטאָרישן באָדן (באָדן תרתי משמע: פיזישן און גייסטיקן), אַלץ קלענער וועט ווערן דער שטח פון אָט דער „מאַראַנען־קולטור". פאַרשווינדן וועלן אויך אונדזערע „בלאָנדזשענדיקע שטערן" און ווידער אַמאָל וועלן זיך צונויפגיין די צעשיידטע וועגן פון יידישן שאַפן.

---

ר ע פ ע ר ע נ צ ן :


(1) Friedrich Muckle. Der Geist der Juedischen Kultur und das Abendland, Wien 1923, SS. 652-53.

(2) Hremann Cohen. Deutschtum und Judentum. Giessen 1915, SS. 28, 30.

(3) Jeremiah O'Sullivan, John F. Burns. Medieval Europe. New York 1943, pp. 558-9.

(4) Friedrich Nitzche. Jenseits von Gut und Boese. Reclam-Ausgabe, S. 191.

(5) Cecil Roth. The Jewish Contribution to Civilization. N. Y. 1940, p. 18.

(6) Joseph Jacobs. Jewish Contribution to Civilization. Philadelphia 1944, pp. 68-9.

(7) Mahomet. Le Coran. Edouard Montet, Introduction. Paris 1944, p. 29.

(7a) A. Kuenen. National Religions and Universal Religions. London 1882, pp. 25-6, 28.

(8) Denis Saurat. Historia de las Religiones. Santiago de Chile 1940, pp. 227, 301.

(9) Waldo Frank. The Jew in Our Day, N. Y. 1944, pp. 47-8, 63, 73-4, 92, 123.

(10) Cecil Roth, op. cit. pp. 355-58.

(11) Ludovic Naudeau. Le Japon moderne. Paris 1909, pp. 49, 50, 53.

(12) Donald Young. American Minority Peoples. N. Y. 1932, pp. 428-9, 432.

(13) Otto Weininger. Geschlecht und Charakter, SS. 411, 430.

(14) Willem Adriaan Bonger. Race and Crime, N. Y. 1943, pp. 11, 28, 37-8, 43, 54-6-7, 59-60, 105.

(15) Richard Wagner. Das Judentum in der Musik, Leipzig 1869, SS. 17, 22.

(16) Joseph Jacobs, op. cit. pp. 45-6.

(17) Karl Marx. Zur Judenfrage

ציטירט לויט אַ זאַמלבוך פון מאַרקס' שריפטן אונטערן טיטל:
Der Historische Materialismus. Leipzig 1931, SS. 257, 258.

(18) Franz Mehring. Carlos Marx, Buenos Aires 1943, pp. 9-15.

(19) Cecil Roth, op. cit. pp. 88-91.

(20) ד"ר יצחק שיפער. דיווירטשאַפט־געשיכטע פון די יידן אין פוילן בעתן מיטלעלטער. וואַרשע 1926, ז' 29.

# צי דאַרף מען רעווידירן דעם שפּינאָזאַ־פּראָצעס?

עס איז נישט די כונה פון דעם עסיי צו באַהאַנדלען ברוך שפּינאָזאָס פילאָסאָפישעס סיסטעם אַליין פאַר זיך און אויך נישט חוקר־ודורש צו זיין, צי געפינט זיך דער שפּינאָזיזם אין איינקלאַנג אָדער אין סתירה מיט אונדזער תורה. דאָס איז אַ טעמע, וואָס איז שוין פילצאָליקע מאָל שטודירט געוואָרן פון קאָמפּעטענטערע און מער באַרופענע ווי איך. דאָ וועט זי נאָר דרך־אגב אָנגערירט ווערן אויף וויפיל דאָס איז נויטיק פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון שפּינאָזאָס פּערזענלעכקייט און זיין שייכות צום יידישן פאָלק, צו וועמען ער האָט געהערט לויט דער געבורט. ווארעם אָט דאָס איז טאַקע די אייגנטלעכע טעמע פון עסיי. און גענומען האָב איך זיך צו איר אויך נישט צוליב נייגיר פאַר געשיכטלעכע געשעענישן און פּערזענלעכקייטן, נייערט ווייל זי האָט עד־היום, און היינט צו טאָג אפשר מער ווי ווען נישט איז, אַן אַקטועלן אינטערעס. איך האַלט נישט פון דעם כלל, אַז אויך גענִיאַלע פּערזענלעכקייטן, און אַזאַ איז שפּינאָזאַ זיכער געווען, האָבן זייער סאָציאַלע סביבה און די אומשטאַנדן פון זייער לעבן קיין שליטה נישט, אַז אויף זיי זענען נישט חל די אַלגעמיינע געזעצן, וואָס באַשטימען די מענטשלעכע הנהגה. אַז מיר וועלן קלאָר זען דעם גרויסן שפּינאָזאַ אין ליכט פון אונדזערע אידעען, אָבער פאַרשטייט זיך, אויפן הינטערגרונט פון זיין צייט, וועט דאָס אונדז העלפן בעסער צו דערקענען די קליינע שפּינאָזאַלעך, וואָס דרייען זיך אַרום צווישן אונדז אין אונדזער צייט, העגנען זיך אָן אין דעם גרויסן בוים און באַהאַלטן זיך אין זיין שאָטן.

## א. שפּינאָזיזם און יידישקייט

היפּשע יאָרן גייט שוין אָן דער וויכוח, צי קען שפּינאָזאָס לערע געבראַכט ווערן אין הסכם מיט יידישקייט, אָדער זי איז אין אַן אַבסאָלוטער סתירה צו איר. צוזאַמען דערמיט איז פאַרבונדן אַן אַנדער שקלא וטריא מכח דעם, ווי גרויס איז געווען די השפּעה אויף ברוך שפּינאָזאַן פון יידישע און נישט־יידישע געדאַנקען און דענקערס. אויף צו באַווייזן,

ווי שווער דאָ איז צו קומען צו אַן אָביעקטיוו־איבערצייגנדיקן ענטפער, וועט געגוג זיין אָנצורופן אַ רייע יידישע און נישט־יידישע מחברים, וואָס געפינען זיך בנוגע צוביידע שאלות אין אַ דיאַמעטראַלן קעגנזאַץ איינער צום צווייטן. זאָגט למשל שמעון בערנפעלד, אַז שפּינאָזאַ איז געווען אַ קאַרטעזיאַנער נאָר לויט זיין מעטאָד, אָבער נישט לויט דעם אינהאַלט פון זיין פילאָסאָפיע, וואו ער האָט געשעפּט מיט פולע הענט פון יידישע קוואַלן, פון חסדאי קרשקש, ביים רמב״ם, יוסף אַלבו, רלב״ג, יהודה אַבּרבנאל און אַנדערע (1). קען מען זיך אפשר אויף שמעון בערנפעלדס מיינונג, מחמת ער איז געווען דער עיקר אַ פּאָפּולאַריזאַטאָר און געשיכטע־שרייבער, נישט אַזוי שטאַרק פאַרלאָזן. קומט קאַרל געבהאַרדט, איינער פון די גרעסטע שפּינאָזיסטן, און זאָגט פונקט דעם היפוך, אַז ברוך שפּינאָזאַס פילאָסאָפיע איז אַרויסגעוואַקסן פונעם וואָרצל פון דעקאַרטעס לערע (2). זעט ד״ר יוסף קלויזנער קיין שום סתירה נישט צווישן יידישקייט און שפּינאָזיזם און האַלט, אַז ברוך שפּינאָזאַס מאָניזם וואָלט זיך גאַנץ גוט געקענט איינראַמען אין יידישקייט, ווען ער וואָלט זיך נייעם וויין אַריינגעגאָסן אין אַלטע יידישע לאָגלען, ווען ער וואָלט זיך באַרופן און זיך סומך געווען, ווי עס האָבן געטאָן אַ רייע אַנדערע יידישע פילאָסאָפן, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט נייע געדאַנקען אין יידישקייט, אויף יידישע מקורות, אויף הייליקע אָדער פאַרהייליקטע יידישע ספרים (3). ווייזט מיט רעכט אָן בערנאַרד העלער, אַז שפּינאָזאַס פּאַנטעאיזם, לאָזט זיך נישט פאַראייניקן מיט קיין שום גלויבן און מיטן יידישן אוודאי און אוודאי נישט. שפּינאָזאַס לערע, אַז די נאַטור, דאָס וואָס עקסיסטירט, איז במילא די פולקומענקייט אַליין, דאָס הייסט, אַז גאָט איז גלייך נאַטור, איז אַמאָראַליש און גראָבט אונטער דעם סאַמען יסוד פון דער רעליגיעזער עטיק — דאָס מענטשלעכע שטרעבן זיך צו דערנענטערן צו דער גרעסטער גאָטלעכער שלימות (4).

איך האָב מיך דאָ פאַררופן נאָר אויף אייניקע מחברים, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט שפּינאָזאַס לערע. אָבער דער אייגענער רעזולטאַט פון רעזולטאַט־לאָזיקייט פונעם אַלטן וויכוח „שפּינאָזאַ און יידישקייט", וועט איר באַקומען ווען איר וועט זיך ווענדן צו אַנדערע ווערק פון דער שפּינאָזאַ־ליטעראַטור. קיין איינע פון די צוויי טעזיסן, וואָס שטייען איינע קעגן דער אַנדערער, האָט נישט געבראַכט קיין איבערצייגנדיקע ראיות, וואָס זאָלן זיך אויף אַזוי פיל אָביעקטיוו, אַז מען זאָל זיי מוזן אָננעמען. און נישט בלויז צוליב די טעמים, וואָס ד״ר יעקב קלאַצקין ברענגט אַרויס מיט זיין געוועלטלעכער בקיאות און חריפות. ד״ר יעקב קלאַצקין

האָט זיך נישט געפֿוילט און סיסטעמאַטיזירט פּאַראַלעלע מאמרים פֿון עלטערע ייִדישע חכמים, ווי חסדאי קרשקש, רמב״ם, יוסף אלבו, ר׳ שלמה אבן גבירול, אברהם אבן עזרא און פֿון אַ רײַכן ייִדישע מקובלים און אַרויסגעפֿונען אַנאַלאָגיעס נישט בלויז אין תּוך, נאָר אַפֿילו אין אויס־דרוקן צווישן זיי און געוויסע פֿילאָסאָפֿישע געדאַנקען פֿון שפּינאָזאַן. פֿונדעסטוועגן לאָזט זיך ד״ר יעקב קלאַצקין נישט פֿאַרפֿירן פֿון די דאָזיקע פֿאַרגלײַכענישן און ער ווײַזט אַליין אָן, אַז ״מען קען נישט מאַכן קיין אויספֿירן אויפֿן סמך פֿון אײנצלנע געדאַנקען און ציטאַטן פֿון ווערק. נעמט מען אָבער נישט אַרויס אײנצלנע ציגל פֿון דעם בנין, באַטראַכט מען שפּינאָזאַס לערע ווי אַ גאַנצע, איז פֿאַר קלאַצקין קלאָר, אַז זי איז פֿונדאַמענטאַל אַנטי־ייִדיש. זאָגט אונדז קלאַצקין: ייִדישקייט הייבט אָן מיט אחד — גאָט דעם איינציקן — און קומט צו צוויי וועלטן, די וועלט פֿון דער נאַטור, וואָס איז אונטערגעוואָרפֿן אירע געזעצן, און די וועלט פֿונעם מענטשן, וואָס איז אַ בעל בחירה. ביי שפּינאָזאַן אָבער איז די איינציקייט אויך פֿאַראייניקט, וואָרעם דער מענטש געהערט אַליין אויך צו דער ספֿערע פֿון דער נאַטור און ער איז משועבד צו אירע געזעצן. עס איז פֿאַראַן במילא נאָר איין געזעץ — גילטיק פֿאַרן קרייז, דעם דרייעק און דעם מענטשן. דערפֿון קומט שוין אַרויס שפּינאָזאַס פֿאַרניינען פֿונעם תּכלית פֿונעם באַשאַף, זײַן דעטערמיניזם און אַזוי ווײַטער (5).

אָבער לפֿי ענײַות דעתּי שטאַמט די פּראָבלעמאַטישקייט פֿונעם דאָזיקן וויכּוח, ווי פֿון אַ סך אַנדערע, נישט בלויז פֿון דעם מעטאָדאָלאָגישן טעות, וואָס ד״ר יעקב קלאַצקין האָט אַזוי גרינטלעך אויפֿגעדעקט, דאָס הייסט נישט בלויז דערפֿון, וואָס מען פֿאַרגלײַכט אײנצלנע אַרויסגעריסענע טעקסטן און נישט דאָס גאַנצע ווערק, נייערט אויך דערפֿון, וואָס מען באַנוגנט זיך מיטן פֿאַרגלײַכן שריפֿטן און טעקסטן און מען איז זיך סומך נאָר אויף זיי. אָט למשל, וויל מען זען אַ סימן מובהק פֿון שפּינאָזאַס ייִדישקייט דערין, וואָס ער איז דער איינציקער, ווי עס ווײַזט אָן זײַן חסיד אַלפֿרעד קלאַאַר, צווישן די סיסטעמאַטיקער פֿון פֿילאָסאָפֿיע, וואָס האָט זײַן מעטאַפֿיזישע לערע, זײַנע דערקענטעניש־טעאָרעטישע מסקנות צונויפֿגעזאַמלט אונטער דעם שער־בלאַט „עטיק”, וואָס ער איז אין זײַן פּערזענלעכן לעבן געווען א נאה מקיים פֿון זײַן מידות־לערע און נישט ווי יענע אַרכיטעקטן, וואָס בויען הייזער, וואו זיי אַליין וועלן קיינמאָל נישט וואוינען (6). קען מען נישט לייקענען, אַז דער פּרימאַט פֿון עטיק איבערן ריינעם פֿילאָסאָפֿישן געדאַנק, איז אַ כאַראַקטעריסטיש

יידישער שטריך. אָבער צי קען מען נישט דאָס אייגענע געפינען ביי אַ רייע קריסטלעכע פילאָסאָפן? און פון דער אַנדער זייט קען מען אין שפּינאָזאַס ווערק גופא אויפזוכן אַן אָנהאַלט פאַר די סאַמע פאַרשיידענע מסקנות. זענען דאָך זיך אויף אים סומך ראַציאָנאַליסטן און מיסטיקער, אידעאַליסטן און מאַטעריאַליסטן, און ווער נישט?

אַלע טעאָרעטישע קאָנסטרוקציעס וועגן האַרמאָניע אָדער קעגנזאַץ פון דעם אָדער יענעם דענקער אָדער ווערק מיטן אָדער צום „גייסט פון יידישקייט" מוזן אומפאַרמיידלעך טראָגן אַ ספּעקולאַטיוון און בכל־אופן אַ סוביעקטיוון כאַראַקטער, ווייל עס הענגט אָפּ פון דעם, וואָס דער מחבר גופא לייגט אַריין אינעם באַגריף יידישקייט, וועלכע יידישע חכמים באַטראַכט ער פאַר רעפּרעזענטאַטיוו פונעם אָדער טיפּיש פאַרן יידישן געדאַנק.

נאָר איך פרעג זיך אַן אַנדער שאלה: וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די חקירות און פּלפּולים אין דער שווערער סוגיא „שפּינאָזאַ און יידישקייט" אַנטקעגן דעם נאַקעטן פאַקט, וואָס לאָזט זיך נישט אויסמעקן, אַז יידן האָבן שפּינאָזאַן אָפּגעזונדערט פון זייער מיט און אים קיינמאָל פאַר זייער לערער, פאַר אַ יידישן רבין נישט אָנדערקענט? סיידן מען זאָל זאָגן, אַז יידן אַליין, און נישט נאָר פון איין דור נאָר פון אַ סך דורות, — נישט גערעכנט איינצלנע יידן פון אַ דור המדבר, פון דער עפּאָכע פון האַלב און פערטל־יידישקייט, פון פּיצלעך, שטיקלעך יידן, — האָבן נישט געוואוסט דעם טעם פון יידישקייט. נאָר אויב זיי האָבן נישט געוואוסט, איז מי לנו גדול. ווער איז אַ גרעסערער מבין אויף יידישקייט? און צי קען גאָר עקסיסטירן רעאַל, און נישט ווי אַ שכלדיקע צוקלערעניש, אַ יידישקייט, וואָס גייט זיך פונאַנדער מיטן לעבעדיקן פאָלק, דערווייל דער איינציקער, וואָס האָט יידישקייט פאַרקערפּערט, זי רעאַליזירט, זי אויסגעהאַלטן און דורכגעטראָגן?

## ב. שפּינאָזאַ דער מאַראַן

די באַציאונג צו שפּינאָזאַן מצד יידן אין די צייטן ווען זיי האָבן געלעבט אַ פול און גאַנץ יידיש לעבן, און אין די שפּעטערדיקע צייטן — פון דעם טייל יידן, וואָס האָבן דאָס דאָזיקע לעבן ממשיך געווען, איז פאַר מיר די ענטשיידנדיקע תשובה אויף דער פראַגע, צי איז שפּינאָזאַ טאַקע אונדזערער, און זיין לערע — אַ יידישע. אַ צווייטער עיקרדיקער

מאָמענט איז אין מיינע אויגן דאָס לעבן גופא פון שפּינאָזאַ און זיין פּערזענלעכע באַציאונג צו יידן און יידישקייט. זיך האַלטנדיק ביי דעם מעטאָד, וואָס איך האָב אָנגעווענדעט אין מיין עסיי „דער אמת און די גוזמאות מכח דעם יידישן צושטייער צו ציוויליזאַציע", וואָלט איך געזאָגט, אַז דער שליסל צום רעטעניש „שפּינאָזאַ און יידישקייט" ליגט נישט אַזוי אין זיינע ווערק, ווי אין זיין ביאָגראַפיע. פּונקט אַזוי דאַרף מען טאַקע אין איר אויך זוכן אַן ענטפער אויף דער שאלה, צי זענען פאַראַן יידישע השפעות אויף זיין שאַפונג. עס איז אפשר וויכטיקער ווי דאָס, וואָס ער האָט געלערנט אַנדערע דורך זיינע ווערק, דאָס און וואו ער האָט אַליין געלערנט. ווארעם ווי גרויס, ווי געניאַל אַ מענטש זאָל נישט זיין, לאָזן אויף אים איבער שפּורן דאָס, וואָס ער לערנט, פון וועמען ער לערנט און אין וואָס פאַר אַן אַטמאָספערע ער לעבט און שאַפט. דאָס וויל, פאַרשטייט זיך, נישט זאָגן, אַז אַ גרויסער מענטש פאַרשליינגט פּראָסט און פּשוט, וואָס ער געפינט אין פרעמדע ביכער און וואָס עס זאָגן אים זיינע רביים. אָבער אַ השפּעה מוז דאָס האָבן. ווארעם אַ השפּעה, ווי ד"ר יעקב קלאַצקין האָט אַזוי פיין פאָרמולירט, מוז נישט דוקא פירן צו אַ פּאָזיטיווער רעאַקציע, צו אַ הסכם מיטן אויפגענומענעם. אַפילו אויב אַ פרעמדער געדאַנק ברענגט אַרויס אַ נעגאַטיווע רעאַקציע, מיינט עס אויך זיין השפעה (7). אָט פאַרוואָס איך גלויב, אַז די רשימה פון ספרים און ביכער, וואָס מען האָט געפונען אין ברוך שפּינאָזאַס ביבליאָטעק נאָך זיין טויט, קענען אונדז אַמאָל געבן מער אויפקלערונגען וועגן די השפעות, וואָס ער האָט באַקומען, ווי ציטאַטן פון זיינע ווערק. און זעען מיר, אַז ער האָט געהאַלטן ביי זיך אַ רייע ספרים פון יידישע חכמים, און שפּינאָזאַ איז דאָך זיכער נישט געווען פון די, וואָס האַלטן ביכער לשם צירונג, איז דערפון געדרונגען, אַז ער האָט געשעפּט אויך פון יידישע קוואַלן, הגם פון פרעמדע האָט ער נהנה געווען אַ סך מער, אַ מיט גרעסערן חשק. שד"ל, וואָס איז געווען נישט בלויז אַ יידישער חכם, נאָר אויך אַ גרויסע יידישע נשמה, איז געווען דער עיקר אין כעס אויף שלמה רובין, וועלכער האָט דער ערשטער פּאָפּולאַריזירט שפּינאָזאַן צווישן די העברעאיש-לייענערס, פאַרוואָס ער האָט זיי נישט דערציילט, אַז „דער דאָזיקער פילאָסאָף, וואָס איז געווען מזרע ישראל, האָט זיך דערווייטערט פון יידן, נישט געלעבט מיט זיי און נישט געשטאָרבן צווישן זיי" (8) (פון מיר אונטערגעשטראָכן י. ע.), וואָס עס שטערט נישט שד"לן, פאַרשטייט זיך, צו ברענגען אַ שלל פון לאָגישע ראַיות, כדי צו באַווייזן די אַנטי-יידישקייט-מאָטיוון פון שפּינאָזאַס געדאַנקען-גאַנג.

געבוירן אַ ייד, האָט שפּינאָזאַ, ווי מען רעכנט, געלערנט אין דער באַרימטער אַמסטערדאַמער תּלמוד־תּורה „עץ־החיים״ און אויסגעוואַקסן אין אַ פֿרומער יידישער פֿאַמיליע (זיין פֿאָטער איז אפילו געווען אַ פּרנס), געקענט גוט העברעאיש און תּנ״ך, הגם נישט געווען קיין גרויסער בקי אין תּלמוד, שטודירט די יידישע מיטלעלטערלעכע פֿילאָסאָפֿיע, פֿאַרבראַכט זיינע יונגע יאָרן אין אַ יידישער סביבה און געפֿירט אַ יידישן שטאַט. דאָ ליגט דער יידישער חלק פֿון זיין פּערזענלעכקייט. אָבער נאָך זייענדיק יונג, קריגט ער אַן אינטערעס צו אַלגעמיינע ידיעות און שפּראַכן און וואַרפֿט זיך אַריין מיט ליב און לעבן אין פֿילאָסאָפֿישע שטודיעס, ווערט אַלץ מער פֿאַרכאַפּט פֿון ספֿקות און סקעפּסיס. שוין דעמאָלט פֿאַרמירט זיך שפּינאָזאַ, דער וואָס מיר קענען: דער ראַנד־מענטש, דער וואָס לעבט אויפֿן זוים פֿון צוויי וועלטן, פֿון צוויי קולטורן. אַזוינער איז ער געבליבן ביז צום סוף פֿון זיינע יאָרן און אַזוינער איז ער אַריבערגעגאַנגען צו דער געשיכטע.

נאָר משמעות, אַז אין דער ספֿרדישער סביבה גופֿא, אַלס רעזולטאַט פֿון דער מאַראַנען־פֿאַרגאַנגענהייט, זענען פֿאַרזייט געוואָרן זוימען, וואָס פֿון זיי זענען אויסגעוואַקסן די ראַנד־יידן, אַזוינע ווי דניאל (כּואן) דע פּראַדאַ, איסאַאַק לע פּעירער, אוריאל אַקאָסטאַ און אַנדערע. צוזאַמען מיט דער יידישער לופֿט פֿון אַמסטערדאַם, האָט שפּינאָזאַ איינגעזאַפּט אין זיך די מעשׂות און לעגענדעס וועגן יענע, וואָס זענען פֿאַראויסגעגאַנגען פֿאַר אים אויף זיין שפּעטערדיקן וועג, דעם וועג, וואָס האָט געפֿירט פֿון יידישקייט צו פֿרעמדע וועלטן. אין די ענגע אַמסטערדאַמער יידישע געסלעך האָט געשוועבט דער שאָטן פֿון אוריאל אַקאָסטאַ, וואָס זיין זעלבסטמאָרד האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ מאַרטירער אין די אויגן פֿון קריסטן און מסתּמא אויך פֿון אַ טייל יידן. איז עס דען אַ צופֿאַל, וואָס די ערשטע און די איינציקע, ביז צו דער עמאַנציפּאַציע־עפּאָכע, באַטייטנדיקע פֿיגורן פֿון יידישע צווייפֿלערס און סקעפּטיקערס באַווייזן זיך גראָד אויפֿן ספֿרדיש־יידישן האָריזאָנט? דאָס לעבן צווישן קאַטאָליקן אין משך פֿון דורות, און זאָל זיין, אַז דאָס צוזאַמענלעבן איז געווען אַ געצוואונגענעס און האָט געמוזט אַרויסרופֿן אַן עקל ביי די מאַראַנען גופֿא, האָט דאָך נישט געקענט פֿאַרבייגיין אָן שום השפּעה אויף זיי. דאָס גייען אין קירך און הערן די מעסעס צוזאַמען מיט די קאַטאָליקן, דאָס אויסערלעכע אָפּהיטן פֿון קאַטוילישע חגאות האָבן געמוזט לאָזן שפּורן, וואָס זענען נישט אַזוי לייכט און נישט מיט אַמאָל אָפּגעווישט געוואָרן מיטן אַקט פֿון איבערגיין אָפּן צוריק צו יידישקייט, ווי נאָר די אויסערלעכע אומשטאַנדן האָבן דאָס דערלויבט. אַ מאַסקע, וואָס

מען טראָגט צו לאַנג, צוקאַלעטשעט און ענדערט דאָס פּנים. זאָגט טאַקע קאַרל געבהאַרדט, וואָס איז נישט בלויז איינער פון די בעסטע שפּינאָזיסטן, נאָר אויך איינער פון די וויכטיקע קריסטן מיט אַ פיינעם חוש פאַר ייִדן און ייִדישקייט, אַז אַפילו די אויסערלעכע צוגעהעריקייט צו דער קאַטוילישער רעליגיע האָט געמיינט אַ הפסקה אין דער ייִדישער טראַדיציע. די שפּאַנישע ניי־קריסטן, די מאַראַנען, זענען, ווי ווייט זיי האָבן זיך נישט אַסימילירט באמת און פול מיט דער אַרומיקער וועלט, געבליבן ייִדן נאָר דורך זייער בענקשאַפט און נישט דורך ייִדיש וויסן און פּראַקטיק. „זיי זענען געווען קאַטאָליקן אָן גלויבן און ייִדן אָן וויסן" (9). און איך וואָלט נאָך מוסיף געווען: ייִדן אָן אַ ייִדיש לעבן, אָן אַ האַרמאָנישן ייִדישן לעבנס־שטייגער. די אנוסים האָבן באַהאַלטן א טיפן האָס צום קריסטנטום און קריסטן, וואָס האָבן פאַרגוואַלטיקט זייער געוויסן און זיי געצוואונגען צו פירן אַ לעבן פון צביעות און שקר. אָבער פון אַזאַ האָס ביז צו פּאָזיטיווער ייִדישקייט איז אַ גאַר היפּשער מהלך. אַט זעען מיר אין אַ שפּעטערדיקער עפּאָכע אַ גרויסן מאַראַן, וואָס האָט טיף און פאַרביטערט געהאַסט דאָס קריסטנטום, פונדעסטוועגן האָט ער קיינמאָל מער נישט געקענט זיך אומקערן צו ייִדישקייט און איז אַוועק פון דער וועלט מיט אַ טיפער בענקשאַפט־וואונד נאָך דעם פאַרלוירענעם ייִדישן גלויבן — איך מיין דאָ היינריך היינען. עס איז נישט מעגלעך אים איבערצושטייגן אין פאַראַכטונג און שנאה צום קריסטנטום. דעם דאָזיקן גלויבן באַצייכנט ער ווי אַ וואַנץ־אידעע, וואָס פאַרפּעסטעט ייִדן די לופט שוין אַכצן הונדערט יאָר. אַז ער דערוויסט זיך, אַז די יאַפּאַנער האַסן קריסטנטום, איז ער גרייט צו ווערן אַ יאַפּאַנער כדי צו טיילן מיט זיי דעם האַס צום צלם. אָבער ער גיט זיך אויך אָפּ אַ חשבון, אַז זיין האַלטן זיך ביי ייִדישקייט (דאָס איז געזאָגט געוואָרן נאָך פאַר זיין שמד) וואָרצלט נאָר אין זיין טיפער אַנטיפּאַטיע צום קריסטנטום (10). אָבער די דאָזיקע אַנטיפּאַטיע אַליין איז נישט געווען גענוג איינצוהאַלטן היינריך היינען אין דעם ייִדישן גבול און אוודאי נישט גענוג אים צו ברענגען צוריק נאָך דעם, ווי ער האָט די ייִדישע היים פאַרלאָזן. פונקט אַזוי איז נישט לייכט געווען דער וועג צוריק, צו גאַנצער ייִדישקייט, פאַר די שפּאַנישע אנוסים. די שפּאַלטונג אין דער נשמה, וואָס דער מאַראַנען־צושטאַנד האָט אַרויסגערופן, איז ביסלעכווייז געוואָרן אַ טיפע וואונדע, וואָס איז לאַנג נישט פאַרהיילט געוואָרן. פאַרלירט אַ ייִד זיין גאַנצקייט, הערט ער אויף זיין ייִדישקייט טאָג־טעגלעך צו מאַניפעסטירן און צו רעאַליזירן, מוזן אויפקומען ספקות. נאָר די נישט־איבערגעריסענע קייט פון קבלה איז געווען בכח צו פאַרטרייבן

דעם צווייפל אינעם יידישן עקסיסטענץ־תכלית אינמיטן דער גרויסער פיינטלעכער וועלט. רייסט זיך די קייט איבער, ווערן אָפּגעשוואַכט די יידישע עמאָציעס. און דאָרט וואו זיי ווירקן נישט מער אָדער נישט שטאַרק גענוג, שפּראָצט אַרויס די סקעפּסיס און ספקות הויבן אָן צו גריזשען דעם מח. און וואָס גרעסער די פּערזענלעכקייט, אַלץ טיפער די ספקות. און עס קומט אויף דאָס, וואָס קאַרל געבהאַרדט רופט אָן געראַטן — דער טראַגישער קאָנפליקט פון אַן אויסגעוואָרצלט פאָלק.

אָט דאָ ליגט דער מקור פון דעם נישט זיכערן, וואַקלדיקן געמיט־צושטאַנד פון יענע, וואָס זענען „נישט מער יידן און נאָך־נישט־יידן". דער מאַראַנען־גורל „ווערט פאַרוואַנדלט אין דעם מאַראַנען-צווייפל" (11), פון דעם אייגענעם וואָרצל שפּראָצט אַרויס אַ געמישטע קולטור, אַ ראַנד־קולטור, אָדער לויט דעם נאָמען, וואָס קאַרל געבהאַרדט האָט איר געגעבן, די „מאַראַנען־קולטור". דעריבער טאַקע איז עס אַזוי שווער צו ענטפערן אויף דער פראַגע, וואָס אַזוינס איז געווען שפּינאָזאַ לויט זיין פאָלקס-אָנגעהעריקייט. אַ פראַגע, וועלכע שטעלט זיך גאַרנישט ביי די גרויסע מענער פון אַנדערע פעלקער: „פּאַסקאַל איז אַ פראַנצויז, פיכטע איז אַ דייטש, דאָסטאָיעווסקי איז אַ רוס, און אין דער דאָזיקער דעפיניציע ווערן לעבעדיק אַלע ראַסישע, פּאָליטיש־געשיכטלעכע און קולטורעלע אַסאָציאַציעס, וואָס דער באַגריף פאָלק איז פאַר אונדז כולל אין זיך. שפּינאָזאַ איז דער איינציקער דענקער פון דער ניי־ער צייט, וואָס בנוגע צו אים לאָזט זיך די פראַגע וועגן זיין פאָלקסטום נישט פאַרענטפערן קלאָר און פּשוט. ער איז געווען אַ ייד, ווייל ער איז אַריינגענומען געוואָרן אין ברית־אברהם און באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג. ער איז געווען אַ פּאָרטוגעזער, ווייל זיינע עלטערן האָבן אויסגעוואַנדערט פון פּאָרטוגאַל און זיי זענען געווען קאַטאָליקן פון פּאָרטוגעזישער נישט יידישער בילדונג, און ווייל פּאָרטוגעזיש איז געווען זיין מוטער־שפּראַך און די דיכטערס פונעם איבערישן האַלב־אינדזל זענען געווען זיין לייען־שטאָף. ער איז געווען אַ האָלענדער, ווייל ער איז געבוירן געוואָרן אין אַמסטערדאַם און געשטאָרבן אין האַג, ווייל ער איז געווען פאַרבונדן דורך אַ גייסטיקער שותפות מיט רעמבראַנדטן און דורך אַ פּאָליטישער פריינדשאַפט מיט יאָהאַן דע וויט (דעם דעמאָלטיקן פאַקטישן הערשער פון האָלאַנד) און ווייל ער וואָלט זיך אַליין, אין דער צווייטער העלפט פון זיין לעבן, זיכער באַצייכנט ווי אַ האָלענדער". וואָס זשע איז שפּינאָזאַ דאָך געווען, לויט זיין פאָלקס־צוגעהעריקייט? דער איינציקער ענטפער קען נאָר זיין: ער איז געווען אַ מאַראַן (12).

איינעם פון די פאַרלויפערס פון שפינאָזאַ, דעם באַרימטעסטן צווישן זיי, אוריאל אַקאָסטאַ, האָט דער דייטשער דראַמאַטורג קאַרל גוצקאָוו אַריינגעלייגט אין מויל אַ פראַזע, וואָס כאַראַקטעריזירט די גאַנצע מאַראַנען־גרופּע, בעת ער הייסט אים זאָגן וועגן זיך אַליין: „איך בין נישט קיין ייד און נישט קיין קריסט". דעם אייגענעם מאַראַנען-קאָנפליקט צווישן בענקשאַפט און ווירקלעכקייט שילדערט ישראל זאַנגוויל אין זיינע „בעלי־חלומות פון געטאָ". טאַקע אין דער געשטאַלט פון דעם זעלבן אוריאל אַקאָסטאַ. ווי ווייט איז געווען די ייד־ווידיע פון דער ייד־ווירקלעכקייט! פאַר יעדער בענקשאַפט איז נאַטירלעך צו סובלימירן, צו אידעאַליזירן דעם אָביעקט פון חלום. געקומען קיין אַמסטערדאַם און דערזען די יידישע אַלטוואַרג־הענדלערס, דימענטן־שלייפערס, דייגער־מאַכערס, מיט איין וואָרט דעם וואָכעדיקן יידן, פילט זיך אוריאל אַקאָסטאַ ווי אַן אָפּגענאַרטער: זענען דיי דאָס אויסדערוויילטע פאָלק, וואָס ער האָט געזען אין זיין פאַנטאַזיע לויט ביכער און דערציילונגען פון אויער צו אויער, דערציילט מיט אַ ציטער אין קול און אין באַהעלטענישן? אין די שטרענגע כּללים וואָס אַ ייד דאַרף אָפּהיטן, פון אויפשטיין ביזן שלאָפן גיין, ביים עסן און ביים טרינקען, מיט איין וואָרט ביי די סאַמע וואָכעדיקע אַקטן און פאַסירונגען, דערקענט ער נישט די יידישע אמונה, אַזוי ווי ער האָט זי אויסגעטראָגן אין זיינע חלומות פון די אנוסים־יאָרן. און ווידער איז ער אָפּגענאַרט אין זיינע האָפענונגען און אילוזיעס.

וואָלט דער מאַראַנען־צושטאַנד געווען נאָר אַ דערווייטערונג פון דאָגמעס, וואָלט דאָס צוריקקומען צום אַלטן גלויבן נישט אַרויסגערופן קיין שאַרפע קאָנפליקטן. איז אָבער יידישקייט קודם־כּל און דער עיקר אַ באַזונדער לעבנס־אופן, וואָס פאָדערט טאָג־טעגלעכע מעשים און על־פּי רוב, בצבור, מיט דער גאַנצער עדה. אָבער דער דאָזיקער לעבנס־שטייגער וועלכער קען דאָך נישט זיין נישט וואָכעדיק, באַזיצט דאָך זיין חן און זיין כּשוף פאַר יענע, וואָס לעבן מיט אים און דורך אים. זיין אַ מאַראַן האָט אָבער פריער פאַר אַלץ געמיינט איבעררייסן מיטן טראַדיציאָנעל-איינגעשטעלטן און תמיד זיך בייטנדיקן פאָלקסלעבן. פאַרלאָזט איינער אויף לאַנגע יאָרן אַ יונגע, געליבטע פרוי און געפינט זי ווידער אַ געעלטערטע, איז דער יוגנט־חן פאַרשוואונדן, און דער על־טערער רייץ, וואָס דאָס אינטימע צוזאַמענלעבן, טאָג איין — טאָג אויס, רופט אַרויס, איז אויך נישטאָ. האָט דאָס יידישע לעבן פאַר די צוריקגעקומענע און דווקא פאַר די פיקפילנדיקע צווישן זיי, פאַרלוירן דעם

טעם, און עס האָט געמוזט אויסזען אין זייערע אויגן פּראָסט, וואָכעדיק און זינענלאָז. און ווי תמיד וואַקסט אַ נשמה־קאָנפליקט אויס צו אַ טראַגעדיע ביי יענע, וואָס זענען עלול זיך אויפצוהויבן צו טראַגישע הויכן.

געהערט דער מאַראַנען־קאָנפליקט פון אַן אוריאל אַקאָסטאַ, פון אַ שפּינאָזאַ צו דער געשיכטע, צו פאַרגאַנגענע צייטן. אָבער וויפיל ייִדן מיט אַ מאַראַנען־פּסיכאָלאָגיע דרייען זיך אַרום צווישן אונדז אין אונדזערע היינטיקע טעג. מער נישט, וואָס דען, אין אַ קליינעם דור און ביי קליינע מענטשעלעך, קענען אויך אונדזערע מאַראַנען נישט אויסוואַקסן צו גרויסע פיגורן. רופט זיי דער שטענדיקער איבערלעבער סכסוך, אין די רעדאַקציעס וואו זיי זיצן, אין די טעאַטערס און „מואוויס" (פילמס), וואו זיי שפּילן, זעט ער זיך אַרויס פון די בלייכע ביכער, וואָס זיי שרייבן. זענען זיי אַליין קליין, איז אויך זייער קאָנפליקט אַ קליינטשיקער. טראָגט מען זיך מיט אים אַרום אַ גאַנץ לעבן און מען איז אפילו נישט זוכה דערצו, אַז ער זאָל זיך אַמאָל פונאַנדערפלאַקערן אין אַ פלאַם־פייער, וואָס ברענט די נשמה, אָבער מאַכט זי העלער און ליכטיקער.

ג. שפּינאָזאַס באַציאונג צו ייִדישקייט און צום ייִדישן פאָלק

דער פאַקט, וואָס וועלטלעכע ייִדישע נאַציאָנאַליסטן האָבן גענומען שפּינאָזאַן אונטער זייער שוץ, געהערט צו די אומצאָליקע פּאַראַדאָקסן, וואָס מיט זיי איז פול די געשיכטע פון מענטשלעכן געדאַנק, בעת ער האָט צו טון נישט מיט דער טויטער נאַטור, נאָר מיט מענטשן און מיט זייער סאָציאַלן לעבן. בפרט אָבער זענען מיר ייִדן רייך מיט אַזוינע פּאַראַדאָקסן, ווייל אונדזער לעבן גופא איז אַזוי פאַרפּלאָנטערט און סתירהדיק, צוליב דער פאַרשידנאַרטיקייט פון השפּעות אונטער וועלכע מיר זענען אונטערגעוואָרפן. פאַר איטלעכן, וואָס האָט זיך באַקענט מיט די געדאַנקען, וואָס שפּינאָזאַ האָט אַרויסגעבראַכט וועגן ייִדן און ייִדישקייט, און מיט זיין פאַרזענלעכער הנהגה און באַציאונג צום ייִדישן קיבוץ פון זיין צייט, וועט קלאָר זיין, אַז ער איז געווען דער פריער אָנזאָגער פון דער אַסימילאַציע־אידעע, דערפירט ביז צו אירע סאַמע עקסטרעמע לאָגישע קאָנסעקווענצן. און זיין שאַרפער צוזאַמענשטויס מיט דער אַמסטערדאַמער עדה, און נישט בלויז מיט איר אַליין, ווי זיינע היינטיקע ייִדישע חסידים מיינען על־פּי טעות, נאָר מיט ייִדן פון אַלע דורות: וואָס האָבן געלעבט פאַר אים און זענען געקומען נאָך אים, איז

ניִשט אַרויסגערופן געוואָרן דורך זיין מעטאַפיזישער לערע, דורך זיין
הויפּט־ווערק „די עטיק", וואָס איז איבעריקנס געשריבן געוואָרן אַ סך
שפּעטער נאָכן חרם. זיכער איז אויך זיין מעטאַפיזיק אין קעגנזאַץ צו
דער יידישער תורה, ווי מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט. יידישקייט האָט
שפּינאָזאַס לערע ניִשט געקענט פאַרדייען. אָבער פאַרטראָגן וואָלט
זי אים ווי ניִשט איז פאַרטראָגן. יידן האָבן זיך תמיד געגעבן אַן עצה
מיט פילאָסאָפיעס, וואָס זענען אויפגעקומען אין זייערע רייען, אָבער
האָבן ניִשט האַרמאָנירט מיט זייער גייסט: מען האָט זיי פּשוט „פאַר־
געסן". ניִשט קיין אַנדערער ווי משה מענדעלסאָן, האָט שוין געזאָגט, אַז
שפּינאָזאַ וואָלט געקענט בלייבן אַ ייד, ניִשט געקוקט אויף זיינע
מעטאַפיזישע ספּעקולאַציעס, ווען ער וואָלט ניִשט געהאַט געלייקנט
דאָס „יידישע געזעץ" (13). יידן וואָלטן געבליבן אינדיפערענט צו
שפּינאָזאַס עטיק און פּראָסט פון איר קיין „ווען ניִשט געמאַכט". דאָס
האָט אָבער ניִשט געקענט געשען מיט אַן אַנדער שריפט זיינער, דעם
טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט. אין דער דאָזיקער שריפט, און ניִשט
אין דער עטיק, ליגט דער שליסל צום שפּינאָזאַ־פּראָבלעם, ווי אַ יידיש
פּראָבלעם. און גראָד איז דער „טראַקטאַט" ניִשט קיין פילאָסאָפיש ווערק,
נייערט אַ פּאָליטיש־פּאָלעמישע שריפט, אַ פּובליציסטישע אַרבעט מיט
אַ היפּשער צאָל חסרונות און סתירות, אָבער מיט אַן אויסגעשפּראָכענער
פיינטשאַפט צו יידישקייט און יידן. דער טראַקטאַט איז פון איין זייט
אַ פאַרשטעלטע אָבער פאַרביסענע פּאָלעמיק קעגן דער קהלה, וואָס
האָט אים אַרויסגעוואָרפן פון אירע רייען און, פון דער צווייטער זייט,
אַ פּרואוו צו באַרעכטיקן די פּאָליטיק, וואָס זיין פריינד, דער דעמאָל־
מיקער מושל איבער האָלאַנד, יאַן דע וויט, האָט געפירט בנוגע צו
דער קירך, און צו גלאָריפיצירן די מלוכה אויפן חשבון פון דער רע־
ליגיע. מיט איין וואָרט, דער טראַקטאַט איז אַ קאַמפּס־שריפט און, ווי
עס באַמערקט ריכטיק קאַרל געבהאַרדט אין זיין הקדמה, האָט זיך אין
אים באַשטעטיקט דער אַלטער אמת, אַז „גערעכטיקייט איז ניִשט די
מוגנד פון קאַמף" (14).

דער טראַגישער צוזאַמענשטויס צווישן שפּינאָזאַ און זיינע
ברידער, אַ צוזאַמענשטויס, וואָס האָט אומפאַרמיידלעך זיך געמוזט פאַר־
ענדיקן מיט אַ פאַרביטערטער שנאה פון ביידע זייטן, מיט אַפּקורסיקייט
פון זיין זייט און מיטן חרם מצד דער אַמסטערדאַמער קהלה, איז געווען
אַ רעזולטאַט פון שפּינאָזאַס שטעלונג צום יידישן פאָלק און פון

זיין פערזענלעכער הנהגה. צו דער צווייטער וועלן מיר נאָך צוריקקומען און וועגן דעם ערשטן וועט דאָ זיין די רייד.

שפּינאָזאַ איז אין זיין טראַקטאַט דורך און דורך קריסטלעך. נישט דאָס איז דער עיקר, וואָס ער הויבט ישו הנוצרי אין הימל אַריין, שטעלט אים העכער פון די נביאים, אפילו פון משה רבינו, און זאָגט, אַז ער איז דער וועג פון דער דערלייזונג (15). דאָס אַליין וואָלט אים נאָך פאַר אַ קריסט נישט געמאַכט. און ער איז עס אויך נישט אינעם קירכלעכן און דאָגמאַטישן זינען, ער איז אָבער יאָ קריסטלעך אין אַ טיפערן זינען, אין זיין באַנעם פונעם לעבן פונעם יחיד און פון זיינע באַציאונגען מיטן כלל. דאָס איז געווען נאַטירלעך צו דערוואַרטן פונעם „טראַקטאַט", וואָס איינער פון זיינע הויפּט־צילן איז געווען צו פאַרענטפערן דאָס פּראָבלעם וועגן דער שייכות צווישן אַ קריסטלעכער מלוכה, דער האָלענדישער, און אַ קריסטלעכער קירך, דער קאַלוויניסטישער, אַ פּראָבלעם, וואָס שפּינאָזאַ איז דעמאָלט געווען דער איינציקער ייד, וואָס האָט זיך מיט אים אינטערעסירט, וואָרעם אַלע אַנדערע יידן איז עס מסתמא געלעגן „אין דער לינקער פּאה". אין דער גרונט־פראַגע וועגן דער באַציאונג צווישן אמונה און געזעץ, וואָס דינט נאָך עד־היום פאַר אַ דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן יידן און קריסטן, און מעגן זיי זיין פרעמד פון בית־המדרש און, להבדיל, פון דער קירך, אַ פראַגע וועלכע איז, ווי איך וואָלט געזאָגט, אַ שיידונגס־ליניע צווישן צוויי ציוויליזאַציעס, שטעלט זיך שפּינאָזאַ אויף „יענער זייט פון דער באַריקאַדע" און איז תופס דאָס פּראָבלעם אויפן קריסטלעכן שטייגער.

שפּינאָזאַ נעמט איננאַנצן אָן די צעטיילונג פון געטלעכן און מענטשלעכן געזעץ, וואָס איז געלעגן אינעם יסוד גופא פון קריסטנטום ביי זיין אָנקומען און וואָס דער תהום צווישן די ביידע איז געוואָרן אַלץ טיפער אינעם לעבן פון די קריסטלעכע פעלקער זינט דאָס קריסטנטום איז געוואָרן די הערשנדיקע רעליגיע אין אייראָפּע. דאָס געטלעכע געזעץ איז פאַר שפּינאָזאַן דאָס העכערע, און מיינען מיינט ער דערמיט — די אמתע דערקענטעניש פון און די ריכטיקע ליבע צו גאָט (ליבע, פאַרשטייט זיך, אין שפּינאָזיסטישן זינען, וואָס איז גלייך מיט דערקענען גאָט: „אַמאָר דעאי אינטעלעקטואַליס"). היות ווי דער בעסערער טייל פון אונדזער יש איז די דערקענטעניש, מוזן מיר קודם־כל זאָרגן וועגן איר שלמות, ווייל אין דער דאָזיקער שלמות ליגט דאָס העכסטע גוטס. דאָס מענטשלעכע געזעץ שטייט אין זיינע אויגן אויף אַ

ביהעריקערער מדרגה, ווייל זיין ציל איז אַ זער פּראָזאַאישער: צו שיצן דאָס לעבן פונעם יחיד און דאָס מענטשלעכע צוזאַמענלעבן.

אַרויסגייענדיק פון אַט דער צעטיילונג און גראַדאַציע פון געטלעכן און מענטשלעכן געזעץ, וואָס זענען פונדאַמענטאַל אַנטי־יידיש, ווייל ביי אונדז פאַרנעמען די מצוות בין אדם למקום און בין אדם לחברו נישט קיין פאַרשידענע מדרגות פון וויכטיקייט, מוז שפּינאָזאַ קומען צום אויספיר, אַז דאָס קריסטנטום, ווי אַ לערע פון געטלעכקייט, שטייט העכער ווי יידישקייט, וואָס איז אַ תורת חיים. און ער טוט עס טאַקע, היות ווי דאָס געטלעכע געזעץ, פאַרשאַפט דעם מענטשן דאָס עכטע גליק און איז אַ קנין פון אַלע מענטשן און היות ווי דער צענטער פון קריסטוס׳ לערע ליגט אינעם דאָזיקן געזעץ, קומט דערפון אַרויס, אַז דאָס קריסטנטום איז קודם־כל אַלמענטשלעך און צווייטנס — אייביק. היות ווי די יידישע מצוות, די ריטואַלע און וועלטלעכע, זענען, לויט שפּינאָזאַן, געווען באַשטימט נאָר פאַר יידן און פאַר זייער מלוכה, זענען זיי במילא נישט קיין חלק פון געטלעכן געזעץ, און קענען גאָרנישט נישט מוסיף זיין צו דער גליקזעליקייט און צו דער צדקות פון מענטשן, צוליב זייער צייטלעך־ און אָרטלעך־באַגרענעצטן צוועק — אויפצוהאַלטן דעם מאַטעריעלן וואוילזיין פון יידן און די זיכערקייט פון דער יידישער מדינה — גייט זייער ווערט פאַרלוירן מיטן אונטערגאַנג פון דער דאָזי־קער מדינה. אין דעם מאָמענט, זאָגט שפּינאָזאַ, ווען יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות בבל, איז בטל געוואָרן דער ברית, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן פאָלק און גאָט. יידן האָבן, אַנשטאָט זייער גאָט ווי אַ געזעצגעבער און קיניג, באַקומען אַן אַנדערן — דעם מלך פון בבל. און עס איז אינטערעסאַנט, אַז שפּינאָזאַ שטיצט אונטער זיין מיינונג מיטן פּסוק פון ירמיהו: „און זוכט דעם פרידן פון דער שטאָט, וואָס איך האָב אייך פאַרטריבן אַהין, און זייט מתפלל פאַר איר צו גאָט, וואָרעם אין איר פרידן וועט זיין פרידן צו אייך" (16) (ירמיה כט, ז), דעם פּסוק, וואָס איז כסדר געבראַכט געוואָרן און ווערט נאָך איצט ציטירט פון אַלע אַסימילאַטאָרן פון אַלע לענדער, ווי אַ באַווייז אויף דער בכורה פון דעם לאַנד־פּאַטריאָטיזם, וועלכער בייט זיך כסדר מיט די ענדערונגען אינעם יידישן וואַנדער־שטראָם, איבער דער אייביקער יידישער פאָלקס־געטרייקייט. עס איז אפשר איבעריק מוסיף צו זיין, אַז פונעם טעקסט גופא איז בפירוש קלאָר, אַז ירמיה האָט געהאַט אין אויג נאָר די לאָיאַליטעט צו דער מלוכה צוליבן שלום צווישן די יידן און זייערע שכנים. עס איז, גלויב איך, אויך נישט נויט־

טיק צו באַווייזן באריכות אַ יידיש־לייענער, וויפיל צו־להכעיסדיקע פאַרלייקענונגען פונעם אמת. עס שטעקט אין דער באַהויפּטונג, אַז דאָס יידישע געזעץ, דאָס הייסט במילא אויך דער יידישער לעבנס־שטייגער, זענען אונטערגעגאַנגען מיטן חורבן פון דער יידישער מדינה, אויב מען רעכנט נישט, פאַרשטייט זיך, די מצוות התלויות בארץ.

דערפירט מען די דאָזיקע הנחות פון שפינאָזאַן ביז זייער לאָגישן סוף, מוז מען קומען צו דער מסקנא, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט מיטן אָנהויב פון גלות פאַרלוירן זיין עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג. דאָס יידישע געטלעכע געזעץ איז אַריבערגעשטיגן געוואָרן דורכן „מאַן פון נצרת", און דאָס יידישע מענטשלעכע געזעץ איז בטל געוואָרן. געפינט דערום שפינאָזאַ קיין אַנדער עצה נישט, ווי אַזוי צו דערקלערן די עקסיסטענץ פון דעם יידישן פאָלק, סיידן דערמיט, וואָס יידן האָבן זיך אָפּגעזונדערט פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. די יידישע בחירה האַלט שפינאָזאַ פאַר אַ פּוסטע באַרימעריי. אויב גאָט האָט אויסדערוויילט יידן, איז דאָס געווען גילטיק נאָר כל־זמן זיי האָבן געלעבט אין זייער אייגן לאַנד, און אויך דעמאָלט — נאָר אין דעם זינען, וואָס זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדערע תורה, וואָס זי האָט זיי אונטערגעשידן און אויסגעצייכנט פון די פעלקער אַרום זיי. איי ווי קומט עס, וואָס זיי האָבן זיך געהאַלטן ווי אַ פאָלק אין גלות, אָן אַן אייגענער מלוכה, איז דער תירוץ: ווייל זיי האָבן אויפגעשטעלט אַ מחיצה צווישן זיך און דער וועלט, און טאַקע דורך זייער אָפּגעזונדערטקייט, האָבן זיי אַרויסגערופן קעגן זיך די שנאה פון אַלע פעלקער (17).

זעט מען ראשית, אַז שפינאָזאַ איז מצדיק את הדין אויף יידן, וויבאַלד זייער גורל, די שנאת עולם, ווערט באַרעכטיקט דורך זייער זינענלאָזער עקשנות. והשנית, בלייבט שפינאָזאַ שטיין ביי דער ערשטער שאלה און פרעגט נישט די צווייטע קשיא: ווי קומט עס, וואָס יידן האָבן זיך איינגעשפּאַרט דווקא צו פירן אַן אָפּגעזונדערט לעבן, אויב עס איז ריכטיק, אַז זייער לעבן גופא האָט קיין תכלית און קיין באַרעכטיקונג נישט געהאַט, אַנשטאָט צו גיין אין די דרכים פון די אַנדערע פעלקער און זיך צונויפמישן מיט זיי און לעבן רואיק ווי זיי אַלע.

זעען מיר בכן, אַז שפינאָזאַ האָט געזאָגט אַ קלאָרן און קאַטעגאָרישן ניין צו יידן און יידישקייט. דער דאָזיקער ניין קען נישט אָפּגעשוואַכט ווערן דורך אַ צופעליקער פראַזע פון „טראַקטאַט", וואָס

קלעפּט זיך איבעריקנס ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט צום גאַנצן ווערק, אַז אויב די אומשטאַנדן זאָלן זיין גינציק, קען אפשר גאָר מעגלעך זיין, אַז ייִדן וועלן ווידער אויפריכטן זייער אַמאָליקע מלוכה און דעמאָלט וועט זיי גאָט ווידער אויסדערוויילן פאַר זיין פאָלק — (18). פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער, ציטירנדיק די דאָזיקע שטעלע, דערציילט אין נאָמען פונעם באַוואוסטן חובב־ציון, ד״ר הימלפאַרב, אַז דער דאָזיקער מאמר פון שפּינאָזאַ זאָל האָבן געהאַט אַ השפּעה אויף לעאָן פּינסקער — (19). קען מען נישט פרעגן קיין קשיא אויף אַ מעשה. איין זאַך איז אָבער קלאָר: אין דער גאַנצער לערע פון שפּינאָזאַ וועגן ייִדישקייט און זיין באַציאונג צום ייִדישן פאָלק איז נישטאָ בלויז נישטאָ קיין שום וועג צו ציון, נאָר אפילו נישט קיין ענג סטעזשקעלע. מיינט מאַקע העדמאַן כהן, אַז דער דאָזיקער זאַץ פון שפּינאָזאַ קען קליבגען ווי אַ „דעמאָנישע איראָניע“ (20). פאַר אַ געשטאָרבן פאָלק איז קיין רעטונג נישטאָ און פון וואַנען זאָל זיך גאָר נעמען ביי אַ טויטן פאָלק די תשוקה צו גאולה? אויב מען קען אין דער דאָזיקער אָפּגעריסענער פראַזע יאָ געפינען אַ סמיכות־הפּרשה מיט ציוניזם, איז דאָס סיידן מיט דער שיטה אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס פאַרמעסט זיך צו מאַכן דעם עקספּערימענט צו באַשאַפן אַ נייע „העברעער־נאַציע“ אין ארץ־ישראל. פאַר דער דאָזיקער שיטה איז שפּינאָזאַס צופעליקע פראַזע טאַקע אַ טייערע מציאה. אָבער אַריינטייטשן גאולה־געדאַנקען אין שפּינאָזאַן קען מען נאָר, ווען מען איגנאָרירט דעם סאַמע גייסט פון זיין ווערק און מען פאַרגעסט אין זיין לעבן אויסער דעם תחום פון דעם ייִדישן ציבור. נאָך אין זיינע לעבנס־טעג, מיט אַ פּאָר יאָר אײדער דער „טראַקטאַט“ האָט זיך באַוויזן פון דרוק, האָט אַ גרויסער משיחישער אויפברויז, די שבתי צבי־באַוועגונג, אויפגערודערט די ייִדישע וועלט, ביז אירע טיפענישן. געווען, כידוע, נישט ווייניק קעגנערס פון שבתי צבי, צווישן ייִדן גופא. אָבער זיין רוף האָט אויפגעטרייסלט אַלע ייִדישע ישובים. בפרט איז גרויס געווען די אויפרודערונג אין שפּינאָזאַס קהלה, אין דער אַמסטערדאַמער. וואָס איר אָבער וועגן דעם ביי שפּינאָזאַן קיין איין וואָרט נישט געפינען, הגם ער האָט אָפּט יאָ רעאַגירט אויף פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע געשעענישן פון זיין צייט. אויף אַ בריוו פון זיין פריינד אָלדענבורג, וואו יענער פרעגט אים אַן וועגן זיין מיינונג מכוח שבתי צבי, איז קיין ענטפער נישט געקומען. ווייסן מיר נישט, ווי דער ענטפער וואָלט אויסגעזען, אָבער זיכער איז, אַז שפּינאָזאַ איז, אין הסכם מיט זיין קוק אויף

יידן, ווי אויף אַ טויט פֿאָלק, געבליבן לחלוטין אינדיפֿערענט, ווי אַ פֿרעמדער און ווייט־שטייענדיקער, צו אַלץ, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין יידישן לעבן, און האָט זיך דאָרט די וועלט געמעגט איבערקערן.

## ד. שפּינאָזאָס הנהגה

פֿון זיינע אידעען וועגן יידישקייט און יידישן פֿאָלק זענען מיר שוין אַריבער צו אַן אַנדער קאַפּיטל: ווי איז געווען שפּינאָזאָס פּערזענלעכע הנהגה, אַלס ייד, און זיין האַלטונג צו זיינע יידישע ברידער.

שפּינאָזאַ איז נישט געווען בלויז אַ קאַלטער פֿילאָסאָפֿישער גייסט, וואָס קערט זיך נישט אָן מיט לעבעדיקע מענטשן און אינטערעסירט זיך נישט מיט זייערע ליידן און פֿריידן, מיט זייערע גלויבנס און אָבערגלויבענישן. אדרבא, ביים פֿאַרעפֿנטלעכן זיינע ווערק האָט ער זיך גאָר שטאַרק גערעכנט מיטן איינדרוק, וואָס די אָדער יענע פֿאָרמולירונג פֿון אַ געדאַנק קען מאַכן אויפֿן עולם. אפֿילו אין אַזאַ פֿאָלעמישער שריפֿט ווי דער „טראַקטאַט", שאַנעוועט ער די געפֿילן פֿון די גלויביקע קריסטן. און אַז ער קומט צו רעדן וועגן ישו הנוצרי, וויקלט ער איין זיינע געדאַנקען אין אַזוי פֿיל ווייכער וואַטע, אַז נאָר מיט גרויס מאַטערניש קען מען זיי פֿונאַנדערוויקלען און דערגיין ביז צום גרונט פֿון זיין כוונה. גאָטס גייסט, זאָגט שפּינאָזאַ, האָט גערעדט דורך יעזוס קריסטוסן. יעזוס קריסטוס איז געווען דער וועג פֿון ראַטונג, פֿון גליקזעליקייט. באַנוצנדיק די קריסטלעכע טעאָלאָגישע פֿראַזעאָלאָגיע, און נאָר זי עפּעס מאָדיפֿיצירנדיק, זאָגט ער, אַז גאָטס העכסטע חכמה האָט אין יעזוס קריסטוסן אָנגענומען אַ מענטשלעכע נאַטור. אָבער כדי נישט צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז ער גלויבט אין דער קירכלעכער דאָגמע פֿון גאָט־זון, איז ער מוסיף, אַז ער רעדט נישט וועגן דעם, וואָס געוויסע קירכן שרייבן צו יעזוס קריסטוסן. קיין פֿינטעלע אויפֿן יוד שטעלט ער נישט, אָבער ער זאָגט זיך אויך נישט ארויס קעגן דעם. „איך בין אָפֿן מודה, אַז איך פֿאַרשטיי גאָר נישט דערפֿון" (21) און אַז ער ווערט פֿאַרטיק מיט זיין קריטיק פֿון תנ"ך, וואו מען זעט קלאָר, אַז ער לייקנט אין תורה מן השמים, באַמערקט ער, אַז ער וואָלט געדאַרפֿט די אייגענע קריטישע מעטאָדן אָנווענדן אויך צום ברית חדשה, טוט ער עס אָבער נישט, דער עיקר דערפֿאַר, ווייל ער בעהערשט נישט גענוג די גריכישע שפּראַך — (22).

איז דאָס אָבער געווען נישט מער ווי אַ תירוץ, וואָרעם אין זיין ביבליאָטעק האָט מען געפונען גריכישע ווערטערביכער און גראַמאַטיקעס, פון וועלכע עס איז צו זען, לויט זיין קאָמפּעטענטן ביאָגראַף פרוידענטאַל, אַז ער האָט באַהערשט גריכיש (23). זעט אויס, אַז זיין פריי־וואַטער קאָרעספּאָנדענץ איז ער שוין גאַרנישט אַזוי צוריקגע־האַלטן, ווי אין זיינע שריפטן, וואָס זענען אָפן פאַרן לייע־נער. אין איינעם פון זיינע בריוו צו אָלדענבורג זאָגט ער בפירוש, אַז די רייד וועגן דעם, אַז גאָט האָט אָנגענומען אַ מענטשלעכע נאַטור, זעט אים אויס פּונקט אַזאַ אַבסורד, ווי אימיצער זאָל זאָגן, אַז דער קרייז האָט אָנגענומען די נאַטור פון קוואַדראַט — (24). קאַרל געבהאַרד איז גערעכט, בעת ער ווייזט אָן, אַז דאָס גיט נישט קיין שום גרונד חושד צו זיין שפּינאָזאַן אין צביעות. ער האָט זיך אָבער גערעכנט, און ער האָט בלי ספק ריכטיק געהאַנדלט, מיט דער רעאַקציע פונעם פּשוטן עולם און געהאַלטן, אַז מען טאָר ביי אים נישט אָוועקנעמען זיין גלויבן, בעת דאָס העכערע דענקען, די פילאָזאָפיע, איז אים נישט צוטריטלעך און קען במילא דאָס אָרט פון דער אמונה נישט פאַרנע־מען. און אַז אַ פרוי פון פאָלק, זיין בעל־הביתטע, וואו ער האָט גע־וואוינט, האָט אים געפרעגט, אויב זי קען, לויט זיין מיינונג, דורך איר גלויבן קומען צום פולקומען גליק, האָט שפּינאָזאַ איר גע־ענטפערט: „אייער רעליגיע איז גוט, איר דאַרפט קיין אַנדערע נישט זוכן, כדי גליקלעך צו ווערן, אויב איר וועט נאָר פירן אַ פרידלעך לעבן און איבערגעבן זיין צו גאָט" (25).

האָט ער זיך אַקוראַט אַזוי פאַרזיכטיק און מענטשלעך באַנומען צו זיינע יידישע ברידער און שוועסטער? צום באַדויערן מוז מען אויף דער פראַגע ענטפערן מיט אַ ניין. אויף וויפל ער איז אין געוויסע שטעלן פון טראַקטאַט צוריקגעהאַלטן אין זיין ביבל־קריטיק, טוט ער עס, כדי נישט צו באַליידיקן די געפילן פון זיינע קריסטלעכע מיט־בירגער, די קאַלוויניסטן, ווייל אויך פאַר זיי איז דער תנ"ך אַ הייליקע שריפט. דערפאַר מאַכט ער אָבער קיין שום צערעמאָניעס נישט ווען ער שטייט טעט־אַ־טעט מיט יידן. מיט זיי האָט ער נאָך פאַרן חרם איבערגעריסן דעם קאָנטאַקט און געוואָרן אַ בן־בית אין קריסטלעכע קרייזן, בפרט ביי די מענאָניטן און קאָלעגיאַנטן. וואָס פאַרא פראַגרעסיווע אידעען זיי האָבן נישט געהאַט, זענען זיי געבליבן גלויביקע קריסטן, און קיין ליבשאַפט צום פאָלק, וואָס האָט כלומרשט געקריי־ציקט זייער גאָט, אָדער זייער משיח, זייער הערלייזער, זיכער

נישט געשפּירט און נישט אַרויסגעוויזן. צי איז אמת די מעשה אַז שפּינאָזאַ האָט זיך פאַרליבט און זיך געקליבן חתונה האָבן מיט אַ קריסטלעך מיידל, די טאָכטער פון זיין לאַטייניש לערער ד״ר ענדעס, צי נישט, אָבער אויב אפילו דאָס איז בלויז אַ לעגענדע, איז דער פאַקט גופא, אַז זי האָט געקענט געפינען פאַרשפּרייטונג און גלויבן אין אַ צייט, ווען דער זכרון פון ברוך שפּינאָזאַס לעבן איז נאָך געווען פריש, אַ גענוגנדיקער סימן, אַז דאָס איז געווען בגדר פון וואַרשיינלעכקייט. וואָס דאָס האָט באַטייט אין יענע יאָרן, נישט בלויז אין יידיש־רעליגיעזן זינען, נאָר אויך פון שטאַנדפּונקט פון עלעמענטאַרע מענטשלעכע באַציאונגען, פון סאָלידאַריטעט מיט אַ געראָדפטער עדה, קען מען זיך נאָך אַפילו היינט פאַרשטעלן.

אַ יאָר נאָך זיין פאָטערס טויט האָט מען דעם יונגען שפּינאָזאַ אין שול מער נישט געזען, ווי מען זאָגט, אפילו נישט צו כל־נדרי, אין דעם אָוונט, ווען די יידישע אַטמאָספערע האָט אין יענע צייטן געפיבערט מיט אַ הייליקן ציטער, מיט זכרונות פון יידישן גורל, בפרט פון זיינע דירעקטע אבות — די אנוסים פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, וואָס טויזנטער פון זיי זענען פאַרברענט געוואָרן, ווייל זיי האָבן נישט געקענט ביישטיין זייער האַרץ־באַגער זיך צו געפינען צוזאַמען מיט דער עדה אין דער הייליקער יום־כיפור־נאַכט. קדיש נאָכן פאָטער האָט ער נישט געזאָגט. בפרהסיא האָט ער געטרעטן מיט די פיס יידישע געבאָטן און מנהגים, נישט געהיט דעם יידישן שבת און נישט געהאַלטן פון יידישע יום־טובים, נישט אַרויסגעוויזן דאָס מינדסטע פּיעטעטס־געפיל נישט פאַר יידישע הייליקייטן, נישט פאַר די געפילן פון יידישע מענטשן. און אַז די פּרנסים און רבנים האָבן אים גערופן און אים געמוסרט, ווי מען שטראָפט אַן אייגן געליבט קינד, וואָס איז אַראָפּ פון דרך־הישר, און זיך געבעטן ביי אים רחמים, אַז ער זאָל כאָטש אין עפּעס נאָכגעבן דעם יידישן געפיל און כאָטש אויסערלעך אים שאַנעווען, זיך באַווייזנדיק פון צייט צו צייט אין שול, האָט ער זיי, בתוכם זיין אַלטן רבין שאול מאַרטיירא, געענטפערט מיט העזה און אָפּגעשפּאָט פון אַלץ, וואָס איז פאַר זיי געווען הייליק און טייער. דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, דערביי אויף קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן, אַז דאָס אַלץ שפּילט זיך אָפּ אין אַ צייט, ווען קיין אַנדערע יידישע לעבנס־פאָרמען, ווי די, וואָס זענען געווען געהייליקט דורך אמונה, זענען ביי יידן בכלל נישט געווען בנמצא, אַז קיין אַנדער קאָלעקטיוו לעבן, קיין אַנדער צוזאַמענבונד צווישן יידן, אָן שייכות מיטן יידישן דת, האָבן אויך נישט עקסיסטירט. קען מען

שטאַרק צווייפלען, צי איז אַפילו היינט צו טאָג ביי יידן מעגלעך אַ לעבן, אויסגעטון פון יעדער טראַדיציאָנעלער קדושה און פון טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער. אָבער אַז אין שפּינאָזאַס צייטן האָט אַזוינס נישט געקענט געמאָלט זיין, איז לית מאן דפליג. דאָס איז אַן אומשטרייטבאַרער היסטאָרישער פאַקט. בכן מאַכן פון שפּינאָזאַן אַ נאַציאָנאַלן יידן, לויט ה י י נ ט י ק ע ה ש ג ו ת, ווייל סך־הכל האָט ער זיך דאָך „נאָר" אויסגעטון פון יידישע רעליגיעזע מצוות, און „נאָר" אַ בערגערייסן מיט דער „קהלה־יידישקייט", הייסט מיט אַ כיוון פעלשן יידישע געשיכטע און פאַלסיפיצירן שפּינאָזאַס ביאָגראַפיע.

הלל צייטלין, און אים צו לענגערע יאָר, יעקב קלאַצקין, געהערן צו די ווינציקע פרייע יידישע גייסטער, וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרטויבן פונעם משכילישן פוסטן און פאַלשן געשריי וועגן שפּינאָזאַן דעם מארטירער, דעם קרבן פון יידישן פאַנאַטיזם. דערמאָנט אונדז הלל צייטלין, אויף זיין וואַרעמען יידישן שטייגער, דעם הינטערגרונט, אויף וועלכן די שפּינאָזאַ־דראַמע האָט זיך אָפּגעשפּילט. פריש איז נאָך געווען אין זכרון פון די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע פליטים דער אָנדענק פון זייערע עלטערן און עלטערנס עלטערן, וואָס זענען געהרגעט געוואָרן אויף קדוש־השם. זענען די דאָזיקע קרבנות געווען אומזיסטע, אַרויסגעוואָרפענע? טאָג־טעגלעך קומען אין קיין אַמסטערדאַם שיפן, וואָס ברענגען בלוטיקע גרוסן פון נייע שחיטות אויף אנוסים אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. און עס דערגרייכט פון דער ווייטן דער אָפּקלאַנג פונעם שמע ישראל, וואָס מיט אים האָבן זיי אָפּשייד גענומען פון דער וועלט (26). און דאָ קומט אימיצער, אימיצער, וואָס שטאַמט אליין פון זיי, בלוט פון זייער בלוט און פלייש פון זייער פלייש, און שפּאָט פון זיי אָפּ, פון זייער איינציק־איבערגעבליבענער טרייסט — זייער גלויבן. מעג ער טאַקע זיין פון די ערשטע גאונים, אַ גיגאַנט פון געדאַנק, איז ער אָבער אויך אַ גרויסער אכזר. רחמנות מיט אים וואָלט געווען דעמאָלט, און איז נאָך איצט, אכזריות קעגן די מיליאָנען יידן, וואָס האָבן געליטן און געגלויבט, געליטן און געהאָפט, און אַ פאַרשוועכונג פונעם אָנדענק פון אַלע קרבנות פון אַמאָליקע אינקוויזיציעס און פון היינטיקע גאַז־קאַמערן

און פאַרגעסט נישט, אַז דאָ האַנדלט זיך פון איינעם, וואָס איז בטבע נישט קיין אכזר, נאָר אדרבא אַזוינער, וואָס שאַנעוועט אַלע מענטשן, אפילו די פּשוטסטע און אומוויסנדסטע צווישן זיי. קען אַזאַ איינער זיך באַגיין אומענטשלעך, אַן האַרץ מיט זיינע אייגענע, איז עס אַ סימן,

אַז ער איז מער נישט זייער ברודער, אַז די לעצטע פֿעדעם האָבן זיך איבערגעריסן צווישן אים און זיי. דער חרם האָט נאָר געלייגט דעם פֿאָרמעלן שטעמפּל אויפֿן געשעענעם פֿאַקט.

### ה. דער געטרייער אונטערטאַן פֿון דער קריסטלעכער מאַכט און דער מורד קעגן יידישער אויטאָריטעט

לויט שפּינאָזאַס דרך, בעת עס האָט זיך גערעדט וועגן קריסטלעכע און יידישע געפֿילן, איז געווען פֿאַרשידן, איז זיין באַציאונג צו קריסטלעכער און יידישער אויטאָריטעט געווען פּונקט דער היפּוך איינע פֿון דער אַנדערע. זיין פֿילאָזאָפֿישע התבודדות איז פֿאַר אים נישט געווען קיין מניעה, זיך צו אינטערעסירן מיט וועלטלעכע ענינים און מיט אַקטועלע מלוכה־פּראָבלעמען. זיין אוניווערסאַלער גייסט האָט אים לחלוטין נישט געשטערט צו זיין אַ הייסער האָלענדישער פּאַטריאָט. ער איז בכן נישט געווען קיין קאָסמאָפּאָליט. די ליבע צום פֿאָטערלאַנד איז פֿאַר אים די העכסטע מעלה פֿון אַ מענטשן (27). קאַרל געבהאַרד ציטירט זיינס אַ וואָרט: „איך וויל ליבער שווייגן, איידער אָנבינדן מענטשן מיינע אַנזיכטן קעגן דעם ווילן פֿון פֿאָטערלאַנד" (28). אין זעכצנטן קאַפּיטל פֿון טראַקטאַט, וואו ער באַהאַנדלט די טעמע „מלוכה און רעכט", ווייזט ער זיך אַרויס ווי אַ הייסער חסיד פֿון מלוכה־אויטאָריטעט און דערגייט כמעט ביז צו געדאַנקען, וואָס מיר וואָלטן היינט צו טאָג געקרוינט מיטן טערמין טאָטאַליטאַרע. ער פּראָקלאַמירט דאָס אויבער־רעכט פֿון דער מלוכה איבערן יחיד און זיין חוב זיך איר אונטערצוגעבן, אינעם באַוואוסטזיין פֿון סאָציאַלער דיסציפּלין. ער נעמט אָן די פֿיקציע פֿון „סאָציאַלן קאָנטראַקט" פֿונעם יחיד מיט דער מלוכה, לויט וועלכן דער בירגער טרעט איר לכתחילה אָפּ אַ טייל פֿון זיין פֿרייהייט אינעם נאָמען פֿון כלל־אינטערעסן. די העכסטע מאַכט, די רעגירונג, איז נישט באַגרענעצט דורך קיין שום געזעץ. דערום, זאָגט ער, זענען מיר מחויב צו געהאָרכן און אויסצופֿילן אַלע באַפֿעלן פֿון דער העכסטער מאַכט, ווי אַבסורדיש זיי זאָלן נישט זיין. דאָס האַנדלען פֿונעם מענטשן לויט באַפֿעלן, מאַכט אים נישט פֿאַר קיין שקלאַף; דאָס הייסט נאָר זיין אַן אונטערטאַן פֿון דער מלוכה און באַוואוסטזיניק זיך אָפּזאָגן לטובת הכלל פֿון אַ טייל פֿון פּערזענלעכער פֿרייהייט (29).

אָבער נאָך אויסטערלישער קלינגען שפּינאָזאַס ווערטער, דעם

קעמפער און קרבן פונעם פרייען געדאַנק, ווי מען רופט אים אָפּט, מכוח די רעכט פון דער מלוכה צו באַגרענעצן אפילו די פרייהייט פון געדאַנק, דאָס הייסט נאַטירלעך פון זיין עפנטלעכן אויסדרוק און באַקאַנטמאַכונג. מען קען, זאָגט ער, זינדיקן קעגן דער מאַיעסטעט פון דער מלוכה פונקט אַזוי דורך ווערטער ווי דורך מעשים. הגם עס איז נישט מעגלעך איינצאַנצן אָפּצונעמען ביים בירגער דאָס רעכט אַרויסצוזאָגן זיינע געדאַנקען, וואָלט עס אָבער געווען שעדלעך אים איבערצולאָזן די דאָזיקע פרייהייט אין פולן פאַרנעם. און זיין אויספיר: אויך די פרייהייט פון געדאַנק און וואָרט דאַרף באַגרענעצט ווערן אין די אינטערעסן פונעם כלל, אַזוי ווי די העכסטע געוואַלט פאַרשטייט זיי, ווייל קיין אַנדער אויסגעאַרבעטער פּוסק איז דאָך נישטאָ. זעט אימיצער איין, אַז דאָס אָדער יענץ געזעץ געפינט זיך אין סתירה מיטן פאַרשטאַנד, איז עס זיין חוב אויף דעם אויפמערקזאַם צו מאַכן די רעגירונג, אָבער בשום־אופן דאַרף ער נישט שטעלן אויף זיך אַהן האַנדלען קעגן דעם דאָזיקן געזעץ, כל־זמן עס איז נישט בטל געוואָרן. טוט ער עס אָבער יאָ, באַגייט ער אַ פאַרברעכן. בכן מוז יעדער מענטש היטן די מלוכה־דיסציפּלין, אַפילו אויב ער מוז צוליב דעם זיך פירן קעגן זיין מיינונג און איבערצייגונג. וואָרעם אויב נישט, וואָלט דאָס געפירט צום אונטערגאַנג פון דער מלוכה און צו אַנאַרכיע, און ווען אימיצער זאָל פאַרשפּרייטן צווישן די בירגער דעם געדאַנק, אַז מען איז נישט מחויב צו געהאָרכן די מאַכט, אויב מען איז מיט אירע געזעצן און פירעכצן נישט מסכים, איז ער אַ מורד. די פאַרשפּרייטונג פון געדאַנקען, וואָס קענען פירן צו נישט־געהאָרכזאַמקייט, טאָרן נישט דערלאָזן ווערן. דער סוף מאמר פון טראַקטאַט איז אין פולן הסכם מיט די אקאַרשט געבראַכטע געדאַנקען. עס איז, שרייבט ער, איבעריק צו זאָגן, אַז איך בין מיט פרייד גרייט איבערצוגעבן דער רעגירונג פון מיין פאָטערלאַנד אַלץ, וואָס איך האָב געשריבן און אים איבערלאָזן דעם אורטייל וועגן דעם. זאָל עס געפינען, אַז איך האָב עפּעס געזאָגט, וואָס איז אין סתירה מיט די געזעצן פון לאַנד, אָדער קען שאַדן דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין, וויל איך דאָס באַטראַכטן ווי נישט געזאָגט. וואָרעם איך ווייס, אַז איך בין אַ מענטש און קען גריַיזן (30).

מען דאַרף נישט זוכן און מען וועט נישט געפינען קיין בולטערן קאָנטראַסט צווישן דער דאָזיקער כמעט גרענעצלאָזער אָנדערקענונג פון דער אויטאָריטעט פון דער מאַכט פון אַ פרעמדן לאַנד, וואו ערשט

זיינע עלטערן האָבן איינגעוואַנדערט, און צווישן שפּינאָזאַס באַ-
ציִאונג צו די אויטאָריטעטן פון זיין אייגענעם פאָלק. אויף זייערע
מוסר־רייד האָט ער געענטפערט מיט שפּאָט און אויפן חרם מיט חוזק.
שפּינאָזאַ, וואָס האָט וואויל פאַרשטאַנען, וואָס עס מיינט זיך
אונטערוואַרפן אונטער אַ כלל, וואָס עס הייסט לאָיאַלקייט צום קאָלעק־
טיוו, צו וועלכן מען באַלאַנגט, האָט פּרינציפּיעל געלייקנט דעם חוב
פון אַ וועלכער נישט איז יידישער דיסציפּלין און פון טרייקייט צום
אייגענעם פאָלק. נישט אין אויטאָריטעט בכלל האָט
ער געלייקנט, נישט פון לאָיאַלקייט בכלל
האָט ער זיך אָפּגעזאָגט, נייערט ער האָט
פאַרביטן איין אויטאָריטעט, איין טריי־
קייט אויף אַנדערע, די אייגענע — אויף
פרעמדע. און די יידישע קהלה פון אַמסטערדאַם איז זיך מיט אים
באַגאַנגען מיט געהעריקייט און רעכט און אין פולן באַוואוסטזיין פון
דער שווערער און טרויעריקער אחריות, וואָס דאָס מזל האָט אויף איר
אַרויפגעלייגט, און גלייכצייטיק אין פולן הסכם מיט דעם, וואָס
שפּינאָזאַ האָט געהייסן טון דער קריסטלעכער העכסטער מאַכט אין אַנאַ־
לאָגישע פאַלן פון ווידערשפּעניקייט, וואָרעם איר איבערמאַכט אויפן
יחיד האָט ער יאָ אָנדערקענט. און פאַר פאָלקס־טרייע יידן וועט עס
זיין אַ נחת צו זען, אַז אַ קריסט פונעם פאַרנעם פון אַ קאַרל געבהאַרדט,
וואַרפט אָפּ די לעגענדע, וואָס די קריסטלעכע שפּינאָזאַ־ביאָגראַפן האָבן
פאַרשפּרייט און וואָס איז שפּעטער אָנגענומען געוואָרן אויף באמנות פון
יידישע משכילים און דערנאָך אויך פון געוויסע נאַציאָנאַל־וועלטלעכע
יידן, אַז דער חרם איז געווען אַן אויסדרוק פון מיטלעלטערלעכער
בלינדקייט און פאַנאַטיזם. קאַרל געבהאַרדט געפינט, אַז די „סעניאָרעס
דעל מעמד" (די פּרנסי־הקהל) און די אַמסטערדאַמער רבנים האָבן גע־
האַנדלט מיט אַבסאָלוטן רעכט און אין די אינטערעסן פון דעם קיום פון
דער יידישער געמיינשאַפט (31).

אין דער נייער יידיש־העברעאישער ליטעראַטור האָט נאָר איינער, ווי
ווייט איך קען דאָס זען, זיך דערגרונטעוועט צום נאַציאָנאַלן קערן פון
דער שפּינאָזאַ־דראַמע, וועלכע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער טראַגעדיע
פון דער אַמסטערדאַמער קהלה. און דאָס איז נישט קיין אַנדערער, ווי
דער טיפער יידישער פילאָסאָף, יעקב קלאַצקין. פון שפּינאָזאַס
קוק־ווינקל גופא, זאָגט ער, איז דער חרם געווען אַ פאַרדינטע שטראָף.
דאָס פאַטערלאַנד פון פאָלק ישראל איז געווען זיין תורה און אירע חו־

קים — די געזעצן פון זיין מדינה אין דער צעשפּרייטונג (32). אָבער די שיטים פון יעקב קלאַצקין איז, צום באַדויערן, אַן איינזאַמע אין די ייִדיש־נאַציאָנאַלע רייען. אָט איז דאָ נאָך גאָר נישט לאַנג צוריק פּראָקלאַמירט געוואָרן פון דער הויך פון הר־הצופים, אַז אויב שפּינאָזאַ האָט געזינדיקט קעגן זיין פאָלק, האָט אויך זיין פאָלק געזינדיקט קעגן אים. און פאַטעטיש איז פון דאָרט אויסגערופן געוואָרן די טראַדיציאָנעלע פאָרמולע פון „הותר החרם" און דאָס דריי־מאָליקע „אחינו אתה" (33). אָבער, געברויכנדיק די טראַדיציאָנעלע ייִדישע פאָרמולע, האָט פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער געזינדיקט קעגן דעם גייסט און וואָרט פון אונדזער ייִדישער טראַדיציע און, אויב איר ווילט — אַפילו קעגן די גרונט־כללים פון יעדער ציוויליזאַציע, וועלכע איז נישט מעגלעך אָן אַן אָרגאַניזירטן פעסטגעשטעלטן, געריכטלעכן סדר. אומעטום קען אַ פּראָצעס איבערגעקוקט ווערן. לעבט דער באַשטראָפטער, דאַרף ער וועגן דעם בעטן און ברענגען נייע ראיות און עדות פאַר זיין אומשולדיקייט. איז ער געשטאָרבן, קען די איניציאַטיוו גענומען ווערן פון די מלוכה־אויטאָריטעטן אָדער פון דער געזעלשאַפט, אין דער איבערצייגונג, אַז די רעוויזיע איז אין הסכם מיטן ווילן, אַרויסגעזאָגט אָדער שטילשווייגנדיקן פון דעם געליטענעם. נישט דאָס און נישט יענץ איז דער פאַל מיט שפּינאָזאַן. פון וואַנען איז דאָס געדרונגען, אַז ער, וואָס האָט ביים לעבן נישט געוואָלט שלום־מאַכן מיט זיין פאָלק, וואָלט ביי אים איצט, כמעט מיט דריי הונדערט יאָר שפּעטער געבעטן מחילה? אַ נעגאַטיווער ענטפער אויף דער דאָזיקער שאַלה, וועלכן שפּינאָזאַ אַליין קען שוין נישט געבן, באַקומען מיר צו הערן פון זיינע היינטיקע ייִדישע תלמידים, וואָס גייענדיק אין זיינע טריט, לייקענען זיי די ייִדישע בחירה און אַנדערע — די סאַמע ייִדישע פאָלקס־עקסיסטענץ. נאָך עפּעס: יעדע רעוויזיע פון אַ פּראָצעס, ווי דער פּראָצעס גופא, פאָדערט געוויסע פאָרמען. היט מען זיי נישט אָפּ, באַקומט זיך אַנשטאָט אַן אַקט פון גערעכטיקייט, בלויז אַ פּאַראָדיע. פאַראַן אַ ייִדישע פאָרם פון רעוויזיע, אויסגעדריקט אין דער הלכה וואָס זאָגט, אַז אין ב"ד יכול לבטל דברי ב"ד חברו אלא אם כן גדול הימנו בחכמה ובמנין. איז לאָמיר זאָגן, אַז די דאָזיקע פאָרמולע דאַרף נישט אויסגעטייטשט ווערן ווערטלעך און אַז זי פאָדערט די אָדער יענע קאָרעקטורן אין הסכם מיט אונדזער צייט. אָבער וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַן אורטייל, וואָס אַמאָליקע ייִדישע אויטאָריטעטן האָבן אַרויסגעטראָגן, ווי מיר ווייסן, מיט אַ ווייטיק אין האַרצן, נאָך לאַנגע קווענקלענישן און

ביטערע איבערטראַכטעניש, זאָל גלאַט אַזוי, מיר־נישט דיר־נישט, דער־קלערט ווערן פאַר בטל ומבוטל דורך אַ יחיד. און מעג ער זיין ווי גרויס, און אפילו זיין אַזאַ באַרימטע אויטאָריטעט ווי יוסף קלויזנער, קען ער נישט די גאַנצע קאָמפּליצירטע פּראָצעדור פון אַ רעוויזיע דורכפירן בלויז מיט די ווערטער הותר החרם. באַנוצט מען שוין יאָ אַ טראַדיציאָנעלע פאָרמולע, טאָר מען זי נישט פאַרשווייכן, עובר זייענדיק גלייכציטיק אויף די געהעריקע טראַדיציאָנעלע פאָרמען. צי מיינט איר נישט אַז דאָס קען געשען היינטיקע צייטן נאָר דערפאַר, ווייל ביי אונדז איז לית דין, און במילא לית דיין, ווייל הותרה הרצועה. קיינער איז מיט גאָר־נישט נישט געבונדן, נישט מיט קיין יידישן געזעץ, נישט מיט יידישער טראַדיציע און אַ פשיטא שוין נישט מיט יידישער דיסציפלין. נישטאָ קיין פּיעטעט פאַר קיין יידישע אויטאָריטעטן, ווייל דער סאַמע באַגריף אויטאָריטעט איז ביי אונדז ערגעץ פאַרלוירן געגאַנגען אין דעם טאָפּל־טן גלות, אין וועלכן מיר לעבן זינט דער עמאַנציפּאַציע.

און צי מיינט איר נישט, אַז אַנשטאָט איבערצוקוקן דעם אַלטן שפּינאָזא־פּראָצעס, וואָלט מען זיך גלייכער און מיט אַ סך מער נוצן, געדאַרפט נעמען צו רעווידירן די דאָזיקע און אַ סך אַנדערע נייע יידישע רעוויזיעס, וואָס האָבן פון יידישן כלל־לעבן געמאַכט הפקר, אַ מין „באַ מענס לאַנד”, וואו ווער עס וויל באַפעלט און קיינער הערט אים נישט?

---

רעפערענצן:


(1) ד״ר שמעון ברנפלד. דעת אלהים. ורשה תרפ„ב, ע'529.

(2) Carl Gebhardt. Spinoza. Leipzig, Reclam-Ausgabe, S. 43.

(3) ד״ר יוסף קלוזנר. פילוסופיה והוגי דעות. כרך ראשון. ירושלים תרצ״ד, ע' 216.

(4) Bernard Heller. Is Spinozism compatible with Judaism. N. Y. 1927, pp. 15-16, 20-21, 22, 28-9.

(5) יעקב קלצקין. ברוך שפינוזה, מהדורה שניה. תל אביב תרצ״ג, ע״ע נ״מ־פ.

(6) Alfred Klaar. Spinoza, sein Leben und seine Lehre. Berlin 1926, SS. 8, 9, 10, 55.

(7) קלצקין, שם, ע' פ"ב.

(8) שמואל דוד לוצאטו. נגד שפינוזה, אין זיין זאמלונג מחקרי היהדות, כרך ראשון חלק שני. ורשה תרע"ג, ע' 200.

(9) Carl Gebhardt. Einleitung zu Spinozas Theologisch-politischen Traktat. Leipzig 1922, SS. XIII-XIV.

(10) Dr. Hugo Bieber. Heinrich Heine, Confessio Judaica. Berlin 1925, SS. 14, 63.

(11) Carl Gebhardt. Spinoza, SS. 13, 14.

(12) Dort, SS. 5-6.

(13) Moses Mendelssohns Schriften, Band I, Leipzig 1880. An die Freunde Lessings, S. 467.

(14) Carl Gebhardt. Einleitung etc. S. XIII.

(15) Spinoza. Der Theologisch-politische Traktat, uebersetzt von I. Stern, Reclam-Ausgabe, erstes Kapitel.

אַלע רעפערענצן אויפן טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט ווערן געמאַכט לויט דער דאָזיקער דייטשער איבערזעצונג.

(16) Ibid., viertes, fuenftes und neunzehntes Kapitel.

(17) Ibid., drittes Kapitel.

(18) Ibid.

(19) יוסף קלוזנר, שם ע"ע 217-18.

(20) Hermann Cohens Juedische Schriften, driter Band, Berlin 1924, S. 333 (Spinoza ueber Staat und Religion, Judentum und Christentum).

(21) Spinoza, Traktat, erstes Kapitel.

אומעטום וואו אין בוך ווערט געזאָגט „טראַקטאַט" באַציט זיך דאָס צום „טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט".

(22) Ibid., Zehntes Kapitel.

(23) J. Freudenthal. Spinoza, sein Leben und seine Lehre. I. Band, Stuttgart 1904, S. 206.

(24) B. V. Spinozas saemtliche Werke, aus dem lateinischen von Berthold Auerbach, fuenfter Band, Stuttgart 1841, Brief 21, SS. 107-8.

(25) Carl Gebhardt, Einleitung etc. SS. XXI-XXII.

(26) הלל ציטלין. ברוך שפינוזה, ורשה 1914, ע"ע 16-17.

(27) Spinoza, Traktat, neunzehntes Kapitel.
(28) Carl Gebhardt, ibid., S. XVIII.
(29) Traktat, sechzehntes Kapitel.
(30) Ibid., zwanzigstes Kapitel.
(31) Gebhardt, Spinoza, S. 30.

(32) יעקב קלַצקין. דאָס ציטירטע בוך, ע' כ"ג.
(33) יוסף קלוזנר. דאָס ציטירטע בוך, ע' 242.

# צי קענען מיר האָבן פרייוויליקע קהלות און וועלכע ?

## א. קהלות און חברות

דאָס געברויכן נישט פּאַסיקע אָדער נישט קלאָרע טערמינען איז אַן אַלטע און שטענדיק נייע צרה. אַ פֿאַלשער טערמין ברענגט צו פֿאַלשע השגות. קהלה איז אַן אַלטער טראַדיציאָנעלער באַגריף, געשיכטלעך אויסגעוואַקסן. באַנוצט מען אים אין אַן אַנדערן זינען ווי דעם טראַדיציאָנעלן, דאַרף מען זאָגן קלאָר און בפירוש, וואָס פֿאַר אַ נייעם מיין מען לייגט אַריין אין דעם וואָרט. אלא נישט, באַקומט זיך אַ פּלאָנטער. זאָגן זאָגט מען קהלות און מיינען מיינט מען אַ מין חברה. לאָמיר זאָגן אַ גרעסערע און וויכטיקערע ווי די אַנדערע, אָבער דאָך נישט מער ווי אַ חברה, איינע צווישן די פֿילצאָליקע יידישע פֿאַראייניקונגען און אָרגאַניזאַציעס.

האָבן מיר שטענדיק געהאַט חברות פּאַראַלעל מיט קהלות. דער חילוק צווישן זיי איז געווען, וואָס נישט אַלע חברות זענען געווען אַ מוז־זאַך, חוץ אַזוינע ווי די חברה קדישאַס, תלמוד תורהס וכדומה, וואָס האָבן דאָרט און דעמאָלט, וואו און ווען עס האָבן עקסיסטירט קהלות, אויסגעפֿילט אַ פֿונקציע, וואָס קהל האָט אויף זיי אַרויפֿגעלייגט און אַזוי אַרום זיך געפֿונען אונטער זיין קאָנטראָל (1). זייערע תקנות האָבן געדאַרפֿט פֿון דער קהלה באַשטעטיקט ווערן און בשעת עס האָט פֿונקציאָנירט דער ועד ארבע ארצות, האָט ער זיך אַליין פֿאַרנומען מיט אַלע וויכטיקע ענינים, וואָס זענען נוגע די פֿונקציעס פֿון די „הייליקע חברות" (2). חברות בכלל אָבער זענען נישט געווען קיין מוז, פּונקט ווי די אָנגעהעריקייט צו זיי איז נישט געווען קיין חוב פֿאַר יעדן יידן. און אויף וויפֿל דער אָדער יענער מין חברה האָט באַקומען אַלגעמיינע פֿאַרשפּרייטונג, ווי אַ גמילות־חסדים, הכנסת־כלה וכדומה, איז אָבער תמיד אָנדערקענט געוואָרן, אַז די העכסטע דעה איבער אַלע חברות געהערט צו קהל, אָרגאַניזירט אין דער קהלה.

די קהלה האָט פּרינציפּיעל, פֿונדאַמענטאַל זיך אונטערשידן פֿון אַלע פרייוויליקע יידישע פֿאַראייניקונגען דערמיט, וואָס זי איז געווען דער יידישער ציבור אין זיין גאַנצקייט און אומצעטיילבאַרקייט. די קהלה איז

געווען ווי שמעון דובנאָוו ז״ל האָט עס אַמאָל פאָרמולירט, די „פּאַרטאַטיווע יידישע מלוכה״. נעם איך נישט אָן דעם ספּעציפישן זינען, וואָס מען האָט אַריינגעלייגט אין דער דאָזיקער פאָרמולע, דהיינו, אַז די קהלה האָט פאַרביטן אָדער געקענט פאַרבייטן אונדזער מלוכה ממש. אַ מלוכה אָן אַ טעריטאָריע איז דערוויל נאָך נישט דערפונדן געוואָרן און קיין עצה ווי אַזוי מיטצונעמען דאָס לאַנד אויף איינעמס קנאַפּל, האָט מען נאָך אויך נישט געפונען. עס איז אָבער יאָ ריכטיק דער תוך פונעם דאָזיקן געדאַנק: אַז פאַרן יידישן פאָלק, ווי אַ גלות־פאָלק, איז די קהלה געווען דער „ערזאַץ״ פון אַ מלוכהשער אָרגאַניזאַציע, דער פולקומסטער און דער בעסטער „במקום״, וואָס מען האָט געקענט צוקלערן. אָנגעהעריקייט צו דער קהלה האָט בכן געמיינט יידישע בירגערשאַפט. און ווי באַלד יעדער, וואָס איז געבוירן אַ ייד, איז במילא געווען אַ בירגער פונעם יידישן פאָלק, האָבן אַלע יידן געהערט צו דער קהלה. האָט מען ביי קיינעם קיין דעה נישט געפרעגט, צי וויל ער זיין אין דער קהלה, צי נישט, פונקט ווי אַ מלוכה פרעגט נישט ביי קיינעם, חוץ אויסלענדערס, צי וויל ער זיין אַ בירגער פון לאַנד וואו ער איז געבוירן. במילא האָט מען נישט געדאַרפט קיין ספּעציעלן אַקט אויף אַריינצוגיין אין דער קהלה, און מען האָט פון איר נישט געקענט אַרויסגיין, סיידן מען איז אויטאָמאַטיש אויסגעשלאָסן געוואָרן, ווען מען האָט פאַרלאָזן יידישקייט און מען האָט זיך געשמדט, אָדער ווען אימיצער האָט זיך שווער פאַרזינדיקט און מען האָט אים אַריינגעלייגט אין חרם. און פונקט ווי עס איז נישט דאָ קיין אָפּצאָל אויף צו ווערן אַ בירגער פון אַ לאַנד, פונקט אַזוי האָט מען נישט פאַרלאַנגט קיין צושטייער אויף אַריינגענומען צו ווערן אין אַ קהלה. עפּעס אַנדערש זענען געווען די שטייערן, וואָס די קהלה פלעגט אַרויפלייגן אויף די באַמיטלטע און רייכע: אַ צושטייער צו די הצטרכותן פון דער קהלה, אָבער נישט קיין תנאי און נישט קיין סימן פון צוגעהעריקייט צו איר.

אַ צווייטער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער קהלה איז געווען איר רעפּרעזענטאַטיווע פונקציע, וואָס נאָר זי אַליין האָט געהאַט. קיין שום חברה האָט נישט געהאַט און נישט געקענט האָבן די פּרעטענזיע צו פאַרטרעטן דעם יידישן כלל אין זיינע באַציאונגען מיט דער מלוכה. אַ [illegible] גאַנען און אינסטיטוציעס. אַזוי אַרום איז דער שתדלן געוואָרן דער אָפיציעלער ממונה אויף דער יידישער „אויסערלעכער פּאָליטיק״. ווי מען וואָלט דאָס געזאָגט אין אונדזער מאָדערנער טערמינאָלאָגיע.

### ב. אָבליגאַטאָרישע און פרייוויליקע צוגעהעריקייט צו דער קהלה

בכן רעדט מען וועגן שאַפן קהלות, האָט עס נאָר אַ זינען ווען מען וויל רעַטאַבלירן דעם אַלטן באַגריף פון יידישער בירגערשאַפט, אָבער נישט וועגן אויפבויען חברות, וואָס הגם זיי פירן אויס געוויסע אינהאַלטלעכע פונקציעס פון אַ קהלה, וואָלט זיי געפעלט איר סאַמע נשמה, איר כלליותדיקייט. פרעגט זיך נאָר, צי קען מען אויפלעבן, אויף יסודות פון פרייוויליקייט, די קהלה אין איר געשיכטלעכער געשטאַלט? די וואָס פרעגן די דאָזיקע פראַגע און האָבן, פאַרשטייט זיך, אַ גרייטע נעגאַטיווע תשובה, גייען אַרויס פון דער שטאַרק־פאַרשפרייטער הנחה, אַז אַמאָליקע יידישע קהלות זענען געווען אַ רעזולטאַט פון אַנדערקענונג מצד דער מלוכה און אַז פון איר האָבן זיי גענומען זייער אָבליגאַטאָרישקייט און זייער מאַכט צו צווינגען יידן צו צאָלן שטייערן און אויסצופירן זייערע באַשלוסן. איז נישט דאָ דאָס אָרט זיך אַריינצולאָזן אין היסטאָרישע חקירות. איך וויל נאָר פעסטשטעלן, אַז געשיכטלעך איז דער פראָצעס געווען אַ פאַרקערטער. יידן זענען אָנגעקומען אין אַ לאַנד, אין בבל, צי אין שפאַניע, אין איטאַליע אָדער אין די דייטשע לענדער, האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט אין קהלות. און היות ווי די קהלה איז פון יידן גופא אויפגענומען געוואָרן ווי אַ תנאי פון זייער קאָלעקטיוון לעבן און אויף אָפצוהיטן יידישקייט, וואָס קען זיך נאָר בציבור האַלטן, ווייל יידן גופא האָבן אָנדערקענט די אויטאָריטעט פון דער קהלה, האָט זי אויך באַקומען, נישט אַלעמאָל לייכט און תמיד ווי אַ רעזולטאַט פון יידישער עקשנות, די אַנדערקענונג פון דער מלוכה.

אַזוי אַרום דאַרף די פראַגע, צי קען מען בכלל אויפבויען פרייוויליקע קהלות, פאַרמולירט ווערן אַנדערש: צי איז ביי יידן פון דעם אָדער יענעם לאַנד פאַראַן דער ווילן צו שאַפן און האַלטן קהלות? איז אַזאַ ווילן פאַראַן, קענען זיי אויפקומען, בליען און וואַקסן אַפילו אָן עפנטלעכע רעכט און אָן מלוכהשע אַנדערקענונג. איך מיין נישט מיט דעם צו זאָגן, אַז די קהלה דאַרף בכלל נישט צו האָבן קיין צוואַנגס־מאַכט. וואָס מער, אַלץ בעסער. אַ קהלה, געבויט אויף מאָראַלישער אויטאָריטעט אַליין און אָן מאַכט, וועט היינטיקע צייטן זיכער נישט האָבן דעם פאַרנעם און די אַקטיוויטעט, וואָס זי האָט אַמאָל געהאַט, נישט זי וועט בפועל אַרומנעמען אַלע יידן. אָבער ווידער אַמאָל וואָלט די געשיכטע זיך איבערגעחזרט. די אויסערלעכע אַנדערקענונג וואָלט פריער אָדער שפעטער געקומען, אין דעם מאָמענט, ווען יידן וואָלטן אויפגעהערט מורא צו האָבן, זיך צו דערקלערן ווי אַ

ציבור מיט אַ ספעציפישן כאַראַקטער, ווי אַ באַזונדער אומה איינציק אין איר מין, ווען יידן זאָלן אויפהערן זיך צו שפילן אין באַהעלטעניש און כסדר צו ציטערן, טאָמער וועלן זיי חלילה פאַרלירן געוויסע רעכט, וואָס זענען סיי ווי סיי מער אילוזאָריש ווי רעאַל, — דעמאָלט וואָלטן יידישע קהלות געקענט באַקומען אַנדערקענונג אפילו אין די קאַפּיטאַליסטישע ליבעראַלע לענדער. אָט האָט איר אַ טשעקאַווע מעשה, וואָס איז זיך פאַרלאָפן דוקא אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט: אין דער הויפּטשטאָט פון דער מדינה פּערו, אין לימאַ, האָבן אַריינגעוואַנדערט יידן פון פוילן און פון אַנדערע יידישע מקומות. זענען דאָס גראָד געווען יידן, וואָס האָבן נישט, ווי אַ סך אַנדערע, אַרויסגעוואָרפן זייער נאַציאָנאַלע ירושה ווי אַן אַלטע שמאַטע, ווי נאָר זיי האָבן אָפּגעטרייסלט פון זייערע שיך דעם וועגשטויב. האָט זיך זיי פאַרוואָלט האָבן אין זייער נייער וואַנדערונגס־סטאַציע אַ קהלה ווי זיי זענען געוואוינט געווען אין זייער אַלטער היים. און היות עס האָט זיי אָפּגעגאָלטן (גאָר נישט קיין יידישער מזל) נישט צו האָבן צווישן זיך קיין איין געלערנטן סאָציאָלאָג אויף אַ רפואה, וואָס זאָל זיי מסביר זיין, אַז צוואַנגס־קהלות פאַרן זיך נישט מיט אַ קאַפּיטאַליסטיש־דעמאָקראַטישן רעזשים און מיט גלייכבאַרעכטיקונג, און אויך נישט קיין יוריסט, וואָס זאָל זיי געבן צו פאַרשטיין, אַז היינטיקע מלוכות ווייסן נאָר פון בירגערס און קענען נישט דערלאָזן די עקסיסטענץ פון אַ „מלוכה אין אַ מלוכה", — האָבן די יידן פון לימאַ בתמימות דערלאַנגט דער רעגירונג אַ בקשה, מען זאָל זיי דערלויבן צו גרינדן אַ קהלה מיטן רעכט אַרויפצולייגן שטייערן. און שטעלט זיך פאָר — די רעגירונג האָט זייער בקשה באַפרידיקט.

ווייס איך וואויל, אַז אין ניו־יאָרק און אַפילו אין בוענאָס־איירעס זיצן גרעסערע חכמים ווי אין דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל, וואָס הייסט לימאַ און אַז „ביי אונדז" וועלן אַזוינע „שטיק" נישט אַנגיין. מוז איך זיך נישט ווילנדיק אונטערגעבן (דערווייל), און וועל רעדן נאָר וועגן פרייוויליקע קהלות, אויפן סמך פון די אַלגעמיינע געזעצן וועגן פרייע אַסאָציאַציעס. און איך קער זיך אום צו דער פראַגע: צי ווילן יידן אַזוינע קהלות? עס איז קלאָר, אַז דער בעסטער סימן, צי אַזאַ ווילן איז פאַראַן צי נישט, איז אויב ער קומט צום אויסדרוק אין קאָנקרעטע מעשים, אין פרואוון צו בויען קהלות און זיי טייער צו האַלטן. וועלן מיר דאָ נישט רעדן וועגן אייראָפּע, נאָך אונדזער גרויסן חורבן. די צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטן, פונקט ווי אונדזערע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, האָבן גאָר ווייניק אינטערעס פאַרן דאָזיקן פראָבלעם, און זיי דערמאָנען יידישע קהלות,

וועלכע האַלטן זיך משמעות אין אייראָפּע יאָ אין פאַרמירן אין געוויסע לענדער, נאָר כלאחר־יד. בלייבט דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט. און דאָ מוז מען פון אָנהויב אָן מאַכן אַן אונטערשייד צווישן לאַטיין-אַמעריקע און די אַנגלאָ־זאַקסישע פּראָווינציעלע שטאַטן.

### ג. די לאַגע אין לאַטיין־אַמעריקע און אין די פאַראייניקטע שטאַטן

די יידן אין לאַטיין־אַמעריקע האָט געטראָפן אַ גליק, הגם זיי גופא באַטראַכטן דאָס אָפטמאָל ווי אַן אומגליק, און זיי קוקן מיט באַהאַלטענער און אַמאָל אַפילו מיט אָפענער קנאה פון אונטן אַרויף אויף זייערע „מער־גליקלעכע ברידער" פון צפון־אַמעריקע. דאָס יידישע מזל האָט זיי פאַר־טראָגן אין לענדער, וואו עס הערשט די קאַטוילישע ציוויליזאַציע. דער קאַטאָליציזם איז אָבער מער פאַרשלאָסן אין זיך, און מער אָפּגעזונדערט פון אַנדערש־גלויביקע קירכעס, ווי דער פּראָטעסטאַנטיזם. יידן אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, קענען זיך אַפילו נישט אויסמאָלן דאָס „גליק", וואָס טרעפט פון צייט צו צייט מיט זייערע ברידער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אַז אַ קריסטלעכער גלח זאָל קומען דרשנען אין אַ יידישער שול, און אַז אַ ראַביי זאָל קענען גלאַנצן אין אַ קירך מיט זיין רעדנערישן טאַלאַנט. די קאַטוילישע קירך איז אויך מער איינ־הייטלעך, מער צענטראַליזירט ווי די פּראָטעסטאַנטישע מיט אירע טוצן סעקטעס און „דינאָמיניישנס". די ווירקונג פון דעם דאָזיקן פאַקטאָר אויפן יידישן לעבן, האָט זיך באַוויזן אין צוויי גאָר וויכטיקע פּרטים: 1) אָפּגעהיט יידן, אין אַ גרעסערן גראַד ווי אַנדערש וואו, פון אויסמישן זיך מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג און במילא געשטאַרקט ביי אַ גרע־סערער צאָל יידן דאָס באַדערפעניש, אָרגאַניזאַציאָנעל אָפּצוהיטן זייער אייגנאַרט; 2) יידן האָבן נישט געהאַט פון וועמען אַראָפּצונעמען קיין משל פון צעשפּליטערונג, אין זייער רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי דאָס איז געשען אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

צו דעם דאָזיקן אויסערלעכן פאַקטאָר איז נאָך צוגעקומען אַן אינער־לעכער, וואָס האָט משפיע געווען אין דער אייגענער ריכטונג. דאָס איז דער צוזאַמענשטעל און כאַראַקטער פון דער יידישער איינוואַנדערונג אין לאַטיין־אַמעריקע. להיפּוך צו די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו די ערשטע יידישע איינוואַנדערונג אין גרעסערע צאָלן איז געקומען פון צענ־טראַל־אייראָפּע, דער עיקר פון דייטשלאַנד, דאָס הייסט פון די לענדער

וואָס דאָס טראַדיציאָנעלע יידישע לעבן האָט שוין דעמאָלט, צווישן די יאָרן 1840 און 1880, זיך געפונען אין אַ שאַרפן פּראָצעס פון דעזאינטעגראַציע, איז דער שטראָם פון יידישער איינוואַנדערונג קיין לאַטיין־אַמעריקע (מיר לאָזן אין אַ זייט, די פריערדיקע ספרדישע אימיגראַציע, קליין אין צאָל און באַטייטונג), געפלאָסן פון מזרח־אייראָפּע מיט איר פעסט־איינגעפונדעוועטן יידישן לעבנס־שטייגער. במילא איז אויסגעקומען, אַז דער יסוד פאַרן יידישן קהלשן לעבן איז געלייגט געוואָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון די „יאַהודים" מיט אַ שטאַרקער נטיה צו אימיטאַציע און מיט אַן אָפּגעשוואַכטן יידישן לעבנס־ווילן. אונדזערע יידן, וואָס זענען געקומען פון מזרח־אייראָפּע, האָבן שוין געפונען אַ שלעכטן מאָדעל פון יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, און זיי האָבן אין אַ געוויסער מאָס געמוזט זיך צופּאַסן צו דעם דאָזיקן מוסטער, אין אַנהויב ווייניקער און שפּעטער מער. די „יאַהודים" האָבן געהאַט אַ שווערערע סאָציאַלע וואָג און אַ גרעסערן פּאָליטישן איינפלוס, און זיך שוין געפילט אין זאָטל, בעת די איינגעוואַנדערטע מזרח־יידן האָבן געשטעלט זייערע ערשטע וואַקלענדיקע טריט.

די יידן אין לאַטיין־אַמעריקע אָבער האָבן געפונען אַ פּוסט אָרט. נישט געהאַט פון וועמען צו לערנען און זיך אָפּצולערנען, האָבן זיי אַלץ באַדאַרפט צו שאַפן פון בראשית און פאַר אַ מוסטער האָט פאַר זיי דערום געגאָלטן די אַלטע היים. צו דער אַלטער טראַדיציע, געבראַכט פון דער היים, איז צוגעקומען אַ נייער שטיץ־פּונקט פאַר אַן אָרגאַניזירטן יידישן לעבן מיט דער אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס האָט צווישן די מזרח־יידן אין לאַטיין־אַמעריקע זיך נישט אָנגעשטויסן אויף קיין באַטייטנדיקער אידעאָלאָגישער קאָנקורענץ. צי האָבן זיך די אָפיציעלע פירערס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין די דאָזיקע לענדער גענוג אָפּגעגעבן מיט דער יידישער קהלה, צי נישט, אָבער דער נאַציאָנאַלער אויפברויז, וואָס דער ציוניזם האָט אַרויסגערופן אין די יידישע מאַסן, האָט אומדירעקט משפּיע געווען אויף דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און אים אינטענסיפיצירט. און ווידער אַמאָל אין אַ פאַרקערטן כראָנאָלאָגישן סדר ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן די כוואַליעס פון יידישע איינוואַנדערערס פון צענטראַל־אייראָפּע זיך דערטראָגן צו די לאַטיין־אַמעריקאַנער האַפנס ערשט אַ סך שפּעטער, דער עיקר נאָך היטלערס קומען אין דייטשלאַנד צו דער מאַכט. די דייטשע יידן האָבן שוין אָנגעטראָפן אויף אַן איינגעוואָרצלטן מזרח־יידישן קהלשן לעבן און זיך צו אים אין אַ געוויסער מאָס צוגעפּאַסט, פון אים עפּעס געלערנט.

און צום סוף נאָך עפּעס, וואָס האָט לויט מיין מיינונג געהאַט אַ דעצידירנדיקע פּעולה לטובת די יידישע קיבוצים אין לאַטיין־אַמעריקע. דאָ איז דאָס יידישע רעליגיעזע לעבן, קאָנצענטרירט אין און אַרום דעם בית־המדרש, געבליבן גאַנץ, נישט געשפּאָלטן דורך דער רעפאָרם, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין צפון־אַמעריקע וואו דייטשע יידן האָבן מיט זיך מיטגענומען די רעפאָרמירטע סינאַגאָגע. איז טאַקע די יידישע עדה אין דרום־אַמעריקע רעליגיעז גאַנץ און איינהייטלעך, בעת אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט זי זיך צעבראָקלט אין דריי גרעסערע חלקים — די אָרטאָדאָקסן, קאָנסערוואַטיווע און רעפאָרמערס און אַ ריי קלענערע שפּליטערלעך. מיר וועלן נאָך שפּעטער זען, ווי פונדאַמענטאַל וויכטיק עס איז די גאַנצקייט פון יידישן רעליגיעזן לעבן פאַר דער איינהייטלעכקייט און פעסטקייט פון דער קהלשער אָרגאַניזאַציע.

לאַטיין־אַמעריקע איז די בעסטע ראיה, אַז פּריווילעגיע קהלות קענען אויפקומען און געדייען. אמת די קוואַזי קהלות, וואָס זענען דאָ אויפגעקומען, זענען נאָך ווייט נישט דער אידעאַלער קהלה־טיפּ. אפילו דער נאָמען קהלות טרעפט איר זעלטן אין לאַטיין־אַמעריקע, אָבער איר האָט דאָ אָרגאַניזאַציעס, וואָס הגם זיי פיגורירן אונטער פאַרשידענע אויסטערלישע נעמען, שניידן זיי זיך אָבער צו ווערן פולע קהלות און האָבן שוין היינט די הויפּט־עלעמענטן פון אַ קהלה: דעם כלל־כאַראַקטער און די אויסערלעך־רעפּרעזענטאַטיווע פונקציע, אמת ביידע אין אַ נישט פולקאָמער און אַמאָל אַפילו ערשט אין אַן עמבריאָנאַלער פאָרם. איך וועל דאָ ברענגען אַ פּאָר משלים פון דעם לאַ פּלאַטאַ־געביט (אַרגענטינע און אורוגוואַי), וועלכע איך קען בעסער פון פערזענלעכער דערפאַרונג און וואו עס געפינט זיך דער רוב מנין פונעם לאַטיין־אַמעריקאַנער יידישן קיבוץ.

אין אַרגענטינע טראָגן די קהלות על־פּי רוב דעם נאָמען חברה קדישא, הגם עס פעלן אויך נישט קיין אַנדערע טראַדיציאָנעלע נעמען, וואָס קלינגען שוין היינט צו טאָג כמעט ווי עקזאָטיש, ווי אגודת־אחים, תפארת־ישראל וכדומה. אָבער נישט געקוקט אויף די פאַרשידענע נעמען, באַטראַכטן זיך די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס אַליין ווי קהלות און אַזוי קוקט אויף זיי די יידישע באַפעלקערונג. עס איז סימפּטאָמאַטיש און פול מיט זינען דער פאַקט, אַז אַט די אַלע כמו קהלות זענען אויסגעוואַקסן פון בית־עולם, ווי דאָס זאָגט עדות דער פאַרשפּרייטסטער נאָמען חברה קדישא. גראָד אין אורוגוואַי פיגורירט יאָ דער נאָמען קהלה, אָבער לויט זייער היקף און פונקציעס זענען זיי דאָס אייגענע ווי די חברה קדישאס אין אַר־

געגנטינע. די לעצטע אָבער זענען, ווי געזאָגט, קהלות, קודם־כל דערפאַר, וואָס זיי נעמען אַרום דעם רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג, אָפט־מאָל כמעט איר טאָטאַליטעט. די חברה קדישא אין בוענאָס־איירעס, למשל, ציילט איבער דרייסיק טויזנט מיטגלידער, וואָס געכפּלט אויף פיר (דער דורכשניט פון אַ יידישער משפּחה), גיט עס מער ווי הונדערט און צוואַנציק טויזנט נפשות, אַ ציפער, וואָס איז מסתמא נישט ווייט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. די חברה קדישאס פילן אויך אויס, דירעקט אָדער אומדירעקט, די הויפּט־פונקציעס פון אַ קהלה: רעליגיעזע, דערציערישע, סאָציאַלע וכדומה. צום באַדויערן איז נאָך דערווייל די רע־פּרעזענטאַטיווע אויפגאַבע נישט קאָנצענטרירט אין די במקום־קהלות. דער עיקר מחמת דעם, וואָס הגם אין יעדן סעקטאָר פון יידישן ישוב עקסיסטירט אַ מער אָדער ווייניקער צענטראַליזירטע קהלה, האָבן מיר אָבער אין לאַטייך־אַמעריקע דריי באַזונדערע סעקטאָרן: אַ מזרח, צענ־טראַל־אייראָפּעאישן און ספרדישן. צוליב דעם איז מען געצוואונגען גע־ווען צו שאַפן באַזונדערע רעפּרעזענטאַטיווע אָרגאַנען, ווי די דאַיא אין אַרגענטינע, דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידישע קהלות אין אורוג־וואַי, דער רעפּרעזענטאַטיווער צענטער פון די יידן אין טשילע און אַנדערע. אָבער דאָס איז נישט מער ווי אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע צעטיילונג, וועלכע וועט זיכער מיט דער צייט פאַרשווינדן, וואָס מער עס וועט זיך אַנטוויקלען דער פּראָצעס פון דערנענטערונג, וואָס האָט זיך שוין אָנ־געהויבן צווישן די איינצלנע יידישע קיבוצים. בפרט איז נישט ווייט די צייט ווען די קהלות פון די מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּעאישע יידן וועלן זיך אינגאַנצן צונויפגיסן. וויכטיק איז אָבער, וואָס כמעט אַלע יידישע ישובים פון לאַטייך־אַמעריקע האָבן איינהייטלעכע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפטן, און נישט צוויי אָדער דריי און נאָך מער, ווי אַנדערש וואו, אַזוי אַז קיינער ווייסט מער נישט, ווער ווער עס פאַרטרעט, און צי פאַרטרעט ער בכלל אימיצן.

און אַצינד, וואָס זעען מיר אין די פאַראייניקטע שטאַטן? יידישע אָר־גאַניזאַציעס פעלן דאָרט ברוך השם נישט. קיינמאָל און אין ערגעץ איז נישט געווען אַזאַ געראַטעניש אויף חברות ווי עס איז דאָרט היינט. אָבער גראָד די אומצאָל פון אָרגאַניזאַציעס איז דער בעסטער סימן, אַז עס איז דאָרט נישטאָ קיין זכר פון אַ קהלה, ווי אַ צענטראַלע יידישע פאַראייניקונג. פאַראַן אַזוינע, וואָס ווילן זען אַ קערנדל פון אַ יידישער קהלה אין די אַזוי גערופענע „דזשואיש קאָמיוניטי קאונסילס". אָבער עס איז שווער מיט דעם מסכים צו זיין. הגם דאָס וואָרט קהלה געפינט זיך

אויף זייער שילד, פעלט זיי אָבער קודם־כל דער הויפּט־סימן פון אַ קהלה — די דירעקטע מיטגלידערשאַפט. זייערע פונקציעס באַשטייען על־פּי רוב נאָר אין געלט־זאַמלונגען און זייער פאַרטיילונג צווישן פאַרשיידענע חברות. נאָר אין איינצלנע פאַלן נעמען אויף זיך די „דזשואיש קאָמיוניטי קאַונסילס" איינע פון די ספּעציפישע קהלה־פונקציעס: די פאַרטרעטונג פון די יידן אין דעם שטאַטישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַז די דאָזיקע פונקציעס ווערן אין באַציאַנאַלן, אַמעריקאַנישן, מאַסשטאַב נישט דורכגעפירט אייגהייטלעך, איז באַוואוסט. נישט בלויז זענען נאָך אין די פאַראייניקטע שטאַטן נישטאָ אפילו קיין התחלות פון אַ קהלה־אָרגאַניזאַציע, נאָר מען זעט אויך נישט קיין ערנצטע פּרואוון דערצו, אויב מען זאָל נישט רעכענען די פּרעסע־אַרטיקלען און דעם איינציק־דורכגעפאַלענעם פּרואוו פון ד"ר מאַגנעס און זיינע חברים צו גרינדן אַ קהלה אין ניו־יאָרק. הכלל אין קיין איינציקן יידישן ישוב אויף דער וועלט איז נישט פאַראַן אַזאַ שפע פון מעגלעכקייט, אָבער אין ערגעץ איז אויך נישטאָ אַזאַ כוחות־צעשפּליטערונג, אַזאַ תהו ובהו ווי גראָד אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

און עס איז דאָך באמת אַ חידוש, וואָס דער גרעסטער יידישער קיבוץ אויף דער וועלט קען נישט דערלאַנגען דאָס, וואָס אַ קליין יידיש שטעטל, אַ שניפּישאָק, האָט אַמאָל יאָ דערגרייכט און וואָס יידן אין בוענאָס־איירעס און אין מאָנטעווידעאָ האָבן אַפילו אין אונדזערע זינדיקע צייטן יאָ געקענט באַווייזן. זענען פאַראַן מסתמא אַ סך סיבות, וואָס נישט אַלע זענען אָנזעעוודיק פון דער ווייטנס. אָבער גראָד דער פאַרגלייך פון דער יידישער לאַטיין־אַמעריקע און די פאַראייניקטע שטאַטן גיט, דוכט זיך מיר, אַ גענוגנדיקן רמז אויף איין פונדאַמענטאַלע סיבה, וועלכע וועט ווייטער אַנאַליזירט ווערן.

ד. קהלות קדושות און וואַכעדיקע פאַראיינען

דער לאַזונג וועלטלעכע קהלות איז טאַקע זער פּאָפּולער אין יידישע ראַדיקאַלע קרייזן. האָט איר שוין אָבער אַמאָל געזען אַן איין איינציקע וועלטלעכע יידישע קהלה? (דאָס וואָרט וועלטלעכע ווערט פון מיר אומעטום געברויכט אין זיין אָנגענומענעם זינען פון סעפּאַראַציע פון רעליגיע). איך ווייס נאָר פון איין עקספּערימענט צו גרינדן וועלטלעכע קהלות, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין דער עפּעמערער אוקראַינישער

פאָלקס־רעפובליק, קען מען נישט וויסן, מיט וואָס עס וואָלט זיך אויס־געלאָזט דער דאָזיקער פּרואוו, ווען דער אוקראַינער רעפובליק וואָלט באַשערט געווען אַ לאַנג לעבן. נאָר אַפילו אויב עס וואָלט געלונגען, וואָלט עס אויך נישט געווען קיין באַווייז פאַר אונדז, ווייל דאָרט האָט זיך געהאַנדלט פון אַ דעקרעט, געגעבן פון אויבן און פון אויסן, בעת מיר קענען אַפּעלירן בלויז צום יידישן ווילן, צום פרייען ווילן.

און ווי באַלד קיינער פון אונדז האָט נאָך נישט געזען קיין וועלטלעכע יידישע קהלה, וואָס זאָל זיך האַלטן לענגער ווי דער קיקיון דיונה, איז עס מסתמא נישט קיין צופאַל. אויב עס איז פאַראַן אַ וועלכער נישט איז שאַנס, צוזאַמענצונעמען גרויסע צאָלן יידן, איז דאָס נאָר אַרום הייל־קייטן, פאַר וועלכע איטלעכער ייד שטעלט זיך אָפּ מיט אַ ציטער און וועלכע ער באַנעמט ווי אַ פּערזענלעכע איבערלעבונג. נישטאָ דער מענטש, וואָס אין געוויסע מאָמענטן פון זיין לעבן זאָל ער נישט דערשפירן אין זיך אַ בענקעניש נאָך אַ באַהעפטונג מיט דורות, אַוועקגעגאַנגענע און קומענדיקע, אַ באַהעפטונג, וואָס קען דערגרייכט ווערן נאָר דורך פאַר־הייליקטע טראַדיציעס. צוליב וואָכעדיקע ענינים, און נאָר צוליב כלל־ענינים, קען מען גרופּירן גרעסערע און קלענערע קלייזלעך, אָבער נישט דאָס פאָלק. און אויב דעם ציוניזם איז געלונגען צו זאַמלען אונטער זיין פאָן די יידישע מאַסן, די גרעסטע וואָס אַ וועלכע עס איז וועלטלעכע באַוועגונג האָט ווען נישט איז צונויפגענומען ביי יידן, איז עס דערפאַר, וואָס אין דעם דאָזיקן וועלטלעכן אידעאַל שטעקט אַ היפּש שטיק קדושה, ווייל ארץ־ישראל איז פאַר יידן נישט נאָר געווען און געדאַרפט ווידער ווערן אַן אייגן לאַנד, נייערט אויך אַ הייליק לאַנד, אין און פאַר אַלע צייטן. בכן, היינט ווי אַלע מאָל קענען מיר אָדער האָבן קהלות קדושות אָדער גאָר קיין קהלות נישט.

זעען מיר טאַקע, אַז אפילו היינט צו טאָג ווען יידישקייט אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן איז בעונותינו הרבים גאָר שטאַרק געפאַלן, האָבן נאָך די „קאָנגרעגיישאָנס”, ווי סאלא באראן ווייזט אָן מיט רעכט, אַ סך גרע־סערע, שטענדיקערע, און אַקטיווערע מיטגלידערשאַפט ווי די יידישע צדקה־חברות (3). פון די ציפערן וואָס ד״ר מאָריס קאַרפף ברענגט אין זיין בוך וועגן דער יידישער געמיינדע־אָרגאַניזאַציע. אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קומט אויס, אַז נאָר זעקס פּראָצענט פון דער יידישער באַפעל־קערונג איז לאַנד צאָלט אַ וועלכן עס איז ביישטייער צו די פעדערייישאָנס און צדקה־פאָנדן, בעת פינף און צוואַנציק פּראָצענט יידן געהערן צו די

„קאָנגרעגיישאָנס". ד"ר מאָריס קאַרפּף גייט אַרויס פון דער הנחה, אַז צאָלן פאַר צדקה־צוועקן צאָלט נאָר דער הויפּט פון זייער משפחה, ווער חילוקט די צאָל יידן אין לאַנד אויף פיר און ער באַקומט אַזוי אַרום, אַז לערך פינף און צוואַנציק פּראָצענט יידן טראָגן צו זייער חלק צו יידישער צדקה, דאָס הייסט לערך דער זעלביקער פּראָצענט, וואָס עס מאַכן אויס די מיטגלידער פון די „קאָנגרעגיישאָנס" בנוגע צו דער אַלגעמיינער יידישער באַפעלקערונג (4). עס איז אָבער קלאָר, אַז עס ווערן דאָ פאַרגליכן צוויי זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין שותּפותדיקע מאָס: ראשית קען מען נישט פאַרגלייכן דעם גראַד פון שטענדיקייט און אַקטיווקייט, וואָס איז פאַרבונדן מיטן געהערן צו אַ שול, מיט געבן אַ נדבה פאַר אַ יידישן צדקה־צוועק. פאַרשרייבט זיך אימיצער אין אַ „קאָנגרעגיישאָן", הייסט עס, אַז ער האָט בדעה כאָטש ווען נישט איז אַריינצוקומען אין שול. בכל־אופן מאַניפעסטירט ער דערמיט זיין ווילן אָנצוגעהערן צו דער יידישער עדה. געבן אַ נדבה הייסט אָבער זעלטן געבן זיך אַליין, אַריינלייגן נשמה. סיידן עס רעדט זיך וועגן אָרעמע לייט, וואָס געבן אַ נדבה הייסט פאַר זיי ממש „זיך טיילן מיטן ביסן פון מויל". אָבער וויפל האָט איר אַזעלכע פאַלן? און פאַרקערט ווי אָפט וואַרפט מען צו די פאַר גראָשן, כדי פּטור צו ווערן, מען זאָל אויפהערן „דרייען דעם קאָפּ"? והשנית, איז דער מאַן, דער פאָטער, פאַרשריבן ווי אַ מיטגליד פון אַ „קאָנגרעגיישאָן", דאַרף מען מיט רעכנען, אַז די פרוי און די קינדער, בכל־אופן די יונגערע, וועלן בדרך־כלל אַזוי אָפט אָדער אַזוי זעלטן אַריינקומען אין שול אַריין ווי ער אַליין. דעריבער איז דער מעטאָד פון כפלען די צאָל פאַרשריבענע אויף זייערע משפחה־מיטגלידער אַ ריכטיקער. ער איז אָבער אין תוך פאַרגרייזט, בעת עס רעדט זיך וועגן צאָלן אַ צדקה־צושטייער. אויף וויפל דער דאָזיקער אַקט איז בכלל צו עפּעס מחייב און דריקט אויס אַ געוויסן צובונד צו יידן, איז דאָס נישט מער ווי אַ פּערזענלעכער אַקט, וואָס די משפחה־מיטגלידער האָבן לאו דווקא צו אים אַ שייכות. אַזוי צי אַזוי, איז נישטאָ קיין ספק, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז נאָך דערווייל די שול די אינסטיטוציע, וואָס האַלט צוזאַמען אַ מאַקסימום־צאָל יידן, הגם די דאָזיקע צאָל אַליין פאַר זיך איז אַ קלאָגנדיק־נידעריקע. הערט זיך אַדרבא צו, וואָס עס דערציילט איינער פון די אויסגעפּרעגטע יידן אין „יאַנקי סיטי" וועגן דעם, ווי אַזוי יידן אין דער דאָזיקער טיפּיש־אַמעריקאַנער קליין־שטאָט האָבן געבויט אַ בית־המדרש. „עס איז אונדז, זאָגט ער, נאָך קיינמאָל אין די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר נישט געלונגען צונויפצוקריגן אַלע יידן, זיי זאָלן צווישן זיך וועגן עפּעס מושוה

ווערן, זעט איר, מיט דער נייער שול איז געווען גאָר אַנדערש ; דאָ זענען אַלע יידן געווען אייניק און גרייט צו געבן זייער צושטייער". איז פאַר די גריכישע איינוואַנדערערס אין „יאַנקי סיטי" דער צענטער געווען דאָס קאַפע־הויז אָדער שענקל, רופט עס ווי איר ווילט, איז דער ערשטער אַדרעס פאַר יידישע איינוואַנדערערס און זייער זאַמל־פונקט געווען די שול (5).

און טאַקע מהאי טעמא איז קיין שום הילוקי דעות ביי יידן, קיין שפּאַלטונג צווישן זיי נישט אַזוי געפערלעך פאַר דער סאַמע יידישער עקסיסטענץ, ווי אַ רעליגיעזער פּירוד. ווייל דאָ ווערט אַנגערירט דאָס האַרץ גופא און אַז דאָס האַרץ הערט אויף צו קלאַפּן, גייט אויס דאָס חיות. יידן קענען היינט זיך פונאַנדערגיין וועגן דעם אָדער יענעם וועלטלעכן ענין און מאָרגן זיך ווידער צונויפקומען. ווערט אָבער געמאַכט אַ ריס אויף דער ליניע פון די טיפסטע און שטאַרקסטע יידישע עמאָציעס, דאַרף מען האָבן ממש סיעתא דשמיא, אַז אַ ריס צורעכט צו מאַכן. אָט פאַרוואָס די רעליגיעזע רעפאָרם איז געווען איינע פון די גרעסטע קלעפּ, וואָס די יידישע פאָלקס־אחדות האָט ווען נישט איז באַקומען. נישט אומזיסט האָט אברהם גייגער, דער זייל פון דער רעפאָרם, גערופן די יידן, וואָס האָבן שוין אַראָפּגעוואָרפן דעם „יאָך פון תלמוד", זיי זאָלן אַרויס פון די יידישע קהלות און זיי שפּאַלטן. נישט נאָר אין אונדזערע טעג. נאָר אין אַלטע צייטן, אָנגעהויבן פון די עלטסטע, זענען תמיד די ווייטיקדיקסטע און געפערלעכסטע שפּאַלטונגען פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער איינהייט געווען די, וואָס האָבן געפירט צום בוי פון אַ באַזונדערן מקדש, פון באַזונדערע במות. שוין דער ערשטער, וואָס האָט צעבראָכן די יידישע אייניקייט, ירבעם בן נבט, האָט געוואוסט דעם דאָזיקן סוד, און טאַקע דערום האָט ער פאַר זיין נייעם מלכות אויפגעשטעלט אין בית־אל און דן נייע רעליגיעזע צענטערס, וואָס האָבן געדאַרפט זיך אַנטקעגנשטעלן דעם בית־המקדש אין ירושלים. ווייל, ווי ר' חיים טשערנאָוויץ האָט דאָס אַזוי טרעפלעך פאָרמולירט, „אָן אַ מקדש איז נישט דאָ קיין מלכות". (עס רעדט זיך, פאַרשטייט זיך, פון יידישן מלכות. אַז אַ גויאישע מלוכה קען זיך נישט בלויז באַגיין אָן אַ מקדש, נאָר אַפילו ליגן אין זינקען אין סאַמע טומאה, האָבן מיר געזען טאַקע אין אונדזערע טעג). די במות און די מזבחות, וואָס יידן האָבן געבויט זענען געווען געפערלעך נישט בלויז ווייל מען האָט דאָרט געדינט צו אָפּגעטער, נאָר אויך דערפאַר, ווייל זיי האָבן אונטערמינירט די פאָלקס־איינהייט, פאַרקערפּערט אין בית־המקדש. און דאָס איז טאַקע געווען דער מיין פונעם מקונן, ווען

ער האָט זיך געקלאָגט, אַז מספר עריך היו אלהיך יהודה (ירמיה ב׳, כ״ח) (6).

למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז שפּעטער האָבן זיך באַוויזן ברעכערס פון יידישער איינהייט דוקא צווישן יידישע אָרטאָדאָקסן. די ראָל פון די רבנים שמשון רפאל הירש און עזריאל הילדעסהיימער ז״ל, די איניציאַטאָרן פון דעם אַזוי גערופענעם פּרייסישן „אויסטריטס־געזעץ״ פון יאָר 1876, וואָס האָט געגעבן אַזאַ געפערלעכן קלאַפּ, דער יידישער קהלה־אויטאָנאָמיע אין דייטשלאַנד, איז באַוואוסט. דאַרף אָבער צום שבח פון דעם רוב פרומע יידן פון דייטשלאַנד געזאָגט ווערן, אַז זיי זענען נישט נאָכגעגאַנגען נאָך זייערע עקסטרעמע פירערס און נישט אַרויס פון די אַלגעמיינע קהלות, ווי באַלד די לעצטע האָבן געגעבן גאַראַנטיעס פאַר זיי, אַז זיי וועלן זיך קענען פירן טראַדיציאָנעל אין זייערע אינסטיטוציעס און אַז די לעצטע וועלן האָבן דעם נויטיקן אויסקום. איז עס סימפּטאָמאַטיש, אַז יוסף קאַרלעבאַך ז״ל, וואָס איז געווען אַן אָנגעזעענע פיגור פון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע, רופט זיך אָפּ מיט אַזאַ וואַרעמער סימפּאַטיע פאַר דער הנהגה פון די דאָזיקע פרומע יידן, וואָס האָבן אַזוי טייער געהאַלטן די יידישע אחדות און געהאַט בטחון, אַז זי וועט צוריקברענגען יידן צו יידישקייט (7).

דער אויספיר איז, אַז עס וועלן נישט קענען אויפקומען און זיך האַלטן ביי אונדז איינהייטלעכע קהלות, כל־זמן עס וועט נישט געלינגען אויפצושטעלן צוריק כאָטש אַ מינימאַלע רעליגיעזע אחדות. יידישקייט האָט נאָך געגוג שטאַרקע מאָראַלישע מיטלען אויפצוהאַלטן אַ גרויסן טייל יידן אין גבול פון דער יידישער קהלה, אויב זי, די יידישקייט אַליין, איז גאַנץ און פעסט. פּראָפעסאָר קאַפּלאַן איז גערעכט, אַז די אָנגעהעריקייט צו דער קהלה וואָלט געדאַרפט זיין אַ תנאי פאַרן קומען נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר, צו קבר ישראל, פאַר געבן חופה וקידושין וכדומה (8). וואָס פאַר אַ גוואַלטיקער אינסטרומענט פון מאָראַלישער אויטאָריטעט דאָס וואָלט געווען פאַר דער יידישער קהלה, איז איבעריק צו זאָגן. מען קען נאָר באַדויערן, וואָס פּראָפעסאָר קאַפּלאַן אַליין האָט מיט דער אַנדערער האַנט אַזוי פיל שאָדן געבראַכט דער רעליגיעזער איינהייט. נאָר דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. וואָס איך וויל דאָ אַרויסברענגען איז, אַז דאָרט, ווי דאָס איז דער פאַל אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, וואו אימלעכע „סאָסייעטי״ קען זיך האָבן איר בית־עולם און דאָרט זיין דער איינציקער און דער גאַנצער בעל־הבית, וואו יעדער ראַביי מאַכט זיך אַן אייגענעם שולחן־ערוך און דאַוונט פון אַ סידור פון אייגענער פאַבריי־

קאַציע, וואו עס געפינען זיך ראַבייס, וואָס זענען „מסדר קידושין" אַפילו ביי געמישטע חתונות, דאָרט וואו הפקרות איז אַריינגעדרונגען אין דער לעצטער און זיכערסטער פעסטונג פון יידישן קיום, דאָרט איז נישט דאָ קיין שום כוח, וואָס זאָל קענען יידן צוזאַמענהאַלטן אויף אַ פערמאַנענטן אופן און אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן.

און דערום: די וואָס ווילן באמת יידישע קהלות, צי זענען זיי אַליין פרום, צי נישט שטאַרק אָדער גאָרנישט, אויב זיי איז נאָר טייער די יידישע גאַנצקייט, טאָרן נישט פאַרגעסן אין דעם דאָזיקן תנאי פון אַ וועלכער עס איז יידישע קהלה־אָרגאַניזאַציע, דאָס הייסט, אַז די זאָרג פאַרן יידישן רעליגיעזן לעבן מוז זיין איינע פון אירע פונדאַמענטאַלע זאָרגן. ווען אַזוינע קהלות אויפקומען, איז היינט צו טאָג נישטאָ קיין גרויסע סכנה, אַז די יידישע וועלטלעכע, מאַטעריעלע און גייסטיקע אינטערעסן זאָלן געקריוודעט ווערן. און אויף וויפל אַזאַ סכנה איז יאָ פאַראַן, האָבן יידן נאָך גענוג עצות זי בייצוקומען. האָט דאָך די וואַרשעווער קהלה אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן, הגם זי האָט געהאַט אַן אַגודיסטישע מערהייט, געשטיצט נישט בלויז די ציוניסטישע תרבות־שולן, נאָר אַפילו די יידישיסטישע צישאָ־שולן.

צי איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַז יידישע רעליגיעזע אחדות זאָל ווידער אַמאָל אויפגעריכט ווערן, וועגן דעם איז נישט דאָ דאָס אָרט צו רעדן. דערווייל וויל איך נאָר זאָגן, אַז איך גלויב יאָ דערין. נאָר ביז עס וועט קומען די נחמה, טאָר מען נישט לאָזן אויסגייען די נשמה. ביז דעמאָלט מוז געפינען ווערן אַ „מאָדוס וויווענדי". און געפינען אים קענען נישט מיר, הגם אונטערשטעלן אַ פלייצע קען און דאַרף יעדער ייד, ביזערט די וואָס האָבן אַ לעבעדיקן אינטערעס פאַר אמונה־ענינים אַליין פאַר זיך. עס מוז געפונען ווערן אַ געוויסע פלאַטפאָרם, וואָס זאָל דערלויבן די קהלה צו באַפרידיקן די רעליגיעזע באַדערפענישן פון אַלע יידן אויף פאַרשידענע אופנים, ביי געוויסע מינימאַלע התחייבותן פאַר אַלעמען. איי, טאָמער וועלן בלייבן אין דרויסן געוויסע עקסטרעמיסטיש־רעפאָרמאַטאָרישע קרייזלעך, ווי יענע אויסטערלישע „קאָנגרעגיישאָן" אין טעקסאַס, וואָס נעמט אָן פאַר מיטגלידער נאָר אוכלי־טריפות און שונאי־ציון, איז דער אומגליק נישט גרויס. אַזוינע קלייזלעך דאַרפן, ווען מיר וועלן האָבן אַ געוויסע רעליגיעז־נאַציאָנאַלע אויטאָריטעט, דערקלערט ווערן מחוץ למחנה, אַזוי, אַז יידן בכלל, וואָס זיי זאָלן נישט זיין, זאָלן אויפהערן צו קוקן אויף יענע ווי אויף יידן. אויב תורה־טרייע יידן אין דייטשלאַנד האָבן געקענט לעבן אונטער איין קהלה־דאַך מיט די „ליבע־

ראַלן" אין דעם רוב יידישע קהלות פון לאַנד, קען דאָס מסתמא געשען אויך אַנדערשוואו. בכל־אופן איז אַזאַ דערנענטערונג צווישן פאַרשידענע רעליגיעזע שטראָמונגען, כל זמן זיי וועלן זיך נישט ווידער צונויפגיסן אין איין שטראָם, דער ערשטער טריט אויף צו בויען יידישע קהלות אין די לענדער, וואו דערווייל קענען זיי געבויט ווערן נאָר אויפן יסוד פון פרייוויליקייט.

### ה. די קהלה און דאָס יידישע מערהייט־מינדערהייט־פּראָבלעם

געווענלעך באַווייזט מען די נויטווענדיקייט פון אַן איינהייטלעכער יידישער קהלה מיט פּראַקטישע אַרגומענטן, דהיינו מיט דער נויטיקייט צו מאַכן אַ סוף צו דער פּלאַנלאָזיקייט און דעם כאַאָס, וואָס הערשן אין דער יידישער סאָציאַלער אַרבעט, צו דער אומצאָל חברות, וואָס פאַרנעמען זיך מיט די זעלביקע אויפגאַבן, אָפטמאָל צו זייער אייגענעם קעגנזייטיקן שאָדן. די דאָזיקע אַרגומענטן זענען ריכטיקע, הגם פון זיי קומט גיכער אַרויס די נויטיקייט פון קאָאָרדינירנדיקע אָרגאַניזמען, ווי פון קהלות. די אמתע נויט אין אַ קהלה־אָרגאַניזאַציע איז באַזירט נישט אַזוי אויף פּראַקטישע טאָג־מאָטיוון, ווי אויף שטענדיקע פּרינציפּיעלע טעמים. דער פונדאַמענטאַלסטער צווישן זיי איז די לעבנס־וויכטיקייט פאַר אונדזער גאַנצן קיום צו רעהאַביליטירן דעם באַגריף פון יידישער בירגערשאַפט. פאַראַן נאָך אַ פּרינציפּיעל־וויכטיקער מאָטיוו, וואָס דרינגט אַרויס פונעם אָקאָרשט געזאָגטן. דאָס איז די נויטיקייט אויפצוריכטן ביי יידן די באַגריפן פון אויטאָריטעט און דיסציפּלין, וואָס זענען ביי אונדז כמעט ווי פאַרלוירן געגאַנגען צוזאַמען מיטן חורבן פון אונדזער קהלה־אויטאָנאָמיע, די נויטווענדיקייט צו געפינען אַ נאָרמאַלן אויסגאַנג פאַרן קאַמף צווישן רוב און מיעוט אין די יידישע גרענעצן.

אַז אונדזער איצטיקע אינעווייניקסטע סיטואַציע איז נישט קיין נאָרמאַלע, דאָס זענען אַלע מודה. עס וואָלט איבעריקנס שווער געווען דאָס צו לייקענען. ווער פילט דען נישט דעם ווייטיק פון די אָפטע „מעסערס אין רוקן", וואָס מ׳ד כאַפּן פון יחידים, וועמענס סאָציאַלע פּאָזיציע, און נאָקע נאָר זי אַליין, דערלויבט זיי צו פיגורירן אין דער עפנטלעכקייט ווי יידישע וואָרטזאָגער. אַמאָליקע יאָרן וואָלטן יידן פון דעם מין לעסינג ראָזענוואַלד און קאָלאָנעל גלוקשטיין, געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען מוסרים און מלשינים און מען וואָלט זיי אין חרם אַריינגעלייגט. ביי

אַנדערע פעלקער הייסן זיי הייַנטיקע צייטן קוויסלינגס, וואָס אויב מען מאַכט זיי נישט מיט אַ קאָפּ קירצער, פאַרמשפּט מען זיי צו לאַנג־יאָריקער תפיסה. ביי אונדז גיט מען זיי טאַקע אַ „פּאָזיציע" אין צייטונגען און אויף פאַרזאַמלונגען, אָבער איך בין גאָר נישט זיכער, צי ווען אין פּריוואַטן פאַרקער אַ לייטישער ייד און אַפילו אַ ציוניסט זיך אָפּזאָגן זיי צו געבן די האַנט. זענען מיר טאַקע די איינציקע ביי וועמען עס איז הפקר אַ וועלט. איז טאַקע ביי אונדז מקוים געוואָרן די נביאות וועלכע אייבערעם לינקאָלן, וואָס אַמעריקאַנער יידן שווערן דריי מאָל אַ טאָג ביי זייער באָרד און פּאות, וועלכע זיי האָבן נישט (אפשר טאַקע דערפאַר קומט זיי אָן אַזוי לייכט די שבועה) טרייקייט צו אים און צו זיינע אידעאַלן, האָט אַמאָל געזאָגט. און געזאָגט האָט ער, אַז די „מערהייט איז דער איינציקער סור־ווערען פון אַ פריי פאָלק און ווער עס אָבדערקענט דאָס נישט מוז זיך דערקייקלען ביז אַנאַרכיע אָדער דעספּאָטיזם". מילא, צו דעספּאָטיזם איז ביי אונדז נישט דערגאַנגען, ווייל אונדזערע פּרעטענדענטן אויף דיקטאַטאָרס האָבן צו קורצע הענט. אָבער אַנאַרכיע, זעט איר, האָבן מיר די והותר.

רוב און מיעוט איז נישט קיין ספּעציפיש־יידיש פּראָבלעם. אויך די מלוכה־פעלקער האָבן צו „זינגען און צו זאָגן" מיט דער דאָזיקער האַר־בער קשיא. דער גראַד פון האַרמאָניע, וואָס אַ פאָלק דערגרייכט אינעם געראַנגל צווישן דער מערהייט און מינדערהייט, איז דער בעסטער באַ־ראָמעטער אויף צו מעסטן די מדרגה פון זיין רייפקייט זיך אַליין צו רעגירן (דעמאָקראַטיע). ענגלאַנד איז לאַנג געווען אַ מוסטער פון דע־מאָקראַטישן רעזשים נישט נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט די ערשטע דער־זען ביי זיך דאָס אויסשפּראָצן פון אַ פאָלקס־פאַרטרעטונג אינעם מאָ־דערנעם טייטש פון וואָרט, און אויך נישט נאָר דערפאַר וואָס זי האָט אַנטוויקלט בשלמות די לאָקאַלע אַליין־פאַרוואַלטונג, נייערט אויך צוליב דעם, וואָס זי האָט מצליח געווען, מער ווי אַ וואָסער נישט איז לאַנד, אָפּצוטעמפּן די שפּיצן פון דער מערהייט־מינדערהייט־מלחמה, וואָס זי האָט פריער און בעסער ווי אַנדערע פאַרשטאַנען, אַז אמתע דעמאָקראַטיע מיינט גלייכצייטיק „רעגירונג פון דער מערהייט" און „די רעכט פון דער מינדערהייט". דער באַרימטער „זשעני פון פשרות" פונעם ענג־לישן פאָלק האָט אים נישט איין מאָל געראַטעוועט אין די שווערסטע און פינצטערסטע צייטן פון זיין געשיכטע. די פּאַרלאַמענטאַרישע מינדער־הייט אין ענגלאַנד איז אויסגעוואַקסן צו אַ קאָנסטיטוציאָנעלע אינסטי־טוציע, פּונקט אַזוי ווי ענגלאַנד האָט אַ „רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט",

אַקוראַט אַזוי האָט זי אויך אַן „אָפּאָזיציע פון זייַן מאַיעסטעט". דער לידער פון דער אָפּאָזיציע באַקומט אַפילו שכירות פון דער רעגירונגס־קאַסע, ער איז בכן אַן אָפיציעלער פּאַרשוין מיט אַ באַשטימטן סטאַטוס.

אונדזער אומגליק באַשטייט דערין, וואָס מען קען זאָגן, אַז מיר האָבן גאָרנישט קיין רוב־מיעוט־פּראָבלעם. און ליידן, ליידן מיר דוקא דערפון, וואָס מיר דאַרפן זיך גאָרנישט דעם קאָפּ צעברעכן איטלעכעס מאָל, ווי אַזוי אים צו פאַרענטפערן. די תשובה איז אַ גרייטע, ווי נאָר אַ גרופּע יידן זעט איין, אַז זי איז אַ מינדערהייט, וואַרפט זי דעם גט אין פּנים און „מאַכט זיך שבת פאַר זיך", דאָס הייסט זי נעמט פאַר זיך אַלע אַטריבוטן, וואָס אין אַ נאָרמאַלן סדר געהערן זיי צו דער מערהייט. ווי קען ביי אונדז געמאָלט זיין אַן „אָפּאָזיציע פון זיין מאַיעסטעט", אַז די „מאַיעסטעט" גופא איז גאָר אַן אויסגעטראַכטע מעשה, וואָס נאָר אַנטיסעמיטן מאַכן זיך, אַז זיי גלויבן דערין, וואָרעם זיין, זענען מיר אַן עדה נישט נאָר בלויז אָן מלוכהשע סאָווערעניטעט, נאָר בכלל אָן אַ וועלכער נישט איז אויטאָריטעט.

געוויס טרעפט זיך ביי אונדז פון צייט צו צייט, אַז אַקוראַט אַזוי ווי אונדזער מינדערהייט פאַרגעסט כמעט תמיד, אַז דעמאָקראַטיע מיינט „רעגירונג פון דער מערהייט", פונקט אַזוי מאַכט זיך אונדזער מערהייט אָפטמאָל נישט וויסנדיק פונעם צווייטן טייל פון דער דעמאָקראַטישער פאָרמולע „רעספּעקט פאַר די רעכט פון דער מינדערהייט". אָבער דאָס זענען נישט מער ווי עפּיזאָדן, אָפט באַדויערלעכע, וואָס טוען אונדז אָן נישט ווייניק שאָדן. דער מקור פון אונדזער צרה ליגט אָבער דערין, וואָס ביי אונדז וויל כמעט קיינער נישט אָנדערקענען פאַר זיך דעם סטאַטוס פון אַ מיעוט. אונדזערע מיעוטים פאַרלאַנגען גאָרנישט על־פּי רוב קיין הנחות און מיט קיין שום פּשרות וועט איר זיי נישט איבערבעטן. וואָס זיי ווילן איז, אַז די מערהייט זאָל אָננעמען זייער דעה און זיך אונטערוואַרפן אונטער זייער רצון. וואָס זיי ווילן, איז, אין תוך גענומען, אַז די „ווייניקע" זאָלן הערשן איבער די „פילע".

אַלע פּרואוון צו היילן די דאָזיקע קרענק, צו רייניקן אונדזער הויז פון בוגדים און מוסרים, האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט, ווייל מען האָלט ביי אונדז מלחמה מיט די שפּיצן פון דער אַנאַרכיע און מען רירט נישט אָן איר פונדאַמענט. און דער פונדאַמענט איז נישט די „הויכע פּאָליטיק", נייערט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון די לאָקאַלע יידישע געמיינדעס. כדי מיר זאָלן זוכה זיין, אַז אויך ביי אונדז זאָל מען אַמאָל קענען שטעלן דאָס פּראָבלעם פון רוב און מיעוט אויף אַ נאָרמאַלער באַזיס, מוזן מיר

דערגרייכן כאָטש אַ מינימום פון נאַציאָנאַלער דיסציפּלין. איז נישטאָ ביי אונדז קיין אַנדער שול, וואו זי צו לערנען ווי די קהלה. מן הקל אל הכבד, פון אונטן צו אויבן איז דער איינציקער וועג, וואָס פירט פון הפקרות צו אחריות, פון אַנאַרכיע צו סדר. איז אויך דער דאָזיקער וועג נישט פון די לייכטע, אָבער קיין אַנדערער איז נישטאָ.

---

ריפערענצן:


(1) M. Balaban. Kagal. Istoria iewreiew w Rosii, tom I, Moskwa 1915, p. 141.

(2) פנקס ועד ארבע ארצות, לקוטי תקנות וכו' סדורים ומבוארים בידי ישראל היילפערין, ירושלים תש"ה. זע צווישן אַנדערע די ז"ז 170-71, 246-7, 185.

(3) S. W. Baron. The Jewish Community. Volume I. Philadelphia 1942, p. 5.

(4) Maurice J. Karpf. Jewish Community Organization in The United States. New York 1938, pp. 53-4, 105-6.

(5) Yankee City Series. Volume 3. The Social System of American Ethnic Groups by W. Lloyd Warner and Leo Srole, 1945, pp. 208, 260.

(6) חיים טשערנוביץ (רב צעיר). תולדות ההלכה כרך ראשון, חלק שני. ניו־יאָרק, תרצ"ו, ע"ע 48, 196, 208.

(7) Joseph Carlebach. Das Gesetzestreue Judentum. Berlin 1936. SS. 21, 23, 42-3, 52-3.

(8) Mordecai M. Kaplan. Judaism in Transition, New York 1941, p. 80.

## צי איז טאַקע משיח שולדיק, וואָס יידן זיצן אין גלות?

מען קלאָגט זיך שוין לאַנג אויפן אומגליק פון אָנגענומענע פאַרשפּרייטע אמתן. וויבאַלד אַלע זענען זיכער אין אַ געוויסער זאַך, פרעגט מען קיין קשיות נישט. אין דעם עצם פאַקט, וואָס עפּעס איז ביי אַלעמען אָנגענומען, זעט מען די בעסטע ראיה פאַר זיין ריכטיקייט. נאָר גרעסער איז די צרה, ווען די דאָזיקע אמתן זענען געשיכטלעכע, באַציען זיך צום עבר. וואָס מער צייט עס גייט פאַרביי זינט דער אָדער יענער אמת איז פּראָקלאַמירט און מקובל געוואָרן, אַלץ ווייניקער בלייבן לעבעדיקע שפּורן און אַלץ מער פאַרשווינדן באַווייזן, וואָס וואָלטן אפשר באַלויכטן די איינזייטיקייט אָדער שוואַכע באַגרינדונג פון דער אָדער יענער אינטערפּרעטאַציע פון געשיכטלעכע פאַקטן. די ממונים אויף געשיכטע, האָבנדיק אַ פאַרטיקן אמת אין קעשענע, קוקן זיך פּשוט נישט אַרום אָדער פאַרמאַכן די אויגן אויף עדות און דאָקומענטן, וואָס זענען גאָרנישט אָדער נישט אינגאַנצן אין הסכם מיט אָנגענומענע אַקסיאָמען.

אָט דאָס האָט אויך פּאַסירט מיטן געדאַנק, אַז אויב יידן זיצן עד־היום אין גלות, אָנשטאָט צו זיין פאַרזאַמלט אין זייער אַלטן פאָטערלאַנד, איז דאָס געשען מחמת דעם, וואָס זיי זענען געבליבן פּאַסיוו זיצן און וואַרטן אויף אַן איבערנאַטירלעכן משיח, וואָס זאָל קומען און זיי אויסלייזן דורך וואונדער און ניסים. יידן וואָרטן אויף משיחן, יידן זיצן אין גלות, נמצא — זיי בלייבן אין גלות ווייל זיי וואַרטן אויף משיחן. אָט דאָ האָט איר איינע פון די סילאָגיזמען, וואָס לערן־ביכער פון לאָגיק שטעלן זיי אַרויס ווי אַ משל פון פאַלשע לאָגישע קאָנסטרוקציעס.

יידישע היסטאָריאָגראַפיע נאָך פלאַוויוס, איז אַ לערך יונגער צווייג אויפן בוים פון יידישן וויסן. אויב מען זאָל נישט רעכענען איינצלנע מאָנאָגראַפיעס און כראָניקעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן אָדער מיט באַרימטע פּערזענלעכקייטן, אָדער מיט גזירות און פּורעניות אויף יידן אין אַ געוויסן פּעריאָד (די מסעי הצלב, די גזירות ת״ח ות״ט וכדומה), זענען די ערשטע פּרואוון סיסטעמאַטיש צו שרייבן יידישע געשיכטע, געמאַכט געוואָרן ערשט אין אָנהייב פון פאַריקן יאָרהונדערט, דורך משכילים און אַסימילאַטאָרן. געשיכטע שרייבן הייסט אָבער, כידוע, נישט סתם אויפצייכענען פאַקטן און צונויפזאַמלען דאָקומענטן, נייערט

אויך אינטערפּרעטירן די געשעעענישן פון דער פאַרגאַנגענהייט. זעען מיר טאַקע אַז, אויב נישט יעדער דור, איז יעדע עפּאָכע, טייטשט אַריין איר טייטש אין די אַמאָליקע פּאַסירונגען, ואינטערפּרעטירט זיי אויף איר שטייגער, מיט איין וואָרט: שרייבט איר אייגענע געשיכטע פון דער פאַרגאַנגענהייט. במילא איז קיין חידוש נישט, אַז אויף דער יידישער געשיכטע־שרייבונג, אויפגעקומען אין דער השכלה־ און עמאַנציפּאַציע־עפּאָכע, ליגט דער שטעמפּל פון דער דאָזיקער עפּאָכע. און הגם שפּעטערדיקע יידישע היסטאָריקער, ווי שמעון דובנאָוו ז"ל, האָבן זיך אָפּגעווענדעט פון די מעטאָדן פון דער קלאַסישער יידישער היסטאָריאָגראַפיע, האָבן אָבער אויך זיי נישט געקענט, און צום טייל אויך נישט געוואָלט, אינגאַנצן פאַרטרייבן איר גייסט.

איז טאַקע אָט דער געדאַנק, אַז דאָס יידישע לעבן קיין ארץ־ישראל און די האָפענונג אויף שיבת־ציון זענען נישט מער ווי — מיסטיש־רעליגיעזע, אויפגעקומען און איינגעשטאַנען ביי די אַסימילאַטאָרן, וואָס האָבן אין אַלע באַציאונגען, און נישט נאָר בלויז אין אָט דעם פּרט, אָוועקגעשטעלט אויפן אָרט פון יידישקייט ווי אַ לעבנס־סיסטעם, די „וויסענשאַפט דעס יודענטומס" און פאַרביטן דאָס לעבעדיקע יידישע פאָלק מיט אַן עדה פון אַן אַבסטראַקטן גאָט־גלויבן. צי האָט מען גאָר געקענט פאַרלאַנגען אַן אַנדער פאַרשטייען פון אונדזער גלות־געשיכטע פון אַ לעאָפּאָלד צונץ, פאַר וועמען די געשיכטע פון יידן ווי אַ פאָלק לעשט זיך אויס מיטן דורכפאַל פונעם בר כוכבא-אויפשטאַנד? עס איז נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז אַ פאָלק וואָס עקסיסטירט נישט מער, באַדאַרף נישט צו האָבן אַן אייגן לאַנד. אָדער וואָס קען מען דערוואַרטן פון באַרימטן מחבר פון דער ערשטער סיסטעמאַטישער יידישער געשיכטע, מרדכי יאסט, וועלכער גייט נאָך בלינד נאָכן איינציקן יידישן געשיכטע־שרייבער אין אַלטערטום, יוסף פלאַוויוס, וואָס נישט אומזיסט האָבן יידן „פאַרגעסן" זיינע ווערק, און פאַר וועמען די קנאים און זייערע פירערס, אַ יוחנן פון גוש חלב, אַ שמעון בן גיורא, זענען פּשוטע באַנדיטן און רוצחים. האָט דאָך דער אייגענער מרדכי יאסט געפונען פאַר טיטוסן, טיטוסן דעם רשע אין אַלע הייליקע און וואָכעדיקע יידישע ספרים און ביכער, פונקט ווי אין פאָלקס־געדעכעניש פון אַלע דורות, הויכע און דערהויבענע שבחים (דער „הערצהאַפטע טיטוס", דער „עדלע טיטוס" וכדומה) (1). האָט מען דאָך אויפן רעפאָרם־צוזאַמענפאָר אין ברונשווייק אין יאָר 1844 געפאָדערט אַרויסצוּוואַרפן פון אונדזערע תפילות דעם האַרציקן און הכנעהדיקן „מפּני חטאינו גלינו מארצנו" מיט דער באַ־

גרינדונג, אַז יידן האָבן גאָרנישט וואָס צו טרויערן, וואָס זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד, וואָרעם אַזוי־אַרום האָבן זיי מיט אַכצן הונדערט יאָר שפּעטער זוכה געווען צו „לעבן צווישן אויפגעקלערטע פעלקער" (2).

יידישע היסטאָריקער, וואָס זענען מער ווייניקער געווען דורכגעזאַפּט מיט דעם דאָזיקן גייסט, זענען במילא געווען איבערצייגט, אַז פּונקט ווי זיי אַליין און זייער דור, האָבן אויך יידן פון אַלע דורות אויף אייביק שלום געמאַכט מיטן גלות. איי וואָס, אַ רייע פאַקטן פון דער יידישער געשיכטע באַווייזן ווי פון צייט צו צייט זענען ביי אונדז אויפגעקומען משיחישע באַוועגונגען, וואָס האָבן געוואָלט דוחק זיין דעם קץ, דערנענטערן די אויסלייזונג צי מיט איבערנאַטירלעכע, צי גאָר, אַפּטמיט נאַטירלעכע רעאַלע מיטלען, האָט מען די דאָזיקע פאַקטן אָדער פאַרשוויגן, אָדער זיי פאַלש אויסגעטייטשט. און קיין וואונדער ניט, אַז דער גרעסטער צווישן די יידישע געשיכטע־שרייבער פון זיין צייט, היינריך גרעץ, פּטרט אָפּ די גאַנצע שבתי צבי־באַוועגונג דערמיט, וואָס ער זעט אין איינער פון די גרעסטע רעליגיעז־נאַציאָנאַלע דראַמען פון אונדזער גאַנצער גלות־געשיכטע בלויז שווינדל, משוגעת און אוואַנטוריזם (3). און ער דעקט צו ווי מיט אַ שלייער דעם געוואַלטיקן אויפברויז אין דער יידישער פאָלקס־נשמה, וואָס די דאָזיקע באַוועגונג האָט אַרויסגערופן, אפילו דער בעש"ט, הגם ער האָט געהאַלטן שבתי צבי פאַר אַ „גרויסן רשע", האָט פונדעסטוועגן געזאָגט, אַז אין אים איז געווען אַ „הייליקער פונק" (3א).

גייענדיק אין די פוסטריט פון די יידישע היסטאָריקער, האָט די יידישע פּובליציסטיק פון דער השכלה־עפּאָכע זיך אָנגעכאַפּט ווי אין אַן אבן־טוב אין די פּסוקים און מאמרי חז"ל (ווי דער באַרימטער: צדקה עשה הקב"ה לישראל שפזרן לבין האומות), וואָס האָבן געדאַרפט באַווייזן, אַז יידן האָבן נישט פאַרשאַלטן דעם גלות, ווי מיר ווייסן דאָס אַלע, נאָר אדרבה אים גאָר געבענטשט*. און היות ווי אין אַ ליטעראַטור, צו־

* עס וועט אפשר נישט איבעריק זיין צו באַמערקן, אַז דער פּשט פונעם דאָזיקן פיל־ציטירטן מאמר איז, פאַרשטייט זיך, כלל נישט דער, וואָס די אַסימילאַציע האָט אין אים אַריינגעטייטשט, דאָס הייסט, אַז דער גלות איז געווען אַ וואוילטאַט, וואָס הקדוש ברוך הוא האָט געטון מיט יידן, נייערט אַז אויב שוין יאָ אַ ג ל ו ת, איז שוין גלייבער, יידן זאָלן זיין

ניפגעשטעלט און רעדאַקטירט אין אַ משך פון טויזנטער יאָרן אין פאַרשידענע עפּאָכעס און ביי די סאַמע פאַרשידענע באַדינגונגען, אינערלעכע און אויסערלעכע, קען מען געפינען פסוקים און מאמרים, וואָס אַרויסגעריסן פון זייער קאָנטעקסט, קען מען מיט זיי באַווייזן אַלץ אין דער וועלט, איז נישט געווען קיין דוחק אין הסכמות לטובת דער פּרינציפּיעל־גלותיסטישער טעזע.

עס איז זיכער, אַז אין אַלע צייטן און ביי אַלע אומשטאַנדן וואָלט אַ געוויסע צאָל יידן, וואָס איז געזעסן אין גלות, געקענט איבערוואַנדערן און זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. אָבער נישט דערפאַר זענען אָט די יידן געבליבן אין די גלות־לענדער, ווייל זיי האָבן געוואַרט אויף משיחן, נאָר צוליב פּשוטע מענטשלעך־עגאָאיסטישע מאָטיוון. טאַקע די אייגענע, וואָס האָבן אַרויסגערעדט פון דעם מויל פון אונדזערע אור־אור־עלטערן, ווען זיי האָבן אין מצרים זיך נישט צוגעהערט צו משהן „פון קורץ געמיט און שווערער אַרבעט" און בעת זיי האָבן שפּעטער אין מדבר זיך געקלאָגט אויף זייער אויסלייזער און באַפרייער און זיך דערמאָנט, אַז אין מצרים זענען זיי „געזעסן איבערן פליישׂ" און „געגעסן ברויט צו זאַט". יידן, וואָס וואָלטן אַפילו דעם שופר של משיח נישט דערהערט ווייל זיי זענען פאַרהאָרעוועט און פאַרדאגהט אין דאגות פּרנסה פאַר זיך און פאַר זייער הויז־געזינד, אָדער אַזוינע, וואָס דער ריח פונעם פלייש־טאָפּ איז געשמאַקער פאַר זייערע נאָזלעכער ווי די איידלסטע און פיינסטע פאַרפומען, האָבן געזינדיקט און זינדיקן עד־היום. נישט אומזיסט איז דאָס איינציקע מאָל ווען דער „חבר" בלייבט שטיין פאַרשעמט און פאַרפּלעפט פאַר אַ קשיא, וואָס דער מלך פון די כוזרים שטעלט אים, איז דאָס גראָד דעמאָלט ווען דער לעצטער דעקט אויף די סתירה צווישן די תפילות, וואָס יידן טוען בעטן צו גאָט ער זאָל זיך מרחם זיין אויף זיי און אויף ציון דער פאַרוויסטער — און דעם פאַקט, וואָס זיי רירן זיך נישט פון אָרט און בלייבן זיצן אין גלות (כוזרי, מאמר שני, כ"ג, כ"ד).

אָבער לויט די מעשׂים און דער הנהגה פון יחידים, און מעג ווי גרויס זיין זייער צאָל, משפּט מען נישט, און מען קען נישט משפּטן אַ פאָלק, אַ כלל. דער ווילן און די אידעאַלן פון אַ פאָלק דעקן זיך נישט מיטן ווילן און שטרעבונגען פון יחידים. די מאַניפעסטאַציעס פון דעם

---

פאַרשפּרייט צווישן אַ סך פעלקער, כדי, ווי רש"י מאַכט (פּסחים, פ', ב'), מען זאָל זיי נישט קאָנען אויסראָטן אַלעמען צוזאַמען.

איינצלנעם מענטשן ביי זיך אין דער היים זענען זעלטן די אייגענע ווי בעת ער באַוויזט זיך עפנטלעך און געפינט זיך בציבור. די אייגענע יחידים זענען בעסער, געלויטערטער און דערהויבענער, בשעת זיי פילן זיך ווי אַ טייל פון אַ כלל, ווי בעת זיי זענען איטלעכער פאַר זיך. און דער ווילן פון כלל ווערט תמיד און אומעטום פ אַ ר מ י ר ט פון אַן אויסדערוויילטער מינדערהייט, די וואָס איז ראוי איינצוזאַפּן אין זיך דאָס גוטס פונעם פאָלק, צו סובלימירן זיינע פאַרלאַנגען און צו קאָנצענטרירן אין זיך די נצוצות פון קדושה, וואָס זענען אין פאָלק צעשפּרייט. אינעם שפּיגל פון זיינע בעסטע זין דערקענט ערשט דאָס פאָלק זיך אַליין, אפשר נישט אַלעמאָל ווי עס איז, אָבער תמיד ווי עס באַדאַרף צו זיין. איז טאַקע פון גלות בבל עולה געווען נאָר אַ קליינער טייל פון פאָלק, מען רעכנט לערך אַ פינפט־חלק. נאָר אָט דער דאָזיקער מיעוט האָט געמאַכט יידישע געשיכטע, ער איז געווען דער, וואָס האָט ווידער אויסגעבויט דאָס לאַנד און אויפגעריכט זיינע הייליקייטן.

רעליגיע און עטיק אַפּעלירן צום יחיד. אָט פאַר וואָס אונדזערע נביאים און פּאָעטן האָבן געשטראָפט דעם סתם־יידן, דעם איינצלנעם יידן און א י ם מוסר געזאָגט. דער זינד־מאָטיוו ווי די סיבה פון דער פאַרטרייבונג פון פאָלק פון זיין לאַנד און פון זיין בלייבן צעזייט און צעשפּרייט צווישן די פעלקער, איז געווען פאַר זיי נאַטירלעך און אומפאַרמיידלעך. און אויב זיי האָבן גלייכצייטיק איבערגעטראָגן די שולד פון יחידים אויפן גאַנצן פאָלק, און אָפטמאָל אידענטיפיצירט דאָס פאָלק מיט די ערשטע, איז דאָס געשען צוליב זייער הויך־אַנטוויקלטן אחריות־געפיל פונעם גאַנצן פאַר די איינצלנע, אָט דעם טיפן רעליגיעז־עטישן באַוואוסטזיין, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דעם „כל ישראל ערבים זה בזה". דאָס האָט אָבער נישט געשטערט אונדזערע שטראָפערס און נביאים צו געפינען אין צייטן פון פורעניות אויף יידן די זיסטע און דערהויבנסטע ווערטער פון טרייסט און אַזוי אַרום באַפרייען דאָס פאָלק פון די זינד פון יידן אין קלענערע אָדער גרעסערע צאָלן. אָבער דער רעליגיעז־עטישער צוגאַנג, טויזנט מאָל באַרעכטיקט אַליין פאַר זיך, דאַרף אונדז נישט שטערן, בעת מיר געפינען זיך אין אַ נידעריקערער ספערע, אין דער ספערע פון דעם רעאַלן פאָלקס־לעבן, צו פאָרשן און אויסצוגעפינען די סיבות, פאַרוואָס דער יידישער כלל האָט נישט געמאַכט קיין רעאַליטעט פון דעם שיבת־ציון־

חלום. דערצו איז ווייניק זיך סומך צו זיין אויפן פאַקט פון גלות, מען דאַרף אויך אַרויסגעפינען דעם פ אַ ר וו אָ ס פון זיין דויער. די ערשטע שאלה, וואָס אַן אָביעקטיווע יידישע היסטאָריאָגראַפיע וואָלט זיך געדאַרפט שטעלן, וואָלט געדאַרפט זיין: אָנגענומען, אַז יידן, אַלע אָדער אַן אַקטיווער טייל, וואָלטן יאָ געוואָלט באמת זיך באַפרייען פון גלות און זיך אומקערן צו זייער אַלטן היימלאַנד, ארץ־ישראל, צי וואָלט אַזאַ ווילן געקאָנט רעאַליזירט ווערן? און ערשט דעמאָלט, ווען די תשובה וואָלט געווען אַ פּאָזיטיווע, דאָס הייסט, אַז מען וואָלט הערגאַנגען, אַז אָדער עס זענען בכלל נישט געווען קיין אויסערלעכע מניעות אָדער, אַז מען האָט זיי געקאָנט מיט אַ שטאַרקן ווילן און אַקטיווע מעשים גובר זיין, ערשט דעמאָלט וואָלט מען געווען באַרעכטיקט צו זאָגן דאָס, וואָס מען האָט לכתחילה געזאָגט, אַז די שולד פונעם בלייבן אין גלות פאַלט אויף די יידן גופא.

אַזאַ געשיכטלעכע אויספאָרשונג איז אמת גאָרנישט פון די גרינגע זאַכן. מען וואָלט געמוזט נישט בלויז דורכנישטערן די גאַנצע יידישע געשיכטע, נאָר אויך די געשיכטע פון אַלע לענדער און פעלקער צווישן וועלכע יידן האָבן געלעבט זינט דעם חורבן ביז היינט צו טאָג, ווי אויך די געשיכטע פונעם לאַנד ארץ־ישראל גופא און פון זיין יידישן ישוב אינעם משך פון דעם היפשן צייט־אָפשניט. בפרט וואָלט מען זיך געדאַרפט פרעגן און פאָרשן, ווי איז געווען און וואָלט גע־קענט זיין די שטעלונג פון רוים און ביזאַנץ, וואָס האָבן געהערשט איבער ארץ־ישראל ביזן זיבעטן יאָרהונדערט, פון זייערע יורשים אין שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער, דעם אַראַבישן קאַליפאַט אין דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע, צו אַ פּרואוו ווידער אויפצוריכטן ארץ־ישראל ווי אַ יידיש לאַנד? און ווייטער: ווי אַזוי האָבן אויסגעזעען די פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע און זיכערקייטס־באַדינגונגען אין ארץ־ישראל און צי וואָלטן זיי מעגלעך געמאַכט אַ יידישע מאַסן־איבער־וואַנדערונג און אַ מער אָדער ווייניקער נאָרמאַלע קאָלאָניזאַציע פונעם לאַנד? און נאָך ווייטער: ווי וואָלט געווען די האַלטונג פון די אייראָפּעאישע מלוכות און פון דער קריסטלעכער קירך צו אַ יידישער אויס־וואַנדערונג, וואָס וואָלט זיך געשטעלט קאָלאָניזאַטאָריש־פּאָליטישע צילן. און צום סוף גאָר אַ „קלייניקייט": מען וואָלט געדאַרפט שטודירן די קאָמוניקאַציע־באַדינגונגען צווישן די גלות־לענדער און ארץ־ישראל אין פאַרשידענע עפּאָכעס, כדי צו זען, צי וואָלט בכלל מעגלעך געווען אין אַמאָליקע צייטן דורכצופירן אַ מאַסן־איבערוואַנדערונג קיין ארץ־

ישראל, נישט פאַרגעסנדיק, אַז עס רעדט זיך פון אַ פאָלק, וואָס האָט נישט געהאַט און האָט נישט געקענט אויפבויען קיין אייגענעם מלחמה־און האַנדלס־פלאָט, וואָס האָט נישט געהאַט און נישט געקענט האָבן קיין אייגענע אַרמעע אויף צו שיצן די איבערוואַנדערערס אויף די לאַנגע און סכנותדיקע ים־ און יבשה־וועגן פון יענע צייטן.

אָט האָט איר אַזאַ וויכטיקע געשעעניש אין דער וועלט־געשיכטע ווי די צלם־נסיעות, וואָס וואָלט באמת גענדאַרפט סטימולירן די יידישע געשיכטע־שרייבערס זיך צו פאַרטראַכטן און ווייטער צו פאָרשן, ווען דער גאַנצער ענין וואָלט פאַר זיי אַ פריאָרי נישט געווען קלאָר און אָפגערעדט. פון סוף עלפטן ביזן אָנהויב דרייצנטן יאָרהונדערט האָט די קריסטלעכע וועלט געמאַכט עקשנותדיקע און בלוטיקע פרואוון איינצונעמען ארץ־ישראל. כמעט אַלע קריסטלעכע מלוכות פון אייראָפע צוזאַמען מיטן וואַטיקאַן, וואָס איז דעמאָלט געווען הן די אַבסאָלוטע גייסטיקע אויטאָריטעט אין קריסטנטום, הן אַ באַטייטנדיקע וועלטלעכע מאַכט, זענען געשטאַנען הינטער דער דאָזיקער גראַנדיעזער אונטערנעמונג און אָט דער בונד פון מלוכות און אַרמעען, פון כוח און אויטאָריטעט, איז מיאוס דורכגעפאַלן. פון די זעקס הונדערט טויזנט צלם־פאָרערס, אַן אַסטראָנאָמישע ציפער פאַר יענע צייטן, זענען סך־הכל פערציק טויזנט, דאָס הייסט, עפּעס מער פון זעקס פראָצענט, דערגאַנגען ביז ירושלים. די איבעריקע זענען אומגעקומען פון רויבער־אָנפאַלן אין וועג, פון הונגער, קרענק און עפידעמיעס. און דאָס איינציק ממשותדיקע, וואָס די געראַטעוועטע האָבן שוין יאָ געהאַט דערגרייכט, דאָס לאַטייניש קיניגרייך פון ירושלים, האָט קיין לאַנגען קיום נישט געהאַט און איז פאַרשוואונדן אין לערך אַכציק יאָר אַרום אונטערן דרוק פון סאַלאַדינס חיילות. און גאַנץ אייראָפע האָט נישט געקענט ראַטעווען פון אונטערגאַנג דאָס דאָזיקע עפעמערע קיניגרייך. וואָלט זיך דאָך יעדער בר־דעת גענדאַרפט פרעגן די פראַגע, צי וואָלט דאָס מאַכט־לאָזע, אָרעמע און קנאַפּצאָליקע יידישע פאָלק (מען דאַרף רעכענען, אַז יידן פון גאַנצן ערד־קוגל האָבן צו יענער צייט אויסגעמאַכט לערך צוויי מיליאָן נפשות), געהאַט כאָטש די מינדעסטע שאַנסן צו פועלן דאָרט וואו די גאַנצע קריסטלעכע וועלט איז דורכגעפאַלן? מוז מען קומען צו דער מסקנא, אַז די יידישע געשיכטע־שרייבונג האָט זיך נאָך אַפילו נישט צוגערירט צום גאַנצן פראַגן־קאָמפּלעקס, וואָס איז פאַרבונדן מיטן פּראָבלעם פון דער אָביעקטיווער מעגלעכקייט, אָדער אוממעגלעכקייט, צו פאַרווירקלעכן דעם ציון־אידעאַל אין דער יידישער גלות־געשיכטע

ביז צו אונדזערע מאָדערנע צייטן. פון אָט דעם קוק־ווינקל דאַרף די יידישע געשיכטע פון דאָס ניי אויסגעטייטש און געשריבן ווערן. בין איך נישט קיין היסטאָריקער, צו נעמען אויף זיך אַזאַ אויפגאַבע. איך גלויב אָבער, אַז עס איז בייטיק ערשטנס צו ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף דעם דאָזיקן פּראָבלעם און צווייטנס דערווייל צו מאַכן פּובליציסטיש געוויסע אויספירן אויפן סמך פון אַלגעמיין־באַוואוסטע היסטאָרישע געשעענישן און פאַקטן.



ווען מיר איבערגיין דערצו, צי איז טאַקע אמת, אַז יידן האָבן אין משך פון גלות זיך באַגנוגנט מיט תפילות און פּיוטים און טאַקע באמת גאַרנישט געפּרוווט צוצוגיין רעאַל צו באַזעצן ארץ־ישראל און עס ווידער צו מאַכן פאַר אַ יידיש לאַנד ? איז לאָמיר פריער פון אַלץ זיך ווענדן צום יידישן ישוב פון ארץ־ישראל גופא, צו דעם, וואָס איז געבליבן אויפן אָרט נאָכן חורבן בית־שני.

נישט אַלע יידן האָבן, פאַרשטייט זיך, אָנגענומען די שיטה פון לעאָפּאָלד צונץ און זיין חברותא, אַז מיטן דורכפאַל פון בר כוכבא־אויפשטאַנד ענדיקט זיך די געשיכטע פון יידישן פאָלק בכלל און אין ארץ־ישראל בפרט. פאַרקערט אָבער איז יאָ פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז מיטן יאָר 135 נאָך יעזוס קריסטוסן, האָט זיך פאַרענדיקט די געשיכטע פונעם קאַמף פונעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל פאַר זיינע רעכט און זעלבשטענדיקייט. אונדזערע היסטאָריקער, אין הסכם מיט זייער אַלגעמיינעם איינזייטיק־גייסטיקן באַנעם פון יידישקייט, האָבן קאָנצענטרירט זייערע אייגענע און דעם לייענערס הויפּט־אויפמערקזאַמקייט אויף דעם גייסטיקן לעבן פונעם ישוב, אויף דער אַנטוויקלונג און צוזאַמענשטעלונג פון תלמוד ירושלמי, און פאַרזעען אָדער פאַררוקט ערגעץ אין אַ ווינקל אַנדערע ווירטשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען און פּאַסירונגען נאָך בר כוכבא. האָט טאַקע זייער גלייך געטון יוסף בראַסלאַווסקי, וואָס האָט אין אַ קליין ספרל צונויפגענומען און סיסטעמאַטיזירט דעם קנאַפּן מאַטעריאַל, וואָס באַציט זיך צום יידישן ווידערשטאַנד און צום יידישן קאַמף אין ארץ־ישראל פאַר רעכט און אויטאָנאָמען לעבן אין די שפּעטערדיקע צייטן. זעען מיר קודם־כל, אַז יידן אין ארץ־ישראל, וועלכע האָבן אין משך פון הונדערטער יאָרן נאָך בר כוכבא, אַלץ נאָך פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ מערהייט אין אייניקע געגנטן פון לאַנד, האָבן פּעריאָדיש

געפּרואווט מיט וואָפן אין האַנט זיך צו באַפרייען פון רוימישן יאָך. אין צייטן פון שטאַרקע רדיפות אויף יידן און יידישקייט, און תמיד ווען רוים איז געווען פאַרנומען מיט אינעווייניקסטע אַמפּערייען און ראַנגלענישן אָדער פאַרוויקלט אין אויסלענדישע מלחמות, פלעגן זיך צווישן יידן באַווייזן פירערס, וואָס על־פּי רוב זענען אַפילו זייערע נעמען געבליבן אומבאַקאַנט, און גערופן דאָס פאָלק צום ווידערשטאַנד. און זייער רוף האָט אַלעמאָל געטראָפן אַ גיכן און וואַרעמען אָפּרוף.

אויפן סמך פון די קאַרגע מאַטעריאַלן, וואָס מיר באַזיצן, איז שווער צו זאָגן, צי זענען אַלע יידישע אויפשטאַנדן בפירוש פאָרגעקומען אונטערן צייכן פון מלוכהשער סואווערעניטעט, צי עס האָט זיך, פאַר־קערט, געהאַנדלט נאָר פון אַן אויסברוך פון פּראָטעסט קעגן די אכזריות־דיקע רדיפות אויף יידן און קעגן די גזירות אויף יידישקייט. מען דאַרף זיך אָבער משער זיין, אַז אַ קאַמף פון אַ פאָלק, וואָס זיצט נאָך אויף זיין היסטאָרישן באָדן, מוז מער אָדער ווייניקער דורכגעזאַפּט זיין מיט נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אַספּיראַציעס. אַ סימן האָבן מיר, וואָס אַלע יידישע אויפשטאַנדן אין לאַנד האָבן נישט געצילט דערויף, אַז די רוימישע מאַכט, די מערב־ אָדער מזרח־רוימישע, זאָל אָפּרופן די אָדער יענע גזרה, נאָר אויף פּטור צו ווערן אינגאַנצן פונעם רוימישן יאָך מיט דער הילף פון אירע פיינט, פריער די פּרתים, דערנאָך די שבטים, וואָס זענען אַריינגעדרונגען פון אַראַבישן האַלב־אינדזל. נאָך עפּעס: דער פאַקט אַז די יידישע בונטן זענען כמעט תמיד געווען פאַרבונדן מיט דער האָפענונג ווידער אויפצוריכטן דעם בית־המקדש איז אויך אַ רמז אויף די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע צילן פון די ווידערשטאַנדס־באַוועגונגען. איז דאָך דער בית־המקדש תמיד געווען נישט נאָר די יידישע הייליקייט, נייערט גלייכצייטיק דער צענטער פונעם נאַציאָנאַלן לעבן און דער סימבאָל פון מלוכהשער סואווערעניטעט, אַמאָל אַ ברייטערע, אַמאָל אַ שמאָלערע, אַלץ לויט די אומשטאַנדן.

זיך נישט אָפּשטעלנדיק אויף פּרטים, וועט לשם אילוסטראַציע גענוג זיין צו דערמאָנען נאָר די הויפּט־פאַקטן פון יידישן אָרגאַניזירטן קאַמף קעגן רוים און שפּעטער קעגן ביזאַנץ, קעגן אדום און יון. אין 161סטן יאָר, ווען אין אַלעמענס זכרון איז נאָך פריש געווען דער העראָאישער קאַמף פון בר כוכבא און זיין טראַגישער דורכפאַל, צום סוף פון אַנטאָניוס פּיוס קיניגן אין רוים און אין אָנהויב פון מאַרק אוירעליוס' ממשלה, פלאַמט אויף אַ יידישער אויפשטאַנד, וואָס ווערט אונטערדריקט מיט שווערד און בלוט. דאָס האָט

אָבער נישט געשטערט, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום, אין די יאָרן 198 — 199, אין דער צייט פונעם קיסר סעפּטימוס סעווערוס, זאָל דער יידישער קאַמף ווידער אויפפלאַקערן. ביידע מאָל איז דאָס געשען אין צוזאַמענהאַנג מיט רוימס מלחמה מיט דער פּרתישער מדינה. דער ערש־טער פּרואוו פון אויפשטאַנד אין דער ביזאַנטישער עפּאָכע קומט פאָר אין אָנהויב פון פערטן יאָרהונדערט. אַ נייער יידישער רעוואָלט קעגן ביזאַנץ, דאָס מאָל אַ זער באַטייטנדיקער, ברעכט אויס אין יאָר 614, ווען די פּער־סער דרינגען אַריין אין ארץ־ישראל און פאַרנעמען עס אפילו צייט־ווייליק. פון צוואַנציק ביז זעקס און צוואַנציק טויזנט יידן האָבן זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין פּערסישן חייל. די יידישע האָפענונג, פאַר־בונדן מיטן זכרון פון כורש מלך פרס, אויסגעלייזט צו ווערן, זענען אָפּגענאַרט געוואָרן דורך די פּערסער און נאָך זייער צוריקטריט האָט דער קיסר העראַקליוס אין יידיש בלוט געשטילט זיין דורשט נאָך נקמה (4).

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט פאַרדינט די באַרימטע ווענדונג צו יידן פונעם רוימישן קיסר יוליאַן, יוליאַן דער אַפּטריניקער, וואָס האָט געקיניגט איבער רוים אין די יאָרן 63־361. קיסר יוליאַן האָט צוגעזאָגט, אַז נאָך דעם ווי ער וועט מיט דערפאָלג פאַרענדיקן די מלחמה מיט די פּרתים, וועט ער ווידער אויפריכטן די הייליקע שטאָט ירושלים „וואָס איר (יידן) גאַרט זי ווידער צו זען באַוואוינט און זי באַזעצן מיט נייע איינוואוינערס" (5). דאָס אינטערעסאַנטסטע איז דעם פּרואוו פון יוליאַן איז דער ענטוזיאַסטישער אָפּקלאַנג, וואָס ער האָט גע־פונען ביי יידן הן אין ארץ־ישראל, הן אין חוץ־לארץ. דער גריך סאָצאָ־מענוס, וואָס האָט געשריבן לערך אַכציק יאָר נאָך יוליאַנס טויט, דאָס הייסט, אין אַ צייט, ווען עס איז נאָך פריש געווען דער זכרון פון דער דאָזיקער געשעעניש, דערציילט מיט וואָס פאַר אַ ברען יידן האָבן זיך גענומען ווידער אויפצובויען דעם בית־המקדש, ווי מענער און פרויען האָבן זיך ענטוזיאַסטיש באַטייליקט אין דער הייליקער אַרבעט און ווי אַזוי יידישע פרויען האָבן געבראַכט זייער צירונג צו פאַרקויפן כדי צו דעקן די הוצאות פון בנין (5a). די ארץ־ישראל־יידן האָבן געגעבן צו וויסן וועגן קיסר יוליאַנס הבטחה אין חוץ־לארץ און פון אַלע זייטן האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן נדבות פאַר דעם דאָזיקן צוועק. און נאָך עפּעס פאַרדינט אונטערגעשטראָכן צו ווערן : דאָס ווידער אויפריכטן פון ירושלים און פון בית־המקדש דורך אַ רוימישן קיסר וואָלט זיך געפונען אין פולער סתירה מיט דער משיחישער מסורה, לויט וועלכער

הער אונטערגאַנג פון אדום דאַרף פאָראויסגיין פאַר דער גאולה. דאָ האָט איר איינע פון די פיל ביישפּילן, אַז די מיסטישע עלעמענטן פון משיחיזם האָבן נישט געשטערט, נישט אין מינדסטן גראַד, די פּרואוון ווידער אויפצוריכטן דאָס יידישע לאַנד און זיין הייליקייט, וויבאַלד נאָר עס זענען געווען די קלענסטע שאַנסן דאָס צו פאַרווירקלעכן אויף דעם אָדער יענעם נאַטירלעכן אופן.

די רדיפות אויף יידן מצד רוים און דאָס בלוטצאַפּן נאָך איטלעכן נישט געלונגענעם יידישן אויפשטאַנד, האָבן נאָך אַלץ גרעסער געמאַכט דעם חורבן פונעם ישוב. בפרט איז זיין לאַגע געוואָרן אומדערטרעגלעך פון דעם פערטן יאָרהונדערט אָן, נאָך דעם ווי דאָס קריסטנטום איז פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי די אָפיציעלע רעליגיע פון דער רוימישער אימפּעריע. זינט קאָנסטאַנטין דעם גרויסן, האָבן יידן אין ארץ־ישראל קיין מנוחה נישט געהאַט. פיזישע אויסראָטונג און צוואַנגס־שמד זענען געגאַנגען האַנט אין האַנט, כדי אויסצומעקן דעם זכר פון יידן אין זייער לאַנד. און עס איז ממש צו באַוואונדערן ווי אַזוי יידן, אָפּגעגאַנגען אין בלוט, צוגעדריקט ביז צו דער ערד דורך די שרעקלעכסטע טאָגטעגלעכע רדיפות, האָבן דאָך נאָך געפונען ביי זיך מוט און כוח זיך אַנטקעגנצושטעלן קעגן דער רוימישער וועלט־אימפּעריע ביי איטלעכער פּאַסיקער געלעגנהייט. און אַז עס האָבן זיך געפונען יידן אין חוץ־לארץ, וואָס אַפילו די רוימישע גרויזאַמקייטן האָבן זיי נישט אָפּגעהאַלטן צוריקצוגיין אין זייער לאַנד. צי איז אין דעם ערשטן האַלב טויזנט יאָר נאָכן חורבן פאָרגעקומען אַ באַדייטנדיקער צופלוס פון יידישע איינוואַנדערערס פון חוץ־לארץ, האָבן מיר נישט גענוג מאַטעריאַל צו אורטיילן. שפורן זענען געבליבן פון די בבלער אמוראים, וואָס זענען געפאָרן קיין ארץ־ישראל דאָרט צו לערנען תורה. אַ בפירושע ראיה דערפאַר, אַז אַ געוויסע צאָל יידן פלעגן יאָ איבערוואַנדערן אין זייער לאַנד קען מען זען דערין, וואָס די חכמי בבל האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק פעסטצושטעלן אַ הלכה, און דאָס האָט געקענט אַרויסגערופן ווערן נאָר דורך קאָנקרעטע פאַלן, לויט וועלכער, אויב דער מאַן וויל אַריבערפאָרן קיין ארץ־ישראל און די פרוי וויל מיט אים נישט מיטגיין, צווינגט מען זי דערצו, און אויב עס העלפט נישט — באַקומט זי אַ גט אָן כתובה; אין אַ פאַרקערטן פאַל, דאָס הייסט, ווען די פרוי וויל פאָרן און דער מאַן זאָגט זיך אָפּ, צווינגט מען אים צו געבן אַ גט און אויסצוצאָלן די כתובה (כתובות, ק"י, ב').

רעלאַטיוו רו האָט דער ישוב באַקומען אין דעם מאָמענט, ווען

דער איסלאַם האָט מנצח געווען און באַהערשט ארץ־ישראל. אגב האָבן ייִדן אויך דאָס מאָל בייגעטראָגן זייער חלק צום נצחון פון די שונאים פון דער רוימישער אימפּעריע. און עס איז ווידעראַמאָל, נישט צום ערשטן און נישט צום לעצטן מאָל, געווען דער צלם, וואָס איז געגאַנגען פאָראויס און האָט געבענטשט די פיזישע אויסראָטונג פון ייִדן, דאָס מאָל אין זייער אייגן לאַנד. איך מיין דאָ די צלם־פאָרערס, וואָס האָבן פאַרענדיקט דאָס, וואָס דאָס געצנדינערישע רוים און נאָך אים די קריסטלעכע קיסרים האָבן אָנגעהויבן. די צלם־פאָרערס האָבן אויסגעהרגעט אַלע ייִדן פון ירושלים און אויך איבערן לאַנד זענען קיין סך ייִדן ביים לעבן נישט געבליבן. אין יאָר 1170 האָט דער באַרימטער ייִדישער פאָרער בנימין פון טודעלא געפונען אין ארץ־ישראל סך־הכל לערך מויזנט פינף הונדערט משפחות. הגם די מוסולמענישע הערשערס פונעם לאַנד, אָנגעהויבן פונעם זיבעטן יאָרהונדערט, האָבן אָפּגעשוואַכט און אין געוויסע מאָמענטן אַפילו אינגאַנצן אָפּגעשטעלט די רדיפות און גזירות קעגן ייִדן, איז אָבער ווירטשאַפטלעך דאָס לאַנד אַלץ מער געזונקען, בפרט זינט די מאַמעלוקן האָבן אַריינגעקריגן די ממשלה אין זייערע הענט. צום ווירטשאַפטלעכן חורבן איז צוגעקומען די אַלגעמיינע אומזיכערקייט אין לאַנד, ווי אַ רעזולטאַט פון די פעריאָדישע מלחמות צווישן די פאַרשידענע מוסולמאַנישע שבטים, סעקטעס און דינאַסטיעס. ווי גרויס עס איז געווען די סכנה פון נסיעות אין לאַנד, בפרט פאַר נישט מוסולמענער, באַווייזט די נסיעה־באַשרייבונג פונעם דייטשן באָטאַניסט לעאָנהאַרד ראַויוואָלף, וואָס ער האָט אונטערגענומען אין יאָר 1575. די נסיעה צווישן יפו און ירושלים איז געווען אַ גאַנצע אָדיסעע. אין יעדער שטאָט האָט מען אים פאַרהאַלטן און פאַרלאַנגט ספּעציעלע דערלויבענישן צו פאָרן ווייטער און פאַר דעם דאָזיקן חסד האָט מען איטלעכעס מאָל געמוזט באַצאָלן (6). ייִדישע קוואַלן באַשטעטיקן, אַז עס איז געווען ממש סכנות־נפשות צו פאָרן איבערן לאַנד. אַ ייִדישער רייזנדער שרייבט אין אָנהויב פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, אַז ער האָט זיך נישט געקענט איינשטעלן צו פאָרן פון ירושלים קיין צפת, מחמת די רויבער־באַנדעס, וואָס לויערן אויף די וועגן. ידיעות, וואָס שטאַמען פון אַ לערך נאָענטער עפּאָכע, פון דער ערשטער העלפט פון אַכטצנטן יאָרהונדערט, זאָגן עדות, אַז אויך דעמאָלט האָט מען געקענט אונטערנעמען אַ נסיעה בלויז אין גרעסערע קאָמפּאַניעס און אונטערן שוץ פון באַוואָפנטע באַגלייטערס (7).

האָט זיך געקענט דוכטן, און אַזוי וואָלט עס זיכער פּאַסירט מיט

יעדן אַנדער פֿאָלק, אַז נאָך אַזוי פֿיל צרות און פּורעניות, ביי דער סכנה מיט וועלכער עס איז געווען פֿאַרבונדן די נסיעה קיין ארץ־ישראל און דאָס אַרומפֿאָרן אין לאַנד גופֿא, וועט זיך נישט געפֿינען קיין איין לעבעדיקער מענטש, וואָס זאָל ריזיקירן גיין אַהין, בפֿרט, אַז אַלע פּרנסה־קוואַלן זענען דאָרט געווען פֿאַרשטאָפּט ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער פּולערווירטשאַפֿטלעכער ירידה פֿונעם לאַנד. פֿונדעסטוועגן זעען מיר, אַז שוין אין יאָר 1211 האָבן דריי הונדערט יידן פֿון ענגלאַנד און פֿראַנקרייך בראש מיט רבנים עולה־רגל געווען קיין ארץ־ישראל. אין יאָר 1267 גרינדעט דער רמב״ן אַ יידישע קהלה אין ירושלים. באַוואוסט איז אויך דער פּרואוו פֿון מהר״ם מרוטענבערג עולה רגל צו זיין אין יאָר 1286 מיט אַ גרופּע יידן פֿון זיין קהלה און ווי אַזוי מען האָט אים געכאַפּט אין וועג און אַריינגעזעצט אין תפֿיסה, וואו עס האָט זיך געענדיקט זיין לעבן פֿון אַ קדוש. נאָכן גירוש ספֿרד, בפֿרט נאָכדעם ווי טערקיי האָט באַפֿרייט, אָנהויב זעכצנטן יאָרהונדערט, דאָס לאַנד פֿון דער עגיפּטישער רויב־הערשאַפֿט, הויבט זיך אָן אַ באַדייטנדיקע, לויט די השגות פֿון יענער צייט, גרופּן־איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל. אַז דער רמב״ן איז אָנגעקומען קיין ירושלים, האָט ער דאָרט געטראָפֿן ס״ה צוויי געציילטע יידן, זענען אָבער דאָרט אין 1522 שוין געווען דריי הונדערט פֿאַמיליעס (8). ארץ־ישראל ווערט ווידער אַ וויכטיקע פּאָזיציע פֿאַרן יידישן שאַפֿן, הן אין לומדות און הן אין קבלה. האָבן דאָך צו יענער עפּאָכע געלעבט און געווירקט אין לאַנד אַזוינע ריזן, ווי ר׳ יוסף קאָרו, דער אר״י הקדוש און ר׳ חיים וויטאַל. דער פֿאַקט, אַז ר׳ יעקב בירא האָט זיך ערנצט אַרומגעטראָגן מיטן פּראָיעקט צו מאַכן צפֿת פֿאַרן זיצאָרט פֿון אַ מין נייעם סנהדרין, באַווייזט, הגם דער פּלאַן גופֿא האָט שוין נישט געקענט פֿאַרווירקלעכט ווערן, צו וואָס פֿאַר אַ חשובן צענטער ארץ־ישראל איז אויסגעוואַקסן נאָכן גירוש ספֿרד. נאָך דער גזירת ת״ח האָבן ווידער איינצלנע יידישע גרופּן אַריבערגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל. די באַקאַנטסטע צווישן זיי איז די גרופּע פֿון דריי הונדערט חסידים אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון מנחם־מענדל דעם וויטעבסקער, אין דער צווייטער העלפֿט פֿונעם אַכצנטן יאָרהונדערט.

זיכער זענען די אַלע פּרואוון זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל געווען אינספּירירט דורך רעליגיעזע מאָטיוון. דאָס ענדערט אָבער נישט דעם פֿאַקט גופֿא און זיין באַטייטונג. און באַשטייט זי דערין, אַז יידן האָבן נישט בלויז דערמאָנט ציון אין זייערע תפֿילות, אַז ציון איז פֿאַר זיי געווען נישט נאָר אַ בעפֿלדיקער חלום פֿון די ימות המשיח,

אַז צווישן די פרומע יידן, וואָס אין יענע צייטן בכל־אופן זענען זיי געווען אידענטיש מיט דעם באַגריף נאַציאָנאַלע יידן לויט אונדזער היינטיקער טערמינאָלאָגיע, האָט זיך געפונען אַ היפּשע צאָל חלוצים, וואָס האָבן נישט געוואָלט וואַרטן ביז משיח וועט אַרויספירן דאָס גאַנצע פאָלק פון גלות און האָבן געקוקט אויפן ישוב ארץ־ישראל, פונקט ווי יידישע חכמים אין אַלע צייטן, ווי אויף אַ מצווה, וואָס איטלעכער איז מחויב פערזענלעך מיט זיינע אייגענע מיטלען און וועגן מקיים צו זיין („ישיבת ארץ־ישראל שקולה כנגד כל המצוות שבתורה״, ספרי, דברים י״ב, כ״ט).

דאַרף מען נאָך דערמאָנען כאָטש בקיצור די מער באַטייטנדערע באַוועגונגען פון יידן אין גלות, וואָס זייער ציל איז געווען אַ ברייטערער ווי די איבערוואַנדערונג פון איינצלנע יידישע גרופּן, ווייל זיי האָבן געהאַט אין אויג די גאולה און די ווידער אויפריכטונג פונעם יידישן היימלאַנד. די דאָזיקע באַוועגונגען זענען כמעט אַלעמאָל אויפגעקומען נאָך גרויסע יידישע קאַטאַסטראָפעס, וואָס האָבן תמיד געמונטערט און געשטאַרקט דעם באַגער פון אויסלייזונג. אַזוי זעען מיר, אַז ווי אַ רעזולטאַט פון די צלם־נסיעות האָבן זיך אין פאַרשידענע לענדער באַוויזן אַ ריי גאולה־אויפברויזן. די באַטייטנדסטע צווישן זיי איז געווען די, וואָס איז אינספּירירט געוואָרן דורך דוד אל ראי. פון די קנאַפּע מאַטעריאַלן, וואָס מען באַזיצט וועגן אים און זיין איניציאַטיוו, איז שווער צו זאָגן, צי האָט ער זיך אַרויסגעגעבן פאַר משיחן. בנימין פון טודעלאַ באַשולדיקט אים יאָ אין מיסטיפיקאַציעס. אָבער אינעם בריוו מיט וועלכן דער ראש הגולה האָט זיך צו אים געווענדעט פון באַגדאַד איז אויף דעם קיין רמז נישט דאָ. דאָרט שטייט נאָר געשריבן: „זיי וויסן, אַז די צייט פון דער גאולה איז נאָך נישט געקומען און מיר האָבן נאָך נישט געזען קיין צייכנס דורך וועלכע די גאולה דאַרף זיך אַנטפּלעקן און מיט גוואַלט וועט קיין מענטש דאָס נישט דורכפירן״ (פון מיר אונטערגעשטראָכן י. ע.). הגם עס רעדט זיך אינעם דאָזיקן בריוו וועגן צייכנס דורך וועלכע די גאולה דאַרף זיך אַנטפּלעקן, זאָגט ער אָבער נישט וואָס פאַר אַ צייכנס ער מיינט. פון דער אַנדערער זייט איז אין בריוו נישטאָ קיין דירעקטער אַנפאַל אויף דוד אל ראי פערזענלעך פאַר זיינע משיח־פּרעטענזיעס. אַז די צייט פון גאולה איז נאָך נישט געקומען און אַז מיט גוואַלט קען מען זי נישט דורכפירן, האָט מען געקענט זאָגן וועגן יעדן פּרואוו איינצונעמען ארץ־ישראל אפילו על־פי דרך הטבע. בכל אופן, צי האָט דוד אל ראי געקוקט אויף זיך ווי אויף משיחן צי נישט, זיינע מיטלען צום ציל זענען געווען בפירוש נאַטירלעכע, דהיינו

מיליטערישע. ווי בנימין פון טודעלאַ דערציילט, האָט ער ביי זיך געהאַט אָפּגעמאַכט צו מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן פערסישן קיניג, צו פאַראייניקן אַלע יידן אין די בערג פון חפתון און מיט זיי אָנהויבן אַ מלחמה קעגן אַלע גוים. און ער האָט זיך געשטעלט פאַר זיין ציל איינצונעמען ירו־שלים (9).

אין זעכצנטן יאָרהונדערט, נאָכן גירוש שפּאַניע, באַגעגענען מיר זיך מיט ערנצטע גאולה־באַוועגונגען. קודם־כל דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן דוד הראובני און שלמה מולכו. די חברשאַפט פון אָט די צוויי גרויסע פּערזענלעכקייטן איז נישט קיין צופאַל, זי האָט בולט פאַר־זאַניפיצירט דאָס מיסטיש־משיחישע און דאָס רעאַל־פּאָליטישע, וואָס איז פונדאַמענטאַל פאַר דער גאולה־אידעע. דוד הראובני איז, לויט אונדזערע היינטיקע השגות און אין מאָדערנע טערמינען, אַ בפירושער פּאָליטישער ציוניסט. ער האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן אַלע רמזים אויף משיחישקייט, וואָס יידן האָבן אים געוואָלט צושרייבן. דערציילט ער אין זיינע מעמוּאַרן: „און איך זאָג זיי אין יעדן אָרט וואוהין מיר קומען אָן . . . אַז איך בין נישט געקומען צו אייך נישט מיט אותות, נישט מיט מופתים און נישט מיטן דרך פון קבלה, נייערט איך בין אַ בעל־מלחמה פון מיין יוגנט אָן און עד עתה...״ (10). זיין גאַנצער פּלאַן, זיין צוגאַנג צו אָט דער זאַך און זיינע מעטאָדן זענען געווען אַליין פאַר זיך רעאַליסטיש, הגם נישט רעאַליזירבאַר אין די אומשטאַנדן פון יענער צייט, ווי עס זאָגט עדות זיין סוף כל סופדיקער דורכפאַל, וואָס האָט אים און שלמה מולכו געקאָסט דאָס לעבן. לויט זיינע רייד איז זיין ברודער יוסף געווען דער מלך פון אַ יידישן שבט, וואָס האָט געלעבט אין חבור (כאיבאר) אין אַראַביע. אפילו גרעץ, וואָס פאַר אים איז ראובני, פאַרשטייט זיך, בלויז אַן אַוואַנטוריסט, זעט פונדעסטוועגן איין, אַז ראובניס דערציילונג איז נישט סתם אַזוי אַן אויסגעטראַכטע מעשה. ס'איז זיכער, אַז אין מחמדס צייטן און נאָך שפּעטער האָבן אין אָט דער געגנט אומאָפּהענגיקע יידישע שבטים געלעבט. ס'איז מעגלעך, אַז אויך אין זעכצנטן יאָרהונדערט איז דאָרט געווען אַ יידישער ישוב, אַן אומאָפּהענגיקער פון דער אַרומיקער אַראַבישער באַפעלקערונג, הגם ראובני האָט זיכער פאַנטאַזירט מכח זיין ברודער דעם מלך און נאָך פון מלכות בית דוד דערצו (11). קען גריילעך געמאָלט זיין, אַז די הבטחה, וואָס ער האָט געגעבן דעם פּויפּס קלעמענטיוס דעם זיבעטן, דעם אימפּעראַטאָר קאַרל דעם פינפטן און דעם פּאָרטוגעזישן קיניג זשואַן דעם דריטן אַרויסצושטעלן אַ יידישע

אַרמעע פון דריי הונדערט טויזנט מאַן איז געווען אַ גוזמא. אָבער אַזוינע וואָס אויך היינט צו טאָג דערלויבן זיך דיפּלאָמאַטן ביי פאַרהאַנדלונגען. זיין אַרמעע האָט געדאַרפט צונויפגעשטעלט ווערן פון יידן פון פאַרשידענע אַזיאַטישע און אַפריקאַנישע לענדער און זיך לאָזן אויף ירושלים מיט דער הילף פון פויפּס און פון די קריסטלעכע מלכים. הן דער פויפּס, הן דער קיניג זשואַן האָבן זיך זייער ערנצט באַצויגן צו זיינע פאַרלייגן. דער פאַרטוגעזישער קיניג האָט געהאַט געגעבן זיין הסכמה צו שטעלן צו דער דיספּאָזיציע פון דוד הראובני לערערס פון קריגס־פירונג און שיפן געלאָדן מיט כלי־זין. משמעות, אַז זיין מיין איז געווען אַרויסצוטרייבן די טערקן פון ארץ־ישראל מיט יידישער הילף און שפּעטער אַהין לייכט פּטור צו ווערן פון די יידן גופא. דער קיניג האָט דערנאָך צוריקגענומען זיין וואָרט און זיך אָפּגעזאָגט פון זיין גאַנצן פּלאַן, ווי דוד הראובני מיינט — צוליב אינטריגעס פון זיינע פּערזענלעכע פיינט ביים הויף. די דאָזיקע דערקלערונג איז אַ היפּש ביסל נאַאיוו. עס איז נישטאָ קיין ספק, דער קיניג האָט זיך דערשראָקן, צום טייל אונטערן איינפלוס פון זיינע מקורבים, פאַר די קאָנסעקווענצן, וואָס די ווידער־אויפריכטונג פון אַ יידישער מלוכה וואָלט מיט זיך געבראַכט קודם־כל פאַר די יידן און מאַראַנען אין די אייראָפּעאישע לענדער, אָנגעהויבן פון פּאָרטוגאַל גופא. זאָגט זיך טאַקע אין דער באַשולדיקונג קעגן דוד הראובני, אַז ער רעדט איבער די מאַראַנען זיך צוריקצוקערן צום יידישן גלויבן און אַזוי מורד צו זיין קעגן זייער קיניג. די „פּערזענלעכע שונאים", ווי דאָן מיגעל, אויף וועלכן עס קלאָגט זיך דוד הראובני, איז מסתמא נישט שווער געווען צו איבערצייגן דעם קיניג, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות און אים צו באַווייזן, וואָס פאַר אַ סכנה פאַר דעם קריסטנטום וואָלט מיט זיך פאַרגעשטעלט צו יענע צייטן אַ יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל. איבעריקנס באַשטעטיקט אַ מיטצייטלער פון יענע געשעענישן, דער דייטשער אָריענטאַליסטווידמאַנשטאַדט, אַז קאַרל דער פינפטער האָט פאַראורטיילט שלמה מולכו צום טויט טאַקע דערפאַר, וואָס ער האָט מורא געהאַט, אַז די באַוועגונג, וואָס ער און ראובני האָבן אַרויסגערופן צווישן יידן, זאָל נישט הערפירן צו קיין יידישן „בונט" (12).

האָט זיך טאַקע פונעם גאַנצן פּלאַן גאָרנישט אויסגעלאָזט, אָבער פאַר אונדזער ענין איז וויכטיק, אַז אַ פּלאַן פון יידישער אויסלייזונג אויפן נאַטירלעכן וועג האָט נישט בלויז זיך געקענט באַווייזן, נאָר אַז ער האָט אומעטום באַגעגנט צווישן יידן און צווישן די אנוסים אַן ענטוזיאַסטישן אָפּרוף און אַקטיווע מיטהילף, מיטן אויסנאַם פון

איינציקע מוסרים און מלשינים, וואָס האָבן זיך תמיד געפונען צווישן ייִדן, הגם אַ סך ווייניקער ווי ביי אַנדערע פעלקער אין יענער צייט. אין זיין ספר הזכרונות ציטירט דוד הראובני באַר איין איינציקן פאַל פון אַ ייִדישן עושר, וואָס האָט דערקלערט, אַז ער וויל בילכער בלייבן אין איטאַליע איידער זיך אַריבערקלייבן קיין ארץ־ישראל. משולחים פון כלערליי לענדער, באַלאָדן מיט מתנות און געלט פאַר אים און פאַר זיין שליחות, זענען צו אים געקומען און געמונטערט און געשטאַרקט אין נאָמען פון זייערע קהילות. און גיט אַ קוק, אַז פון ערגעץ האָט זיך נישט געהערט די פאָדערונג צו דוד הראובני, ער זאָל באַווייזן אותות און מופתים, אַז ער איז דער משיח. און דער פאַקט, וואָס ער האָט דאָס בפירוש געלייקנט, האָט נישט געשטערט, ייִדן זאָלן אין אים זען זייער אויסלייזער.

לערך מיט דרייסיק יאָר שפּעטער שטייט אויף אַן אייראָפּעאישער ייִד, איינער פון די מאַראַנישע גראַנדן, יוסף נשיא, אָדער הערצאָג פון נאַק־סאָס, לויטן טיטל, וואָס ער האָט דערנאָך באַקומען פון טערקישן סולטאַן סעלים. און מאָדנע ווי די געשיכטע חזרט זיך איבער : אָנגעהויבן האָט יוסף נשיא, ווי מיט דריי יאָרהונדערט שפּעטער לעאָן פינסקער און טעאָ־דאָר הערצל, פון טעריטאָריאַליזם. זיין ווענדונג צום סענאַט פון ווענעציע אָפּצוגעבן פאַר ייִדישער באַזעצונג איינעם פון די אינדזלען פון דער רע־פּובליק, האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ קאַטעגאָרישן אָפּזאָג. מער הצלחה האָט ער געהאַט מיטן טערקישן סולטאַן וועלכער האָט מסכים געווען מיט זיין פּראָיעקט צו גרינדן אַ ייִדישע מלוכה אין טבריה און זיין אומגעגנט, און אַפילו צוגעזאָגט (און געהאַלטן וואָרט, דאָס מאָל חזרט זיך די געשיכטע נישט איבער) זיין פינאַנציעלע הילף. פינף יאָר צייט האָט געדויערט דאָס בויען פון טבריה און אירע מויערן. ייִדן פון פאַרשידענע לענדער האָבן זיך תיכף אָפּגערופן. אַ שיף מיט לערך פינף הונדערט ייִדן, וואָס איר ציל איז געווען טבריה, איז באַפאַלן געוואָרן פון ים־רויבער און די ייִדן זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. פון זייער זייט, האָבן די אַראַבער פון טבריה געשטערט מיט אַלע מיטלען די ייִדישע בוי־אַרבעט און מען האָט געמוזט אָנקומען צו אינטערווענצן ביים סולטאַן אַליין צו ברעכן דעם אַראַבישן ווידערשטאַנד. צוליב וועלכע קאָנקרעטע סיבות איז יוסף נשיאס אונטערנעמונג דורכגעפאַלן, איז זייער שווער צו זאָגן אויפן סמך פון די קאַרגע דאָקומענטן וואָס מיר באַזיצן. יעקב רעזניק, דער מחבר פון אַ גרינטלעכער מאָנאָגראַפיע וועגן דעם הערצאָג פון נאַקסאָס, פון וועלכער מיר האָבן ציטירט אַ רייע פאַקטן, רעכנט, אַז די הויפּט־סיבות

זענען געווען דער שלעכטער קלימאַט פון טבריה, דער ווידערשטאַנד פון די אַראַבער און די אינטריגעס ביים סולטאַן מצד די קריסטלעכע הערשערס, און צולעצט דער איינפלוס פון קבלה און מיסטיציזם אויף די יידישע מאַסן, וועלכע האָבן נישט געקענט גלויבן אין אים ווי אין אַן איבערנאַטירלעכן משיח (13). נאָר אויב בנוגע צו די איבעריקע סיבות בלייבט יעקב רעזניק אַ היסטאָריקער און איז זיך סומך אויף פאַקטן און דאָקומענטן, זאָגט ער אָבער אַרויס נישט מער ווי א סברה, ווען ער באַרופט זיך אויף דער יידישער מיסטיק, ווייל די פאַקטן רעדן קעגן אים. דערציילט ער דאָך אַליין, וואָס פאַר אַן ענטוזיאַזם יוסף נשיאס איניציאַטיווע האָט אַרויסגערופן ביי יידן און ווי גאַנצע קהילות האָבן זיך געגרייט אין וועג. פאַרקערט ווידער, ברענגט ער נישט קיין איין דאָקומענט, וואָס זאָל באַווייזן, אַז די דאָזיקע איניציאַטיווע זאָל האָבן אַרויסגערופן אַן אָפּאָזיציע אין פרומע קרייזן צוליב דעם, וואָס יוסף נשיא איז נישט דער משיח און וואָס ער אַליין האָט קיינמאָל נישט געמאַכט אַפילו קיין מינדסטן רמז אויף ניסים און וואונדער.

און צום סוף זאָל דאָ נאָר וועגן גאַנצקייט פונעם בילד דערמאָנט ווערן די שבתי צבי־באַוועגונג. הגם די דאָזיקע באַוועגונג איז לויט איר אָפּשטאַם און לויט איר באַשאַפער געווען אַ קבליסטיש־מיסטישע, איז אָבער דער פאַקט פון דער געוואַלטיקער אויפרודערונג, וואָס זי האָט אַרויסגערופן צווישן יידן איבער דער גאָרער וועלט אַ סימן פון דער גרייטקייט פון יידן צו פאַרלאָזן דעם גלות טאַקע ממש בכל עת ובכל שעה. מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן די רעאַלע מאָמענטן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַפילו אין דער דאָזיקער, אין תוך מיסטישער, באַוועגונג. לייענט אין די מעמואַרן פון גליקל פון האמעלן, ווי יידן אין האַמבורג האָבן ליקווידירט געשעפטן, ווי פון דער פּראָווינץ איז מען געצויגן קיין האַמבורג, רעכענענדיק, אַז פון דאָרטן וועט זיך אָנהויבן די ים-נסיעה און ווי אַזוי איר אייגענער שווער האָט צוגעגרייט פעסער מיט לייוונט און עסנוואַרג פאַר דער נסיעה, און איר וועט זיך איבערצייגן, אַז נישט געקוקט אויפן גלויבן אין שבתי צבי, ווי אין גאָט־געזאַלבטן, האָבן יידן כלל זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז די איבערוואַנדערונג זאָל פאָרקומען דורך ניסים, דורך אַ קפיצת הדרך, נייערט אויפן סאַמע געוויינלעכן נאַטירלעכן וועג און אַז מען וועט אַפילו באַדאַרפן געלט, נאַרונג און קליידונג (14).

מיר דוכט, אַז פון דעם סקיצירטן געשיכטלעכן איבערבליק, וואָס איז דאָ געגעבן געוואָרן, קען מען באַטראַכטן פאַר גענוג באַגרינדעט פאָלגנדיקע מסקנות.

אין אַלע דורות, סיי אין ארץ־ישראל און סיי אין גלות, האָבן זיך געפּו־

נען יידן, וואָס זענען גרייט געווען צו ברענגען קרבנות פאַר דער אויפריכטונג פונעם יידישן לאַנד און טאַקע אַליין דאָרט צו לעבן און זיך צו באַזעצן. דאָס הייסט נישט, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז געווען מוכן ומזומן צו פאַרלאָזן דעם גלות. אויף דעם האָבן מיר נישט קיין באַווייזן. אָבער מיר האָבן גענוג ראיות, אַז עס האָבן זיך תמיד געפונען צווישן יידן חלוצישע עלעמענטן, ווי מיר וואָלטן היינט זאָגן, וואָס זענען גייסטיק מסוגל געווען אויפצונעמען דעם גאולה־געדאַנק און אַליין אים צו רעאַליזירן. און עס קען קיין שום ספק נישט זיין, אַז די דאָזיקע עלעמענטן, ווען די אָביעקטיווע באַדינגונגען וואָלטן גינציק געווען, וואָלטן מיט דער צייט אַרייַנגעצויגן אין דער באַפרייאונג־באַוועגונג ברייטערע מאַסן.

די מניעות זענען געלעגן נישט אין יידישן פאָלק, אין זיין צוגעבונדנקייט צום גלות, אין זיין פאַסיווקייט, אין זיין כלומרשטן רעליגיעזן פאַטאַליזם און זיין אַרויסקוקן אויף משיחן און אויף צייכנס פון הימל. די שטרויכלונגען האָבן זיך געפונען אויסער אונדז און מיר זענען נישט בכח געווען זיי צו באַזייטיקן. די קריסטלעכע וועלט, דורכגעדרונגען מיט אַ טיפער, געשיכטלעך־פאַרוואָרצלטער שנאה צו יידן, וואָלט אין די צייטן, ווען די קירך האָט אומבאַגרענעצט געהערשט איבער די מוחות און די הערצער, בשום אופן נישט דערלאָזט, הן צוליב רעליגיעזע און הן מחמת פּאָליטישע מאָטיוון, די אויפריכטונג פון מלכות ישראל אין ארץ־ישראל. וואָלט דאָך אַזוי אַרום פריער ווי אַלץ דעזאַוואוירט געוואָרן קריסטוס׳ נבואה, וואָס ער האָט געזאָגט בעת זיינע תלמידים האָבן זיך צו אים גענענט און אָנגעוויזן אויף די בנינים פון בית־המקדש: „פאַר וואָר, איך זאָג אייך, עס וועט דאָ נישט בלייבן אַ שטיין אויף אַ שטיין, וואָס וועט נישט צעוואָרפן ווערן" (מתיא 24: 2). פאַרנעמט דאָך דער יידישער גלות און די יידישעליידן, ווי לעבעדיקע און שטענדיקע עדות אויף דעם אמת פון יעזוס קריסטוס׳ בשורה און זיין שליחות אויף דער וועלט, אַזאַ צענטראַלן אָרט אין דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע. עס איז דערום נישט קיין צופאַל, וואָס דער איינציקער רוימישער אימפעראַטאָר וועלכער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק אויפצושטעלן ירושלים און דעם בית־המקדש, איז געווען דער געצנדינער יוליאַן, דער, וואָס די קירך האָט אים פאַרשאָלטן און געשטעמפּלט מיטן שענדלעכסטן נאָמען וואָס זי האָט — דער אַפּאָסטאַט, דער אָפּטריניקער. און די אייראָפּעאיש־קריסטלעכע מדינות, וואָס זענען אויפגעקומען אויף די חורבות פון דער רוימישער אימפעריע זענען געווען נישט בעסער, אויב נישט נאָך ערגער. דאָס פייער פון שנאה צום „אייביקן אהאסווער" איז פון דער קירך אַלץ מער און שטאַרקער

אויפגעבלאָזן געוואָרן. קענט איר זיך פאָרשטעלן, אַז מען וואָלט אַרויסגעלאָזט יידן פון אייראָפּע, כדי זיי זאָלן זיך אויפבויען אַ מלוכה אין ארץ־ישראל, אַז מען האָט אַפילו דעם רשות פאַר אייניציקע יידן צו פאָרן אָן שום פּאָליטישע כוונות געדאַרפט אויסבעטלען אָדער באַצאָלן מיט שווערן געלט. אַ חוץ די ספּעציעלע רעליגיעזע און פּאָליטישע מאָטיוון, וואָס האָבן געשפּילט די הויפּט־ראָלע בעת עס האָט זיך געהאַנדלט מכוח ארץ־ישראל, האָבן די קריסטלעכע הערשער בכלל נישט דערלאָזט קיין יידישע אויסוואַנדערונג צוליב פינאַנציעלע טעמים. כל־זמן מען האָט געקענט שערן די יידישע שעפעלע, האָט מען זי געהאַלטן. עס־שט ווען דער קיסר אָדער דער קיניג, דער בישאָף אָדער שררה האָבן זיך באַקלערט, אַז עס לוינט זיי בעסער זי צו שינדן, האָט מען זי אַרויסגעלאָזט, ריכטיקער — אַרויסגעטריבן. אַזוי האָט דער קיניג אַלפאָנס דער פינפטער הארט באַשטראָפט אַ גרופּע יידן פון סיציליע, וואָס האָט זיך געקליבן אַריבערפאָרן קיין ארץ־ישראל אין 1455 יאָר. אַפילו די שיף־בעלי־הבתים פלעגן זיך אָפּזאָגן אָנצונעמען יידישע פּאַסאַזשירן פאָרן דאָזיקן לאַנד. עס האָט זיך אַפילו געפונען אַ פויפסט (מאַרטין דער פינפטער אין יאָר 1428) וואָס האָט פאַרווערט קריסטלעכע שיפערס אַרויפצונעמען אויפן שיף־באָרד יידישע פּאַסאַזשירן קיין ארץ־ישראל (15). און אויב שפּעטער האָבן זיך געפונען אַנדערע פויפסן, וואָס האָבן בטל געמאַכט דעם דאָזיקן באַפעל, ווייסן מיר נישט, ווי טייער דאָס האָט יידן געקאָסט. מיר ווייסן אָבער יאָ, אַז כמעט קיין איין פויפסלעכער בולל לטובת יידן איז אומזיסט נישט געגעבן געוואָרן. טאָקע דערפאַר האָט מען געדאַרפט אַזוינע בוללס אַזוי אָפט אָפּפרישן. אָבער ווידער אַמאָל דאָ רעדט זיך וועגן איינצלנע יידן און נישט פון קיין יידישע מאַסן־אויסוואַנדערונג מיט רעליגיעז־נאַציאָנאַלע פּערספּעקטיוון.

אין די צייטן פון דער אַראַבישער הערשאַפט איז צו די שוועריקייטן מצד די קריסטלעכע הערשערס צוגעקומען די אַנאַרכיע אין ארץ־ישראל, וואָס האָט געמאַכט פאַר אוממעגלעך צו פאַרהאַנדלען מיט אַ מער אָדער ווייניקער סטאַבילן פּאַרטנער אין לאַנד וועגן באַדינגונגען פון איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע. און אַז ארץ־ישראל איז אין זעכצנטן יאָרהונדערט אַריבער צו די טערקן, איז די לאַגע נישט לייכטער געוואָרן און דער פּאָליטיש־אַדמיניסטראַטיווער כאַאָס אין לאַנד איז נאָך מער געשטיגן. אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער איז נאָך צוגעקומען די מורא פון די טערקישע סולטאַנען פאַרן אַריינדרינגען פון אייראָפּעער אין זייער אימפּעריע, אַ מורא וואָס האָט געפירט צו אַ כמעט פולשטענדיקער איזאָלאַציע פון דער אָטאָ־

מאַנישער אימפּעריע פון דער אַרומיקער וועלט. ווי אַ רעזולטאַט פון דער דאָזיקער פּאָליטיק האָבן אויסלענדער אין ארץ־ישׂראל אַפילו ניט געקענט געניסן פון דער שוץ וואָס פרעמדע בירגער אין אַנדערע לענדער האָבן גע־פונען אין זייערע קאָנסולאַטן.

גינסטיקערע פּערספּעקטיוון פאַר יידישער איינוואַנדערונג און שאַנסן פאַר דער גרינדונג פון אַ באַטייטנדיקן יידישן ישוב אין ארץ־ישׂראל באַווייזן זיך ערשט אין די פערציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. דער איינ־פלוס פון די אייראָפּעאישע מלוכות אין טערקיי ווערט אַלץ מער אָנזעעוו־דיקער, פונקט ווי עס ווערט אַלץ שאַרפער און פאַרביסענער זייער קאַמף צווישן זיך פאַרן דאָזיקן איינפלוס. עס עפענען זיך אין ארץ־ישׂראל איי־ראָפּעאישע קאָנסולאַטן, צו וועמען אויסלענדישע יידן קענען זיך ווענדן, הגם ניט אַלעמאָל מיט אויסזיכטן אויף דערפאָלג. עס ווערן אויך זיכערער די קאָמוניקאַציע־באַדינגונגען צווישן איי־ראָפּע און ארץ־ישׂראל און עס שטייגט די זיכערקייט פאַרן לעבן און פאַרמעגן אין לאַנד גופא, הגם פון קיין אַב־סאָלוטער רואיקייט קען נאָך קיין רייד ניט זיין. אַזוי אַרום ווערן אָפּגע־שוואַכט צוויי וויכטיקע מניעות אויפן וועג פאַר יידישער איינוואַנדערונג. זעען מיר טאַקע, אַז בעת אין יאָר 1850 האָט דער ישוב געציילט בסך הכל צוועלף טויזנט נפשות, איז זייער צאָל אין יאָר 1882 געווען כמעט דריי מאָל גרעסער און דערגרייכט פינף און דרייסיק טויזנט (16).

ערשט אין דעם ניינצנטן יאָרהונדערט איז פון דער אַנדער זייט דער איינפלוס פון דער קירך אויף די מלוכות שטאַרק געזונקען. יידן האָבן טאַקע אויפגעהערט צו זיין הפקר אין אייניקע אייראָפּעאישע לענדער, אָבער אין דער זעלביקער צייט האָט זיך די שנאה צו זיי ניט געמינערט. די קיניגן און די הערשערס האָבן אין ניט געהאַט די מאַכט זיי צו שיצן קעגן דעם צאָרן פון המון, אין ניט געהאַט מער קיין גרונד דאָס צו צו טון, ווייל זיי האָבן זיך שוין געקענט גאַנץ גוט באַגיין אָן יידישע מלווים און חלפנים, ווערעם אינצווישן האָבן גויים אַליין זיך אויסגעלערנט די מלאכה. במילא איז ניט געווען מער קיין מאָטיוו פאַר די הערשערס דווקא צו האַלטן יידן אין לאַנד ווי שעפסן אויף צו שערן. אין דער אייגענער צייט איז דאָס אַריינדרינגען פון די אייראָפּעער אין טערקיי און זייער איינפלוס שטענדיק געוואַקסן, בעת די אָטאָמאַנישע אימפּעריע האָט געהאַלטן אין איין זינקען. ערשט דאַמאָלט זענען געשאַפן געוואָרן אָביעקטיווע באַדינגונגען, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט יידישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישׂראל און געעפנט גע־ווייסע פּערספּעקטיוון פאַר אַ נייעם קיבוץ גליות. האָבן זיך טאַקע דעמאָלט

באַוויזן די ערשטע שפּראָצונגען פונעם ציוניזם. „דרישת ציון" פון ר' צבי הירש קאַלישער דערזעט די וועלט אין יאָר 1862 און אין אייגענעם יאָר „רוים און ירושלים" פון משה העס. און אויפגעשטאַנען איז עפּעס שפּעטער דער גרעסטער יידישער וויזיאָנער אין אונדזער גלות־געשיכטע, טעאָדאָר הערצל. האָט ער נישט געוווּסט, ווי דוד אל ראי און דוד הראובני, ביז די קאַטאַסטראָפע זאָל אויסברעכן (די „דרייפוס־אַפערע" איז דאָך געווען נישט מער ווי אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט פריערדיקע און שפּעטערדיקע יידישע הרבנות), האָט ער זי אין פאָראויס געזען אָנקומען. אַקוראַט אַזוי האָט ער פאָראויסגעשפּירט די אומפאַרמיידלעכע גסיסה פונעם „קראַנקען מאַן", דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע, און נבואה געזאָגט, אַז ארץ־ישראל וועט אַריינגעצויגן ווערן אין אינטערנאַציאָנאַלן קאַמפּס־געווירבל. איז ער געקומען און אָפּגעפרישט דעם אַלטן ציון־חלום, אין אים אַריינגעהויכט אַ נייעם אָטעם, אויסגעפורעמט נייע כלים און מכשירים פאַר דער יידישער גאולה און באַשאַפן דעם אָרגאַניזירטן פּאָליטישן ציוניזם. און וואָס פאַר אַן אָפּרוף האָט ער געטראָפן אין פאָלק, דאָס דאַרף איך אייך נישט דערציילן, וואָרעם זיין בילד און זיין וואָרט זענען נישט נאָר איינגעקריצט אין אונדזער זכרון, נאָר אויך אין אונדזער אַלעמענס הערצער. האָבן מיר דאָ נאָכאַמאָל געקענט זען, אַז זינט יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות זענען זיי באַרייט און גרייט געווען צו הערן און צו געהאָרכן די בשורה פון גאולה.



פון דעם געזאָגטן איז בכל־אופן איין זאַך קלאָר : אַז די אָנגענומענע מיינונג, אַז די משיח־אידעע האָט ווען עס איז געשטערט יידן צו שטרעבן צו ארץ־ישראל אַקטיוו און רעאַל, איז בכל־אופן נישט באַגרינדעט. דער משיח־געדאַנק אין זיין פרימיטיווער פאָרם איז אויפגעקומען פאַרן גלות. אוניווערסאַלע און אפילו קאָסמישע מאָטיוון זענען אין אים געווען צוזאַמענגעפלאָכטן. דאָס איז געווען די נביאישע וויזיע פון גייסטיקער שלימות פון מענטשן, פון אַבסאָלוטן צדק אין די צווישן־מענטשלעכע און צווישן־פעלקערישע באַציאונגען, פונעם סוף פון זינד און ליידן פון מענטשן און פון אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן. די משיחישע וויזיעס זענען אויפגעקומען, ווי געזאָגט, פאַר אונדזער היינטיקן גלות און וועלן אים איבערלעבן. מסתמא איז אונדז שוין באַשערט אייביק אַרויסצוקוקן אויפן אויסלייזער אין דער צוקונפט און אים נישט זוכן אין דער פאַרגאַנגענהייט, ווי עס טוען אַנדערע פעלקער. ווי מיר האָבן געוואַרט אויף משיחס קומען, וועלן מיר

אויף אים אויך ווייטער וואַרטן וויפיל ער זאָל זיך נישט פאַרזוימען. אָבער מיט קיין פאַרלייגטע הענט וועלן מיר נישט זיצן, פונקט ווי אונדזערע עלטערן זענען אַזוי נישט געזעסן. אין צייטן פון צרות און פורעניות האָבן די נאַציאָנאַלע מאָטיוון פון דער משיח־אידעע תמיד זיך געשטאַרקט אויפן חשבון פון די אוניווערסאַלע (17). אָבער נישט בלויז זיך געשטאַרקט, נאָר אויך דאָס פאָלק געשטאַרקט און געמוטיקט. גראָד די צייטן פון פולן פאַרנאַנדערבלי פון משיחיזם ביי ייִדן, צוויי הונדערט יאָר פאַרן חורבן שני און אין משך פון אַ לערך גלייכן פעריאָד נאָכן חורבן, זענען גלייכצייטיק געווען די צייטן פון גרעסטן ייִדישן קאַמף פאַר אייגענער מלוכהשאַפט. פאַלט אויס די מלחמה פון די חשמונאָים אין ערשטן און דער בר כוכבא־אויפשטאַנד — אין דעם צווייטן פעריאָד. דאָס מיסטיש־גייסטיקע און דאָס רעאַל־ערדישע, וואָס זענען ביידע געווען דורכגעוועבט אין דער משיח־אידעע, האָבן איינער דעם צווייטן דעמאָלט, און אויך שפּעטער, קיינמאָל נישט געשטערט. זענען זיי דאָך ביידע מיט דער צייט אַפילו סימבאָליזירט געוואָרן אין צוויי באַזונדערע פיגורן: משיח בן יוסף, דעם וועלכן, וואָס וועט מאַכן דורך ערדישע אַקטן, דורך מלחמה, אַ וואָרע פאַרן אמתן משיח; משיח בן דוד, דעם לעצטן און פולן, דעם גייסטיקן דערלייזער (18).

אַ בולטע אילוסטראַציע צום סימביאָז פון ערדישער גאולה און הימלישער שלימות געפינען מיר ביים רמב״ם. ער, וואָס האָט אַריינגענומען דעם גלויבן אין ביאת המשיח צווישן די דרייצן עיקרים פון אונדזער אמונה, האָט גלייכצייטיק אין זיין משנה תורה אַרויסגעבראַכט וועגן משיחן אַזוינע פּראָזאַאישע געדאַנקען וואָס „לאָגיש־דענקענדיקע״ מענטשן קענען זיי זיך אויסדוכטן ווי אַ פולער היפּוך צו זיין אני מאמין. קלינגט דען נישט ווי אַ הייַנטיקער ציוניסטישער קרעדאָ דאָס וואָס דער רמב״ם זאָגט דאָרט, אַז עס דאַרף נישט אויפקומען אויפן געדאַנק, אַז משיח מוז אויפטון אותות ומופתים, עפּעס מחדש זיין אינעם סדר העולם, מחיה מתים זיין וכדומה. האָבן דען, זאָגט ער, אונדזערע חכמים, געפאָדערט צייכנס און ניסים ביי בר כוכבאן? ר׳ עקיבא האָט אים פונדעסטוועגן דערקלערט פאַרן מלך המשיח און מען האָט געגלויבט אין אים ביז ער איז געפאַלן. (אַגב דאַרף מען ביי דער גע[illegible] דערמאָנען, אַז ר׳ עקיבאַן האָט בכלל נישט געשטערט דאָס וואָס בר כוכבא איז נישט אַרויסגעקומען פון בית דוד, הגם לויט דער מסורה האָט משיח געדאַרפט אָפּשטאַמען פון דוד המלך). און אויך אויף להבא איז פאַראַן נאָר איין סימן אויף משיחן: וועט ער מנצח זיין די אַרומיקע פעלקער, וועט ער אויפבויען דעם בית־המקדש אויף זיין אָרט און

צונויפנעמען די נדחי ישראל, וועט ער זיין משיח. וועט ער נישט מצליח זיין, איז עס אַ סימן, אַז ער איז נישט דער, וואָס איז אונדז צוגעזאָגט געוואָרן (משנה תורה, הלכות מלכים, פרק י״א: ג׳, ד׳). דער רמב״ם שטעלט, אמת, נאָך אַ תנאי צו דערקענען משיחן: ער דאַרף לערנען תורה און עוסק זיין אין מצוות. הגם דער דאָזיקער תנאי איז בלי ספק פון קאַרדינאַלער וויכטיקייט אפילו פאַר אונדזערע צייטן, און זאָל זיין — אין אַ געענדערטער פאָרם (דערמאָנט זיך אין אחד העמס וואָרט, אַז די ישועה וועט קומען נישט דורך דיפּלאָמאַטן נאָר דורך נביאים), אָבער צו אונדזער הייניקן ענין האָט ער קיין שייכות נישט. דעם אייגענעם געדאַנק, נאָר אַנטוויקלט אין אַן אַנדער ריכטונג, אַ נאָך נענטערן צו אונדזער טעמע, געפינט זיך אין מדרש תנחומא, וואו עס ווערט געמאַכט אַ חילוק צווישן דער ענדגילטיקער אויסלייזונג, פאַרבונדן מיטן אויפבוי פון ירושלים און צווישן דעם קיבוץ גליות אין ארץ־ישראל. זאָגט דער מדרש, אַז פריער דאַרפן יידן פון אַלע לענדער זיך פאַרזאַמלען אין הייליקן לאַנד און ערשט דערנאָך וועט ירושלים אויפגעבויט ווערן*), און אין אונדזערע נייע צייטן האָט ר׳ צבי הירש קאַלישער אין אַן אַנדער פאָרם אויסגעדריקט די זעלבע אידעע. משיח וועט ערשט דעמאָלט קומען און די אותות ומופתים וועלן זיך ערשט באַווייזן, ווען יידן וועלן האָבן פול מקיים געווען די מצווה פון ישוב ארץ־ישראל און באַזעצט דאָס לאַנד, דורך זייערע אייגענע כוחות און מיטלען, דורך זייערע אייגענע אָנשטרענגונגען און קרבנות.

און אַז דאָס זענען נישט קיין פּוסט־נאַקעטע געדאַנקען, ביי׳ערט אַז יידן האָבן געהאַנדלט און זיך געפירט אין פולן הסכם דערמיט, האָבן מיר שוין געזען. און אויב יידן האָבן געגלויבט אין ירושלים של מעלה, איז עס נישט דערפאַר ווייל זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון ירושלים של מטה. נאָר וויבאַלד דאָס פאָלק האָט די לעצטע נישט געקענט דערלאַנגען אין אַ וועלט פון רשעות און שנאה, האָט ער געזוכט שוץ און טרייסט אין דעם הימלישן ירושלים. און אַ געזונטער נאַציאָנאַלער חוש האָט דאָ געפונען נישט נאָר אַ פּאָעטישן און מיסטישן אויסדרוק, ביי׳ערט אויך אַ רעאַלן און נאַציאָנאַלן לבוש. ווער ווייסט, צי וואָלטן מיר איצט שוין געשטאַנען אין סאַמען מיטן

---

*) אמר רבי שמואל בר נחמני: מסורת אגדה היא שאין ירושלים נבנית עד שיתכנסו כל הגליות, ואם יאמר לך אדם שנתכנסו כל הגליות ואין ירושלים נבנית אל תאמין, שנאמר „בונה ירושלים ד׳” בזמן ש„נדחי ישראל יכנס”. (מדרש תנחומא, פ׳ נח).

פון ירושלים פון אונטן, ווען דורות און דורות וואלטן נישט אפגעהיט די וויזיע פון דעם ירושלים פון אויבן. אחד העם האט משמעות נישט געקענט איינגאנצן פארטרייבן דעם משכילישן דיבוק, וואס איז אין אים אריין, הגם אין א סך פאלן האט ער זיך מיט אים ביטער געראנגלט און איז אים בייגעקומען, בעת ער האט געשריבן זיין בארימטע פראזע וועגן די יידן, וואס זענען מתפלל ביים כותל־המערבי ווי וועגן עדות אויפן חורבן פון פאלק (19). וואלטן דורות יידן נישט אויסגעגאסן זייער הארץ פארן כותל־המערבי, ווער ווייסט, צי וואלטן מיר זוכה געווען צו דערלעבן דגניה, נהלל, תל־חי, גבעת חיים און אלע אנדערע טייערע ערטער וואו יידישע קדושה און יידישע גבורה האבן זיך צוזאמען געטראפן. ווען נישט די מאיר בעל הנס־פושקע, ווער ווייסט, צי וואלט די בלוי־ווייסע פושקע זיך דערהויבן אין אונדזערע טעג כמעט צו א סימבאל פון א יידיש הויז.

איך פארשטיי די באדערפעניש פון מענטשן, וואס ווארפן ארויף אויף זיך אזא שווערע לאסט, אזא גיגאנטישן ציל, ווי אויפצוריכטן מיט פרידלעכע מיטלען א וויסט און אקופירט לאנד און זי מאכן פאר א היים פאר א פאלק פון נע ונדניקעס, צו האבן דאס געפיל, אז זיי שאפן מעשה בראשית. דאס איז דער פסיכאלאגישער טעם, פארוואס אין ערשטן רעוואלוציאנערן ציוניסטישן אויפברויז האט זיך געקענט דוכטן, אז מען הערט פון צייט צו צייט אין ציוניסטישן לאגער נאטעס, וואס דערמאנען די יידישע היסטאריקערס פון וועלכע עס האט זיך גערעדט אין אנהויב פון דעם עסיי. הגם צוליב קעגנזאצלעכע מאטיוון, נישט חלילה, כדי צו שיטן דעם לעצטן שופלע ערד אויפן קבר פון יידישן פאלק, נאר אדרבה, כדי אים צו וועקן דורכן רעוואלוציאנערן ווארט צו א ניי און פריי לעבן, האבן אויך געוויסע ציוניסטן פארשאלטן די פאסיווקייט פון גלות, די מיסטיק פון דער משיח־האפענונג, וואס האט כלומרשט אויפגעהאלטן די גאולה. אבער ווי טייער עס זאל אונדז נישט זיין דער היינטיקער, דער נאענטער יידישער רעוואלוציאנער, דער חלוץ אין זיין גאנצער מענטשלעכער ליכטיקייט, פראכט און נשמהדיקער דערהויבנקייט, און ווי געבענטשט אונדזער תקופה זאל נישט זיין מיט נייער קדושה, זענען אבער הונדערט, הגם ווייטע, דורות יידן אונדז נישט ווייניקער ליב און טייער. ווייל זיי זענען הונדערט און ווייל דורך זיי און צוליב זיי איז אונדזער ירושה אזוי גרויס און געהויבן, פול מיט מסירת נפש און קידוש השם. און נאך עפעס. אויב מיר קענען היינט קומען צו דער וועלט מיט גערעכטע מאראלישע טענות און מיטן ערלעכן באוואוסטזיין, אז מיר האבן א רעכט אויף ארץ־ישראל, וואס איבערשטייגט אלע אנדערע, אז זי איז אונדזערס, איז דאס נישט בלויז דערפאר ווייל יידן

**האָבן דאָרט אַמאָל געלעבט ווי אַ סוּאַווערען פאָלק, נייערט אויך דערפאַר ווייל אין אַלע דורות און צייטן האָבן זיי זייער טיפן צובונד צו איר אויס־געדרוקט סיי אין האַרציקע תפילות און סיי אין עקשנותדיקע טאַטן. ווייל דער ציוניזם איז נישט קיין נייע אויסגעטראַכטע אידעע, אַקאָרשט פון נאָדל אַרויס, נאָר דווקא צוליב דעם, וואָס עס איז אַן אַלטע איינגעפונדעוועטע טראַדיציע, אַ המשך פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע, איז ער אונדז טייער און פאַר דער וועלט פאַרשטענדלעך. ציוניזם ווי אַ בראשית, וואָלט אונדז פאַרפירט אין אוגאַנדע, אין אַלע וויסטענישן און מדבריות, וואו די וועלט האָט אַן עק, אָבער אין ערגעץ נישט דערפירט. ציוניזם ווי אַ המשך, האָט אונדז געבראַכט ביז און איבער די טויערן פון אונדזער לאַנד.**

---


רעפערענצן:

(1) ציטירט לויט י. צינבערג, באַנד 8א, ז״ז 33-35.

(2) שמעון ברנפלד, תולדות הריפורמציון הדתית בישראל. ורשה תרפ״ג, ע׳ 197.

(3) Graetz, Geschichte der Juden. Zehnter Band. Lelpzig 1868, SS. 213-54.

(a3) שבחי הבעש״ט. ציטירט לויט דער אויסגאַבע אונטער דער רעדאַק־ציע פון ש. א. האָראָדעצקי, ברלין תרפ״ב, ע׳ פ.

(4) יוסף ברסלבסקי, מלחמה והתגוננות של יהודי ארץ־ישראל. הוצאת הקיבוץ המאוחד, תש״ג, ע״ע 54, 50-52, 23, 21-22, 14, 11-12.

(5) הגם געוויסע געלערנטע צווייפלען, צי איז דעם קיסר יוליאַנס בריוו עכט, איז אָבער נישטאָ קיין שום גרונד דערצו. זע:
Jean Juster. Les Juifs dans l'Empire Romain. Tome premier. Paris 1914, pp. 159-60.

(a5) זע די דאָקומענטן־זאַמלונג:
Jacob R. Marcus, The Jew in the Medieval World. Cincinati 1938, p. 9.

(6) זע אַרטיקל פּאַלעסטינע אין:
The Encyclopaedia Britannica, eleventh edition, Volume XX.

(7) Simon Dubnow. Weltgeschichte des Juedischen Volkes, Band VI, SS. 50-52, B. VII, S. 500.

(8) Dubnow, op. cit. Band V, S. 491, B. VI, S. 27.

(9) ציטירט לויט דער דאָקומענטן־זאַמלונג פון י. ליפשיץ: דורות דער־ציילן. ניו־יאָרק תש״ד, ז״ז 48-45.

(10) דער ספר הזכרונות פון דוד הראובני, יידיש א. י. גאָלדשמידט. ווילנע 1927, ז״ז 107, 106. פאַר ווייטערדיקע רעפערענצן זע ז״ז 132, 84, 65.

(11) Graetz, op. cit. Neunter Band. Leipzig 1877, SS. 245, 262.

(12) Ibid. Note 4, S. 548.

(13) Jacob Reznik. Le Duc Joseph de Naxos. Paris 1936, pp. 78-9, 135-6, 139-40.

(14) Denkwuerdigkeiten der Gluekel von Hammeln. Juedischer Verlag, Berlin 1923, S. 62.

(15) וועגן פאַרוועך און שוועריקייטן פון יידישער אויסוואַנדערונג בכלל, קיין ארץ־ישראל בפרט, אין משך פון מיטלעלטער, זע:
Dubnow, Band V, SS. 65-66, 172, 349, 437-8, 489-90.

(16) A. S. Rapoport. Histoire de la Palestine. Payot, Paris 1932, pp. 218-19, 224-5.

(17) יוסף קלוזנר, הרעיון המשיחי בישראל, הוצאה שניה, ירושלים תרפ״ז, ע״ע 249, 9.

(18) זע דאָס וואָרט משיח ביי
Prof. Jacob Levy, Neuhebraeisches und Chaldaeisches Wœrterbuch. Band III, Leipzig 1883.

פאַרגלייך אויך קלוזנר, דאָס ציטירטע ווערק, ז״ז 21-320.

(19) אחד העם, אמת מארץ־ישראל, על פרשת דרכים, חלק ראשון, ברלין 1921, ע׳ מ״ג.

# דער אָפּטימיזם פון די „גלות-פאַרניינער"

עס איז זעלטן צו טרעפן ביי אונדז אַזאַ אויסגעדראָשענע טעמע ווי די „פאַרניינונג פון גלות", ממש אַ טעמע, וואָס „האָט שוין אַ באָרד". אַן אַרטיקל מער וועגן אָט דעם ענין וועט זיכער דאָס פּראָבלעם נישט פאַרענטפערן. דאָס איז אויך נישט מיין כוונה. וואָס איך וואָלט אָבער יאָ געוואָלט, אויב דאָס וועט מיר געלינגען, דאָס איז קלאָרער צו מאַכן די פראַגע־שטעלונג גופא. און אָנהויבן מוז מען, לויט אַן אַלטן יידישן מעטאָד, פון פירוש המילות. וואָס איז דער טייטש פון „פאַרניינען דעם גלות"?

הגם דער טערמין גופא איז אויפגעקומען ערשט אין די לעצטע פופציק יאָר, צוזאַמען מיטן ציוניזם אין זיין בייער געשטאַלט, איז אָבער זיין אינהאַלט יידן געווען באַוואוסט מקדמונים, טאַקע זינט דער גלות האָט זיך אָנגעהויבן. און נאָר די, וואָס יידישע געשיכטע דעקט זיך ביי זיי מיט זייערע פערזענלעכע זכרונות, קענען מיינען, אַז ציוניסטן האָבן דאָ אויסגעטראַכט אָדער אַנטפּלעקט אַ נייע טעאָריע. דער אמת אָבער, וואָס איז ידוע איטלעכן, וועלכער האָט אַפילו נאָר אַן אויבנאויפיקע קענטעניש פון יידישער היסטאָריע, איז אַז יידן האָבן ביזן סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט, דאָס הייסט ביז צו דער השכלה־ און עמאַנציפּאַציע־עפּאָכע, כסדר און עקשנותדיק געזאָגט ניין צום גלות, אים נישט אָנערקענט ווי אַ נאָרמאַלן צושטאַנד און אויף קיין איין רגע זיך נישט אָפּגעזאָגט פון דער האָפענונג פון אויסלייזונג. און נאָך עפּעס: זיי האָבן נישט דורכגעלאָזט, ווי מיר האָבן געזען אויבן, קיין איין איינציקע געלעגנהייט, כדי צו פּרוּוון צו מאַכן אַ רעאַליטעט פון דער משיחישער האָפענונג.

יידן האָבן קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז מען זאָל קענען אַ סוף מאַכן צום גלות־צושטאַנד אין די לענדער פון זייער צעשפּרייטונג און זיי פאַרוואַנדלען אין אַ היים, דאָס הייסט ווערן גלייכבאַרעכטיקטע שותפים און בעלי־בתים מיט די אַרומיקע פעלקער. זיי האָבן עס איבעריקנס נישט געוואָלט, ווייל דאָס אויסמישן זיך מיט די אַנדערע אומות וואָלט באַטייט דעם סוף פון יידישקייט און פון דער יידישער אומה. דער חשק צו אויסמישונג און די אילוזיע, אַז זי קען דערגרייכט ווערן, זענען אויפגעקומען ערשט אין דעם עמאַנציפּאַציע־פּעריאָד און פאַרכאַפּט געוואָרן פון זיי

איז צום גליק נאָר אַ קלייגער דינער שיכט פון פאָלק, דער אויבערשטער שיכט אין מערב.

ווער עס פאַרלייקנט נישט דעם גלות אינעם דאָזיקן טראַדיציאָנעלן זינען, דאָס הייסט ווער עס גלויבט אין דער מעגלעכקייט דאָרט צו בויען פאַר יידן נישט קיין געצעלט, נאָר אַ שטענדיקע היים, דער פאַרלייקנט במילא ציון ווי די גרויסע גאולה־האָפענונג פון אונדזער פאָלק. ווער עס זאָגט אַזאַ יאָ צום גלות, דער זאָגט ניין צו ציון ווי צום איינציקן און איינציק אמתן יידישן פאָטערלאַנד. אָבער דער זאָגט גלייכצייטיק אויך אַ גיין צום גלות, צו זיין גייסט, כּדי מען זאָל אָננעמען אַ קורצן פּעריאָד פון יידישן לעבן, נישט קיין פולע צוויי הונדערט יאָר, פאַר דער גאַנצער גלות־געשיכטע, און אַ הייפל יידן — פאַרן גאַנצן פאָלק.

אָבער דאָס פאַרניינען דעם גלות ווי אַ היים, האָט פאַר יידן קיינמאָל נישט געמיינט אָפּזאָגן זיך פון קיום פון יידישקייט כּל־זמן יידן זיצן אין גלות. אין די אַרומיקע פעלקער האָבן יידן טאַקע נישט געגלויבט, אָבער די אמונה אין זיך, אין זייער גייסטיקער גבורה און אינעם אמת פון זייער לעבנס־באַנעם, אין דער דערהויבנקייט פון זייער לעבנס־אופן האָט זיי קיינמאָל נישט פאַרלאָזן.

אַט זעט איר, דאָס פאַרניינען דעם גלות אינעם דאָזיקן זינען, דאָס מיאש זיין זיך פון יידישקייט און יידיש שאַפן אין גלות, דאָס איז שוין טאַקע אַ נייע, אַ שפּאָגל־נייע דערפינדונג פון אונדזערע לעצטע דורות. און די קוואַלן פון דער דאָזיקער נייער תורה וועט איר אומזיסט זוכן אינעם טראַדיציאָנעלן יידישן קוק אויפן גלות. נאָר אין דער אַסימילאַציע־אידעאָלאָגיע קענט איר זיי געפינען. וואָלט עס געווען פאַלש און אַן עוולה דערצו ווען מען זאָל דעם ציוניזם אַלס אידעע אָדער באַוועגונג אידענטיפיצירן מיט אָט דער יאוש־שטימונג. עס איז אָבער נישטאָ קיין ספק, אַז געוויסע ציוניסטישע קרייזן און אידעאָלאָגן זינדיקן יאָ, מער אָדער ווייניקער, אינעם דאָזיקן פּרט. נעמט מען דאָס אָן נאָר ווי אַ שטימונג, ווי אַ פּסיכאָלאָגישע רעאַקציע קעגן דער אידעע פון גלות־שטאַנדהאַפטיקייט און אייביקייט, זעט מען אין אים אַ גייסטיקן סימבאָל פאַר דער גרויסער באַפרייאונגס־טאַט, דעמאָלט איז עס באַרעכטיקט און אַפּט אַפילו פּרוכטבאַר. מיט דואַליזם, האָט געזאָגט מיינער אַן אַלטער גוטער פריינד פון א״י־שראל, קען מען קיין לאַנד נישט בויען. איבער־ריקנס אַלע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען גלויבן אין זייער התחלה־סטאַדיע, אַז מען קען פּראָסט און פּשוט אויסשטרייכן דעם עבר, אויסמעקן דעם היינט און דערמיט זיי ביידע מיט אַמאָל פּטרן.

ווייל מען אָבער די דאָזיקע שטימונג פאַרוואַנדלען אין אַ טעאָריע, אין אַ סיסטעם, און דער עיקר אין אַ ריכט־שנור פאַר אונדזער לעבנס־גאַנג אין די גלות־לענדער, קען דאָס אונדז ברענגען נאָר אומגליק און אַ גייסטיקן בראָך. איך האָב אָקאָרשט געזאָגט, אַז די דאָזיקע שטימונג איז ווי אַ שטימונג באַרעכטיקט. מוז איך אָבער מאַכן אַ באַגרענעצונג צו דעם דאָזיקן געדאַנק. רעכט אויף אַזאַ געפיל האָבן די און נאָר די, וואָס פאַר זיי דינט עס ווי אַ סטימול אויף גרויסע מעשים און קרבנות, טאַקע דאָרט וואו עס ווערט געבויט די שטענדיקע היים פאַר אונדזער פאָלק. עס האָבן אָבער קיין שום מאָראַלישע רעכט נישט אויף אַזאַ שטימונג די, וואָס אַליין „שמעקן זיי נישט קיין פולווער” און האָבן מורא אפילו באַגנט צוצוקומען. פאַר זיי איז די ביטול־באַציאונג צום גלות גאָר אַפּט נישט מער ווי אַ באַרעכטיקונג אויף פּטור צו ווערן פונעם שווערן יידישן יאָך, וואָס יידן האָבן תמיד געטראָגן מיט אַזוי פיל געדולד און מיט גלייכצייטיקער האָפענונג אויף אויסלייזונג.

און עס איז אינטערעסאַנט צו זען ווי סתירותדיקע אידעען לעבן זיך איין צוזאַמען, ווען פּסיכאָלאָגיש און פּראַקטיש לוינט זיך עס פאַרן מענטשן. ווארעם עס מוז דאָך זיין קלאָר, אַז גראָד די, וואָס פאַרניינען דעם גלות אינעם איבעוויניקסטן יידישן זינען, האָבן גלייכצייטיק גרויס אמונה אינעם גלות. דערלאָזט מען דעם געדאַנק, אַז יידן אין גלות מ ו ז ן א ו ן ו ו ע ל ן זיך אַסימילירן, גלויבט מען במילא, אַז אַסימילאַציע איז מעגלעך אָדער גאָר אומפאַרמיידלעך. להיפּוך צום אַמאָליקן יידן האָט מען פאַרטרויען אינעם יושר פון די פעלקער, אין זייער ליבשאַפט און ברודערשאַפטס־געפיל צו אַלע מענטשן און ראַסן, אָבער מען האָט נישט קיין פּיצל אמונה אין יידן גופא אין זייער גייסטיקער עקשנות און ווידערשטאַנדס־כוחות. אָט אַזוי אַרום שטעלט זיך אַרויס, אַז גראָד די פאַרביטערסטע ציוניסטישע גלות־פּעסימיסטן זענען אין דער אייגענער צייט די גרעסטע און, זאָלן זיי מיר מוחל זיין, די נאַאיווסטע אָפּטימיסטן. דער חילוק צווישן זייער הייַנטיקן אָפּטימיזם און דעם אַלטן יידישן בטחון באַשטייט נאָר דערין, וואָס זייער אָנווענדונגס־אָביעקט איז פאַרשידן.

זאָלט איר אָבער נישט מיינען, אַז מיר גייט אַזוי אין לעבן אויפ־צודעקן די לאָגישע סתירות און פילאָלאָגישע פעלערן פון אונדזערע גלות־פאַרניינער. נישט וועגן לאָגיק און פילאָלאָגיע, נאָר וועגן יידיש לעבן און יידיש גייסטיקן שאַפן האַנדלט זיך דאָ. כל־זמן דאָס האָרץ פון ציוניזם אין גלות האָט זיך געפונען דאָרט וואו דאָס וואַרעמע

יידישע הארץ האט געקלאפט, אין מזרח־אייראפע, זענען די אנטי־גלות־רעלאציעס פון געווייסע ציוניסטן נישט געווען געפערלעך און בדרך כלל נישט מער ווי אראטארישע און פראפאגאנדיסטישע מאניערן. ציוניסטן האבן דארט על־פי רוב געפירט א יידיש לעבן, גערעדט יידיש און דער ציוניסטישער כלל, דער ארגאניזירטער ציוניזם, איז אדרבה געווען דער סאמע אקטיווער בויער פון יידישער קולטור און מער ווי אלע יא־זאגער צום גלות געהאלפן ווייטער שפינען אונדזער היסטארישן פאדעם. זענען געקומען רשעים און פארטיליקט דעם געזונטסטן און לעבעדיקסטן טייל פון אונדזער פאלק און דערמיט איבערגעריסן די ליניע פון אונדזער געשיכטלעכער אנטוויקלונג. די סכנה, אז צוזאמען דערמיט, וואס אונדזער באפעלקערונגס־צענטער האט זיך אריבער־געטראגן אויפן אמעריקאנער קאנטינענט, זאל דער סאמע גייסט פון ציוניזם געענדערט ווערן, איז גאר גרויס. און דאס וואלט געווען אן אומגליק נישט נאר פאר אונדזער גלות־לעבן נאר אויך פאר דער ציוניסטישער טאט. גענוג צו דערמאנען, אז מיר קענען אין א גאר נאענטער צוקונפט, ווען עס וועלן, ווי מיר האפן, אויב נישט אינ־גאנצן, איז לכל הפחות צום טייל באזייטיקט ווערן די אויסערלעכע שטערונגען פארן אויפבוי פון אונדזער לאנד, שטיין פאר דעם זייער ערנצטן און שווערן פראבלעם פון מענטשן־דחקות, פארן פראב־לעם פון חלוצים־קאדערן. ווארעם ביז איצטער האבן מיר געזען, אז דער חלוצישער ציוניזם, און מיר וועלן לאנג אן אים נאך נישט קענען אויסקומען, האט געשפראצט און געבליט כמעט נאר דארט וואו עס האט נישט אויפגעהערט צו לעבן א גאנצע און פולע יידישקייט. דער לייכטער ציוניזם, דער ציוניזם פון נאקעטן געדאנק, אן פערזענלעכע מעשים און קרבנות, קען צ יי ט וו יי ל י ק זיך פארן מיט פאק־טישער אסימילאציע, קען זיך באגיין אן יידיש און אן העברעאיש און יוצא זיין מיט שבחים פאר דער „ביבל־שפראך". בין איך נישט קיין חסיד פון אבסאלוטן, פון „גאר אדער גארנישט". איך באגרייף וואויל, אז אפילו א „פושקע־ציוניסט" איז טויזנט מאל בילכער ווי אן אסי־מילירטער נישט־ציוניסט און א פשיטא שוין אנטי־ציוניסט. פון א צדקה־ציוניזם עפענען זיך וועגן צו יידישקייט און צום אקטיוון ציוניזם. דער וועג פון אסימילאטארישן אנטי־ציוניזם פירט פריער צי שפעטער צו שמד. מיר טארן אבער נישט פארמאכן די אויגן, אז אויך די ציוניס־טישע גלות־פארניינונג, די וואס זאגט, אז סיי ווי איז אין גלות אלץ נישט מער ווי א ברכה לבטלה, דינט ווי א פרינציפיעלע בארעכטיקונג

פאַר פאַקטישער אַסימילאַציע אין שפּראַך, אין דענקען און אין מנהגים. אָבער מיט אַזאַ גרינגען ציוניזם, אויסגעליידיקט פון יידישקייט און פון אַקטיוון קאַמף פאַרן יידישן קיום, וועט ציון ניט אויפגעבויט ווערן. און פונקט אַזוי ווי עס איז ריכטיק, אַז דאָס זאָגן ניין צו ציון הייסט אויך זאָגן ניין צום גלות, אַקוראַט אַזוי איז עס אמת, אַז דאָס מיאש זיין זיך פון גלות הייסט בפועל זאָגן ניין צו ציון.

# משה העם — דער מאָדערנער

(הקדמה צו דער פראַנצויזישער איבערזעצונג פון „רוים און ירושלים״)

„רוים און ירושלים״ און זיין מחבר האָבן נישט אויסגעמיטן דעם מזל פון אַלע ווערק און דענקער, וואָס האָבן זיך מקדים געווען לאַנג פאַר זייער דור און וואָס זענען לאַנגע יאָרן געלעגן אין שטויב אויף די פּאָליצעס. די ביאָגראַפן פון משה העס, ווי טעאָדאָר צלאַציסטי, נחום סאָקאָלאָוו און אַנדערע, האָבן שוין פאַרצייכנט דעם פאַקט, אַז „רוים און ירושלים״ האָט בעתן לעבן פון משה העס נישט געטראָפן כמעט קיין אָפּקלאַנג און ער אַליין איז כל ימיו געבליבן איינזאַם, אָן תלמידים, אָן נאָכפאָלגער. ערשט ווען עס איז אויפגעקומען דער פּאָליטישער ציוניזם, האָט מען זיך אומגעקוקט אויף משה העס און אויף זיין קליין ספרל. נישט פּינסקער, בעת ער האָט געשריבן זיין „אויטאָעמאַנציפּאַציע״, און נישט הערצל, שאַפנדיק זיין „יודנשטאַאַט״, האָבן אפילו נישט חושד געווען, אַז זיי האָבן געהאַט אַ פאַרלויפער, וואָס אַ סך פריער פון זיי, אַזש אין 1862, האָט ער שוין פאַרמולירט די גרונד־אידעען פון ציוניזם. ערשט אין 1898 פאַלט „רוים און ירושלים״ אַריין צו הערצלען אין די הענט, אָבער ער דערלייענט אים נישט ביז צום סוף, מחמת, ווי ער זאָגט אַליין, די איילעניש און דרענגעניש פון די דאָזיקע יאָרן האָבן אים נישט דערלויבט אינעם ספר זיך צו פאַרטיפן. און אַז ער קומט סוף כל סוף דערצו אין 1901, טראָגט ער אַריין דעם 2טן מאַי אין זיין טאָג־בוך דעם גרעסטן לויב־געזאַנג, וואָס איז, ווי ווייט איך קען דאָס זען, ווען נישט איז פון אַ מאַן פון גרויסער טאַט געמאַכט געוואָרן צו אַ מאַן פון טיפן געדאַנק. „איך בין, שרייבט הערצל, נתפעל און דערהויבן געוואָרן דורך „רוים און ירושלים״. וואָס פאַר אַ הויכער ייִדישער גייסט. אַלץ וואָס מיר האָבן פּרובירט, עקספּערימענטירט שטייט שוין ביי אים״.

ער האָט דעם ציוניסטישן אני מאמין געגעבן אַזאַ קאָנצענטרירטע סינטעטישע פאָרמולירונג, ווי קיינעם פאַר אים און קיינעם נאָך אים איז דאָס נישט געלונגען. איר טרעפט ביי אים אין אַ מאָדערנעם נוסח דעם טראַדיציאָנעלן ייִדישן מאָטיוו פון שנאת עולם לעם עולם, אַ לייט־מאָטיוו פון פּינסקערס און הערצלס ציוניזם. אָבער נאָך בולטער האָט ער געבראַכט צום אויסדרוק אַ צווייטן אַלט־ייִדישן מאָטיוו, דעם עם לבדד ישכון. נישט געקוקט אויף דעם צווייטויזנטיאָריקן צוזאַמענלעבן מיט די איבעריקע

פעלקער, און נישט געקוקט אויף אלע אנשטרענגונגען, האבן יידן דאך נישט געקענט ארגאניש צוזאמענוואקסן זיך מיט זיי (ערשטער בריוו). דערפון קומט ארויס דער אומפארמיידלעכער אויספיר, וואס הגם העס האט עס געמאכט בנוגע דייטשלאנד, קאן, ער אבער פארשטייט זיך, אנגעווענדעט ווערן אומעטום, אז ווי באלד די יידישע אפגעזונדערטקייט און במילא די שנאה צו יידן זענען נאציאנאלע פענאמענען (ראסישע אין זיין טערמינאלאגיע), וועלן נישט רעפארמעס, נישט שמד, נישט אויפקלערונג און נישט עמאנציפאציע נישט עפענען ברייט די טויערן פון ארומיקן סאציאלן לעבן פאר דעם יידן (פערטער בריוו).

אזוי ארום באגעגנט איר ביי העסן גלייכצייטיק מיט די קערנדלעך פון פאליטישן ציוניזם, וואס האט געשעפט זיין פאטאס דער עיקר אין דער אפשטויסונג פונעם יידן מצד דער קריסטלעכער וועלט, אויך די ערשטע אנזאג־סמנים פונעם שפעטערדיקן אחד־העמיסטישן צ ו ג א נ ג צום ציוניזם ווי דעם איינציקן מיטל פארן יידישן פאלק גייסטיק זיך צו רעאליזירן אין אן אייגענער פרייער סביבה און אויף זיין אייגענעם היסטארישן באדן. דער יידישער זשעני איז אין גלות געפענטעט דורך פארשטיינערטע פארמעס און וועט זיך באפרייען פון זיינע קייטן ערשט דורך דער נאציאנאלער ווידערגעבורט פונעם יידישן פאלק (פינפטער בריוו). פונדעסטוועגן איז פאראן, נישט געקוקט אויפן שותפותן צוגאנג, א פונדאמענטאלער תוכיקער חילוק צווישן העס און אחד העם. העס איז גאר נישט קיין משכיל און נישט בלויז פארמעסט ער זיך נישט צו צעטרייסלען די יידישע „מויערן” און אפילו נישט די „צוימען” ארום די צוימען”, נאר אדרבא ער באטראכט פאר צעשטעריש דורכצוברעכן דעם פאנצער, וואס מיט אים האבן יידישע חכמים און רבנים ארומגעגארטלט די יידישקייט. יעדער פרואוו אריינצולאזן ליכט פון דרויסן אין דער יידישער מחנה וואלט געהייסן צעשטערן דעם סאמע יסוד פון דער געשיכטלעכער נאציאנאל־רעליגיעזער סטרוקטור פון אונדזער פאלק (דארט). איך קאן נאר אנרופן איין נאמען, שד״ל, וואס האט אין מערב־איראפע, אין דער צייט ווען די השכלה און אסימילאציע האבן געבושעוועט, פונקט אזוי וויזיאנעריש ווי העס דערבליקט דעם תהום פון אונטערגאנג, וואס אין אים וואלט די „אויפקלערונג”, ווען זי וואלט איר ציל דערגרייכט, אריינגעשלידערט דאס יידישע פאלק.

בכן איז העס אויך געווען, אויב איר ווילט, דער פאראויסזאגער פונעם רעליגיעזן ציוניזם. פאר אים איז דער ציוניזם א המשך פון דער טראדיציאנעלער יידישער בענקשאפט נאך ארץ־ישראל און פון דער רעליגיע־

זער געטריישאַפט דעם הייליקן לאַנד, וואָס יידן האָבן אָפּגעהיט אין משך פון גאַנצן גלות (פערטער בריוו). קיין חידוש נישט, אַז העס, להיפוך צו פינסקער און הערצל, איז נישט דערגאַנגען צום ציוניזם דורכן טעריטאָריאַליזם און האָט לכתחילה אָנגעהויבן פון ציון. אָבער נישט בלויז צוליב טרייקייט צו טראַדיציע איז ער געווען אַ רעליגיעזער ציוניסט. אויך זיין צוקונפט־אידעאַל ווערט באַשטימט פון רעליגיעזן אָפּגלאַנץ. ציון, די ווידעראויפגעבויטע, זעט ער סאָציאַל געבויט על פי תורת משה (צוועלפטער בריוו).

און ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, איז דער אייגענער העס געווען דער פאָטער פון סאָציאַליסטישן ציוניזם. אַלע שפּעטערדיקע, נחום סירקין, בערל קאַצענעלסאָן ז״ל, האָבן געשעפּט פון זיינע קוואַלן. אין אַ פּאָר זאַצן האָט העס געגעבן די קווינטעסענץ פון יידישן סאָציאַליזם, בעת ער האָט געזאָגט, אַז די יידישע נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיקייט איז אַ תנאי קודם צו אונדזער פּאָליטיש־סאָציאַלן פּראָגרעס, און אַז די יידישע פאָלקס־מאַסן וועלן נאָר דעמאָלט זיך קאָנען באַטייליקן אין דער גרויסער געשיכטלעכער באַוועגונג פון דער מאָדערנער מענטשהייט, ווען זיי וועלן האָבן אַן אייגענע היים, אַ פאָטערלאַנד (צוועלפטער בריוו). פּונקט אַזוי שטאַמט פון העסן די גרונד־אידעע פונעם היינטיקן סאָציאַליסטישן ציוניזם, וואָס זאָגט, אַז נישט גלאַט אַ יידישע היים ווילן מיר בויען, נייערט אַ פרייע יידישע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. דער חילוק איז נאָר, וואָס העס האָט געזען אין דער תורת משה און אין די נביאים דעם אויסגאַנגס־פּונקט און די באַזע פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט.

ביז איצט איז דאָ געווען די רייד וועגן משה העסן, ווי דעם אָנזאָגער פון ציוניזם, אין זיינע פאַרשידענע געשטאַלטן. אַ סך ווייניקער אויפמערקזאַמקייט האָט ביי אונדז געקראָגן די צווייטע זייט פון זיין לעבנסווערק. וואָרעם מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז משה העס איז גלייכצייטיק געווען דער פאָראויסזאָגער פונעם מאָדערנעם יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק אויפן ברייטן שטח פונעם יידישן גלות. ערשט אין די לעצטע יאָרן מאַכט דער דאָזיקער געדאַנק פּאַמעלעכע און פאַרזיכטיקע טריט, וואָס דערנענטערן אים צו די מוטיקע פאָרמולירונגען פון „רום און ירושלים". אַ געזונטע פאָלקסטימלעכע אינטואיציע האָט אָפּגעהיט העסן פון קוקן אויף די חסידים מיט די אויגן פון די משכילים. ער איז געווען דער איינציקער מערב־אייראָפּעישער ייד אין זיין צייט, וואָס דער צדיקים־קולט און די הויף־מעשיות האָבן נישט פאַרשטעלט פאַר זיינע אויגן דעם טיף דעמאָקראַטישן כאַראַקטער פון חסידות, וואָס ער האָט אין איר געזען אַן אָנזאָג אויף אַ

יידישן רע עסאנס. אקוראט אזוי האט העס מיט א גאונישן בליק דורכגעדרונגען די רעליגיעזע פארמעס פון יידישן לעבנס-שטייגער און אנטפלעקט זייער נאציאנאלן קערן, עפעס אזוינס, וואס נאך היינט צו טאג קאנען א סך „וועלטלעכע" יידישע נאציאנאליסטן נישט משיג זיין. דער פרומער ייד איז פאר אים קודם כל א יידישער פאטריאט. דער היינטמאדישער ייד, וואס פארלייקנט, כלומרשט אין נאמען פון דער ריינער, אוניווערסאלער רעליגיעזער אידעע, דאס יידישע פאלקסטום, איז פאר אים אן אפטריניקער אין רעליגיעזן זינען און א בוגד אין נאציאנאלן (פערטער בריוו). אין זיין צייט האט מען באמת געדארפט זיין א וויזיאנער, כדי צו באנייען אין מאדערנע טערמינען, דעם אלטן באגריף פון ישראל ואוריתא, וואס נישט בלויז משכילים און רעפארמערס האבן פארלייקנט, נאר אויך פרומע יידן האבן אנגעהויבן צו פארלערנען.

אט די טיפע פארשטענדעניש פארן הייליקן בונד צווישן פאלק און תורה האט געבראכט העסן צו א קאטעגארישער פארניינונג פון דער רעפארם, וואס האט געוואלט ארויסווארפן דעם נאציאנאלן קערן פון יידישן דת און איבערלאזן אויף א סגולה בלויז א פאר אבסטראקטע אידעען אן אחיזה אין לעבן און אן השפעה אויף אים. פאר העסן איז שוין דעמאלט קלאר געווען, אז דאס מיינט מאכן פון יידישקייט א שלעכטע קאפיע פונעם קריסטנטום, ראציאנאליסטיש צוגעשניטן (זיבעטער בריוו). ער ווייסט בלויז פון איין שטארקער יידישער געמיינשאפט, דעם אלטן בית-המדרש, וואס צום גליק, זאגט ער, עקסיסטירט ער נאך און וועט עקסיסטירן ביז עס וועט מקוים ווערן די נאציאנאלע ווידערגעבורט פונעם יידישן פאלק (דארט). וואס פאר אים מיינט דאס ווידערקערן פונעם פאלק אין זיין היסטארישער היים, וואו יידישקייט וועט זיך קאנען פריי אנטוויקלען. דארט וועט דער בית-המדרש האבן מער לופט צום אטעמען און במילא זיך קאנען פרייער אויסלעבן, נישט זייענדיק געבונדן דורך פארהארטעוועטע פארמעס, וואס זענען אומפארמיידלעך און נויטווענדיק כל-זמן מיר זיצן אין גלות.

קיין חידוש נישט, אז העס, דער טיפער מאמין אין ארגאנישער געשיכטלעכער יידישקייט, העס, וואס איז צו דער יידישער באפרייאונגס-וויזיע געקומען פון אינעווייניקסטע אימפולסן און נישט פון אויסערלעכן שטויס, קיין וואונדער נישט, אז ער, איינער פון די געציילטע מערב-יידן פון זיין דור, האט זיך אפגעזאגט צו דינען דער עמאנציפאציע ווי צו אן אפגאט און מקריב צו זיין אויפן מזבח פון גלייכבארעכטיקונג יידישקייט און יידישן כבוד. „אויב, זאגט ער, עס זאל זיין אמת, אז די עמאנציפאציע פון יידן אין גלות לאזט זיך נישט פארן מיט דעם יידישן פאלקסטום (נאציאנאליטעט),

דעמאָלט וואָלט דער ייִד געדאַרפֿט מקריב זײַן די ערשטע צוליב דעם צווייטן" (פֿערטער בריוו). די דאָזיקע קאָנדיציאָנעלע פֿאָרם באַקומט בײַ אים אין אַן אַנדער אָרט אַ קלאָרן אויסדרוק, וואָס לאָזט נישט איבער קיין ספֿק, ווי סקעפּטיש ער באַציט זיך צו דער מעגלעכקייט פֿון אַ פֿולער עמאַנציפּאַציע אין גלות. אין דעם אייגענעם בריוו זאָגט העס: „... צו וואָס זאָלן מיר זיך נאַרן, די אייראָפּעאישע פֿעלקער האָבן קיינמאָל נישט געקוקט אויף דער עקזיסטענץ פֿון די ייִדן צווישן זיי אַנדערש ווי אויף אַן אַנאָמאַליע. מיר וועלן תּמיד בלײַבן פֿרעמדע צווישן די נאַציעס, וואָס זיי עמאַנציפּירן אונדז צוליב הומאַניטעט און גערעכטיקייט, אָבער זיי וועלן אונדז קיינמאָל נישט אַכטן, כּל זמן מיר וועלן דעם שפּרוך „אובי בענע איבי פּאַטריאַ" (דאָרט, וואו איינעם איז גוט, דאָרט איז זײַן פּאַטערלאַנד) שטעלן אין פֿאָראויס ווי אַן עיקר פֿון אונדזער אני מאמין און אַוועקרוקן הינטערווײַלעכטס אונדזערע אייגענע גרויסע נאַציאָנאַלע זכרונות (פֿינפֿטער בריוו). העס, וואָס ציטירט אָפֿט זשאַן־זשאַק רוסאָ, וואָלט דאָ געקאָנט דערמאָנען די עצה, וואָס דער לעצטער האָט געגעבן די פּאָליאַקן איבערצודרייען די קלאַסישע פֿאָרמולע און צו זאָגן „אובי פּאַטריאַ איבי בענע" (דאָרט, וואו עס איז דאָס פּאַטערלאַנד, דאָרט איז גוט). אָבער ווי ווײַט איז דער „אויפֿגעקלערטער" דור פֿון העסן פֿון אַזאַ „חוצפּה".

„רוים און ירושלים", געדרוקט מיט פֿינף און אַכציק יאָר צוריק, איז, ווי מיר האָבן דאָס געקאָנט זען פֿון די געבראַכטע כאַראַקטעריסטישע שטעלעס, אַ מאָדערן בוך. אמת, עס איז גאָרנישט לײַכט צו קלאַסיפֿיצירן העסן אין די הײַנט אָנגענומענע רובריקעס. אין דעם זינען וואָלט דער טערם מאָדערן אים נישט געקליידט. פּרוּווט אדרבא, אויף בעלנות, געפֿינען פֿאַר אים אַ הײַנטיקן פּאַרטיי־צעטל, פֿאַר אים, וואָס איז גלײַכצײַטיק געווען אַ פּאָליטישער און גײַסטיקער ציוניסט, אַ וועלטלעכער מענטש און אַ פֿרומער ייִד, אַ טרײַער אָפּהיטער פֿון שולחן־ערוך און אַ סאָציאַליסט פֿון ערשטן ראַנג. נאָר אויב מען קאָן אים נישט רובריצירן, נעמט זיך עס דערפֿון, וואָס זײַן אַדלער־אויג האָט געוואָרפֿן זײַנע בליקן העט־העט ווײַטער פֿון עפֿעמערע טעאָריעס און טאָג־פּלוגתות. דורך אים האָט גערעדט די שטים פֿון ייִדישער אייביקייט. ער איז געווען דער וואָרט־זאָגער פֿון לאַנגע ייִדישע דורות. ער האָט אויסגעדריקט זייערע בענקענישן, זייערע לעבנס־אידעאַלן און געזען זייערע צוקונפֿט־וויזיעס. און ווער עס רעדט די שפּראַך פֿון פּערמאַנענטער ייִדישקייט, דער וועט זײַן פֿאַרשטענדלעך, מאָדערן אין אַלע צײַטן, פֿאַר אַלע דורות, אַפֿילו פֿאַר אונדזער צערודערטן דור־הפּלגה.

# די בויערס און דער בנין

(צום פינף און צוואנציק־יאָריקן גרינדונגס־טאָג פון דער הסתדרות)

צום ליכטיקן אָנדענק פון בערל קאַצענעלסאָן ז״ל

יאָרן לאַנג איז אין סאָציאַליסטישע קרייזן אָנגעגאַנגען אַ שקלא וטריא, צי קען מען פאָרן צוזאַמען נאַציאָנאַלע אידעאַלן מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. און דער וויכוח איז נאָך עד־היום נישט אינגאַנצן פאַרענדיקט, הגם מען מוז זאָגן, אַז פון דער דאָזיקער דעבאַטע שמעקט שוין איצט מיט אַ היפש ביסל שימל.

און אינעם סאַמע ברען פון דעם דאָזיקן וויכוח, וואָס האָט דערגרייכט די העכסטע טעמפּעראַטור אויף דער יידישער גאַס, אויף די „בירזשעס״*) פון די יידישע פּאַרטייען, וואו מען האָט קאָטירט, פאַרשטייט זיך, נישט חלילה ווערט־פּאַפּירן, אַקציעס און אָבליגאַציעס, נייערט געדאַנקען, אידעען, חריפות און בקיאות, האָט זיך באַוויזן אַ הייפל מוטיקע אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך געזאָגט: מיר זענען שוין מיד פון די חקירות, געקומען איז די צייט צו פאַרענטפערן די שאלה דורך מעשים. און אַנשטאָט צו רעדן וועגן יידישער אויפלעבונג, וועגן דעם אידעאַלן סאָציאַלן סדר, האָבן זיי ביידע שווערע משאס אַרויפגעוואָרפן אויף זייערע פּלייצעס, וואָס האָבן געקענט אויסזען אַזוי שמאָל און אַזוי שוואַך, און דערטראָגן האָבן זיי די דאָזיקע משאס ביז צום היינטיקן טאָג.

ווען מען זאָל איצט רעטראָספּעקטיוו זיך שטעלן די פראַגע, וואָס איז געווען דער מאָטאָר, וואָס האָט זיי געבראַכט אין באַוועגונג, פון וואַנען האָט אַרויסגעקוועלט די באַגייסטערונג, וואָס האָט זיי געגעבן דעם געוואַלטיקן כוח אויף זיך אַליין אינגאַנצן איבערצומאַכן און גובר צו זיין

---

*) פאַר די, וואָס זענען נישט באַקאַנט מיט דער דאָזיקער עפּאָכע, דעם ערשטן יאָרצענדלינג פון אונדזער יאָרהונדערט, דאַרף מען באַמערקן, אַז „בירזשעס״ האָט מען גערופן די טראָטואַרן, וואו יידישע אַרבעטער פלעגן כלומרשט שפּאַצירן, אין דער אמתן אָבער פירן דיסקוסיעס וועגן אַלערליי פּראָבלעמען.

טאָג־איין, טאָג־אויס כּלערליי אויסערלעכע מניעות און דער עיקר אינעווייניקסטע שוואַכקייטן און שטרויכלונגען, — קען די תשובה זיין נאָר איינע: דער פּאַטאָס איז געווען נישט קיין סאָציאַלער, נייערט אַ נאַציאָנאַלער. זייער נשמה־באַגער איז געווען די אויסלייזונג פונעם יידישן פאָלק פון גלות. אָבער דער דאָזיקער אידעאַל פון פאָלקס־באַפרייאונג איז ביי זיי געווען אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן, אַז ער האָט כּמעט אויפגעהערט צו זיין פאַר זיי אַ כּלל־זאַך און זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה, וואָס אַ קאָלעקטיווער אידעאַל קען דערלאַנגען. ער, דער אידעאַל, איז געוואָרן זייער פּערזענלעכער ענין, דער עצם און דער זינען פון זייער אייגענעם לעבן. די גלות־טראַגעדיע איז געוואָרן זייער אייגענע טראַגעדיע און די אויסלייזונג — אַ פראַגע פון זייער אייגענעם גייסטיקן „זיין אָדער נישט זיין". הויבט מען זיך אָבער שוין אויף אַזוי הויך, איז עס אַ סימן, אַז מען איז שוין צייטיק פאַר שלמות, אַז מען איז ביכולת צו היילִיקן דאָס אייגענע לעבן. אָבער אויב שוין יאָ היילִיקן, איז פאַרוואָס טאַקע נישט אינגאַנצן ביז צום סוף און טאַקע גלייכצייטיק זיך באַפרייען פון פרעמדן יאָך און פון אייגענע זינד, מאַכן דאָס פּערזענלעכע לעבן ריינער און דורכדעם שענער און דערהויבענער דאָס לעבן פונעם פאָלק. אָט דאָס איז געווען זייער וועג צום סאָציאַליזם. נישט די שנאה צום קאַפּיטאַליזם האָט זיי געהיין געשטויסן — וואָרעם אין אונדזערע מקומות און אין יענע יאָרן זענען מיר געווען פון מאַנטשעסטער נאָך ווייטער ווירטשאַפטלעך ווי געאָגראַפיש, — נייערט דאָס רחמנות מיטן יידן, מיט זיין לעבן פון האַנדל־וואַנדל, מיט דער וועלט פון מענדעלע און שלום־עליכם. במילא איז זייער סאָציאַליזם פון געבוירן־טאָג אָן געווען נישט דער קריגערישער סאָציאַליזם, וואָס האָט אָפט דעגענערירט אין קנאה־שנאה, נאָר אַ סאָציאַליזם פון ליבשאַפט און מיטלייד מיטן מענטשן, דער סאָציאַליזם אין זיין אייגנטלעכן עטימאָלאָגישן זינען, וואָס מיינט חברשאַפט. אמת, פון צייט צו צייט האָבן זיך אין די רייען פון די בויערס געלאָזט הערן אויך טענער פון האַס, טאַקע צו אָט די דאָזיקע לופט־ און ווינט־פּרנסות און אַפילו צו זייערע אומגליקלעכע קרבנות, די כּלומרשטע פּאַראַזיטן. און באַוויזן האָט זיך עפּעס ווי אַ מין פאַראַכטונג צום יידישן גלות־לעבן, ווי אַ „הינטיש לעבן". אונטער דער אויסערלעכער מאַסקע פונעם פאַרשמייעטן און פאַרהאַוועטן יידן „מיט דעם שטעקעלע" אויפן מאַרק, איז פאַר זיי געבליבן פאַרדעקט ווי מיט אַ שלייער די ליכטיקייט און דער צער פונעם „בן־מלך אין געפאַנגענשאַפט". די דאָזיקע שטימען זענען אַ דיסאָנאַנס אין דער חלוצישער סימפאָניע. אַפילו אין אַ יובל־טאָג קען מען דעם

דאָזיקן פּגם נישט פאַרגעסן. אָבער אָט דער לאָגישער אָדער, אויב איר ווילט, אידעאָלאָגישער גרייז האָט זיך קיינמאָל נישט דערקייקלט ביז צום אָפּגרונט און נישט געוואָרן קיין מאָראַלישע סירכא. מען דאַרף נישט נעמען צו ערנצט ליטעראַרישע עקסצעסן און אָראַטאָרישע גוזמאות און זיי נישט שאַצן מער ווי זיי זענען באמת ווערט. אַ ראיה האָבן אונדז געבראַכט גראָד אונדזערע שוואַרצע טעג. ווען עס איז געקומען די שעה פון גרויסע נסיונות, האָט קיין יידישער קיבוץ אַזוי נישט געוויטיקט מיטן יידישן ווייטיק, קיינער נישט געלעבט אין אַזאַ טיפער אַנגסט פאַר יידישע לעבנס ווי דער ישוב אין ארץ־ישראל. די „פאַרניינער פון גלות" זענען געווען די איינציקע ביי אונדז, וואָס לעבנדיק אין א״י, אויסער יעדער סכנה, האָבן זיי זיך באַרייטוויליק געוואָרפן אין פייער אַריין, פרייוויליק זיך געלאָזט גיין אין סאַמע גיהנום, אפשר וועט געלינגען צו ראַטעווען יידן. האָבן אַ סך פון די, וואָס שווערן ביי גלות, ביי „דאָאיקייט" באַוויזן דאָס דאָזיקע ביישפיל? איך ענטפער נישט אויף דער דאָזיקער פראַגע נאָר דערפאַר, ווייל דער ענטפער וואָלט נישט נאָר באַדייט אַ צו לייכטן נצחון איבער אידעאָלאָגישע קעגנערס, ער וואָלט געצוואונגען אונדז אַלעמען אַריינצוטראָגן אין אַ מרה־שחורה אַריין. און פון דעם דאָזיקן מין האָבן מיר דאָך איבערגענוג. אם ירצה השם אין פריילעכע צייטן, אויב מיר וועלן זוכה זיין צו דערלעבן, וועט מען דאַרפן צו דער דאָזיקער טעמע זיך אומקערן.

נאָר נישט דערביי האַלטן מיר איצט, וואָס איך וויל זאָגן איז, אַז מיר קענען און מוזן לאָזן אין אַ זייט, ווי אַ טפל, אָט די אויסקרימענישן און דעפאָרמאַציעס פון דער גרויסער תקופה, כדי אין זייער גאַנצער העליקייט און ליכטיקייט צו זען די מענטשן פון דער צווייטער עליה, די, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן נישט נאָר ווידעראויפצוריכטן אונדזער חרוב לאַנד, נייערט אויך אויפצובויען דאָרט אַ נייע געזעלשאַפט, אַ געזעלשאַפט פון ערלעכער פראַצע און ריינעם לעבן. נאָר אמתע אהבת־ישראל און אַ מאָס און אַ גרענעץ האָט געקענט געבן די דאָזיקע מענטשן אָדלער־פליגלען כדי זיך אויפצוהייבן אַזוי הויך. און נאָך עפּעס: נאָר אַ „הייליק לאַנד", הגם דער דאָזיקער טערמין גופא איז געווען לא יזכר ולא יפקד אין אונדזערע קרייזן, האָט געקענט שטייגערן דאָס באַגערן צו אַ הייליק לעבן און נישט גלייכן צו אַ מלוכה ככל הגוים.

און ווי די בויערס, אַזוי דער בנין — די הסתדרות. ווי איינציק זיי זענען געווען, אַזוי האָט אויך זי קיין גלייכעניש צו זיך אין דער אַרומיקער וועלט, אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. איז די

הסתדרות אַ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע, אַ סינדיקאַט, אַ טרייד־יוניאָן, וואָס איר ציל איז צו פֿאַרבעסערן דעם מצב פֿונעם אַרבעטער? אי יאָ, אי ניין. געוויס דערפֿילט זי אויך די דאָזיקע אויפֿגאַבע און פֿאַרטיידיקט די אַרבעטער־אינטערעסן, ווען עס קומט צו אַ סכסוך מיט די בעלי־הבתים. נאָר נישט דערין ליגט דער צענטער פֿון איר אַקטיוויטעט. זי איז די איינציקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין דער וועלט, וואָס האָט זיך געשטעלט און דורכגעפֿירט קאָלאָניזאַטאָרישע אויפֿגאַבן און פֿאַרווירקלעכט די דאָזיקע אויפֿן וועג פֿון קאָנסטרוקטיוון סאָציאַליזם, דורך קאָאָפּעראַציע און צום טייל דורך פֿולער קאָלעקטיוויזאַציע פֿון דער ווירטשאַפֿט. זי איז די איינציקע אַרבעטער־פֿאַראייניקונג, וואָס האָט געזאָגט: „סאָציאַליזם איצט" און נישט לעתיד לבֿא, סאָציאַליזם פֿון אונטן, דורכן פֿרייען ווילן פֿונעם יחיד, און נישט פֿון אויבן דורך צוואַנג פֿונעם כּלל. געזאָגט און — געטאָן. און מיר זעען טאַקע, אַז אין קיין לאַנד פֿון דער וועלט מיט די מעכטיקסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דערגרייכט נישט דער פּראָצענט פֿון אָרגאַניזירטע אַרבעטער אַזאַ הויך (איבער 80 פּראָצענט אין יאָר 1940 און היינט צו טאָג אפֿשר מער), ווי אין עם. דאָזיקן קליינעם לאַנדפּאַס אויפֿן מיטל־ים; אַז אין קיין אַנדער לאַנד פֿאַרנעמען נישט די קאָאָפּעראַטיווע און קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿטן אַזאַ גרויסן סעקטאָר פֿון דער נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיע ווי אין ארץ־ישׂראל. און נעמט איר ווי אַ מאָסשטאַב ייִדן גופֿא אין אַנדערע לענדער, קומט די פּעולה פֿון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט אין ארץ־ישׂראל אַרויס נאָך בולטער. צווישן ייִדן אין גלות האָט די קאָאָפּעראַציע געהאַט געבעך אַ ביטער מזל. דער איינציקער מין פֿון קאָאָפּעראַציע, וואָס האָט זיך אָנגענומען ביי ייִדן, איז געווען די קרעדיט־קאָאָפּעראַציע, דאָס הייסט גראָד די פֿאָרם, וואָס איז אין זיך כּולל דעם מינימאַלסטן קערן פֿון חבֿרישער צוזאַמענאַרבעט. וואו די מאָטאָ פֿון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג „איטלעכער פֿאַר אַלעמען, אַלע פֿאַר איטלעכן" קומט צום שוואַכסטן צום אויסדרוק. אַפֿילו דער קאָנסום־קאָאָפּעראַציע, וואָס געהערט אויך נישט צו די העכערע מדרגות פֿון דער קאָאָפּעראַטיווער ווירטשאַפֿט, האָט אויך נישט אָפּגעגליקט ביי ייִדן אין מזרח־אייראָפּע. דער „בונד" אין פּוילן האָט אין 1933 זיך געזען געצוואונגען צו ליקווידירן זיין צענטראַלן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו. פֿון די פֿאַרשיידענע פּרוּוון צו גרינדן ייִדישע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון אין פּוילן האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך און די איינצלנע, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, האָבן ערבֿ דער מלחמה 1939 קוים געזשיפּעט. פּונקט אַזוי און נאָך מער זענען דורכגעפֿאַלן די איניציאַטיוון פֿונעם „אַרבעטער־רינג" אין אַמעריקע

איינצופלאַנצן קאָאָפּעראַציע צווישן יידישע אַרבעטער אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער האָבן פּאַראַלעל מיט דער קרעדיט־קאָאָפּעראַציע געהאַט אַ געוויסע פּעולה נאָר די איינקויף־קאָאָפּעראַטיוון פון די קוענטעניקעס און די לאַנדווירטשאַפטלעכע האַנדלס־קאָאָפּעראַטיוון. מיט איין וואָרט — אַלץ אַזוינע פּאַראייניקונגען, וואָס פירן נאָר אויס אַ באַגרענעצטע פונקציע און לאָזן איבער אין אינדיווידועלן רשות דעם קערן גופא פון דער ווירטשאַפטלעכער אַקטיוויטעט. און ווי כאַראַקטעריסטיש עס איז, אַז בעת אינעם רוב גלות־לענדער איז די דאָמינירנדיקע פאָרם פון קאָאָפּעראַציע צווישן יידן און די איינציקע, וואָס האָט זיך איינגעפונדעוועט, געווען די ליי־ און שפּאָר־קאַסע, איז די הערשנדיקע פאָרם אין ארץ־ישראל געווען די קאָלאָניזאַציע־ און פּראָדוקציע־קאָאָפּעראַציע, דאָס הייסט די, וואָס פאָדערן פון יחיד אַ העכערע מאָס פון קאָלעקטיווער צוזאַמענאַרבעט און פאַרלאַנגען אַ העכערן גראַד פון אונטערוואַרפן זיין ווילן דעם ווילן און דער טובה פונעם כלל.

און אחרון אחרון חביב — די קרוין פון דער שאַפונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אויף דער גאָרער וועלט — די קבוצה. קיין יידישער קיבוץ האָט אין ערגעץ נישט געהאַט דעם מוט צו מאַכן אַזאַ מין פּרואוו. די איינציקע, וואָס האָבן זיך געהאַט פאַרמאָסטן צו גרינדן אַ קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע, דאָס הייסט נענטער צום טיפּ „מושב עובדים", ווי צו דער קבוצה, זענען געווען די „עם עולם". אָבער אויך דער דאָזיקער פּרואוו, געמאַכט אין 1882 מיט דער קאָלאָניע „ביו אָדעסאַ" אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז דורכגעפאַלן. נאָר אין ארץ־ישראל איז פון דעם הייפל פון זיבן אַרבעטער, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אין 1909 און געלייגט דעם פונדאַמענט פון דגניה, אויסגעוואַקסן הן אַ באַוועגונג, הן אַ גרויסע רעאַליזאַציע. איבער זעכציק קבוצות מיט אַ באַפעלקערונג פון צוועלף טויזנט נפשות (היינט צו טאָג נאָך מער) — דאָס איז אַן אויפטו, וואָס האָט נישט היינט זיין גלייכן, נישט ביי יידן און נישט ביי קיין שום אומה ולשון. אַפילו סאָוויעט־רוסלאַנד האָט געמוזט לאָזן אין גאַנג די געוואַלדיקע מאַכט פון איר גרויסן מלוכה־אַפּאַראַט און באַצאָלן אַ גאָר גרויסן פּרייז אין מענטשלעכע קרבנות אויף דורכפירן די קאָלעקטיוויזאַציע פונעם לאַנד און פון דער לאַדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע (פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דערמיט נישט בדעה אָפּצוגעבן אַן אורטייל, צי זענען די דאָזיקע קרבנות געווען אומפאַרמיידלעך און באַרעכטיקט. דאָס איז אַן ענין אַ וויכטיקער, אָבער פאַר זיך). מען קאָן אָבער נישט פאַרגעסן, אַז וועגן גלייכקייט אין חער פאַרטיילונג פון דעם פּראָדוקט פון דער קאָלעק־

טיוער אַרבעט איז דאָרט דערווייל קיין רייד נישט. וואָרעם אַפילו דאָס דאָזיקע סאָציאַליסטישע לאַנד האַלט ערשט ביי „דער ערשטער סטאַדיע פון סאָציאַליזם" לויט לעניגס פאָרמולע, וואו איטלעכער באַקומט „לויט זיין אויפטוען". און ווער וועט זיך איינשטעלן צו זאָגן נביאות, צי וועט דאָס דאָזיקע לאַנד, און ווען, דערגיין צו דער צווייטער סטאַדיע „איטלעכן לויט זיינע באַדערפעניש" (נאַטירלעך, אין די גרענעצן פון דער געגעבענער אַלגעמיינער הכנסה). די קבוצות אין ארץ־ישראל האָבן געמאַכט אַ קפיצת־הדרך, אַריבערגעשפּרונגען אַלע צווישן־סטאַדיעס און אָנגעהויבן פונעם סוף — פון אַבסאָלוטער גלייכקייט אין דעם גענוס פון אַלעמענס אַרבעט־פּראָדוקט.

אפילו אין חלום האָט זיך אַזעלכעס נישט אַלעמען געחלומט. אָט האָט טאָמאַס מאָר אינעם „ערגעץ־נישט־לאַנד"— אין זיין פאַנטאַסטישער מדינה „אוטאָפּיאַ" זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, מען זאָל זיך קענען באַגיין אָן שקלאַפן־אַרבעט אין דער קאָמוניסטישער עדה אויף צו טון שמוציקע און נודנע סאָרטן מלאכות. און די קבוצות האָבן באַוויזן, אַז אויך אָט די לאַסט קענען חברים טיילן צווישן זיך. און אַלע שפּעטערדיקע עקספּערימענטן פון די „אוטאָפּישע" סאָציאַליסטן, אָנגעהויבן פון שאַרל פוריע און ראָ־בערט אָויען און געענדיקט מיט זייערע תלמידים — צו גרינדן קאָמוניסטי־שע קאָלאָניעס־פאַלאַנסטערעס, זענען פולקאָם דורכגעפאַלן ביים סאַמע אָנהויב, הגם פילאַנטראָפּן־אידעאַליסטן האָבן דאָרט אַריינגעבראַכט לערך גרעסערע סומען ווי אונדזערע נאַציאָנאַלע פאָנדן אין די קבוצות. די מענטשן זענען זיך דאָרט צעלאָפן אָדער אָנגעהויבן באַנוצן פרעמדע געדונגענע אַרבעטער.

היות אָבער ווי קיין ניסים טרעפן זיך נישט אין אונדזערע צייטן פון שוואַכגלויביקע, מוז דאָך ערגעץ זיין אַ דערקלערונג, פאַרוואָס איז דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל געלונגען דאָס, וואָס אומעטום איז געווען אַ דורכפאַל. אַ שליסל צו דער רעטעניש גיט אונדז דער פאַקט, וואָס די איינציקע פּרואוון פון קאָמוניסטישער קאָלאָניזאַציע, וואָס האָבן געהאַט אַ געוויסן התחלה־דערפאָלג, וואָס זייער עקסיסטענץ איז נישט געווען אַזוי עפעמער ווי די פאַרשידענע סאָציאַלע עקספּערימענטן, זענען די פּרואוון, וואָס עס האָבן געמאַכט, דער עיקר אין נאָרד־אַמעריקע, רעלי־גיעזע סעקטעס און כתות, ווי למשל די „שעיקערס". משמעות, אַז נאָר סאָ־ציאַלע מאָטיוון אַליין זענען נישט גענוג שטאַרק אויף גובר צו זיין דעם אפשר ערגסטן יצר־הרע פונעם מענטשן, זיין אפשר גרעסטע תאוה, די תאוה פון אייגענטום און באַזיץ. האָט דען נישט דער סאָציאַליזם גופא

אַרויסגעוויזן צווישן די היינטיקע קריסטלעכע פעלקער די טענדענץ אַלץ מער מגולגל צו ווערן אין אַן ענג־עגאָאיסטישן און אַ וואָכעדיק־מאַטעריאַליסטישן ענין? נאָר דאָרט, וואו אַ העכערער גייסט נידערט אַראָפּ אויפן מענטשן, אַן אידעע אָדער אַ גלויבן, וואָס פאַרכאַפּט די נשמה, נאָר דאָרט געפינט אויך דער סאָציאַליזם אַ פולן תיקון און אַנשטאָט אַ קריגערײַ מיט אַנדערע צוליב אינטערעסן, ווערט ער אַ קאַמף פון דעם מענטשן מיט זיך אַליין פאַר שיינקייט און הייליקייט פון לעבן. נאָר דער גרויסער אידעאַל פון יידישער אויסלייזונג און באַפרייאונג האָט געקענט דאָס דאָזיקע וואונדער באַווייזן. נישט נאָר האָבן די צוויי אידעאַלן איינער דעם צווייטן נישט געשטערט, ווי עס האָבן געציטערט אַמאָליקע יידישע סאָציאַליסטן, נאָר אדרבא, איינער דעם צווייטן געשטאַרקט און מחיה געווען.

פונעם דאָזיקן סימביאָז שטראָמט איצט אַרויס אַ גרויס ליכט, וואָס פאַרשפּרייט זיך אומעטום, וואו עס לעבן קינדער פון אונדזער פאָלק. און אפשר וועלן אירע שטראַלן אַמאָל נאָך דערגרייכן ביז צו דער איבעריקער וועלט, דער וועלט, וואָס גייט אויס אין איר בלוט, ווייל זי זוכט תמיד נייע אָפּגעטער זיי צו דינען און קען נאָך אַלץ נישט געפינען דעם וועג צו גאָט דעם איינאיינציקן, צום גאָט פון גנאָד און גערעכטיקייט. דאָס איז אַ חלום? — געוויס. נאָר אַן אַלטער חלום, וואָס ציט זיך פון די נביאים אָן. און אַלטע חלומות זענען אפשר די האַפּטיקסטע רעאַליטעטן, פעסטער ווי אַ סך „אייזערנע" פאַקטן, וואָס לאָזן נאָך זיך איבער נאָר פוסטע חורבות און וויסטע חלומות.

# באַמערקטע דרוק-גרייזן

| געדרוקט | דאַרף זיין |
|---|---|
| זייט 24, פערטע שורה פון אויבן: עוואַנגליעס, | עוואַנגעליעס, |
| זייט 49, רעפערענץ (5) זענען די צוויי שורות שלעכט געשטעלט. | (5) חיים זשיטלאָווסקי: ספינאָזיזם און קריטיציזם אינעם שפינאָזאַ-בוך אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר יעקב שאַצקי, ניו-יאָרק 1932. |
| זייט 98, פערטע שורה פון אויבן: טעקסט | טעקסטן |
| זייט 148, אַכטצנטע שורה פון אויבן: רעליגע, | רעליגיע, |
| זייט 153, זיבעטע שורה פון אויבן: פועלי-ציוניסט | השומר הצעירניק |
| זייט 168, רעפערענץ (a7), צענטע שורה פון אונטן: Jewish | Jews |
| זייט 185, דרייצנטע שורה פון אונטן: וועלן בילדלעך | וועלן מיר בילדלעך |
| זייט 214, זיבצנטע שורה פון אויבן: אַנטידעמאַראַטישע | אַנטי-דעמאָקראַטישע |
| זייט 227, צווייטע שורה פון אויבן: אויסגאַנג-פונט | אויסגאַנג-פונקט |
| זייט 266, לעצטע שורה פון אונטן: אַנטי-דמאקראַטיש. | אַנטי-דעמאָקראַטיש. |
| זייט 270, רעפערענץ (20) פינפטע שורה פון אונטן: Teavers | Travers |
| זייט 359, צוועלפטע שורה פון אונטן: ציוויליזאַציע, | ציוויליזאַציע, |
| — ניינטע שורה פון אונטן: סטיווען | סטיפען |